דיא גרעסטע געלעהרטע פון יענע צייט. ער האט בעזוכט אלע איירָאפּעאישע לענדער מיט דעם אבזיכט צו זאמלען מעהרערע ידיעות וואס אנבעלאנגען צו פיהרען מלחמות, כדי ער זאל קענען בעפרייען זיין פאטערלאנד פון דעם יאך פון דיא ענגלענדער.

ער איז אהיים געקומען פול מיט וויסענשאפט און העכסט בעלעהרענט אין דער קריעג־קונסט. ער האט געהייראט א שעהנע אינדישע פּרינצעסין, וועלכע האט איהם צוויי קינדער געבוירען. ער האט זיין פרוי און קינדער זעהר געליעבט און זיין פאטער און מוטער זיינען ביי איהם אויך געוועזן זייער טהייער, דאך האט ער איין מינוט ניט פערגעסען דעם אונטערדריקטען צושטאנד פון זיין פאטער־לאנד און ער איז געוועזן פערטיג צו אפּפערען זיין פאמיליען גליק פאר דעם גליק פון זיינע לאנדסלייט.

דער ציוויליזירטער קריעגס־העלד איז געווארען דער אנפיהרער פון א רע־וואלוציאן. ער האט אליין אין פיעלע מלחמות געקעמפפט אויף לעבען און טויט, אבער דער מעכטיגער שונא האט ענדליך געזיעגט און דיא רעוואלוציאן איז אונ־טערדריקט געווארען. ווען פּרינץ דאקאר איז צוריק געקומען אין דיא בערג פון בונדעלקונד האט ער געפונען, אז זיינע עלטערען און זיין פרוי און קינדער זיי־נען אויסגעשלאכטעט געווארען פון דעם זיעגרייכען פיינד.

פול מיט ברענענדען האס און צארן געגען דיא גאנצע ציוויליזירטע מענש־הייט אין אלגעמיין און בעזאנדערס געגען דיא ענגלענדער, וועלכע ער האט פער־רעכענט פאר ווילדע טיראנען, האט פּרינץ דאקאר צוזאמענגענומען אלע זיינע רייכטהימער און איז פערשוואונדען געווארען צוזאמען מיט צוואנציג פון זיינע טרייע קריעגס־קאמעראדען.

אט דיעזער אינדישער געלעהרטער און קריעגס־העלד האט עס נאך זיין פער־שווינדען יאהרען לאנג, אונטער דעם נאמען קאפּיטאן נעמא, אומגעוואנדערט אויף'ן גרונד פון ימים אין דער "נאטילוס", וועלכע ער האט אליין אויסגעבויט. די שיף וועלכע ער האט געזונקען איז, זעלבסטפערשטענדליך, געוועזן אן ענגלישע.

דיא "נאטילוס" איז גערעטעט געווארען פון דעם מעלשטראם און קאפּיטאן נעמא האט נאך געלעבט א לאנגע צייט. וואו ער האט פערבראכט דיא לעצטע יאהרען פון זיין לעבען און וואס עס איז פון איהם דער סוף געווארען, ווערט בע־שריבען פון'ם גרויסען ראמאנען־דיכטער זשול ווערן אין א בעזאנדערען בוך, וואס רעכענט זיך אלס דער בעסטער ראמאן וואס זשול ווערן האט געשריבען.

דער נאמען פון דעם ראמאן איז "דער געהיימניספאלער אינזעל". מיר האבען איהם אויך איבערזעצט אין א שעהנע לייכטע אידיש און וועלען איהם קירצליך האבען פערטיג, אלס אן איבערראשענדע פּרעמיום פאר אונזערע לעזער.

ע נ ד ע.

און וועלען אמאל דיא וועללען פון ים ברייננגען זיין מאנוסקריפט, וועלכער ענט־האלט זיין לעבענס־בעשרייבונג? וועל איך ווען עס איז וויסען דעם ריכטיגען נאמען פון דיעזען מערקווירדיגען מאן?

איך האף אז יא. איך האף אויך, און בין געניינגט צו גלויבען, אז דיא מעכטיגע "נאטילוס" האט בעזיעגט דעם שרעקליכען אבגרונד פון מעער און איז ארויס אונבעשעדיגט פון יענעם געפעהרליכען פלאץ, וואו פיעלע שיפען זיינען פערלארען געגאנגען. אויב דאס איז ריכטיג אזוי, אויב קאפיטאן נעמא וואהנט נאך אלץ אין דיא טיפענים פון מעער, וואו ער האט זיין היימאטה גע־מאכט, ווינש איך איהם, אז דער ווילדער האס אין זיין הארצען זאל געשטילט ווערען. דיא בעטראכטונגען פון אזוי פיעל וואונדער פון דער נאטור זאלען אויף איהם ווירקען אויסצולעשען דעם געפיהל פון ראכע אויף אימער. זאל ער אויפהערען זיין א ריכטער, א שטראף־געבער און זאל ער בעסער פערבלייבען א פריעדליכער פילאזאף און פארטזעצען זיינע פארשונגען אין דיא ימים. זיין שיקזאל איז זאנדערבאר, אבער אויך ערהאבען. ער לעבט אן אונגאטירליכען לעבען, אבער וואס פאר נוצען ער קען דורך דעם בריינגען פאר דיא מענשהייט!

מיט טויזענדע יאהרען צוריק האט מען אין דיא ביבלישע שריפטען גע־שטעלט דיא פראגע: "ווער איז דען אים שטאנד געוועזען דיא טיפענים פון מעער אויסצופארשען?" אין דער גאנצער מענשען־וועלט גיבען עס נור צוויי וואס קענען אויף דיעזער פראגע אן אנטווארט געבען — קאפיטאן נעמא און איך.

## נאכבעמערקונג.

**ווער איז געוועזען קאפיטאן נעמא? איבער וועלכע אורזאכען האט ער זיך אבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט? ווער זיינען געוועזען דיא יעניגע פון וועלכע ער האט אזא שוידערליכע ראכע גענומען? ווארום האט ער אזא שארפע שנאה געטראגען אויף יענע לייטע? און וואס איז פון איהם אליין דער סוף געווארען? דיעזע אלע פראגען ווערען ערקלערט אין אן אנדער בוך פון זשול ווערן.**

קאפיטאן נעמא איז געוועזען אן אינדישער פרינץ מיט דעם נאמען דאקאר. זיין פאטער איז געוועזען א ראדזשא (פירסט) פון דער דאמאלס אונאבהענגיגער טעריטארי בונדעלקונד. ווען ער איז נאך א קינד געוועזען האט איהם זיין פאטער אוועקגעשיקט נאך אייראפא, אום ער זאל געניסען אייראפעאישע בילדונג און ער זאל אויסוואקסען א וויסענשאפטס־מאן און קענען קעמפפען געגען דיא אונ־טערדריקער פון זייער לאנד — דיא ענגלענדער.

צוואנציג יאהר האט פרינץ דאקאר פערבראכט אין דער ציוויליזירטער וועלט. ער איז געוועזען פעהיג און פלייסיג און ער איז ווירקליך א גרויסער וויסענ־שאפטס מאן געווארען. ער האט גרינדליך אויסגעלערענט פיעלע חכמות וואס דיא **ציוויליזאציאן האט געשאפען און אין פיעלע הינזיכטען האט ער איבערשטיגען**

## 23טעם קאפיטעל

# שלום

דערמיט האָט זיך געענדיגט אונזער רייזע אונטער'ן ים. וואָס עס איז יענע נאכט ווייטער פאָרגעקומען, וויא אזוי אונזער שיפעל איז גערעטעט געוואָרען פון דעם פורכטבארען מעלשטראָם און אויף וועלכען אופן איך, לענד און קאָנסייל זיינען פון דאָרט ארויסגעקומען, דאָס אלעס קען איך ניט ערקלערען.

אָבער ווען איך בין צו זיך געקומען, בין איך געלעגען אין אביידעל פון א פישער אויף'ן אינזעל לאָפאָדען. מיינע צוויי קאמעראדען, געזונד און מונטער, זיינען געשטאנען נעבען מיר און געדריקט מיינע הענד. מיר האָבען זיך אומגעארמט זעהר הערצליך און צו אונזער פרייד איז קיין שיעור ניט געווען.

מיר האָבען אין יענעם מאָמענט ניט געקענט דענקען וועגען פאָהרען נאָך פראנקרייך. דיא פערבינדונגען צווישען יענע איינזאמע געגענד מיט'ן מעהר בעפעלקערטען נאָרדליכען נאָרוועגיען זיינען זעהר קליין און מיר האָבען געמוזט ווארטען אויף א שיף, וועלכע קומט איין מאָל אין מאָנאט פון קייפ נאָרד.

און צווישען דיעזע גוטע מענשען, וועלכע האָבען אונז פריינדליך אויפגענומען און האלטען אונז אויף אויף'ן בעסטען אופן, זעה איך נאָך אלע מיינע בעשרייבונגען און רעקאָרדס וואָס איך האָב פערצייכענט, וועהרענד מיין מערקווירדיגער רייזע אונטער'ן ים און איך געפין אויס, אז אלעס איז גענוי און פינקטליך ערקלערט, קיין פאקט ניט דורכגעלאָזט און קיין זאך ניט איבערטריבען. דאָס איז א טרייע ערצעהלונג פון אן אונגליקליכע רייזע דורך דעם נאסען עלעמענט, וואָס איז אָבגעשלאָסען פון דער מענשהייט, אָבער צו וועלכע דער פאָרטשריט פון דער מענשהייט און דער וויסענשאפט וועט נאָך אמאָל עפענען א פרייען וועג פאר אלעמען.

וועט מען מיר גלויבען? איך ווייס עס ניט. איבריגענס איז עס מיר נאָך אלעמען א קליינער אונטערשיעד, אויב מען וועט מיר גלויבען אָדער ניט. וואָס איך בעהויפטע יעצט איז, אז איך האָב פאָלקאָם רעכט צו רעדען וועגען יענע ימים, אונטער וועלכע איך האָב אין פערלויף פון צעהן מאָנאטען דורכגעמאכט א רייזע פון 20,000 ליגס — א רייזע וועלכע האָט מיר ענטדעקט זעהר פיעל וואונדער פון דער נאטור.

אָבער וואָס איז געוואָרען פון דער "נאָטילוס"? האָט זיא ארויסגעהאלטען דעם געוואלדיגען דרוק פון דעם מעלשטראָם? לעבט נאָך דער קאפיטאן נעמאָ? פערפאָלגט ער נאָך זיינע שרעקליכע ראכע־פלענער אונטער דיא טיעפע אָבגרונדען פון ים, אָדער ער איז ביי זיין לעצטען פיעלפאכען מאָרד שטעהן געבליבען?

אום זיך מיט זיינע מענשען מיט איינמאָל צו פערניכטען, אָדער ער האָט אהין פערבלאָנדזשעט — דאָס האָב איך ניט געקענט וויסען. דיא "נאָטילוס" האָט זיך געדרעהט און געוואָרפען אזוי וויא א שפענדעל אין ברויזענדען ים. מיט דער שנעלקייט פון א בליץ האָט זיך דיא שיף געשלי דערט און געדרעהט אלץ נעהענטער צום מיטעלפונקט. אונזער שיפעל, וועלכעס איז נאָך ניט געווען אין גאנצען אָבגעשרויפט פון דער "נאָטילוס", איז אויך מיטגעשלעפט געוואָרען. עס האָט אונז אָנגעהויבען שווינדלען אין דיא קעפּ, א קאלטער שווייס האָט בעדעקט אונזערע קערפּער און א טויט שרעק איז אונז בעפאלען. עס האָט גע־רוישט און געקאָכט ארום אונזער שיפעל, אין וועלכען מיר זיינען געזעסען צו־גערריקט איינע צו דיא אנדערע. עס האָט געקלאַפּט און געקראכט. פעלזען זיינען אונטער'ן וואסער צושמעטערט געוואָרען, בוימער זיינען אויסגעריסען געוואָרען, "ארומרייבענדיג זייערע גאנצע פעלצען", וויא דיא נאָרוועגיער זאָגען א ווערטעל.

וויא שרעקליך עס איז צו געפינען זיך אין אזא לאגע! מיר זיינען ארומ־געשליידערט געוואָרען הין און צוריק, אזוי וויא ארבעס אין א זידענדען טאָפּ. דיא "נאָטילוס" האָט זיך פערטהיידיגט אזוי וויא א מענשליכע ריעזען־בעשעפע־ניס. איהרע שטאָהלענע מוסקולען האָבען געקראכט און יעדע ווײלע האָט זיא זיך אוועקגעשטעלט מיט'ן שפּיץ ארויף און מיר זיינען מיט איהר אויך מיטגע־שלעפּט געוואָרען.

— מיר מוזען זיך פעסט האלטען! — האָט נעד לענד אויסגעשריען — און דיא שרויפען צוריק פערדרעהען. אז מיר וועלען ניט צולאָזען אונזער שיפעל אָבצורייסען זיך פון דער "נאָטילוס" וועלען מיר פיליײכט געראטעט ווערען.

איידער ער האָט נאָך בעוויזען צו ענדיגען זיינע ווערטער, האָט זיך גע־הערט א געוואלדיגער קראך. דיא שרויפען זיינען אָבגעבראָכען געוואָרען, דאָס שיפעל האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין קאמער און איז מיט אונז צוזאמען גע־שליידערט געוואָרען אזוי וויא א שטיין אין מיטען פון דעם ברויזענדען קעסעל־גרוב.

מיין קאָפּ האָט געקראָכען א שטארקען קלאפּ אָן א שטיק אייזען, איך האָב דערפיהלט א שרעקליכען שמערץ און איך בין געבליבען ליגען בעוואוסטלאָז.

אין דער הויך און דאס וואסער וועט איהר ארויפשליידערען אויף דיא אבערפלע־כע פון ים.

נעד לענד האט שוין אנגעפאנגען אבדרעהען דיא שרויפען, ווען פלוצלונג האבען זיך דערהערט קולות און האסטיגע טריט לויפענדיג אין שיף. וואס זאל עס בעדייטען? — האב איך ביי זיך געטראכט — האט מען אונז בעמערקט און מען וויל אונז שטערען צו געווינען אונזער פרייהייט? נעד לענד האט מיר עפעס אריינגערוקט אין האנד. איך האב אין דער פינסטער אנגעטאפט, אז דאס איז א לאנגער מעסער.

— יא, האב איך געזאגט — איך בין ערשט בערייט צו שטארבען אין קאמפף פאר אונזער בעפרייאונג.

לענד האט אויפגעהערט דרעהען דיא שרויפען. דאן האט איך געהערט א ווארט, וועלכעס איז פיעלע מאל ווידערהאלט געווארען פון דיא לייטע פון שיף און עס איז מיר באלד קלאר געווארען, אז דא האנדעלט זיך ניט וועגען אונזער אנטלויפען, זאנדערן וועגען א פיעל ערגערע זאך.

— דער מעלשטראם! דער מעלשטראם! — האב איך אויסגעשריען אין העכסטער פערצווייפלונג.

דער מעלשטראם! קיין שרעקליכערע געפאהר האט אונז אין דער פירכ־טערליכער לאגע, אין וועלכער מיר האבען זיך געפונען, ניט געקענט טרעפען. מיר זיינען דאמאלס געוועזען אין דעם געפעהרליכסטען פלאץ פון ים ביים ברעג פון נארוועגיען; דארט וואו א ברויזענדער, שרעקליכער אבגרונד וויטהעט שטענדיג; דארט וואו דיא שטארקסטע און מעכטיגסטע שיף קען ניט דורכגעהן; דארט וואו דיא "נאטילוס" מיט איהרע אלע פעסטע איינריכטונגען קען צו־קלאפט ווערען אזוי וויא גלאז אונטער א שווערען האמער, היינט וויא אזוי וועט אונזער קליין שיפעל קענען ווידערשטעהן אזא געוואלדיגע מאכט?

מעלשטראם אדער וויא דיא ענגלענדער דריקען עס אוים "מעילסטראם" איז א מין קעסעל־גרוב, וואו דאס וואסער דרעהט זיך אזוי וויא א ראד, צווי־שען דיא נארוועגישע אינזלען פערא און לאפאדען. דאס וואסער דרעהט זיך דארט אונגעהייער שנעל און מיט א געוואלדיגע מאכט פון פיעלע דאמפף־מאשי־נען. פון אלע זייטען קומען אהין אן מעכטיגע כוואליעס, וועלכע פערייניגען זיך אין א ברויזענדען מיטעלפונקט. דיא קראפט פון דיעזען מעלשטראם איז אזוי שטארק, אז ער קען צושלעפען שיפען פון צוועלף מייל וויים און פער־וואנדלען זיי אין שפענדלאך. און ניט נור שיפען איז דאס געפעהרליכע וואסער בכוח צו ברייננגען צושלעפען, זאנדערן אויך וואלפיש און אנדערע גרויסע ים־ברואים, וועלכע ווערען פון דער געוואלדיגער קראפט צודריקט און צוריבען.

און אין דיעזען מעלשטראם, אין דיעזען שרעקליכען אבגרונד האט קאפיטאן נעמא אריינגעפיהרט זיין "נאטילוס"! אויב ער האט עס אבזיכטליך געטהאן,

גערויש ניט מאכען און זיך אליין ניט פערראטהען. גאנצע פינף מינוט צייט האָט ביי מיר גענומען ביז איך בין געקומען צו דער אנדערער טהיר וואָס פיהרט צו דער ביבילאָטעק.

איך האָב שוין אויסגעשטרעקט מיין האנד, אום דיא טהיר צו עפענען, ווען א טיעפער זיפץ, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען פון נעמאָ'ס ברוסט האָט מיך אָבגעשטעלט. איך האָב געהערט אז ער הויבט זיך אויף פון זיין שטוהל. איך האָב אָבגעווענדעט מיין קאָפּ און האָב אין דער פינסטער בעמערקט, אז ער געהט גראדע צו מיר, דיא הענד צוזאמענגעלעגט אויף זיין ברוסט, שוועבענדיג אזוי וויא א גייסט. א שטילער געוויין האָט זיך ארויסגעגאָסען פון זיין הארץ, וואָס איז וואהרשיינליך העכסט פערקלעמט געוועזן. איך האָב געהערט וויא ער האָט געמורמעלט צו זיך אליין. איך האָב אלע ווערטער ניט געקענט כאפּען, אָבער דיא לעצטע ווערטער וואָס איך האָב דייטליך געהערט, זיינען געוועזן:

— אלמעכטיגער גאָט! גענוג! גענוג!

— וואָס זאָל ער מיט דיעזע ווערטער מיינען? — האָב איך ביי זיך גע־טראכט — פלאָגט איהם פיליכט זיין געוויסען פון דיא גרויזאמע און שוידער־ליכע ראכע־טהאטען וואָס ער איז בעגאנגען?

אין דער גרעסטער פערצווייפלונג בין איך דורכגעלאָפען דיא ביבליאָטעק, בין ארויף מיט'ן לייטער וואָס האָט געפיהרט צו דעם קאמער, וואו דאָס שיפעל האָט זיך געפונען און אין א ווייל ארום בין איך שוין דאָרט געוועזן. איך בין אריינגעקראָכען דורך דיא עפענונג און איך האָב דאָרט מיינע צוויי קאמעראדען געפונען ווארטענדיג אויף מיר.

וויא אזוי דאָס שיפעל איז געוועזן איינגעריכטעט, אז מען זאָל מיט איהר קענען ארויפשטייגען אין דער הויך פון אונטער'ן וואסער, האָב איך שוין בע־שריבען אין צוועלפטען קאפּיטעל פון מיין ערצעהלונג. נעד לענד האָט זיך בע־וואָרנט מיט א שליסעל צו עפענען און צוריק פערשליסען דעם אריינגאנג צום שיפעל און אויך צו דער אויבערשטער פּלאטע וואָס האָט געדארפט געעפענט ווערען, אום דאָס שיפעל זאָל ארויפשטייגען, און מיר האָבען וועניג וואָס געהאט צו טהאָן, ווייל אלע פּאָרבערייטונגען זיינען שוין געוועזן פערטיג.

— שנעל! לאָמיר געהן, לאָמיר געהן! — האָב איך אויסגעשריען.

— טאקי שוין, אין דיעזען אויגענבליק! — האָט זיך דער קענעדע'ר אָב־גערופען.

דאָס טהירעל פון קאמער איז באלד פעסט פערשלאָסען געוואָרען. מיר האָבען זיך אלע דריי אריינגעקליבען אין שיפעל און זיך פעסט איינגעשלאָסען אין איהם, אום קיין וואסער זאָל ניט אריינדרינגען און עס האָט בלויז געפעהלט מיר זאָלען אָבשרויפען א פּאָר שרויפען מיט וועלכע דאָס שיפעל איז געוועזן צוגעפעסטיגט צום וואנד פון דער גרויסער שיף און דאן וועט זיא זיך אויפהויבען

מען צוגעדריקט מיט ביידע הענד, ווייל מיר האָט זיך געדאכט, אז מיינע געהירען פּלאצען. איך האָב געוואָלט פערטרייבען מיינע מחשבות, אָבער דאָס איז מיר אונמעגליך געווען. איך האָב איינפאך מורא געהאט, אז איך וועל משוגע.

באלד האָב איך דערהערט וויא מען פאנגט אָן שפּיעלען אויף דער פּיאנאָ א זעהר טרויעריגע מעלאָדיע, וואָס האָט אויסגעדריקט א זאָנדערבארע בענקעניס, א זאָנדערבארען שמערץ וואָס געהט ארויס פון א פערקלעמטעם הארץ. איך בין קוים אים שטאנד געווען דעם אָטהעם אָבצוציהען. דיא מוזיקאלישע טענער האָבען מיך אזוי וויא מיט אן אונבעגרייפליכע מאכט אוועקגעטראָגען ווייט, איבער דיא גרענעצען פון דער שטערבליכער וועלט.

דאן האָט מיך פּלוצלונג א נייער געדאנק דערשראָקען. קאפּיטאן נעמאָ געפינט זיך דאָך ערשט אין זאאל, דורך וועלכען איך מוז דורכגעהן אום צו אנטלויפען. ער זיצט דאָך דאָרט ביי דער פּיאנאָ און ער וועט מיך פיליייכט דערזעהן און מעגליך, אז ער וועט מיט מיר אָנפאנגען רעדען, היינט וויא איז עס מעגליך, אז ער זאָל ניט פערשטעהן, דאָס איך בין אויף'ן וועג צו אנטלויפען? וועט ער מיך דען ניט אָבהאלטען? וועט ער מיך דען לאָזען דורכפיהרען אונזער פּלאן? געוויס ניט! זיין איין וואָרט, זיינער אן איינציגער וואונק וועט גענוג זיין צו פערהאלטען אונז ווייטער אויף דער "נאָטילוס".

דערווייל דארף שוין באלד שלאָגען צעהן אוהר. דער וויכטיגער ערוואר־טעטער מאָמענט איך זאָל פערלאָזען מיין צימער און זיך אָנשליסען צו מיינע קאמעראדען וואָס ערווארטען מיך, איז געקומען.

איך קען שוין לענגער ניט פערזאמען. איך מוז זאָפאָרט געהן, זאָגאר ווען קאפּיטאן נעמאָ זאָל מיר אָנקומען אנטקעגען. שטיל און פאָרזיכטיג האָב איך געעפענט דיא טהיר פון מיין צימער. אָבער וויא איך האָב זיך געהיט, האָט מיר אלץ אויסגעוויזען, אז זיא מאכט צופיעל גערויש. דאָס האָט מיך וואהרשיינליך דיא איינבילדונגס־קראפט בלויז געשראָקען.

איך בין אויף דיא שפּיץ פינגער דורכגעגאנגען דיא קאָרידאָרען, ביז איך בין געקומען צום זאאל. העכסט פאָרזיכטיג האָב איך דיא טהיר געעפענט און בין אריינגעקומען. עס איז דאָרט געווען עכט פינסטער. קאפּיטאן נעמאָ איז געזעסען ביי דער פּיאנאָ. זיינע פינגער האָבען זיך בעוועגט איבער דיא בייג־דלאָך און שוואכע אומעטיגע טענער האָבען געקלונגען אין מיינע אויערען. דער קאפּיטאן האָט מיך ניט בעמערקט. מעגליך, אז זאָגאר ביי דיא העלע ליכט פון טאָג אָדער ביי דער שיין פון דיא עלעקטרישע בעלייכטונג וואָלט ער מיך אויך ניט געזעהן, ווייל זיין נשמה איז געווען פערזונקען אין דיא מעלאָדיען וואָס ער האָט געשפּיעלט.

לאנגזאם בין איך געגאנגען אויף'ן ווייכען דיוואן וואָס האָט בעדעקט דעם באָדען פון זאאל און איך האָב זיך שטארק געהיט, אז איך זאָל קיין טיגרעססטען

איינדרוק פון דיא אלע ערהאבענע שעהנהייטען פון יענעם מערקווירדינען מר־זעאום און איך בין דארט א גאנצע שטונדע פערבליבען, קוקענדיג אויף דיא קאסטבארע און ווערטהפאלע אנטיקען, וואס האבען געגלאנצט אין דיא גלעזערנע קאסטענס אונטער דיא העלע עלעקטרישע בעלייכטונג, דאן בין איך אריין צוריק אין מיין צימער.

דארט האב איך אנגעצויגען מיינע שטארקע ים־קליידער. לאנגזאם און פינקטליך האב איך צוזאמענגעפאקט מיינע נאטיצען, וועלכע איך האב געהאל־טען פאר דיא גרעסטע וויכטיגקייט, און אריינגעשטעקט אין מיינע טאשען. מיין ברוסט האט שטארק געקלאפט און איך האב מיין אויפרעגונג ניט געקענט בע־הערשען. ווען קאפיטאן נעמא וואלט דאן אויף מיר איין בליק געגעבען, וואלט ער זיכער באלד פערשטאנען וואס ביי מיר אין הארצען טהוט זיך.

איך בין אלע ווײלע אלץ מעהר אונרוהיגער געווארען. מיין איינבילדונגס קראפט, מיין פאנטאזיע האט זיך אין מיר צושפיעלט און איך בין אויסער זיך געוועזן. איך האב זיך צוגעהערט ביים טהיר פון קאפיטאן'ס צימער און איך האב געהערט אז מען געהט דארט אום. נעמא שלאפט נאך אלזא ניט. מיר האט זיך יעדע ווײלע גערדאכט, אז ער קומט אריין. צו מיר אין צימער און ערווארפט אויף מיר בייזע בליקען און ער פרעגט מיך ווארום איך וויל אנטלויפען. מיט איינמאל איז מיר דורכגעלאפען א געדאנק, אז עס פאסט ווירקליך ניט פאר מיר איך זאל אנטלויפען אזוי וויא א פערברעכער. קאפיטאן נעמא האט מיך גע־אכטעט און פיעלע מאל העכסט פריינדליך בעהאנדעלט און מיין פפליכט איז צו שיידען זיך מיט איהם אויף א גאנץ אנדער אופן, אנשטענדיג, פיין, וויא עס פאסט זיך פאר גוטע פריינד. עס איז מעהר פאסענד — האב איך ביי זיך גע־טראכט — אריינצוגעהן צו איהם אין צימער און איהם עפענטליך ערקלערען, אז ביי מיין פאלשטענדיגען רעספעקט צו זיין פערזאן און צו זיינע קענטניסע, קען איך לענגער ביי איהם ניט פערבלייבען, נאכדעם וויא איך האב זיינע גרוי־זאמע און פורכטבארע ראכע־טהאטען געזעהן.

אבער איך האב זיך בעדענקט און איך האב עס ניט געטהאן. איך האב זיך אוועקגעלעגט אויף מיין בעט אום מיין אויפרעגונג און נערוועזיטעט עטוואס צו שטילען. איך האב זיך א ביסעל בערוהיגט, און מיינע געדאנקען האבען זיך אומ־געקעהרט צו דער פערגאנגענער צייט. מיין פאנטאזיע האט מיר פארגעשטעלט אלע גליקליכע און אונגליקליכע בעגעבענהייטען וואס האבען מיט מיר פאסירט פון דעם טאג, ווען איך בין ארונטערגעשליידערט געווארען פון דער "אייברעהעם לינקאלן", ביז דער לעצטער סצענע פון דעם מאסען־מארד, און זיין פירכטער־ליכע ראכע געגען יענעם אונבעקאנטען קריעגס־דאמפפער, וואס איז פאר מיינע אויגען מיט זיין גאנצע מאנשאפט געזונקען אין דיא טיעפענים פון מעער.

עס איז שוין געוועזן האלב צעהן דער זייגער. איך האב מיין קאפ געהאל־

— געוויס לענד, מיר וועלען לויפען! — האָב איך געזאָגט — ווען אפילו מיר וועלען וויסען, אז דיא וועללען פון ים וועלען אונז איינשלינגען.

— דער ים איז ערשט אונרוהיג, דער ווינד איז שטארק — האָט לענד פאָרטגעזעצט — דאָך וועלען מיר אין א קליינע שיפעל קענען צופאָהרען דיא צוואנציג מייל ביז'ן לאנד. איך האָב שוין געמאכט אלע פאָרבערייטונגען דיא שיפעל פון דער "נאָטילוס" אָבצושרויפען, איך האָב אויך אביסעל לעבענסמי־טעל פערשאפט און אונזער פלאן וועט דיעזען מאָל זיכער געלינגען.

איך בין אויף אלעם געווען ענטשלאָסען. דער טאָג האָט זיך פאר מיר געצויגען אזוי וויא אן אונענדליכע אייביגקייט. איך האָב וואָס שנעלער גע־וואָלט דערלעבען נאכט און דורכפיהרען אונזער פלאן. מיט מיינע קאמעראדען האָב איך אין יענעם טאָג ניט פיעל גערעדט, אום יעמאנד פון שיף זאָל אויף אונז ניט בעמערקען, אז מיר האָבען אין זינען אויפצוטהאָן נייעס.

איך בין פערבליבען אליין אין מיין קאיוטע. אום זעקס אוהר האָב איך גע־געסען, אָבוואָהל איך בין ניט געווען הונגעריג. איך האָב איינפאך גענעסען מיט געוואלד, אום איך זאָל קרעפטיגער זיין און קענען העלפען טרייבען דיא שיפעל. מיר האָט זיך אייגענטליך זעהר געוואָלט זעהן דעם קאפיטאן פאר מיין אנטלויפען פון איהם, אָבער אין דער צווייטער זייט האָב איך בערעכענט, אז עס וועט פיעל גלייכער זיין אז איך וועל איהם שוין מעהר ניט בעגעגענען, ווייל טאָמער פערפיהרט ער מיט מיר א געשפרעך און ער וועט זיך אָנשטויסען וואָס איך און מיינע קאַמעראדען דענקען, דאן וועט ער אונזערע פלענער צושטערען. אום האלב נאָך זיעבען דעם זייגער איז לענד צו מיר אריינגעקומען און געזאָגט:

— מיר וועלען זיך שוין ניט זעהן ביז מיר וועלען אָבפאָהרען. אום צעהן אוהר וועט נאָך דיא לבנה ניט אויפגעהן און אין דיא פינסטערניס פון דער נאכט וועלען מיר אונזער פלאן גאנץ לייכט קענען דורכפיהרען. איהר זאָלט דאן ארויפקומען אויבען צום שיפעל. איך און קאָנסייל וועלען אייך דאָרט ערוואַרטען.

מיט דיעזע ווערטער איז לענד ארויסגעגאנגען. איך האָב בערעכענט, אז עס איז וויכטיג צו וויסען אין וואָס פאר א ריכטונג מיר פאָהרען יעצט און איך בין ארייין אין זאאַל און א קוק געטהאָן אויף'ן קאָמפאס, וועלכער האָט געוויזען, אז דיא שיף לויפט נאָך אָסט־נאָרד. דיא אנדערע אינסטרומענטען האָבען מיך איבערציינגט אז מיר פאָהרען מיט א שרעקליכע געשווינדקייט, מעהר וויא 150 פוס טיעף אין וואסער. איך האָב געוואָרפען מיין לעצטען בליק אויף אלע מערקווירדיגע נאטור־וואונדער וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, אויף דיא אוצרות פון רייכטהום און קונסט, וועלכע וועלען וואהרשיינליך פערבלייבען בעגראָבען אין דיא טיעפענים פון מעער צוזאמען מיט דעם מאן, וועלכער האָט זיי געזא־מעלט. איך האָב געוואָלט, אז אין מיין מוח זאָל פערבלייבען אן אונפערגעסליכער

אויף אויסגעפונען, אז מיר זיינען פערבייגעפאָהרען דעם אָנפאנג פון ענגלישען קאנאל און דיא "נאָטילוס" לויפט נאָך דיא נאָרדליכע וואסערען. דיא שיף איז דאמאָלס טהיילוויז געשוואומען אין דיא הויך אויף דער אָבערפלעכע פון ים און טהיילווייז אונטער'ן וואסער.

עס איז נאכט געוואָרען. דער ים און דיא ארומיגע געגענד איז בעדעקט געוואָרען מיט א דונקעלהייט. איך בין אוועק אין מיין צימער שלאָפען, אָבער עס האָט מיך קיין שלאָף ניט גענומען. איך בין איינגיע מאָל אנדרעמעלט גע־וואָרען, אָבער שרעקליכע חלומות האָבען מיך אויפגעוועקט. דיא שוידערליכע סצענעס פון דער צובראָכענער שיף מיט איהרע קרבנות זיינען מיר געשטא־נען פאר דיא אויגען און איך האָב אויפגעשוידערט ביי יעדען געדאנק וואָס איז דורכגעפלויגען אין מיין קאָפּ.

פון דאן אָן האָב איך ניט געקענט וויסען וואו מיר געפינען זיך אין דער וועלט. קאפיטאן נעמאָ, זיין לייטענאנט אָדער ווער עס איז פון דיא מאנשאפט איז ניט געוועזען צו זעהן. דיא זונען־אויפנאהמען האָט מען ניט געמאכט יעדען טאָג, אויף דער קארטע האָב איך קיין נייע צייכנונגען ניט געפונען, זאָגאר דיא זייגערס זיינען געשטאנען און איך האָב ניט געקענט וויסען דיא צייט פון טאָג.

אזוי זיינען, לויט וויא איך האָב משער געווען, פאָריבער צוויי וואָכען צייט. אויף ריכטיג האָב איך עס ניט געקענט וויסען, ווייל בייטאָג זיינען מיר מעהרס־טענטהייל געווען טיעף אונטער'ן וואסער און אָנשעפּען פרישע לופט פלעגט דיא "נאָטילוס" ארויפשטייגען אין דער הויך ביינאכט. נעד לענד איז אויס פערצווייפלונג שטענדיג געזעסען אין זיין קאיוטע און איך און קאָנסייל זיינען פערבליבען אליין, איינזאם, עלענד, אזוי וויא אין א טיעפע, פינסטערע וויסטע. איין פריהמאָרגען — איך קען ניט וויסען וואָס פאר א דאטום דאָס איז געווען, צוליעב דעם וואָס מען האָט אונז פריהער געהאלטען אין בלענדענים — בין איך ארייגעפאלען אין א טיעפען שלאָף. ווען איך האָב זיך שפּעטער אויפגע־כאפּט, שוואך און נעפייניגט פון טרויעריגע געדאנקען, איז לענד צו מיר אריינ־געקומען און שטיל, מיט א שוואכע שטימע האָט ער צו מיר געזאָגט:

— מיר וועלען פון דאנען אנטלויפען.

— ווען וועלען מיר אנטלויפען? — האָב איך געפרעגט.

— דיא קומענדע נאכט, אויב נור איהר זיינט איינשטימיג — האָט דער קענעדע'ר געענטפערט — קיינער גיט דאָרט ניט אכטונג. זיי שלאָפען אלע אָדער זיי ליגען גע'חלש'טע און מען זעהט זיי אין דיא אויגען ניט אָן. וועט איהר אלזאָ זיין גרייט, מיין הערר?

— יא. אָבער וואו געפינען מיר זיך?

— דאָס ווייס איך ניט, אָבער דורך דעם מאָרגען טהוי האָב איך געזעהן לאנד אומגעפעהר צוואנציג מייל ווייט פון אונז.

געזעהן אז דיא באלקענס זיינען געווען פול מיט מענשען, וועלכע האבען זיך קוים אנגעהאלטען מיט פערגליווערטע הענד מאטערענדיג זיך אין טויטליכע ליידען. ענדליך האט זיך בעוויזען דער שפיץ פון הויפט־מאסט און דאן איז דיא גאנצע מאסע מיט דיא דערטרונקענע מאנשאפט געפאלען צום גרונד פון מעער.

איך האב א קוק געטהאן אויף'ן קאפיטאן נעמא. דער קאלטבלוטיגער הענ־קער, דער מאסען־מערדער איז נאך אלץ געשטאנען און געקוקט אויף זיינע קרבנות, ביז דיא פורכטבארע סצענע האט זיך געענדיגט. דאן האט ער זיך גע־לאזט געהן צו זיין צימער. ניט ווילענדיג האב איך איהם נאכגעקוקט און איך האב געזעהן אויף'ן וואנד א בילד פון א יונגע פרוי מיט צוויי קליינע קינדער. נעמא איז איינינע אויגענבליקען געשטאנען בעטראכטענדיג דיעזען בילד, דאן האט ער אויסגעשטעלט זיינע הענד געגען דיא טויטע פיגורען, איז געפאלען אויף דיא קניע און האט אויסגעבראכען אין א געוויין.

22טעם קאפיטעל

# קאַפּיטאַן נעמאָ'ס לעצטע ווערטער

דיא לאדענס פון דיא פענסטער האבען זיך געשלאסען באלד נאכדעם וויא דיא שוידערליכע סצענע האט זיך געענדיגט. אין דער "נאטילוס" איז געווען פינסטער און א טויטע שטילקייט האט אין איהר געהערשט. דיא שיף איז גע־לאפען מיט א פולע שנעלקייט ביי א הונדערט פוס אונטער'ן וואסער. וואוהין פאהרען מיר ווייטער? וואוהין לויפט קאפיטאן נעמא נאכדעם וויא ער האט פיעלע מענשען אומגעבראכט? דאס האב איך ניט געקענט וויסען. איך האב צום קאפיטאן געפיהלט א שרעקליכע שנאה. איך האב איהם בעטראכט אלס טיראן, אלס א גרויזאמען, שרעקליכען מערדער. אבוואהל איך האב פערשטאנען, אז ניט אומזיסט האט ער דיא שיף מיט דיא מענשען געזונקען, דאך האב איך איהם פעראכטעט, ווייל וואס ער זאל ניט האבען געליטען פון דיא מענשען, האט ער אלץ קיין רעכט געהאט אזעלכע גרויזאמע ראכע טהאטען דורכצופיהרען.

איך האב זיך אומגעקעהרט צוריק אין מיין צימער, וואו לענד און קאנסייל זיינען פערבליבען פון פריהער. לענד איז געווען אזוי פערצווייפעלט, אז ער האט גערעדט וועגען בעגעהן זעלבסטמארד און קאנסייל האט געהאט גרויסע שווירינקייטען איהם צו טרייסטען און אבצוהאלטען פון זיינע משוגענע פלע־נער.

אום עלף דעם זייגער זיינען דיא עלעקטרישע לאמפען אנגעצונדען געווא־רען. איך בין אריין אין זאאל, אבער איך האב דארט קיינעם ניט געטראפען. איך האב בעטראכט דיא פערשיעדענע אינסטרומענטען און איך האב זיך איבער־ציינט, אז דיא שיף לויפט מיט דיא שנעלקייט פון 25 מייל א שטונדע. איך האב

נאכגעפאלגט. איך בין געווען אזוי וויא צומישט און איך האב אליין ניט גע־וואוסט וואס מיט מיר טהוט זיך. איך קען גענוי ניט וויסען וויא לאנג איך בין דארט אין אזא צושטאנד פערבליבען, אבער דאס געדענק איך, אז איך בין פלוצלונג אויפגעשפרונגען מיט א ווילדען שרעק־געשריי. איך האב געהערט א שטויס און וויא דער שטאהלענער שנאבעל פון דער "נאטילוס" האט זיך אריינ־געשטעקט אין א וואנד, וואהרשיינליך פון יענער שיף און האט זיא דורכגע־שטאכען זוי וויא דיא נאדעל פון א זעגעל־מאכער דורך דיא שטיקער ליינוואנד.

עס איז מיר אונמעגליך געווען צו פערבלייבען לענגער אין מיין צימער און איך בין אריינגעלאפען אין זאאל ציטערענדיג מיט אלע מיינע גליעדער. קאפיטאן נעמא איז דארט אויך געווען. שטום, מיט אן אויסדרוק פון גרויזאמע ראכע אויף זיין געזיכט איז ער געשטאנען און האט ארויסגעקוקט דורך'ן פענס־טער ביי דער לינקער זייט פון שיף, וואו דער פיינדליכער דאמפפער האט ווירקליך אנגעהויבען זינקען, און אום בייצואוואהנען דיא סצענעס וויא דיא לייטע פון יענער שיף ראנגלען זיך מיט'ן טויט, האט זיך דיא "נאטילוס" אויף א בעפעהל פון קאפיטאן ארונטערגעלאזט צוגלייך מיט דער צושמעטערטער שיף. איך האב אויך ניט ווילענדיג א בליק געטהאן אין פענסטער און איך האב געזעהן יענע שיף, וואס איז געווען אומגעפעהר דרייסיג פוס ווייט פון אונז, וויא דאס וואסער דרינגט אין איהר אריין מיט א דונער־גערויש. דער דעק איז געווען פול מיט געשטאלטען פון מענשען, וועלכע זיינען אומגעלאפען מיט פער־צווייפעלטע בעוועגונגען.

דאס וואסער האט געשטראמט אין שיף אריין אלץ מעהר און מעהר. דיא אונגליקליכע האבען געקלעטערט אויף דיא שטריק און אויף דיא מאסטען און האבען זיך געצאפעלט און געדרעהט אונטער'ן וואסער. וויא געלעהמט בין איך געשטאנען און צוגעקוקט דיעזע שוידערליכע סצענעס פון דעם מאסען־מארד וואס נעמא איז בעגאנגען. איך האב געשפירט אז דער אטהעם האט מיך פער־שטיקט, דאך האט מיך אן אונבעגרייפליכע מאכט אזוי וויא צוגעשמידט אויף מיין ארט נעבען פענסטער און איך האב זיך פון דארט ניט געקענט ריהרען. איך האב דיא פירכטליכע מאטערניכען פון דיא אונגליקליכע ניט געוואלט זעהן, דאך האב איך מיינע אויגען ניט אבגעווענדעט פון פענסטער.

דיא צובראכענע שיף איז געזונקען אלץ ניעדעריגער און ניעדעריגער און מיט איהר צוזאמען דיא "נאטילוס". פלוצלונג האט זיך דערהערט א שרעקליכער קראך פון אן עקספלאזיאן. דיא צוזאמענגעפרעסטע לופט פון יענער שיף האט געפלאצט און ארויסגעשפארט פון דעק אזוי וויא א פייער וואלט אויסגעבראכען. דיא "נאטילוס" איז פון דיא שטארקע בעוועגונג אין וואסער אויף א רעכטע שטיק אבגעשליידערט געווארען.

יעצט האט דיא אונגליקליכע שיף אנגעפאנגען שנעלער צו זינקען. איך האב

האָבען זיי געוואָלט איינשפּאַרען קוילען, אָדער זיי האָבען געווארט אויף א בער־סערע און גינסטיגערע געלעגענהייט צו מאכען א שטארקערען איבערפאל. עס איז געוואָרען זעקס אוהר אין דער פריה. קאפּיטאן נעמאָ האָט מיך ניט בעמערקט, אָבוואָהל איך בין א לאנגע צייט געווען אויף'ן דעק. יענע שיף איז צוגעקומען נאָך נעהענטער. ווען עס איז ליכטיג געוואָרען האָט מען פון יענער שיף ווידער אָנגעהויבען שיסען. זיא איז שוין געווען בלויז איין מייל ווייט פון אונז. איך האָב ערוואַרטעט, אז באלד וועט שוין קומען דער מאָמענט, און איך און מיינע חברים וועלען דיא "נאָטילוס" פערלאָזען אויף גאָט'ס בעראָט, אויף לעבען אָדער טויט.

ווערענד איך האָב געוואָלט ארונטערגעהן און אָנזאָגען מיינע קאמעראדען, אז זיי זאָלען זיין גרייט דורכצופיהרען אונזער פּלאַן, איז דער לייטענאנט מיט איינינע מאטראָזען ארויפגעקומען. איך האָב געזעהן אז זיי מאכען געוויסע פּאָר־בערייטונגען צו עטוואָס נייעס, אָבער איך האָב ניט געקענט וויסען צו וואָס מען גרייט זיך צו. איך בין ארונטערגעגאנגען אין זאאל וואו מיינע קאמעראדען האָבען מיך ערוואַרטעט.

— מיינע פריינדע — האָב איך צו זיי געזאָגט — דער ריכטיגער מאָ־מענט צו אנטלויפען איז יעצט געקומען. גאָט זאָל אונז בעהילפיג זיין.

נעד לענד איז געווען פול ענטשלאָסען, מיין דיענער קאָנסייל האָט זיך גע־צייגט גאנץ קאלטבלוטיג. איך בין פון גרויס אויפרעגונג קוים אימשטאנד גע־ווען צו בעהערשען זיך. מיר האָבען אָנגעהויבען געהן מיט שנעלע טריט צו דיא טרעפּ. אָבער קוים זיינען מיר דורכגעגאנגען דעם קאָרידאָר, האָבען מיר געהערט וויא דיא פּלאַטען פון אויבען האָבען זיך געשלאָסען. קאפּיטאן נעמאָ און דיא גאנצע מאנשאפט זיינען שוין וואהרשיינליך אויך געווען אונטען אין שיף. מיר האָבען באלד געהערט וויא מען לאָזט אריין וואסער אין דיא רעזערוואוארען און מיר זיינען געבליבען שטעהן העכסט פערצווייפעלט. דאָס וואסער האָט אריינ־דרינגענדיג אין דיא וואסער־בעהעלטער גערוישט און ניט וויינינער האָט עס גערוישט און געקאָכט אין אונזערע קעפּ און אין אונזערע הערצער. איך האָב גוט פערשטאנען צו וועלכען צוועק דאָס ווערט געטהאָן. קאפּיטאן נעמאָ וויל וואהרשיינליך דורכלעכערען דעם שונא'ס שיף ניט אין איהר זייט, וואָס איז בעשיצט מיט א דאָפּעלטען קופּערנעם פּאנציר, זאָנדערן אונטען אין איהר דעק און דערפאר לאָזט ער דיא "נאָטילוס" ארונטער אין וואסער.

אונזערע האָפנונגען זיינען אלזאָ פערשוואונדען און מיר זיינען ווייטער פערבליבען געפאנגענע, און מיר וועלען נעגען אונזער ווילען מוזען צוקוקען דיא שרעקליכע סצענעס וואָס וועלען זיך אָבשפּיעלען אונטער'ן וואסער. איך האָב עס זעהר ניט געוואָלט זעהן מיט מיינע אויגען און איך בין דארום אזוי וויא א וואהנזיניגער אריינגעלאָפען אין מיין צימער. מיינע קאמעראדען האָבען מיר

— מיר וועלען פון דאנען אנטלויפען! — האָב איך צו מיינע פריינד אויסגעשריען.

— גוט! — האָט זיך לענד אָבגערופען — וואָס איז עס פאר א שיף, דיא וואָס יאָגט דיא "נאָטילוס"?

— איך וויים ניט. אָבער צו וואָס פאר א נאציאָן זיא געהערט וועט זיא אליץ זינקען נאָך איידער עס וועט נאכט ווערען. יעדענפאַלס איז בעסער צו זינקען מיט איהר איידער צו זיין אין קאָמפּאני מיט דיא ראכע געהמער, וועלכע וועלען אומברייגנגען מענשען און מיר וויסען ניט, אויב זיי האָבען רעכט אָדער ניט.

— איך מיין אויך אזוי — האָט זיך לענד אָבגערופען — לאָמיר וואַרטען ביז נאכט.

עס איז נאכט געוואָרען. אויף דער "נאָטילוס" איז פאָרלויפיג געוועזען שטיל און אין איהר גאנג האָב איך קיין ענדערונג בעמערקט. איך און מיינע קאמע־ראדען האָבען בעשלאָסען צו אנטלויפען אין דעם מאָמענט ווען יענע שיף וועט נור קומען נעהענטער צו אונז. דיא נאכט איז דאמאָלס געוועזען א ליכטיגע. דיא לבנה האָט געשיינט און איהרע שטראהלען האָבען זיך העל אָבגעשפּיעגעלט אויף'ן ים. מיר האָבען דארום געקענט האָפען אז עס וועט אונז ניט שווער זיין אונזער פּלאַן דורכצופיהרען. ווען נור אונז וועט געלינגען קומען אויף יענער שיף, וועלען מיר דאָרט דיא לייטע ווארנען, אז זיי זאָלען אנטלויפען, ווייל דיא "נאָ־טילוס" איז צו מעכטיג און צו געפעהרליך אַנצופיהרען מיט איהר א קאמפף, און מעגליך אז מיר וועלען געראטעוועט ווערען מיט דער שיף צוזאמען; אויב וויעדער ניט, וועלען מיר זינקען מיט איהר צוזאמען.

אזוי איז פאָריבער א טהייל פון דער נאכט. מיר זיינען דיא גאנצע צייט געשטאנען און אויסגעקוקט אויף א געלעגענהייט, ווען עס וועט קומען א גינסטיגע צייט אז מיר זאָלען קענען ארונטערשפּרינגען פון דער "נאָטילוס". נעד לענד איז פערטיג געווען יעדע ווייליע ארויפצוגעהן אויף'ן דעק און ארונ־טערוואַרפען זיך אין ים. איך האָב דעם אונגעדולדיגען מאן קוים אָבגעהאַלטען.

דריי דעם זייגער פארטאָג בין איך וויעדער ארויף אויפ'ן פּלאַטפאָרם. קאפּי־טאן נעמאָ איז נאָך אליץ דאָרט געשטאנען ביי זיין שווארצען פלאג קוקענדיג אויף יענער שיף, וועלכע איז געווען בלויז צוויי מייל ווייט פון אונז. דיא אונ־בעקאנטע שיף האָט פערפאָלגט דיא "נאָטילוס" נאָך דעם עלעקטרישען שיין וואָס האָט זיך פון איהר פערשפּרייט אויף'ן וואסער. דער ים איז געווען שטיל און רוהיג. דיא וועללען האָבען זיך קוים בעוועגט, וועהרענד אין דיא הערצער פון קאפּיטאן נעמאָ און זיינע מענשען און אויך אין דיא הערצער פון דיא וואָס זיינען געפאָהרען אויף דעם אונבעקאנטען דאמפּפער האָט עס וואהרשיינליך געקאָכט פון האס און צאָרן. געשאָסען האָט מען פון יענער שיף ניט, פיליכט

שיף און מיר זיינען ארונטערגעגאנגען. ארונטערגעהענדיג האָבען מיר געהערט וויא א קאנאָנען־קויל האָט ווידער אונזער שיף געטראָפען. דער קאפיטאן האָט דאן אויסגעשריען:

— שים, דו נארישע שיף, שים! ווארף דיא קוילען דיינע! און דאן וועט דער שפיץ פון דער "נאָטילוס" דיך דורכלעכערען. אָבער ניט דאָ, וואו עס ליגט דיא רואינע פון דער ראכע־שיף וועל איך דיך זינקען, איך וועל דיך אוועקפיהרען ווייטער! דיין אָרט דארף ניט זיין נעבען יענער שיף, וועלכע האָט געקעמפפט פאר גערעכטיגקייט, פאר פרייהייט!

ווען איך בין אריין אין מיין צימער האָב איך געשפירט, אז דיא "נאָטילוס" אנטלויפט ווייט. עס האָט ניט פיעל גערויערט און דיא קוילען פון דער פיינד־ליכער שיף האָבען שוין ניט געקענט דערגרייכען דיא "נאָטילוס". אָבער קאפיטאן נעמאָ האָט זיין שיף געהאלטען אין אזא שטאנד, אז יענע שיף וואָס האָט אונז געיאָגט זאָל דיא "נאָטילוס" קענען זעהן און זיא ניט פערלירען פון דיא אויגען.

ארום פיער דעם זייגער נאָכמיטאָג האָב איך שוין פון אונגעדולד ניט גע־קענט אויסהאלטען און איך בין ארויסגעגאנגען צום מיטעל־טרעפ. דיא פלאטען פון אויבען זיינען געווען אָפען און איך האָב בעשלאָסען ארויפצוגעהן אין דער הויך אויף'ן דעק. קאפיטאן נעמאָ האָט דאָרט אומשפאצירט הין און צוריק און האָט זיך איינגעקוקט אויף דעם שונא'ס שיף, וועלכע איז געווען פינף אָדער זעקס מייל ווייט פון אונז. נעמאָ איז געווען בייז אזוי וויא א ווילדע חיה. ער האָט זיך געלאָזט פערפאָלגען און ער האָט דיא פיינדליכע שיף פערשלעפט אלץ ווייטער און ווייטער נאָך אָסטען. איך האָב אביסעל שפעטער בעמערקט, אז דער קאפיטאן איז עטוואָס רוהיגער געוואָרען און איך האָב פרובירט רעדען א פאָר ווערטער, אום אָבצואווענדען איהם פון זיין שרעקליכען ראכע־פלאן. אָבער ער האָט מיך ניט געלאָזט רעדען און האָט אויסגעשריען:

— שווייגט! איך אליין בין דאָס געזעץ און אויך דער ריכטער. איך בין דער אונטערדריקטער און דאָרט איז דער אונטערדריקער! דורך איהם האָב איך פערלאָרען אלעס וואָס מיר איז געווען ליעב און טהייער. דער טיראנישער אונטערדריקער האָט פון מיר גערויבט מיין היימאטה, מיין פרוי, מיינע קינ־דער, מיין פאָטער און מיין מוטער. אלע זיינען פאר מיינע אויגען אומגעקומען פון דיזער מערדערישער האנד און איך האָב פולע רעכט צו נעהמען ערשט ראכע פון איהם. אייערע רייד וועלען אלזאָ גאָר ניט העלפען!

איך האָב געוואָרפען מיין לעצטען בליק אויף יענער שיף וועלכע וועט וואהרשיינליך פאלען אלס אָפפער פון קאפיטאן נעמאָ'ס צאָרן, און איך בין צוריק ארונטער צו מיינע קאמעראדען.

אויסגעשריען — ווילסט דו אז איך זאָל דיך צודריקען און פערניכטען איידער איך וועל עס טהאָן מיט יענער שיף?

א שרעק איז אונז בעפאַלען הערענדיג דיעזע ווערטער און נאָך מעהר האָבען מיר זיך דערשראָקען ווען מיר האָבען דערזעהען דעם קאַפּיטאַן'ס געזיכט. ער האָט אויסגעזעהן פּירכטליך. זיין פּנים איז געווען בלאַס וויא דער טויט, זיינע ליפּען האָבען געציטערט און זיינע הענד האָבען זיך פיעבערהאַפט גע־טרייסעלט. א קורצע וויילע איז ער געשטאַנען נעבען קענעדע'ר, וועלכען ער האָט נור וואָס אומגעשליידערט, דאַן האָט ער קוקענדיג אויף דער אונבעקאַנטער שיף מיט שרעקליכע אויפרעגונג אויסגעשריען:

— אָה, דו שיף פון א פערפלוכטע נאַציאָן, דו ווייסט ווער איך בין! איך ברויך ניט דיין פלאַג צו דערקענען דיך. קוק, און איך וועל דיר מיין פלאַג ווייזען!

רעדענדיג דיעזע ווערטער האָט ער ביים שפּיץ פון שיף ארויסגעשטעלט א שוואַרצע פאָהן, עהנליך צו יענער וועלכע ער האָט אוועקגעשטעלט ביים זיד־פּאָל. אין יענעם מאָמענט האָט זיך א קאַנאָנען קויל אָנגעקלאַפּט אָן וואַנד פון דער "נאָטילוס", אָבער זיא איז צוריק אָבגעשפּרונגען און פערזונקען אין וואַסער. קאַפּיטאַן נעמאָ האָט געצויגען זיינע אַקסלען, אזוי וויא ער זאָל עטוואָס בעוואונדערען, דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און האָט געזאָגט מיט א בייזע מינע:

— געהט ארונטער אונטען צוזאַמען מיט אייערע קאַמעראַדען.

— מיין הערר — האָב איך זיך אָבגערופען — דענקט איהר אָנצוגרייפען יענע שיף?

— יאַ, איך וועל זיא דורכלעכערען און זינקען! — האָט נעמאָ געענטפערט.

— וועט איהר עס ווירקליך טהאָן? — האָב איך ווידער געפרעגט.

— געוויס וועל איך עס טהאָן! — האָט ער קאַלט געענטפערט — און איך ראַטהע אייך, אז איהר זאָלט מיך ניט אורטהיילען און קיינע עצות ניט געבען. א צופאַל האָט אייך בעוויזען א זאַך וואָס איהר דאַרפט ניט זעהן, אָבער שוין גענוג. געהט ארונטער.

— וואָס פאַר א שיף איז עס? — האָב איך געוואַגט צו פרעגען.

— איהר ווייסט ניט? — האָט נעמאָ געענטפערט — זעהר גוט. אמוויי־ניגסטען וועט דאָס פאַר אייך פערבלייבען א געהיימניס. געהט שוין ארונטער!

איך און מיינע קאַמעראַדען האָבען נאַטירליך געמוזט פאָלגען. אין יענעם מאָמענט האָבען זיך בעוויזען פופצעהן פּערזאָן פון דיא מאַנשאַפט פון דער "נאָטילוס" און זיי האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום קאַפּיטאַן. זיי האָבען אלע געקוקט אויף דער קריעגס־שיף מיט בלישצענדע אויגען און זייערע געזיכטער האָבען אויסגעדריקט האס און ראַכע. איך האָב געוואָרפען א בליק אויף יענער

לענד'ס לעצטע ווערטער האבען אין מיר ארויסגערופען גאנץ אנדערע גע־דאנקען. איך האב ביי זיך געטראכט, אז דער קאמאנדיר פון דער "אייב־רעהעם לינקאלן" האט דאמאלס ווען מיר זיינען פון דער שיף ארונטערגע־שליידערט געווארען דערקענט, אז דאס איז ניט קיין ריעזען־נארוואל, זאנ־דערן אן אונטערוואסערדיגע שיף, וועלכע איז נאך פיעל געפעהרליכער וויא דאס גרעסטע און שטארקסטע טהיער, און ווען ער איז אהיים געקומען האט ער וועגען דעם בעריכטעט און יעצט פערפאלגט מען דיא "נאטילוס" און מען וויל דיא פירכטליכע צושטערונג־מאשינע פערניכטען.

— יא — האב איך ווייטער ביי זיך געטראכט — דיא "נאטילוס" איז וואהרשיינליך געבויט געווארען מיט דעם צוועק צו פערניכטען און פערוויסטען. קאפיטאן נעמא האט וואהרשיינליך שונאים און דורך זיין שיף זוכט ער פון זיי ראכע צו נעהמען. דיא אורזאכע פון זיין פיהרען קריעג מיט אימיצען איז מיר פארלויפיג אונבעקאנט געוועזען, אבער איך בין אין יענעם מאמענט זיכער געוועזען, אז אין יענע נאכט ווען מען האט אונז בעטויבט און איינגעשפארט אין אונזערע צימערען איז דיא "נאטילוס" געקומען אין צוזאמענשטויס מיט א פיינדליכע שיף און דער פערוואונדעטער מאטראז, וועלכער איז נאכהער גע־שטארבען, האט דיא וואונדען בעקומען אין שלאכט מיט דיא שונאים. מיר איז שוין דאן קלאהר געוועזען, ווארום קאפיטאן נעמא האט מיט אזא געפיהל גערעדט וועגען דער פראנצויזישער ראכע־שיף, ווייל וואהרשיינליך האט ער אויך גע־שווארען ראכע, פיליכט צו דיא גאנצע מענשהייט.

דיא שיסעריי פון דיא קאנאנען איז פארטגעזעצט געווארען. איינינגע קוי־לען האבען ניט דערגרייכט אונזער שיף און מאנכע וויעדער זיינען פערפלויגען פיעל ווייטער. אבער קיינער האט אונזער שיף ניט געטראפען. קאפיטאן נעמא האט זיך אלץ ניט בעוויזען, אבוואהל דיא פיינדליכע קריעגס־שיף איז שוין געוועזען בלויז דריי מייל פון אונז און דיא "נאטילוס" איז געוועזען אין געפאהר צוקלאפט צו ווערען פון דיא קאנאנען קוילען.

— מיין הערר — האט זיך לענד צו מיר אבגערופען — מיר מוזען אנ־ווענדען אלע מיטלען פון דיעזער צרה ארויסצוקריכען. לאמיר זיי געבען א סיג־נאל, פיליכט וועלען זיי דארט פערשטעהן, אז מיר זיינען ארענטליכע, אונ־שולדיגע מענשען.

ביי דיעזע ווערטער האט דער קענעדע'ר ארויסגענומען א טאשען־טוך און האט עס אנגעפאנגען שאקלען אין דער לופט. אבער ביי דיא ערשטע בעווע־גונג האט איהם א מעכטיגע האנד צום בארען געשליידערט. דאס איז געוועזען קאפיטאן נעמא.

— דו נארישער מענש! — האט דער קאפיטאן העכסט אויפגערעגט

שיף, אבער צו וועלכע נאציאן זיא געהערט קען איך ניט וויסען, ווייל קיין פלאג איז אויף איהר ניט ארויסגעשטעלט. פילייכט וועט זיא אונז אניאגען און וועט פערניכטען דיא פערפלוכטע "נאטילוס".

— פריינד לענד — האט זיך קאנסייל אבגערופען — וואס קען דיעזע שיף טהאן דער "נאטילוס"? קען זיא איהר אטאקירען אונטער'ן וואסער? קען זיא אויף איהר שיסען אויף'ן גרונד פון ים? איך דענק אז דער קאמאנדיר פון יענער קריעגס־שיף מאכט זיך לעכערליך וואס ער געהט זיך אנפאנגען מיט דער "נאטילוס".

א פיערטעל שטונדע צייט איז יענע אונבעקאנטע שיף געשוואומען אלץ נעהענטער צו אונז. לענד האט זיא שוין דייטליכער געקענט זעהן און ער האט מיך פערזיכערט, אז דאס איז ווירקליך א גרויסע קריעגס־שיף מיט א געפאנ־צירטען דאפעל־דעק. איך האב שוין אויך דייטליך געזעהן וויא א געדיכטער רויך האט ארויסגעשפארט פון איהרע צוויי קוימענס און זיא איז געלאפען זעהר שנעל און עס האט אויסגעזעהן אז זיא וועט אונז גאנץ שנעל דערגרייכען, אויב קאפיטאן נעמא וועט עס צולאזען.

— מיין הערר — האט נעד לענד געזאגט — אויב דיא שיף וועט צו־קומען א מייל ווייט פון אונז, וועל איך ארונטערשפרינגען פון דעק און וועל צו איהר צושווימען.

איך האב דערויף גאר ניט געענטפערט און ניט אראבגענומען מיינע אוי־גען פון דער אונבעקאנטער קריעגס־שיף, פילייכט וועל איך דאך בעמערקען פון וואס פאר א לאנד זיא קומט. יעדענפאלס — האב איך ביי זיך געטראכט — אויב זיא איז אן ענגלישע, א פראנצויזישע אדער אן אמעריקאנישע, קענען מיר בעשטימט רעכענען אז זיא וועט אונז אויפנעהמען און איך האב שוין גע־וואלט זאגען דעם קענערע'ר אז איך בין איינשטימיג מיט זיין פלאן. אבער אין דעם זעלבען מאמענט האט זיך פון יענער שיף דערזעהן א ווייסער רויך. באלד האט געפאלגט א שרעקליכער קראך און א קאנאנען קויל איז אריינגעפלוי־גען אין וואסער הארט ביי דער "נאטילוס". א צייל וואסער האט זיך אויפגעהוי־בען פון דער עקספלאזיאן און מיר זיינען אלע אבגעשפריצט געווארען.

— ווארום שיסען זיי אויף אונז? — האב איך אויסגעשריען.

— בערוהיגט זיך, מיין הערר — האט זיך לענד אביסעל שפאטיש אבגע־רופען — זיי האבען דערזעהן דעם ריעזיגען נארוואל, וויא איהר האט אמאל אויך דיא "נאטילוס" אנגענומען, און זיי ווילען דיעזע שטאהלענע חיה טויטען.

— אבער זיי זעהען דאך דא מענשען, היינט וויא אזוי קענען זיי עס אנ־נעהמען פאר א טהיער? — האב איך געפרעגט.

— טאקי דערפאר גופא — האט לענד געענטפערט — שיסען זיי אויף אונז. זיי וויסען וואהרשיינליך מיט וועמען זיי האבען צו טהאן.

21טעם קאפיטעל

# דער מאַסען־מאָרד

דיא ארט און ווייזע וויא דער קאפיטאן האָט אזוי קאלטבלוטיג דערצעהלט דיא געשיכטע פון דער געזונקענער פאטריאָטישער שיף, דיא זאָנדערבארע בעוועגונג מיט וועלכע קאפיטאן נעמאָ האָט זיינע לעצטע ווערטער אויסגערעדט און דער נאָמען "ראכע־שיף", וואָס האָט אין צייט פון איהר עקזיסטענץ ארויפ־געיאָגט א שרעק אויף לאנד און לייט — דאָס אלעס האָט אויף מיר א טיעפען איינדרוק געמאכט. איך האָב ניט געקענט אראָבנעהמען דיא אויגען פון קאפיטאן נעמאָ, וועלכער איז געשטאנען קוקענדיג מיט ברענענדע אויגען אויף דער הים־טאָרישער רואינע. פיללייכט וועל איך קיינמאָל ריכטיג ערפאהרען ווער דיעזער קאפיטאן איז, פון וואנען ער קומט און וואוהין ער ציעלט, אָבער וואָס ווייטער בין איך אלץ מעהר איבערצייגט געוואָרען, אז ער און זיינע חברים, דיא מאנ־שאפט פון דער "נאָטילוס" האלטען זיך אָבגעזונדערט פון דער וועלט אין דיא טיעפענים פון מעער איבער א שרעקליכען מענשען־האס, א האס וואָס קען פיללייכט קיינמאָל ניט געשטילט ווערען. זוכט דיעזער מערקווירדיגער מאן אויך צו נעהמען ראכע פון אימיצען? איז דיא "נאָטילוס" אויך א "ראכע־שיף"? זוכט זיא יעמאנדען צו בעזיעגען אָדער פערניכטען צוליעב א געוויסען אידעאל? דיא נעכסטע צוקונפט האָט מיר בעוויזען, אז דאָס איז טאקי אזוי.

דיא "נאָטילוס" איז ארויפגעקומען צוריק אויף דער אָבערפלעכע פון ים און איך האָב עס באלד דערשפירט. אין דיעזען אויגענבליק האָט זיך געהערט א דונער־קראך. איך האָב א קוק געטהאָן אויף'ן קאפיטאן און איך האָב געזעהן אז ער שטעהט אויף איין אָרט אונבעוועגט.

— קאפיטאן!, — האָב איך אויסגעשריען.

אָבער ער האָט מיר ניט געענטפערט און האָט זיך זאָגאר ניט אומגעקוקט.

איך האָב איהם איבערגעלאָזט און בין ארויף אויף'ן דעק. נעד לענד און קאָנסייל זיינען שוין דאָרט געווען.

— פון וואנען איז עס געקומען דער קראך? — האָב איך זיי געפרעגט.

— דאָס איז געווען א שאָס פון א קאנאָנע! — האָט דער קענעדע'ר גע־ענטפערט.

איך האָב א קוק געטהאָן און געזעהן אז יענער דאמפפער וועלכען איך האָב פריהער בעמערקט קומט נעהענטער צו אונז. ער איז געווען אומגעפעהר זעקס מייל ווייט פון דער "נאָטילוס".

— וואָס איז עס פאר א שיף, פריינד לענד? — האָב איך געפרעגט.

— וויא עס זעהט אויס — האָט לענד געענטפערט — איז עס א קריעגס־

האָבען געדיענט אלס צייגניס, אז עס זיינען שוין פיעלע יאָהרען פאָריבער זייט דיא שיף איז געזונקען.

וואָס איז עס פאר א שיף? ווארום איז דיא "נאָטילוס" צו איהר געקומען אויף א בעזוך? איז זיא אליין אונטערגעגאנגען דורך א געוויסע סבה אָדער האָט איהר א שונא געזונקען? דאָס איז פאר מיר געווען א רעטעניס, וועלכע איך האָב ניט געקענט ערקלערען. וויא איך בין אזוי געשטאנען פערטראכט און געקוקט אויף דער פעראונגליקטער שיף, האָב איך דערהערט קאפיטאן נעמאָ'ס שטימע רוהיג רעדענדיג לאנגזאם און שטיל:

— אמאָל איז דיעזע פראנצויזישע שיף גערופען געוואָרען "מארסעליי". זי איז ארונטערגעלאָזען געוואָרען אין וואסער אין יאָהר 1762 און האָט געטראָגען פיער און זיעבציג קאנאָנען. דעם 13טען אוגוסט פון יאָהר 1778, וועהרענד לא פאָיפ ווערטריע האָט זיא קאָמאנדירט האָט זיא העלדיש געקעמפפט געגען דער ענגלישער קריעגס-שיף "פרעסטאָן". דעם פיערטען יולי, 1779 האָט זיא צוזאמען מיט דער פלאָטע פון אדמיראל עסטיינג איינגענומען דיא פעסטונג פון גראנאדא. דעם פינפטען סעפטעמבער פון יאָהר 1781 האָט זיא אנטהייל גענומען אין דער מלחמה געגען ענגלאנד מיט גראף דע גראסע אין שעסאפיק בעי. אין יאָהר 1794 האָט דיא פראנצויזישע רעפובליק געענדערט איהר נאָמען. דעם 16טען אפריל פון זעלבען יאָהר האָט זיא זיך אָנגעשלאָסען צו דער פלאָטע פון ווילארע דזשאָיעס, וועלכע האָט געפיהרט געטריידע פון אמעריקא נאָך פראנקרייך, אונטער דיא קאָמאנדע פון אדמיראל וואן סטאבעל. דיעזע שיף האָט זיך קורץ נאָכדעם צוזאמענגעטראָפען מיט א שטארקע ענגלישע פלאָטע און עס איז ענטשטאנען א פורכטבארער קאמפף. היינט איז דער ערשטער יוני, 1868. גראדע מיט 74 יאָהר צוריק האָט אויף דיעזען פלאץ דער קאמפף פאסירט. מעהר וויא א דריטעל פון דיא מאנשאפט פון דיעזער שיף זיינען שוין געווען אויסגעשלאכטעט אָדער טויטליך פערוואונדעט. לענגער איז שוין ניט מעגליך געווען צו שטעהן געגען דעם מעכטיגען שונא. איידער זיך אונטערגעבען, האָט דער קאָמאנדיר פון שיף געהייסען דורכבויערען אין איהר א לאָך און זיי האָבען איהר געזונקען אין ים מיט דער פרייהייטס פלאג אויסגעשטעלט. איהרע 356 מאטראָזען זיינען פערשוואונדען געוואָרען אונטער דיא כוואליעס פון ים אויסשרייענדיג: "עס לעבע דיא רעפובליק!"

אָה, מיין גאָט! — האָב איך אויסגעשריען — דאָס איז אלזאָ דיא בעריהמטע פאטריאָטישע ראכע-שיף!

— יא, מיין הערר, דיא ראכע-שיף! א שעהנער נאָמען, ניט וואהר? — האָט קאפיטאן נעמאָ געמורמעלט מיט א טיעפען געפיהל פערלעגענדיג זיינע הענד איינע אויף דיא אנדערע.

אויף איבערמאָרגען, דעם ערשטען יולי, איז דיא "נאָטילוס" דעם גאַנ־צען טאָג אומגעשוואומען הין און צוריק, אזוי וויא זיא זאָל זוכען ערגיץ א פאסענדען אָרט אָבצושטעלען זיך. מיך האָט עס שטארק אינטערעסירט און איך האָב נאָכגעקוקט איהר יעדע בעוועגונג. מיטאָג־צייט איז קאפיטאן נעמאָ אליין ארויפגעגאנגען אויף'ן פלאטפאָרם אויפצונעהמען דיא צייכענס פון דער זונן־שטאנד. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין אומעטיג און ער האָט מיך זאָגאר ניט בעגריסט. וואָס זאָל עס בעדייטען? ווארום איז ער עפּעס אזוי צוטראָגען? דאָס האָב איך ניט געקענט פערשטעהן. דער ים איז געווען רוהיג, דער וועטער פראכטפאָל שעהן. אומגעפעהר אכט מייל ווייט פון אונז האָבען מיר געזעהן א גרויסען דאמפפער, אָבער קיין פלאג האָבען מיר ניט געקענט בעמערקען אויף זיין מאסט און מיר האָבען דארום ניט געקענט וויסען צו וועלכע לאנד ער געהערט. איינינגע מינוטען איידער דיא זונן איז אונטערגעגאנגען האָט דער קאפיטאן אויף זיינע אינסטרומענטען בעאָבאכטעט דיא זונן און דיא ארומיגע געגענד. דיא שיף איז דאמאָלס געשטאנען רוהיג אין גאנצען אונבעוועגעט אויף'ן וואסער. נעמאָ האָט א היבשע ווייל געקוקט און געטראכט, דאן האָט ער אויסגעמורמעלט דיא ווערטער: "דאָ איז עס".

ער האָט זיך דאן אָבגעווענדעט און איז אראָבגעגאנגען אונטען. איך האָב געזעהן אז יענע דאמפף שיף האָט אונז בעמערקט און האָט זיך אומגעדרעהט אין אזא ריכטונג, אום שנעלער צו אונז צו קומען. איך האָב געוואָלט פער־בלייבען אויף'ן דעק און זעהן וואָס דאָ וועט זיין, ווען דיא צוויי שיפען וועלען זיך בעגעגענען, אָבער איך האָב באלד געהערט א סיגנאל אויף ארונטערצוגעהן. איך בין ארונטער אין זאאל און אין דיעזען מאָמענט האָב איך געהערט וויא דיא וואסער בעהאלטער ווערען אָנגעפילט און אונזער שיף איז געזונקען ביז צום גרונד פון מעער, אומגעפעהר ביי א 25 טויזענד פוס טיעף. אין זאאל איז געווען פינסטער, אָבער באלד זיינען דיא לאָדענס פון דיא פענסטער פונאנדער־גערוקט געוואָרען און דער גרונד פון ים איז העל בעלויכטען געוואָרען פון דיא לאנטערנעס פון שיף וויינינגסטענס אויף א האלב מייל אין אלע זייטען ארום דער "נאָטילוס".

ביי דער רעכטער זייט פון דער שיף איז קיין זאך ניט געווען צו זעהן, אויסער דיא רוהיגע וואסערען, וועלכע זיינען ביים שיף געווען בעלויכטען און וויטער האָבען זיי זיך געצויגען אין א ווייטע דונקעלהייט. אָבער א קוק טהאָנדיג לינקס, האָב איך באלד דערזעהן א גרויסע רואינע, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט מושעלען און האָט אויסגעזעהן, אזוי וויא זיא זאָל זיין איינגעוויקעלט אין א מאנטעל פון שנעע. בעטראכטענדיג בעסער יענעם געגענשטאנד, האָב איך דערקענט אז דאָס איז א דערטרונקענע שיף, וועלכע ליגט שוין געוויס אויף'ן גרונד פון ים זייט יאָהרען. דיא מושעלען מיט וועלכע זיא איז געווען בעדעקט

אן אונענדליכע שלאנג האט זיך דיא געפאנצירטע דראטען־שטריק געצויגען איבער'ן גרונד פון מעער. מושעלען האבען איהר בעדעקט ארום און ארום און דער עלעקטרישער שטראם איז דורך איהם געלאפען אונגעשטערט, איבערגעבענדיג א דעפעשע פון אמעריקא נאך אייראפא אין פערלויף פון אביסעל מעהר וויא דריי סעקונדען. איך האב ניט געצווייפעלט אז דיעזער קייבל איז עכט דויערהאפט, ווייל דיא גוטא־פערטשע — דער זארט גומע מיט וועלכען ער איז בעצויגען — ווערט שטארקער ליגענדיג אין ים־וואסער. אויסערדעם איז דער קייבל אזוי געלעגט, אז ער קען זיך ניט צוברעכען אדער צורייסען.

דיא "נאטילוס" איז געפאהרען אין דיא זעלבע ריכטונג וויא דער אונטערוואסערדיגער טעלעגראף דראט איז געלעגען, ביז מיר זיינען דעם 28טען מאי געקומען צו דעם פלאץ וואו דיא ערשטע קייבל האט אין יאהר 1863 געפלאצט. ווייטער איז אין גרונד פון ים געווען א טיעפער טהאל, פיליכט הונדערט מייל ברייט. אין אסטען האט זיך דיעזער טהאל געגרענעצט מיט א וואנד ביי צוויי טויזענד איילען הויך. מיר זיינען דאמאלס געווען בלויז 120 מייל ווייט פון דיא אירלענדישע ברעגען.

וואוהין קאפיטאן נעמא ציעלט מיט זיין רייזע האב איך ניט געקענט וויסען. צו מיין איבערראשונג האט ער דיא שיף אבגעקירעוועט צו דרום זייט, צוריק אין דיא אייראפעאישע וואסערען. מיר זיינען פערבייגעפאהרען דעם לייכט־טהורם פון קייפ־קליר, וועלכער ווארפט א ליכט פאר דיא טויזענדע שיפען וואס לויפען פון ליווערפול און גלאזגאו. א וויכטיגע פראגע איז דאן אריינגעלאפען אין מיין מח: דענקט דער זאנדערבארער קאפיטאן צו פיהרען דיא "נאטילוס" אין ענגלישען קאנאל ביי א ברעג פון פראנקרייך? נעד לענד, וועלכער איז א היבשע צייט געווען אבגעזונדערט פון אונז, האט זיך ערשט וויעדער בעוויזען און ער האט מיך פערמאטערט מיט דיעזער פראגע, אבער וואס האב איך איהם דערויף געקענט ענטפערען? קאפיטאן נעמא האט זיך נאך אליז ניט געלאזט זעהן. ווען איך וואלט איהם געווען זעהן וואלט איך איהם פיליכט געפרעגט, אבער וויסען אויסוויינינג וואס ביי איהם אין הארצען איז, האב איך געוויס ניט געקענט. פיליכט וועט ער מיר געבען א געלעגענהייט א קוק צו טהאן אויף א פראנצויזישען ברעג און פיליכט ניט.

דעם דרייסיגסטען מאי זיינען מיר געקומען ניט ווייט פון לענד'ס ענד, צווישען דעם גרענעץ פון ענגלאנד און דיא סצילי אינזלען, וועלכע זיינען אונז פערבליבען אין דער רעכטער זייט. אויב דער קאפיטאן דענקט אריינפאהרען אין ענגלישען קאנאל, האט ער געדארפט פאהרען נאך אסטען, אבער ער האט עס ניט געטהאן און איך האב פארלויפיג קיין אויסזיכט געהאט צו זעהן אירגענד וועלכען ברעג פון מיין פאטערלאנד.

סיירוס פיעלד, א רייכער מאן, וועלכער האָט פאר דיעזע אידעע זיין גאנצען פערמעגען געאָפּפערט איז געווען פעסט ענטשלאָסען אלע מעגליכקייטען אָנצור־ווענדען און דיא זאך בריינגען אין פאָלקאָמענהייט. ער האָט איינגעזעהן וואָס פאר א נוצען דאָס וועט בריינגען, ווען דיא צוויי וועלט־טהיילען, אמעריקא און אייראָפּא וועלען זיין פערבונדען און ער האָט געארבייט מיט לייב און לעבען דיא אידעע פון טעלעגראף אונטער'ן וואסער דורכצופיהרען.

הערר פיעלד האָט זיך ענערגיש גענומען און איהם איז געלונגען צו גרינדען א גרויסע קאָמפּאני מיט א ריעזען־קאפּיטאל און דיא נייע אונטערנעהמונג האָט זיך אָנגעפאנגען מיט מעהר ערפאהרונג און אונטער בעסערע אומשטענדען וויא די ערשטע צוויי. דיא ערשטע קייבלס זיינען געווען צו שוואך און זיי האָבען זיך איבערגעריסען. אויסער דעם איז דער עלעקטרישער שטראָם, וואָס מען האָט דורך דיא דראָטען דורכגעלאָזט, אָבגעהאקט געוואָרען אין מיטען ים צוליעב פערשיע־דענע סבות. מען האָט שוין דארום בעוואָרענט, אז אזעלכעס זאָל ניט קענען פאסירען. דיעזען מאָל האָט מען דעם דראָט ארומגעוויקעלט מיט געוויסע שטאָפען, בעשיצט אין א מעטאלענעם שייד, וועלכער איז פון אויבען בעצויגען געוואָרען מיט גומע. דיא שיף "גרעיט איסטערן" האָט דיעזען מאָל אויך גע־פיהרט דיא דראָטען. דעם 13טען יולי, 1866 איז דיא שיף ארויסגעפאָהרען, אום דעם קייבל אויסצולייגען. דיא ארבייט איז אָנפאנגס אָנגעגאנגען זעהר גוט. אָבער נאכהער האָט מען זיך ארומגעזעהן, אז דיא גומענע שייד ארום דראָט איז דורכגעלעכערט אזוי וויא מיט גרויסע טשוועקעס. דאָס האָט א פּאָר מאָל פּאַ־סירט און דער שולדיגער איז ניט ענטדעקט געוואָרען. קאפּיטאן אנדערסאָן, וועלכער האָט קאָמאנדירט דיא שיף, האָט בעקאנט געמאכט, אז אויב דער וואָס טהוט עס וועט ענטדעקט ווערען, וועט מען איהם זיכער אין ים ארייננשליידערען. פון דאמאָלס אָן האָט מען דעם קייבל מעהר ניט בעשעדיגט.

צעהן טעג שפּעטער, דעם 23טען יולי, וועהרענד דיא "גרעיט איסטערן" איז נעווען ניט מעהר וויא 500 מייל ווייט פון ניופאונדלענד האָט מען צו דער שיף טעלעגראפירט פון אירלאנד דיא נייעס וועגען דיא וואפען־שטילשטאנד וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען עסטרייך און פרייסען, אין דער מלחמה וואָס זיי האָבען דאמאָלס געפיהרט. דעם 27טען יולי איז דיא "גרעיט איסטערן" אָנגעקומען אין האפען פון הארט'ס קאָנטענט. דיא אונטערנעהמונג איז דאן גליקליך געענדיגט געוואָרען. דיא ערשטע דעפּעשע וואָס דיא יונגע אמעריקא האָט דורך דיעזען קייבל געשיקט צו דער אלטער אייראָפּא, איז בעשטאנען פון דיא ווערטער: "עהרע צו גאָט און הימעל און פריעדען און גוטער ווילען צו מענשען אויף דער ערד".

איך האָב ניט ערוואַרטעט צו זעהן דיא עלעקטרישע שטריק גאנץ און אין גאַנצען צושטאנד פּונקט אזוי וויא זיא איז ארויס גיי פון דיא פאבריקען, וויא

דעם 15טען מאי זיינען מיר אָנגעקומען צום זידליכען זייט פון ניופאונדלענד. ביי דיעזען ברעג פון ים איז דאָס וואסער בעדעקט פון אויבען מיט פערשיעדענע צוזאמענגעשוואומענע געגענשטענדע, וועלכע קומען אהין טהיילווייז מיט'ן גאָלף שטראָם פון דיא הייסע עקוואטאָר־לענדער, אָדער מיט דעם געגען־שטראָם וואָס לויפט פערביי דיא אמעריקאנישע ברעגען פון ווייטען נאָרד־פּאָל. דיעזע אָנגע־שוואומענע געגענשטענדע פערנעהמען א היבשע שטרעקע. דאָרט זיינען געוועזען צוזאמענגעשפּארט האָלץ, בוימער, פערשיעדענע פלאנצונגען און אויך טויטע קערפּער פון מאָלוסקען, פישען און אלערליי אנדערע ברואים, וועלכע זיינען צוליעב געוויסע סבות אויסגעשטאָרבען אָדער געטויטעט געוואָרען פון יענער אָדער אנדערע ים־טהיערע.

דיא טיעפקייט פון מעער איז אין יענע ערטער ניט גרויס, העכסטענס אייניגע הונדערט איילען. אָבער א ביסעל ווייטער נאָך זידען געפינט זיך א מין לאָך, א מין קעסעל־גרוב וואָס איז אריבער דריי טויזענד איילען טיעף. דער גאָלף־שטראָם פערברייטעט זיך דאָרט גאנץ ווייט. ער פערלירט דאָרט זיין געשווינדע שטראָמונג און זיין בעזאָנדערע טעמפּעראטור און ער פערוואנדעלט זיך אין א וואהרען מעער.

מיט צוויי טעג שפּעטער, וועהרענד מיר זיינען געוועזען 500 מייל ווייט פון הארט'ס קאָנטענט (א האפען אין ניופאונדלענד), אין א טיעפעניס פון אריבער אכט טויזענד פוס, האָב איך דערזעהען אן עלעקטרישען קייבעל, א פון דראָט געפלאָכטענע שטריק, ליגענדיג אויף'ן גרונד פון מעער. קאָנסייל האָט עס אויך געזעהן און ער האָט אָנפאנגס געמיינט, אז דאָס איז א ריעזען ים־שלאנג. אָבער איך האָב איהם ערקלערט דיא ווירקליכקייט וואָס דאָס איז אזעלכעס. דאָס איז אין אמת'ען געוועזען דער קייבל אָדער טעלעגראפישער דראָט וואָס פערבינדעט איירָאפּא מיט אמעריקא. איך האָב מיין דיענער דערצעהלט דיא געשיכטע פון דיעזע ניצליכע קונסט־שטיק:

— דער ערשטער קייבל אויף'ן גרונד פון אטלאנטישען ים איז געלעגט געוואָרען אין דיא יאָהרען 1857 און 1858. עס זיינען דורך איהם אריבערגע־שיקט געוואָרען ביי א פיער הונדערט דעפּעשען און דאן האָט ער אויפגעהערט צו ווירקען. פינף יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1863 האָבען אינזשינירען פערפער־טיגט אן אנדער קייבל, פיעל גרעסער און שטארקער אלס דער ערשטער. דער נייער קייבעל איז געוועזען 2000 מייל לאנג און האָט געוואויגען 4500 טאָן, אָדער ניין מיליאָן פונט. דיא לאנגע דראָטענע שטריק איז געפיהרט געוואָרען פון איירָאפּא נאָך אמעריקא אויף דער שיף "גרעיט איסטערן", אָבער דיא אינ־זשינירען האָבען דיא אונטערנעהמונג ניט געקענט פערפערטיגען און מען איז געצוואונגען געוועזען דיא גאנצע זאך אויפצוגעבען.

דיא אמעריקאנער האָבען אָבער דעם מוטה ניט פערלאָרען. א געוויסער

געפינען רוהיגעס וואסער, אָבער פאקטיש איז ניט אזוי געווען. דיא אויבערשטע וואסער־שיכטען זיינען געווען צופיעל אונרוהיג, צופיעל געיאָגט און געטריבען פון שטורם און דיא געוואלדיגע בעוועגליכקייט האָט דורכגעבראָכען דיא וואַ־סערען גאנץ טיעף. רוהע האָבען מיר ערשט געפונען, ווען מיר האָבען זיך ארונטערגעלאָזט ביי א 150 פוס טיעף. דאָרט איז געווען שטיל און רוהיג, אזוי רוהיג, אז קיינער וואָלט גאָר ניט געגלויבט, דאָס אין דער הויך וויטהעט א שטורם מיט זיין פורכטבארסטע מאכט.

20טעס קאפיטעל

## דיא שיף פון נקמה

דער פריהער בעשריבענער שטורם האָט אונזער שיף פערוואָרפען א שטיק ווייט נאָך אָסטען (מזרח זייט). יעדע האָפנונג צו אנטלויפען ביי אירגענד וועלכען האפען פון ניו יאָרק אָדער סעינט לאורענס איז דערמיט פערשוואונדען געוואָרען. דער אָרימער נעד לענד האָט אויס פערצווייפלונג און פערדרוס זיך צוריק געצויגען פון אונזער געזעלשאפט, אזוי וויא קאפיטאן נעמאָ. קאָנסייל איז דאן פערבליבען מיין איינציגער קאמעראד און פריינד מיט וועלכען איך האָב געקענט רעדען און פערברייננגען. אין דער ריכטונג וואו דיא "נאָטילוס" איז פון שטורם פערשטויסען געוואָרען, איז זיא געשוואומען אזוי וויא אָהן א בעשטימטען ציעל, אמאָל אויף דער אָבערפלעכע פון ים און אמאָל אונטער'ן וואסער.

אזוי זיינען מיר געפאָהרען עטליכע טעג נאָך אָסטען אָדער ריכטיגער גע־זאָגט: נאָך נאָרד־איסט. דיא געגענד ארום איז געווען בעדעקט מיט א געדיכטען נעבעל, וואָס קומט הויפזעכטליך דערפון וואָס דער אייז צושמעלצט און פילט אָן דיא לופט מיט פייכטקייט. פאר זעע־פאָהרער איז דער נעבעל אָדער טהוי אויפ'ן ים זעהר געפעהרליך. אָה, וויפיעל אונגליקען ווערען פעראורזאכט צוליעב דעם נעבעל! וויפיעל צוזאמענשטויסע צווישען שיפען קומען פאָר און וויפיעל שיפען ווערען צושמעטערט אָן פעלזען! דער גרונד פון ים אין יענע געגענד האָט אונז בעוויזען וואָס פאר א קאטאסטראָפען עס האָבען דאָרט פאסירט, וואָס פאר אן אונגליקען עס זיינען דאָרט געשעהן אין אזעלכע נעבעל וועטערען. דער גרונד פון מעער האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א שלאכטפעלד, בעדעקט מיט שטיקער פון דיא מענשען־אָפפער, וועלכע דער ים האָט פערשלונגען. דאָ און דאָרט האָבען זיך געזעהן גאנצע און צובראָכענע שיפען פון פערשיעדענע ארטען, וועלכע זיינען אונטערגעגאנגען מיט דיא מאנשאפט און פאסאזשירען. יענע געגענד איז איבערהויפט א געפעהרליכע און דאָרט טרעפען מעהר סַבּוֹת וויא אין אַנדערע געגענדען פון ים.

קענען צוברעכען א פעלזען אויף שטיקלאך, אָבער זיי זיינען ניט געווען אימ־שטאנד צו שאדען דער "נאָטילוס", וועלכע האָט זיך בעוועגט איבער זיי אָהן מאסטען און אָהן זעגלען, ניט שפירענדיג קיין געפאהר.

ביז פארנאכט איז דער שטורם נאָך שטארקער געוואָרען. איך האָב בע־מערקט צו דער זעלבער צייט דאָרט, אירגענד וואו ווייט, וויא א גרויסע שיף קעמפפט צווישען הימעל און וואסער. דאָס איז וואהרשיינליך געווען א דאמפ־פער פון דיא נויאָרק־ליווערפול ליניע, וועלכער איז געווען אין אזא גרויס געפאהר.

ווען עס איז נאכט געוואָרען האָט זיך דער גאנצער הימעל אָנגעצונדען אין פייער און פלאמען און דיא לופט איז געווען פול מיט אונאויפהערליכע בליצען. מיר זיינען בייגאהע דיא אויגען פערבלענדעט געוואָרען, וועהרענד קאפיטאן נעמאָ האָט ניט אָבגעווענדעט זיינע בליקען קוקענדיג מיט אזא צו־פריעדענהייט, אזוי וויא ער וואָלט מיט פערגניגען דיא זעעלע פון שטורם איינ־אטהעמען. שרעקליך איז דאָס ברויזען און ווישען איבעראל ארום אונז; עס קאָכען דיא געבראָכענע וועללען, דער שטורם־ווינד ברומט, דער דונער קלאפט און דער ווינד פייפט פון אלע זייטען מיט אן אונגעהויערע קראפט.

יא! דער גאָלף־שטראָם איז ווירקליך וויא מען רופט: "דער קעניג פון דיא שטורמס!" דיא פערשיעדענהייט פון דיא טעמפעראטור אין דיא לופט איבער איהם ברייננגט זעהר אָפט צו אזעלכע געפעהרליכע אויפרוהרען.

נאָך דעם שלאגס רעגען איז געקומען א רעגען פון פייער. יעדער טראָפען וואסער האָט זיך אָבגעשפיגעלט מיט פערשיעדענע שטראהלען אין דיא פייער־דיגע בליצען. מען וואָלט קענען מיינען, אז קאפיטאן נעמאָ איז דארום געבליבען זיצען אויף'ן דעק, אום צו געפינען א גיכען פאסענדען טויט. ביי איינע פון דיא שרעקליכע בעוועגונגען וועהרענד דיא "נאָטילוס" האָט זיך אויפגעשטעלט מיט דעם שטאָהלענעם שנאָבעל ארויף, אזוי וויא א בליץ־אבלייטער, האָב איך געזעהן, אז עס פליהען פון איהם לאנגע פונקען.

לענגער איז דאָס מיר ניט געווען מעגליך צו פערטראָגען און קריכענדיג אויף אלע פיער האָב איך עררייכט דיא פלאטע, אָבגערוקט און אראָבגעשטיגען אין זאאל. דאָס געוויטער איז יעצט געקומען צו דיא העכסטע שטופע און זאָגאר אינווענינג אין שיף איז ניט מעגליך געווען אויף דיא פיס זיך צו האלטען.

ארום האלבע נאכט איז קאפיטאן נעמאָ ארונטער געגאנגען. איך האָב גע־הערט וויא דיא וואסער־בעהאלטער ווערען אָנגעפילט און דיא שיף האָט זיך רוהיג אָנגעהויבען ארונטערצולאָזען אין דיא טיעפענים פון מעער.

דורך דיא אָפענע פענסטער פון זאאל האָב איך בעמערקט וויא גרויסע פיש זיינען אומגעשוואומען זעהר צושראָקען. אייניגע פון זיי זיינען פאר מיינע אויגען פון בליץ געטראָפען געוואָרען. דיא "נאָטילוס" האָט געזונקען אלץ טיעפער און טיעפער. איך האָב געמיינט אז ביי א פופציג פוס טיעף וועלען מיר

כמעט פערדאָפּעלט געוואָרען. דער שטארקער ווינד האָט זיך אלזאָ פערוואנדעלט אין א שטורם.

קאפּיטאן נעמאָ האָט דיעזען מאָל גראדע פערנומען א פּלאץ אויף'ן פּלאט־פאָרם, אָבוואָהל דער שטורם האָט געשטויסען און געשליידערט מיט א געוואל־דיגע מאכט. אום זיכער צו זיין, אז דיא מעכטיגע וועללען, וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען גאנץ הויך זאָלען איהם ניט ארונטערשלעפּען אין ים, האָט ער זיך אין האלבען קערפּער צוגעבונדען צום דעק. איך האָב אויך דאָס זעלבע גע־טהאָן, ווייל איך האָב געוואָלט זעהן דיא וואונדער וויא דער שטורם ארבייט איבער'ן וואסער און צו דער זעלבער צייט איז אויך געווען אינטערעסאנט צו זעהן וויא דער מערקווירדיגער מאן — קאפּיטאן נעמאָ, האָט קיין מורא זאָגאר פאר דיא קאפּריזען פון דיא אויפגערעגטע נאטור.

צוריסענע שטיקער וואָלקען זיינען, געיאָגט פון שטורם, געפלויגען ניעדע־ריג איבער'ן ים, וועלכער איז אויפגעקאָכט געוואָרען און האָט געברויזט און געשטורמט מיט שרעקליכען וואוטה. דיא כוואליעס האָבען זיך אויפגעהויבען אזוי וויא הויכע בערג. זיי זיינען געווען אזוי געדיכט, אז איך האָב גאָר ניט בעמערקט וויא זיי פאלען צוריק. זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פון 150 ביז 175 פוס הויך און עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז זיי שטעהן אזוי וויא גרויסע וואסער־בערג, וועלכע בעוועגען זיך און קעמפּפען איינע מיט דיא אנדערע. דיא "נאָ־טילוס" האָט זיך געקייקעלט איבער דיא וועללען און האָט זיך געבויגען, געדרעהט און געוואָרפען אין אלע זייטען. אזעלכע שטורמס האָבען פּאסירט דעם 23טען דעצעמבער, 1864. נאָכדעם וויא דער שטורם פון יענעם יאָהר האָט פערניכטעט דיא שטאָדט יעדאָ, אין יאפּאן, האָט ער איינגעדרונגען ביי דיא ברעגען פון אמעריקא און האָט אויך פערארורזאכט חורבנות.

ארום פינף אוהר האָט אנגעהויבען גיסען א שלאגס רעגען. עס האָט גע־גאָסען און געפליוכעט שטראָמענווייז. עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א גאנצער ים זאָל זיך גיסען פון אויבען ארונטער. דער געוואלטיגער שטורם האָט אויס־געבראָכען אליין שטארקער און שטארקער און איז געפלויגען מיט א שנעלקייט פון 45 איילען אין א סעקונדע. ביי אזא שטארקייט איז דער ווינד אימשטאנד געווען ארונטערצוררייסען הייזער, אראָבצוטראָגען דעכער, צוברעכען שטארקע מויערען און זאָגאר צושטערען גאנצע דערפער און שטעדט. קיין שיף, זאָגאר דיא שטארקסטע און בעסטע, איז דאמאָלס ניט געווען זיכער אויף'ן וואסער, און ווער ווייסט וויפיעל סבות עס האָבען יענעם טאָג פּאסירט. דיא "נאָטילוס" אָבער האָט אלעס רוהיג איבערגעטראָגען. עס איז אזוי וויא אן ערפאהרענער, בעריהמטער אינזשיניר האָט אמאָל געזאָגט: "דיא שיף וואָס קען זיך ניט שטעלען נעגען דיא מאכט פון מעער, דיא שיף וואָס קען ניט פערנעהמען דיא קאפּריזען פון דער נאטור, איז ניט ריכטיג געבויט". אזעלכע ברויזענדע וועללען

אין זיין לאגע, אויב איהר ווילט בעגרייפען זיינע געפיהלען, דאן שטעלט זיך דיא פראגע: וואס עס הייסט פרייהייטס־ליעבע, האס געגען שקלאפעריי, ראכע פאר אונטערדריקונג, און איבערהויפט נאך ביי אזא כאראקטער וויא דער קע־נעדע'ר וועלכער מוז טראכטען מאכען פלענער און פערזוכען —

— אייער נעד לענד — האט דער קאפיטאן ווידער אונטערבראכען מיינע ווערטער — מעג זיך דענקען, מאכען פלענער און פרובירען וואס ער וויל; צו מיר האט דאס גאר ניט. איך האב נאך איהם ניט געשיקט ער זאל אהער אויף מיין שיף קומען, און איך האלט איהם דא אויך ניט צוליעב פערגניגען. איהר, הערר ארונאקס, קענט אלעס בעגרייפען, זאגאר ווען מען רעדט וועניגער. מעהר האט איך אייך דארויף ניט וואס צו ענטפערען; און איך בעט אייך, אז היינטי־גער ערשטער געשפרעך וועגען דיעזען געגענשטאנד זאל אויך דער לעצטער זיין, דען א צווייטען מאל וועל איך זאגאר ניט וועלען אייערע רייד אויסהערען.

דערמיט בין איך ארויסגעגאנגען. אונזער לאגע איז נאטירליך פון דיעזען טאג אן געוועזען נאך וועניגער אנגענעהם. איך האב מיינע קאמעראדען גענוי ערקלערט דעם אינהאלט פון מיין געשפרעך מיט דעם קאפיטאן נעמא.

— יעצט ווייסען מיר וויניגסטענס וואס מיר האבען פון דיעזען מאן צו ערווארטען — האט לענד זיך אבגערופען — דיא "נאטילוס" קומט באלד ניט ווייט פון לאנג־איילאנד. מיר וועלען אנטלויפען זאגאר ביי דעם ערגסטען וועטער.

אבער דאס וועטער איז גראדע צו דיעזע צייט געווארען אימער מעהר געפעהרליך; עס האבען אנגעפאנגען זיך צו בעווייזען אלע בעוואוסטע צייכענס אז קירצליך וועט קומען אן אונגעוועהנליך גרויסער שטורם. דיא לופט איז געוועזען ווייסליך, אזוי וויא מילך־פארביג. ביי דיא ברעגען פון הימעל זיינען ביסלעכווייז פערמעהרט געווארען דיקע, פינסטערע וואלקענס. דיא כוואליעס פון מעער האבען אנגעפאנגען אויפצושטייגען אימער העכער. אויסער דיא שטורם־פויגלאך זיינען אלע אנדערע פערשוואונדען. דער באראמעטער צייגט, אז דיא גאנצע לופט איז פול מיט עלעקטריציטעט און באלד וועט זיך אנפאנגען א געוואלטיגער קאמפף פון דיא ערשיינונגען אין דער נאטור.

דאס געוויטער האט אויסגעבראכען דעם 18טען מאי, גראדע דאמאלס ווען אונזער שיף איז געשטאנען געגען לאנג־איילאנד, בלויז אייניגע מייל פון דעם נויארקער האפען. קאפיטאן נעמא איז דיעזעס מאל ניט אראבגעשטיגען וויא געוועהנליך אין דיא טיעפענים פון ים, אום דארט אין דיא שטילע רוהיגע וואסע־רען דעם שטורם אבצווווארטען. דיא "נאטילוס" איז אזוי וויא צו להכעיס דיא אויפגערעגטע וועללען פערבליבען אין דער הויך אויף דיא אבערפלעכע פון ים.

אנפאנגס האט מען געקענט רעכענען, אז דאס איז בלויז א שטארקער ווינד, וועלכער וועהט פון זיד־וועסט, מיט דיא געשווינדקייט פון עטליכע אין פיערציג פוס אין א סעקונדע. אבער ארום דריי אוהר נאכמיטאג איז שוין דיעזער ציפער

— דיא פרייהייט ? — האָט דער קאפּיטאן איבערגעפרעגט, זיך אויפהויבענדיג פון שטוהל.

— יא, מיין העדר, און גראדע וועגען דעם בין איך געקומען היינט מיט אייך רעדען. עס זיינען שוין זיעבען מאָנאטען פאָריבער זייט מיר געפינען זיך אויף אייער שיף, אצינד פרעג איך אייך אין דעם נאָמען פון מיינע קאמעראדען און פון זיך אליין : ווילט איהר אונז איביג צווינגען דאָ צו פערבלייבען ?

— הערר אראָנאקס, איך קען היינט אייך געבען נור דעמזעלבען ענטפער וויא דאמאָלס מיט זיעבען מאָנאטען צוריק : ווער עס קומט איינמאָל אויף דער "נאָטילוס", דארף איהר מעהר ניט פערלאָזען.

— דאָס הייסט גאנץ איינפאך, אז איהר מיינט צו האלטען אונז דאָ מיט געוואלט אלס געפאנגענע שקלאפען.

— פון מיינעטוועגען רופט עס וויא איהר ווילט.

— אָבער א שקלאף האָט אין דער גאנצער וועלט דאָס רעכט זיין גערויבטע פרייהייט צוריק צו שאפען און ער מעג אָנווענדען אלע מיטלען דערצו.

— און ווער נעהמט ביי אייך אוועק דיעזע פרייהייט ? — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט גאנץ גלייכגילטיג — האָב איך דען אייך געבונדען מיט א שבועה, אָדער זאָגאר מיט אן עהרענוואָרט איהר זאָלט דאָ פערבלייבען ? איהר, פון אייער זייט, מעגט אייך טהאָן וואָס איהר קענט.

— מיין הערר — האָב איך ערווידערט — ניט אייך און ניט מיר וועט זיין אנגענעהם וועגען דעם נאָך אמאָל צו רעדען. יעצט אָבער, ווען מיר האָבען שוין אָנגעפאנגען צו בעשפּרעכען דיא פראגע, איז גלייכער מיר זאָלען זיך דיא זאך גענויער ערקלערען. איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז דאָ האנדעלט זיך ניט וועגען מיין פערזאָן אליין. פאר מיר איז שטודירען און לערנען אזא טהייערע און וויכטיגע זאך צוליעב וועלכע איך וואָלט בערייט געווען אלעס אין דער וועלט צו פערגעסען. גראדע אזוי וויא איהר, בין איך ווילינ צו לעבען אָבגעזונדערט פון דער וועלט און ארבייטען פלייסיג און מיט פערגעניגען פאר דער וויסענשאפט, מיט דיא אונזיכערע האָפנונגען, אז פיללייכט וועט דיא וועלט אמאָל ערפאהרען פון מיר דורך א קעסטעל וואָס וועט ווער ווייס וויא לאנג זיך ארומטרייבען אויף דיא וועללען פון ים. מיט איין וואָרט : איך קען אייך בעגרייפען און בעוואונדערען און נאָכפאָלגען אייער ביישפּיעל אָהן פיעל פערדרוס. אָבער איך זעה, אז אין אייער לעבען געפינען זיך אירגענד וועלכע געהיימניסע, אייער לעבענסגעשיכטע איז פערבונדען מיט זאָנדערבארע סודות, אז איהר שטרעבט צו א געוויסען ציעל, וועלכער וועט פאר אונז פערבלייבען דונקעל און דארום וועלען מיר דאך אימער זיין פרעמדע אויף אייער שיף. דאָס מאכט אונזער לאגע זעהר ניט גוט, זעהר ניט בעקוועם, איינפאך אונערטרעגליך, זאָגאר פאר מיר, היינט ווער רעדט שוין וועגען מיין קאמעראד נעד לענד ? אויב איהר ווילט אריינגעהן

צו ווערען, אבי איך זאָל איינמאָל פאר אלע מאָל וויסען וואָס מיר האָבען פון דיעזען מאן צו ערווארטען.

— מיין הערר! — האָב איך קאלטבלוטיג געזאָגט — עס טהוט מיר לייד אייך צו שטערען, אָבער דיא זאך וועגען וועלכע איך וויל רעדען קען ניט אָבגעלייגט ווערען.

— וואָס איז עס, מיין הערר? — האָט נעמאָ איראָניש געענטפערט — האָט איהר פיליייכט געמאכט אן ענטדעקונג פון וועלכע איך וויים ניט? האָט איהר ערפונדען אירגענד וועלכע נייע וואונדער אָדער נייע סודות אין ים?

דער קאפּיטאן האָט אויף מיר א בליק געטהאָן און ער האָט וואהרשיינליך בעמערקט וויא אונצופריעדען איך בין מיט זיין אנטוואָרט. אָבער איידער איך האָב צייט געהאט נאָך עטוואָס צו זאָגען, האָט ער מיר אָנגעציינט אויף אן אָפּעַ־נעם מאנוסקריפּט אויף'ן טיש און ער האָט צו מיר געזאָגט אין אן ערנסטען טאָן:

— זעהט איהר, הערר אראָנאקס. דיעזעס בוך איז פערפאסט אין איינינע שפּראכען. עס ענטהאלט אין זיך אלע מיינע וויסענשאפטליכע ערפאהרונגען, וועלכע איך האָב געמאכט אין מיינע רייזען איבער פערשיעדענע ימים פון דער וועלט און א קורצע בעשרייבונג פון מיין לעבענס־געשיכטע. איך וויל אז דיעזע שריפטען זאָלען ניט געהן צו גרונד צוזאמען מיט מיר. דער לעצטער וואָס וועט איבערלעבען אלע אנדערע אין "נאָטילוס" וועט פאר זיין טויט דאָס בוך פער־פּאקען אין א קעסטעל וואָס קען ניט דערטרונקען ווערען, און אריינווארפען אין מעער, עס וועט שווימען איבער דיא וועללען ביז יעמאנד וועט עס געפינען.

אויף מיר האָבען דיעזע ווערטער געמאכט א טיעפען איינדרוק. דער ריכ־טיגער נאָמען פון דיעזען מערקווירדיגען מאן, זיין לעבענסגעשיכטע און זיין געהיימנים וועלען דאָך א מאָל ענטדעקט ווערען. איך האָב באלד בערעכענט אז גראדע דיעזער געשפּרעך איז א פּאסענדע געלעגענהייט, אום מיין וואונש צו ערקלערען.

— קאפּיטאן — האָב איך זיך אָבגערופען — איך קען נור זאָגען אז אייער אבזיכט איז פאָלקאָמען ריכטיג. דיא פרוכט פון אייער ארבייט דארף פאר דיא וויסענשאפטליכע וועלט ניט פערלאָרען געהן. אָבער גלויבט איהר עס צו עררייכען דורך אזא מיטעל? ווער וויים וואו דער ווינד וועט דעם קעסטעל מיט'ן בוך פערטראָגען? אין וועלכע הענד דאָס וועט אריינפאלען? איז דען ניט מעגליך פאר דיעזען ציעל א בעסערען פּלאן צו געפינען? קען פיליייכט יעמאנד פון אייערע לייטע, אָדער זאָגאר איהר אליין —

— אָה, ניין, דאָס ניט! — האָט נעמאָ מיינע רייד איבערגעשלאָגען.

— אָבער איך און מיינע קאמעראדען וואָלטען בערייט געווען אייער בוך ביטצונעהמען, און אויב איהר וואָלט אונז דיא פרייהייט צוריקגעבען —

— גוט! — האָב איך ענדליך ענטשלאָסען געזאָגט — איך וועל מיט איהם רעדען.

— אָבער ווען? — האָט דער קענעדע'ר אונגעדולדיג געפרעגט.

— ביי דיא ערשטע מעגליכקייט, ווען איך וועל איהם אָנטרעפען.

— הערר אראָנאקס, ווילט איהר, איך זאָל אויך אריינגעהן צום קאפּיטאן?

— אָה, ניין! איהר וועט נאָך אַלעס פערדארבען. לאָזט בעסער איבער דיא זאך צו מיר אליין. אלזאָ מאָרגען —

— איך קען ניט ווארטען אזוי לאנג. איך וויל, איהר זאָלט עס נאָך היינט טהאָן — איז לענד צוגעשטאנען.

— פון מיינטוועגען — האָב איך נאָכגעגעבען — וועל איך זיך נאָך מיט איהם היינט זעהן.

לענד איז פון מיר אוועקגעגאנגען. איך בין אויפגעשטאנען, מיט דעם אבזיכט אויפצוזוכען דעם קאפּיטאן. אויב שוין יאָ רעדען מיט איהם, ווארום אָבלעגען?

ווען איך בין אריינגעקומען אין מיין צימער, האָב איך געהערט וויא קאפּי־טאן נעמאָ געהט אום אין זיין קאיוטע הין און צוריק. דיעזע געלעגענהייט איהם צו טרעפען דארף איך ניט פערזאמען — האָב איך ביי זיך געטראכט. איך האָב זיך אָנגענומען מיט קוראזש און אָנגעקלאַפּט אין זיין טהיר. אָבער קיין אנט־וואָרט איז געקומען. איך האָב אָנגעקלאפּט נאָך אמאָל, אליין געעפענט דיא טהיר און בין אריינגעגאנגען.

איך האָב דעם קאפּיטאן געפונען זיצענדיג פערטיעפט ביי זיין ארבייטס־טיש. איך פערשטעה, אז ער האָט ניט געהערט מיין אָנקלאפּען אין טהיר און ער האָט אויך ניט בעמערקט מיין אריינקומען. אָבער איך האָב געהאט בעשלאָ־סען ניט אוועקצוגעהן מיט ליידיגען און איך בין צוגעטראָטען נעהענטער צום טיש. ער האָט זיך שנעל אומגעווענדעט צו מיר און אויף זיין געזיכט האָט זיך בעוויזען א מינע פון פערדרוס.

— איהר זיינט עס? — האָט ער געפרעגט מיט א טאָן פון אונאנגענעהמע איבערראשונג — וואָס פערלאנגט איהר פון מיר?

— איך האָב מיט אייך וואָס צו רעדען, קאפּיטאן — האָב איך געענטפערט א ביסעל צושראָקען.

— אָבער איהר זעהט דאָך, מיין הערר, אז איך בין בעשעפטיגט מיט נויטיגע ארבייט — האָט ער זיך בייזליך אָבגערופען — איך ערלויב דאָך אייך אויף מיין שיף אליין צו זיין ווען איהר ווילט און פיעל איהר ווילט, דארפט איהר דאָך וויינינגסטענס מיר אויך דיעזע פרייהייט פערגינען.

אזעלכע ווערטער האָבען מיר נאטירליך קיין מוטה ניט געקענט צוגעבען. אָבער איך בין געווען פעסט ענטשלאָסען אלעס אויסצוהערען, זאָגאר נעזידעלט

איבעררעדען מיט'ן קאפיטאן. פון שווייגען און פערלאָזען זיך אויף נסים וועט געוויס גאָר ניט זיין. אין איינינגע טעג ארום וועט דיא "נאַטילוס" אָנקומען קיין נאווע סקאָשע (ניי־שאָטלאנד), דאָרט וואו דער טייך סעינט לאורענס פאלט אריין אין מעער. דיעזער טייך איז מיין היימאטה'ס טייך. ביי זיין ברעג שטעהט מיין געבורטס שטאָדט. אָה! ווען איך עראינער זיך אָן דעם ווערט מיין הארץ אויפגעקאָכט, און איך זאָג אייך, מיין הערר, אז אויב עס וועט קיין אנדער אויס־זיכט ניט זיין וויא דאָ ווייטער צו פערבלייבען, וועל איך זיך ליעבער אין ים אריינוואַרפען!

וויא איך האָב געזעהן, האָט זיך אונזער קענעדע'ר אין גאנצען פערלאָרען. זיין געדולד האָט פאָלשטענדיג געפלאצט און ער האָט ווירקליך ניט געקענט איבערטראָגען דיא לאנגע געפאנגשאפט. איך האָב איהם שטארק בעדויערט און מיין הארץ האָט מיר וועה געטהאָן אויף זיינע ליידען. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט וויא ער ווערט געפייניגט, וויא ער ליידעט פון דיא בענקעניס, און טראכטענדיג וועגען איהם האָט זיך מיר אויך שטארק אָנגעהויבען בענקען אהיים. מיר איז שוין אויך זעהר אונאנגענעהם געוואָרען דאָס זיין אויף דער "נאַטילוס". דיא לעצטע צייט, זייט דער אונגליקליכער מאטראָז איז אומגעקומען דורך דיא אָק־טאָפּוּסען, איז אויף'ן שיף אומעטיג. דער קאפּיטאן איז פערטרויערט, בייז אויף דער וועלט, ווייזט זיך ניט פאר קיינעם, רעדט ניט מיט קיינעם און דאָס לעבען אויף'ן שיף איז שוין ווירקליך געוועזן א שווערע לאסט. דיא בעגייסטערונג פון אמאָל און דיא לוסט צו זעהן אלע מאָל נייע וואונדער איז שוין ביי מיר פאָריבער און איך האָב שוין אין יענעם מאָמענט חשק בעקומען פריי צו ווערען. בלויז אזא קאלטבלוטיגע נאטור וויא מיין האָלענדישער דיענער קאָנסייל האָט געהאט, האָט עס לענגער געקענט אויסהאלטען.

— נו, מיין הערר? — האָט לענד געפרעגט, זעהענדיג אז ער בעקומט פון מיר קיין אנטוואָרט.

— איך האָב דאָך אייך שוין אמאָל געזאָגט, אז עס לוינט פּילייכט ניט צו רעדען מיט'ן קאפּיטאן דעריבער. ווילט איהר נאָך אלץ אז איך זאָל איהם פרעגען, אויב ער וועט אונז פריי לאָזען?

— יא, מיין הערר. אויב איהר ווילט ניט רעדען פאר אייך אליין און פאר אייער דיענער, דאן רעדט מיט איהם פון מיינעטוועגען.

— אָבער איך זעה איהם ניט דיא לעצטע צייט און איך האָב קיין געלע־גענהייט מיט איהם צו רעדען. איך האָב שוין איינינגע מאָל געוואָלט פערפיהרען מיט איהם א געשפּרעך, אָבער ער מיידט מיך אויס.

— דאָס מאכט ניט אויס. אויב איהר ווילט נור מיט איהם רעדען, קענט איהר אין זיין ציטער אריינגעהן.

פון גאָלף־שטראָם ענטהאלט אין זיך אזא גראד טעמפעראטור וויא דאָס בלוט אין א מענשליכען קערפער. דיא ברעגען פון דיא אייראָפּייאישע לענדער קענען זיך אויספוטצען מיט דיא שעהנסטע גרינסען נור דורך דיעזע ווארעמקייט וואָס ער פיהרט מיט זיך.

דער גאָלף־שטראָם איז אזוי צוזאמענגעדריקט פון דעם ארומיגען מעער, אז זיינע וואסערען זיינען א רעכט ביסעל העכער. מיט זיין בלויען פארב אונ־טערשיידעט ער זיך אויך בעדייטענד פון דיא גרינע מעער־וואסערען. בייגאכט בליצט דער גאָלף שטראָם מיט א פאָספאָר־קאָליר.

דעם 8טען מאי זיינען מיר געפאָהרען פערביי קייפּ האטעראס געגען דיא נאָרד־קאראָלינען, וואו דער גאָלף־שטראָם איז פינף און זיעבציג מייל ברייט און מעהר וויא צוויי הונדערט איילען טיעף. דיא "נאָטילוס" פאָהרט נאָך אימער אָהן א בעשטימטען פלאן און גאנץ לאנגזאם. דאָס מעער אין דיעזע געגענדען איז שטענדיג בעזוכט פון גרעסערע און קלענערע דאמפּפער, וועלכע לויפען צווישען ניו יאָרק אָדער באָסטאָן און דער גאָלף פון מעקסיקאָ. און אָבוואָהל מיר געפינען זיך ביי א דרייסיג מייל ווייט פון נעכסטען ברעג, דאָך זיינען דיעזע פערהעלטניסע זעהר גינסטיג אויסצופיהרען אונזער פלאן, פון שיף צו אנטלויפען.

אונגליקליכער ווייזע שטערט אונז יעצט א זאך געגען וועלכע מיר קענען זיך גאָר קיין ראטה ניט געבען. אין דיעזע ים־געגענדען הערשען אימער גרויסע שטורמס און יעצט איז אויך דער וועטער אזוי שלעכט אז מיר קענען אויף קיין פאל ניט ריזיקירען זיך אראָבצולאָזען אין מעער אויף א קליינע שיפעל. דיא נעפאהר אומצוקומען אין דיא וועללען וואָלט אונז דאן זיכער בעגעגענט. נעד לענד האָט דאָס אויך איינגעזעהן און ער איז אין א טיעפע מעלאנכאָליע אריינגעפאלען.

— מיין הערר — האָט ער צו מיר געזאָגט — דיא זאך מוז שוין אן ענדע נעהמען. איך קען שוין מעהר ניט דולדען. איך קען עס ניט אריבערטראָגען און מיר מוזען איינמאָל פאר אלע מאָל מאכען א סוף. אייער קאפּיטאן נעמאָ פאָהרט יעצט ווידער אוועק פון דיא בעוואָהנטע געגענדען אין דיא ריכטונג פון וויסטען נאָרדען. אָבער פאר מיר איז שוין מעהר וויא גענוג אז איך בין געוועזען ביי'ם זיד־פּאָל. איך וועל צום נאָרד־פּאָל פאר קיין פאל ניט מיטפאָהרען.

— אָבער וואָס זאָלען מיר טהאָן, פריינד לענד? — האָב איך געפרעגט — זעהט איהר ניט, אז יעצט איז ניט דיא צייט צו דענקען וועגען אנטלויפען?

— מיר מוזען וועגען דעם דענקען, מיר מוזען וועגען דעם רעדען! — האָט לענד אין העכסטע אויפרעגונג אויסגערופען — ווען מיר וועלען אלץ ווארטען אויף מעגליכקייטען, אויף געלעגענהייטען, וועלען מיר זיך אייביג אויף קיין זאך ניט דערווארטען. איך בלייב ביי מיין מיינונג, אז מען דארף וועגען דעם

א טויטער קערפער. דיא שרובע איז פריי, אָבער זיא ארבייט ניט און לאָזט דאָס שיף זעגלען וויא דער ווינד יאָגט זיא.

אזוי זיינען פארבייגעגאנגען גאנצע צעהן טעג. ערשט דעם ערשטען מאי, ווען דיא "נאָטילוס" איז צופעליג געקומען ניט וויים פון דיא באהאמא אינזלען, ביים באהאמא קאנאל, האָט נעמאָ אנגענומען א בעשטימטע ריכטונג נאָך נאָרדען. מיר זיינען דאן געפאָהרען מיט'ן שטראָם פון דעם גרעסטען מעער־טייך, וועלכער האָט זיינע אייגענע ברעגען, אייגענע קלימאטען און בעזונדערע זאָרטען פיש. דאָס איז נעמליך געווען דער גאָלף־שטראָם וואָס פליסט דורך'ן אטלאנטישען אָקעאן. דאָס איז א ברייטער גרויסער טייך וואָס לויפט אין מיטען ים און זיינע וואסערען צומישען זיך ניט מיט דיא וואסער פון ים. דיא וואסער פון גאָלף איז פיעל געזאלצענער אלס דיא וואסער פון מעער דורך וועלכען ער שטראָמט. זיין טיעפענים איז דורכשניטליך ניין טויזענד פוס און ער איז אין מעהרסטע טהיילען ביי א צעהן מייל ברייט. אין מאנכע ערטער פליסט דער שטראָם מיט א שנעלקייט פון דריי מייל א שטונדע. וואסער ענטהאלט ער אין זיך מעהר וויא אלע טייכען פון דער וועלט.

מיר האָבען אין דעם גאָלף־שטראָם געזעהן פערשיעדענע לעבעדיגע זאכען. אלערליי פישען און ים טהיערע זיינען דאָרט אומגעשוואומען. מיר האָבען דאָרט בעגעגענט קליינע האי־פישען, בלויז דריי פוס לאנג, אָבער מיט זעהר גרויסע קעפ, לויט דיא פראָפּאָרציאָן פון זייער קערפער; וואסער פויגלאָך, וואָס האָבען מיט זייערע שעהנע קאָלירען און פארבען געקענט פערשעהמען אלע שעהנסטע פויגלאָך פון דער יבשה; ברואים וואָס האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא איינגעוויקעלט אין אלערליי פארביגע סטיינגעס (ריבאָנס) און נאָך פערשיעדענע בעשעפעניסען, וועלכע זיינען געווען שעהן פאר'ן אויג. איך מוז זאָגען, אז דער פראכט און גלאנץ וואָס האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין יענע וואסערען האָבען פערדונקעלט דיא עלעקטרישע שיין פון דער "נאָטילוס".

דער גאָלף שטראָם אָדער מעער־טייך וואָס פליסט דורך'ן אטלאנטישען אָקעאן האָט א זאָנדערבארע אייגענשאפט. ער איז דער טעמפּעראַטור רעגולאַטאָר פון דיא ווארימע וואסערען אין דיא הויכע געגענדען מיט דיא פערפראָהרענע ימים אין קאַלטען נאָרדען. זיין טעמפּעראַטור איז א מעסיגע און ער שפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין אויסגלייכען דיא טעמפּעראַטור.

ארום מיטאג צייט בין איך מיט קאָנסייל'ען געזעסען אויף'ן פּלאַטפאָרם און איך האָב איהם ערקלערט דיעזע בעזאָנדערע אייגענשאפט פון דעם גאָלף־שטראָם, זאָגענדיג ער זאָל פּרובירען אריינשטעקען זיין האנד אין וואסער. קאָנסייל איז זעהר פערוואונדערט געוואָרען אלס זיין האנד האָט ניט געשפּירט אין וואסער קיין ווארעמקייט און קיין קעלט.

— דאָס קומט דערפון — האָב איך איהם ערקלערט — ווייל דאָס וואסער

נעווארען. ער איז באלד אויפגעשפרונגען, און האט אריינגעשטעקט זיין האר־פון אין "מאנסטער'ס" ברוסט און האט דורכגעלעכערט זיין דרייפאכיגע הארץ.

— איך וועל מיך אליין קאמליפענטירען פאר דיעזע רעטונג! — האט קאפיטאן נעמא געזאגט.

לענד האט זיך פערניינט אלס צייכען פון דאנקבארקייט.

דער קאמפף האט געדויערט מעהר וויא א פיערטעל שטונדע. צוהאקט, צוקלאפט און האלב פערניכטעט זיינען דיא פירכטליכע ברואים ענדליך פער־שוואונדען געווארען אין דיא טיעפענים פון ים. קאפיטאן נעמא איז אבגעטונקט אין בלוט פערבליבען שטעהן אונבעוועגליך ביים ברעג פון דעק, האט שטארק בעזארגט געקוקט אויף דיא וואסערען, וועלכע האבען פערשלונגען איינעם פון זיינע לייטע, און גרויסע טראפען טרעהרען זיינען געפאלען פון זיינע אויגען.

## 19טעם קאפיטעל

# דער גאלף־שטראם

דיעזע פירכטליכע סצענעס פון 20טען אפריל וועט קיינער פון אונז ניעמאלס פערגעסען. ווערהרענד איך בעשרייב יעצט ריכטיג יענע בעגעבענהייטען שטעלען זיי זיך נאך אמאל פאר אין מיינע געדאנקען אין זייער גאנצע גרויזאמקייט, אבער איך ווייס אז קיין פעדער איז ניט אים שטאנד דיעזע שרעקעניסען געטריי אבצושילדערען. דער שמערץ פון קאפיטאן נעמא איז געוועזען זעהר גרויס. יעצט האט ער נאך איינעם פון זיין מאנשאפט פערלארען. און דורך וואס פאר א מורא'דיגען טויט! צוקוועטשט, צודריקט, צוריסען פון אן אבשייליכעם טהיער, האט ער געפונען זיין קבר ניט אויף דעם שטילען קאראלען־בית־עולם פון מעער־גרונד, זאנדערן אין בויך פון אן עקעלהאפטען מאלוסק!

אויף מיר האט דער פערצווייפלונגס־געשריי פון דעם אונגליקליכען גע־מאכט א הערץ־רייסענדען איינדרוק. אין דער מינוט פון טויטליכע אנגסט האט ער גערופען אויף זיין מוטער־שפראך. איך האב אלזא געהאט א הײמאטס־גע־נאסע צווישען דיעזע לייטע, וואס זיינען דעם קאפיטאן נעמא איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע! איז ער געוועזען דער איינציגער זוהן פון פראנקרייך אין דיעזע געזעלשאפט וואס איז צוזאמענגעמישט פון פערשיעדענע נאציאנען? אויף דיעזע פראגע האב איך קיינמאל קיין ריכטיגע ערקלערונג ניט ערהאלטען.

קאפיטאן נעמא האט זיך צוריק געצויגען אין זיין צימער און איינינע צייטען האב איך איהם ניט געזעהן. אבער אז ער איז טרויעריג פערצווייפעלט און אז זיין זעעלע איז פערפינסטערט מיט דיא ערנסטע פיין בעווייזט מיר דער יעצטיגער גאנג פון דער "נאטילוס". אונזער שיף פאהרט ניט מעהר נאך א בעשטימטע ריכטונג, זאנדערן טרייבט זיך ארום איבער דיא וועללען אזוי וויא

לײדינג און מיר קלאפּפען און האקען אין דיא פלייש־מאסען, וואו נור מיר טרע־פּען. דיא לופט איז שוין דורכגענומען מיט דעם גערוך פון דיא פּעטע פלייש־מאסען. עס איז געווען שרעקליך, שוידערליך!

איין אויגענבליק איז א שטראהל פון האָפנונג דורכגעלאָפען אין מיין מח און איך האָב געדענקט אז מיין לאנדסמאן איז גערעטעט. זיעבען הענד פון דער אומגעלומפּערטער חיה זיינען שוין געווען אָבגעהאקט. עס איז בלויז פער־בליבען איינע, וועלכע האָט זיך געטרייסעלט ארום איהר אָפּפער, וואָס האָט זיך געצאפּעלט אין דער לופט. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער קאפּיטאן און זיין לייטענאנט זיינען צוגעלאָפען ברייננגען דיא לעצטע הילף צו זייער קאָלעגע, האָט דער "מאָנסטער" פון זיך ארויסגעלאָזט א שטראָם פון א דיקע שווארצע פליסיגקייט גראדע אין אונזערע געזיכטער און דאָס האָט אונז דיא אויגען פער־בלענדעט. ווען דער שווארצער שטראָם איז פאָריבער און מיר האָבען אונזערע אויגען געעפענט, איז שוין דאָס צוהאקטעס טהיער מיט מיין אונגליקליכען לאנדסמאן פערשוואונדען.

צעהן אָדער צוועלף פון דיא פירכטליכע ברואים האָבען נאָך אלץ בעזעצט דעם דעק פון שיף און האָבען מיט זייערע שרעקליכע שלאנגען־הענד געזוכט צו כאפּען נאָך אָפּפער. פערצווייפעלט האָבען מיר געהאקט רעכטס און לינקס און מאסען צוהאקטע שטיקער זיינען געפאלען אין אלע זייטען. דיא העסליכע גליעדער האָבען זיך געצאפּעלט אויף'ן פּלאטפאָרם אין א טייך בלוט און טינט, וועלכע דיא קאָטל־פישען האָבען פון זיך ארויסגעלאָזט, אום צו פערבלענדען אונז דיא אויגען.

עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דיא קלעפּעדיגע שלאנגען־הענד פון דיעזע מיאוס'ע ברואים וואקסען אָן אויף דאָס ניי אויף זייערע קעפּ. נעד לענד האָט געציעלט מיט זיין הארפּון אין דיא גראָה־גרינע אויגען פון דיא שרעקליכע מזיקים און עס איז איהם געלונגען איינינע פון זיי אויסצושטעכען. דער קענע־דע'ר איז אפילו געווען געשיקט און פאָרזיכטיג געווען, דאָך האָט ער פון גרויס אויפרעגונג אין פערצווייפלונג ניט בעמערקט וויא א האנד פון איינעם פון דיא טהיערע האָט זיך אויף איהם פלוצלונג אראָבגעלאָזט און ער איז געפאלען צום באָדען.

אך! מיין הארץ איז שיער צופּלאצט געוואָרען פון שרעק און אנגסט. איך האָב געזעהן וויא דער שנאָבעל פון דער חיה איז שוין געווען אָפען. נאָך א מאָ־מענט און מיין קאמעראד איז פערלאָרען. נאָך איין אויגענבליק און דער אָרימער קענעדע'ר ווערט צוריסען אין שטיקער! איך בין געלאָפען איהם רעטען, אָבער קאפּיטאן נעמאָ איז פריהער צוגעלאָפען. זיין האק איז טיעף איינגעזונקען אין דיא גרויסע באקען פון טהיער און לענד איז וויא דורך א וואונדער גערעטעט

טראָפּען צעהן מאַן, וועלכע זיינען שוין געווען בעוואפּענט מיט העק אין דיא הענד. איך און קאָנסייל האָבען אויך גענומען העק און נער לענד זיין הארפּון.

דיא "נאָטילוס" איז שוין אין יענעם מאָמענט געשטאנען אין דער הויך אויף'ן וואסער. איינער פון דיא מאַטראָזען איז ארויף אויף דיא אויבערשטע טרעפּ און האָט אָנגעפאנגען עפענען דיא פּלאטען. קוים האָט ער נור בעוויזען דעם לעצטען שרויף אָבצושרויפען, איז דיא אייזערנע פּלאטע מיט געוואלד אויפגעריסען געוואָרען פון דיא הענד פון דיא קאָטל־פיש, וואָס האָבען זיך צו איהר צוגעזויגען.

אין דעם נעכסטען אויגענבליק האָט זיך אריינגעלאָזט איינע פון דיעזע אָבשייליכע לאנגע הענד אזוי וויא אן אונגעהייער גרויסע שלאנג. נאָך א צוואנציג אנדערע האָבען זיך באלד אָנגעהויבען דרעהען און רינגלען אויבען איבער'ן דעק. קאַפּיטאן נעמאָ האָט דערלאנגט א שטארקען זעץ מיט זיין האק און דיא פירכטליכע האנד איז אראָבגעפאלען צאפּלענדיג זיך אונטער דיא טרעפּ.

אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען מיר האָבען זיך געשפּארט און געדרונגען ארויפצוקומען אויף'ן דעק, האָבען זיך ארונטער געלאָזט צוויי אנדערע הענד דורכשניידענדיג דיא לופט און האָבען אָנגעגריפען א מאַטראָז וואָס איז געשטאנען נעבען קאַפּיטאן נעמאָ. דער מאַן איז אויגענבליקליך אויפגעהויבען געוואָרען אין דער לופט.

קאַפּיטאן נעמאָ האָט ארויסגעלאָזט א פירכטליכען געשריי. ער איז שנעל ארויסגעלאָפען און מיר אלע נאָך איהם.

וואָס פאר א מורא'דיגע, וואָס פאר א שוידערליכע סצענע עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט פאר אונזערע אויגען! דער אונגליקליכער מאַטראָז איז צוזאמענגעדריקט געוואָרען אין דיא שלאנגען הענד פון דעם העסליכען מאָלוסק. זיינע באנקעם האָבען זיך איינגעזויגען אין מאַן'ס קערפּער און דיא פירכטליכע בריאה האָט איהר אָפּפער געשאָקעלט אין דער לופט. דער מאַטראָז האָט געשריען מיט א פערשטיקטען קול: "רעטעט! רעטעט!" דיעזע ווערטער זיינען צו מיין העכסטע איבערראשונג אויסגעשפּראָכען געוואָרען אין דער פראנצויזישער שפּראך. אלזאָ געפינט זיך אויף דער "נאָטילוס" איינער פון מיינע לאנדסלייט און פיליייכט זיינען נאָך דאָ מעהרערע. זיינע הערצרייסענדע געשרייען וועל איך מיין גאנצען לעבען ניט קענען פערגעסען.

דער אונגליקליכער איז פערלאָרען! ווער איז דען אימשטאנד ארויסצורייסען איהם פון דעם קאָטל־פיש'ס מעכטיגע לאַפּעס? דער קאַפּיטאן איז צוגעלאָפען און האָט דעם "מאָנסטער" נאָך א האנד אָבגעהאקט. דער לייטענאנט האָט מיט שרעקליכען וואוטה געקעמפּפט מיט נאָך איינעם פון דער באנדע עקעלהאפטע ברואים, ביי דער זייט פון שיף. דיא גאנצע מאנשאפט ארבייטען פערצווייפעלט מיט העק. דער קענעדע'ר, קאָנסייל און איך שטעהען אויך ניט

מינוטען שפעטער איז קאפיטאן נעמא אריינגעקומען אין זאאל אין דיא בע־גלייטונג פון זיין לייטענאנט.

איך האב שוין דעם קאפיטאן א רעכטע צייט ניט געזעהן און ווען איך האב ערשט אויף זיין געזיכט א בליק געטהאן, האב איך בעמערקט, אז ער איז פער־דריסליך. ניט רעדענדיג א ווארט, זאגאר ניט קוקענדיג אויף אונז, איז ער צו־געגאנגען צום פענסטער, האט בעטראכט דיא שרעקליכע טהיערע און האט גע־זאגט אייניגע ווערטער צו זיין לייטענאנט, אין דער שטענדיגער אונפערשטענד־ליכער שפראך.

דער לייטענאנט איז ארויסגעגאנגען און דיא לאדענס פון דיא פענסטער זיינען פערמאכט געווארען. דער זאאל איז וויא אימער געבליבען בעלויכטען פון דעם עלעקטרישען לאמפ אויבען אין געוועלב. איך בין צוגעגאנגען נעהענטער צום קאפיטאן און האב צו איהם געזאגט:

— א מערקווירדיגע זאמלונג פון קאטל־פיש.

— יא, הערר נאטור־פארשער — האט זיך נעמא אבגערופען — אבער אונז שטעהט יעצט פאר מיט דיעזע געפעהרליכע בעשעפעניסען א קאמפף אנצו־פיהרען.

— א קאמפף? — האב איך מיט פערוואונדערונג איבערגעפרעגט.

— יא, מיין הערר. מיר מוזען עס טהאן. דיא שרובע ארבייט ניט, וואהר־שיינליך האט איינער פון דיא "מאנסטערס" אהין אריינגעשטעקט זיין שטאר־קען שנאבעל און ער האט דורך דעם דיא שיף אבגעשטעלט.

— און וואס רעכענט איהר צו טהאן?

— מיר וועלען ארויפשטייגען אין דער הויך אויף דער אבערפלעכע פון ים און מיר וועלען דיא גאנצע באנדע פערניכטען.

— אבער איך דענק אז דאס וועט זיין א שווערע שטיק ארבייט.

— גאנץ געוויס. דיא עלעקטרישע קוילען פון מיינע ביקסען וועלען אויף זייער ווייכע פלייש ניט ווירקען, ווייל זיי פליהען דורך זייער קערפער ניט פלא־צענדיג. מיר וועלען זיי דארום מוזען אנגרייפען מיט העק.

— און איך מיט א הארפון! — האט לענד אויסגעשריען — נאטירליך אויב איהר וועט עס מיר ערלויבען און מיין הילף ניט צוריקווייזען.

— איך נעהם עס אן, הערר לענד — האט קאפיטאן נעמא פריינדליך געזאגט.

— מיר וועלען אייך אויך בעגלייטען — האב איך זיך אבגערופען — פי־לייכט וועל איך און קאנס־יל אייך אויך עפעס קענען העלפען.

באלד נאכדעם זיינען מיר צוזאמען מיט'ן קאפיטאן געקומען צו דיא מי־טעלסטע טרעפ, וועלכע פיהרען צום אויבערשטען דעק. דארט האבען מיר גע־

געוועקסעלט זעהר שנעל. ווען זיא איז רוהיג זעהט זיא אויס אנדערש און ווען זיא איז אויפגערעגט, בעקומט זיא אן אנדער אויסזעהן.

דער עקעלהאפטער "מאָנסטער" וואָס איז געשוואומען אנטקעגען אונז האָט אויסגעזעהן צו זיין זעהר אויפגערעגט, דען זיין גראָה־שווארצליכער קאָליר האָט בעקומען א ברוין־רויטליכען פארב. ער איז צוגעשוואומען צום שיף און ער האָט זיך איינגענעסען מיט זיינע לאפעס אין וואנד פון שיף און האָט דיא אייזערנע פלאטען געביסען און געריסען מיט זיין פירכטליכען מויל, אָבער ער האָט נאטירליך גאָר ניט געקענט מאכען. און וויא עס האָט מיך געעקעלט צו קוקען אויף איהם, בין איך דאָך צופריעדען געוועזען פון דעם צופאל, וואָס איך האָב געהאט דיא געלעגענהייט צו בעטראכטען איהם גענוי. איך האָב גענומען א בליי־פעדער און אנגעפאנגען צייכענען זיין שרעקליכע געשטאלט.

— פיליינט איז עס דער זעלבער קאָטל־פיש, וועלכען מען האָט געזעהן פון דער שיף "אלעקטאָן"? — האָט קאָנסייל געפרעגט.

— ניין! — האָט לענד גענטפערט — יענער האָט דאָך זיין עק פערלאָרען און ביי דיעזען איז דער עק גאנץ.

— דאָס איז קיין בעוויז ניט — האָב איך זיך אָבגערופען — ביי דיעזע ברואים קענען דיא אָבגעהאקטע גליעדער צוריק אָבוואקסען. עס איז שוין זיעבען יאָהר זייט יענע פאסירונג מיט'ן קאָטל־פיש, א צייט וועלכע עס איז נאָך מעהר וויא גענוג, אז דער זילבער מאָלוסק זאָל אן אנדער עק בעקומען.

— איבריגענס מאכט עס ניט אויס, אויב דאָס איז דער זעלבער אָדער ניט — האָט דער קענעדע'ר בעמערקט — יעדענפאלס איז דאָך יענער ניט געוועזען דער איינציגער אויף דער וועלט און עס זיינען ערשט אויך זיכער פאראן מעהרערע פון זיי.

און באלד האָבען זיך טאקי בעוויזען נאָך איינינגע אזעלכע טהיערע ביים פענסטער. זיעבען שטיק זיינען זיי געווען. זיי האָבען בעגלייט דיא שיף און איך האָב געהערט וויא זיי האָבען מיט זייערע שנאָבלען געקראצט דיא וואנד. מיר זיינען דאן געפאָהרען עכט לאנגזאם און איך האָב געקענט קוקען אויף דיא העסליכע ברואים און זיי מאָהלען אויף'ן פאפיער.

פּלוצלונג איז דיא "נאָטילוס" געבליבען שטעהן. זיא האָט בעקומען א שטויס און איז אין גאנצען אויפגעטרייסעלט געוואָרען.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך געפרעגט — זיינען מיר שוין געבליבען זיצען אויף א פעלז?

— ניין — האָט לענד געענטפערט — עס קען זיין א קלאפ אָן א פעלז, אָבער דיא שיף איז פריי.

מיר האָבען ווירקליך געזעהן שפּירט. אז דיא "נאָטילוס" איז פריי אין וואסער, דאָך שטעהט זיא אויף איין אָרט און דיא שרובע ארבייט ניט. א פּאָר

— גאנץ ריכטיג! — האָב איך געענטפערט.

— זיינען זיינע אויגען געווען משונה'דיג גרויס?

— יא, קאָנסייל, דיא שילדערסט איהם גראדע אזוי וויא דו וואָלסט איהם אליין געזעהן.

— און זיין שנאָבעל איז פערקרימט גראדע אזוי וויא ביי א פאַפּוגאי, אָבער ער איז פורכטבאר גרויס?

— ווירקליך, קאָנסייל, אזוי זעהט ער אויס.

— אויב אזוי — האָט זיך מיין דיענער אָבגערופען — קען דער הערר אויך האָבען דיא געלעגענהייט צו זעהן א בוגער קאָטל־פּיש, אָדער אן אָקטאָפּוס, וויא איהר זאָלט עס ניט רופען.

איך האָב פערוואונדערט א קוק געטהאָן אויף מיין דיענער און לענד איז באלד צוגעלאָפען צום פענסטער.

— אָה, וויא שרעקליך! — האָט ער מיט שוידער אויסגערופען.

ווען איך בין אויך צוגעגאנגען צום פענסטער און א קוק געטהאָן, איז מיר ניט גוט געוואָרען פון עקעל און אבשייליכקייט. פאר מיינע אויגען האָט זיך בע־וועגט א משונה'דיג העסליכעס בעשעפּעניס, פון דיא ברואים, וואָס נור לעגענ־דעס קענען וועגען זיי דערצעהלען.

דאָס איז טאקי געווען א קאָטל־פּיש, ביי א פיער און צוואנציג פוס לאנג. ער איז געשוואומען זעהר שנעל, גראדע צו דער "נאָטילוס". זיינע פירכטליכע גרויסע, גראָה־גרינע אויגען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף דער שיף, אז עס האָט געכאפּט א מורא צו קוקען אויף זיי. זיינע אכט הענד אָדער פיס וואק־סען ארויס פון זיין קאָפּ. מען רופט דארום דיעזע זאָרטען טהיערע אויף "קאָפּ־פיסלער". דיא פיס זיינען געווען צוויי מאָל אזוי גרויס וויא זיין גאנצער קערפּער און זיי האָבען זיך געצאפּעלט איבער זיין מיאוס'ן קאָפּ אזוי וויא א מאסע שלאנגען. עס איז דייטליך געווען צו זעהן וויא דיא פיס זיינען דורכאויס בעדעקט אזוי וויא מיט האלב רונדע קאפּסולען (באנקעס). איך האָב איבערגעצעהלט ביז אריבער צוויי הונדערט. מיט דיעזע קאפּסלען קען זיך דער קאָטל־פיש אָדער אָקטאָפּוס צוזויגען צו יעדען געגענשטאנד אזוי פעסט וויא ער זאָל זיין צוגעשרויפט מיט גרויסע, שטארקע שרויפען. דער מויל פון דיעזען "מאָנסטער" איז ווירקליך א ביינערנער שנאָבעל, אין דער פאָרמע פון דעם שנאָבעל פון א פאַפּוגאי, עפענט זיך און שליסט זיך אזוי וויא אן אונגעהויער גרויסע שער. עס איז ווירקליך וואונדערבאר: א מאָלוסק, א ווייך־טהיער, וואָס האָט קיין ביינער אין זיין קערפּער, און זיין מויל איז א ביינערנער! דיא גאנצע בריאה אין אלגעמיין איז א מאסע ווייכע פלייש וואָס וועגט פון פיער ביז פינף טויזענד פונט. דער קאָליר פון דיעזער בעשע־פעניס איז גיט אימער גלייך. איהר געשטאלט ווערט אומגעענדערט און אומ־

— טרעפט עס אז מען פאנגט אזעלכע געפעהרליכע ברואים? — האָט לענד געפרעגט.

— דאָס האָב איך ניט געהערט, אָבער זעהן זעהט מען זיי אָפט. איינער פון מיינע פריינדע, א געוויסער קאפּיטאן פּאָס, פון האוור האָט מיר דער־צעהלט, אז אין אינדישען מעער איז איהם אויסגעקומען צו בעגעגענען זיך מיט דיעזע אומגעלומפּערטע ים־חיות. א פאקט וואָס האָט פּאסירט מיט איניגע יאָהר צוריק, אין יאָהר 1861 בעוויזט, אז עס איז גאָר קיין צווייפעל, אז ריעזען־קאָטל־פישען עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט.

— קענט איהר, הערר פּראָפעסאָר אונז דערצעהלען יענעם פאקט? — האָט לענד נייגעריג געפרעגט.

— געוויס — האָב איך געזאָגט — אָט האָט איהר עס: אין יענעם יאָהר איז ניט ווייט פון טענעריפאַ, אומגעפעהר אין דיא זעלבע גראדען וואו מיר געפינען זיך יעצט, דורכגעפאָהרען דיא פּאָסט־שיף "אלעקטאָן". דיא מאנשאפט פון שיף האָבען בעמערקט אן אונגעהייער גרויסען קאָטל־פיש שווימענדיג אין וואסער. דער קאָמאנדיר פון שיף, הערר בוגער איז צוגעפאָהרען נעהענטער צום טהיער און איהם אָנגעגריפען מיט הארפּונען און ביקסען, אָבער דאָס האָט אויף איהם וויניג וואָס געווירקט, ווייל דיעזע חיה איז א מאָלוסק, וואָס האָט קיין ביינער און איהר גאנצע לייב איז ווייך אזוי וויא פערקיהלטע פעטע זופּ. א קויל פון א ביקס לויפט דורך איהר דורך און עס שאדעט איהר כמעט ניט. נאָך מעהרערע אומזיסטע בעמיהונגען, איז ענדליך דער מאנשאפט געלונגען ארויפצוואוארפען אויף'ן "מאָנסטער" א שטריק מיט א פעטליע, אין וועלכע זיין עק איז ארייננעכאפּט געוואָרען. מען האָט דאן אָנגעפאנגען שלעפען דיא שטריק, אָבער דער קאָטל־פיש האָט זיך אויסגעריסען, איבערלאָזענדיג דעם עק אין פעטליע און איז אליין פערשוואונדען געוואָרען אין דיא טיעפענים פון ים.

— איז דאָס ווירקליך א פאקט? — האָט דער קענעדע'ר געפרעגט.

— געוויס, מיין פריינד. א פאָלקאָמענער פאקט, א ריכטיגע פּאסירונג. מען האָט זאָגאר פאָרגעשלאָגען צו רופען יענעם מין פיש אויף קאפּיטאן בוגער'ס נאָמען: "בוגער־קאָטל־פיש".

— און וויא גרויס איז דאָס טהיער געוועזן?

— פיליייכט ביי א זיעבען איילען. האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען קוקענ־דיג אין פענסטער.

— גראדע אזוי גרויס — האָב איך בעשטעטיגט.

— האָט ער אויך געהאט אכט פיס אָדער העגד, וואָס וואקסען ארויס פון זיין קאָפּ און צאפּלען זיך אין וואסער אזוי וויא שלאנגען? — האָט קאָנ־סייל געפרעגט.

— יא, פריינד לענד, אין א קירכע אויף א פּאָרטרעט! — האָט קאָנסייל מיט אן ערנסטע מינע געענטפערט.

— זעהר פיין! — האָט נעד לענד געזאָגט און אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער.

— אָבער קאָנסייל זאָגט אמת — האָב איך זיך אָבגערופען — אזא בילד איז ווירקליך פאראן אין יענער קירכע. נאַטירליך, איז דיא פאָרשטעלונג נור געגרינדעט אויף לעגענדעס, אויף פאָלקס ערצעהלונגען, און וואָס פאר א ווערטה אזעלכע לעגענדעס האָבען פאר דיא וויסענשאפט איז דאָך שוין לאנג בעקאנט.

— אָבער איז דען אין דיעזע לעגענדעס קיין טהייל ווארהייט ניטאָ? — האָט קאָנסייל געפרעגט.

— ניין מיינע פריינדע. ווען עס קומט צו רעדען וועגען אונגעהייער גרויסע ברואים, דאן שפּיעלט זיך ביי מענשען פונאנדער א ווילדע פאנטאזיע און מען דערצעהלט וועגען זיי אזעלכע משונה'דיגע מעשיות, אז עס גיבען אָקטאָפּוסען אָדער קאָטל־פישען וואָס קענען שיפען ארונטער שלעפּען. נאָך מעהר: א געוויסער אלעאוס מאגנוס פערזיכערט, אז אייניגע פון דיעזע ברואים זיינען א מייל לאנג, און ווען זיי לייגען זיך רוהען אויף'ן וואסער, קען מען א טעות האָבען און מיינען אז דאָס זיינען אינזלען. אזעלכע נארישקייטען דערצעהלט מען אויך וועגען דעם פּאָטפיש. עהנליכע לעגענדעס האָט מען אין פערצייטיגע יאָהרען זעהר פיעל דערצעהלט. עס געהט, צום ביישפּיעל אום א לעגענדע, אז דער בישאָף פון נידראָס האָט אויפגעבויט אן אלטאר אויף א גרויסען פעלז און אָבגעהאלטען אויף איהם א גאָטעס־דיענסט מיט א פרעדיגט, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין פעלז, זאָנדערן א שלאָפענדער קאָטל־פיש אָדער אָקטאָפּוס, וועלכער האָט זיך שליסליך ארונטערגעלאָזט אין וואסער. אן אנדער בישאָף, פּאנטאָפּידאן, דערצעהלט פון אזעלכע ברואים, וואָס אויף איינעם פון זיי וואָלט א גאנצער רעגימענט קאוואלעריע געקענט מאנעווירען. אָבער יעצט גלויבט קיינער ניט אין אזעלכע נארישע לעגענדעס.

— און וויא גרויס זיינען אין דיא ווירקליכקייט דיא עקזיסטירענדע אָקטאָפּוסען?

— יעדענפאלס, קיינמאָל ניט אזוי גרויס וויא א וואלפיש. אָבער איך וועל אייך ערקלערען פון וואנען דאָס שטאמט וואָס מען דערצעהלט אויף דיעזע ברואים, אז זיי זיינען גרויס אָהן שיעור. דאָס קומט דערפון, וואָס דיעזע זאָרטען בעשעפּניסע בעזיצען זעהר לאנגע פיס אָדער הענד. אן אקטאפּוס אָדער א קאָטל־פיש וואָס איז בלויז זיעבען פוס לאנג בעזיצט לאַפּעס אָדער טענטאקלס, וויא מען רופט עס אין ענגליש, וועלכע זיינען אריבער צוואנציג פוס לאנג. מיט דיעזע הענד, פיס אָדער טענטאקלס קען ער ווירקליך א געפעהרליכען אנגריף מאכען און דיא לעגענדעס מאכען שוין דערפון א גאנצען בארג.

פעלזען־וועגד האבען זיך געזעהן גרויסע פינסטערע לעבער אזוי וויא הייהלען. דיא עלעקטרישע שטראהלען פון אונזערע לאנטערנעס האבען אהין ניט געקענט אריינדרינגען. דיא פעלזען זיינען איבעראל געווען בעוואקסען מיט פערשיעדענע געדיכטע וועלדלאך און אלערליי ים וואקסונגען. א וואהרע ריעזען־וועלט פון זעע־פלאנצונגען.

עס איז געווען אומגעפעהר עלף אוהר, ווען נעד לענד האט מיך אויפ־מערקזאם געמאכט אויף פירכטליכע קוויטשערייען, וואס האבען זיך געהערט פון צווישען דיא מאסען ביומלאך, בלעטער און גראזען.

— יא — האב איך געזאגט — אין דיעזע הייהלען וואהנען זיכער גרויסע זארטען פולפען, אדער וויא זיי זיינען בעסער בעקאנט אונטער דעם נא־מען "אקטאפוסען", וואס בעדייטעט: אכט־פיסיגע. און איך וואלט ניט שטארק איבערראשט געווארען, ווען מיר זאל אויסקומען צו זעהן איינינע פון דיעזע "מאנסטערס".

— דער הערר מיינט וואהרשיינליך קאטל־פיש? — האט קאנסייל גע־פרעגט.

— יא — האב איך געענטפערט — אבער דא מוזען זיך געפינען גרויסע פון דיעזע זארטען ברואים, אזעלכע וואס מען קען געוועהנליך זעלטען וואו אנטרעפען.

— און איך וועל ניעמאלס גלויבען, אז אקטאפוסען אדער קאטל־פישען עקזיסטירען אין דיא ווירקליכקייט — האט זיך לענד אבגערופען — אבוואהל איך האב אמאל געהערט דערצעהלען פון אזעלכע ברואים, אבער איך האב אין דעם קיין אמונה ניט.

— קיין זאך גלויבט איהר ניט! — האט איהם קאנסייל פארווירפע גע־מאכט — איך וויים וואס דאס איז פאר א מין בעשעפענים. דאס איז א בריאה וואס זיינע פיס וואקסען ארויס פון קאפ און איך געדענק, אז אזא חיה האט ארונטערגעשלעפט א שיף אונטער'ן וואסער און זיא דערטרונקען.

— האט איהר עס געזעהן? — האט דער קענערע'ר האלב בייז געפרעגט.

— יא, איך האב עס געזעהן.

— מיט אייערע אייגענע אויגען?

— געוויס מיט מיינע אויגען. וואס דען, מיט אייערע אויגען האב איך געזעהן?

— וואו האט איהר עס געזעהן?

— אין סעינט מאלא.

— וואו אין סעינט מאלא? ביים פארט, אדער אויף'ן ים?

— ניין, אין א קירכע.

— אין א קירכע? — האט לענד פערוואונדערט אויסגעשריען.

איהם נאָר ניט זאָגען אויסדריקליך וואָס מיר פערלאנגען, זאָנדערן פערפיהרען מיט איהם אזא געשפּרעך פון וועלכען איך זאָל קענען פערשטעהן וואָס ער דענקט צו מאכען מיט מיר און מיינע קאמעראדען.

מיין לעצטער בעשלוס איז אלזאָ געוועזן צו איבערלעגען זיך, צו בעטראכטען דיא זאך אויף ריכטיג, אויב עס לוינט זיך נאָכצוקומען לענד'ס פאָרשלאג. אום ער זאָל ניט זיין אזוי געאיילט און היציג אין דער זאך, האָב איך דעם בייזען קענעדע'ר איינגערעדט, אז מיר האָבען זיך ניט זעהר פיעל צו בעקלאָגען אויף אונזער לאגע, אז עס איז גאָר ניט אזוי שלעכט וויא איהם דאכט זיך, אז מיר זיינען נאך אלעמען, נאך אלע געפאהרען און שרעק וואָס מיר זיינען ביים זיר־פאָל אויסגעשטאנען, אין בעסטען געזונדהייטס צושטאנד; אז מיר זיינען נאך אלעמען ניט קיין געפאנגענע און מען בעהאנדעלט אונז ניט שלעכט אין אלע הינזיכטען, און עס בעשטעהט אין דעם קיין אונגליק, אויב מיר וועלען אין ערגסטען פאל פערבלייבען אויף דער "נאָטילוס" נאך א לענגערע שטיקעל צייט.

און איך האָב עס טאקי געמיינט ערנסט. צייטענווייז איז מיר נמאס געוואָרען צו אומוואנדערען איבער דיא ימים, אָבער מאנכעס מאָל האָב איך חשק געהאט צו זעהן און לערנען עטוואָס מעהר פון דיא נאטור־מערקווירדיגקייטען אין דיא וואסערען. אָבער איך האָב געוואָלט מיינע ערפאהרונגען מיטטהיילען מיינע מענשען־ברידער אויף דער וועלט און ניט מיטנעהמען זיי אין אירגענד וועלכען קבר אין ים.

אויך דאמאָלס זיצענדיג ביים פענסטער פון זאאל, האָבען זיך פאר מיינע אויגען פאָרגעשטעלט זעלטענע וואונדער. איך האָב דאָרט געזעהן טהיער־פלאנצונגען אין פערשיעדענע פארבען און געשטאלטען; גרויסע ראָכען, צו צעהן פוס לאנג וואָס וועגען צו 60 פונט; לאנגע אנעלידען, מאנכע פון זיי מעהר וויא פינף און א האלב פוס לאנג, מיט זייערע 1,700 בעוועגונגס אָרגאנען, וועלכע האָבען זיך בעוועגט אין וואסער. דיא אנעלידען זיינען זאָנדערבארע בעשעפעניסע. זיי בעשטעהען פון א לאנגע רייהע רינגען, ביז 1,700 אין צאָהל, וועלכע זיינען אזוי וויא ארויפגעצויגען אויף א פאָדים און יעדער רינג בעוועגט זיך בעזונדער. דאָרט האָבען זיך אויך געפונען אנדערע מינים גרויסע ים־ברואים מיט גאָלדענע שטרייפען פון קאָפּ ביז'ן עק; זילבער־פארביגע מאָנד־פישען, פון וועלכע עס האָט אָבגעשלאָגען א שיין אזוי וויא פון דער לבנה אונטער'ן רייִנעם הימעל, און פיעלע אנדערע שעהנע און פראכטפאָלע פישען און טהיערע, צווישען זיי מולעטען (באַרטפיש אין דייטש) — א וואונדער שעהנער פיש, אויף וועלכע עס געהט א ווערטעל, אז ווער עס פאנגט איהם, עסט איהם ניט.

דעם צוואנציגסטען אפּריל זיינען מיר געפאָהרען טיעף אין וואסער, צווישען הויכע פעלזען־ווענד, וואָס שטייגען ארויס הויך איבער'ן מעער. אין דיעזע

וואס מיר זאָלען טהאָן. שוין זעקס מאָנאטען זיינען אריבער זייט מיר זיינען אויף דער "נאָטילוס" אָנגעקומען. שוין זעקס מאָנאטען זיינען מיר געפאנגענע און ווען וועט שוין דערצו אן ענדע נעהמען? מיר האָבען שוין ביז יענער צייט דורכגעמאכט א רייזע פון זיעבעצעהן טויזענד ליגס, און איך האָב געמוזט צו־געבען אז נעד לענד'ס בעהויפטונג, דאָס אונזער רייזע וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיגען, איז א ריכטיגע. דען פאָרלויפיג איז נאָך קיין ברעקעל אויסזיכט גע־ווען, אז קאפיטאן נעמאָ זאָל דענקען צו מאכען א סוף צו זיין שטענ־דיגען אומוואנדערען. לענד האָט מיר דארום געמאכט א פאָרשלאג, אז איך זאָל איינמאָל פאר אלע מאָל פרעגען דעם קאפיטאן, אויב ער מיינט ווירקליך צו האלטען אונז אייביג געפאנגען אויף זיין שיף.

מיר איז דיעזער פּלאן ניט געפעלען געוועזן. וויא איך האָב געדענקט, וועט אזא שאלה צו קיין גוטעס ניט פיהרען, ווייל עס איז זיכער ניט צו ער־ווארטען, אז קאפיטאן נעמאָ זאָל אונז מיט זיין גוטען ווילען בעפרייען, היינט צו וואס טויגען דיא פראגעס? צו וואס איהם אָנזאָגען: "קאפיטאן, האלט אויף אונז אן אויג, ווייל מיר ווילען פון אייך פּטור ווערען?" אויסער דעם, איז דער מערקווירדיגער מאן דיא לעצטע צייטען געוואָרען פיעל וויינינגער פריינד־ליך צו אונז און ער האָט זיך אלץ צוריקגעצויגען פון אונזער געזעלשאפט. וויא עס האָט אויסגעזעהן האָט ער מיך אויך געזוכט אויסצומיידען, אָנשטאָט וואָס פריהער פלעגט ער מיט מיר פערברייינגען און מיט מיר רעדען וועגען דיא וואונדער פון ים און אויך אנדערע אנגעלעגענהייטען. דיא לעצטע צייטען בין איך שטענדיג געזעסען איינער אליין און איך האָב דעם קאפיטאן אין דיא אויגען ניט אָנגעזעהן. היינט וויא אזוי קען איך איהם געהן אויפזוכען און איהם שטעלען אזא פראגע, וועלכע וועט איהם אָהן צווייפעל אין כעס אריינ־ברייינגען? מיין עצה איז דארום געוועזן ניט צו מאכען קיינע אָנפראגען ביים קאפיטאן און דולדען און ווארטען אויף א געלעגענהייט, ווען מיר וועלען אָהן דעם קאפיטאן'ס ערלויבנים קענען פערלאָזען דיא "נאָטילוס", אום מעהר ניט צו קומען אויף איהר.

אָבער דער קענעדע'ר איז צו מיר צוגעשטאנען, אז איך זאָל דאָך מיט'ן קאפיטאן פּרובירען רעדען דעריבער. אין דער זעלבער צייט האָב איך זיך אויך בעדענקט, אז נעמאָ וועט אפשר גאָר ניט איבערראשט ווערען, ווען ער וועט ערפאהרען פון אונזער וואונש. ווארום אין דיא ריכטיגקייט האָב איך ניט געקענט פערשטעהן, ווארום ער דערוויימערט זיך אזוי לעצטענס פון מיר. איך פון מיין זייט האָב געגען איהם גאָר ניט פערזיינדיגט, און איך האָב דארום געדענקט, אז אונזער אָנוועזענהייט אויף'ן שיף איז איהם שוין איבערדריכיג גע־וואָרען און ער וועט זיך ניט קימערען, ווען איך וועל איהם ערקלערען אונזער וואונש צו פערלאָזען איהם. איבריגענס, האָב איך זיך געטראכט, דארף איך

דיא מאטראָזען האָבען דיא אינגעלען פריהער ארויפגעצויגען מיט זייערע נעט־צען. זיי האָבען זיי ערשט צוגעבונדען צו שטארקע, לאנגע שטריקלאך און גאנץ שטיל אוועקגעלאָזט אין מעער. דיא זעע־אינגעלען זיינען גלייך צוגעשוואומען צו דיא שלאָפענדע שילדקרעטען און האָבען זיך אזוי פעסט אייגעזויגען אין זייערע בויך־פאנצירס, אז עס איז דאן גאנץ לייכט געווען זיי צוזאמען מיט דיא קרעטען ארויפצושלעפען אויף'ן דעק פון שיף.

איינינע פון דיא געפאנגענע געפאנצערטע ברואים זיינען געווען א דריי פוס לאנג און האָבען געוואויגען ביי א פיער הונדערט פונט. זייערע פאנצירס זיינען טהייער. זיי ווערען פיעל געברויכט צו מאכען פערשיעדענע ארטיקלען, אָבער פאר אונז האָבען זיי קיין ווערטה געהאט. פאר אונז איז איבערהויפט פיעל וויכטיגער געווען זייער פלייש וואָס איז נארהאפט און גאנץ געשמאק.

נאָכדעם וויא דיעזע יאגדען האָבען זיך געענדיגט האָבען מיר פערלאָזען דעם אמאזאָן טייך און דיא זעלבע נאכט איז דיא "נאָטילוס" צוריק אוועק אויף'ן הויכען מעער.

18טעס קאפיטעל

# אַ בלוטיגע מלחמה מיט קאָטל־פיש

איינינע טעג האָט זיך אונזער שיף אלץ דערוויטערט פון דיא אמעריקא־נישע ברעגען. וויא עס האָט אויסגעזעהן האָט קאפיטאן נעמאָ געוואָלט אויס־מיידען דעם גאָלף (מעער־בוזען) פון מעקסיקאָ. יענע געגענד איז געווען צו ריזיקאליש פאר איהם, ווייל דאָרט געפינען זיך פיעלע בעוואָהנטע אינזלען און שיפען פאָהרען דאָרט שטענדיג ארום, און ווייל דער קאפיטאן האָט זיך ניט געוואָלט צייגען פאר דער אויסערער וועלט, האָט ער פיעל מעגליך אזעלכע געגענדען אויסגעמיטען.

דעם 16טען אפריל זיינען מיר געקומען געגען דיא אינזלען מארטיניק און גוואדאלופ, וועלכע מיר האָבען געזעהן פון א ווייטקייט פון אומגעפעהר דרייסיג מייל. איך האָב פון ווייטענס געזעהן זייערע שפיצען, אָבער בלויז אויף א ווייל. אונזער קענעדע'ר האָט גערעכענט אז מיר וועלען אריינפאָהרען אין גאָלף און דאָרט וועט פיליכט מעגליך זיין צו פערווירקליכען דעם פלאן פון אנטלויפען, מיט וועלכען ער האָט זיך ארומגעטראָגען אזא לאנגע צייט, דען אין יענע געגענד פאָהרען שטענדיג אום פערשיעדענע שיפלאך פון איין אינ־זעל צום אנדערען, אָבער אז קאפיטאן נעמאָ האָט אזוי וויא איהם, אָדער אונז אלע דריי להכעיס געהאלטען דיא "נאָטילוס" אין מיטען ים, איז וועגען אנט־לויפען ניט געווען וואָס צו דענקען.

לענד, קאָנסייל און איך האָבען ווידער א לאנגע צייט זיך בעראטהען

דער געלער־פיבער — א טויטליכע קראנקהייט, וועלכע ברייננגט אום פיעלע מענשען אין דיא הייסע געגענדען, וואס פערניכטען גאנצע דערפער און שטעדט. דיא גיפטיגע פלאנצונגען זיינען אונטער דיא וואסערען פון דעם הייסען וועלט־טהייל פערמעהרט געווארען, ווייל דער מענש פערניכטעט ביסלעכווייז דיעזע חיות וואס וואלטען זיי פערצעהרט און דיא געלע פעסט פערברייטעט זיך פון ריא דע לא פלאטא ביז פלארידא. אויב מיר זאלען גלויבען דעם געלעהרטען טאוסענעל, איז דיא יעצטיגע פלאגע וואס ווערט פעראורזאכט פון דיא צו־פוילטע גיפטיגע גראזען אויף'ן גרונד פון ים גאר ניט געגען דיא מגפות וואס דיא קינפטיגע דורות וועלען מוזען ליידען, אויב די געיעגען אויף וואלפישען, ים־הינד, זעע־קיה און אנדערע גראז־פרעסענדע זויג־טהיערע וועלען ווייטער אזוי אנגעהן. ווען דיעזע טהיערע וועלען אויסגראטען ווערען, וועט דער ים פול ווערען מיט פוילענים. עס וועלען זיך אין איהם אנקלייבען פאולפען, מעדוסען און קאוטל־פישען, וועלכע וועלען פילייכט פערפעסטען דעם גאנצען ערד קוגעל און עס וועט ברייננגען פערניכטונג און פערוויסטונג איבעראל.

דיא מאנשאפט פון שיף האבען זיך, אזוי וויא אלע זעע־פאהרער אדער יע־גער, וועגען דער צוקונפט ניט געקימערט און זיי האבען באלד א האלב דוצענד פון דיא נוצליכע טהיערע געטויטעט. דער מענש איז שוין אימער אזוי. ער זוכט נור צו בעפריעדיגען דיא נויטוועדיגקייט פון דער געגענווארטיגער צייט און פאר דיא צוקונפטיגע דורות קימערט ער זיך ניט. דער מענש זוכט צופריעדען צו שטעלען זיין "איך" און עס ארט איהם ניט, וואס דאס וועט פילייכט שפעטער שאדען אנדערע. אין דיא שפייכלער פון דער "נאטילוס" איז דער פלייש זאפאס אויסגעגאנגען און מען האט זיך דארום פערזארגט מיט פלייש פון דיעזע טהיערע, וואס איז פיעל בעסער און געשמאקער פון רינד אדער קאלב פלייש. דיא יאגד אויף דיא מאנאטים איז לייכט. זיי לאזען זיך רוהיג טויטען, אהן אירגענד וועלכען ווידערשטאנד. אייניגע טויזענד פונט פלייש פון מאנאטים זיינען דאן געבראכט געווארען אויף'ן שיף צו טריקענען. אויסער דעם זיינען דארט אונזערע שפייכלער פערזארגט געווארען מיט מאסען פיש, וועלכע דיא מאטראזען האבען געפאנגען.

אלס דער לעצטער נעטץ איז פון וואסער ארויסגעצויגען געווארען, האט דיא "נאטילוס" זיך דערנעהענטערט צום ברעג. דארט זיינען א גרויסע צאהל זעע־שילדקרעטען געלעגען שלאפענדיג אויף'ן וואסער. עס וואלט זעהר שווער געווען זיי צו פאנגען, דען פון דעם קלענסטען געראויש כאפען זיי זיך אויף און דורך דעם הארטען פאנציר, מיט וועלכען זייערע קערפער זיינען בעדעקט, קען קיין הארפון און קיין קויל ניט דורכדרינגען. עס איז אונז אבער געלונגען מיט דיא הילף פון זעע־איגעלען אייניגע שילדקרעטען צו בעקומען. דיזע ברואים זיינען לעבעדיגע פיש־הוקס און מען קען מיט זיי פאנגען דיא גרעסטע פישען.

— אה, מיין הערר, מיין הערר! הילפע, רעטונג !— האט ער אנגעהויבען שרייען.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס מיין דיענער האט צו מיר גערעדט ניט אזוי וויא וועגען א דריטע פערזאן. ער פלעגט מיך שטענדיג רופען "דער הערר" און דיעזען מאל, וואהרשיינליך אוים צוטומלעניש האט ער זיך אויסגע־דריקט "מיין הערר".

איך און נעד לענד זיינען צו איהם צוגעלאפען און האבען איהם אויפגע־הויבען. מיר האבען איהם געריבען מיט אלע קרעפטען, אבער עס האט לאנג גע־דויערט ביז מיר האבען איהם צו זיך געבראכט. דער מאן איז ניעדער־געשלאגען געווארען פון אן עלעקטרישען שטראם, וואס דער ראד־פיש האט אין איהם אריינ־געיאגט.

— א ציטער־פיש, א ציטער־פיש! — האט קאנסייל געמורמעלט.

— יא, קאנסייל — האב איך בעשטעטיגט — דאס איז א ציטער־פיש, וועלכער האט דיך מיט זיין אינערליכע עלעקטרישע קראפט אזא שטארקען שטוים געגעבען. דו האסט ווירקליך בעגאנגען א פעהלער, וואס דו האסט זיך מיט איהם אנגעפאנגען.

דיעזער מין פיש האט א זעלטענע אייגענשאפט. ער בעזיצט א מין זאנ־דערבארע אינערליכע קראפט. שווימענדיג אין וואסער איז ער פעהיג זאגאר אויף אייניגע איילען ווייט צו געבען אזעלכע פירכטליכע עלעקטרישע קלעפ, אז דיא שטארקסטע טהיערע מוזען דערפון ניעדערשלאגען ווערען. ער איז א מין לע־בעדיגער עלעקטרישער אפאראט, וועלכער ווארפט עלעקטרישע שטראמען פון זיך אליין.

דעם נעכסטען טאג, דעם 12טען אפריל איז אונזער שיף אנגעקומען צו דעם פלאץ וואו דער טייך מאראני פליסט אריין אין ים. דארט האבען מיר געפונען א טרופע פון אייניגע זעע־קיה. דאס זיינען נעמליך געווען דיא וואסער־טהיערע, וועלכע ווערען אנגערופען מאנאטי און געהערען צו דער קלאסע סי־רענען (ים־געטינס) אזוי וויא דער דיוגאנג. דיעזע שעהנע, פריעדליכע זויג־טהיערע זיינען ביז 21 פוס לאנג און יעדע פון זיי וועגט וויינינגסטענס ביז 1600 פונט. איך האב ערקלערט מיינע קאמעראדען, אז דיא נאטור האט זיי בעשאפען אום זעהר א וויכטיגע זאך צו פערזארגען. זיי זיינען גראז־פרעסענדע טהיערע און זיי פערצעהרען מאסען פערשיעדענע שעדליכע פלאנצונגען וואס בע־דעקען געדיכט דעם גרונד פון ים און טייכען אין דיא ווארימע געגענדען.

— און ווייסט איהר — האב איך צו מיינע קאמעראדען געזאגט — וואס עס איז שוין יעצט ארויסגעקומען דערפון וואס מענשען פערפאלגען און פערניכטען דיעזע טהיער? דיא שעדליכע גראזען, וועלכע זיי וואלטען געווען אויפגעפרעסען ווערען פערפוילט און זיי פאנגען אן צו פערפעסטען דיא לופט. פון דעם קומט

מיר זיינען אריבערגעפאָהרען דעם עקוואטאָר (דער מיטעל־פונקט פון דער וועלט צווישען דרום און צפון) לאָזענדיג צוואנציג מייל אויף דער וועסט זייט דאָס פראנצויזישע שטיק לאנד גווינעא. דאָ וואָלטען מיר אויך געהאט א גוטע געלעגענהייט דיא ״נאָטילוס״ צו פערלאָזען, אָבער דער ווינד האָט געבלאָזען אזוי שטארק און דיא וועללען אין ים האָבען אזוי וויטהענד געשטורמט, אז עס געוועזען איבעריג צו דענקען וועגען אזעלכע פראָיעקטען. נעד לענד האָט זיך דערפון שטארק געערגעט, אָבער ער האָט זיין פערדרוס געשטיקט אין הארצען און ער האָט א וואָרט ניט גערעדט. דעם קאפּיטאן פלעגט ער אָפּט אָנשילטען, אָבער געגען דיא נאטור האָט ער ניט געוואגט א קרום וואָרט רעדען. איך פון מיין זייט האָב גראדע יענע פּאָר טעג הנאה געהאט פון דער רייזע, ווייל איך האָב געפונען אינטערעסאנטעס מיט וואָס אָבצוגעבען זיך. דיא מאטראָזען האָבען אין יענע פּאָר טעג ארויפגעצויגען דיא נעצען מיט פערשיעדענע מערק־ווירדיגע זאָרטען פון טהיער־פלאנצען, פישען און שרצים, וועלכע האָבען גע־צויגען מיין אויפמערקזאמקייט און איך האָב זיי מיט גרויס פערגעניגען בע־אָבאכטעט.

עס זיינען ווערטה געוועזען צו בעטראכטען דיא זעלטענע פיקטאלינען, וועלכע געהערען צו דיא שטראהלען־טהיערע, וואָס לעבען נור אין יענע געגענד פון ים, אויסערדעם מאָלוסקען, זאָנדערבארע טינט־פישען, וועלכע לאָזען פון זיך ארויס א מין שווארצע פליסיגקייט, אז דאָס וואסער אין ים ווערט דערפון עכט שווארץ. דיעזע פליסיגקייט דיענט דעם פיש אלס וואפע צו פערטהיידיגען זיך פון שונא. ווען אנדערע גרעסערע פיש אָדער טהיערע ווילען איהם פאנגען, לאָזט ער פון זיך ארויס דעם טינט אין דאָס וואסער ווערט פערדונקעלט אזוי, אז דער רויב־פיש קען ניט זעהן וואוהין זיין געגנער אנטלויפט. מיר איז דאָרט אויך אויסגעקומען צו זעהן איינינע זאָרטען גרויסע קאלמארען און נאָך פיעלע אנדערע אזעלכע בעשעפּניסע. איינמאָל האָבען דיא מאטראָזען מיט'ן נעץ ארויפגעצויגען א זעהר פלאכען ראָכען־פיש, וועלכער איז געוועזען פּאָלקאָם רונד אזוי וויא א קליינער ראָד פון א וועגעל און האָט געוואויגען ביז פיערציג פונט. דיעזער פיש איז אויבען ווייס און אונטען רויטליך, מיט טיעף בלויע פלעקען. ליגענדיג אויף'ן פּלאטפאָרם האָט ער זיך שטארק געצאפּעלט, געקייקעלט און געשפּרונגען, אום צוריק אין וואסער צו קומען. ער איז שוין איינמאָל געקומען אזוי נאָהענט צום ברעג פון דעק, אז עס האָט שוין זעהר ווייניג געפעהלט, ער זאָל צוריק אין ים ארייננפאלען. אָבער קאָנסייל איז צוגעלאָפען און האָט איהם אָנגעכאפּט מיט ביידע הענד. פלוצלונג איז דער אָרימער קאָנסייל אומגעפאלען מיט דיא פיס אויסגעשטעלט אין דער לופט, ווערהענד דער אויבערשטער טהייל פון זיין קער־פּער איז געוועזען אזוי וויא פאראליזירט.

לאנג זיי ליגען אין וואסער, קוים אָבער נעהמט מען זיי ארויס פון זייער געבורסט־פלאַץ ווערען זיי צושמאָלצען אזוי וויא וואקס אויף'ן פייער.

ווען דיא לעצטע בערג־שפּיצען פון דיא פאָלקלאנד אינזלען זיינען פון אונזערע אויגען פערשוואונדען געוואָרען, איז דיא "נאָטילוס" ווידער ארונטער אונטער'ן וואסער אין א טיעפענים פון אומגעפעהר זעכציג פוס. זיא איז גע־פאָהרען פערביי דיא אמעריקאנישע ברעגען. קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך דיא גאנצע צייט ניט געלאָזט זעהן. ביז דעם דריטען אפּריל זיינען מיר געפאָהרען פערביי דיא ברעגען פון פּאטאגאָניען, אמאָל אויף'ן וואסער, אָבער מעהרסטענ־טהייל אונטער'ן וואסער. דיא שיף איז אזוי דורכגעשוואומען דעם טיעפען אָבגרונד וואָס ציהט זיך פון לא־פלאטא, ביז מיר זיינען דעם פיערטען אפּריל אָנגעקומען געגען דאָס לאנד אורוגוואי (א זיד־אמעריקאנישע רעפּובליק), אָבער מיר זיינען געווען פופציג מייל ווייט פון ברעג. אונזער רייזע האָט זיך געצויגען אלץ נאָך נאָרדען, פערביי דיא קרומע ברעגען פון זיד־אמעריקא. אין גאנצען זיינען מיר שוין ביז יעצט אָבגעפאָהרען זעכצעהן טויזענד מייל, זינט מיר האָבען אָבגערייזט פון יאפּאנעזישען מעער.

ארום עלף אוהר פארמיטאָג זיינען מיר געשוואומען פערביי דעם הויכען ברעג פון קייפּ פריאָ, אין בראַזיליען. יענע געגענד איז זעהר גוט בעוואָהנט און דאָרט וואָלט נעד לענד פיליכט געקענט דענקען דורכצופיהרען זיין פלאן צו אנטלויפען, אָבער צו זיין גרויסע ערגערניס איז דיא "נאָטילוס" דאָרט געפלויגען מיט אזא שנעלקייט, אז קיין פיש און זאָגאר קיין פויגעל וואָלט איהר ניט געקענט נאָכקומען. מיר האָבען זאָגאר ניט געקענט בעטראכטען דיא מערקווירדיגקייטען פון דער נאטור מיט וועלכע יענע געגענד פון ים איז זעהר רייך, אזוי געשווינד איז דיא שיף געלאָפען.

מיט אזא אויסערגעוועהנליכע שנעלקייט זיינען מיר געפאָהרען אייניגע טעג, ביז דעם נייטען אפּריל, ווען מיר זיינען געקומען צו קייפּ סאן ראק, אין זיד אמעריקא. אָבער דאָ איז דיא "נאָטילוס" ווידער אוועק ווייט פון ברעג אין דיא גרעסטע טיעפעניסען צווישען אמעריקא און אפריקא. דאָרט בילדעט דער ים א לאנגען טיעפען טהאל, וועלכער איז ערטערווייז אָבגעצאמט מיט הויכע פעלזען־ווענד און ענדיגט זיך מיט אן אונגעהייער טיעפען אבגרונד, אריבער ניין טויזענד יארד אָדער 27,000 פוס טיעף.

צוויי טעג כסדר זיינען מיר געפאָהרען דורך יענע וויסטע, טיעפע וואסערען. דעם עלפטען אפּריל איז דיא "נאָטילוס" פּלוצלונג ארויפגעשטיגען אויף'ן וואסער און מיר האָבען געזעהן טרוקענעס לאנד ביי'ם אמאזאָן טייך. דיא וואסערען פון דיעזען טייך אָדער שטראָם פליסען אריין אין ים אין אזוי פיעל מאסען, אז אויף אייניגע מייל פערלירט דאָס מעער־וואסער איהר געזאלצענעם טעם און מען קען עס געברויכען צום טרינקען.

וועטער. אין יענער צייט איז דער שפיץ בארג געווען קלאָהר און גלויבענדיג, אז דער סארמיענטאָ־בארג איז א שטיקעל וועטער־נביא, האָבען מיר געהאט צו ערווארטען זונען־שיין און שעהנע וועטערען.

באלד נאָכדעם איז דיא "נאָטילוס" ארונטער אונטער'ן וואסער און איז געשוואומען נעהענטער צום ברעג. מיר זיינען שפעטער געפאָהרען בלויז איינינע מייל ווייט פון דיא אינזלען. איך בין געזעסען ביי'ם פענסטער און ארויסגע־קוקט דרויסען. איך האָב אין וואסער געזעהן אזעלכע מינים מעער־גראָזען, וועלכע טראָגען א מין פרוכט. דיא זאָנדערבארע ים־וואקסונגען לאָזען פון זיך ארויס פעדים, וועלכע זיינען אומגעפעהר 900 פוס לאנג און זיינען א פינגער דיק. זיי זיינען אזוי שטארק, אז מען בענוצט זיי אלס שטריק פאר שיפען. אן אנדער גראָז וואָס איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען וועלפּ, מיט גרויסע בלע־טער, פיער פוס לאנג האָט בעדעקט א גרויסען טהייל פון דעם גרונד פון ים. אונטער דיעזע בלעטער לעבען מיליאָנען פערשיעדענע ים־חיה'לאך, וועלכע ערנעהרען זיך פון זיי. דיא בלעטער דיענען אלס וואָהנונגען, אלס נעסטען און אויך אלס לעבענס־מיטעל. ים־הינד און אָטערען (א זאָרט ביבער) פרעסען אויך דיעזע בלעטער, אלס פאָר־שפייז אָדער צו־שפייז צו דיא פלייש פון פיש, וועלכע זיי בענוצען אלס זייער הויפּט שפייז.

איבער דיעזען פרוכטבארען גרונד פון ים איז דיא "נאָטילוס" געפאָהרען זעהר שנעל. נעגען אבענד זיינען מיר געקומען צו דער גרופּע פון דיא פאָלקלאנד אינזלען, וועלכע מיר האָבען דעם נעכסטען פריהמאָרגען געקענט גענוי בע־טראכטען, ווייל אונזער שיף איז אין דער פריה געשוואומען אין דער הויך ניט ווייט פון דיא פאָלקלאנד ברעגען. וועהרענד אונזער רייזע אויף דיא אָבערפלעכע פון ים, האָבען זיך מאסען ווילדע גענז און אנדערע פויגלען ארונטער געלאָזט אויף'ן דעק פון שיף. מיר האָבען פיעלע פון זיי געפאנגען און מען האָט זיי נאטירליך געגעבען א פּלאץ אין קיך פון שיף און נאכהער האָבען מיר זיך מיט זיי געזעהן אויף דיא טעלער.

דיא פיש־נעצען זיינען פערשפּרייט געוואָרען און דיא מאטראָזען האָבען ארויפגעצויגען פערשיעדענע זאָרטען פישען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אזעלכע מערקווירדיגע וואָס איך האָב נאָך ביז יענעם טאָג ניט געזעהן. איך האָב דאָרט געזעהן א מין פיש וואָס איז געווען ווייניגער וויא א האלב פוס לאנג און האָט געהאט דעם אויסזעהן פון א פּראָפּען־ציהער, בעדעקט מיט וויים־ליכע און געלבע פלעקען. איך האָב דאָרט אויך געזעהן אזעלכע פלאנצען־טהיערע וואָס האָבען אויסגעוויזען אזוי וויא קליינע שירמלאך, מיט רויט־ברוינע שטרייפען און ארומגעהאנגען מיט צוועלף קליינע בלומען. אנדערע וויעדער האָבען געהאט דעם געשטאלט פון א קערבעל פון וועלכען עס וואקסען ארויס בלעטער און רויטע צווייגלאך. דיעזע לעבעדיגע פלאנצונגען זיינען שעהן זאָ־

שטאנד געווען דיא ריכטונג פון דער "נאָטילוס" צו וויסען. צו מיין גרויסע בע־פריעדיגונג האָב איך זיך יענעם אבענד איבערצייגט, אז מיר פאָהרען צוריק נאָך נאָרדען דורך דעם אטלאַנטישען מעער. איך האָב עס מיינע קאמעראדען ערקלערט.

— גוטע נייעס! — האָט לענד אויסגערופען — זעהר וואוילע נייעס! אָבער וואוהין פיהרט אונז ערשט דיא "נאָטילוס"?

— דאָס קען איך ניט ערקלערען — האָב איך געענטפערט.

— איז מעגליך אז דער משוגענער קאפּיטאַן דענקט ערשט פון זיד־פּאָל צום נאָרד־פּאָל פאָהרען? אָבער אויב אפילו יא, האָף איך, אז מיר וועלען ערגיץ וואו מוזען דורכפאָהרען פערביי בעזעצטע לאנד און מיר וועלען לייכט קענען פּטור ווערען פון דיעזען שטאָהלענעם קערקער און דעם ווילדען קאפּיטאַן וואָס קריכט אין אלע צרות.

— איהר דארפט זיך אזוי ניט אויסדריקען — האָט זיך קאָנסייל אָבגע־רופען — יעדענפאלס איז קאפּיטאַן נעמאָ א זעלטענער מענש און מיר מעגען צופריעדען זיין פון דיא בעקאנטשאפט מיט איהם.

— און איך וואָלט מעהר צופריעדען געווען, ווען איך וואָלט איהם ניט געקענט — האָט לענד בייז געברומט.

עס וואָלט פיליכט געקומען צו אן ערנסטע קריעג צווישען מיינע צוויי קאמעראדען, אָבער איך האָב זיי אָבגעהאלטען און ניט צוגעלאָזט צו וויטערע דיסקוסיאָנען.

אויף מאָרגען, דעם ערשטען אפּריל, וועהרענד דיא "נאָטילוס" איז גע־שוואומען אין דער הויך אויף'ן וואסער, האָבען מיר ארום מיטאג צייט דערזעהן פון ווייטענס אין מערב זייט א ברעג. דאָס איז געווען "פייער־לאנד" — א גרופּע אינזלען וואָס ציהען זיך אויף עטליכע צעהנדליגע מייל ווייט. שפּאנישע ים־רייזענדע, וועלכע זיינען פערביי דיעזע אינזלען דורכגעפאָהרען, האָבען זיי א נאָמען געגעבען "טעראָ דעל פיוגאָ" — דאָס לאנד פון פייער. זיי האָבען דיא אינזלען בעטיטעלט מיט דיעזען נאָמען צוליעב דעם רויך וואָס עס האָט זיך אויפגעהויבען פון דיא געצעלטען פון דיא דאָרטיגע ווילדע איינוואָהנער. דיא ברעגען האָבען אויסגעזעהן זעהר פלאַך. אָבער אין מיטען פון דיעזע אינזלען האָ־בען זיך געזעהן גאַנץ הויכע בערג. וויא מיר האָט אויסגעזעהן, האָב איך דאָרט בעמערקט דעם סארמיענטאָ בארג, וועלכער איז שמאָל און שפּיציג וויא א זייל און איז אריבער 6200 פוס הויך איבער דיא אָבערפלעכע פון ים. אויף דיעזען בארג זאָגט מען, אז ער איז א נאַטירליכער באראָמעטער. מען בעהויפּטעט, אז ווען אויף'ן שפּיץ בארג זעהט זיך א נעבעל אָדער א טהוי איז א סימן אויף רעגנען און ווען דיא לופט איבער'ן בארג איז לויטער, איז א צייכען אויף שעהנעם

— דיעזע רעכט, העדר פראפעסאר — איז לענד ארויסגעשפרונגען — וויל איך טאקי בענוצען און וועל עס פון אייך פאדערען.

— וואס מיינט איהר דערמיט? — האט קנסייל געפרעגט.

— איך מיין — האט דער קענעדע'ר געענטפערט — אייך מיטצונעהמען, ווען איך וועל דיעזע פערדאממטע שיף מיט איהר פערדאממטען קאפיטאן פער־לאזען.

— דערווייל האלט נאך ניט דער־ביי — האט זיך קאנסייל אבגערופען — אבער איך וואלט וועלען וויסען נאך וועלכע ריכטונג פאהרען מיר יעצט.

— נאך נארדען — האב איך געענטפערט — דאס זעה איך נאך דער זונן נאך.

— דאס איז שוין ריכטיג! — האט לענד צוגעגעבען — אבער איך וואלט איבערהויפט וועלען וויסען, אויב מיר פאהרען נאך דעם שטילען אדער נאך דעם אטלאנטישען אקעאן? דאס הייסט, אין בעזוכטע אדער איינזאמע וואסער געגענדען?

אויף דיעזער פראגע האב איך פארלויפיג קיין בעשטימטען אנטווארט ניט געקענט געבען, אבוואהל איך האב דאמאלס געקלערט, אז קאפיטאן נעמא פיהרט אונז נאך דעם אונגעהייער גרויסען אקעאן וואס ציהט זיך ארום אזיען און אמעריקא. איך האב מ'שער געוועזן, אז דערמיט וועט ער ענדיגען די רייזע ארום דער וועלט און נאכהער וועט דער קאפיטאן ווידער אוועקשווימען מיט זיין שיף אין דיא וויסטע ים־געגענדען, וואו זיא וועט קענען פריי און אונגע־שטערט אומוואנדערען. אויב עס וועט ווירקליך אזוי געשעהן, האב איך ביי זיך געטראכט, וועלען לענד'ס פראיעקטען צו אנטלויפען קיינמאל ניט קענען אויסגעפיהרט ווערען. יעדענפאלס, ווען אפילו עס זאלען זיין אויסזיכטען דיא זאך דורכצופיהרען, קען מען עס אויך ניט אבטהאן אהן איבערלעגונג און מען דארף זיך וועגען דעם גוט בעדענקען.

דיא "נאטילוס" איז געשוואומען זעהר שנעל. מיר זיינען אריבערגעשוואו־מען דיא פאלאר געגענד און אונזער שיף האט זיך געווענדעט צו קייפ הארן. דעם 31טען מערץ, אום זיעבען אוהר אבענדס זיינען מיר אנגעקומען געגען דעם שפיץ פון אמעריקאנישען באדען.

דיא פערגאנגענהייט מיט איהרע אלע ליידען און טויט שרעק זיינען פער־געסען געווארען. מיר האבען פערגעסען אן דיא אייז־בערג, אן דעם מאנגעל אין לופט, און אונזערע געדאנקען זיינען געווען בעשעפטיגט מיט טראכטען וועגען דיא נעכסטע צוקונפט. קאפיטאן נעמא האט זיך מעהר ניט בעוויזען, ניט אין זאאל און ניט אויפ'ן פלאטפארם. דער לייטענאנט פלעגט אלע טאג בעצייכנען אויפ'ן קארטע דעם פונקט וואו מיר געפינען זיך און דיא גענויע ריכטונג פון דער שיף. דיא קארטע איז אימער געווען אפען און איך בין שטענדיג אימ־

17טעס קאפיטעל

# דער טייך אַמאַזאָן

וויא אזוי איך בין געקומען אויף׳ן דעק פון שיף, האָב איך זיך פאר קיין פאל ניט געקענט עראינערען. פיליכט האָט מיך לענד אהין ארויפגעטראָגען. אָבער איך האָב אָנגעהויבען אטהמען פריי. איך האָב דיא פרישע ים־לופט געצויגען אין זיך מיט אזא אפעטיט, מיט אזא חשק אזוי וויא א הונגעריגער ווען ער עסט א גוטען מאכל. מיינע צוויי קאמעראדען זיינען אויך געלעגען נעבען מיר געני־סענדיג דיא געשמאקע לופט מיט פולע אטהעמס. ווען אונז וואָלט אויסגעקומען אזוי לאנג צו ליידען פון מאנגעל אין שפייז, וואָלטען מיר געמוזט פאַרזיכטיג זיין און ניט בעפרידיגען דעם הונגער מיט איין מאָל, ווייל דאָס קען אמאָל שעדליך זיין. מיט דיא לופט אָבער האָבען מיר זיך ניט געדארפט היטען, מיר האָבען זיך ניט געדארפט צוריקהאלטען, ווייל לופט קען קיינמאָל ניט שאדען. מיר האָבען אלזאָ געשעפּט דיא ערקוויקענדע לופט פיעל אונזערע הערצער האָבען געגלוסט און פיעל אונזערע לונגען האָבען געקענט פערנעהמען.

— אך! — האָט קאָנסייל אויסגערופען — וויא ערקוויקענד איז דער זויער־שטאָף! יעצט דארף דער הערר ניט ציטערען איבער א ביסעל לופט. עס איז דאָ גענוג פאר אלעמען.

נעד לענד האָט גאָר ניט גערעדט. אָבער ער האָט זיין מויל געהאלטען ברייט אָפען און האָט געאטהעמט מיט אזא קראפט, אז א האי־פיש וואָלט זיך פאר איהם דערשראָקען. ביסלעכווייז זיינען מיר צו אונזערע קרעפטען געקומען און איך בין ערשטוינט געוואָרען, ווען איך האָב זיך ארומגעקוקט און זיך אי־בערצייגט, אז מיר זיינען אליין אויף׳ן פלאטפאָרם און קיין איינציגער פון דיא מאנשאפט איז דאָרט ניטאָ. קאפיטאן נעמאָ מיט זיינע לייטע האָבען זיך וואהר־שיינליך בענוגענט מיט דיא אינערליכע אָבגעפרישטע לופט אין דער "נאָטילוס", און דאָס איז מיר געווען א גרויסער וואונדער.

מיט דיא ערשטע ווערטער האָב איך אויסגעדריקט מיין הערצליכען דאנק צו מיינע טרייע קאמעראדען, נעד לענד און קאָנסייל, וועלכע האָבען מיך גערע־טעט און דערלענגערט מיין לעבען, אין דיא לעצטע שטונדען, ווען איך האָב זיך געראנגעלט צווישען לעבען און טויט. איך האָב ניט געקענט געפינען גענוג ווערטער מיין דאנקבארקייט אויסצושפּרעכען.

— גענוג וועגען דעם — הערר פראָפעסאָר — האָט זיך לענד אָבגערופען — איהר ברויכט אונז ניט צו דאנקען. מיר האָבען נור געטהאָן אונזער פפליכט.

— ניין, מיינע פריינדע — האָב איך ערוויעדערט — איהר האָט זעהר פיעל געטהאָן פאר מיר און איך בין צו אייך אייביג פערפפליכטעט און צוגעבונדען. איהר האָט דאָס רעכט צו פערלאנגען עס פון מיר.

אָבער וויא לאנג וועט יעצט דיעזע רייזע אונטער'ן אייז נאָך דויערען? איך ליג אויף'ן דיוואן אין ביבליאָטהעק שוין האלב דערשטיקט, מיט א בלויע געזיכט און געלעהמט אין אלע קרעפטען. איך הער, איך זעה שוין קיין זאך ניט.

וויא פיעל שטונדען עס זיינען אויף דיעזען אופן פערבייגעגאנגען ווייס איך ניט, אָבער איך שפיער אז מיין טויט איז שוין נאָהענט.

פלוצלונג בין איך וויעדער צו זיך געקומען. איינינגע טראָפּען פרישע לופט זיינען אריינגעדרונגען אין מיין ברוסט. זיינען מיר שוין ארויסגעקומען פון אונטער'ן וואסער? בעפרייט פון דיא אייז־געפענגניס?

ניין! מיינע געטרייע פריינדע לענד און קאָנסייל אָפּפּערען זיך אליין אום מיך צו רעטען. עס איז נאָך אין זייער אפּאראט איבערגעבליבען א ביסעל לופט, און אָבוואָהל זיי אליין זיינען שוין אויך האלב דערשטיקט, בענוצען זיי עס ניט פאר זיך. איך האָב דעם אפּאראט געוואָלט אָבשטופּען פון זיך, אָבער זיי האלטען מיר צו דיא הענד און איך ציה אָב דעם אטהעם מיט אן אובעשרייב־ליכע לוסט.

דיא אוהר צייגט האלב עלף פארמיטאָג. דיא "נאָטילוס" לניפּט מיט א שרעקליכע געשווינדקייט, פיליכט פיערציג מייל א שטונדע. קאפּיטאן נעמאָ בעווייזט זיך ניט און איך ווייס ניט אויב ער און דיא מאנשאפט לעבען נאָך. איך האָב א ווײלע שפּעטער א קוק געטהאָן אויף'ן מאָנאָמעטער און געזעהן, אז מיר געפינען זיך בלויז צוואנציג פוס פון דער אָבערפלעכע פון מעער. נור איין דינע אייז־פעלד טהיילט אונז אָב פון דער אויסערליכער פרייער וועלט. אָבער וויא ווייט ציהט זיך דיעזע פעלד? פיליכט וואָלט מעגליך געווען דיעזען אייז־געוועלב איבער אונז דורכברעכען? — דאָס זיינען געווען פראגען, וועלכע איך האָב ניט געקענט ענטשיידען.

וועהרענד מיין מח איז געווען פערנומען מיט דיעזע געדאנקען, האָב איך געשפּירט וויא דיא הינטערשטע טהייל פון שיף לאָזט זיך ארונטער ניעדעריגער און זיא בלייבט שטעהן משופּע מיט'ן פאָדערשטען שפּיץ ארויף. דאן האָט זיך דיא "נאָטילוס" האסטיג אויפגעהויבען און דערלאנגט א מעכטיגען קלאָפּ אין אייז־דעק. דער אייז האָט אָנגעפאנגען צו קראכען. דיא "נאָטילוס" האָט זיך וויעדער אמאָל ארונטערגעלאָזט משופּע אזוי וויא א לויפער און האָט זיך וויעדער אמאָל אויפגעהויבען און א געוואלדיגען שטויס געטהאָן דעם אייז, וועלכער האָט געקנאקט און געקראכט, אזוי וויא דיא שיסע פון הונדערטע קאַ־נאָנען. באלד נאָכדעם האָט געפּאָלגט א דריטער שטויס און דער אייז איבער אונז איז צופאלען געוואָרען אויף טויזענדע שטיקער.

דיא שיף איז דאן ארויפגעשוואומען אין דער הויך. דיא פּלאטען זיינען האסטיג אויפגעעפענט געוואָרען און פרישע לופט איז אריינגעדרונגען אין אלע טהיילען פון דער "נאָטילוס".

דערשטיקט געוואָרען אין דיא פערפעסטעטע לופט. עס איז אונמעגליך צו בע־שרייבען אין וועלכע מאטערנים פון טויט מיר האָבען דיא פאָלגענדע נאכט דורכ־געלעבט. ווען עס איז טאָג געוואָרען איז מיין אטהעם געווען פערדריקט; עס האָט מיך געכאפּט א שווינדעל פון ניט־גוטקייט אז איך האָב געמיינט מיין לעצטע שטונדע איז שוין געקומען. מיינע קאמעראדען האבען זיך אויך קוים ארומגעשלעפּט. פיעלע פון דיא מאנשאפט זיינען געלעגען זיך מארטערענדיג וויא אין דער גסיסה.

דיעזען זעקסטען טאָג פון אונזער געפאנגשאפט וואָלטען מיר געוויס שוין ניט געקענט איבערלעבען, דארום האָט קאפּיטאן נעמאָ בעשלאָסען דיא לעצטע שיכטע אייז מיט איין מאָל דורכצוברעכען. איך מוז ווירקליך בעוואונדערען דיעזען מערקווירדיגען מענשען; ער ליידעט פון לופט־מאנגעל גראדע וויא מיר אלע, אָבער קיין געפאהר, קיינע שמערצען קענען ביי איהם ניט אוועקנעהמען זיין קאלטבלוטיגע איבערלעגונג.

באלד איז אויף זיין בעפעהל דיא "נאָטילוס" אויפגעשטיגען פון דעם אייז־באָדען, אויף וועלכען זיא איז ביז יעצט געזעסען, און אריינגעשוואומען אין דיא אונגעהויער גרויסע גרוב, וואָס איז פאר איהר אין פערלויף פון טעג אויס־געגראָבען געוואָרען. דיא וואסער־בעהעלטער זיינען ווידער אָנגעפילט און אונזער שיף איז יעצט געזעסען אין דיעזעלבע גרוב אויף דעם אייז דעק, דריי פוס דיק, וועלכע טהיילט זיא אָב פון דעם אונטערשטען פרייען מעער. דיא גאנצע מאנשאפט איז געווען אין שיף, דיא פלאטען זיינען אלע געווען פעסט געשלאָסען און מיר האָבען פערגעסענדיג אונזערע ליידען געהאָפט און ערוואר־טעט, אז דיעזער רעטונגס־מיטעל וועט געלינגען. איך האָב געהערט וויא אין טרוים, אז עס ברעכט זיך אונטער דיא דעק פון אונזער שיף, וועלכע זינקט אראָב אימער טיעפער, דער אייז קראכט געוואלטיג אונטער דיא לאסט פון דער "נאָטילוס".

— באלד וועלען מיר בעפרייט ווערען — מורמעלט קאָנסייל מיר אין אויער.

איך בין שוין ניט אים שטאנד געווען א וואָרט צו ענטפערען און איך האָב איהם נור דיא האנד שוואך געדריקט, אלס ציכען אז איך האָב פערשטאנען זיינע ווערטער.

באלד האָט זיך געהערט א שרעקליכער קראך און דיא "נאָטילוס" איז אראָב וויא א קויל אין דיא אונענדליכע טיעפענים. באלד האָבען דיא עלעק־טרישע פּומפּען אָנגעפאנגען שנעל צו ארבייטען, ארויסגעטריבען דעם וואסער־באלאסט פון דיא בעהעלטער און נאָך איינינע מינוטען האָבען מיר אויפגעהערט אראָב צו זינקען. דער מאָנאָמעטער צייגט שוין, אז אונזער שיף שטייגט צוריק ארויף, דיא שרובע פאנגט אָן צו ארבייטען און מיר שווימען מיט דיא העכסטע געשווינדיגקייט נאָך נאָרדען.

געארבייט, איז דאָס וואסער אין אונזער קאנאל געוואָרען נור אויף איין גראד וואַרימער; אָבער צוויי שטונדען שפּעטער אויף גאנצע דריי גראד.

— דער פּלאַן געלינגט אויסגעצייכענט — האָב איך געזאָגט צום קאפּיטאַן, בעטראַכטענדיג וויא דיא קראנען גיסען אָהן אויפהער זידענדעס וואסער.

— יא, יעצט זיינען מיר זיכער ניט איינגעפּראָרען צו ווערען; וויינינגסטענס האָבען מיר צו טהאָן מיט איין געפאהר, וועלכע וויל אונז דערשטיקען.

אויף מאָרגען, דעם 27 מערץ, זיינען שוין ביז אכטצעהן פוס אייז געוועזען אויס־געהאקט. ביי א צוועלף פוס בלייבט נאָך אלזאָ איבעריג דורך צו ברעכען, דאָס דארף דויערען אכט און פיערציג שטונדען; אָבער דיא לופט אין "נאָטילוס" ווערט אימער ערגער און עס איז שוין באלד ניטאָ מיט וואָס זיא אָבצופרישען.

אום דריי אוהר נאכמיטאג האָב איך אָנגעפאנגען צו שפּירען א שרעקליכע קלעמענים. מיין ברוסט אטהעמט האסטיגער, זוכענדיג דיא נויטווענדיגע לופט וואָס איהר פעהלט, און צו גלייכער צייט ווערט מיין גאנצער קערפּער אזוי ווי געלעהמט פון אן אונערטרעגליכער שווערינקייט. איך בין געבליבען ליגען אָהן קראפט, כמעט בעוואוסטלאָז. מיין טרייער קאָנסייל, וועלכער ליידעט אויף דיעזעלבע פּיין, טרעט ניט אָב פון מיין זייט. ער נעהמט אָן מיינע הענד, זוכט מיך אויפצומונטערען, און איך הער וויא ער מורמעלט זעהר טרויעריג:

— אך, ווען איך וואָלט געקענט אויפהערען צו אטהמען, אום דער הערר זאָל נור מעהר לופט האָבען!

איך בין גערירט געוואָרען ביז טרעהרען פון דיעזע ווערטער.

ביי דיעזע פורכטבארע לאגע פלעגט יעדער פון אונז מיט א האסטיגע פרייד ארויף ווארפען אויף זיך דיא סקאפאנדער־בעקליידונג. אונזערע הענד זיינען שוין פערוואונדעט פון שווערע ארבייט, אָבער דארויף קוקט קיינער ניט, דען ארבייטענדיג קען מען דאָך האָבען דיא מעגליכקייט צו געניסען דיא ריינע לעבענס־לופט פון רוקווערעל־אפּאראט און פריי אָבציהען דעם אטהעם. דאָך האָט קיינער זיך ניט ערלויבט צו טראָגען דעם אפּאראט לענגער וויא עס איז געוועזען בעשטימט. יעדער איינער האָט עס פּינקטליך צו דער צייט איבערגעגעבען זיין קאמעראד. קאפּיטאַן נעמאָ אליין האָט אויך שטרענג ערפילט דיעזע ארד־נונג מיט זיין געוועהנליכע רוהיגע בענעהמונג.

דיעזען טאָג איז דיא ארבייט געטהאָן געוואָרען מיט נאָך מעהר קראפט, וועלכע נור דיא פערצווייפלונג קען געבען. עס זיינען נור פערבליבען זעקס פוס אייז אויסצוהאקען, דאן וועלען מיר שוין זיין בעפרייט פון דיעזען שרעקליכען קאנאל. אָבער דיא לופט־בעהעלטער זיינען שוין כמעט לעער, און דיא ביסעל לופט וואָס איז נאָך געבליבען מוז מען איבערלאָזען פאר דיא אפּאראטען פון דיא ארבייטער.

**ווען איך בין פון דער ארבייט אין שיף צוריק געקומען, בין איך שיער**

מיטעל זיך צו רעטען. אויסער דיא ווענד פוןביידע זייטען איז שוין דאָס וואסער פון פאָרענט און פון הינטען פון דער "נאָטילוס" אויף איינגעפּראָרען. עס זיינען נור פערבליבען אומגעפעהר צעהן פוס פרייעס וואסער.

— אויף וויא לאנג האָבען מיר נאָך לופט אין דיא בעהעלטער? — האָב איך געפרעגט דעם קאפּיטאן.

— איבער מאָרגען װעלען זיי פאָלשטענדיג לעער זיין.

איך בין בענאָסען געוואָרען מיט א קאלטען שוויים הערענדיג דיזע ווער־טער. פון אלע זייטען שטעהט געגען אונז דער פירכטערליכסטער טויט, פון וועלכען מיר קענען ניט געפינען קיין מיטעל זיך צו שיצען. זאָגאר יעצט, שריי־בענדיג וועגען יענע בעגעבענהייטען, ווערט מיין גאנצער קערפּער דורכגעשווידערט נור ביי דיא עראינערונג פון אזעלכע שרעקניסען.

קאפּיטאן נעמאָ איז איינינע מינוטען געזעסען פערטראכט. עס איז אויף זיין געזיכט דייטליך צו זעהן וויא אנגעשטרענגט זיינע געדאנקען ארבייטען. ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען מיט א לייכטען שמייכעל:

— וועגען אזאַ קלייניגקייט אזוי לאנג צו דענקען! עס איז דאָך גאנץ איינפאך, קאָכענדיגעס וואסער.

— קאָכענדיגעס וואסער? — בין איך איבערראשט געוואָרען.

— יא, מיין הערר. מיר זיינען איינגעשלאָסען אין אן ענגען רוים, פול מיט א שטעהענדיגען וואסער, וועלכע עס איז לייכט מעגליך צו דערוואַרימען, זאָגאר היים צו מאכען, ווען דיא פּומפּען פון "נאָטילוס" זאָלען ניט אויפהערען ארויסצוגיסען אויפגעקאָכטעס וואסער, און אויף דיזען אופן וועט עס פערהינ־דערען דעם ווייטערען איינפריהרען.

— איך גלויב אז דאָס איז א גוטער פּלאן; מען דארף עס פּרובירען.

— ניט נור פּרובירען, זאָנדערן זיך טאקי נעהמען פעסט צו דער ארבייט — האָט נעמאָ אויסגערופען.

ער האָט מיך דאן אריינגעפיהרט אין דיא קיך־צימערען, אין וועלכע עס אר־בייטען דיא גרויסע דיסטילאציאָנס־אפּאראטען; זיי דאמפּפּען אויס דיא פער־שיעדענע זאלצען פון דעם ים־וואסער, אום מען זאָל עס נאכהער קענען טרינקען. דיזע אפּאראטען זיינען באלד פול געוואָרען און דיא גאנצע היץ פון דיא עלעקטרישע זיילען איז אריינגעטריבען געוואָרען אין זייערע רעהרען. אין איי־ניגע מינוטען האָט דאָס וואסער עררייכט ביי הונדערט גראד היץ און איז ארייג־געפיהרט געוואָרען אין דיא פּומפּען, וועהרענד דיא דיסטילאציאָנס־אפּאראטען האָבען אימער געשעפּט פרישעס וואסער פון ים, וועלכע האָט געדארפט אין זיי דורכלויפען און דאן איז עס ארויסגעגאָסען געוואָרען פון דיא פּומפּען ברענענד־קאָכענדיג.

נאכדעם וויא דיזע פּומפּען האָבען אין פערלויף פון דריי שטונדען אזוי

זיך צו רעטען? קאפּיטאן נעמאָ, וועלכער איז געווען נעבען אונז און האָט אויך געהאָלפען האקען דעם אייז, איז אין יענעם מאָמענט נעבען מיר פערביי גע־גאנגען. איך האָב אָנגעריהרט זיין האנד און איהם אָנגעצייגט אויף דיא אייז־ווענד פון אונזער קערקער, וועלכע שטעהען שוין בלויז ביי א צוועלף פוס ווייט פון אונזער שיף. דער קאפּיטאן האָט מיר א וואונק געגעבען איך זאָל איהם נאָכ־פאָלגען, מיר זיינען באלד אריין אין שיף, ארונטער געוואָרפען פון זיך דיא וואסער־קליידער און מיר זיינען אריין אין זאאל.

— הערר אראָנאקס — האָט זיך נעמאָ אָבגערופען — מיר מוזען אויס־טראכטען א מיטעל וויא אזוי זיך צו רעטען, זאָנסט וועלען מיר גאנץ גיך איינ־געמויערט ווערען אין אייז אזוי וויא אין פעסטען צעמענט.

— יא, איהר האָט רעכט, הערר קאפּיטאן — האָב איך געענטפערט — אָבער וואָס זאָלען מיר טהאָן? וואָס פאר אן עצה קענען מיר געפינען?

— אך! ווען מיין "נאָטילוס" וואָלט געווען שטארק גענוג צו איבערטראָ־גען דעם דרוק פון דיא איינגעפראָרענע וואסער! — האָט דער קאפּיטאן אויס־גערופען.

— נו? וואָס זשע וואָלט דאן געווען? — האָב איך געפרעגט ניט פער־שטעהענדיג וואָס ער מיינט דערמיט.

— איהר פערשטעהט ניט, הערר פּראָפעסאָר? — האָט נעמאָ געענטפערט — איך מיין איינפאך, אז אויב נור אונזער שיף וועט ניט צודריקט ווערען פון דיא אייז־ווענד, דאָן זיינען מיר זיכער גערעטעט. איהר ווייסט דאָך, אז עס איז א נאטור־געזעץ דאָס אייז פערנעהמט מעהר פּלאץ וויא דאָס וואסער פון וועלכע דיא אייז איז געוואָרען. ווען וואסער איז איינגעשפּארט אין א געוויסען רוים און ווערט פערפראָהרען, דאן צושמעטערט עס דיא ווענד ארום זיך, זאָגאר ווען זיי זיינען אזוי שטארק וויא פעלזען. פילט אָן א פלאש מיט וואסער און לאָזט דאָס וואסער איינפריהרען, וועט דיא פלאש פּלאטצען. פילט אָן א גרויסע און פעסטע כלי מיט וואסער און לאָזט עס פערוואנדעלט ווערען אין אייז, וועט זיא אויך צושפּארט ווערען און צוריסען ווערען אויף שטיקער. ווען דאָס וואסער אין דיעזען אָבגעשלאָסענעם קאנאל אָדער טונעל זאָל אלזאָ אין גאנצען פער־וואנדעלט ווערען אין א מאסע אייז, וועלען דיא זייטיגע ווענד, וויא דיק זיי זיינען, מוזען פּלאטצען און צושמעטערט ווערען אויף שטיקלאך, און פון דער געפאהר קען אונז גראדע ארויסקומען א הילף.

— יא, קאפּיטאן, מעגליך אז עס איז טאקי אזוי, אָבער וואָס איז וועגען דעם צו רעדען? איידער דער אייז וועט דיא ווענד צוברעכען, וועט ער דיא "נאָטילוס" צודריקען און זיא פערוואנדלען אין איין דיקע שטיק אייזען.

— לויטער איז עס ריכטיג, מיין הערר. מיר האָבען זיך אלזאָ ניט וואָס צו פערלאָזען אויף דיא הילף פון דער נאטור און מיר מוזען זעהן מיט איינענע

מיטעל צו רעטען, ויך איז, אז מיר זאָלען ניט צולאָזען דאָס וואסער איינצו־פריהרען. דאָס אלעס.

ניט צולאָזען! וויא אזוי? מיט וואָס פאר אן אופן? דאָס איז געווען א זאך וואָס איך האָב ניט געקענט בעגרייפען.

יענעם טאָג האָב איך איינינגע שטונדען געהאקט דעם אייז מיט דיא קראפט פון פערצווייפלונג. אויסערדעם איז מיר פיעל בעקוועמער און בעסער געווען צו שטעהן ביי דער ארבייט און אטהמען דיא ריינע לופט פון אפאראט איידער זיצען אין שיף, וואו דיא אטמאָספערע איז געווען אזוי פערדאָרבען, באלד צו דער־שטיקט ווערען.

גענגען אבענד האָבען מיר געהאט אויסגעגראָבען דעם אייז נאָך אויף דריי פוס טיעפער. אלס איך בין צוריק געקומען אין שיף און דיא פערדאָרבענע לופט האָט מיך אָנגעהויבען פייניגען, האָב איך זיך דערמאָהנט, אז איינגענטליך וואָלטען מיר זאָגאר אין דיעזער אייז־געפענגניס געקענט פרישע לופט שאפען, ווען מיר וואָלטען געהאט דיא כעמישע שטאָפען וואָס זיינען נויטיג דערצו. זויער־שטאָף וואָלטען מיר געקענט ארויסציהען פון וואסער גאנץ גענוג. דאָס וואסער איז רייך מיט דיעזען לעבענס־קראפט און עס איז ניט קיין שווערע זאך ארויסצובעקומען איהם, אָבער וואָס פאר א נוצען קען עס בריינגען, אז דיא לופט אין שיף איז אָנגעפילט מיט'ן קארבאָניק עסיד וואָס מיר האָבען דורך דער צייט אויסגעאטהעמט? אום צו פערניכטען דיעזען שטיקענדען שטאָף, אום ריין צו מאכען דיא לופט פון איהם מוז מען האָבען קאָסטיק פּאָטאש — אזא כעמישער מאטעריאל, וועלכען קאפיטאן נעמאָ האָט ניט אויף זיין שיף. ער האָט אויף דער "נאָטילוס" אלערליי רייכטהימער, פערשיעדענע אוצרות וואָס זיינען ווערטה מיליאָנען, פערשיעדענע אנטיקען וואָס מען קען זייער ווערטה ניט אָבשאצען, פערמאָגט ער, און אזא קליינינגקייט פעהלט איהם! איך האָב א היבשע צייט וועגען דעם געטראכט און איך האָב זיך ניט געקענט אָבוואונדערען ווארום דער מערקווירדיגער מאן האָט זיך מיט דיעזען כעמישען מאטעריאל ניט בעזאָרגט.

יענעם אבענד איז שוין קאפיטאן נעמאָ געווען געצוואונגען צו עפענען דיא קראנען פון דיא לופט־בעהעלטער און איינינגע שטראָמען פרישע לופט אין שיף אריינצולאָזען, זאָנסט וואָלטען מיר זיכער דיא נאכט ניט איבערגעלעבט.

אויף מאָרגען, דעם 26טען מערץ, ווערענד איך בין געווען בעשעפטיגט ביי'ם האקען דעם אייז־באָדען, האָב איך בעמערקט, אז דיא אייז־ווענד ביי ביידע זייטען פון דער "נאָטילוס" זיינען נאָך דיקער געוואָרען. עס איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל געווען, אז מיר וועלען פערבלייבען איינגעפראָרען, איידער עס וועט אונז מעגליך זיין פון דעם קאלטען טונעל ארויסצוארבייטען זיך. איך בין געוואָרען מוטהלאָז און דיא האָק איז מיר כמעט אויס דיא הענד ארויסגעפאלען. צו וואָס נוצט אין אמת'ן אזוי אנשטרענגען זיך, ווען עס איז ניטאָ קיין אויסזיכט

— פינף נעכט און פיער טעג! — האָב איך צו מיינע קאַמעראַדען געזאָגט — וועהרענד מיר האָבען אין גאַנצען לופט בלויז אויף 48 שטונדען!

— און אויסערדעם — האָט נעד לענד צוגעגעבען — ווער ווייסט וויפיעל עס וועט נאָך דויערען ביז מיר וועלען ארויסקומען אין אָפענעם מעער, נאָכדעם וויא מיר וועלען שוין האָבען דורכגעהאַקט דעם גאַנצען אייז! מעגליך, אז דאָס ארויסקומען אויף דיא אָבערפלעכע פון ים וועט דויערען מעהר וויא דאָס אויס־האַקען דעם אייז.

דיעזע בעמערקונג איז געווען זעהר א ריכטיגע. אין דיא ווירקליכקייט האָבען מיר פאָראויס ניט געקענט וויסען וויפיעל צייט אומגעפעהר עס קען נעהמען ארויסצוקומען אין דער הויך אויף'ן וואסער. עס איז אַלזאָ ביי אונז כמעט קיין צווייפעל געווען, אז מיר וועלען אויף'ן בעסטען אופן דערשטיקט ווערען. אונזער לאַגע איז געווען זעהר א שרעקליכע. מיר האָבען כמעט געקוקט דעם טויט אין דיא אויגען און מיר האָבען ניט פיעל געהאָפט ארויסצוקומען לעבעדיגע פון דעם אייז־קערקער. דאָך האָט קיינער פון אונז דעם מוטה אין גאַנצען ניט פערלאָרען און מיר זיינען געווען ענטשלאָסען צו קעמפּפען געגען דעם שרעקליכען טויט און אָנווענדען אַלעם מעגליכע צו רעטען זיך ביז'ן לעצטען אטהעם־צוג.

אין פערלויף פון דיא נעכסטע צוועלף שטונדען איז אָבגעטהאָן געוואָרען אזוי פיעל ארבייט וויא אין דיא ערשטע צוועלף שטונדען. ארויסגעהענדיג אין דער פריה צו דער ארבייט האָב איך בעמערקט, אז דיא אייז־וואַנד שטעהן פיעל נעהענטער צו דער "נאָטילוס" וויא מיט אייניגע שטונדען פריהער. האָבען זיך דיא וואַנד צוגערוקט? — האָב איך ביי זיך געטראַכט — דאָס קען דאָך ניט זיין. אָבער א ווייַלע שפּעטער האָב איך פערשטאַנען פון וואָס דאָס קומט. דאָס וואַ־סער וואָס קומט אין בעוועגונג פון אונזער ארבייט פריהערט שנעלער וויא רוהיג־שטעהענדע וואסערען. דאָס איז א נאַטור געזעץ אז וואסער וואָס איז עטוואָס דערוואַרימט ווערט שנעלער אָנגעגריפען פון פראָסט וויא עכט קאַלטעס וואסער. דאָס וואסער פריהרט אַלזאָ צו צו דיא וואַנד און זיי ווערען אַלץ דיקער. אויף אזא אופן קענען זיך דיא אייז־וואַנד ביסלעכווייז צוזאַמענקומען און מיר וועלען פערבלייבען איינגעפראָהרען אין אייז, אָדער דער דרוק פון דיא מעכטיגע וואַנד וועלען צודריקען דיא שיף מיט אונז צוזאַמען.

איך האָב וועגען דיעזע נייע געפאַהר צו מיינע קאַמעראַדען א וואָרט ניט געזאָגט, אום זיי זאָלען ניט פערלירען דעם מוטה צו ארבייטען. אָבער קומענדיג צוריק אין שיף, האָב איך דעם קאַפּיטאַן נעמאָ ערקלערט וויא ערנסט דיא לאַגע איז.

— איך ווייס דאָס — האָט ער געענטפערט מיט זיין געוועהנליכע קאַלט־בלוטיגקייט — איך ווייס גאַנץ גוט, אז מיר זיינען אין געפאַהר, אָבער איך קען קיין מיטעל געפינען וויא אזוי דיעזע געפאַהר צו בעזייטיגען. דאָס איינציגע

וואָס דער קאפּיטאן האָט געגעבען זיינע מענשען, אז ער ערקלערט זיי אויף שטום־לשון, דאָס עס איז גאָר ניט צו מאכען, ווייל דער אייז איז אונגעהייער דיק און עס וועט נעהמען א צו לאנגע צייט ביז מען וועט איהם דורכהאקען. זיי האָבען ענדליך, וויא איך האָב פערשטאנען, אויסגעפונען, אז דיא בעסטע און שנעלסטע הילף קען קומען, ווען זיי וועלען דורכהאקען דעם אייז־באָדען, וועלכער איז בלויז געווען א דרייסיג פוס דיק. דער פּלאן איז געווען אויסצוהאקען אזא שטיק פּלאץ, וויא דיא "נאָטילוס" פערנעהמט, דאן וועט זיך דיא שיף ארונטערלאָזען אונטער'ן אייז־באָדען אין דיא טיעפענים פון מעער, דען דער אייז איז געשוואומען אין מיטען וואסער און אין דיא אונטערשטע שיכטען פון מעער, וואו דיא טעמפּעראטור איז ווארים, קען שוין קיין אייז ניט זיין און דיא שיף וועט האָבען א פרייען וועג ארויסצוקומען אויף'ן אָפּענעם מעער.

דיא ארבייט האָט זיך באלד אָנגעפאנגען. דיא העק האָבען זיך געהויבען און זיך האסטיג ארונטערגעלאָזט. גרויסע שטיקער אייז זיינען אויסגעהאקט געוואָרען און דיא ארבייט פון אָבראמען זיי האָט מען פערשפּאָרט, ווייל זיי האָבען זיך אליין אויפגעהויבען אין דער הויך צו דער אייז־סטעליע. קיין שטיק אויסגעהאקטע אייז איז זאָגאר אויף א ווייליע געבליבען ליגען אויף'ן באָדען. קוים איז זיא לויז געוואָרען, איז זיא ארויפגעשוואומען אין דער הויך.

נאָך א פערלויף פון צוויי שטונדען איז לענד צוריק געקומען זעהר מיעד. דיא אנדערע ארבייטער האָבען זיך אויך צוריקגעקעהרט אין שיף. יעצט האָב איך און קאָנסייל זיך אָנגעקליידעט אין טויכער־קליידער און מיר זיינען ארויס מיט א קאָמפּאני פרישע ארבייטער אונטער דיא לייטונג פון שיף'ס לייטענאנט.

דאָס וואסער איז געווען אונגעהייער קאלט. איך האָב דיא קעלט געשפּירט אין מיין גאנצען קערפּער, אָבוואָהל איך האָב דיא שווערע ים־בגדים געטראָגען. מיר האָבען אָבער באלד אָנגעפאנגען ארבייטען מיט דיא העק און איך האָב זיך דערוואָרימט. מיר האָבען אויך געארבייט צוויי שטונדען צייט, דאן זיינען מיר אריין צוריק אין שיף רוהען און דיא ערשטע קאָמפּאני האָט אונז איבערגענומען. אזוי זיינען אוועק צוועלף שטונדען צייט אין אומוועקסלונג. צוויי שטונדען גע־האקט דעם אייז און צוויי שטונדען גערוהט.

יעדעס מאָל, ווען איך בין צוריק אין שיף געקומען צו רוהען אָדער עטוואָס עסען, האָב איך געשפּירט אז דיא לופט ווערט דאָרט אלץ שווערער און שטיקענ־דער. אין פערלויף פון דיא צוועלף שטונדען, וואָס מען האָט אָהן אָברוה גע־ארבייט איז בלויז בעוויזען געוואָרען אויסצוהאקען א שיכטע אייז אויף דריי פוס דיק. לויט דער רעכענונג פון דער דיקער מאסע אייז און דיא מאָס אין דער לענג און אין דער ברייט וואָס מיר האָבען נאָך געדארפט אויסהאקען, האָבען מיר נאָך געדארפט ארבייטען פינף נעכט און פיער טעג, ביז דיא שיף וועט האָבען גענוג פרייען פּלאץ ארונטערצולאָזען זיך אונטער דעם אייז־באָדען.

וואורס. דיא שיף האט זיך לאנגזאם ארונטערגעלאזט און איז פערבליבען שטעהן אויף'ן אייז־באדען, אריבער טויזענד פוס טיעף.

— מיינע פריינדע — האב איך דאן צו מיינע קאמעראדען געזאגט — אונזער לאגע איז ערשט זעהר ערנסט. מיר שטעהן ערשט אין א גרויסע געפאהר און איך לייג פיעל האפנונג אויף אייער מוטה און ענערגיע. איך דענק, אז איהר וועט זיך ניט ענטזאגען פון העלפען רעטען זיך אליין.

מיין הערר, — האט זיך נעד לענד אבגערופען — יעצט איז ניט דיא צייט בייז צו זיין. איך וועל טהאן אלעס וואס נור מעגליך פאר אונזער אלגעמיינע רעטונג.

דער איינגעשפארטער און שטענדיג צארנדיגער קענעדע'ר איז פיעל ווייכער געווארען. דיא מורא פאר'ן טויט האט זיין נאטור געענדערט.

— גוט, פריינד לענד — האב איך צו איהם געזאגט רייכענדיג איהם דיא האנד אלס צייכען פון דאנקבארקייט.

— איך פערשטעהע וויא אנצוגעהן מיט א האק — האט ער גוטמוטהיג געזאגט — אקוראט וויא איך פערשטעהע וויא אנצוגעהן מיט א הארפון. איך וועל האפענטליך דיענען וויא ווייט איך וועל קענען נוצען ברייגגען.

— דער קאפיטאן וועט זיכער מיט פערגעניגען אייער הילפע אננעהמען. קומט, לענד.

איך האב דעם קענעדע'ר אריינגעפיהרט אין דער קאמער וואו דיא לייטע פון דער "נאטילוס" האבען געהאלטען אין אנקליידען דיא סקאפאנדערס (טויכער קליידער), אונטער דיא אויפזיכט פון קאפיטאן נעמא. איך האב איהם ערקלערט דעם צוועק פון מיין קומען און ער האט לענד'ען מיט גרויס צופריעדענהייט אנגענומען אלס מיטהעלפער צו האקען דעם אייז.

לענד איז באלד אויך פערטיג געווארען מיט זיין אנקליידונג. זיי האבען אנגעטהאן אלע נויטיגע אפאראטען, בלויז קיין לאנטערנעס האבען זיי ניט מיטגענומען, ווייל דער טונעל איז דורכאויס געווען בעלויכטען פון דיא לאנטערנעס פון שיף.

איך בין צוריק אריין אין זאאל און זיך אוועקגעזעצט מיט קאנסייל ביי'ם פענסטער. דיא לאדענס זיינען געווען פערנאנדער גערוקט און מיר האבען געקענט בעאבאכטען וואס דרויסען געהט פאר. מיר האבען געזעהן וויא צוועלף פערזאן זיינען ארויס פון שיף אויף'ן אייז־באדען. אונזער קאמעראד לענד האבען מיר באלד דערקענט נאך זיין הויכער פיגור. קאפיטאן נעמא אליין איז אויך געווען מיט זיי. דיא לייטע האבען פרובירט האקען דעם אייז פון איין זייט, אבער נאך דעם אבקלאנג פון דיא קלעפ מיט דיא העק האבען זיי פערשטאנען, אז דיא וואנד איז צו דיק. זיי האבען פרובירט אין צווייטען זייט און עס האט זיך אויך דאס זעלבע ארויסגעצייגט. מיר האבען פערשטאנען נאך דיא צייכענס

— מיינע העררען, אין אונזער יעצטיגער לאגע קענען מיר שטארבען אויף צווייערליי אופנים. צווייערליי זארטען טויט שטעהט אונז יעצט פאר; וועלכער עס איז א בעסערער און א לייכטערער, קען איך ניט זאגען.

דער אונבעגרייפליכער מענש האט דיעזע ווערטער גערעדט מיט א גאנץ רוהיגען טאן, גראדע וויא ער וואלט פארלעזען א לעקציאן אין מאטהעמאטיק.

— ערשטענס — האט דער קאפיטאן פארטגעזעצט — קען זעהר מעגליך זיין, אז דער אייז־בארג אונטער אונז זאל זיך וויעדער אמאל אויפהויבען און מיר וועלען צודריקט ווערען אויף טויט; און צווייטענס, זיינען מיר אין געפאהר דערשטיקט צו ווערען, ווייל מיר וועלען ניט האבען קיין לופט. פון הונגער וועלען מיר געוויס ניט שטארבען, ווייל מיר האבען אויף דער "נאטילוס" מעהר לעבענסמיטעל וויא עס איז נויטיג פאר דער צייט וואס אונז בלייבט נאך צו לעבען.

— אבער, קאפיטאן — האב איך זיך אבגערופען — דארפען מיר ווירקליך מורא האבען דערשטיקט צו ווערען, אין דער צייט ווען אונזערע לופט־בעהעלטער זיינען פול?

— געוויס אזוי, ווייל דיא לופט וואס מיר האבען אין זאפאס קען פאר אונז זיין גענוג בלויז אויף אכט און פיערציג שטונדען. מיר זיינען שוין זעקס און דרייסיג שטונדען אונטער'ן וואסער און אין שיף איז שוין יעצט דיא אטמאספערע גענוג שווער און שטיקענד. מען וועט שפעטסטענס אין א פאר טעג ארום זיא מוזען אבפרישען, און אויב מיר וועלען נאכ'ן פערלויף פון דיעזער צייט קיין אויסערליכע לופט ניט בעקומען און דעם זאפאס וועלען מיר אויך האבען אויסגענוצט, דאן וועלען מיר מעהר ניט האבען מיט וואס צו אטהמען.

— נו, קאפיטאן, קענען מיר אין פערלויף פון אכט און פיערציג שטונדען ניט פריי ווערען פון דיעזער אייז־געפענגנים?

— מיר וועלען פרובירען. וויינינגסטענס וועל איך מאכען א פראבע, פיליכט וועט מיר געלינגען איינצוברעכען איינע פון דיא אייז־ווענד.

— אויף וועלכער זייט ווילט איהר דיעזע פראבע מאכען, הערר קאפיטאן?

— האב איך געפרעגט.

— דאס וועלען מיר זעהן! — האט דער קאפיטאן געענטפערט — נאטירליך, וועלען מיר עס פרובירען אין דער זייט וואו דער אייז איז דינער.

— וויא אזוי קענט איהר עס וויסען?

— איינפאך. איך וועל דיא "נאטילוס" ארונטערלאזען צום באדען און מיינע לייטע געקליידעט אין טויכער־בגדים וועלען פרובירען האקען דעם אייז.

מיט דיעזע ווערטער האט קאפיטאן נעמא פערלאזען דעם זאאל און באלד האבען מיר געהערט וויא דאס וואסער רוישט ארייננדרינגענדיג אין דיא רעזער־

— אז דער הערר פערלאנגט מיר זאָלען זיין דאָ, וועלען מיר זיין דאָ
— האָט קאָנסייל געענטפערט.

עס זיינען פּאָריבער איינינע שטונדען. איך האָב געקוקט אויף'ן מאַנאָ־מעטער, וועלכער האָט געצייגט, אז מיר געפינען זיך ארום ניין הונדערט פוס טיעף אונטער'ן וואסער און דער קאָמפּאַס האָט בעוויזען, אז אונזער שיף שווימט צוריק נאָך דרום זייט מיט א שנעלקייט פון 20 מייל א שטונדע. אין אזא ענגען קאנאל איז אזא רייזע אונגעהייער שנעל, אָבער קאפּיטאן נעמאָ האָט וואהרשיינ־ליך געוואוסט, אז ביי אזא געפעהרליכע לאגע איז יעדע מינוט טהייער אזוי וויא א גאנצער יאהרהונדערט און ער האָט דיא שיף געטריבען אזוי שנעל וויא מעגליך.

אום פינף און צוואנציג מינוטען נאָך אכט דעם זייגער אין אבענד האָבען מיר ווידער געשפּירט א שטארקען שטויס, אָבער דיעזען מאָל האָט זיך דער הינטערשטער טהייל פון שיף אן עטוואָס אָבגעקלאָפּט. איך בין פון שרעק קוים אימשטאנד געוועזען צו בלייבען שטעהן אויף מיינע פיס. מיינע קאמעראדען זיינען צו מיר צוגעלאָפען און קאָנסייל האָט מיך אָנגעכאפּט פאר'ן האנד. מיר האָבען אָנגעקוקט איינע דיא אנדערע און יעדער פון אונז האָט לייכט פערשטאנען דעם צווייטענס געדאנק, דען אונזערע געזיכטער האָבען בעוויזען וואָס מיר טראכטען אין אונזערע הערצער. באלד איז אויך קאפּיטאן נעמאָ אריינגעקומען אין זאאל.

— איז דער וועג נאָך זידען אויך פערצאמט? — האָב איך ערשראָקען געפרעגט.

— יא, מיין הערר — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט — מיר זיינען ארומ־גערינגעלט מיט אייז־בערג פון אלע זייטען.

— מיר זיינען, הייסט עס, איינגעשפּארט אין א תפיסה פון אייז?

— יא, מיין הערר.

16טעס קאפּיטעל

## עס פעהלט לופט

מיר זיינען אלזאָ געוועזען געפאנגען אין אן אייז־געפענגנים. איבער אונז אייז, אונטער אונז אייז און אין אלע פיער זייטען ווידער אייז! נעד לענד האָט געקלאָפּט מיט דיא פויסטען אין טיש און האָט געשימפּפט און געפלוכט דעם קאפּיטאן, דיא "נאָטילוס" און דעם טאָג וואָס מיר זיינען אויף דער שיף אָנגעקומען. קאָנסייל איז געזעסען און געשוויגען. איך האָב א קוק געטהאָן אויף'ן קאפּיטאן און איך האָב געזעהן, אז ער איז רוהיג און קאלט וויא אימער. ער איז געשטאנען מיט דיא הענד צוזאמענגעלעגט אויף'ן ברוסט, אָבער זיין מינע איז געוועזען אונערשראָקען. דיא "נאָטילוס" איז געשטאנען אויף איין אָרט. נאָך א ווייל טראכטען האָט זיך דער קאפּיטאן אָבגערופען:

— ווארום דען ? — האב איך איהם געטרייסט — אז דער טונעל איז אין דיעזער זייט פערצאמט, וועט דער קאפיטאן געפינען א פרייען וועג אויף יענער זייט טונעל.

אין אמת'ן האב איך עס בלויז געזאגט, אום מיינע קאמעראדען צו בערו־היגען, אבער איך אליין בין געוועזן שטארק בעזארגט, ווייל איך האב שטארק געצווייפעלט אויב דיא "נאטילוס" וועט געפינען א וועג וויא אזוי פון דיעזער אייז־געפענגניס ארויסצוקומען, און טאמער טאקי ניט, וועט זיך אויסלאזען אזוי וויא דער קענעדע'ר האט געזאגט, אז מיר וועלען שוין דיא וועלט קיינמאל ניט אנזעהן.

— ניט אזוי לייכט וויא איהר זאגט — האט זיך לענד אבגערופען — ניט אזוי גיך וועט אייער משוגענער קאפיטאן געפינען א וועג וויא אזוי ארויסצו־דרעהען זיך פון דאנען.

— וואס מאכט עס אויס ? — האב איך ערווידערט — אייניגע שטונדען פריהער אדער שפעטער, אבי מיר וועלען פון דאנען ארויסקומען.

— און ביי מיר איז עס נאך א גרויסע פראגע ! — האט לענד בעזארגט געענטפערט.

איך בין אויף אייניגע מינוטען ארויס פון זאאל אין ביבליאטהעק. מיינע קאמעראדען זיינען פערבליבען זיצען שטיל. פאלענדיג אויף'ן דיוואן, האב איך גענומען א בוך אין האנד און אנגעפאנגען צו לעזען, אבוואהל פון גרויס ער־גערניס און אויפרעגונג האב איך קיין בעגריף געהאט פון דעם אינהאלט פון בוך. איך האב געקוקט אויף דיא טויטע בוכשטאבען, דיא שורות פון בוך זיינען געפלויגען פאר מיינע אויגען, אבער ווען אימיצער זאל מיך קומען פרעגען וואס איך לעז, וואלט איך ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען. אזוי האב איך ביי זיך געפיהלט און עס האט זיך באלד פאקטיש ארויסגעוויזען, אז עס איז טאקי אזוי, דען עס האט לאנג ניט געדויערט און קאנסייל איז צו מיר אריינגעקומען. ער האט א קוק געטהאן אין דעם אפענעם בוך און זיך אבגערופען :

— איז דאס אן אינטערעסאנטעס ווערק, וואס דער הערר לעזט ?

— זעהר אינטערעסאנט ! — האב איך קורץ געענטפערט.

— גאנץ געוויס — האט קאנסייל געזאגט — דאס איז דאך טאקי דעם העררן'ס פערפאסונג און דאס מוז העכסט אינטערעסאנט זיין.

איך האב זיך ארומגעקוקט און זיך איבערצייגט, אז איך האלט ווירקליך מיין אייגענעס ווערק "איבער דיא געהיימניסע פון גרונד פון ים" און איך האב זיך פאר זיך אליין שטארק פערשעהמט. איך האב דאס בוך צוגעמאכט און בין אריין צוריק אין זאאל. לענד און קאנסייל האבען זיך אויפגעהויבען ארויסצוגעהן.

— פערבלייבט דא, מיינע פריינדע — האב איך צו זיי געזאגט — ביז מיר וועלען פון דיעזען אייז־קאסטען ארויסקומען.

— ווען מיר וועלען צוריק קומען אויף דער ערד — האָט קאָנסייל געזאָגט — וועט זיא ביי אונז האָבען א פּנים עפּעס אזוי וויא א העסליכער געגענשטאנד אויף וועלכען עס איז מיאוס צו קוקען. ווארום וואָס פאר אן אויסזעהן האָט ווירקליך דיא ערד געגען אזוי פיעל געהיימניספאָלע שעהנהייטען פון דער נאטור וואָס מיר זעהן דאָ? וואָס פאר א ווערטה וועלען ביי אונז האָבען אלע קליינינ־קייטען וואָס מענשען־הענד האָבען געשאפען געגען דיא ערהאבענע זאכען וואָס מיר זעהען דאָ אונטער'ן אייז? דיא מענשען מיינען אז זיי קענען עפּעס אויפ־טהאָן, אז זיי קענען שאפען שעהנעס און ערהאבענעס, אָבער ניין! דיא בע־וואָהנטע וועלט איז גאָר ניט, א פינסטערניס איז זיא, א שווארצע, דונקעלע גרוב, אין פערגלייך מיט דיעזער רייצענדער, בעצויבערטער קאלטער וועלט!

דאָס איז געווען דאָס ערשטער מאָל וואָס איך האָב מיין קאלטבלוטיגען האָלענדישען דיענער געזעהן אזוי שטארק בעגייסטערט. קאָנסייל איז קיינמאָל ניט אזוי איבערראשט געווען און דיא לעצטע פאנאראמא האָט אויף איהם אזא שטארקען איינדרוק געמאכט! נעד לענד אָבער איז שטארק בייז געוואָרען אויף קאָנסייל'ס בעגייסטערונג און ער האָט צאָרנדיג אויסגעשריען:

—דיא בעוואָהנטע וועלט, זאָגט איהר, וועט ביי אייך קיין פּנים ניט האָ־בען? זייט נור רוהיג, מיר וועלען שוין אהין קיינמאָל ניט קומען, און איהר האָט זיך ניט וואָס צו ערגערען, וואָס זיא וועט אין אייערע אויגען אויסזעהן מיאוס.

עס איז דאמאָלס געווען ארום פינף דעם זייגער אין דער פריה. וועהרענד לענד האָט זיינע לעצטע ווערטער אויסגערעדט, האָבען מיר געשפּירט, אז דער פאָדערשטער טהייל פון שיף האָט זיך אָן עטוואָס אָבגעקלאפּט. דיא ערשטע פּאָר מינוטען האָב איך געגלויבט, אז דיא "נאָטילוס" איז געקומען אין צוזא־מענשטויס מיט א שטיק אייז, וואָס איז איהר אַנגעקומען אנטקעגען, אָדער דער אייז־טונעל, דורך וועלכען מיר פאָהרען, פערדרעהט זיך אָן א זייט און דער שפּיץ פון שיף האָט זיך אָבגעקלאפּט אָן דער אייז־וואנד. יעדענפאלס בין איך געווען זיכער, אז קאפּיטאן נעמאָ וועט שוין געפינען א מיטעל וויא אזוי אירגענד וועלכע הינדערניסע צו בעזייטיגען און מיר וועלען אונזער רייזע פאָרטזעצען, אָבער צו מיין גרויס ערשטוינען האָב איך באלד בעמערקט, אז דיא "נאָטילוס" פאנגט גאָר אָן צו שווימען צוריק. קאָנסייל האָט אויך דאָס זעלבע בעמערקט.

— מיר פאָהרען גאָר צוריק? — האָט קאָנסייל פערוואונדערט געפרעגט.

— יא! — האָב איך געענטפערט — וואהרשיינליך איז דאָ דער אייז־טונעל פערשפּארט מיט אייז און דיא שיף קען דאָ ניט דורכגעהן.

— אויב אזוי — האָט קאָנסייל בעזאָרגט געזאָגט — איז דאָך מיט אונז גאָר ניט פרעהליך. אויב אזוי קענען מיר דאָך דאָ פערבלייבען געפאנגען אויף אייביג.

— אך, וויא הערליך, וויא שעהן! — האָט קאָנסייל מיט בעגייסטערונג אויסגערופען — רענקט ניט דער הערר אזוי?

— יא, דאָס איז העכסט וואונדערבאר! — האָב איך אויסגערופען — ניט וואהר, קאמעראד לענד?

— צום טייפעל, עס איז פראכטפאָל! — האָט דער קענעדע'ר אויסגעשריען — אָבער מיך פערדריסט זעהר וואָס איך מוז עס צוגעבען. יא, עס איז אמת, אז אזא ערשיינונג קען קיינער אויף דער וועלט האָבען דיא געלעגענהייט צו זעהן, אָבער איך זאָג אייך, הערר פּראָפעסאָר, אז דאָס וועט אונז טהייער קאָסטען. א מענש טאָר ניט פערלאנגען צו זעהן אזעלכעס וואָס גאָט וויל האלטען פון איהם פערבאָרגען.

איך בין געוועזן מיט דער מיינונג, אז נעד לענד האָט רעכט. עס איז טאקי געוועזן צופיעל שעהן, צופיעל פּרעכטיג. דעם גן עדן קען מען שעהנער און פּרעכטיגער ניט פארשטעלען. דאָס איז ווירקליך געוועזן א פאָרשטעלונג פאר מלאכים, ניט פאר זינדיגע מענשען.

פּלוצלונג האָט קאָנסייל א געשריי געטהאָן. ער האָט זיך האסטיג אָבגעקעהרט פון פענסטער און האָט פערשטעלט ביידע אויגען מיט דיא הענד.

— וואָס איז מיט דיר, קאָנסייל? — האָב איך ערשראָקען געפרעגט.

— זאָל דער הערר שליסען דיא אויגען! — האָט ער געענטפערט — אָה, איך בין פערבלענדעט, פערבלענדעט!

איך האָב א קוק געטהאָן אין פענסטער, אָבער גלייך מיר האָט געשטראהלט אזא פייערדיגער גלאנץ, אז איך האָב עס ניט געקענט אויסהאלטען. עפּעס אזוי וויא דיא העלע זונן זאָל מיין פנים פערדעקען. איך האָב זיך אויך באלד אָבגעכאפּט צוריק מיט געשלאָסענע אויגען און איך בין שיער אומגעפאלען פון פּלוצלונגע איבערראשונג. איך האָב באלד פערשטאנען פון וואנען דאָס קומט. ביז יעצט איז דיא "נאָטילוס" געשטאנען אויף איין אָרט אזוי וויא איין א ים פון ליכט. אצינד אָבער האָט זיא אָנגעהויבען לויפען מיט פולע שנעלקייט און דער אונבעוועגליכער גלאנץ האָט זיך פערוואנדעלט אין לויפענדע שטראהלען און עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דיא שיף זאָל לויפען דורך א ים פון אונענדליכע בליצען.

אין יענעם מאָמענט האָבען זיך דיא לאָדענס פון דיא פענסטער געשלאָסען. מיר זיינען א היבשע ווילע געבליבען שטעהן מיט פערמאכטע אויגען, ווייל זיי האָבען אונז געשמערצט פון דער שטארקער ליכט. עס האָט געדויערט א היבשע צייט ביז אונזערע אויגען האָבען זיך אויסגערוהט און מיר האָבען בעקומען דיא רעגעלמעסיגע זעהונגס־קראפט.

— מיין גאָט, איך וואָלט קיינמאָל אין לעבען זיך אזא ערשיינונג ניט פאָרגעשטעלט! — האָט קאָנסייל אויסגערופען.

פון אויפהויבען זיך העכער. דער קאפיטאן איז וויא עס האָט אויסגעזעהן געוועזן פאַרזיכטיג אז דיא "נאָטילוס" זאָל זיך ניט אָבקלאפּען אָן דעם אויבערשטען אייז, אונטער וועלכען זיא איז געשוואומען.

— מיר זיינען נאָך גוט ארויסגעקומען — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען.

— יא — האָב איך געזאָגט — מיר האָבען גליקליך געשפּיעלט. מיר האָבען ערשט געקענט צודריקט ווערען צווישען צוויי בערג.

— מיר זיינען גערעטעט פון א קאלטען שרעקליכען טויט! — האָט קאָנסייל אויסגערופען.

— איהר זיינט נאָך ניט פערטיג! — האָט לענד געברומט — דיעזע פערדאמטע רייזע איז נאָך ניט געענדיגט.

איך האָב דעם בייזען מענשען ניט געוואָלט ענטפערען און איך האָב איהם צורוה געלאָזט. צו וואָס דיסקוטירען מיט איהם און מאכען איהם מעהר אויפגערעגט? אויסערדעם האָבען זיך אין יענעם מאָמענט געעפענט דיא לאָדענס פון דיא פענסטער און מיר האָבען געקענט זעהן וואָס דרויסען טהוט זיך. פאַר מיר איז געוועזן מעהר אינטערעסאנט ארויסצוקוקען אין ים איידער פערפיהרען געשפּרעכען מיט מיין אויפגערעגטען קאמעראד.

מיר האָבען זיך אלזאָ געפונען אין א פרייען וואסער, אָבער פוןביידע זייטען פון שיף זיינען געשטאנען גלענצענדע וועגד פון אייז. דיא קאלטע מעכטיגע וועגד זיינען געוועזן בלויז א דרייסיג פוס ווייט פון אונז. איבער דער "נאָטילוס" איז געוועזן א געוועלב פון אייז און אונטער אונז וויעדער אָן אייז־בארג. מיר זיינען אלזאָ געוועזן ארומגערינגעלט מיט אייז פון אלע זייטען, איינגעצאמט אזוי וויא אין אָן אייז־טונעל. אָבער קיין געפאהר האָב איך פאַרלויפיג ניט געזעהן, ווייל דער וועג פאר דער שיף איז געוועזן אָפען און דער אונטערשטער אייז איז געלעגען אונבעוועגליך. וואָס אנבעלאנגט דעם זאָגענאנטען טונעל, וועט ער זיך דאָך וואהרשיינליך ערגיץ ענדיגען און מיר וועלען דאן ארויסקומען פריי אין דער הויך אויף׳ן וואסער.

דיא עלעקטרישע ליכטונג אין סטעליע פון זאאל איז פערלאָשען געוואָרען. אָבער דאָס האָט ניט פינסטער געמאכט. דיא אויסערע לאנטערנעס פון שיף האָבען געוואָרפען זייער שיין ארום און ארום און עס איז געוועזן ליכטיג אזוי וויא אין מיטען טאָג. דער אָבשיין פון דיא אייז־וועגד האָט געפינקעלט און געבליאסקעט, אז עס האָט געבלענדעט אונזערע אויגען. עס איז אונמעגליך צו שילדערען דעם פּראכט און גלאנץ פון יענע שטראהלען, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיעגעלט פון דיא שפּיצען פון דיא אייז־וועגד אין פערשיעדענע קאָלירען און פארבען. מיר זיינען געוועזן אזוי וויא ארומגערינגעלט מיט א ים בעוועגליכע עדעלשטיינער און בריליאנטען. מיר האָבען דאמאָלס געפיהלט אזוי וויא מיר וואָלטען זיך געפונען אין א צויבער־פּאלאסט.

— קען איך פרעגען, מיין הערר, וויא אזוי דיעזער צופאל איז געקומען?

— האָב איך ווידער געפרעגט.

— אן אונגעהייער גרויסע שטיק אייז, א גאנצער בארג האָט זיך איבער־געקעהרט — האָט נעמאָ געענטפערט — דאָס פאסירט אמאָל, ווען עס קומט אָן א ווארימע שיכטע וואסער, אָדער פון א מעכטיגען שטויס פון איין אייז־בארג אָן צווייטען. אזא צופאל האָט דאָ יעצט פאסירט. א גרויסע מאסע אייז איז ארונטער אונטער אונזער שיף און זיא אויפגעהויבען. דיא "נאָטילוס" זיצט אלזאָ ערשט אויף אן אונטערוואסערדיגען אייז.

— אָבער דערצו איז דאָך פאראן א מיטעל. איהר קענט ארויסלאָזען דיא וואסער פון דיא רעזערוואוארס און דיא שיף וועט ארויפשווימען אין דער הויך!

— דאָס טהוט מען טאקי יעצט. איהר קענט, הערר פראָפעסאָר, הערען וויא דיא פומפען ארבייטען, און טהוט א קוק אויף'ן מאַנאָמעטער, וועט איהר זעהן, אז דיא "נאָטילוס" הויבט זיך אויף אלץ העכער און העכער. אָבער דער אייז־בארג שטייגט אויך צוזאמען מיט איהר און איך האָב שטארק מורא, אז אונזער לאגע וועט אלץ פערבלייבען איינע און דיא זעלבע, אויב אירגענד וועלכע הינ־דערנים וועט דיא בעוועגונג פון דעם אייז ניט אָבהאלטען.

אין דיא ריכטיגקייט איז אונזער שיף נאָך אלץ געלעגען אויף איהר רעכטע זייט, אָבוואָהל זיא איז שוין ארויפגעשטיגען ביי א הונדערט און פופציג פוס העכער. אויב דער אייז־בארג פון אונטען וועט זיך אזוי הויבען מיט דער שיף צוזאמען, קענען מיר קומען אין א גרויסע געפאהר. דיא "נאָטילוס" קען דער־גרייכען ביז'ן אויבערשטען אייז און זיא קען בלייבען שטעקען אָדער, לאָמיר זאָגען, איינגעמויערט צווישען צוויי אייז־בערג און מיר זיינען פערלאָרען. דיא שיף קען נאָך אזוי צודריקט ווערען און פון אונז וועט קיין זכר ניט בלייבען.

דיעזער געדאנק האָט מיך שטארק בעאונרוהיגט און איך האָב אָנגעהויבען ציטערען מיט אלע גליעדער.

פלוצלונג האָבען מיר דערשפּירט אין שיף א לייכטע בעוועגונג. עס איז דייטליך געווען צו בעמערקען, אז דיא שיף הויבט זיך ביסלעכווייז אויף און גלייכט זיך אויס. איך האָב אכטונג געגעבען אויף דיא וואנד און אויף'ן באָדען און איך האָב געזעהן און געשפּירט אז דיא "נאָטילוס" בויגט זיך אלץ פון רעכטס צו לינקס ביז זיא האָט זיך אין גאנצען אויסגעגלייכט.

— האָבען מיר זיך שוין אויפגעהויבען פון אייז־בארג? — האָב איך קוים אויסגעשטאמעלט.

— יא! — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט — דיא וואסער־בעהעלטער זיינען שוין באלד לעער און מיר מוזען נאָך העכער ארויפשטייגען.

מיט דיעזע ווערטער האָט קאפּיטאן נעמאָ פערלאָזען דעם זאאל. באלד אָבער האָב איך בעמערקט, אז אויף זיין בעפעהל האָט מען דיא שיף אָבגעהאלטען

און פון איהם אן אנטוואָרט אויף דיעזער פראגע צו בעקומען. מיר האָבען איהם געזוכט איבעראל, אין ביבליאָטהעק, אין דער קאיוטע פון דיא מאנשאפט, ביי דיא מיטעלסטע טרעפ, אָבער מיר האָבען איהם דאָרט ניט געפונען. און ניט נור איהם אליין האָבען מיר ניט געפונען, זאָנדערן קיינעם ניט, אזוי וויא אלע מענשען פון שיף זאָלען אויף א געהיימניספאָלען אופן פלוצלונג פערשוואונדען ווערען אָדער אויסשטארבען. געהן זוכען דעם קאפּיטאן אין זיין קאיוטע האָב איך ניט געוואגט. איך האָב מורא געהאט, אז דאָס וועט איהם אין צאָרן ארייננבריינגען און איך קען נאָך פון איהם קריגען אָנגעזידעלט. איך האָב געדענקט, אז ער איז פיליי‏כט אין שטייערמאן'ס שטיבעל, אָבער אהין האָב איך אויך ניט געוואָלט קומען אלס אונגעבעטענער גאסט.

מיר זיינען אריין צוריק אין זאאל און געווארט, פיליי‏כט וועט דאָך דער קאפּיטאן קומען. נעד לענד איז געוועזן שטארק אויפגערעגט און ער האָט ניט אויפגעהערט צו ברומען און פלוכען. איך האָב ניט געפונען פאר נויטיג צו פערפיהרען מיט איהם טענות און איך האָב איהם צורוה געלאָזט. אזוי זיינען פאָריבער אומגעפעהר צוואנציג מינוטען, דאן איז ענדליך קאפּיטאן נעמא ארייננגעקומען. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א רוהיגע און קאלטע מינע, דאָך האָט מען אויף איהם געקענט בעמערקען אז ער איז עטוואָס צוטראָגען. ניט קוקענדיג אויף אונז איז ער צוגעגאנגען און בעטראכט דעם קאָמפּאס, דעם מאָנאָמעטער און אנדערע אינסטרומענטען. באלד נאָכדעם האָט ער א היבשע ווײַלע געקוקט אויף דער ים־קארטע. איך האָב איהם ניט געוואָלט שטערען, אָבער ווען ער האָט אין א ווײַלע ארום אויף מיר א קוק געטהאָן, האָב איך איהם געפרעגט:

— איז עפּעס א סבה געשעהן, הערר קאפּיטאן?

— ניין! — האָט ער געענטפערט — א שטיקעל צופאל דיעזען מאָל.

— אן ערנסטער צופאל?

— פיליי‏כט.

— קען עס ברייננגען צו געפאהר?

— ניין.

— קען זיך דיא שיף ניט ריהרען פון אָרט? און ווער איז אין דעם שולדיג?

— ניט מיר. פון אונזער זייט איז קיין אונפאָרזיכטיגקייט בעגאנגען געוואָרען. דיא נאטור האָט אונז ערשט אָבגעטהאָן א שפּיצעל און מיר האָבען עס ניט געקענט פערהינדערען, ווייל קיינער האָט עס פאָראויס ניט געקענט וויסען. מיר זיינען גאנץ בראווע און קלוגע מענשען, אָבער דיא נאטור איז מעהר בריה פון אונז.

איך האָב פון דיעזען אנטוואָרט קיין ריכטיגע ערקלערונג ניט פערשטאנען.

געבליבען ליגען אויף'ן באָדען אין מיטען צימער. איך האָב בעמערקט, אז דיא "נאָטילוס" איז געבליבען ליגען פעסט אויף א זייט.

איך בין אויפגעשטאנען און האלטענדיג זיך ביי דער וואנד און טאפּענדיג אין דער פינסטער, בין איך דורכגעקראָכען דעם קאָרידאָר און בין אריין אין זאאל, וואו עס איז געווען ליכטיג פון דעם אויבערשטען עלעקטרישען לאָמפּ. איך האָב געזעהן, אז דיא מעבעל איז געווען צוואוואָרפען, דיא פּאָרטרעטען פון דער לינקער וואנד זיינען געווען אָבגערוקט פון איהר אויף א פוס ווייט. בלויז דיא גלעזערנע קאסטענס, וועלכע זיינען געווען צוגעשרויפט צום באָדען זיינען געשטאנען אויף זייער אָרט. איך בין דאן געווען איבערצייגט, אז דיא "נאָטילוס" ליגט אונבעוועגליך אויף איהר רעכטע זייט. איך האָב געהערט טריט אין שיף און פערשיעדענע שטימען רעדענדיג גאנץ הויך. קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך ניט בעוויזען און איך האָב גענומען ארויסגעהן פון זאאל, פיליכט וועל איך איהם אָנטרעפען און זיך פון איהם ערקונדיגען וואָס עס האָט פּאסירט. איידער איך בין פון זאאל ארויסגעגאנגען, זיינען נעד לענד און קאָנסייל אריינגעקומען.

— וואָס האָט דאָ פּאסירט? — האָב איך ביי זיי געפרעגט.

— דעם אנטוואָרט אויף דיעזער פראגע ווילען מיר פון דעם הערר ערפאהרען

— האָט קאָנסייל געענטפערט — ווייס דער הערר אויך ניט וואָס דאָ איז געשעהן?

— צום טייפעל! — האָט דער בייזער קענעדע'ר אויסגעשריען — איך ווייס גאנץ גוט, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען. דיא "נאָטילוס" זיצט פעסט און וויא עס ווייזט אויס וועט זיא יעצט ניט אזוי לייכט קענען ארויסקומען וויא דאמאלס פון דיא טאָרעס סטרייטס.

— אָבער וויא אזוי איז עס געקומען? — האָב איך געפרעגט — זיינען מיר דען פון אויבען אויף'ן אייז?

— דאָס ווייסען מיר ניט! — האָט קאָנסייל געענטפערט — און דעריבער זיינען מיר געקומען פרעגען, פיליכט ווייסט עס דער הערר.

— מיר קענען עס באלד ערפאהרען — האָב איך זיך אָבגערופען.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף'ן מאָנאָמעטער און איך האָב צו מיין גרויסע איבערראשונג אויסגעפונען, אז מיר זיינען אריבער טויזענד פוס טיעף אונטער'ן וואסער. אויף דיעזען אופן איז דאָך גאנץ לייכט ארויסצולאָזען דיא וואסער פון דיא וואסער־בעהעלטער און דיא שיף וועט זיך אויפהויבען אין דער הויך איבער דעם אייז אָדער דעם פעלז אויף וועלכען זיא זיצט, היינט וויא קומט עס וואָס דער קאפּיטאן ווענדעט ניט אָן דיעזען מיטעל? איך האָב דיא זאך ניט געקענט פערשטעהן און איך האָב מיינע קאמעראדען ניט געקענט געבען קיין ערקלערונג דעריבער.

**מיר זיינען ארויסגעגאנגען פון זאאל, אום דעם קאפּיטאן אויפצוזוכען,**

וואהרשיינליך אויך אנטלויפען. וואס אנבעלאנגט סילס און מארסען, קענען זיי דארט אויך פערבלייבען. דיעזע ברואים זיינען אימשטאנד איבערצוטראגען דיא שטארקסטע קעלטען און אום צו איינאטהמען פרישע לופט, האקען זיי אויס מיט זייערע שארפע צייהנער לעכער אין אייז און זיי האלטען עס שטענדיג אפען, אום פון דארט צו יעדער צייט פרייע לופט צו בעקומען. וואלפישען קענען אזא זאך ניט בעווייזען. זיי האט דיא נאטור בעשטימט צו וואנדערען, צו זוכען א נייעם קלימאט, ווען איין קלימאט ווערט זיי אונערטרעגליך. איך בין אלזא געווען איבערצייגט, אז דיא סילס און דיא מארסען וועלען אין יענע געגענד פערבלייבען דיא איינציגע הערשער, ביז דער וואָרימערער קלימאט וועט קומען און דער ים וועט ווערען אפען אזוי וויא פריהער.

אונטערדעבען זיינען דיא וואסער רעזערוואוארס פון דער "נאטילוס" אנגעפילט געווארען און מיר זיינען לאנגזאם ארונטער אין מעער ביז טויזענד פוס טיעף. דיא שרובע האט אנגעפאנגען צו ארבייטען און דיא שיף איז גע־שוואומען נאך נארדען מיט א שנעלקייט פון פופצעהן מייל א שטונדע. געגען אבענד זיינען מיר שוין געשוואומען אונטער דיא מעכטיגע אייז־בערג. דיא לאדענס פון דיא פענסטער זיינען געווען געשלאסען. וואהרשיינליך האט קאפי־טאן נעמא געוואוסט,־אז אונטער'ן וואסער שווימען אום שטיקער אייז און ער איז פארזיכטיג געווען, אז א צוזאמענשטויס מיט אן אייז־בארג זאל דיא שויבען ניט צושמעטערען. ווען דיא פענסטער וואלטען געווען אפען, וואלט איך פילייכט נייגעריג געווען צו קוקען וואס אין ים טהוט זיך, אבער אזוי וויא איך האב ניט געקענט ארויסקוקען אין דער פינסטערער וואסער־וועלט, האב איך זיך יענעם טאג בעשעפטיגט אין ברייננגען אין ארדענונג מיינע שריפטען. מיינע געדאנקען זיינען אבער געווען פערנומען און מיר איז מיין ארבייט אין קאפ ניט געקראכען. פערשיעדענע עראינערונגען האבען זיך געפלאנטערט אין מיין מח. איך האב פיעל געטראכט וועגען אלע פאסירונגען וואס האבען מיט אונז פאסירט ווער־רענד דיא מערקווירדיגע רייזע אויף דער "נאטילוס", וועגען דיא ענטדעקונג פון זיד־פאל און אנדערע איבערראשונגען וואס איך האב קיינמאל ניט ערוואר־טעט, און איך האב אויך פאנטאזירט וועגען וויַיטערע וואונדער און מערקוויר־דיגקייטען, וואס דיא רייזע וועט מיר נאך בעווייזען.

דיא קומענדע נאכט האב איך אויך נור געטראכט וועגען דיא פערגאנגענ־הייט און פאנטאזירט וועגען דיא צוקונפט. איך בין זעהר אונרוהיג געשלאפען. פערשיעדענע חלומות האבען געשטערט מיין שלאף און איך האב זיך געווארפען אויף אלע זייטען. אום דריי אוהר פארטאג האב איך פלוצלונג דערפיהלט א שטאר־קען שטויס. איך האב זיך אויפגעכאפט און זיצענדיג אויף מיין בעטעל האב איך זיך צוגעהערט וואס עס געהט פאר. באלד נאכדעם האט זיך דיא שיף אזוי שטארק א טרייסעל געטהאן, אז איך בין ארונטערגעפאלען פון בעטעל און בין

קאפיטאן נעמאָ האָט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף מיין שולטער און האָט געזאָגט:

— איך, קאפיטאן נעמאָ, האָב דעם 21טען מערץ, 1868, דערגרייכט דעם זיד־פּאָל ביים נײַנציגסטען גראד און איך נעהם דיא שטיק לאנד וואָס איך האָב ענטדעקט אונטער מיין שוץ. דאָס איז א זעקסטער וועלט־טהייל, וועלכער בעלאנגט צו מיר.

מיט דיעזע ווערטער האָט דער קאפיטאן ארויסגעשטעלט א שווארצע פאָהן, אויף וועלכע עס איז געווען אויסגענעהט א גרויסער גאָלדענער בוכשטאב "ען". ער האָט נאָך אמאָל בעטראכט דיא שטראָהלען פון דער זונן, וועלכע האָבען אָבגעלויכטען אויף'ן ים און ער האָט אויסגעשריען:

— אדיע, זונן! פערשווינד און רוה אונטער דיעזען ים, און לאָז דיא פינסטערע נאכט דאָ הערשען איבער מיין נייע ענטדעקטער לאנד!

מיר זיינען באלד ארונטער פון בארג און אָבגעפאָהרען צוריק צו דער "נאָטילוס".

15טעם קאפיטעל

## אין אַ געפענגניס פון אייז

דעם נעכסטען טאָג, דעם 22טען מערץ, אום זעקס אזייגער אין דער פריה האָבען זיך אָנגעפאנגען דיא פאָרבערייטונגען צו דער צוריקקרייזע. דער לעצטער ליכט־שיין איז פערצויגען געוואָרען מיט א נאכט־דונקעלהייט. דיא קעלט איז געווען זעהר שטארק — אזוי שטארק, אז שטעהענדיג אויף'ן דעק האָט זיך אין גאנצען קערפּער געפיהלט א שטעכענדיגער שמערץ. שטיקער אייז האָבען זיך פערמעהרט אויף'ן ים און דאָס וואסער האָט איבעראָל אָנגעהויבען צו פריהרען. וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז יענער זידליכער אָפענער מעער, אין דער צייט פון דיא ווינטער זעקס מאָנאטען, אָדער דורך דער לאנגער גרויסער לאנגער נאכט אויך בעדעקט מיט אייז. וואו וועלען זיך הינטהאָן דיא וואלפישען, ווען דער מעער וועט זיין פערצויגען מיט אייז? וויא אזוי וועלען זיי קענען איבערטראָגען דיא שרעקליכע קעלטען און וויא אזוי וועלען זיי קענען לעבען אונטער'ן וואסער אָהן לופט? וואהרשיינליך, וועלען זיי אונטער דיא אייז־בערג דורכשווימען אין א ווארימערע געגענד, וואו דער ים איז אָפען, וואו זיי וועלען קענען אומשווימען פריי, אזוי וויא זיי זיינען דאָ פריי געווען ביז דיא פינסטערע, לאנגע און פראָסטיגע נאכט איז געקומען. פויגלען, האָבען מיר געזעהן, פליהען שוין אוועק סטאדעסווייז. זיי אנטלויפען פון דעם שרעקליכען ווינטער. דיא וואלפישען און אנדערע ים־טהיערע וואָס קענען ניט אריבערטראָגען קיין אונגעהייער גרויסע קעלט און וואָס מוזען האָבען א פרייען פּלאַץ צו אָטהמען, וועלען

אויסלייטערען. דיא וואָלקענס האָבען זיך געצויגען נאָך זידען; דער טהוי האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם קאַלטען מעער־שפּיגעל העכער אין דער לופט און עס איז געוואָרען העלער און ליכטיגער. קאַפּיטאַן נעמאָ איז צוגעגאַנגען צו יענעם בערגעל, ביים ברעג ים, אום פון דאָרט דיא בעאָבאַכטונגען צו מאַכען. דאָס ארויפשטייגען אויף'ן בערגעל איז אונז אָנגעקומען שווער. מיר האָבען געדאַרפט קלעטערען איבער שפּיציגע, וואולקאַנישע שטיינער און א שטארקער גערוך פון שוועבעל האָט אונז געמאַכט שווער צו אָטהעמען. איך האָב געדענקט, אז פאַר'ן קאַפּיטאַן, וועלכער איז שוין אָבגעוואָהנט פון טרוקענע לאַנד, וועט אונמעגליך זיין דיא שטיקעל וועג דורכצומאַכען, אָבער אין דיא ווירקליכקייט האָט ער זיך בעוועגט פיעל לייכטער און ער האָט געמאַכט שנעלערע טריט פון אונז.

צוויי שטונדען האָט ביי אונז געדויערט ביז מיר זיינען געקומען אויף'ן שפּיץ בארג, וועלכער איז דורכאויס געוועזען בעדעקט מיט פּאָרפירי און באַסאַלט־שטיינער. דיא פּאַנאָראַמאַ ארום איז געוועזען גרויסאַרטיג. אין איין זייט האָבען מיר געזעהן ווי דער אונענדליכער ים קומט זיך צוזאמען מיט'ן הימעל. אין אַן אנדער זייט ווידער האָבען געפינקעלט שנעע־פעלדער, וואָס האָבען געבלענדט דיא אויגען מיט זייער וואַסקייט, און איבער אונזערע קעפּ איז געוועזען פערשפּרייט דער ריין־בלויער הימעלס געוועלב. דיא "נאָטילוס" האָט פון ווייטענס אויסגעזעהן אזוי וויא א שלאָפענדער ריעזיגער וואַלפיש.

א פיערטעל פאַר צוועלף האָט זיך דיא זונן בעוויזען ביים ברעג פון נאָרדליכען הימעל. זיא האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א קיילעכדיגע שטיק גאָלד, וועלכע האָט געשיינט און געבליאסקעט, שיקענדיג איהרע לעצטע שטראַהלען אויף דיעזער איינזאַמער און פערלאָזענער וועלט. קאַפּיטאַן נעמאָ האָט אָנגעשטעלט זיינע אפּאַראַטען, אום דעם שטאַנד־פּונקט פון דער זונן ריכטיג אויסצומעסטען. איך האָב אויך דיא אינסטרומענטען בענוצט, אום אליין איבערצייגט צו זיין, אויב מיר זיינען אויף'ן פּאָל. אויב דיא זונן וועט פּונקט צוועלף אוהר אריינשיינען אין מיטעל פּונקט פון א געוויסע גלאָז, דאַן זיינען מיר ווירקליך ביים זיד־פּאָל, ביי דער ענדע פון ערד־קוגעל, וואו קיין מענש איז נאָך ביז יעצט ניט געוועזען.

— צוועלף אוהר! — האָב איך אויסגערופען מיט אַן אויפגערעגטע שטימע.

— דער זיד־פּאָל! — האָט דער קאַפּיטאַן אויסגעשריען, אָנצייגענדיג וויא דיא זונן שניידט דורך דיא גלאָז פּונקט אין מיטען.

איך האָב בעטראַכט דיא לעצטע שטראַהלען פון דער זונן, וועלכע האָט זיך געזעגענט מיט יענע געגענד אויף פולע זעקס מאָנאַטען. א דונקעלהייט האָט אָנגעהויבען בעדעקען דיא ניעדעריגע טהיילען פון דאָס וויסטע לאַנד, איבער וועלכע עס וועט באַלד אָנפאַנגען הערשען א לאַנגע, האַלב יעהריגע נאַכט.

לען, וואָס דרינגען ארויס פון אונטער דיא וואָלקענס. אויב דיעזער רעכענונג וועט ניט זיין אזוי פינקטליך מאכט אויך ניט אויס, ווייל קיין גרויסען טעות קען איך ניט מאכען.

דער קאפיטאן איז אוועקגעפאָהרען צוריק צום שיף און איך מיט מיין דיענער זיינען פערבליבען אויף'ן לאנד ביז פינף אוהר נאָכמיטאָג. מיר האָבען דאָרט ווידער אויף יעדען שריט און טריט געהאט צו בעוואונדערען דיא מערקווירדיגקייט פון דער נייער אונבעקאנטער שטיק וועלט. פערבייגענדיג האָב איך געפונען אן איי פון א מין פויגעל. דיא איי איז געוועזן זעהר גרויס, אויסערגעוועהנליך גרויס, פון גרויען קאָליר, מיט שטרייפען און צייכענס, וואָס האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא דיא פערצייטינע עגיפטישע היראָגליפען. פאר אזא זעלטענהייט וואָלט יעדער אנטיקען־זאמלער זיכער געגעבען אמווייניג־סטען טויזענד פראנק. איך האָב עס איבערגעגעבען קאָנסייל'ען, וועלכער איז דערמיט געוועזן זעהר פאָרזיכטיג און עס געבראכט גאנץ אויף דער שיף.

אויף מאָרגען בין איך אויפגעשטאנען גאנץ פריה, ארום פינף אוהר. איך בין באלד ארויף אויף'ן דעק און איך האָב דאָרט דעם קאפיטאן געטראָפען.

— דאָס וועטער שיינט קלעהרער צו ווערען — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך האָף אז ביז מיטאָג וועט דער הימעל ווערען פאָלשטענדיג ריין און מיר וועלען אונזערע בעאָבאכטונגען קענען מאכען. נאָך פריהשטיק וועלען מיר צו־פאָהרען אויף'ן לאנד און מיר וועלען דאָרט אָבזוכען א פאסענדען פלאץ דאפיר.

איך האָב דיעזען מאָל פאָרגעשלאָגען לענד'ען, אז ער זאָל מיט אונז אויך מיטפאָהרען, אָבער דער הארטנעקיגער האלבער פראנצויז האָט מיר מיט כעס געענטפערט, אז ער וויל קיין אנטהייל נעהמען אין קיין זאך. זאָגאר דיא אויס־זיכטען צו מאכען יאגד האָט איהם דיעזען מאָל אויך ניט געררייצט. עס האָט אויף איהם קיין איינדרוק געמאכט און ער איז געוועזן טרויעריג און פול מיט צאָרן.

מיר זיינען נאָך פריהשטיק אוועקגעפאָהרען. דיא "נאָטילוס" איז אין פערלויף פון דער נאכט איינינע מיילען צוריק אָבגעשוואומען און ביים נאָ־הענטסטען ברעג האָבען מיר געזעהן א בערגעל, אומגעפעהר פופצעהן הונדערט פוס הויך. פאָהרענדיג האָב איך געזעהן וואלפישען, פון דריי פערשיעדענע מינים, וועלכע געפינען זיך נור אין דיא וואסערען פון זידליכען וועלט־טהייל. דיעזע טהיערע פיהלען זיך דאָרט בעקוועם, ווייל זיי ווערען דאָרט ניט פערפאָלגט פון מענשען און זיי שווימען ארום לוסטיג אין דיא רוהיגע וואסערען. איך האָב דאָרט אויך בעמערקט א בעזונדער מין פון לאנגע ווייסע מאָלוסקען, וועלכע לעבען גאנצע קאָמפּאניעס אָדער געזעלשאפטען צוזאמען, און אויך אנדערע ברואים, וועלכע מען בעגעגענט זעלטען אין אנדערע ימים.

אום ניין אוהר האָבען מיר געלאנדעט. דער הימעל האָט זיך אָנגעפאנגען

רוהיג און צוטרויליך. מיר זיינען דארום א לאנגע צייט געשטאנען גאָר ניט ווייט פון זיי און זיי האָבען זיך פאר אונז ניט געשראָקען.

ווען איך האָב דיעזע ברואים גענוי בעאָבאכטעט און בעטראכט, האָב איך בעשלאָסען צוריק צו קעהרען צו דער "נאָטילוס". דער זייגער איז שוין געוועזען עלף און וויא עס האָט אויסגעזעהן, וועט דיעזען טאָג אויך אונמעגליך זיין אויפצונעהמען דיא זונן־צייכענס, אום צו וויסען גענוי, אויב מיר זיינען שוין ביי'ם פּאָל אָדער ניט, ווייל דאָס מוז געשעהן אום האלבען טאָג און קיין זוננען־שיין האָט מען פאָרלויפיג ניט געזעהן. אונטער'ן הימעל האָבען אומגע־שוועבט גרויסע שטיקער וואָלקען, וועלכע האָבען דיא זונן פערפינסטערט און איך האָב שטארק געצווייפעלט, אויב דיא קעניגין פון טאָג וועט זיך בעווייזען אין איהר פולען גלאנץ און פראכט. אין א האלבע שטונדע ארום זיינער מיר אָנגעקומען צו אונזער שיפעל. דאָרט האָבען מיר געפונען קאפּיטאן נעמאָ שטע־הענדיג ביי א פעלז מיט זיינע אינסטרומענטען און זיינע אויגען זיינען געוועזען געריכטעט צום הימעל, צום פּונקט וואו דיא זונן האָט געדארפט ארויסקומען פון אונטער'ן וואָלקען. איך האָב זיך אוועקגעשטעלט נעבען איהם שטיל און רוהיג און ערווארטעט דעם מאָמענט, ווען דיא זונן וועט זיך בעווייזען. דיא מיטאָגס שטונדע איז שוין נאָהענט און גראדע, אזוי וויא צו להכעיס, בעווייזט זיך דיא זונן ניט. יעדע ווייל־ע דאכט זיך מיר, אז אָט פערשווינדעט דער וואָלקען און דיא זונן גיהט ארויס פון איהר בעהעלטענים, אָבער עס לאָזט זיך אויס אנדערש. עס איז אלזאָ זעהר א שלעכטע זאך. אויב עס וועט אונז מאָרגען אויך ניט געלינגען צו מאכען דיא בעאָבאכטונגען אויף דער זונן, דאן איז שוין פערפאלען. דאן וועט פאר אונז אליין פערבלייבען א געהיימניס, אויב מיר האָבען דערגרייכט דעם זיד־פּאָל אָדער ניט. יענער טאָג איז געוועזען דער 20טער מערץ און פון דעם 22טען מערץ פאנגט זיך אין יענע געגענד אָן דיא זעקס מאָ־נאטען לאנגע נאכט. מאָרגען וועט אלזאָ דיא זונן מיט איהרע לעצטע שטראה־לען בעלייכטען דעם נאָרדליכען ברעג הימעל און דאן וועט זיא אונטערגעהן און זיא וועט זיך ערשט בעווייזען אין א האלב יאָהר ארום. איך האָב מיין בעדויערען אויסגעדריקט פאר'ן קאפּיטאן.

— איהר האָט רעכט, הערר אראָנאקס — האָט ער צו מיר געזאָגט — אויב מיר וועלען מאָרגען אויך ניט קענען בעווייזען אויפצונעהמען דיא זוננען־ציי־כענס, דאן קענען מיר עס מעהר ניט טהאָן. יעדענפאלס, וועל איך שוין פון דאנען מיט ליידיגען ניט אוועקפאָהרען. אז דער צופאל האָט מיך שוין יא אהער געבראכט, וועל איך מיך שוין ערקונדיגען, אויב מיר האָבען ענטדעקט דעם זיד־פּאָל אָדער ניט.

— וויא אזוי וועט איהר עס מאכען? — האָב איך נייגעריג געפרעגט.

— איך וועל עס אויסרעכענען נאָך דעם אָבשיין פון דיא זוננען־שטראה־

טהיידינגענדיג זייערע קליינוואַרג קענען זיי א פישער־שיפעל צוברעכען אויף פיטצלאך. זיי זיינען נור גוט און פריעדליך ווען מען טשעפּעט זיי ניט, קוים אָבער פאנגט מען זיך מיט זיי אָן זיינען זיי שרעקליכע מזיקים.

— זיי האָבען פאָלקאָמען רעכט — האָט קאָנסייל געזאָגט.

— ווער זאָגט דען אז ניט? — האָב איך זיך אָבגערופען — יעדעס לעבעדיגעס וועזען האָט דאָס רעכט צו פערטהיידיגען זיך פון שונאים. ווען ניט דיעזער אינסטינקט, ווען ניט דיעזער געפיהל, וואָלטען פיעלע ברואים פון דער וועלט אָבגעמעקט געוואָרען.

צוויי מייל ווייטער זיינען מיר געקומען צו א קליינעם בערגעל, ביים דרום זייט פון האפען, וועלכער פאלט אראָב אזוי וויא א גלייכע וואנד אין מעער. הינטער דיעזען בערגעל האָבען מיר געהערט א געוואלדיגען ברילען, אזוי וויא פון א גאנצע סטאדע בהמות.

— זעהר שעהן, א קאָנצערט פון אָקסען! — האָט קאָנסייל געלאכט.

— ניין — האָב איך זיך אָבגערופען — דאָס איז א קאָנצערט פון מאָר־סען אָדער ים־פערד. זיי שרייען אזוי אין דער צייט ווען זיי קעמפּפען צווישען זיך, אָדער ווען זיי שפּיעלען זיך.

מיר האָבען אָנגעהויבען אריבערשטייגען דעם פעלזען־בערגעל, אויס נייגעריגקייט צו זעהן וואָס דאָרט געהט פאָר. עס איז געווען א שווערע שטיקעל וועג. מיר האָבען זיך זעהר אָפט אויסגעגליטשט אויף דיא גלאטע שטיינער און מיר האָבען זיך געמוזט אָנהאַלטען איינער אָן דעם אנדערען. קאָנסייל איז געווען געשיקטער אויף דיא פיס וויא איך און מיט זיין הילף האָבען מיר ענדליך ארויפגעקלעטערט אין דער הויך. מיר האָבען פון דאָרט געזעהן א פלאכען טהאָל, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט מאָרסען. דיא טהיערע האָבען זיך לוסטיג געשפּיעלט אָדער געשטיעפּט. זיי זיינען ארומגעשפּרונגען, אומגעטאנצט און געשטויסען איינע דיא אנדערע פון פערגעניגען וועגען.

דיא מאָרסען אָדער דיא ים־פערד זיינען מערקווירדיגע ברואים. דער געבוי פון זייער קערפּער איז כמעט עהנליך צו א סיל (ים־הונד), מיט דעם אונטערשיעד וואָס זיי, דיא מאָרסען בעזיצען ציינער, וועלכע זיינען געשליפען גלאט און ווייס אזוי וויא עלעפאנט־ביין. דיא ציינער זייערע האָבען א גרויסען ווערטה און דארום ווערען דיעזע ברואים פערפאָלגט פון יעגער און מעגליך, אז מיט דער צייט וועט מען זיי אין גאנצען אויסראָטען. אין דיא מעהר בעזוכטע נאָרד־געגענדען זיינען זיי זעהר שרעקעדיג, ווייל זיי ווייסען, אז זיי קענען זעהר אָפט בעפאלען ווערען פון יעגער, און ווען עס קומט זיי אויס אירגענד וואו אוועקצולייגען זיך רוהען, שטעלען זיי אויף ווייט ארום וועכטער, וועלכע גיבען זיי צו וויסען אין פאל ווען א געפאהר קומט. דאָ אָבער וואו זייער ביטערער פערפאָלגער, דער מענש האָט זיך נאָך ניט בעוויזען, זיינען דיא טהיערע גאנץ

ווייל ער איז שטארק ניט צופריעדען מען זאָל אָהן נוצען פערגיסען דאָס בלוט פון אונשעדליכע בעשעפעניסע.

— און ער האָט פאָלקאָמען רעכט! אָבער וויל דער העדר מיר ערקלערען דיא נעמען פון דיעזע ברואים?

— דאָס זיינען סילם (ים־הינד) און מאָרסען (ים־פערד), און מיר האָבען ערשט א גוטע געלעגענהייט זיי גענויער צו בעטראכטען.

עס איז געווען אכט אוהר אין דער פריה. מיר האָבען נאָך אלזאָ געהאט פיער שטונדען ביז מיטאָג. מיר זיינען אוועק צו א גרויסען נאטירליכען האפען, וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט גראניט שטיינער. דאָרט האָבען זיך געפונען נאָך מעהר זויג־טהיערע. דער גאנצער ברעג און דאָס וואסער ארום איז געווען בעדעקט מיט דיא ים־חיות, און ניט ווילענדיג האָבען מיינע בליקען געזוכט דעם מיטהאָלאָגישען פאסטוך פראָטעאוס, וועלכער פיטערט דיא סטאַדעס פון דעם מעער־גאָט נעפטון, וויא דיא גריכישע לעגענדע דערצעהלט. דאָרט זיינען געווען מעהר סילם (ים־הינד) וויא אנדערע טהיערע. גרופּפּען־ווייז אָדער פאמיליען־ווייז זיינען זיי אומגעשוואומען, אָבגעזונדערט איינע פון די אנדערע. דיא וואָס האָבען זיך געפונען אויף דער יבשה זיינען אויך געלעגען גרופּפּען־ווייז. דער "ער" האָט בעוואכט די האלב־ערוואקסענע קינדער און די "זיא" האָט געזויגען און געצערטעלט דיא גאנץ יונגע קינדער. זייערע בעוועגונגען אויף דער ערד זיינען געווען שווער, קוים וואָס זיי האָבען זיך געריהרט, אָבער אין וואסער האָבען אפילו דיא קליינוואָרג אומגעשוואומען פאָרטרעפליך, און עס איז געווען אינטערעסאנט צו קוקען וויא זיי האָבען מאנעווורירט און געקוקט מיט זייערע סאמעט־שווארצע אויגען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן שעהן, מילד און צוויבערהאפט, אזוי וויא ביי א שעהנע פרויענצימער. איך האָב מיין דיענער ערקלערט, אז ביי דיעזע ברואים זיינען דיא געהירען ענטוויקעלט מעהר וויא ביי אלע אנדערע זויג־טהיערע. אין דיעזער הינזיכט שטעהן דיא סילם אין דער צווייטער רייהע פון מענשען, וועלכער איז דער בחיר כל היצורים — דער פאָלקאָמענסטער פון אלע בעשעפעניסען. מען קען דארום דיעזע חיות אייניגערמאַסען בילדען, און ווען מען זאָל זיך נעהמען דיא מיה זיי צו לערנען, וואָלט מען פון זיי געקענט מאכען גוטע יאגד־הינד צו פאנגען פיש אָדער אנדערע ברואים אין ים. צווישען אנדערע חיות האָבען מיר דאָרט אויך געזעהן זעע־עלעפאנטען, מיט קורצע בעוועגליכע שנויצען. דיא גרעסערע פון זיי זיינען אריבער דרייסיג פוס לאנג און צוואנציג פוס דיק. זיי האָבען זיך אויך פון אָרט ניט געריהרט, ווען מיר זיינען צו זיי נאָהענט צוגעקומען.

— זיינען דיעזע טהיערע געפעהרליך? — האָט קאָנסייל געפרעגט.

— ניין. מען דארף זיי נור ניט אָנגרייפען. ווען אָבער מען אטאקירט זיי אָדער מען וויל בייזעס טהאָן זייערע קינדער זיינען זיי געפעהרליך. פער־

נאַטור האָט זיי בעשאַפען מיט אזא אינסטינקט, אום דאָס לעבען אין דיא קאַלטע געגענדען זאָל זיי זיין אנגענעהם און זיי זאָלען קענען עקזיסטירען אויף דער וועלט. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען ווייטער צו דרום זייט און מיר זיינען אָבגעפאָהרען ביי א צעהן מייל פון דעם פלאַץ וואו דיא שיף איז פריהער געשטאַנען. דיא געגענד איז געווען האלב בעקוויכטען פון דער זונן וואָס האָט זיך אָנגעהויבען בעווייזען פון אונטער דיא וואָלקענס, ביים ברעג פון האָ־ריזאָנט.

אויף מאָרגען, דעם 20טען מערץ, האָט דער שנעע אויפגעהערט. דערפאַר איז אָבער שטאַרק קאַלט געוואָרען. דער נעבעל האָט ארויפגעשטייגט און מען האָט געקענט האָפען, אז אין דיעזען טאָג וועט מען קענען מאַכען דיא אונטער־זוכונגען נאָך דעם גאַנג פון דער זונן און מיר וועלען ערפאהרען פינקטליך וואו מיר זיינען אין דער וועלט.

דיא "נאָטילוס" איז געשטאַנען ניט ווייט פון ברעג. קאַפּיטאַן נעמאָ איז ערגיץ געווען אין זיין קאַיוטע אָדער אירגענד אנדערשוואו אין שיף און ער האָט זיך אויף'ן פּלאַטפאָרם ניט בעוויזען. איך און מיין דיענער קאָנ־סייל האָבען זיך דערווייל אריינגעזעצט אין א שיפעל און מיר זיינען צוגעפאָה־רען צום לאַנד. אויף דאָרט איז דער באָדען געווען בעדעקט מיט א רויטע מאַסע פון וואולקאַנישע באַסאַלט־שטיינער, אָבער קיין קראַטער האָבען מיר דאָרט אויך ניט געזעהן. אויסער דיא מאַסען פויגלען זיינען דאָרט אויך געווען פיעלע זויג־טהיערע פון מעער, וועלכע האָבען אויף אונז געקוקט מיט זאַנפטע בליקען. מיר האָבען דאָרט געזעהן ים־הינד פון פערשיעדענע זאָר־טען. א טהייל פון זיי זיינען געלעגען אויף דער טרוקענער ערד, פיעלע אנדערע האָבען זיך ארומגעטריבען אין וואַסער צווישען שטיקער שווימענדע אייז און מאַנכע זיינען ארויסגעקומען אויף'ן ברעג און געשפּרונגען צוריק אין וואַסער. דאָס איז ביי זיי געווען א מין שטיעפעריי אָדער א שפּיעל, פון וועלכען זיי האָבען זיך אמוזירט. זיי האָבען ניט געוואוסט, דיא דאָזיגע ברואים, וואָס פאַר א געפעהרליכע בעשעפּעניס דער מענש איז און זיי זיינען פאַר אונז ניט אנטלאָפען, ווען זאָגאַר מיר זיינען צו זיי גאַנץ נאָהענט צוגעגאַנגען.

— עס איז ווירקליך גוט וואָס לענד איז מיט אונז אהער ניט געקומען — האָט קאָנסייל צו מיר געזאָגט — אזא ליידענשאַפטליכער יעגער וויא ער איז, וואָלט דיעזע אלע אונשולדיגע ברואים באַלד פערטיג געמאַכט.

— אלע, איז צופיעל געזאָגט! — האָב איך לאַכענדיג ערווידערט — עס איז קיין צווייפעל ניט, אז אונזער קענעדע'ר וואָלט אייניגע פון דיעזע טהיערע געטויטעט מיט זיין האַרפּון אָדער מיט א ביקס, אָבער אויסראָטען אלע וואָס זיינען דאָ פאַראַן, איז ניט פאַר זיינע כחות. און ווען ער זאָל איי־ניגע פון זיי האַרפּונירען, וואָלט עס קאַפּיטאַן נעמאָ זעהר ניט געוואָלט ליידען,

דיעזע פויגלען זיינען געווען גרויס אזוי וויא גענז און זיי האבען געברומט אזוי וויא עזלען. זיי זיינען פאר אונז ניט אנטלאפען און עס איז געווען לייכט זיי צו פאנגען אדער טויטען מיט א שטיין אדער מיט וואס עס איז. מען האט ניט געדארפט זיין קיין געניטער יעגער אנצופיהרען א יאגד אויף זיי. קאפיטאן נעמא האט פיעלע פון זיי געכאפט מיט דיא הענד און זיי האבען זיך ניט געוועהרט. דיא געגענד איז נאך אלץ געווען איינגעוויקעלט אין א דונקעלען נעבעל, דער הימעל פערוואלקענט און דיא זונן האט זיך ניט בעוויזען, אבוואהל עס איז שוין געווען עלף אוהר פארמיטאג. איך בין דערפון זעהר אונרוהיג גע־ווען, ווייל אויב דיא זונן וועט זיך ניט בעווייזען ביז האלבען טאג, וועט ניט מעגליך זיין צו וויסען דעם ריכטיגען פונקט וואו מיר געפינען זיך און מיר וועלען פערבלייבען אין ספק, אויב מיר האבען דערגרייכט דעם זיד־פאל אדער ניט. קאפיטאן נעמא איז געשטאנען א היבשע שטרעקע ווייט פון אונז, אנגעשפארט אן א פעלזען און זיינע אויגען זיינען געווען געריכטעט צום הימעל. אויף זיין געזיכט איז געווען צו דערקענען, אז ער איז בייז, אונגעדולדיג און צוטראגען. איהם האט וואהרשיינליך פערדראסען וואס ער קען ניט בעהערשען דיא זונן, אקוראט וויא ער בעהערשט דעם מעער.

עס איז געקומען מיטאג צייט און דיא זונן האט זיך נאך אלץ ניט בע־וויזען. אונטער דעם געדיכטען וואלקען איז זאגאר ניט געווען צו בעמערקען וואו דיא זונן געפינט זיך. באלד האט עס אנגעהויבען שנעען און מיר זיינען שוין זיכער געווען, אז יענעם טאג וועלען מיר שוין קיין זאך ניט וויסען.

— מיר מוזען ווארטען אויף מארגען! — האט קאפיטאן נעמא מיט א טאן פון פערצווייפלונג געזאגט, און באלד האבען מיר זיך געזעצט צוריק אויף'ן שיפעל און אבגעפאהרען צו דער "נאטילוס".

וועהרענד דיא צייט פון אונזער אבוועזענהייט האט מען פון דער "נאטילוס" אויסגעשטעלט דיא נעטצען און איך האב מיט פיעל אינטערעסע בעטראכט דיא געפאנגענע פישען וואס מען האט ארויפגעצויגען. אין דיעזע פאלאר־וואס־סערען געפינען זיך איינינגע זארטען וואנדער־פישען, וואס קומען אהין פון דיא העכערע וועלט־געגענדען, וואו זיי זיינען וויינינגער זיכער וויא אין דיעזע איינזאמע מעערען, אבוואהל דארט האבען זיי אויך שונאים און זיי פאלען אפט אריין אין דיא שארפע צייהן פון מעער־שווינען און אנדערע רויב־טהיע־רע פון ים.

דער שנעע שטורם איז זעהר שטארק געווארען און מיר האבען אויף'ן דעק ניט געקענט פערבלייבען. זיצענדיג אין זאאל ביים שרייב־טיש האב איך געהערט דיא געשרייען פון דיא שטורם־פויגעל און אלבאטראסען, וועלכע פיה־לען זיך מונטער און אבגעפרישט ביי אזעלכע וועטערען. זיי האבען הנאה פון שנעע און שטורם, אקוראט וויא זומער־פויגעלאך פון ליעבען זומער. דיא

מיט פייער, דען עס האט זיך געהערט א שטארקער שוועבעל גערוך און דיא רויטע מאסע אויף דער ערד האט אויך געשיינט צו זיין פון דיא שטויב פון א וואולקאן. דאך ארויפגעהענדיג אויף א הויכען פלאץ, האב איך אין א קרייז פון אייניגע מיילען ארום קיין קראטער (וואולקאן עפענונג) ניט בע־מערקט.

דיא פרוכטבארקייט פון יענע געגענד איז געווען זעהר ארעם. אויף דיא נאקעטע, שווארצע פעלזען האבען זיך געזעהן אייניגע פלאנצען, אבער זעהר מאגערע און ניט געראטענע, אזוי וויא דיא וואס וואקסען געוועהנליך אין וויסטעניסע. ביים ברעג וואסער ,יינען געלעגען פיעלע מאלוסקען (ווייך־טהיערע), מושעלען און אנדערע קליינע בעשעפעניסע. עס האבען דארט אויך געזשומעט מיליארדען פליעגען, וועלכע זיינען דיא ליעבלינג שפייז פון וואלפישען. דיעזע פליעגען זיינען בעקאנט אונטער דעם נאמען "קליאסען". זיי זיינען עטוואס מעהר וויא אן אינטש לאנג. א וואלפיש קען איינשלינגען א וועלט מיט אזעלכע ברואים'לאך מיט איין מאל.

דאגעגען איז אבער דיא לופט געווען זעהר רייך בעלעבט. פויגלען פון פערשיעדענע זארטען און גאטונגען זיינען אומגעפלויגען און אומגעפלאטערט טויזענדעווייז. אנדערע האבען גאנץ געדיכט בעדעקט דיא פעלזען ביים וואסער, האבען געקוקט אויף אונז גאר אהן שרעק און זאגאר צוגעפלויגען נאהענט צו אונז. עס זיינען צווישען זיי געווען פינגווינס (פעט־גענז אין דייטש), וועלכע זיינען אין וואסער פלינק און בעוועגליך אזוי וויא פיש. אבער אויף דער טריקעניס קענען זיי זיך קוים בעוועגען. דיעזע פויגלען האבען ארויסגעלאזט אזעלכע קולות, אז עס האט אונז איינפאך געקלונגען אין דיא אויערען. מיר האבען דארט אויך געזעהן אלבאטראסען, וועלכע בעזיצען פליעגעל וואס זיינען איבער דרייצעהן פוס לאנג. דארט האבען זיך אויך געפונען גאנצע מחנות שטורם־פויגלען, בלאה און וויים, מיט ברוינע פליעגלען. דיעזע פויגלען זייי־נען אזוי דיק, אז זייער לייב בעשטעהט איינפאך פון חלב אדער געדיכטע אויל. אויף דיא פאראי אינזלען, וואו זיי געפינען זיך פיעל, ווערען זיי פון דיא איינוואהנער בענוצט אלס לייכטונגס־מיטעל. מען טויטעט א פויגעל, מען שטעקט אין איהר אריין א קנייטעל און עס ברענט אקוראט אזוי וויא א ליכט אדער אן אויל־לאמפ.

ווען איך האב עס קאנסייל'ן געזאגט, האט ער בעמערקט:

— שאדע וואס דיא נאטור האט דיעזע פויגלען ניט צוגעגעבען קנויטען. ווען זיי האבען נאך דאס אויך, וואלטען זיי געווען פערטיגע נאטור־לאמפען.

ביי א האלב מייל ווייטער זיינען אויף דער ערד געווען מאסען נעסטען פון א אנדער מין פויגלען. די נעסטען האבען זיך געצעהלט פיליכט אין די טויזענדער. עס איז געווען א פויגעל־שטאאט, א מדינה פון געפליעגעלטע ברואים.

ריקאנער געלערענטען מארי, וועלכער איז משער, אז הינטער דיא אייז־בערגביים זיד־פאל געפינט זיך אן אונבעוואוסטע שטיק לאנד, איז ריכטיג. מיסטער מארי ערקלערט נעמליך, אז אייז־בערג קענען זיך ניט בילדען אין מיטען ים, זאנדערען ביי ברעגען פון יבשה. ער שליסט דארום דערפון, אז דיא אייז פעלדער און אייז־בערג, וואס פאנגען זיך אן פון זעכציגסטען גראד, ענדיגען זיך ביי טרוקענע לאנד ביים זיד־פאל. הערר מארי האט עס בלויז פערשטאנען מיט'ן שכל און מיר האבען עס געזעהן מיט אונזערע אויגען.

דיא "נאטילוס" איז געבליבען שטעהן ביי א האלב מייל ווייט פון דאס לאנד. נעמא האט מורא געהאט טרייבען דיא שיף ווייטער, ווייל דער ברעג איז געוועזען צו פלאך פאר אזא ריעזען־שיף וויא דיא "נאטילוס". מען האט ארונטערגעלאזט א שיפעל, אין וועלכע קאפיטאן נעמא מיט צוויי מאטראזען זיינען ארונטערגעגאנגען, מיטנעהמענדיג דיא אינסטרומענטען, דורך וועלכע אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען פונקט וואו מיר געפינען זיך. איך און קאנסייל זיינען אויך ארונטער אין שיפעל. נעד לענד איז ניט געוועזען אויפ'ן דעק, וואהרשיינליך ווייל ער איז ברוגז געוועזען וואס דיא שיף האט אונז געבראכט צו אונבעוואוסטע און אונבעוואהנטע לאנד און ער האט זיא זאגאר ניט געוואלט אנקוקען. עס האט בלויז א קליינע ווילע געדויערט ביז מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג. קאנסייל איז שטארק איבערראשט געוועזען און וויא נור דיא שיפעל האט זיך אבגעשטעלט, איז ער אויפגעשפרונגען און געוואלט ארונטערלויפען אויף דיא טרוקענע ערד, אבער איך האב איהם צוריקגעהאלטען.

— מיין הערר — האב איך זיך אבגערופען צו קאפיטאן נעמא — צו איך בעלאנגט דיא עהרע דער ערשטער צו בעטרעטען דעם באדען פון דאס ניי ענטדעקטע לאנד.

— יא, מיין הערר! — האט דער קאפיטאן געענטפערט — דאס איז ווירקליך אן עהרע צו שטעלען א פוס אויף א לאנד וואס קיין מענשליכעס וועזען האט נאך קיינמאל ניט בעטראטען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער שנעל ארויסגעשפרונגען אויפ'ן זאמד, און אויף זיין געזיכט איז געווען צו בעמערקען וויא טיעף ער איז גערירט, בעטראכטענדיג מיט גליהענדע בליקען דעם אונבעקאנטען באדען, וועלכען ער האט ענטדעקט. איך און קאנסייל האבען דעם קאפיטאן נאכגעפאלגט; דיא צוויי מאטראזען אבער זיינען פערבליבען אין שיפעל.

דער באדען, וויא ווייט מען האט איהם געקענט בעטראכטען, האט געהאט א רויטליכען אויסזעהן. דיא ערד איז דורכאויס געוועזען בעדעקט מיט א רויטליכע מאסע אזוי וויא צושטויסענע ציעגעל, ברעקלאך לאווא אדער פימשטיין. מען האט לייכט געקענט פערשטעהן, אז אירגענד וואו אויף דיעזען לאנד געפינט זיך א וואולקאן, וועלכער ארבייט נאך וואהרשיינליך און שפיים

## 14טעס קאפּיטעל

# דער זיד־פּאָל

עס איז מיר אונמעגליך צו שילדערען וויא איך האָב געפיהלט הערענ־דיג קאפּיטאן נעמאָ'ס ווערטער. איך בין נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען אזוי איבערראשט און ענטציקט געווען, וויא אין יענעם מאָמענט. איך בין שנעל ארויפגעלאָפּען אויף'ן דעק און זיך איבערציינגט, אז דאָס וואסער ארום איז פריי. בלויז איינצעלנע שטיקלאך אייז שווימען אום פון וויטען. הינטער אונז, אנטקעגען אונז און איןביידע זייטען פון אונזער שיף, רעכטס און לינקס, אויף דער גאנצער אָבערפלעכע פון מעער זעהען זיך פויגלאך אין דער לופט און מאַ־סען פיש שווימען ארום אין דיא וואסערען, וועלכע זיינען ערטערווייז בלאָה, אָדער גראָז־גרין. דיא טעמפּעראטור איז געווען ניט שטארק קאַלט. עס האָט אויסגעזעהן אז דאָרט, הינטער דיא אייז־בערג, איז פריהלינג; אז עס פאנגט זיך אָן א לעבעדיגע וועלט הינטער דער טויטער פערפראָרענער שטיקעל וועלט, אונטער וועלכע מיר זיינען דורכגעפאָהרען.

— זיינען מיר שוין ביים פּאָל? — האָב איך העכסט איבערראשט גע־פרעגט דעם קאפּיטאן.

— איך ווייס ניט! — האָט ער געענטפערט — מיטאָג צייט וועלען מיר נאָך דער זונן בעשטימט וויסען וואו מיר זיינען אין דער וועלט.

— אָבער וועט זיך דיא זונן היינט בעווייזען? — האָב איך געפרעגט בעטראכטענדיג דעם פערוואָלקענטען הימעל.

— אויב זיא וועט זיך בעווייזען בלויז אויף איין ווײלע, וועט גענוג זיין פאר מיר מיינע פאָרשונגען צו מאכען — האָט נעמאָ געענטפערט.

אומגעפעהר צעהן מייל וויט פון אונז צו דרום זייט, האָט זיך געזעהן א קליינער אינזעל, אריבער דריי הונדערט פוס הויך. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען דירעקט צו יענעם אינזעל אָבער זעהר פאָרזיכטיג. דער קאפּיטאן האָט וואהרשיינליך מורא געהאט, אז אונטער'ן וואסער געפינען זיך פערבאָר־גענע פעלזען און ער האָט געוואָלט פערהיטען א צוזאמענשטויס. א שטונדע שפּעטער זיינען מיר צו יענעם אינזעל אָנגעקומען, און אין פערלויף פון דיא נעכסטע צוויי שטונדען זיינען מיר איהם ארומגעפאָהרען ארום און ארום. ער איז בלויז געווען פיער אָדער פינף מייל אין דער לענג און אין דער ברייט. ביי איין זייט האָט זיך דער אינזעל אָבגעטהיילט פון לאנד בלויז מיט א שמאָ־לען קאנאל. יענע טרוקענע לאנד האָט געשיינט צו זיין זעהר גרויס. קיין ברעג האָבען מיר ניט געזעהן, ניט מיט אונזערע אָפענע אויגען און אויך ניט דורך טעלעסקאָפּען. מיר האָבען דאן איינגעזעהן, אז דיא טהעאָריע פון דעם אמע־

זיינען דאמאלס געווען טויזענד פוס טיעף. דאס האט אלזא בעוויזען, אז דער אייז איבער אונז איז דיקער וויא אין דיא געגענד פון וועלכע מיר זיינען אבגעפאהרען. אין פערלויף פון יענעם טאג האט דיא "נאטילוס" אייניגע מאל פרובירט צוקלאפען דעם אייז פון אויבען, אבער עס איז ניט געלונגען. א פאר מאל האב איך דורך'ן מאנאמעטער געזעהן, אז דער אייז איז פילייכט צוויי מאל אזוי דיק וויא פריהער. דער גאנצער טאג איז כמעט קיין ענדערונג אין דיעזער הינזיכט געווען.

עס איז שוין געווען אכט אוהר אבענדס. ביי געוועהנליכע אומשטענדען וואלט מען שוין געדארפט מיט פיער שטונדען פריהער דיא לופט אין שיף אבפרישען. דיא געפרעסטע לופט פון דיא לופט־בעהעלטער האט מען נאך אויך ניט בענוצט, דאך האב איך וויייניג וואס שווערקייט אין אטהעמען געפיהלט. דיא טעמפעראטור איז געווען כמעט וויא געוועהנליך און וויא מיר האט אויסגעוויזען, וועלען מיר נאך קענען א היבשע שטיקעל צייט אויסקומען אהן נייע, פרישע לופט. איך האב דיא גאנצע צייט ניט אבגעטראטען פון מאנאמעטער. איך האב אלץ געקוקט וויא טיעף מיר געפינען זיך אונטער דיא אבערפלעכע פון אייז און דערפון אויסגערעכענט וויא דיק דער אייז איז איבער אונז. יעדעס מאל, ווען דער דעק פון דער "נאטילוס" האט בעריהרט דעם אייז, האב איך דורך'ן מאנאמעטער געוואוסט גענוי וויא וויים מיר זיינען פון דעם אויבערשטען אייז־שפיגעל.

יענע נאכט בין איך געשלאפען זעהר אונרוהיג. מורא און האפנונג האבען מיך ניט געלאזט איינרוהען. אייניגע מאל בין איך אויפגעשטאנען פון מיין געלעגער שפירענדיג וויא דיא שיף טהוט א קלאפ דעם אייז פון אויבען. איך בין יעדעס מאל געלאפען צום מאנאמעטער און איך האב אויסגעפונען, אז דער אייז וואס שיידעט אב אונזער שיף פון דער אויבערשטער אטמאספערע ווערט אלע מאל דינער. דאס האט מיך געמאכט מעהר אונגעדולדיג. איך האב געהאפט, אז קירצליך וועלען מיר דאך ארויפקומען אין דער הויך און איך האב יענעם מאמענט ערווארטעט.

ענדליך ארום דריי אוהר פארטאג האב איך בעמערקט, אז בלויז 150 פוס שיידען אונז אב פון דער אבערפלעכע פון פערפראָרענעם ים. צו מיין פרייד איז קיין ענדע ניט געווען און איך האב אליין ניט געוואוסט וואס צו טהאן פון צופריעדענהייט. אום זעקס אוהר אין דער פריה, דעם 19טען מערץ האט זיך דיא טהיר פון זאאל געעפענט און דער קאפיטאן איז אריינגעקומען.

— דער ים איז פריי, הערר פראפעסאר! — האט ער אויסגערופען און איז באלד פערשוואונדען.

— דער הערר קען זיכער זיין, אז מיר וועלען דיא רייזע דורכמאכען — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען.

— איך רעכען אויך אזוי! — האָב איך געענטפערט מיט פאָלשטענדיגע איבערצייגונג.

מיר זיינען דאמאָלס געווען אריבער דעם 67טען גראד. מיר האָבען נאָך אַלזאָ געהאט דורכצומאכען א רייזע פון אריבער 22 גראד, דאָס איז א חשבון פון אריבער 1,500 מייל ביז'ן פאָל. דיא שיף איז געלאָפען מיט דיא שנעלקייט פון 26 מייל א שטונדע. אויב דיא "נאָטילוס" וועט דורכאויס אזוי שנעל לויפען, דארפען מיר קומען צום פאָל אין עטליכע און פופציג שטונדען.

ביז א שטיק אין דער נאכט זיינען מיר געזעסען ביים פענסטער, אָבוואָהל מיר האָבען דאָרט אייגענליך קיין זאך ניט געזעהן. דאָס וואסער ארום איז געווען העל בעלויכטען פון דיא עלעקטרישע לאנטערנעס פון דער" נאָטילוס", אָבער מעהר וויא ריינעס וואסער האָבען מיר ניט געזעהן. אין יענע מיט אייז צוגעדעקטע געגענד געפינען זיך קיינע פיש און דיא נאטור איז דאָרט טויט. דורך דיא שטארקע בעוועגונג פון דער שיף האָבען מיר געפיהלט, אז זיא לויפט נאָך שנעלער וויא פריהער. דעם קאפיטאן האָב איך דיא גאנצע צייט ניט געזעהן. ער איז וואהרשיינליך געזעסען אין שטייערמאן'ס שטיבעל און איהם געהאָלפען קאָנטראָלירען דיא שיף, אזוי וויא ער האָט אימער געטהאָן ביי בעזונדערע צופעלע.

גאנץ שפעט בין איך געגאנגען שלאָפען. קאָנסייל איז אויך אוועק אין זיין קאיוטע. אויף מאָרגען פריה, דעם 19טען מערץ, בין איך באלד וויא איך בין אויפגעשטאנען ווידער אוועק אין זאאל און זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער. איך האָב בעמערקט אז דיא "נאָטילוס" פאָהרט ניט אזוי שנעל וויא נעכטען, אָבער זיא שטייגט לאנגזאם און פאָרזיכטיג אלץ העכער און העכער. מיין נייגעריגקייט איז פון מינוט צו מינוט געוואָרען גרעסער. איך בין געווען העכסט אונגעדולדיג. איך האָב זעהר געוואָלט וויסען וואָס דיא ענדע וועט זיין. וועלען מיר ארויסקומען פון אונטער דיא אייז־בערג אויף'ן פרייען מעער, אָדער קאָפיטאן נעמאָ הויבט אויף דיא שיף צוליעב אירגענד וועלכע אנדערע אבזיכטען?

דיא שיף האָט פלוצלונג א שטארקען ציטער געטהאָן. איך האָב געפיהלט אז זיא האָט זיך אין דער הויך אָן עטוואָס אנגעשטויסען און זיא האָט זיך באלד ארונטערגעלאָזט ניעדעריגער. איך האָב דערפון פערשטאנען, אז קאפיטאן נעמאָ האָט עס בלויז געמאכט א פראָבע, פילייכט וועט דיא שיף קענען אויפברעכען דעם אייז. אָבער דיא דיקע, קאלטע סטעליע איז געווען שטארק גענוג און האָט געקענט ווידערשטעהן דעם קלאפ פון דעם שטאָהלענעם ריעז. מיר

שראַקען, אז דיא אונטערנעהמונג איז צופיעל ריזיקאַליש, אַבער ערשט בין איך איבערצייגט, אז מיין מורא איז געווען אן אומזיסטע.

דער קאַפּיטאַן האָט אויפגענעבען זיין געשפּרעך מיט מיר. אויף זיין סיגנאַל איז זיין העלפער, אָדער דער שיפס־לייטענאַנט ארויפגעקומען. זיי האָבען זיךביידע דורכגערעדט אויף זייער אונפערשטענדליכע שפּראַך און וויא איך האָב בעמערקט, איז דער לייטענאַנט גאָר ניט איבערראַשט געווען. וואהרשיינליך, האָט ער שוין אליין אויך גערעכענט דאָס זעלבע וואָס דער קאַפּיטאַן און ער איז געווען ביי זיך פעסט איבערצייגט, אז זיי וועלען עס לייכט אויספיהרען. איך האָב פאַר מיינע קאַמעראַדען, קאָנסייל און לענד דערצעהלט וועגען דעם קאַפּיטאַן'ס בעשלוס. קאָנסייל האָט דערויף גענענטפערט מיט זיין געוועהנליכע פראַזע: "וואוהין דער העהר געהט, געה איך אויך מיט"; לענד אָבער איז שטאַרק בייז געוואָרען. "איהר זיינט אלע משוגע!" — האָט ער אויסגעשריען און איז האַסטיג אוועק אין זיין קאַיוטע.

אונטערדעסען האָבען זיך אָנגעפאַנגען דיא פאָרבערייטונגען צו דער ווייטערער רייזע. דיא מעכטיגע פּומפּען פון שיף האָבען אָנגעפילט דיא לופט רעזערוואוארען מיט צוזאַמענגעפּרעסטע לופט און מען האָט אויך געמאַכט אַנדערע הכנות. ארום פיער אוהר האָט מיר דער קאַפּיטאַן אָנגעזאָגט, אז דיא אויבערשטע פּלאַטען וועלען באלד געשלאָסען ווערען און אז איך דאַרף זיך צו־איילען ארונטערצוגעהן אונטען. איך האָב געוואָרפען מיין לעצטען בליק אויף דיא ארומיגע אייז־לאַנדשאַפטען, אונטער וועלכע מיר וועלען דורכפאָהרען. דער וועטער איז געווען ריין, דיא לופט קלאָר, דיא קעלט שטרענג; אָבער קיין ווינד. עס איז מיר דארום געווען מעגליך צו פערטראָגען דיא קאַלטע טעמפּעראַטור און איך האָב זיך לייכט געקענט ארומקוקען אין אלע זייטען.

צעהן מאַן זיינען ארונטער פון שיף און ארומגעהאַקט דעם דיקען אייז ארום און ארום. דיא נאָטילוס" איז פריי געוואָרען און איז ארונטער אין דיא טיעפענים פון מעער. איך און מיין דיענער קאָנסייל האָבען זיך אוועקגעזעצט אין זאַאל ביים פענסטער און מיר האָבען בעטראַכט דיא אונטערשטע שיכטען פון דיא אייז־בערג. אין שיף איז געוואָרען פיעל ווארימער. דער מאַנאָמעטער האָט זיך בעוועגט און געצייגט וויא טיעף מיר שטייגען ארונטער. עס איז געווען פונקט אזוי וויא קאַפּיטאַן נעמאָ האָט פאָראויס געזאָגט. ביי א ניין הונדערט פוס טיעף איז שוין דיא "נאָטילוס" געשוואומען אונטער דיא אייזבערג. אָבער דיא שיף איז געזונקען אלץ טיעפער און טיעפער, ביז מיר האָבען דערגרייכט א טיעפענים פון 2,400 פוס. וואָס ניעדעריגער מיר האָבען זיך ארונטערגעלאָזט איז אין שיף אלץ ווארימער געוואָרען. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען רעגעלמעסיג און פּינקטליך און דיא רייזע איז געווען העכסט אנגענעהם.

— ריכטיג, זעהר ריכטיג, מיין הערר! — האָב איך איינגעשטימט.

— דיא איינציגע שווירינקייט בעשטעהט נור אין דעם — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט נאָכדענקענד א קורצע ווייל'ע — וואָס מיר וועל'ען מעהרערע טעג ניט קענען ארויפקומען אין דער הויך אויף'ן וואסער, אום פרישע לופט צו שעפּען.

— דאָס אל'עס? — האָב איך זיך אָבגערופען — איך גל'ויב, אז דאָס איז קיין געפאהר. איהר קענט דאָך אָנפיל'ען דיא לופט־בעהעל'טער פון שיף מיט לופט און דאן וועל'ען מיר זיין פערזאָרגט.

— אן אויסגעצייכענטער פּל'אן! — האָט נעמאָ געזאָגט מיט א שמייכעל — אָבער איך וויל אייך זאָגען וואָס איך האָב אָנצוואווענדען געגען אייער עצה, אום איהר זאָלט מיך נאכהער ניט בעשולדיגען, אז איך בין געווען אונפאָרזיכטיג און האָב צופיעל ריזיקירט. שטעל'ט אייך פאָר, אז דער ים איז בעדעקט מיט אייז ביז'ן סאמע זיד־פּאָל, וועל'ען מיר דאָך א גאנץ ל'אנגע צייט קיין פרישע ל'ופט ניט קענען בעקומען און עס איז אונז אויך אונמעגל'יך אָנצוגרייטען ל'ופט אויף פיעל'ע טעג אָדער וואָכען.

— זעהר גוט, קאַפּיטאַן. אָבער דיא "נאָטילוס" האָט דאָך אזא געוואל'דיגע קראַפט, וועט זיא ניט קענען אירגענד וואו אויפברעכען דעם אייז און ארויפקומען אין דער הויך? אויסערדעם וועל איך אייך זאָגען נאָך א זאך: דיא וויסענשאפטל'יכע פאָרשונגען אויף'ן נאָרדל'יכען אייז־מעער בעווייזען, אז דער מיטעל' פּונקט פון דיא קעל'טען, עס הייסט דער פּל'אַץ וואו עס עקזיסטירט דיא העכסטע קעל'ט, איז ניט ביים סאמע פּאָל', ביים סאמע ברעג פון דער ערד, זאָנדערן אן עכט היבשע שטרעקע פון פּאָל', און פון דאָרט ביז'ן פּאָל' איז דיא טעמפּעראַטור ווארימער. מיר קענען דארום גל'ויבען, אז דא ביים זיד־פּאָל' איז אויך אזוי און מיר וועל'ען ניט האָבען צו פאָהרען דיא גאנצע רייזע אונטער'ן אייז. מעגל'יך, אז מיר וועל'ען אין גיכען קומען צו אן אָפענעם ים אָדער פיל'ייכט גאָר צו אן אונבעוואוסטע שטיק ל'אנד.

— איך גל'ויב אויך אזוי, הערר אראָנאקס! — האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט — אָבער איין זאך וואונדערט מיך: פריהער זיינט איהר געוועזן געגען מיין פּראָיעקט און איהר האָט געל'עגט שווערע שטיינער אויף מיין האַרץ, אז איך וועל' עס ניט קענען דורכפיהרען און יעצט האָט איהר אייער מיינונג געענדערט און איהר רעדט מיך אליין צו פאָרטצוזעצען אונזער רייזע!

איך בין ווירקליך זעהר בעגייסטערט געוועזן פאר דעם פּל'אן צו פאָהרען צום פּאָל', פיל'ייכט נאָך מעהר וויא קאַפּיטאַן נעמאָ אליין און איך האָב מיט אונגעדול'ד ערוואַרטעט דיא מינוט, ווען אונזער ווייטערע רייזע וועט זיך אָנפאנגען. איך האָב דעם קאַפּיטאַן ערקל'ערט, אז פריהער האָב איך זיך גע־

עבעדיגער מענש האט נאך ביז יעצט ניט בעטראַטען. איך האף אז איך וועל יא זאך דורכפיהרען.

— איך גלויב אייך, הערר קאפּיטאן! — האב איך זיך איראָניש אָב־גערופען — איך גלויב אייך אויף'ן וואָרט. אלזאָ פאָרוועררטס! לאָמיר דורכ־ברעכען דיעזע אייז־בערג און פאָרטזעצען אונזער רייזע, אָדער פיליייכט וועלען מיר גאָר אריבער פליהען איבער זיי!

— איבער זיי? — האָט דער קאפּיטאן אויסגערופען — זאָגט: אונטער זיי, הערר אראָנאקס.

ערשט דאן האב איך פערשטאנען, אז דיא אונגלויבליכע אונטערנעהמונג קען ווירקליך דורכגעפיהרט ווערען דורך דער וואונדערבארער שיף, וועלכע קען שווימען אין דיא טיעפענים פון ים — א זאך וואָס קיין אנדער שיף אין דער וועלט קען בעווייזען.

— אונטער'ן אייז! האב איך איבערראשט אויסגעשריען — אונטער'ן אייז! יא, פיליייכט איז עס מעגליך.

— איך זעה, הערר פּראָפעסאָר — האָט זיך דער קאפּיטאן אָבגערופען — אז מיר הויבען זיך אָן צו פערשטעהן. איך זעה אז איהר בעגרייפט שוין ערשט, אז דיא זאך קען דורכגעפיהרט ווערען. דאָס וואָס פאר אנדערע שיפען איז שווער, איז פאר מיין "נאָטילוס" גאנץ לייכט. מיר וועלען אלזאָ פאָהרען. אויב דער זיד־פּאָל איז ארומגערינגעלט מיט טרוקענע לאנד, וועלען מיר זיך געוועהנליך מוזען אָבשטעלען אויף'ן לאנד; און אויב דער ים ציהט זיך ביז'ן פּאָל, וועלען מיר אהין צוקומען מיט אונזער שיף.

— גאנץ געוויס! — האב איך אויסגערופען מיט העכסטע צופריעדענהייט, ווייל דיעזער פּלאן איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען — זעהר ריכטיג, הערר קאפּיטאן. ווען דאָ, אויבען, פערשטעלען אונז דעם וועג דיא אייז־בערג, איז דאך דאָס וואסער אונטען גאנץ פריי, דען וואָס טיעפער אין מעער, איז דיא טעמפּעראטור אלץ ווארימער, און אויב איך האב קיין טעות ניט, ער־קלערט, דאכט מיר, דיא נאטור־וויסענשאפט, אז יעדע שטיק אייז ליגט דריי טהיילען אין וואסער און דער פיערטער טהייל זעהט זיך אָן אין דער הויך. אויב דאָס איז ווירקליך אזוי, דארפען מיר זיך ניט ארונטערלאָזען זעהר טיעף.

— יא, אזוי איז עס טאקי. איהר האָט קיין טעות. וויא הויך דיא אייז־בערג זיינען דארפען מיר רעכענען, אז אין וואסער ליגען זיי דריי מאָל אזוי פיעל. דיא אייז־בערג דאָ זיינען אלזאָ ניט העכער וויא דריי הונדערט פוס; שליסליך, ליגען זיי אין וואסער ניין הונדערט פוס, היינט וואָס פאר א ווערטה האָט ביי דער "נאָטילוס" ארונטער צו שווימען ניין הונדערט פוס טיעף? אויסער דעם וועלען מיר דאך אונטען ניט האָבען אזא קאלטע טעמפּעראטור און מיר וועלען דאָרט מאכען א גאנץ בעקוועמע רייזע.

— נו, הערר פּראָפעסאָר — האָט דער קאפּיטאן צו מיר געזאָגט — וואָס זאָגט איהר דערצו?

— איך דענק — האָב איך געענטפערט — אז מיר זיצען דאָ פעסט, הערר קאפּיטאן.

— און איהר דענקט ווירקליך, אז דיא "נאָטילוס" קען זיך פון דאנען ניט בעפרייען?

— זעהר שווער, קאפּיטאן. איך גלויב ניט, אז עס גיט א מיטעל דיעזען אייז דורכצוברעכען.

— אך, הערר פּראָפעסאָר! — האָט נעמאָ האלב שפּאָטיש אויסגערו־פען — איהר זיינט נאָך אימער דער זעלבער. איהר זעהט אלץ שוויריגקייטען און הינדערניסע! איך פערזיכער אייך, אז ניט נור וועט זיך דיא "נאָטילוס" בעפרייען פון דאנען, זאָנדערן מיר וועלען נאָך ווייטער פאָהרען.

— נאָך ווייטער צו דרום זייט? — האָב איך ערשטוינט געפרעגט.

— געוויס, מיין הערר! ביז צום זיד־פּאָל, ביז צום ענדע פון אונזער ערד־קוגעל! דאָרט וואו דיא גראַדען, אין וועלכע דיא ערד איז איינגעטהיילט ענדיגען זיך. שוין צייט אייך צו וויסען, אז איך קען מיט מיין "נאָטילוס" אלעס בעוויייזען.

יא, איך האָב שוין גענוג קענען געלערענט דעם קאפּיטאן און זיין מערק־ווירדיגע שיף. איך האָב שוין פון זיי גענוג וואונדער געזעהן. איך האָב געוואוסט, אז דער מערקווירדיגער מאן, נעמאָ, איז ענטשלאָסען אויף אלעס און קיין רי־זיקאלישע אונטערנעהמונג שרעקט איהם ניט אָב; אָבער בעזייטיגען אזעלכע הינדערניסע און פאָהרען צום זיד־פּאָל איז ביי מיר אויסגעקומען א ווילדע אי־דעע. איך האָב געוואוסט, אז דיא גרעסטע זעע־פאָהרער אין דעם נאָרדליכען אייז־מעער האָבען ניט געקענט בעוויייזען צו דערגרייכען דעם פּאָל. פיעלע האָ־בען מיט זייערע לעבענס בעצאָהלט וועלענדיג צוקומען אהין. זיי זיינען ערגיץ פערפּראָרען געוואָרען און מען ווייסט ניט וואו זייער געביין איז הינגעקומען, היינט וויא אזוי קען זיך א מענש אונטערשטעלען צו דערגרייכען דעם זיד־פּאָל? וויא אזוי קען זיך א מענש אונטערנעהמען דורכצוררייזען דעם זידליכען אייז־מעער, וועלכער איז פיעל פירכטליכער וויא דער נאָרדליכער? וויא אזוי קען א מענש וועלען דורכפיהרען א זאך וועגען וועלכע קיינער האָט זאָגאר ניט געטרוימט? מיר איז דאן איינגעפאלען צו פרעגען דעם קאפּיטאן, אויב ער איז שוין אמאָל צום זיד־פּאָל געקומען.

— ניין, מיין הערר — האָט ער אויף מיין פראגע געענטפערט — איך בין מיט מיין שיף זאָגאר אזוי ווייט וויא דיעזע שטעלע, וואו מיר געפינען זיך יעצט, אויך קיינמאָל ניט געקומען. אָבער יעצט וועלען מיר פאָהרען ווײ־טער און מיר וועלען צוזאמען ענטדעקען דעם זיד־פּאָל, א פלאַץ וואָס קיין

טונגען האָט געשוועבט א טיעפע טרויעריגע שטילקייט. אלעס איז געוועזן טויט. קיין קול, קיין בעוועגונג איז ערגיץ ניט געהערט געוואָרען, זאָגאר אונזערע אייגענע שטימען האָבען געקלונגען זאָנדערבאר. אונזערע קולות זיינען אזוי וויא פערפראָרען געוואָרען אין דער לופט און זיי האָבען אויסגעוויזען משונה'דיג ווילד.

— הערר פּראָפעסאָר — האָט לענד צו מיר געזאָגט — גלויבט איהר אז אייער קאפּיטאן וועט נאָך ווייטער קענען בעווייזען זיינע קונסט־שטיק?

— וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען, פריינד לענד? — האָב איך געפרעגט.

— איך מיין איינפאך, אז אייער משוגענער קאפּיטאן וועט דאָ ווייטער ניט קענען פאָהרען. ער האָט מיט זיין שיף געקענט בעקעמפּפען דיא פּאָט־פּישען, אָבער צו דיעזער מאסע אייז וועלען קיינע חכמות ניט העלפען. דאָ איז א גרעניץ וואָס דיא נאטור האָט געשטעלט פאר דיא מענשהייט. ביז אהער זאָלט איהר קומען, אָבער ניט ווייטער! — האָט דער שעפּפער פון דער וועלט געזאָגט — און קאפּיטאן נעמאָ איז דאָ אויך קיין יחסן ניט.

— גאנץ ריכטיג, קאמעראד! אָבער איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען וואָס הינטער דיעזער אייז־דעק געפינט זיך. טאקי צוליעב דעם גופא וואָס דיא ווייטערע וועג איז פערשטעלט מיט ווענד, ווילט זיך מיר דוקא וויסען וואָס הינטער דיא נאטירליכע קאלטע פאָרהאנגען קומט פאָר.

— וואָס פערשטעהט איהר דאָ ניט, הערר פּראָפעסאָר? הינטער דיא אייז־ווענד איז זיכער קיין אנדער זאך וויא אייז ניטאָ. אָבער זעהן וועט איהר עס זיכער קיינמאָל ניט. אָט דאָ איז דיא ענדע. יעצט וועט דער פערדאמטער קאפּיטאן מיט זיין פערדאמטע שיף מוזען צוריק פאָהרען, אויב ער וויל דאָס אָדער ער וויל דאָס ניט.

איך האָב צוגעגעבען, אז לענד האָט רעכט. איך האָב געזעהן, אז דיא "נאָטילוס" קען זיך אויף קיין פאל ניט ריהרען צו פאָהרען ווייטער, און נאָך ערגער איז געווען, וואָס דער וועג אויף צוריק איז אונז אויך געווען פערשטעלט. הינטער אונז איז אויך געלעגען א שטארקער דיקער אייז און דיא שיף איז איינפאך געווען איינגעפראָרען, אָדער בעסער געזאָגט: איינגעמויערט אין אן אונגעהייער גרויסע מאסע אייז, וועלכע דיא גרעסטע און שטארקסטע קאנאָנען וואָלטען פיולייכט ניט געקענט דורכברעכען. נאָך מיינע אנזיכטען איז קאַפּיטאן נעמאָ איינפאך געווען אונפאָרזיכטיג און איז ארייננעקראָכען אין א צרה, פון וועלכע ער וועט ניט קענען ארויסקריכען. איך האָב געזעהן וויא ער איז געשטאנען אויף'ן פּלאטפאָרם און בעטראכט דיא לאגע פון אונזער שיף און מיר האָט אויסגעוויזען, אז ער בעדויערט שטארק וואָס ער האָט אזא מיאוס'ן טעות געמאכט.

ווערט אלע מאָל אומגעביטען. אמאָל פינקלען דיא אייז־פעלדער פון דיא קרו־מען זוננען־שטראהלען און אמאָל ווערען זיי בעדעקט מיט א נעבעל פון שנעע שטורם. זעהר אָפט הערט זיך פלוצלונג א געוואלדיגער קראַך, אזוי וויא פון טויזענדע קאַנאָנען. דאָס פאלען אום אייז־בערג און ווערען צושמעטערט.

אין דעם זעלבען טאָג האָט אן אייז־פעלד אין גאנצען פערצאמט דעם וועג פאר דער "נאָטילוס". קאפיטאן נעמאָ האָט שוין ניט געפונען קיין מיטעל וויא אזוי דיעזע הינדערניס אויסצומיידען, דען עס איז ערגיץ ניט געזעהן גע־וואָרען קיין אָפענער שטיקעל פלאץ, דורך וועלכען מען זאָל דיא שיף קענען דורכפיהרען. ער האָט דיא מעכטיגע שיף א שפאר געטהאָן מיט אזא האסט אויף'ן אייז, אז דיא גאנצע פערפראָרענע מאסע איז צוקראכט און צושמע־טערט געוואָרען. אויף דיעזען אופן האָט דיא "נאָטילוס" זיך דורכגעבראָכען א וועג און האָט פאָרטגעזעצט איהר רייזע.

דער ווינד האָט אָהן אויפהער געשטורמט. אָפטמאָל פלעגט א נעבעל בע־דעקען דיא לופט אזוי געדיכט, אז מיר האָבען ניט געקענט זעהן פון איין ברעג שיף ביז'ן צווייטען. דער שנעע האָט געשאָטען אין געדיכטע מאסען און האָט זיך אוועקגעלייגט אויף'ן דעק אזוי הארט און אזוי פעסט, אז אום אָב־צוראמען איהם האָבען מיר געמוזט בענוצען העק. דיא קעלט איז געווען זעהר שטארק און דיא שיף איז פון אויסוויינינג דורכאויס געווען בעדעקט מיט אייז.

דעם 18טען מערץ איז דיא "נאָטילוס" געבליבען פאָלשטענדיג איינגע־שפארט אין אן אונבעוועגליכע קייט פון אייז־בערג.

— דיא אייז־דעק! — האָט לענד אויסגעשריען.

איך האָב גוט פערשטאנען וואָס דער קענעדע'ר מיינט מיט דיעזען וואָרט. דיא "אייז־דעק" איז אויף דער שפראך פון זעע־פאָהרער א שרעקליכע הינ־דערניס, וועלכע עס איז אונמעגליך אויסצומיידען. דאָס איז א נאטור־פעס־טונג, וואָס מען קען ניט דורכדרינגען. ארום מיטאָג צייט, ווען דיא זונן איז אביסעל ארויס פון אונטער דיא וואָלקענס, האָט קאפיטאן נעמאָ געמאכט א גע־נויע אונטערזוכונג וואו מיר געפינען זיך. זיינע אינסטרומענטען האָבען בעווי־זען, אז מיר זיינען שוין נאָהענט צום 68טען גראד צו דרום זייט, א פונקט צו וועלכען קיין שיף איז נאָך ביז יעצט ניט צוגעקומען. ווייט ארום אונז איז ניט געווען צו בעמערקען אירגענד וועלכען צייכען פון פליסענדע וואסער. געגען דער "נאָטילוס" איז געלעגען א אונענדליכעס אייז־פעלד, אויף וועלכע עס זיי־נען געווען פונאנדער געוואָרפען שטיקער אייז. אין פערשיעדענע ערטער האָבען געגלענצט דיא שארפע שפיצען פון דיא אייז־בערג, ביז 200 פוס הויך. עטוואָס ווייטער האָבען זיך געזעהן גרויסע רייהען פון הויכע אייז־ווענד, וועלכע האָ־בען דורך דיא זוננען־שטראהלען געשיינט און געבליאסקעט אזוי וויא אונ־געהייער גרויסע שפיעגלען. איבער דיעזע פערפראָרענע, וויסטע נאטור־פעס־

און ווייטער, אָבוואָהל ער האָט גאנץ גוט בעמערקט וויא הינטער אונז שליסען זיך גרויסע מאסען אייז צוזאמען און עס בלייבט קיין וועג צוריק צו פאָהרען.

דיא טעמפעראטור איז שוין געווען גאנץ ניעדריג. אין דער הויך אויף'ן דעק איז געווען אונגעהייער קאלט, אָבער מיר זיינען געווען געשיצט פון קעלט. מיר האָבען געטראָגען פעלצען פון ים־הינד אָדער ים־בערען, וועלכע האָבען ניט צוגעלאָזט דיא קעלט צו אונזערע לייבער. אין שיף איז דיא טעמפעראטור אימער געווען רעגעלמעסיג ווארים דורך דיא הייצונג פון עלעקטרישען אפאראט. ווען דיא "נאָטילוס" זאָל נאָך געווען ארונטערשטייגען אונטער'ן וואסער, וואָלטען מיר זאָגאר ניט געוואוסט, אז אויבען הערשט א ביטערע קעלט, ווייל אין דיא טיעפענים פון ים איז דיא טעמפעראטור שטענדיג ווארים, ווען זאָגאר אויבען איז דיא גרעסטע קעלט.

צוויי מאָנאטען פריהער וואָלטען מיר אין יענע געגענד געפונען שטענ־דיגען טאָג. אין יענער צייט פון יאָהר געהט דאָרט דיא זונן ניט אונטער. אין מאָנאט מערץ, ווען מיר זיינען דאָרט געווען האָט דיא נאכט אָנגעהאלטען פון דריי ביז פיער שטונדען. שפעטער וויעדער פאנגט זיך דאָרט אָן א שטענדיגע פינסטערנים, וועלכע האלט אָן זעקס מאָנאטען כסדר. פולע זעקס מאָנאטען בעווייזט זיך דאָרט ניט דיא זונן און דיא הערשערין פון טאָג האָט דאָרט קיין ממשלה. דעם 15טען מערץ זיינען מיר פערביי געפאָהרען דיא אינזלען ני־שעטלאנד און זיד אָרקני. קאפיטאן נעמאָ האָט מיר דערצעהלט, אז דיעזע אינזלען זיינען אמאָל געווען בעוואָהנט מיט מאסען סילס (ים־הינד), אָבער ענגלישע און אמעריקאנישע וואלפיש־יעגער האָבען זיי אזוי לאנג פערפאָלגט און פערניכטעט, ביז עס איז פון זיין קיין זכר ניט געבליבען, און דיא אינזלען זיינען ערשט וויסט און טויט און קיין צייכען פון לעבען עקזיסטירט דאָרט ניט.

דעם 16טען מערץ ארום אכט דעם זייגער אין דער פריה זיינען מיר פון אלע זייטען געווען ארומגעשלאָסען מיט אייז. דער וועג נאָך זידען איז כמעט אין גאנצען געווען פערשפארט. אָבער קאפיטאן נעמאָ האָט אלץ געפיהרט דיא שיף ווייטער, דרעהענדיג זיא פון איין שמאָלע עפענונג אין דער אנדערער. דיא ווארהייט זאָגענדיג, איז מיר דיא רייזע שטארק געפעלען געווען. יעדער איינער וואָלט ענטציקט געוואָרען פון דיא שעהנהייטען פון דיא פאָלאר געגענדען. דער אייז שטעלט פאָר פערשיעדענע געשטאלטען און פאנטאסטישע סצענעס. דאָ זעהט זיך א גאנצע העל־גלאנצענדע שטאָדט, מיט הויכע קויכען שפיצען; און דאָרט אין אן אנדער זייט שטעלט דער אייז פאָר רואינען, א שטאָדט וואָס איז צושטערט געוואָרען פון א שרעקליכע ערד־ציטערנים. ווען מען קוקט א לענגערע צייט אויף דיא אייז־בערג בעמערקט מען, אז דאָס איז ניט מעהר וויא א שטיקעל קאלטע און טויטע וועלט; אָבער ביים ערשטען בליק זעהט אויס אז מען געפינט זיך נאָהענט פון אָריענטאלישע שטעדט. דיא פאנאראמא

דיא איירָאפּעאישע געגענדען? אָבער איך האָב זעלבסטפערשטענדליך אויף דיעזע שאלות קיין אנטוואָרט געפונען און מיר איז פערבליבען צו דולדען און וואַרטען ביז אלעס וועט פערענטפערט ווערען.

דעם 14טען מערץ האָב איך דערזעהן אויף'ן ים שווימענדע שטיקער אייז, וועלכע האָבען אויסגעוויזען אזוי וויא קליינע פעלזען פון 20 ביז 25 פוס לאנג. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען אויבען אויף'ן וואסער און מיר האָבען זיטצענדיג אויף'ן פּלאטפאָרם געקענט בעאָבאכטען דעם ים ווייט ארום. נעד לענד איז געוועזן בעקאנט מיט אזעלכע ערשיינונגען. ער האָט שוין געזעהן שטיקער אייז אָדער זאָגאר אייז־בערג אין נאָרדליכען אייז־מעער; פאר מיר אָבער און פאר מיין דיענער קאָנסייל איז עס געוועזן א נייעס. וויטער נאָך דרום זייט האָבען מיר געזעהן אין דער לופט בליטצענדע ווייסע שטרייפען — א שיין וואָס דער געדיכטסטער נעבעל קען ניט פערדעקען. דאָס איז געוועזן דער אָבשלאג, דער ווידערשיין פון דיא גרויסע אייז־פעלדער. ענגלישע וואלפיש־פאנגער האָבען דיעזען שיין א נאָמען געגעבען "אייז בלינק" (אייז־בליאסק).

און עס האָבען זיך טאקי באלד אָנגעהויבען בעווייזען גרעסערע אייז־שטיקער, וועלכע האָבען ניט געהאט דורכאויס א געוועהנליכען אייז קאָליר, זאָנדערן זיי האָבען געגלאנצט אין פערשיעדענע פארבען. איינינע פון דיעזע מאסען זיינען געוועזן אזוי וויא דורכגעוועבט מיט גרינע אָדערען. עס האָט אויסגעזעהן וויא זיי זיינען בעגאָסען מיט שוועבעל־זויער פון קופּער. אנדערע האָבען אויסגעוויזען אזוי וויא אמעטהיסט־שטיינער, וועלכע זיינען בעלויכטען פון זוננען־שטראהלען. מעהרערע פון זיי האָבען געשיינט מיט טויזענדע קריס־טאל־פונקען און האָבען פאָרגעשטעלט א מערקווירדיג שעהנעס בילד. עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א גאנצע שטאָדט פון מארמאָר און איך האָב מיינע אויגען ניט געקענט אָבווענדען פון דיא דאָזיגע נאטור־וואונדער. וואָס ווייטער מיר זיי־נען געקומען, אלץ מעהר שווימענדע אייז־אינזלען האָבען מיר בעגעגענט און אלץ שעהנער און פּרעכטיגער האָבען זיי אויסגעזעהן.

ביי דעם זעכציגסטען גראד פון דיא ברייט פון דער ערד איז דער ים געוועזן אזוי בעדעקט מיט גרויסע שטיקער אייז, אז דיא "נאָטילוס" האָט כמעט ניט געהאט קיין וועג וואו דורכצוגעהן. קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך אימער גע־פונען אויף'ן דעק און ער פלעגט זיך זעהר אָפט ארייינכאפּען אין שטייערמאן'ס שטיבעל, אום צו העלפען איהם רעגולירען דיא שיף און אויסמיידען צוזאמענ־שטויסע מיט דיא שווימענדע שטיקער אייז. דאָרט האָבען זיך שוין געפונען אייז־בערג פון איינינע מייל לאנג און א פּאָר הונדערט פוס הויך. אָפט האָט זיך אויסגעוויזען, אז דער וועג פאָראויס איז אין גאנצען אָבגעשלאָסען און מיר וועלען שוין מוזען שטעהן בלייבען, אָבער דער געשיקטער און פלינקער קאפּיטאן האָט אימער געפונען א דורכגאנג און איז געפאָהרען אלץ ווייטער

שוואומען ניט ווייט פון אונזער שיף און איז געבליבען ליגען טויט. איהר בויך איז געווען דורכגעלעכערט פון דיא שטארקע, גרויסע צייהן פון דיא פּאָטפּישען. ביי איהר ברוסט איז געהאנגען איהר טויטעס קינד, וועלכעס זיא האָט ניט געקענט רעטען פון דעם שרעקליכען שונא. דיא טויטע מוטער־וואלפיש האָט געהאלטען איהר מויל אָפען און שטראָמען וואסער זיינען געלאָפען אין און פון מויל אזוי וויא א שטראָמיגע טייך. קאפּיטאן נעמאָ האָט געהייסען צופאָהרען מיט דער שיף נעהענטער. צוויי מאטראָזען זיינען ארונטערגעגאנגען אויף'ן טויטען קערפּער און מיר האָבען אלע צוגעקוקט וויא זיי האָבען געמאָלקען איהרע בריסט, וועלכע ענטהאלטען אין זיך פון צוויי ביז דריי טאָנען מילך. דער קאפּיטאן האָט מיר אָנגעבאָטען א ביסעל פון דיעזע ווארימע מילך. איך האָב א שוידער געטהאָן און איהם ערקלערט אז דאָס עקעלט מיך און איך קען עס ניט פערזוכען. אָבער ער האָט מיך פערזיכערט, אז דיא מילך איז פּאָרטרעפליך געשמאַק, גראדע אזוי וויא דיא מילך פון א קוה. איך האָב עס שליסליך פערזוכט און איך האָב אויסגע־פונען, אז דאָס איז ריכטיג. איך האָב איינגעזעהן, אז דיא מילך פון דער אין שלאכט געפאלענער "זיא"־וואלפיש איז פאר אונז א ניצליכער פּראָדוקט, פון וועלכען מען וועט קענען מאכען קעז און פּוטער פאר א היבשע ביסעל טעגליכע מאָהלצייטען.

זייט יענעם טאָג איז נעד לענד אליץ געוואָרען א גרעסערער שונא דעם קאפּיטאן נעמאָ. פון טאָג צו טאָג איז ער אליץ מעהר אויפגעבראכט געוואָרען נעגען איהם און איך האָב מורא געהאט, אז דעם קענעדער'ס היציגער כאראקטער וועט סוף כל סוף אויסברעכען און ער וועט אויפטהאָן מיאוס'ע סקאנדאלען. איך האָב דארום אויף איהם אן אויג געהאלטען און איך האָב שטרענג געהיט, אז עס זאָל צו קיינע אונאנגענעהמליכקייטען ניט פיהרען.

## 13טעס קאפּיטעל

# דיא אייז בערג

דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען ווייטער צו דרום זייט נאָך דעם פּופ־צינסטען מערידיאן. זיא איז געלאָפען מיט פולע שנעלקייט און איך האָב ניט גע־קענט בעגרייפען, וואָס קאפּיטאן נעמאָ מיינט מיט זיין רייזע. דענקט ער ווירק־ליך צו לאָזען זיך פאָהרען צום זיד־פּאָל (דער עק וועלט אין דרום זייט)? וויים ער דען ניט, אז אלע בעמיהונגען וואָס זיינען ביז יעצט אָנגעווענדעט געוואָרען אהין צו קומען זיינען געווען אומזיסט? און איז איהם דען אונבע־קאנט, אז באלד קומט אָן דער ווינטער אין יענע געגענד און מיר וועלען דיא שמארקע קעלטען ניט קענען אריבערטראָגען? האָט ער אין דעם קיין ידיעה ניט, אז דער מאָנאט מערץ איז דאָרט אזוי וויא דער מאָנאט סעפּטעמבער אין

געטאנצט אזוי וויא א משוגענער. ער האָט צו זיי געמאכט מיט דיא פויסטען און זיי אויסגעלאכט אזוי וויא מען לאכט אוים א געפאלענעם שונא, וואָס וויל בייזעס טהאָן און קען ניט.

ענדליך איז פון דער מעננע פּאָטפּישען ניט פיעל איבערגעבליבען. דאָס וואסער ארום איז רוהיג געוואָרען און דיא "נאָטילוס" איז ארויף צוריק אין דער הויך איבער׳ן וואסער. זאָבאלד איך האָב דערפיהלט אז מיר זיינען פון אויבען, זיינען מיר שנעל ארויפגעגאנגען אויף׳ן דעק, אום דאָס מעער ארום צו בע־אָבאכטען.

ווייט ארום אונזער שיף איז דאָס וואסער געווען בעדעקט מיט צוריסענע שטיקער קערפּערס. דיא שרעקליכסטע דינאמיט־באָמבעס וואָלטען ניט געקענט אזוי פיעל צורייסען, צוהאקען און פערניכטען. מיר זיינען געשוואומען דורך א מאסע טויטע ריעזען־קערפּער, וועלכע דיא שיף האָט אָבגעשטויסען, אום צו מאכען וועג פאר זיך. מײלען ארום זיינען דיא וועללען געווען אָבגעפארבט רויט און מיר זיינען אזוי וויא דורך א וואהרען בלוט־מעער געשוואומען. פון וויטענס האָבען זיך געזעהן אייניגע פּאָטפּישען, וועלכע זיינען אנטלאָפען פער־וואונדעטע אָדער מיט גאנצע ביינער.

קאפּיטאן נעמאָ איז צו אונז ארויסגעקומען און זיך געווענדעט צו נעד לענד, וועלכער איז שוין ניט געווען אזוי בעגייסטערט און ענטציקט וויא דאמאָלס, ווען מיר זיינען געזעסען אין זאאל און געקוקט דורך׳ן פענסטער, וויל דיא שרעקליכע פערניכטונגס סצענע האָט אויף איהם אן אנדער איינדרוק געמאכט.

— נו, וואָס זאָגט איהר ערשט, הערר לענד? — האָט דער קאפּיטאן איהם געפרעגט.

— יא, מיין הערר — האָט זיך דער קענעדע׳ר אָבגערופען — דיא "נאָטילוס" קען ווירקליך קעמפּפען. אָבער איך אלס יעגער מוז זאָגען, אז דאָס איז ניט קיין יאגד, זאָנדערן א שלאכטעריי.

— דאָס איז א פערניכטונג פון שעדליכע טהיערע — האָט דער קאפּיטאן ערוויעדערט — מיין שיף איז ניט קיין שלאכט־האַק.

— מיין הארפּון איז מיר מעהר בעליעבט! — האָט לענד געזאָגט.

— יעדען איינעם ציהט צו זיינס! — האָט נעמאָ געענטפערט וואַרפענדיג א שארפען בליק אויף׳ן קענעדע׳ר.

איך האָב מורא געהאט, אז דיעזער געשפּרעך זאָל ניט פיהרען צו א מה[illegible] אָדער א סקאנדאל, ווייל וויא מיר האָט אויסגעוויזען, האָט זיך דער ב[illegible] הארפּון־ווארפער פערמאָסטען צו רעדען אזעלכעס וואָס וואָלט זעהר אונ[illegible] נעהם געווען. אָבער צום גליק זיינען מיר אלע פּלוצלונג אויפמערקזאם גע[illegible] אויף א זאך, וואָס האָט דעם קענעדע׳ר כעס׳ן געמאכט פערגעסען אָן זיין געשפּרעך מיט׳ן קאפּיטאן. א "זיא" וואלפיש איז קוים שלעפּענדיג זיך צוגע־

וואלפישען און הילף איז שוין געווען נויטהיג, האט זיך דיא "נאטילוס" עטוואס ארונטערגעלאזט אונטער'ן וואסער. קאנסייל און לענד האבען זיך אוועקגעזעצט נעבען מיר ביי'ם פענסטער אין זאאל. קאפיטאן נעמא האט זיך בענעבען אין הייזעל פון שטייערמאן, אום צו העלפען איהם אומוועגדען דיא שיף אזוי, אז זיא זאל דיענען אלס א פערניכטונגס מאשינע. באלד האט דיא שרובע אנגעפאנגען שטארקער צו קלאפען און דיא "נאטילוס" האט זיך אלע ווײלע בעוועגט אלץ שנעלער און שנעלער.

דער קאמפף צווישען דיא ביידע מינים פישען האט זיך אנגעפאנגען, פונקט דאמאלס, ווען דיא שיף איז אויף'ן וואסערדיגען שלאכט־פעלד אנגעקומען. דורך זיין מאנעווירען דיא שיף האט קאפיטאן נעמא פערהינדערט דעם אנגריף. אנפאנגס האבען דיא פאטפישען גאנץ גלייכגילטיג געקוקט אויף דער גרויסער שווימענדער מאסע, וואס מישט זיך אריין צווישען זיי עפעס אזוי וויא א רודף שלום. אבער באלד האבען זיי, וויא עס האט אויסגעזעהן, דערפיהלט דעם טעם פון דיא קלעפ וואס אונזער שיף האט זיי געגעבען.

וואס פאר א מערקווירדיגער קאמפף דאס איז געווען צווישען דער טויטער, אייזערנער שיף און דיא לעבעדיגע ים־מזיקים! נעד לענד האט גאר אנגעקוואלען און געפאטשט בראווא. דיא "נאטילוס" איז איהם פארגעקומען אזוי וויא א ריעזיגער הארפון, וועלכען קאפיטאן נעמא שליידערט מיט א שרעקליכע קראפט און טרעפט אימער אין ציעל. דער שטאהלענער שנאבעל פון שיף האט זיך געווארפען אין דיא מאסען פון דיא רויבערישע טהיערע און האט געשניטען און געהאקט רעכטס און לינקס. מאנכע זיינען בוכשטעבליך צוהאקט געווארען אויף דער העלפט און דיא שטיקער צוריסענע קערפער האבען זיך געצאפעלט און געווארפען, אז עס איז געווען א שרעק צו קוקען. דיא געשלאגענע ים־העלדען האבען זיך געוועהרט. זיי האבען געקלאפט דיא שיף מיט זייערע שטארקע עקען, זיי האבען זיא פרובירט בייסען מיט זייערע מעכטיגע צייהן, און דער שטאה־לענער שנאבעל האט זיי געהאקט און געבראקט אהן אויפהער. דיא שיף האט זיך געהויבען ארויף און אראב און האט געטויטעט און פערניכטעט און פער־וואנדעלט א שטיק ים אין א פירכטליכע, אונגעהייער גרויסע שלאכט־הויז.

דאס וואסער ארום האט געקאכט און געזאדען. דיא פערוואונדעטע און דיא קראפירענדע ברואים האבען געפייפט און געשנארכט און געבריזגעט אזוי מורא'דיג, אז א שוידערליכע קעלט איז אריבער מיין לייב. ביי א שטונדע צייט האט דיא "נאטילוס" געקעמפפט געגען דיא שרעקליכע "מאנסטערס". אייניגע מאל האבען א צעהן אדער צוועלף מיט אמאל בעפאלען דיא שיף. מיר האבען דורך'ן פענסטער געזעהן זייערע געפעהרליכע צייהנער, דיא גיפטיגע בליקען פון זייערע פירכטליכע אויגען און זייערע העסליכע בייכער, וועלכע האבען זיך געהויבען פון אנשטרענגונג און אויפרעגונג. נעד לענד האט געשפרונגען און

— שיקט ארונטער דאָס שיפעל און זאָל ער ציינען וואָס ער קען — האָב איך מיין קאמעראד אונטערגעהאַלפען.

— ניין, הערר פראָפעסאָר — האָט דער קאפיטאן געענטפערט — עס איז נים נויטיג צו קריכען מיט א געזונדען קאָפּ אין א קראנקען בעט. מען דארף אזא ריזיקאלישע און געפעהרליכע זאך נים אונטערנעהמען. דיא "נאָטילוס" וועט שוין מיט זיי אליין פערטיג ווערען. דער שטאָהלענער שנאָבעל פון דער שיף קען אזוי פיעל אויפטהאָן וויא הערר לענד'ס שפיעז, און פיליייכט א ביסעל מעהר.

— ווארט נור, הערר אראָנאקס — האָט דער קאפיטאן ווייטער געזאָגט — מיר וועלען אייך באלד ציינען א יאגד, פון וועלכע איהר האָט גאָר קיין בענריעף נים. אויף דיעזע העסליכע, ווילדע טהיערע איז ניטאָ וואָס רחמנות צו האָבען. זיי בעשטעהען נור פון מויל און צייהנער.

מויל און צייהנער! יא, דאָס איז דיא ריכטיגע בעשרייבונג פון דיעזע מיאוס'ע בעשעפנים. בעסער קען מען זיי נים שילדערען. זיי זיינען עטליכע און זיעבעציג פוס לאנג, אָבער דער קאָפּ זייערער פערנעהמט מעהר וויא א דריטעל פון קערפער. דער פּאָטפיש איז בעסער בעוואפענט וויא דער וואלפיש, ווייל דער וואלפיש בעזיצט נור קליינע צייהנדלאך פון פיש־ביין און דער פּאָט־פיש האָט אין זיין אונגעהייער גרויסען מויל פינף און צוואנציג רייהען שארפע און שפיציגע צייהנער, וועלכע זיינען אומגעפעהר אכט אינטשעס אָדער צאָל לאנג און יעדער צאָהן וועגט צוויי פונט. אין דעם אויבערשטען טהייל פון פּאָט־פיש'ס קאָפּ געפינט זיך פון זעקס ביז אכט הונדערט פונט אויל. דיעזער אויל ווערט אָנגערופען "ספערמעסעטי" און איז זעהר טהייער. דער פּאָטפיש איז ווירקליך זעהר העסליך, פיליייכט דיא העסליכסטע בריאה וואָס דיא נאטור פערמאָגט. דיא גאנצע לינקע זייט פון זיין קערפער איז — אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען—נים פערטיג. דיעזע זייט איז ביי איהם אזוי נים ענטוויקעלט, אז ער זעהט נור מיט'ן רעכטען אויג.

דיא טרופּע פון דיעזע מיאוס'ע "מאָנסטערס" זיינען צוגעקומען צו אונז אלץ נעהענטער און נעהענטער. זיי האָבען דיא וואלפישען בעמערקט און זיי האָבען זיך עס געקליבען זיי צו בעפאלען. קיינער וואָלט נים געקענט צווייפלען, אז זיי וועלען דיא וואלפישען פערניכטען, דען אויסער דיא נעוואלדינע קראפט פון זייערע צייהנער, בעזיצען נאָך דיא פּאָטפישען אן אנדער מין גבורה וואָס דיא וואלפישען האָבען נים. זיי קענען נעמליך פערבלייבען אונטער'ן וואסער פיעל לענגער וויא וואלפישען. דיא דאָזיגע ים־טהיערע דארפען נים אזוי אָפט איינ־אטהעמען פרישע לופט און זיי קענען קעמפּפען אונטער'ן וואסער, וועהרענד זייערע געגנער ווערען דאָרט שנעל מאַכטלאָז.

ווען דיא פירכטליכע ברואים זיינען צוגעקומען גאנץ נאָהענט צו דיא

טהיערע קען מען ניט געברויכען, בלויז דעם טראָן, דיא פעטס, וועלכע מיר דארפען ניט אויף דער "נאָטילוס".

— ווארום האָט איהר מיר אויף'ן רויטען מעער ערלויבט א דיוגאָנג צו פערפאָלגען? — האָט לענד געפרעגט.

— א דיוגאָנג איז אן אנדער זאך — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט — זיין פרישעס פלייש האָט געקענט נוצען פאר אונז און דיא מאנשאפט פון שיף, אָבער דאָ האנדעלט זיך דאך בלויז אומזיסט לעבעדיגע בעשעפּניסע צו טויטען, היינט ווארום זאָל מען עס טהאָן? יא, מענשען האָבען זיך גענומען אזא רעכט. דאָס איז ביי זיי א צייט פערטרייב, א פערגעניגען זאך, אָבער ביי מיר קענען אזעלכע מערדערישע צייט־פערטרייבונגען ניט גילטען. דעם נאָרדליכען וואלפיש האָט מען שוין כמעט אין גאנצען פערניכטעט און יעצט ווילט איהר דאָס זעלבע טהאָן דאָ אין זידען. עס איז ווירקליך א שאדע, אז מען זאָל אזא קלאסע פון ניצליכע ברואים אויסראָטען. לאָזט בעסער דיא ארימע וואלפישען צופריעדען. זיי האָבען נענוג נאטירליכע שונאים אָהן אייך: פּאָטפישען, שווערד־פישען און אנדערע אזעלכע רויבערישע ברואים.

אויף אזא פערקאָכטען יענער וויא נעד לענד האָט קאפּיטאן נעמאָ'ס מוסר זאָגען גאָר ניט געווירקט. ער האָט געוואָרפען אויף'ן קאפּיטאן א בליק פון האס, אזוי וויא יענער, וואָלט איהם אונגליקליך געמאכט. ער האָט אויס ערגערניס זיך אָבגעקעהרט אָן א זייט, האָט אריינגערוקט ביידע הענד אין דיא קעשענעס און האָט צווישען דיא צייהן אויסגעפייפט "יענקי דודל". דער קאפּיטאן האָט דאן ווארפענדיג בליקען אויף דיא טהיערע, צו מיר געזאָגט:

— איהר זעהט וויא ריכטיג מיינע ווערטער זיינען, אז דיא וואלפישען האָבען גענוג שונאים אָהן דעם מענשען? בעטראכט נור, הערר אראָנאקס, דאָרט ביי אכט מייל ווייט פון אונז, זעהט איהר וויא שווארצע פונקטען בעוועגען זיך דאָרט?

— יא, קאפּיטאן, איך זעה.

— אָט דאָס זיינען פּאָטפישען, פירכטליכע, רויבערישע טהיערע, וועלכע איך האָב שוין ניט איין מאָל אָנגעטראָפען אין גרויסע מאסען, פון צוויי ביז דריי הונדערט מיט אמאָל. אָט אזעלכע גרויזאמע, שעדליכע ברואים צו פערניכטען, גיב איך צו, אז עס איז קיין עולה ניט.

דערהערענדיג דיעזע ווערטער איז לענד אויפגעשפּרונגען און זיך געווענדעט צום קאפּיטאן.

— אויב אזוי — האָט ער געזאָגט — איז נאָך ערשט צייט צו רעטען דיא אונשולדיגע וואלפישען, אָדער דיא ניצליכע ברואים, וויא איהר רופט זיי, לאָזט מיך און איך וועל אָנפיהרען א קאמפּף געגען דיא פּאָטפישען.

— מיר אליין איז שוין אמאָל אויסגעקומען צו בעגעגענען ריעזיגע ברואים פון דיעזען זאָרט און מען האָט מיר דערצעהלט, אז ביי דיא אלעאוטישע אינזעלען געפינען זיך אזעלכע, וואָס זיינען מעהר וויא 150 פוס לאנג.

— דאָס איז אביסעל איבערטריבען. דיא גרעסטע זאָרטען פון זיי און אויך דיא פּאָטפישען זיינען אן עכט ביסעל קלענער.

— און איך האָב געהערט, אז פּאָטפישען זיינען פאראן אזעלכע גרויסע, דאָס מען נעהמט אָפטמאָל אָן אזא בריאה פאר אן אינזעל. מען האָט מיר דערצעהלט, אז א פּאָטפיש בערעקט אָפט זיין קערפּער מיט מעער־גראָזען און ליגט אונבעוועגט אויף'ן וואסער. ים־רייזענדע מיינען אז דאָס איז א שטיקעל טרוקענע לאנד, זיי געהן ארונטער און ליינען אויף איהם א פייער און —

קאָנסייל האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען און האָט שפּאָטיש אויסגערופען:

— און בויען זיך אוים הייזער!

— גענוג שוין לאכען! — האָט זיך לענד צובייזערט — איך האָב געמיינט אויסצופיהרען, אז דאָס טהיער לאָזט זיך דאן ארונטער און דערטרינקט אלע מענשען וואָס זיצען אין איהם. אזוי האָט מען מיר דערצעהלט.

— דאָס איז א נארישע לעגענדע! — האָב איך זיך אָבגערופען — דאָס איז א מעשה פון טויזענד און איין נאכט. איך האָף אז איהר זיינט פערנינפטיג גענוג ניט צו גלויבען אין אזעלכע פלוידערייען.

— אָה! — האָט לענד פלוצלונג אויסגעשריען, קוקענדיג אויפמערקזאם אויף'ן ים — דאָס איז ניט איין וואלפיש, צעהן, צוואנציג, א גאנצע טרופּע! און איך מוז שטעהן און קוקען!

— אָבער, פריינד, — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען — פארוואָס זאָלט איהר ניט בעטען דעם קאפּיטאן נעמאָ, אז ער זאָל אייך ערלויבען צו מאכען א יאגד אויף דיעזע ברואים?

איידער קאָנסייל האָט זיינע ווערטער געענדיגט, איז שוין דער וואלפיש־פאנגער ארונטער געלאָפען אונטען, אום דעם קאפּיטאן אויפצוזוכען. אייניגע מינוטען שפּעטער זיינען זיי ביידע ארויפגעקומען אויף'ן דעק. קאפּיטאן נעמאָ האָט בעטראכט דיא מחנה וואלפישען, וועלכע זיינען אומגעשוואומען לוסטיג אומגעפעהר א מייל ווייט פון אונזער שיף.

— יא, דאָס זיינען זידליכע וואלפישען! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט — זיי וואָלטען געווען א גליק, אן אוצר פאר א גאנצע פלאָטע וואלפיש־פאנגער.

— נו, מיין הערר — האָט דער קענעדע'ר זיך געווענדעט צום קאפּיטאן — ערלויבט מיר כאָטש מאכען א שטיקעל יאגד אויף זיי, אום איך זאָל וועניגסטענס מיין פּראָפעסיאָן ניט פערגעסען.

— צו וואָס? — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט — יאגד מאכען, אום נור צו טויטען, אום בלויז צו פערניכטען, לוינט זיך ניט. דאָס פלייש פון דיעזע

— אך! — האט דער הארפון־ווארפער אויסגערופען מיט בעדויערען — ווען איך וואלט יעצט געווען אויף א יעגער־שיפעל! זעהט וואס פאר א פראכט־פאלעס טהיער! וויא מעכטיג ער שפריצט ארויס דיא וואסער־זיילען פון זיינע נאז־לעכער! צום טייפעל, בין איך אבער צוגעבונדען צו דיעזער פערדאמטער שטיק אייזען!

רעדענדיג דיעזע ווערטער האט ער מיט העכסטער אויפרעגונג געטופעט מיט דיא פיס און אנגעשטעלט דיא פויסטען אזוי וויא ער זאל אימיצען ווען שלאגען.

— האט איהר נאך ניט פערלארען דיא לוסט צו וואלפיש־יאגד? — האב איך איהם געפרעגט.

— ניין, מיין הערר! — האט ער געענטפערט מיט בעגייסטערונג — דער חשק דערצו קען קיינמאל אויפהערען. אה! איהר האט קיין בעגריף ניט וואס פאר א פערגעניגען אזא יאגד מאכט. דיא אויפרעגונג, דיא בעוועגונג, איך קען עס אייך ניט ארויסגעבען.

— אין דיעזע מעערען, פריינד לענד, זיינט איהר נאך קיינמאל ניט געווען?

— ניין, נור אויף'ן נארדליכען אייז־מעער. אבער דארט בין איך אויסען געווען אין בעהרינג סטרייט (א שמאלער וואסער צווישען צוויי ימים), צווישען אזיען און נארד אמעריקא און אויך אין דייוויס סטרייט, נאהענט ביי גרינלאנד.

— אויב אזוי, קענט איהר נאך ניט דיא זידליכע וואלפישען. יענע אויף וועלכע איהר האט געמאכט יאגד ביי גרינלאנד קענען אהער קיינמאל ניט קומען, ווייל עס איז זיי אונמעגליך דורכצושווימען דיא ווארימע וואסערען פון דיא עקוואטאר געגענדען. איבערהויפט האט יעדער זארט פון דיעזע טהיערע זייערע בעשטימטע ערטער אין מעער, וועלכע זיי פערלאזען קיינמאל גאנץ ווייט. עס קען אמאל טרעפען, אז א וואלפיש פון בעהרינג סטרייט זאל פערבלאנדזען נאך דייוויס סטרייט, אבער אהער קענען יענע וואלפישען פאר קיין פאל ניט קומען. אנדערע זארטען פישען פערבלאנדזען אפטמאל יא אהער. דיעזע אורחים זיינען אייך אלזא, פריינד לענד, אין גאנצען אונבעקאנט.

— וואלט איך טאקי זעהר ווען בעקאנט ווערען מיט זיי! — האט דער הארפוניסט אויסגערופען — אבער זעהט, אט קומט איינער גראדע געגען אונז, עפעס אזוי וויא מיר צו להכעיס, אזוי וויא ער זאל וויסען, אז איך קען איהם ערשט גאר ניט טהאן.

לענד איז שרעקליך אויפגערעגט געווארען, האט געטופעט מיט דיא פיס, געקריצט מיט דיא צייהן און ער האט זיך קיין ארט ניט געקענט געפינען פון אויפרעגונג. ענדליך האט ער זיך אביסעל בערוהיגט און מיך געפרעגט:

— זיינען דיעזע וואלפישען אויך אזוי גרויס וויא יענע פון נארדליכען אייז־מעער?

— יא, לענד, כמעט אזוי גרויס.

פון אונזער זייט צו רעוואָלטירען. פערגעסט ניט, פריינד לענד, אז מיר זיינען ניט מעהר וויא דריי פּערזאָן און דיא לייטע פון שיף זיינען זיכער א גרעסערע און שטארקערע מאכט פאר אונז, אויב אפילו זיי זיינען מעהר ניטאָ וויא צעהן אָדער זאָגאר וויינינגער. מיין ראטה איז, אז מיר זאָלען געדולד האָבען און וואר־טען ביז א צייט.

— אויסער דעם — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען— קען דאָך קאפּיטאן נעמאָ אייביג ניט פאָהרען נאָך זידען. דיא גרויסע אייז־בערג וועלען דאָך שליסליך אָבהאלטען זיין רייזע, דאן וועט ער זיך מוזען אומקעהרען אין אנדערע, מעהר בעוואָהנטע געגענדען און מיר וועלען דאן צייט האָבען צו דענקען וועגען קאמעראד לענד'ס פּראָיעקטען.

לענד האָט זיך א גלעט געטהאָן מיט'ן האנד איבער'ן שטערען און איז ארויסגעגאנגען.

— ארימער לענד! — האָט קאָנסייל געזאָגט — ער פערלאנגט נעבאך אזעלכעס וואָס איז אונמעגליך צו דערגרייכען, און דיא הינדערניסע געגען זיין וואונש רייצען איהם נאָך מעהר אויף. אלע זיינע געדאנקען זיינען נור געווענדעט אויף איין זאך: וויא אזוי פון דאנען לויז צו ווערען. עס איז איהם ווירקליך דאָ זעהר לאנגווייליג. ער איז אן איינפאכער מענש, אָהן לעהרנונג, אָהן בילדונג. איהם קענען דאָך דיא וואונדער פון ים ניט אינטערעסירען אזוי פיעל וויא דעם הערר. ער וואָלט מעהר צופריעדען געווען צו זיצען ערגיץ אין א שענק איידער דאָ אויף דער "נאָטילוס".

אין אמת'ן איז עס טאקי אזוי געווען. דער קענערדע'ר איז געוואָהנט געווען צו א טהעטיגען לעבען. ער האָט אימער געארבייט, ער האָט אימער געהאט בעשעפטיגונג אלס וואלפיש פאנגער, ער איז קיינמאָל ליידיג ניט געזעסען און דער רוהיגער לעבען אויף דער "נאָטילוס" איז פאר איהם געווען אן אָבקומעניס. עס איז איהם געוויס יעדע מינוט צו גרויס געווען און ער האָט זעהר געבענקט נאָך זיינע אמאָליגע גוטע צייטען, ווען ער איז אומגעפאָהרען אויף דיא וואסע־רען מיט זיין הארפּון אין האנד.

ארום עלף דעם זייגער פאר מיטאָג, ווערהענד אונזער שיף איז געשוואומען אין דער הויך אויף'ן וואסער, זיינען פון וויטען אָנגעקומען א גאנצע מחנה וואלפישען. איך בין דערפון ניט שטארק איבערראשט געוואָרען, ווייל איך האָב געוואוסט, דאָס ווען דיעזע ים־טהיערע ווערען פערפאָלגט פון יעגער, אנטלויפען זיי נאָך דיא איינזאמע וויטע געגענדען פון מעער. מיר זיינען דאמאָלס געזעסען אויף'ן פּלאטפאָרם. דאָס וואסער אין ים איז געווען גאנץ רוהיג, אָבוואָהל אין מאָנאט מערץ איז אין יענע געגענד הערבסט און דיא וועטערען זיינען דאָרט צו יענער צייט מעהרסטענטהייל ניט קיין שעהנע. לענד האָט צוערשט פון ווייטענס דערזעהן א גרויסען וואלפיש, וועלכער איז געשוואומען צו מזרח זייט.

דארום געניינגט צו גלויבען, אז אויסער מאטראָזען און שיפס ארבייטער האָט דאָ קאפּיטאן נעמאָ אויך קאמעראדען און גוטע פריינד, וועלכע שטימען איין מיט זיינע רעטזועלהאפטע, אונערקלערבארע אידעען צו פערברייננגען זייער לעבען אין דיא וואסערען פון דיא ימים.

— עס קען זעהר זיין! — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען — אָבער אפילו אויף אזא אופן קען מען דאָך אלץ וויסען וויפיעל מענשען אומגעפעהר דיא שיף קען אין אלגעמיין מיטפיהרען.

— וויא אזוי? — האָב איך געפרעגט.

— דורך אן איינפאכע רעכנונג. דער הערר ווייסט דאָך וויפיעל לופט דיעזע שיף פערמאָגט און אויך וויפיעל לופט יעדער מענש קען פערברויכען. דיא "נאָטילוס" שעפּט אָן פרישע לופט יעדען מעת לעת, אלזאָ איז דאָך מעגליך פון דיעזע ביידע רעכענונגען צו וויסען דיא זאך גענוי. זאָל דער הערר פּרובירען וועט ער מאכען דעם חשבון פינקטליך און אויף'ן בעסטען אופן.

— דו האָסט רעכט, קאָנסייל — האָב איך צוגעגעבען — דו האָסט דאָ אויף'ן שיף בעקומען א שארפען מח און דו כאפּסט א זאך שנעלער פון מיר. אָט האָסט דו דעם רעכענונג: יעדער מענש מוז אין א שטונדע איינאטהעמען אזוי פיעל אָקסידזשען (זויער־שטאָף) וויפיעל עס געפינט זיך אין צוואנציג גאלאָן לופט. אין 24 שטונדען דארף א מענש פערברויכען דיא זויער־שטאָף פון 480 גאלאָן לופט. עס בלייבט ערשט נור צו וויסען וויפיעל מאָל 480 גאלאָן דיא "נאָטילוס" ענטהאלט און מיר זיינען פערטיג מיט אונזער חשבון.

— גאנץ ריכטיג, אָט דיעזען רעכענונג האָב איך טאקי געמיינט! — האָט קאָנסייל אויסגעשריען.

— אונזער שיף — האָב איך ערקלערט — ענטהאלט 1,500 טאָנען. א טאָן איז 200 גאלאָן. 200 מאָל 1,500 איז 300,000. צוטהיילען דיעזען צאָהל אויף 480 טהיילען, מאכט עס אויס 625. עס הייסט אלזאָ, אז דיא "נאָטילוס" ענטהאלט אין זיך אזוי פיעל לופט וויפיעל זעקס הונדערט און פינף און צוואנציג פערזאָן דארפען פערברויכען.

— זאָלען מיר גלויבען אז דאָ אויף'ן שיף געפינען זיך אזוי פיעל מענשען?
— איז דער קענעדע'ר איבערראשט געוואָרען.

— דאָס הייסט ניט אז אזוי פיעל געפינען זיך אָדער מוזען זיך געפינען — האָב איך ערקלערט — עס הייסט נור אז אזוי פיעל וואָלטען זיך געקענט געפינען, אָבער אין דיא ווירקליכקייט, גלויב איך, איז דאָ אפילו א צעהנטעל דערפון אויך ניטאָ.

לענד האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער איך האָב פערשטאנען וואָס ער וויל ארויסברייננגען און איך האָב איהם פערכאפּט אויף פריהער.

— יעדענפאלס — האָב איך פארטגעזעצט — וואָלט געווען זעהר נאריש

פאהרען אין זידליכען אייז־מעער איז דאך א גרויסע ריזיקע, ווייל אפילו אזא שטארקע שיף וויא דיא "נאטילוס" קען דארט אויך אמאל צוקלאפט ווערען אדער וויינינגסטענס בלייבען שטעקען צווישען אייז־בערג און דאן זיינען מיר פערלארען. מענשען האבען שוין געמאכט רייזען אויף'ן אייז־מעער פון צפון זייט און מען איז שוין אין איהם ווייט אריינגעפאהרען, אבער אין זידליכען אייז־מעער איז נאך כמעט קיין שיף ניט געקומען, ווייל דאס איז אן אונמעגליכע זאך וואס קיינער קען ניט אונטערנעהמען. היינט וויא אזוי קען קאפיטאן נעמא זיך אונטערשטעלען צו פיהרען זיך און אונז אלע דעם קאלטען מלאך המות אין דיא הענד אריין?

נעד לענד האט דיא לעצטע צייט מיט מיר מעהר ניט גערעדט וועגען זיינע פראיעקטען צו אנטלויפען. ער איז ארומגעגאנגען בייז און שטיל. איך האב אויף זיין געזיכט געקענט לעזען וויא שווער און וויא אונאנגענעהם עס איז איהם דיא געפאנגשאפט אויף דער "נאטילוס" און איך האב פערשטאנען אז זיין איינ־געהאלטענער פערדרוס און צארן שטייגט פון טאג צו טאג אלץ מעהר און מעהר. ווען ער פלעגט זיך בעגעגנען מיט'ן קאפיטאן, פלעגען זיינע אויגען פינקלען. א פייער פון כעס האט אין זיי געברענט און מען האט דייטליך געזעהן, אז ער טראגט אויף איהם א ווילדען האס. איך האב מורא געהאט, אז לענד'ס היציגער כאראקטער וועט לאנג ניט קענען דולדען און עס וועט ענדליך פיהרען צו א געפעהרליכען סקאנדאל.

דעם 14טען מערץ איז ער מיט מיין דיענער קאנסייל אריינגעקומען צו מיר אין צימער. איך האב געזעהן, אז דער קענעדע'ר איז שטארק אויפגערעגט און צומישט און איך האב איהם געפרעגט דיא אורזאכע דערפון.

— איך וועל אייך נור איין פראגע שטעלען — האט ער זיך אבגערופען

— זאגט מיר, הערר פראפעסאר, וויפיעל מאן, דענקט איהר, געפינען זיך דא אויף'ן שיף?

— דאס קען איך גענוי ניט ערקלערען, מיין פריינד—האב איך געענטפערט.

— אבער מיר שיינט, אז אום דיעזע שיף צו פיהרען דארף מען קיין גרויסע מאנשאפט ניט האבען! — האט לענד אויסגערופען.

— דאס איז ריכטיג! — האב איך איינגעשטימט — נאך מיין מיינונג זיינען צעהן מאן פאלקאם גענוג פאר דער "נאטילוס". דאך דענק איך, אז דא געפינען זיך פיעל מעהר.

— ווארום דענקט איהר אזוי? — האט לענד פערוואונדערט געפרעגט.

— גאנץ איינפאך — האב איך זיך אבגערופען — וויא איך פערשטעה, איז דיא "נאטילוס" הויפזעכליך געבויט געווארען אום צו דיענען אלס היימאטה פאר אזעלכע מענשען וואס האבען אבגעשווארען פון דער וועלט, וואס ווילען צוליעב געוויסע אורזאכען ניט וואהנען אויף דער טרוקענער לאנד. איך בין

געזעהן אזוי וויא אין א העלען טאָג אויף'ן לאנד. קיין שאָטען האָט קיין זאך פערשטעלט און דיא גאנצע געגענד איז געווען בעלויכטען אזוי וויא פון א העלע זוננען־שיין. דיא "נאָטילוס" איז אויף איניגע מינוטען געבליבען שטעהן און באלד האָבען מיר געהאט א קלאָרען נעגאטיוו־בילד פון יענע לאנדשאפטען אויף'ן אונגעהייער טיעפען גרונד פון מעער, פון יענע אור־וועלטליכע פעלזען וואָס זיינען קיינמאָל ניט בעשיינט געוואָרען מיט דיא הימעלס־ליכט, פון דיא שטארקע גראניט מאסען וואָס בילדען דעם פונדאמענט פון אונזער ערד־קוגעל. ווייטער האָבען זיך אויף'ן בילד געזעהן דיא וואונדערבארע בערג, וועלכע פערלירען זיך ביסלעכווייז אין א טיעפע, געהיימניספאָלע דונקעלהייט. עס איז אונמעגליך צו שילדערען וואָס פאר אן איינדרוק דאָס בילד האָט אויף מיר געמאכט. גלאט, שווארץ און לעער, קיין ברעקעל צייכען פון לעבען אָדער פון וואקסונגען איז ניט צו בעמערקען, אויסער בערג, דונקעלע בערג, פעלזען און נאטור געביידען, וועלכע קיין מאהלער, קיין קינסטלער איז אימשטאנד צו מאָהלען אָדער זאָגאר פאָרצושטעלען אין פאנטאזיע.

באלד נאָכדעם וויא דיזע ארבייט איז פערטיג געוואָרען, האָט קאפיטאן נעמאָ צו מיר געזאָגט:

— אצינד וועלען מיר צוריק ארויפשטייגען, עס איז צופיעל ריזיקאליש צו פערבלייבען אונטער אזא שווערען דרוק. האלט זיך צו און זייט פאָרזיכטיג.

איידער איך האָב נאָך פינקטליך געכאפט זיינע ווערטער, בין איך אומגעפאלען, ווייל אונזער שיף האָט זיך פלוצלונג א הויב געטהאָן אין דער הויך אזוי וויא א באלון, אָדער בעסער געזאָגט: זיא איז ארויפגעשאָסען אזוי וויא א קויל פון א קאנאָנע. עס האָט בלויז געדויערט פיער מינוטען און מיר זיינען שוין געווען אין דער הויך אויף'ן וואַסער. פון האסט האָט זיך דיא "נאָטילוס" אויפגעהויבען אין דער לופט און איז ארונטערגעפאלען אויף'ן וואסער מיט א קראך אזוי וויא מיר זאָלען זיך ארונטערקייקלען פון א הויכען בארג.

## 12טעס קאפיטעל

# א קאַמפּף מיט ים־מזיקים

דורך דיא נעכט פון 13טען און 14טען מערץ איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען ווייטער נאָך דרום זייט. איך האָב געגלויבט, אז קאפיטאן נעמאָ דענקט ארומרינגלען קייפּ הארן און דאן זיך צוריקקעהרען אין דיא וואסערען פון שטילען אָקעאן. דערמיט, האָב איך געדענקט, וועט זיך זיין רייזע ארום דער וועלט ענדיגען. אָבער דער קאפיטאן האָט ניט אזוי געטהאָן און ער האָט געטריבען זיין שיף ווייטער נאָך דרום זייט. וואוהין פאָהרט ער ווייטער, צום זיד־פּאָל? — האָב איך ביי זיך געטראכט — דאָס איז דאָך שוין איינפאך משוגעת! אריינ־

קיין לעבעדיגע זאך אין וואסער ניט געווען צו זעהן. איך האב דארט בעמערקט שווארצע שפּיצען, וואס האבען ארויסגעשטארצט פון אונטער'ן וואסער. איך האב געצווייפעלט אויב דאס זעהט זיך שוין דער גרונד פון ים אדער דאס זיינען שפּיצען פון הויכע בערג וואס זיינען פיליייכט אזוי הויך וויא צוםביישפּיעל דיא הימאלאי בערג אין אזיען אדער דער מאונט בלאנק אין אייראפּא, וועלכע זיינען פון צוועלף ביז פופצעהן טויזענד פוס הויך. אויב דאס זאלען זיין אזעלכע הויכע בערג אונטער'ן וואסער, האב איך געטראכט, וועלען מיר קיינמאל צום פלאכען גרונד ניט קומען.

דיא "נאטילוס" איז ארונטער נאך טיעפער, ביז מיר האבען דערגרייכט א טיעפענים פון 48 טויזענד פוס, דאס איז אריבער ניין ענגלישע מייל. דער דרוק פון וואסער איז דארט געווען אזוי שטארק, אז דיא שטאהלענע וועגד פון אונזער שיף האבען זיך געטרייסעלט. דיא אייזערנע שטאנגען האבען זיך אנגע־הויבען בויגען און יעדע ווייל האט זיך מיר געדאכט אז דיא קריסטאלענע שויבען פון אונזער פענסטער קראכען. קאפּיטאן נעמא האט בעמערקט אז איך בין עפּעס אונרוהיג און ער האט מיך פערזיכערט, אז דיא "נאטילוס" איז מעכ־טיג גענוג דיעזען דרוק איבערצוטראגען און אז דיא שויבען וועלען פערבלייבען גאנץ. דער דרוק פון וואסער איז דארט געווען אזוי וויא פון 1600 אטמאספערען.

— אה, אין וואס פאר א מערקווירדיגע לאגע מיר געפינען זיך יעצט! — האב איך אויסגערופען — מיר שווימען דאך יעצט אין אזא טיעפענים, וואו קיין מענש און קיין לעבעדיגע בעשעפענים אין דער וועלט איז נאך ניט אריינגע־דרונגען. זעהט נור, קאפּיטאן, דיעזע פּראכטפאלע פעלזען, דיעזע אונבעוואהנטע הייהלען! זעהט נור, וואס פאר א וואונדער זאכען עס געפינען זיך אין דיעזער טויטער וועלטעל, וואו קיין לעבען עקזיסטירט! און ווארום זאל אונז פון דאס אלעס בלויז פערבלייבען א שטיקעל געדעכנים אין אונזער זכרון?

— וואלט איהר, הערר פּראפעסאר, וועלען האבען א ריכטיגע אנדענקונג פון דיעזע געגענד אונטער'ן ים? — האט דער קאפּיטאן געפרעגט.

— געוויס וואלט איך וועלען! — האב איך געענטפערט — אבער וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך! — האט נעמא געענטפערט — מיר וועלען דיעזע גע־גענד אבפאטאגראפירען און מיר וועלען עס שטענדיג קענען האבען פאר דיא אויגען.

איך בין זעהר צופריעדען געווען דערפון און איך האב דעם קאפּיטאן גע־וואלט דאנקען דערפאר, אבער איך האב שוין קיין צייט געהאט צו רעדען א ווארט, ווייל אין דעם זעלבען מאמענט האט מען אויף'ן קאפּיטאן'ס בעפעהל געבראכט א פאטאגראפישען אפּאראט און נעמא האט זיך שוין גענומען צו דער ארבייט. דורך דיא ווייט געעפענטע לאדען האט זיך אן עלעקטרישע שיין פער־שפּרייט אין דיא ארומיגע וואסערען און מען האט אלעס קלאהר און דייטליך

פון דער צייט וואָס מיר זיינען אויפגענומען געוואָרען אויף דער "נאַטילוס" ביז דעם 13טען מערץ האָט דיא שיף שוין געהאַט דורכגעמאַכט א רייזע פון אומגעפעהר דרייצעהן טויזענד ליגס. אין יענעם טאָג האָבען מיר זיך געפונען אין דיא טיעפסטע געגענד פון אַטלאַנטישען אָקעאַן. קאַפּיטאַן דענהאַם פון דער שיף "הערראָלד" האָט אין יענע געגענד פּרובירט מעסטען דיא טיעפענים. ער האָט ארונטערגעלאָזט אן אַפּאַראַט און האָט דערגרייכט א טיעפענים פון אריבער 40 טויזענד פוס, אָבער צום גרונד האָט דער אַפּאַראַט ניט דערגרייכט. קורץ נאָכדעם האָט לייטענאַנט פּאַרקער פון דער אמעריקאַנישער פרעגאַטע "קאָנגרעס" געמאַכט א צווייטע פּראָבע. זיין אַפּאַראַט האָט אין איין פּלאַץ דערגרייכט א טיעפענים פון א 60 טויזענד פוס, אָבער דאָס איז נאָך אויף דער גרונד ניט געוועזן. קאַפּיטאַן נעמאָ האָט בעשלאָסען ארונטער צו שטייגען מיט דער "נאַטילוס" אין יענע געפעהרליכע טיעפעניסען, אום דעם גרונד צו דערגריי־כען. איך האָב מיט גרויס אינטערעסע ערוואַרטעט דיעזע מערקווירדיגע אונטער־נעהמונג ביי־צו־וואָהנען און איך האָב זיך פאַרבערייטעט צו נאָטירען אַלעס וואָס דיעזע אינטערעסאַנטע אונטערזוכונג וועט בעווייזען. דיא לאָדענס פון זאַאַל זיינען געוועזן אָפען און איך האָב דורך דיא גלעזערנע ווענד געקענט זעהן אַלעס וואָס אין וואַסער טהוט זיך.

דיא שיף האָט אָנגעפאַנגען זינקען ארונטער און ארונטער. דער קאַפּיטאַן און איך זיינען געשטאַנען ביי'ם מאַנאָמעטער, וועלכער האָט געצייגט אז מיר קומען יעדע ווייַלע אַלץ טיעפער און טיעפער. עס האָט גאָר ניט פיעל געדויערט און מיר זיינען געקומען אין אזא טיעפענים, וואו מען האָט שוין ווייניג וואָס פיש געזעהן.

דיא ים ברואים אין וואַסער קענען נור לעבען אין א בעשטימטע טיעפקייט. דאָס וואַסער איז פאַר זיי אזוי וויא פאַר אונז מענשען אָדער אַנדערע בעשעפ־ניסע פון דער ערד — דיא לופט. א מענש אָדער אירגענד וועלכע אַנדערע לאַנד־בריאה קען לעבען אין דער לופט ביז א געוויסע הויכקייט. זאָל א מענש ארויפשטייגען העכער וויא דיא נאַטור האָט בעשטימט, וועט ער יענע לופט ניט איבערטראָגען און וועט שטאַרבען. א חיה וועט קראַפּירען ווען מען וועט זיא ארויפציהען אין א העכערע ספערע וויא דיא נאַטור האָט פאַר איהר בע־שטימט. דיא מעהרסטע פישען לעבען אין דיא אויבערשטע און מיטעלסטע־וואַסער שיכטען; טיעפער אונטען קענען נור עקזיסטירען א קליינע צאָהל פון אייניגע מינים. נאָך ניעדעריגער אין אָקעאַן הערט אויף דאָס פלאַנצען לעבען און באַלד נאָכדעם פערשווינדעט אין גאַנצען דאָס טהיערישע לעבען, ווייל דער דרוק פון וואַסער איז אונטען אזוי שטאַרק, אז קיין לעבעדיגע בעשעפנים קען עס ניט אריבערטראָגען.

**ווען מיר זיינען געקומען אין א טיעפענים פון 42 טויזענד פוס, איז שוין**

דאָס ווערק אין פיעלע הינזיכטען. מאנכעס מאָל האָב איך געהערט וויא דער קאפיטאן האָט געשפיעלט מעלאנכאָלישע מעלאָדיען אויף דער פיאנאָ, אָבער נור ביי נאכט, ווען אַלעס אין שיף איז געווען שטיל און רוהיג.

ווערענד דיזע צייט זיינען מיר גאנצע טעג געפאָהרען אין דער הויך אויף'ן וואסער. דער אָקעאן איז ארום און ארום געווען וויסט און לעער. זעלטען ווען עס האָט זיך בעוויזען א שיף וואָס איז געפאָהרען נאָך אינדיען אָדער אין דיא ריכטונג פון דעם שפּיץ לאנד אין ים, בעקאנט אונטער דעם נאָמען "גוטע האָפּ־ פענונג" (קייפּ אָוו גוד האָופּ, אין ענגליש). איין טאָג האָבען אונז וואלפיש־ פאנגער פערפאָלגט: זיי האָבען וואהרשיינליך געמאכט דעם זעלבען טעות וואָס מיר האָבען אמאָל געמאכט און געגלויבט, אז זיי האָבען דאָ אָנגעטראָפען אן אונגעהייער גרויסעס ים־טהיער. קאפיטאן נעמאָ האָט אָבער ניט געוואָלט, אז דיא אָרימע מענשען זאָלען פיעל צייט און מיה פערלירען וועלענדיג פאנגען דיא געמיינטע חיה און אויף זיין בעפעהל איז דיא "נאָטילוס" ארונטער אונטער'ן וואסער.

אין יענעם געגענד האָבען מיר אין דיא טיעפענים פון ים בעגעגענט פער־ שיעדענע פישען, אָבער זיי זיינען מעהרסטענטהייל געווען אזעלכע וואָס מיר האָבען שוין געזעהן אין אנדערע ערטער. מיר האָבען דארום וויניג אויפמערק־ זאמקייט אויף זיי געשענקט. דערפאר אָבער האָבען מיר דורך דיא פענסטער פון שיף געזעהן מאנכע ברואים, וועלכע עס איז ווערטה געווען צו בעטראכטען. עס האָבען זיך געוואָרפען אין אונזערע אויגען א זאָרט אונגעהייער גרויסע ים־ הינד. דיעזע טהיערע זיינען שרעקליכע פרעסער און וויא פישער דערצעהלען געפינט מען אמאָל אין מאָגען פון אזא בריאה א גאנצע קאלב און זאָגאר א מענש. מיר האָבען דאָרט אויך אָנגעטראָפען גאנצע מחנות דעלפינען און אויך א מערקווירדיגעס וואסער־טהיער אָדער א מין פיש, אויף וועלכען מען זאָגט, אז ער איז העכסט מעלאָדיש און קען זינגען שעהנער און בעסער וויא א מענש־ ליכער זינגער. איך וויל דיא זאך ניט אָבלייקענען, אָבער מיר האָבען דיא זכיה ניט געהאט צו הערען זייערען א קאָנצערט.

מיר האָבען דאָרט אויך געזעהן א גאנצע מענגע פליהענדע פיש. עס איז העכסט אינטערעסאנט געווען צו בעטראכטען וויא דיא דעלפינען מאכען אויף זיי א יאגד אזוי געשיקט און אזוי פלינק, אז מיר האָבען זיך ניט געקענט אָב־ וואונדערען. אום צו רעטען זיך פון פערפאָלגער פליהט דער פיש ארויס פון וואסער אין דער לופט, אָבער ער קען אין דער הויך לאנג ניט פערבלייבען און ער פאלט ארונטער צוריק, אָפטמאָל גראדע אין אָפענעם מויל פון א דעלפין. דיעזע פליהענדע פיש לאָזען פון זיך ארויס א מין פאָספאָר בעלייכטונג און ווען מען זעהט זיי ביי נאכט פליהענדיג אין דער לופט, דאכט זיך אויס אזוי וויא פייערדיגע שטרייפען בעוועגען זיך.

ביז דעם צוועלפטען מערץ, א משך פון ניינצעהן טעג, איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען אלץ נאָך דיא זעלבע ריכטונג מיט איהר געוועהנליכע שנעלקייט. איך האָב געטראכט, אז קאפּיטאן נעמאָ מיינט פערביי צו פאָהרען קייפּ־האָרן און זיך בעגעבען צוריק צו דיא זידליכע טהיילען פון גרויסען שטילען אָקעאן.

איך האָב דארום איינגעזעהן, אז מיין קאמעראד נעד לענד, וועלכער האָט מורא, אז אונז וועט קיינמאָל ניט געלינגען בעפרייט צו ווערען פון דער "נאָטי־לוס", האָט רעכט. זיין מורא איז ניט קיין אומזיסטע, ווייל לויט דעם רעכענונג פון דער גאנג פון אונזער שיף איז ניט געווען צו ערווארטען, אז מיר זאָלען אזוי גיך קומען ערגיץ נאָהענט צו לאנד און מיר זאָלען קענען אנטלויפען. דאָס איינציגע וואָס איז פערבליבען צו טהאָן איז נאָך מיין מיינונג געווען, אָבוואר־טען ביז דיא רייזע וועט זיך ענדיגען און דאן פּרובירען בעטען דעם קאפּיטאן, אז ער זאָל אונז פריי לאָזען אויף אונזער עהרען־וואָרט, אז מיר וועלען זיין גע־היימניס פאר קיינעם ניט ענטדעקען. אָבער איך האָב שטארק געצווייפעלט, אויב ער וועט דארויף איינשטימען, ווייל ער האָט דאָך אונז פון אָנפאנג אָן ערקלערט, דאָס דיא געהיימניס פון זיין לעבען פאָדערט, אז מיר זאָלען אייביג פערבלייבען געפאנגען אויף זיין שיף. איך האָב זיך נאָכדעם בעדענקט, אז אזא פערלאנג קען נאָך אונז שאדען בריינגען, ווייל זאָבאלד מיר וועלען פאר'ן קא־פּיטאן אויסדריקען אונזער וואונש, אז מיר ווילען פריי ווערען, וועט ער אונז האלטען שטרענג בעוואכט און היטען אז מיר זאָלען ניט האָבען דיא מעגליכקייט פון דער "נאָטילוס" צו אנטלויפען. דיעזע רעיונות האָבען מיך פון מוטה אראָבגעשלאָגען, ווייל טראָץ דעם וואָס איך האָב מיין קאמעראד נעד לענד אייניגע מאָל אָבגעווענדעט פון דעם פּלאן צו אנטלויפען, האָב איך אויך געוואָלט פריהער אָדער שפּעטער פריי ווערען. מיין לוסט צו פערבלייבען אויף דער "נאָטילוס" איז נור געווען אום מעהר צו לערנען, אום מעהר צו ערפאהרען און נאכהער לאָזען דיא וועלט געניסען פון דיא נאטור־פאָרשונגען וואָס איך וועל זאמלען, אָבער איך האָב דורכאויס קיין חשק געהאט צו פערבלייבען אימער אויף דער שיף און מיינע בעאָבאכטונגען אין דיא ימים זאָלען קיין נוצען דער וועלט בריינגען.

אין פערלויף פון דיא ניינצעהן טעג, פון 22טען פעברואר ביז 12טען מערץ, האָט קיין בעזאָנדערעס ניט פּאסירט. דעם קאפּיטאן איז מיר אויסגעקומען צו זעהן גאנץ וועניג. אין ביבליאָטהעק האָב איך דורך דער צייט געפונען ביכער פון נאטור־היסטאָרישען אינהאלט, וועלכע קאפּיטאן נעמאָ האָט געלאָזט אָפען, צווישען זיי אויך מיין אייגענעם ווערק "איבער דיא געהיימניסע פון גרונד פון מעער". איך האָב אין אייניגע פּלעצער געפונען אויף דיא ראנדען פון מיין פערפאסונג בעמערקונגען, וועלכע דער קאפּיטאן האָט אויפגעשריבען. איך האָב איינגעזעהן, אז זיינע בעמערקונגען זיינען ריכטיג און זיי פערבעסערען ווירקליך

דער אמעריקאנער געלעהרטער מאָרי האָט געגעבען א ריכטיגע ערקלערונג פון וואנען עס קומען אין יענעם טהייל ים אזוי פיעל שווימענדע וואסער־פלאנצונגען. ער ערקלערט עס נעמליך אזוי: יעדער איינער ווייס, אז ווען מען זאָל אריינוואַרפען שטיקלאך סאָרק־האָלץ אָדער אנדערע לייכטע שווימענדע געגענשטענדע אין א בעקען אָדער אין א שיסעל מיט וואסער וואָס דרעהט זיך ארום אין א קרייז, וועלען זיך דיא שטיקלאך קאָרק אָדער דיא אנדערע זאכען צוזאממען קלייבען געדיכט איינע צו דיא אנדערע אין מיטעל־פונקט פון דער כלי. דער זעלבער פאקט איז אויך מיט'ן סארגאסאָ־מעער. דער גאָלף שטראָם דרעהט זיך ארום איהם אָהן אויפפהער און עס טרייבט דארום אלעס וואָס אין וואסער געפינט זיך אויף אין מיטען. דיא גראָזען און דיא פלאנצונגען ווערען געבראכט מיט'ן שטראָם פון פערשיעדענע געגענדען און זיי פערבלייבען אין סארגאסאָ מעער, צוליעב דאָס דרעהען זיך פון דעם גאָלף.

פאָהרענדיג אונטער'ן גראָז־מעער, וואו קיין אנדער שיף קען ניט צוקומען, האָב איך געהאט דיא מעגליכקייט צו בעטראכטען וויא ריכטיג מאָרי'ס טהעאָריע איז. איבער אונז זיינען געשוואומען געגענשטענדע, וואָס זיינען געקומען פון פערשיעדענע ערטער און זיי האָבען זיך צוזאמענגעדרענגט צווישען דיא ברוינע פלאנצונגען, וואָס האָבען מעהר פון אלעס פערדעקט דעם שפיעגעל פון ים. איך האָב דאָרט געזעהן וואָרצלען פון ביימער אָדער בוים־שטאמען פון דיא אינדישע בערג וואָס פאלען אריין אין דעם אטלאנטיק דורך דעם טייך מיסיסיפי. עס האָבען זיך דאָרט אויך געפונען פערשיעדענע געגענשטענדע פון צובראָכענע שיפען: רודערס, ברעטער און נאָך אזעלכע זאכען. מאנכע פון זיי זיינען שוין אזוי לאנג געלעגען אין וואסער, אז זיי זיינען שוין געווען האלב פערשטיינערט און האָבען שוין געהאלטען ביי'ם זינקען צום גרונד פון מעער, וואו זיי וועלען מיט דער צייט פערוואנדעלט ווערען אין שטיין־קאָהלען. וויא עס ווייזט אויס, האָט דיא נאטור צוגעגרייט א זאפאס פאר דער ווייט קינפטיגער צייט, ווען מענשען וועלען שוין ניט געפינען קיין קאָהלען אין דיא אונטערשטע שיכטען פון טרוקענעם לאנד.

צווישען דיא גראָזען, פלאנצען און אנדערע זאכען, וואָס זיינען געשוואומען אויף'ן וואסער, האָב איך אויך בעמערקט שעהנע, צוציהענדע אייז־פוינלאך און אנדערע זאָנדערבארע, רייצענד שעהנע בעשעפניסען.

דעם גאנצען טאָג פון 22טען פעברואר זיינען מיר געפאָהרען אונטער דעם גראָז־מעער, וואו עס געפינען זיך מאסען פישען, איבערהויפט אזעלכע וואָס ערנעהרען זיך פון ים־וואקסונגען און פון קליינע אינזעקטען וואָס לעבען צווישען זיי. אויף מאָרגען זיינען מיר שוין אריינגעקומען אין געוועהנליכען ים. דאָס וואסער פון אויבען איז געוועזען ריין און עס איז ניט געווען צו בעמערקען אירגענד וועלכען געגענשטאנד וואָס זאָל אומשווימען פון אויבען. פון דאן אָן

## 11טעס קאפיטעל

# דער גראָז־מעער

יענעם טאָג איז דיא "נאָטילוס" דורכגעשוואומען א בעוואוסטען טהייל פון אטלאנטישען אָקעאַן. אלע ווייסען פון דער עקזיסטענץ פון א ווארימען שטראָם, וואָס שניידעט דורך דעם אטלאנטישען ים אין אייניגע פלעטצער. "גאָלף־שטראָם" רופט מען איהם. ער פליסט ארויס פון דיא ווארימע אמעריקאנישע געגענד ביי פלאָרידא און ציהט זיך נאָך דיא ריכטונג שפיצבערגען. ניט ווייט פון מעק־סיקאָ צוטהיילט ער זיך אויף צוויי בעזונדערע שטראָמען; איינער ציהט זיך נאָך אירלאנד און נאָרוועגיען און דער צווייטער לויפט נאָך דרום זייט ביי דיא ברעגען פון אפריקא, ביז ער קעהרט זיך צוריק נאָך דיא אנטילישע אינזלען. דער צווייטער גאָלף האָט דיא פאָרמע פון אן אונגעהייער גרויסען, לענגליכען רינג.

אין מיטען פון דיעזען רינג, וואָס ענטהאלט דיא ווארימע פליסענדע וואסער פון גאָלף, געפינט זיך דער קאלטער, אונבעוועגליכער טהייל פון אָקעאַן, בעוואוסט אונטער דעם נאָמען "סארגאסאָ־מעער". ער איז אזוי גרויס, אז עס נעהמט ניט וויינינער וויא דריי יאָהר ביז דער "גאָלף־שטראָם" רינגעלט איהם ארום.

דער "סארגאסאָ מעער" איז דורכאויס בעדעקט מיט גראָז און ים פלאַנ־צונגען. דיא גאנצע גרויסע שטרעקע זעהט אויס אזוי וויא א גוט בעוואקסענע יויעזע (לאָנקע). דער נאָמען "סארגאסאָ" קומט פון דאָס וואָרט "סארגאזאָ", וועלכעס מיינט אין שפאניש אזא מין פלאנצע, וואָס הייסט זאלץ־קרויט אין דייטש. אין ענגליש רופט מען עס "קעלפ". און ווייל דיעזע פלאנצע געפינט זיך דאָרט אם מעהרסטען, רופט זיך יענער טהייל ים מיט איהר נאָמען.

ווען קאָלומבוס, דער ענטדעקער פון אמעריקא איז געקומען מיט זיינע שיפען אין גראָז־מעער, האָט ער דערפון אליין פערשטאנען אז ערגיץ ניט ווייט געפינט זיך א נייע וועלט. אָבער דיא לייטע וואָס זיינען מיט איהם מיטגעפאָהרען האָבען זיך זעהר דערשראָקען, ווען זייערע שיפען זיינען אריינגעקומען אין דער מאסע גראָזען, דורך וועלכע עס איז אונמעגליך געוועזען ווייטער צו פאָהרען. עס האָט ווירקליך געדויערט א פאָר וואָכען ביז זיי האָבען זיך פון דאָרט ארויס־געפלאָנטערט.

שיפען מיידען שטענדיג אויס דיעזען גראָז־מעער, וועלכען עס איז זעהר שווער דורכצושניידען. קאפיטאן נעמאָ האָט אויך געוואָלט דיעזע שוועריגקייטען אויסמיידען און ער האָט דארום דיא "נאָטילוס" געטריבען אונטער'ן וואסער. דיא גראָזען בעדעקען נור דיא אָבערפלעכע פון ים, אָבער אונטען איז דאָס וואסער ריין.

צו קיין קריעג און איך האב איהם געטרייסט, אז מיר וועלען נאך אין גיכען דורכפיהרען דעם אמאליגען פלאן און מיר וועלען פריי ווערען פון דער "נאטי־לוס". איך האב לענד'ען געגעבען צו פערשטעהן, אז קאפיטאן נעמא איז אין דעם אבגעשטארבענעם וואולקאנישען בארג ארייגגעפאהרען, אום זיין שיף מיט סאדיום צו פערזארגען און מען דארף אננעהמען, אז פון דאנען וועט ער זיך צוריק אומקעהרען אין דיא ימים פון איירא־פא, אדער אנדערע בעוואהנטע געגענדען, און דאן וועלען מיר וויעדער האבען אויסזיכטען צו אנטלויפען.

ליגענדיג אויף'ן ווייכען זאמד זיינען מיר איינגעשלאפען. וויא לאנג מיר זיינען געשלאפען, וויים איך ניט. אבער פלוצלונג האב איך געהערט וויא מיין דיענער קאנסייל שרייט מיט א דערשראקענע שטימע, אז מיר זאלען שנעל אויפשטעהן.

— וואס איז? — האב איך אויפשפרינגענד געפרעגט. אבער איך האב באלד אליין געפונען אן אנטווארט אויף מיין פראגע. איך האב דערזעהן, אז וואסער פלייצט אריין אין אונזער הייהל מיט אן אונגעהייערע שנעלקייט און אין איין ווייל'ע זיינען מיר שוין געשטאנען אין וואסער ביז דיא קנעבעל און מיר האבען שנעל געמוזט אנטלויפען אויף א העכערען ארט.

— וואס קען דאס בעדייטען? — האט קאנסייל געפרעגט — פון וואנען האט זיך דיעזע פערצווייפלונג פלוצלונג גענומען?

— פון דעם אויסערליכען מעער! — האב איך איהם ערקלערט — יעצט איז דיא געוועהנליכע צייט פון טאג, ווען דער אקעאן פאנגט אן צו שטייגען און דער גרויסער טייך אונטער דיעזען געוועלב וואס איז מיט איהם פערבונ־דען פלייצט אויך ארוים אין דער זעלבער צייט. באלד וועט דאס וואסער אנ־פאנגען צוריק אבפאלען. אבער מיר דארפען דערויף ניט ווארטען, ווייל עס איז צייט אומצוקעהרען זיך צוריק צו אונזער שיף.

מיר זיינען געגאנגען דורך אן אנדער וועג און אין דריי פיערטעל שטונדע ארום זיינען מיר געוועזן צוריק אויף דער "נאטילוס". דיא מאנשאפט איז גע־ווען פערטיג מיט אנלאדען דיא קאהלען אויף'ן שיף און מיר האבען אייגענטליך באלד געקענט אבפאהרען, אבער קאפיטאן נעמא האט נאך וועגען דעם קיין בעפעהל ניט געגעבען. אויף וואס ווארט ער? האב איך ניט געקענט בעגריי־פען. פיליכט וויל ער פון זיין פערבארגענעם האפען ארויספאהרען ביי נאכט? פיליכט לוינט זיך איהם אזוי בעסער?

מיט דיעזער פראגע האב איך זיך בעשעפטיגט א היבשע צייט, ביז איך בין איינגעשלאפען. ווען איך האב זיך אויפגעכאפט אויף מארגען אין דער פריה, איז דיא "נאטילוס" שוין געשוואומען אין מיטען מעער, איניגע איילען טיעף אונטער'ן וואסער.

דיא שעהנסטע זאַרטען. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא דער קענעדע'ר פרעסער האָט דאמאָלס געפיהלט. ער האָט זעהר לוסט געהאט צו טויטען איי־ניגע פון דיא פליעגעלדיגע בעשעפעניסע און מאכען פון זיי א בראטען, אָבער ער האָט קיין ביקס ניט געהאט. אוים פערדרוס האָט ער געשאָלטען קאפּיטאַן נעמאָ מיט זיין שיף. לענד האָט אָבער מיט לעדיגען ניט געוואָלט אוועקגעהן. ער האָט ריזיקירענדיג מיט זיין לעבען געקלעטערט איבער דיא פעלזען, האָט געשליידערט שטיינער אין דער הויך, ביז עס איז איהם דאָך געלונגען איין פויגעל צו טויטען. ער האָט איהם בעהאלטען אין זיין יאגד־טאַש און ער האָט מיט אונגעדולד ערווארטעט מיר זאָלען צוריק קומען אויף'ן שיף אום ער זאָל זיך קענען פערפערטיגען א פליישיגען מאָהלצייט.

ווייטער האָבען מיר ניט געקענט געהן און מיר האָבען זיך ווידער געמוזט ווענדען צוריק צום ברעג. איבער אונזערע קעפּ האָבען מיר געזעהן דיא עפע־נונג פון קראטער און קוקענדיג ארויף איז אונז אויסגעקומען, אזוי וויא מיר שטעהן אויף'ן גרונד פון א טיעפען ברונען. פון יענעם אָרט האָבען מיר דורך דיא עפענונג געזעהן דעם הימעל און שטיקלאך וואָלקען וואָס האָבען זיך גע־טראָגען אין דער הויך. נאָך מיין רעכענונג איז דער וואולקאַן געווען אומגע־פעהר אכט הונדערט פוס העכער פון ים. א האלבע שטונדע שפּעטער זיינען מיר געקומען אין אן אנדער געגענד ניט ווייט פון ברעג. דאָרט איז דער ברעג וואסער דורכאוים געווען בעלעבט מיט פיעלע מינים פון פערשיעדענע שאָל־טהיערע, קרעבסען, פעלד שפּינען און אלערליי שנעקען. דאָרט האָבען מיר אויך געפונען א זאָרט פלאנצע, וועלכע מען געברויכט צום פרעגלען אָדער איינ־זייערען. קאָנסייל האָט אויפגעזאמעלט א רעכט ביסעל פון דיעזע פלאנצען.

ניט ווייט פון דאָרט האָט זיך פאר אונז געעפענט א פּראכטפאָלע קליינע הייהל. דער באָדען איז געווען בעדעקט מיט א וווייכען זאמד, וואו מיר האָבען זיך אוועקגעלעגט און מיר האָבען א וואהרען פערגעניגען געהאט אויסצורוהען זיך נאָך אונזער לאנגען און שווערען שפּאציער. דיא וואנד פון יענער הייהל זיינען פון דעם אמאָליגען פייער געוועזן אָבגעפּאָלירט גלאט אזוי וויא געשלי־פענע גלאָז און האָבען געפינקעלט פון דיא עלעקטרישע שטראהלען וואָס האָבען אין הייהל ארייגעדרונגען. נעד לענד האָט ארומגעטאפּט דיא וואנד, אזוי וויא ער זאָל וועלען אויסגעפינען וויא דיק זיי זיינען. איך האָב זיך ניט געקענט איינהאלטען פון געלעכטער און קאָנסייל האָט אויך געשפּאסט.

— וואָס דענקט איהר, פריינד לענד — האָט זיך מיין דיענער אָבגערו־פען — איהר וועט דאָ אויפברעכען א וואנד און אנטלויפען? אומזיסט אייער מיה. דאָס וועט אייך ניט געלינגען.

דער קענעדע'ר איז שטארק בייז געוואָרען. אָבער איך האָב ניט צוגעלאָזט

בוים און זיי לעבען און שאפען אונטער דער ערד אין דער פינסטער. איך האָב באלד בעשלאָסען, אז מיר געפינען זיך אונטער דיא קאנאריען אינזלען, אויף וועלכע עס גיט זעהר פיעל ביהנשטאָקען און דער דאָרטיגער האָניג איז פון בעסטען זאָרט.

נעד לענד, וועלכער איז פון נאטור געוועזן א גרויסער נאשער, האָט שוין ניט געוואָלט אָבטרעטען פון דאָרט, ביז ער וועט א טהייל פון דעם האָניג בעקומען. ער האָט אָנגעצונדען א הויפען פערדארטע בלעטער צומישט מיט שוועבעל און האָט אריינגעלאָזט דעם רויך אין ביהנשטאָק. עס האָט זיך באלד דערהערט א הוזשעריי, וועלכע איז אָבער באלד שטיל געוואָרען. דיא ביהנען זיינען פערבליבען פער'חלש'ט, אָהנמעכטיג און לענד האָט מיט דיא הענד ארויסגעצויגען עטליכע פונט האָניג. ער האָט עס איינגעוויקעלט אין בלעטער און פערפאקט אין זיין ראנעץ.

— פון דיעזען האָניג מיט דעם טייג פון ברויט־בוים — האָט לענד געזאָגט — וואָלט מען געקענט זעהר גוטע קוכען באקען. ער האָט איינפאך געשלונגען דיא שפייעכץ רערענדיג דיעזע ווערטער און דער געדאנק אליין וועגען זיסע קוכען האָט איהם פערגעניגען פערשאפט.

מיך אָבער האָט מעהר אינטערעסירט צו זעהן און בעאָבאכטען אלעס וואָס אין דער גרויסער הייהל געפינט זיך און דיא האָניג־קוכען איז מיר אין זינען ניט געלעגען. איך האָב זיך דארום געלאָזט געהן ווייטער און מיינע קאמעראדען האָבען מיר נאָכגעפאָלגט.

וואו מיר זיינען געגאנגען איז דער אונטערערדישער וואסער געלעגען פאר אונזערע אויגען. אונטער דיא עלעקטרישע בעלייכטונג פון אונזער שיף האָט זיך דורכאוים געזעהן גור זיין ברייטער, גלאטער שפיעגעל. קיינע וועללען האָבען זיך אויף איהם בעוועגט. שטיל און רוהיג איז דאָס וואסער געוועזן, אזוי וויא א בלאָהער דיוואן, וואָס איז פערשפרייט אויף'ן באָדען פון אן אונגעהייער גרויסען צימער. דיא שיף איז געשטאנען אונבעוועגליך און דיא מאנשאפט אויף'ן פלאטפאָרם און ביים ברעג האָבען פון ווייטענס אויסגעזעהן אזוי וויא שווארצע שאָטענס אין א העל בעלויכטעטען קרייז.

מיר זיינען באלד אָנגעקומען צו דעם העכסטען פונקט פון דיא פעלזען, אויף וועלכע דאָס געוועלב פון הייהל איז געלעגען. דאָרט האָב איך זיך איבערצייגט, אז אויסער ביהנען געפינען זיך אין טויטען וואולקאן אויך אנדערע לעבעדיגע ברואים. גרויסע רויב־פויגלען האָבען דאָרט אומגעשוועבט ארום זייערע נעסטען, וועלכע האָבען זיך געפונען הויך אין דיא לעכער פון געוועלב. אויף דיא פעלזען שפיצען האָבען אומגעשפרונגען גרויסע און פעטע טראָפּפען און וואו ניט וואו האָבען זיך אויך בעוויזען קליינע פויגעלאך פון

מיט אומגעפעהר דרייסיג פוס העכער האָט זיך דער באָדען געענדערט, אָבער דער גאנג איז ניט בעקוועמער געוואָרען. דאָרט האָבען זיך געפונען פיעלע שווארצע באזאלט־שטיינער פון פערשיעדענע פאָרמען. אייניגע זיינען געשטאַנען אזוי וויא זיילען, אויף וועלכע דער גרויסער געוועלב איז געווען געשטיצט און מאנכע גרעסערע און קלענערע זיינען געווען אויסגעשטעלט און אויסגעלעגט אין שעהנע רייהען. עס איז ווירקליך געווען צו בעוואונדערען דיא פראכט־פאָלע נאטירליכע ארכיטעקטור. צווישען דיא שטיינער איז געלעגען מאסען אָבגעקיהלטע לאווא און גאנצע הויפענס פון שוועבעל. דורך'ן געוועלב אין דער הויך האָט דורך שפּאלטען אריינגעדרונגען דיא ליכט פון טאָג, וועלכע האָט בעלויכטען דיא פערגליווערטע מאסען פון דעם אויסגעלאָשענעם וואולקאַן.

קומענדיג צו דיא הויכקייט פון אומגעפעהר 250 פוס, האָבען מיר שוין ווייטער ניט געקענט געהן, ווייל דאָרט איז דער געוועלב געווען ארונטערגעלאָזט ביז'ן באָדען. מיר האָבען זיך דארום געמוזט נעהמען אויף אן אנדער וועג, וואָס האָט געפיהרט ניעדעריגער צום וואסער. אין יענע ריכטונג האָבען מיר שוין אָנגעטראָפען א שטיקעל פלאנצען־וועלטעל. פון צווישען דיא פעלזען האָבען זיך געזעהן קליינע וועלדלאך, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען מאנכע גרעסערע בוימער. איך האָב דאָרט אויך בעמערקט אייניגע מינים גרינס און בלומען, וועלכע האָבען פון זיך ארויסגעגעבען אן אנגענעהמען גערוך. אָבער דיא וואקסונגען דאָרט האָבען ניט גענאָסען דיא זונען־ליכט, ווייל איהרע שטראהלען האָבען אהין ניט געקענט צוקומען, און דארום איז זייער אויסזעהן ניט געווען פריש און לעבהאפט. א קרענקליכען געשטאַלט האָבען זיי געהאט און פערטרויערט זיינען דיא בלעטער געהאנגען אזוי וויא פערדאָרבען פון פראָסט.

מיר זיינען צוגעקומען גאנץ נאָהענט צו אזא וועלדעל. נעד לענד האָט מיט זיינע שארפע אויגען באלד א בליק געטהאָן אויף א בוים און העכסט ענטציקט אויסגעשריען :

— מיין הערר, א ביהנשטאָק ! א ביהנשטאָק !

— אונמעגליך ! — האָב איך זיך אָבגערופען — וויא קומט אהער א ביהנשטאָק ?

— וויא עס קומט, ווייס איך ניט — האָט דער קענעדע'ר געענטפערט — אָבער א ביהנשטאָק איז דאָ פאראן. אָט זעה איך דאָך וויא ביהנען פליהען דאָרט אום און איך הער אפילו זייער זשומען.

איך בין צוגעגאנגען נעהענטער און איך האָב זיך איבערציינגט, אז לענד האָט רעכט. איך האָב אָנפאנגס מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, אָבער א ווייַלע שפּעטער האָב איך שוין דעם מינדעסטען ספק ניט געהאט, אז ביהנען לעבען דאָרט אין דיא ווירקליכקייט. אייניגע טויזענדע פון דיעזע פלייסיגע אינזעקטען האָבען זיך דאָרט געמאַכט א נעסט אין דיא עפענונג פון א פּוסטען

מען און ברענענדע שטיינער, ווען דער קאָכעדיגער, צושמאָלצענער מעטאל האָט זיך געגאָסען איבער דיא וועגד אזוי וויא אין א שמעלץ־אויוועז?

— זעלבסטפערשטענדליך! — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען — האָט אמאָל אין דיעזען גיהנום געקאָכט און געזאָדען אָהן א שיעור. אָבער קען דער הערר אונז ערקלערען, ווארום דיעזער גיהנום איז אויסגעלאָשען געוואָרען? ווארום דיעזער גרויסער, שרעקליכער שמעלץ־אויוועז האָט אויפגעהערט צו אר־בייטען? וויא קומט עס, וואָס אנשטאָט דיא ברענענדיגע מעטאלען איז דאָ ערשט א שטילעס, רוהיגעס וואסער?

— וואהרשיינליך דארום — האָב איך געענטפערט — ווייל אונטער'ן וואסער האָט זיך דורך אירגענד וועלכע אורזאכע געמאכט אן עפענונג, א קאנאל, דורך וועלכען מיר זיינען אהער אריינגעפאָהרען. דער אטלאנטישער מעער האָט דאן אריינגעשטירצט אינוויינינג אין בארג און האָט אויסגעלאָשען דעם העלישען פייער וואָס האָט דאָ געברענט. איך שטעל מיר פאָר, וואָס פאר א פירכטליכען קאמפף דיא צוויי עלעמענטען, פייער און וואסער האָבען דא־מאָלס אָנגעפיהרט צווישען זיך, וואָס פאר א שרעקליכע מלחמה דאָ איז פאָרגעקומען, ביז דער נאסער עלעמענט האָט ענדליך בעזיעגט דעם גרויסען גבור — דעם פייער. פון יענער צייט זיינען שוין געווים פיעלע יאהרהונדערטע פאָריבער און דאָס וואסער האָט פערוואנדעלט דעם וואולקאן אין א פריעד־ליכע הייהל.

— זעהר ריכטיג! — האָט זיך לענד אָבגערופען. — אָבער איך בע־דויער איין זאך: וואָס דער אָקעאן האָט ניט געמאכט דעם קאנאל העכער, איבער'ן וואסער, דאן וואָלט עס אונז יעצט גוט צונוץ געקומען.

— און אז דער אטלאנטישער אָקעאן וואָלט געווען א פיינער בחור און וואָלט דורכגעבראָכען א וועג אין דער הויך, אזוי וויא איהר ווילט, וואָס וואָלט דאן געווען? — האָט קאָנסייל געשמייכעלט — דענקט איהר, פריינד לענד, אז דאן וואָלט אייך מעגליך געווען צו אנטלויפען? און דאָס פערגעסט איהר נאָר, אז איז אזא פאל וואָלט אונז דיא "נאָטילוס" אהער ניט געבראכט, ווייל זיא וואָלט אין אזא קאנאל ניט געקענט אריינקומען?

לענד איז אָבהענדיג געוואָרען, ווייל ער האָט אליין אויך פערשטאנען, אז ער האָט בעדויערט א זאך וואָס עס איז ניט ווערטה צו בעדויערען.

אזוי רעדענדיג זיינען מיר געקומען אלץ העכער און העכער. דיא וועגען צווישען דיא פעלזען זיינען געוואָרען פיעל ערגער. ערטערווייז האָבען מיר געמוזט אריבערשפרינגען איבער גאנץ טיעפע שפאַלטען און אונטער ניעדעריגע, אראָבהייגענדע פעלזען זיינען מיר געווען געצוואונגען צו קריכען אויף דיא קניע, אָדער זאָגאר זיך שארען אויף'ן בוך. דאָך האָבען מיר אלע הינדערניסע אי־בערגעקומען און מיר האָבען זיך געלאָזט געהן אלץ ווייטער און ווייטער.

זאָגענדיג זיי קיין זאַך. דער קאַלטבלוטיגער קאַנסייל איז ווייניג וואָס איבער־ראשט געוואָרען דערפון וואָס ער איז איינגעשלאָפען אונטער'ן וואסער און ערוואכט אונטער א בארג; נעד לענד אָבער, וועלכער האָט נאָך אלץ גע־טרוימט וועגען אנטלויפען, האָט אויפמערקזאם בעטראכט דיא זאָנדערבארע הייהל און באלד געפרעגט, אויב מען קען פון דיעזער הייל זיך ארויסכאפּען אויף'ן לאנד.

מיר זיינען צוריק ארונטערגעגאנגען און אָבגעגעסען פריהשטיק. באלד נאָכדעם, אום צעהן אוהר זיינען מיר ארונטער פון שיף אויף'ן טרוקענעם ברעג.

— זיינען מיר דאָך שוין אויף דער ערד! — האָט דער קענעדע'ר מיט ענטציקונג אויסגעשריען.

— איהר האָט א טעות, פריינד — האָט זיך קאַנסייל אָבגערופען — מיר זיינען ניט אויף דער ערד, זאָנדערן אונטער דער ערד.

לענד האָט זיך א ווײַלע בעדענקט און געמאכט א מינע פון פערצווייפ־לונג.

דער ברעג צווישען דעם וואסער און דיא הויכע ווענד פון בארג איז אין פיעלע ערטער געווען ברייט, אין מאנכע פלעצער ביז 500 פוס. עס איז געוועזן גאנץ אנגענעהם צו שפּאציערען אויף'ן זאמדיגען ברעג. אָבער נעהענטער צו דיא הויכע ווענד איז דער באָדען ניט געוועזן גלייך און שטיקער שטיינער און פעלזען האָבען פערשטעלט דעם וועג. דער זאמד אונטער אונזערע פיס האָט געבלישצעט און געפינקעלט פון דיא עלעקטרישע לייכטונג פון דער "נאָטילוס", און דער שטויב וואָס האָט זיך געטראָגען פון אונזער גאנג האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א וואָלקען פון פונקען.

מיר האָבען זיך געלאָזט געהן נעהענטער צו דער וואנד. וואָס ווייטער מיר זיינען אָבגעגאנגען פון וואסער איז אלץ דער באָדען געוועזן העכער. מיר זיינען געקומען צו לאנגע, געדרעהטע וועגען וואָס ציהען זיך בארג ארויף. מיר האָ־בען דאָרט געמוזט געהן לאנגזאם און פאָרזיכטיג, ווייל אונזערע פיס האָבען זיך געגליטשט אויף דיא הויפענס גלאטע שטיינער, וואָס זיינען געוועזן אנגעוואָר־פען אויף'ן וועג, און יעדע ווײַלע זיינען מיר שיער אומגעפאלען.

איבעראל האָט מען דייטליך געזעהן דיא שפּורען פון א געוועזענעם וואולקאן, דיא שפּורען פון א מעכטיגען נאטור־גבור, וועלכער איז ערשט טויט, וועלכער האָט זיין טהעטיגקייט אויפגעהערט.

— קענט איהר זיך פאָרשטעלען — האָב איך צו מיינע קאמעראדען גע־זאָגט — וואָס דאָ האָט זיך אָבגעטהאָן דאָן, ווען דיעזע הייהל איז פול געוועזן מיט פייער ביז אויבען צום געוועלב? קענט איהר זיך פאָרשטעלען וויא דאָ האָט גערוישט און געשטורמט, ווען דער קראטער האָט געשאָסען מיט פלאַ־

— ניין. אזוי גוט וויא מיר קענען ניט ארויפשטייגען. דיא וועגד זיינען אזוי גלאט אזוי וויא געשליפענע גלאָז און מען קען איבער זיי ניט קלעטערען.

— אָבער וואָס פאר א וואולקאנישער בארג איז דאָס ?

— ער געהערט צו דיא פיעלע אינזלען מיט וועלכע דיעזע געגענד אין ים איז איבעראל בעדעקט. קיין שיף קען דאָ ניט דורכפאָהרען, אָבער פאר אונז איז עס א בעקוועמע הייהל. דורך א צופאל האָב איך דיעזען פלאץ ענטדעקט און איך בענוץ איהם אלס האפען.

— איך זעה, קאפיטאן, אז דיא נאטור קומט אייך צו הילף. איהר זיינט אויף דיעזען וואסער אין פאָלשטענדיגע זיכערהייט. אָבער ענטשולדיגט, ווען איך וועל אייך פרעגען: צו וואָס אייגענטליך ברויכט איהר אזא געהיימניס־פאָלען אָרט ? איז דיא "נאָטילוס" ניט זיכער איבעראל ? א שיף וואָס מען קען צו יעדער צייט ארונטערלאָזען אויף'ן גרונד פון ים, דארף קיין מעהר זיכע־רען פלאץ ניט האָבען.

— געוויס ניט. אָבער זיא דארף האָבען איהר לעבענס־קראפט, איהר חיונה. מען מוז דיא "נאָטילוס" פיטערען, מען מוז זיא פערזאָרגען מיט עלעקטרי־ציטעט, וואָס מיר בעקומען פון סאָדיום, אָדער ריכטיגער צו זאָגען פון אי־בערגעברענטע שטיין־קאָהלען, און גראדע דאָ, וואו מיר געפינען זיך יעצט, זיינען אונטער'ן מעער פאראן גאנצע וועלדער וואָס זיינען מיט פיעלע טוי־זענדער יאָהר צוריק איינגעזונקען געוואָרען און האָבען זיך פערוואנדעלט אין שטיין־קאָהלען, וועלכע מיר נעהמען ארויס און מיר פאבריצירען דערפון עלעק־טריציטעט.

— און אייערע מאטראָזען ארבייטען דאָ אלס קאָהלען־גרעבער ?

— געוויס. זיי ציהען אָן סקאפאנדערס (טויכער־קליידער) און זיי גראָבען דיא קאָהלען, אקוראט אזוי וויא מען טהוט עס אין דיא מינען אויף דער יבשה. מיר דארפען בלויז איין טאָג, אום פאר אונזער שיף גענוג קאָהלען צו פער־שאפען, דאן וועלען מיר ווייטער פאָהרען. אויב איהר האָט לוסט צו בענו־צען דיעזע געלעגענהייט און דיא הייהלען דאָ גענויער צו בעטראכטען, איז עס פאר אייך פריי. אויב איהר ווילט קענט איהר אומפאָהרען אויף'ן וואסער, און אויב אייך איז מעהר אנגענעהם צו געהן אויף דער יבשה, וועל איך אייך ארונטערלאָזען אויף'ן ברעג און איהר וועט זיך מאכען א שפאציער מיט אייערע קאמעראדען.

איך האָב דעם קאפיטאן הערצליך בעדאנקט, ווייל איך בין ווירקליך העכסט צופריעדען געוועזען פון זיין פאָרשלאָג.

איך האָב אויפגעזוכט מיינע קאמעראדען קאָנסייל און נעד לענד, וועלכע זיינען נאָך געזעסען אין זייער קאיוטע און האָבען גאָר ניט געוואוסט וואו מיר זיינען אין דער וועלט. איך האָב זיי ארויפגערופען אויף'ן פלאטפאָרם, ניט

דיא "נאַטילוס" איז געשוואומען פערביי א בארג, וואָס האָט אויס־געזעהן אזוי וויא א ברעג פון א טייך. דאָס וואסער אין וועלכען מיר האָבען זיך געפונען איז געווען א מין לייק (אָזעראָ), אונגעפעהר צוויי מייל ברייט און איז געווען ארומגערינגעלט מיט הויכע פעלזען־ווענד. דער מאַנאַמעטער האָט געציינט, אז דיא אבערפלעכע פון אונזער אונטערערדישען לייק איז גאַר ניט ניעדעריגער פון דיא וואסערען אין גרויסען און ברייטען אטלאַנטישען מעער, מיט וועלכען ער איז זיכער אירגענד וואו פערבונדען. דיא הויכע ווענד ארום זיינען צוזאמענגעקומען אין דער הויך און געבילדעט אן אונגעהייער גרויסען געוועלב. פון וואסער ביז'ן געוועלב איז געווען ביי א ניין הונדערט פוס. אין מיטען פון געוועלב איז עס געווען דיא רונדע לאָך, דורך וועלכע עס האָט אביסעל אריינגעשיינט דיא ליכטיגקייט פון טאָג.

עס איז געווען א מין זאָנדערבארע הייהל, וועלכע מענשען'ס הענד וואָלטען זיכער ניט געקענט אויפבויען. דאָס איז געווען איינע פון דיא וואונדערבארסטע נאטור־שאפונגען.

— וואו זיינען מיר? — האָב איך זיך געוואונדערט צום קאפיטאַן.

— אין רעכטען מיטעל־פונקט פון א פערלאָשענעם וואולקאַן — האָט נעמאָ געענטפערט — א וואולקאַן וואו דער ים האָט זיך אריינגעגאָסען דורך אירגענד וועלכען שפּאַלט, פיליי‏כט מיט טויזענדע יאָהרען צוריק. וועהרענד איהר, הערר פּראָפעססאָר, זיינט געשלאָפען, איז דיא "נאַטילוס" אהער אריינגעשוואומען דורך א נאטירליכען קאנאַל וואָס געפינט זיך ביי א דרייסיג פוס אונטער'ן וואסער. דאָ איז אונזער הויפּט האפען — א האפען וואָס איז זיכער, בעקוועם און געהיימניססמפאָל. אונזער שיף איז דאָ זיכער פון ווינד, פון שטורם און פון אירגענד וועלכע געפאהר. ציינט מיר, אויב איהר קענט, אזא זיכערען האפען אנדערשוואו! איך בין איבערציינגט, אז אין אלע אייערע לענדער און אינזלען וועט איהר אזא האפען ניט געפינען.

— ווירקליך, קאפּיטאַן! — האָב איך זיך אָבגערופען — דאָ איז אייער שיף העכסט זיכער, דען אין צענטרום פון א וואולקאַן קען נאטירליך קיינער ניט צוקומען. אָבער זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פאר אן עפענונג וואָס איך זעה אויבען אין געוועלב?

— דאָס איז דער קראַטער, דער מויל פון וואולקאַן, דורך וועלכען ער האָט אמאָל געשפּיגען מיט פייער און לאַווא — צושמאָלצענע מעטאַלען און שטיי־נער. יעצט דיענט אונז דער אָפענער מויל פון אָבגעשטאָרבענעם וואולקאַן אלס א לופט־ציהער. מיר קריגען דורך איהם אריין פרישע לופט און מיר קענען דאָ פריי אָטהעמען.

— און דורך דיא עפענונג אין דער הויך קען מען ניט אראָבשטייגען אהער אין וואולקאַן?

מעטער האָט געצייגט, אז אונזער שיף שטעהט אין דער הויך אויף'ן וואסער. איך בין באלד אוועק צו דיא טרעפּ, אום ארויפצוגעהן אויף'ן דעק. דיא טהיר וואָס פיהרט צום דעק איז געווען אָפען און איך האָב ערווארטעט, אז דיא ליכטיגקייט פון טאָג וועט באלד אריינשיינען אין מיינע אויגען. אָבער וויא איבערראשט בין איך געוואָרען, ווען איך בין ארויף אייניגע טרעפּ אין דער הויך און איך האָב קיין ברעקעל סימן פון טאָג ניט בעמערקט. עס איז געווען שטאָק פינסטער אזוי וויא אין א סוף חודש נאכט און איך האָב קיין זאך ארום מיר ניט געקענט זעהן.

איך בין צומישט געוואָרען. איך האָב ניט געקענט בעגרייפען וואָס דאָס בעדייט. פיליייכט זיינען מיר דיא אויגען קאליע געוואָרען? — איז מיר דורכ־געלאָפען א געדאנק — פיליייכט בין איך פּלוצלונג בלינד געוואָרען? אָדער פיליייכט האָב איך א טעות געהאט און עס איז ערשט אין מיטען נאכט?

וויא איך בין אזוי געשטאנען און געטראכט, האָב איך פּלוצלונג נעבען זיך דערהערט א גוט־בעקאנטע שטימע פרעגענדיג:

— זיינט איהר עס, הערר פּראָפעסאָר?

— אָה, קאפּיטאַן נעמאָ! — האָב איך אויסגערופען — וואו זיינען מיר דען?

— אונטער דער ערד, הערר פּראָפעסאָר! — האָט נעמאָ געענטפערט.

— אונטער דער ערד? — האָב איך ערשטוינט געפרעגט — און אונזער שיף שווימט?

— געוויס שווימט זיא.

— איך קען עס ניט בעגרייפען, הערר קאפּיטאַן.

— ווארט א ווייַלע. אונזערע לאנטערנעס וועלען זיך באלד אָנצינדען און איהר וועט דיא זאך קלערער פערשטעהן.

טאפּענדיג בין איך ארויף אויף'ן פּלאטפאָרם און בין געבליבען שטעהן ערווארטענדיג דיא ליכט פון דיא לאנטערנעס. עס איז געווען אזא דיקע פינס־טערניס, אז איך האָב זאָגאר דעם קאפּיטאַן ניט געקענט בעמערקען. אָבער א קוק טהוענדיג אין דער הויך איבער מיין קאָפּ, האָב איך בעמערקט אַן אונבע־שטימטע שיין, א מין האלב דונקעלע ליכטיגקייט, וועלכע האָט זיך געזעהן גאנץ הויך דורך א רונדע לאָך. אין דיעזען אויגענבליק האָבען זיך פּלוצלינג דיא לאנטערנעס אָנגעצונדען און צוליעב זייער העלען גלאנץ איז דיא שיין פון אויבען פערשוואונדען געוואָרען. דער שטארקער בליאסק פון דיא עלעקטרישע לאנטערנעס האָט מיר אויף א פּאָר מינוטען מיינע אויגען פערבלענדט. איך האָב ניט געקענט קוקען אזוי וויא מען קען ניט קוקען אויף דער העלער זונן און איך האָב מיינע אויגען געשלאָסען. אָבער דאָס איז באלד פאריבער און איך האָב זיך געקענט ארומקוקען אין אלע זייטען און אלעס דייטליך זעהן.

מעהרסטען האָב איך געוואָרפען מיינע בליקען אויף דיא אונענדליכע טהאָלען און בערגלאך אונטער'ן וואסער. זעהר אָפט איז דיא "נאָטילוס" געצוואונגען געווען צו פאָהרען לאנגזאם און דרעהען זיך אזוי וויא א שלאנג דורך דיא ענגע געסלאך, צווישען גרעסערע און קלענערע בערגלאך. ווען עס איז אונמעגליך געווען דיא הינדערניסע אויסצומיידען, האָט זיך דיא שיף אויפגעהויבען אזוי וויא א לופט־באלון און איז געשוואומען אין דער הויך איבער דיא בערגלאך. דיא רייזע דאָרט איז געווען זעהר אינטערעסאנט און מען קען זאָגען, אז עס האָט מיר ניט ווייניג פערגעניגען פערשאפט.

אום פיער אוהר נאָכמיטאָג האָט זיך דאָס אויסזעהן פון דער לאנדשאפט אין גאנצען געענדערט. אנשטאָט וואָס פריהער איז דער באָדען געווען א בלאָטיגער, געמישט מיט גראָזען, איז ערשט דער גרונד געווען בעדעקט מיט גרעסערע און קלענערע שטיינער, געמיישט מיט שטיקער פערקיהלטע צושמאָלצענע מעטאלען. איך האָב פריהער גערעכענט, אז נאָך דעם וויכען, פלאכען גרונד וועלען זיך אָנפאנגען בערג־געגענדען, און עס איז ווירקליך אזוי געווען. נאָך איינינע אומדרעהונגען פון דער שיף האָב איך בעמערקט אז גאנץ ווייט איז דער ים אזוי וויא אָבגעצאמט מיט א וואנד, וועלכע שטייגט פיליכט אריבער הויך איבער'ן וואסער. דער וועג איז אלזאָ פערבלאקירט און דיא "נאָטילוס" קען ווייט אין דיעזער ריכטונג ניט פאָהרען. דיא וואנד איז אן אָנפאנג פון א שטיק יבשה, אָדער וויינינגסטענס אן אינזעל. גענוי האָב איך עס ניט געקענט וויסען, ווייל איך האָב איבערהויפט ניט געוואוסט בעשטימט וואו מיר געפינען זיך. יעדענפאלס האָב איך גערעכענט, אז מיט דיעזער וואנד ענדיגט זיך דאָס פערזונקענע וועלט־טהייל אטלאנטיס, פון וועלכע מיר זיינען בלויז א קליינעם טהייל דורכגעפאָהרען.

איך וואָלט א לענגערע צייט פערבליבען ביים פענסטער און בעטראכט דיא שעהנהייטען פון מעער און פון קלאָהרען הימעל, וואָס האָט זיך געזעהן דורך'ן וואסער, אָבער דיא לאָדענס האָבען זיך פלוצלינג פערמאכט. דיא שיף איז דאן אָנגעקומען צו דער הויכער וואנד. וואָס ווייטער וועט געשעהן, וואוהין קאפיטאן נעמאָ וועט אונז ווייטער פיהרען, האָב איך ניט געקענט טרעפען. איך בין אוועק אין מיין צימער און קאָנסייל איז אויך אוועק אין זיין קאיוטע. א ווייל שפעטער האָב איך געפיהלט אז דיא שיף איז שטעהן געבליבען. איך האָב זיך צוגעלעגט שלאָפען מיט דעם בעשלוס אויפצושטעהן אין איינינע שטונדען ארום, אום צו ערפאהרען וואו מיר זיינען און וואָס מיט דער "נאָטילוס" וועט דאָ ווערען. אָבער דער שלאָף האָט זיך ניט געקימערט וועגען מיין בעשלוס און ער איז פון מיר ניט אָבגעטראָטען ביז אויף מאָרגען אום אכט אוהר אין דער פריה.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאפט, בין איך אריין אין זאאל. דער מאָנאָ־

זיך אויך געזעהן צושמאָלצענע שטיינער, וועלכע דער וויטהענדער וואולקאן האָט פון זיך געוואָרפען מיט א געוואלטיגע מאכט.

דיא געגענד איז געוועזן העל בעלויכטעט פון דיא עלעקטרישע לאנטערנעס פון דער "נאָטילוס" און מען האָט געקענט זעהן ווייט ארום. איך האָב קו־קענדיג אויף דיא לאנדשאפטען דערצעהלט פאר מיין דיענער וועגען יענעם פאָלק וואָס איז מיט טויזענדע יאָהרען צוריק פערשלונגען געוואָרען פון ים צוזאמען מיט זייערע שטעדט און דערפער. איך האָב איהם ערקלערט, אז פיעלע געלעהר־טע גלויבען ניט, אויב דאָס אלעס איז אמת, ווערענד איך בין ערשט פאָל־שטענדיג איבערצייגט, אז דיא געשיכטע מיט דעם פערזונקענעם וועלט־טהייל איז קיין פאבעל און איז אפילו א האָאר ניט איבערטריבען. קאָנסייל האָט זיך אָבער ווייניג צוגעהערט צו מיינע היסטאָרישע ערקלערונגען, ווייל זיינע גע־דאנקען זיינען געוועזן פערנומען מיט בעטראכטען דיא פישען וואָס זיינען אומגעשוואומען פערביי אונזער שיף. איך האָב אויך שליסליך אָנגעהויבען געניער בעאָבאכטען דיא ים־בעוואָהנער פון יענע געגענד.

דער אונטערשיעד פון דיא ברואים אין אטלאנטישען אָקעאן איז ניט גרויס געגען דיא וואָס איך האָב שוין פריהער געזעהן אין פערשיעדענע אנדע־רע ימים. איך האָב דאָרט געזעהן ריעזענהאפטע ראָכען (רעיס אין ענגליש) פון אומגעפעהר פופצעהן פוס לאנג, וועלכע בעזיצען אזא קראפט אין זייערע שנעלע בעוועגונגען, אז זיי שפרינגען אָפט ארויס הויך איבער'ן וואסער. ראָכען, אָדער וויא זיי זיינען בעסער בעקאנט אונטער'ן נאָמען "מעער־טייפעל", אָדער "דעוויל פיש" אויף ענגליש, זיינען פאראן אייניגע זאָרטען. מיר האָבען דאָרט געזעהן דעם מין ראָכען אָדער "מעער טייפלען", וואָס האָבען שפּיציגע שטע־כעלען אָדער נאָדלען אין זייערע לאנגע עקען. דיעזע נאָדלען וואָס דיא ראָכען האָבען אין זייער עק דיענען זיי אלס וואפע צו פערטהיידיגען זיך פון געגנער. ווען זיי האָבען א געשלעג מיט אן אנדער פיש שטעכען זיי איהם דערמיט און דאָס פעראורזאכט אמאָל זייער געגנער'ס טויט. מען גלויבט דארום, אז דיעזע נאָדלען ענטהאלטען אין זיך א מין טויטליכען גיפט. איך האָב דאָרט אויך געזעהן האי־פישען און ים־פערדלאך — א וואונדערבארע קליינע בריאה וואָס האָט ניט קיין פלייש, בלויז הויט און ביינער און איהר קאָפּ איז זעהר עהנליך צו א פערדישען. דאָרט זיינען אויך געוועזן טראָמפּייטער־פּישען —— א מין פיש וואָס זיין שנויץ האָט דיא פאָרמע פון א לאנגען טראָמפּייט.

פון דיא אנדערע גרופּען איז ווערטה צו דערמאָהנען דיא שווערד־פּישען, שרעקליכע ברואים, וועלכע טראָגען אויף זייערע רוקענס א מין שארפען שווערד, אָבער זיי זיינען ניט רויבעריש. זיי ערנעהרען זיך מעהר פון גראָז וויא פון פלייש פון אנדערע טהיערע אָדער פּיש, און זיי זיינען אין אלגעמיין פריעד־ליכע ברואים.

טיעפע וואסערען. אין דיעזען מאָמענט האָט זיך דיא לבנה בעוויזען פון אונ־טער דיא וואָלקענס, ווארפענדיג בלייכע שטראהלען אויף דער פערזונקענער וועלט, וועלכע האָט ווירקליך אויסגעזעהן אזוי וויא א שרעקליכער און שוידער־האפטער בית עולם. טויט, אָבגעשטאָרבען איז דאָרט אלעס געוועזן. אן אלטער, אלטער, אונגעהייער גרויסער בית עולם.

קאפיטאן נעמאָ האָט געוואָרפען זיין לעצטען בליק אויף דעם ווייטען, ברייטען טהאָל. ער האָט דאן צו מיר א מאך געטהאָן מיט'ן האנד אלס צייכען, אז איך זאָל איהם נאָכפאָלגען. מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק צו אונ־זער שיף.

מיר זיינען דעם בארג גאנץ שנעל ארונטערגעגאנגען. וויא מיר זיינען ארויס פון דעם פערשטיינערטען וואלד, האָב איך באלד פון ווייטען דערזעהן דיא עלעקטרישע בעלייכטונגען פון דער "נאָטילוס", וועלכע האָבען געשיינט אזוי וויא שטערען. מיר זיינען געגאנגען גלייך ביז מיר זיינען געקומען אויף אונ־זער שיף, ווען דיא ערשטע שטראהלען פון טאָג זיינען געפאלען אויף דיא אָבערפלעכע פון אָקעאן.

10טעס קאפיטעל

# אונטערוואַסערדיגע קאָהלען־מינען

אויף מאָרגען, דעם 20טען פעברואר, בין איך אויפגעשטאנען זעהר שפעט. זייענדיג מיעד פון ביינאכטיגען שפאציר־גאנג, בין איך פערבליבען אין בעט ביז 11 אוהר. איך האָב זיך שנעל אָנגעקליידעט און בין אריין אין זאאל נאָכ־זעהן נאָך וואָס פאר א ריכטונג דיא "נאָטילוס" געהט ערשט. דיא אינסטרו־מענטען האָבען מיר געצייגט, אז אונזער שיף לויפט מיט דיא שנעלקייט פון 20 מייל א שטונדע, אין א טיעפענים פון דריי הונדערט פוס, און איהר ריכ־טונג איז אלץ נאָך דרום זייט.

דיא אייזערנע לאָדענס זיינען געוועזן פונאנדער גערוקט און איך האָב דורך דיא פענסטער געזעהן פערשיעדענע מינים פישען און ים־ברואים. ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער איז קאָנסייל צו מיר אריינגעקומען און איך האָב איהם דערצעהלט דיא בעגעבענהייטען פון פאָריגער נאכט. איך האָב איהם דורך'ן פענסטער אָנגעצייגט א טהייל פון יענער פערזונקענער וועלט, וואָס איך האָב מיט שטונדען פריהער געהאט דיא געלעגענהייט נעהענטער און גענויער צו בעאָבאכטען.

פאר אונזערע אויגען זיינען געווען צו זעהן פעלזען און בוימער פון פערשיע־דענע פאנטאסטישע פאָרמען. דיא בוימער זיינען געוועזן פערשטיינערטע, בע־דעקט מיט א דיוואן פון פיעל־פארביגע וואסער פלאנצונגען. פון ווייטענס האָבען

גענדעס, קען מען גענוי ניט וויסען. פלאטא דערצעהלט, אז דער גרעסטער גריכישער פילאזאף סאלאן, וועלכער האט געלעבט מיט מעהר וויא צוויי הונ־דערט יאהר פאר איהם, איז אמאל געקומען אין דער עגיפטישער שטאדט סאיס, וואס האט שוין דאן עקזיסטירט זייט אכט הונדערט יאהר. דארט האט ער גע־האט א געשפרעך מיט א גרייז־גרויען מאן פון זעהר גרויסער געלעהרזאמקייט, און דיעזער האט איהם דערצעהלט דיא געשיכטע פון אן אנדער שטאדט, וועלכע איז געווען נאך מיט טויזענד יאהר עלטער. דיעזע שטאדט, האט דער אלטער דערצעהלט, איז אמאל בעפאלען געווארען פון דיא מעכטיגע אטלאנטיסישע קריעגער, וועלכע האבען א גרויסען טהייל פון איהר צושטערט. ווייטער האט יענער זקן סאלאן'ען דערצעהלט, אז דיא אטלאנטיסען האבען בעהערשט א שטיק לאנד וואס איז געווען גרעסער פון אזיען מיט אפריקא צוזאמען. זיי האבען זאגאר צו א געוויסע צייט געהערשט איבער עגיפטען און אויך געוואלט גריכענלאנד אונטערטעניג מאכען, אבער פערשפיעלענדיג אייניגע שלאכטען האבען זיי זיך געמוזט צוריק ציהען. פון דאמאלס אן זיינען יאהרהונדערטע פאריבער ביז א מבול מיט אן ערד־ציטערנים איז געקומען און דיא אטלאנטים וועלט־טהייל מיט אלע איהרע פעלקער איז אין צייט פון איין מעת לעת פער־זונקען געווארען אין ים און אבגעווישט געווארען פון דער וועלט. פון דיעזען וועלט־טהייל זיינען בלויז פערבליבען דיא העכסטע פונקטען, וועלכע זיינען יעצט בעוואוסט אלס דיא קאנארישע, אזארישע און אנדערע קליינע אינזלען.

דאס אלעס האב איך זיך דערמאהנט דערזעהענדיג דעם אויפשריפט "אט־לאנטים", וואס קאפיטאן נעמא האט אויפגעשריבען מיט קרייד. א מערקוויר־דיגער צופאל האט מיך געבראכט צו זעהן מיט מיינע אויגען, דאס וואס איך האב אמאל אין ביכער געלייענט און דאס וואס דיא גאנצע וועלט צווייפעלט, אויב דאס איז אמת! איך האב שטארק בעדויערט וואס איך האב ניט דיא מעגליכקייט דיעזען פון ים פערשלונגענעם וועלט־טהייל א לענגערע צייט בעזו־כען און איהם גרינדליך אויספארשען.

וועהרענד איך בין געווען פערטיעפט אין מיינע געדאנקען און געקוקט אויף דיא געגענד ארום, איז קאפיטאן נעמא אויך געשטאנען אונבעוועגט אנגעשפארט אויף א שטיין, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט ווייכע גראז. ער האט אויך וועגען עפעס געטראכט. האט ער געטרוימט וועגען דיא אור־אלטע דורות, וואס זיינען דא פערשוואונדען געווארען? האט ער פון זיי עטוואס שטודירט? איז דער מערקווירדיגער מאן געקומען אהער זאמלען היסטארישע פאקטען? — דאס איז נאטירליך א זאך וואס איך האב ניט געקענט וויסען.

א שטונדע צייט זיינען מיר אזוי געשטאנען אויף איין ארט, ניט ווייט פון דיא ברענענדע שטיינער און מעטאל וואס זיינען געפלויגען פון וואולקאן. עס האט זיך געהערט א מערקווירדיגער גערויש וואס האט דורכגעדרונגען דיא

האפּטע וואסער־לייטונגען; דאָרט זיינען אויך געווען פערגראָבען אין לעהם רואינען פון פעסטונגען און שפּורען פון האפענס פאר שיפען און קריעגס־פלאָטען. נאָך ווייטער האָבען זיך געזעהן גאנ'ץ לאנגע רייהען פון צופאלענע מויערען, גרויסע פערוויסטע גאסען, מיט איין וואָרט: א גאנצע פערזונקענע וועלט האָב איך פאר מיינע אויגען געזעהן. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אז איך זעה דאָס דיא גרויסע שטאָדט פּאָמפּיי, וועלכע איז אין יאָהר 79 פערשאָטען געוואָרען פון דעם וואולקאנישען בארג וועזוואַויוס.

— וואו בין איך? — האָב איך זיך אליין געפרעגט — וואוהין האָט מיך דאָ קאפּיטאַן נעמאָ געבראכט?

איך בין געווען אזוי אויפגערעגט, אז איך בין שוין געווען פערטיג ארונטערצורייסען דיא קופערנע שייד פון מיין קאָפּ, אום צו רעדען, צו פרעגען דעם קאפּיטאן אן ערקלערונג אויף אלעס וואָס איך זעה.

קאפּיטאן נעמאָ האָט מיין אויפרעגונג בעמערקט און ער איז צו מיר צוגעגאנגען. ער האָט אויפגעהויבען א שטיקעל קרייד־שטיין און האָט אויף א שווארצע פעלז אויפגעשריבען דאָס איינציגע וואָרט: "אטלאנטיס".

וואָס פאר א ליכט דיעזעס וואָרט האָט געוואָרפען אויף דיא גאנצע געהיימניס! איך האָב זיך באלד דערמאָהנט, אז "אטלאנטיס" איז אמאָל געווען א גרויסע שטיק לאנד, א וועלט־טהייל וואָס איז בעשטאנען פון צוזאמענגעזעצטע אינזלען. זיי זיינען פערזונקען געוואָרען אין ים נאָך אין יענע אור־אלטע צייטען, פון וועלכע אונזער היסטאָריע וויים ניט פיעל. דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף פּלאטאָ, וועלכער האָט געלעבט מיט 2325 יאָהר צוריק, בעשרייבט אין זיינע א ווערק, אז דיעזער צופאל זאָל האָבען ווירקליך פּאסירט, אזוי וויא ער האָט געפונען אין דיא ארכיווען פון דיא אלטע עגיפּטישע פּריסטער. אנדערע געלעהרטע פון אלעטרטהום און אויך פון אונזערע צייטען, אָנפאנגענדיג פון דעם עגיפּטישען רעליגיאָנס־לעהרער אריגען, וועלכער האָט געלעבט אין צווייטען און אין דריטען יאָהרהונדערט, ביז דעם דייטשען געלעהרטען אלעקסאנדער פאָן הומבאָלדט, וועלכער האָט געלעבט צווישען דיא יאָהרען 1769 און 1859, לייקענען עס אָב און זאָגען, אז דיא גאנצע זאך איז נור א פאבעל, וואָס יענע עגיפּטישע פּריסטער האָבען אויסגעטראכט, און אזא וועלט־טהייל האָט גאָר קיינמאָל ניט עקזיסטירט. יעצט אָבער ליגט דיעזע אונטערגאנגענע וועלט פאר מיינע אויגען. איך זעה ערשט דיא פערזונקענע אינזלען וועלכע זיינען געלעגען צווישען אייראָפּא, אזיען און ליביען. דיא איינוואָהנער פון דיעזע אינזלען, דאָס מעכטיגע אטלאנטיסען־פאָלק, האָבען געפיהרט קריעג מיט דיא אור־אלטע גריכען.

אין פּלאטאָ'ס ווערק געפינען זיך בעשרייבונגען פון דיא טהאטען פון יענע גרויסע העלדען. אויב זיי זיינען ווירקליכע פּאסירונגען אָדער בלויז לע־

בין פון גאנץ אנדערע זאכען העכסט איבערראשט געוואָרען. פאר אונזערע אויגען זיינען געווען מאסען רואינען פון געביידען, וועלכע זיינען אמאָל גע־שאפען געוואָרען פון מענשליכע הענד. הויפענס פון חורבות, אין וועלכע מען האָט דייטליך דערקענט דיא פאָרמעס פון פאלאסטען, שלעסער און טעמפּלען. דאָס אלעס איז געווען בעדעקט מיט בליהענדע פלאנצען־טהיערע און א דיקען צודעק פון ים־גראָזען. פון וואנען האָט זיך דאָס אלעס גענומען אויף'ן גרונד פון ים? האָט עס א מבול אמאָל פערזונקען א שטיק וועלט? וואו בין איך דאָ? וואוהין האָט מיך קאפיטאן נעמאָ פערשלעפּט?

איך בין זעהר נערן געווען צו בעקומען אן ערקלערונג אויף דיעזע רע־טענים. איך האָב דעם קאפּיטאן אָנגענומען פאר'ן ארם און איך האָב פון איהם געוואָלט קריגען אירגענד וועלכען אנטוואָרט אויף שטום־לשון, אָבער נע־מאָ האָט בלויז א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ ציינענדיג אויף'ן העכסטען פונקט פון דעם בארג, אזוי וויא ער זאָל דערמיט זאָגען: ”קומט ווייטער, לאָמיר געהן העכער”.

איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט, און אין איינינע מינוטען ארום זיינען מיר געווען אויף'ן שפּיץ בארג, וואָס איז בעשטאנען פון א פעלז ביי א דריי־סיג פוס ארום.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף דיא זייט פון וואנען מיר זיינען געקומען און איך האָב משער געווען, אז מיר זיינען אומגעפעהר אכט הונדערט פוס הע־כער פון דעם פלאכען גרונד פון ים. אָבער פון דער צווייטער זייט קומט אויס דער בארג פיליכט צוויי מאָל אזוי הויך. פון דאָרט האָב איך גענוי געקענט בעטראכטען דיאָ אונגעהייער גרויסע לאנדשאפט אונטען, וואָס איז געווען העל בעלויכטען מיט א שטארקע בליצען־שיין. דיעזער בארג איז א וואולקאן, וואָס שפּריצט פון זיך פייער־מאסען, וועלכע בעלייכטען דעם גאנצען טהאָל אונטען אזוי ווייט וויא א מענשען'ס אויג קען זעהן.

ווען איך זאָג פייער־מאסען, מיין איך ניט ריכטיגע פלאמען, וועלכע קענען ניט ברענען אָהן דעם זויער־שטאָף פון דער לופט. איך מיין צו זאָגען: געשמאָלצענע שטיינער און מעטאל, וואָס דער קראטער — דיא עפענונג פון וואולקאן שליידערט ארויס, וועלכע האָבען דעם בראַנד אין זיך זעלבסט און קענען ווייס־גליהענד זיין אפילו אין וואסערדיגען עלעמענט, און זיי גיבען פון זיך ארויס א העלע דאמפף, וועלכער מאכט דיא געגענד ארום ליכטיג.

אונטער דיא העלע שטראָמען פון דיא לאַווא האָב איך ווייט און ברייט אין דעם אָבגרונד פון ים געזעהן א פערזונקענע שטאָדט, מיט איינגעפאלענע דעכער, צובראָכענע טעמפּלען, צוריסענע געוועלבען, געשטירצטע זיילען, אויף וועלכע עס איז נאָך געווען צו בעמערקען דיא בעציערונג פון דיא טאָסקאנישע ארכיטעקטור. עטוואָס ווייטער האָבען זיך געזעהן דיא חורבות פון ריעזענ־

קאפיטאן נעמאָ האָט געקלעטערט אליין העכער און העכער און איך האָב ניט געקענט פערבלייבען הינטערשטעליג. איך בין איהם פלייסיג נאָכגעגאנגען טריט אין טריט און זיך ניט אָבגעשטעלט אויף א ווײלע, אָבוואָהל אין מאנכע פלעצער האָב איך געמוזט העכסט פּאָרזיכטיג זיין ניט צו פערלירען מיין גלייכגעוויכט. אין מאנכע פלעצער זיינען דיא פעלזען געווען אזוי וויא טהויע־רען מיט פערשיעדענע פּראכטפאָלע נאטור־שניצערייען, וואָס דער גרעסטער מייסטער וואָלט פּיליכט מיט זיינע הענד ניט געקענט מאכען. אין דיא גרעס־טע מוזעאומס דער וועלט איז ניט צו זעהן אזוי פיעל קונסט־ווערק וויפיעל דיא נאטור אליין האָט דאָרט געשאפען.

צוויי שטונדען נאָכדעם וויא מיר האָבען פערלאָזט דיא "נאָטילוס", זיי־נען מיר ענדליך דורכגעגאנגען דעם פערשטיינערטען וואלד און מיר האָבען דערגרייכט א גאנץ הויכען פונקט פון דעם אונטערוואסערדיגען בארג, וואו אומגעפעהר הונדערט פוס הויך איבער אונזערע קעפּ האָט פון אנדערען זייט בארג געשטראהלט דער אָבשלאג פון א גלענצענדען גלוטה. ערטערווייז האָ־בען זיך נאָך געצויגען קלענערע פערשטיינערטע וועלדלאך, איבער וועלכע פערשיעדענע פישען זיינען מאסענווייז אומגעפלויגען אזוי וויא פויגלאך אין דער לופט. צווישען דיא פעלזען האָבען זיך געזעהן טיעפע הייהלען, דונקעלע גרונדלאָזע לעכער, אין וועלכע פערשיעדענע ברואים האָבען זיך געריהרט און בעוועגט אזוי פירכטליך, אז קוקענדיג אויף זיי איז דיא בלוט פערגליווערט גע־וואָרען אין מיינע אָדערען. איך האָב דאָרט געזעהן גרויסע, זאָנדערבארע בע־שעפניסען מיט אונגעהייער שרעקליכע שנויצען, מיט לאנגע בעוועגליכע הער־נער, וועלכע האָבען מיר פערשטעלט דעם וועג. פון אלע זייטען האָבען זיך אין דיא דונקעלהייט בעוויזען בלישצענדע פונקטען. דאָס זיינען געווען דיא אויגען פון געפעהרליכע שאל־טהיערע און ים קרעבסען, וועלכע זיינען געלע־גען אין זייערע לעכער און האָבען ארויסגעקוקט אין וואסער, אקוראט אזוי וויא זיי זאָלען לויערען אויף אונז. מאנכע פון דיא קרעבסען, וואָס האָבען זיך ארויסגעשטעקט פון דיא הייהלען, האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא קאנאָנען וואָס ליגען אויף זייערע רעדער.

דיעזע וועלט פון אונגעהייער גרויסע ברואים איז פאר מיר אין גאנצען אונבעקאנט געווען, און איך האָב זיך אליין געפרעגט: זייט וויפיעל יאָהר־הונדערטע לעבען שוין דיעזע זאָנדערבארע בעשעפעניסען אויף'ן גרונד פון ים?

אָבוואָהל א מורא איז מיך בעפאלען קוקענדיג אויף דיא פירכטליכע "מאָנסטערס", דאָך האָב איך געוואָלט דאָרט מעהר פערבלייבען, אום זיי נענויער צו בעטראכטען. אָבער קאפיטאן נעמאָ האָט מיך ניט געלאָזט אויפ־האלטען זיך דאָרט. ער האָט געשפּאנט ווייטער און איך האָב איהם געמוזט נאָכפאָלגען. מיר זיינען ארויפגעקומען אויף א הויכע, פלאכע געגענד, וואו איך

בלויז א ווידערשיין, וואָס שפּיעגעלט זיך אָב אין דיא וואסערען פון א גלוטה פייער וואָס געפינט זיך אויף דעם אנדערען זייט בארג.

דער קאפּיטאן איז מיט שנעלע טריט געגאנגען צווישען פערפלאָנטערטע וועגען און דורך שטיינער־הויפענס און איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט. עס איז דייטליך געווען צו זעהן, אז ער געהט נאָך א בעשטימטע ריכטונג און אז ער איז אין יענע ערטער גוט בעקאנט. איך האָב פערשטאנען, אז ער האָט שוין יענע געגענד מעהרערע מאָל בעזוכט און איך בין זיכער געווען, אז ער וועט דאָרט ניט בלאָנדזשען. געהענדיג הינטער איהם און בעטראכטענדיג זיינע שטאָלצע בעוועגונגען, איז ער מיר ווירקליך פאָרגעקומען אלס א מעכטיגער קעניג, אלס דער הערשער פון ים.

אום איינס אוהר נאָך האלבע נאכט זיינען מיר געקומען צו דער ערשטער שטופע פון בארג. דאָרט איז דער וועג נאָך שווערער געוואָרען, ווייל מיר האָבען געהאט צו געהן דורך אן אונגעהייער גרויסען וואלד. דאָס איז געווען א פאָל־שטענדיגער וואלד פון אָבגעשטאָרבענע בוימער, אָהן בלעטער ·און אָהן זאפט — בוימער וואָס זיינען פון דיא ווירקונג פון וואסער פערשטיינערט געוואָרען. דאָס איז געווען א מין אוצר פון שטיין־קאָהלען, וואָס איז געשטאנען פריי אונטער דיא וואסערען פון מעער. דער וועג דורך דיעזען וואלד איז געווען בע־דעקט מיט מעער־גראָזען, אונטער וועלכע עס האָבען געשוויבעלט און געגריי־בעלט א גאנצע וועלט פון פערשיעדענע שרצים און אינזעקטען. איך האָב געקלעטערט אליץ העכער און העכער ברעכענדיג דיא פערפלאָנטערטע צוויי־גען, וואָס האָבען מיר פערשטעלט דעם וועג. דיא נייגעריגקייט צו וויסען וואו־הין דער קאפּיטאן פיהרט מיך און דיא אינטערעסע וואָס איך האָב געהאט אין אלעס וואָס איך האָב מיט מיינע אויגען געזעהן, האָט מיר דעם וועג גע־מאכט אנגענעהם. איך האָב כמעט קיין מיעדיגקייט געפיהלט און האָב פלייי־סיג נאָכגעפאָלגט דעם קאפּיטאן, וועלכער וויים קיינמאָל ניט מיעד צו זיין.

רעכטס און לינקס האָבען זיך געצויגען פינסטערע דורכגענגע, אין וועל־כע דאָס ליכט פון אויבען האָט ניט געקענט אריינדרינגען. דער וועג איז וואָס ווייטער געוואָרען געפעהרליכער. עס איז אונז אויסגעקומען צו געהן איבער שמאָלע, גליטשיגע שטעגלאך, וועלכע זיינען געהאנגען איבער טיעפע אָב־גרונדען. איין איינציגער פאלשער טריט איז גענוג געווען אראָבצופאלען און דער'הרג'עט ווערען. אָבער דער שטעקען האָט מיר פיעל געהאָלפען. מיט דיא הילף פון שטעקען האָב איך געשפּרונגען איבער טיעפע שפּאלטען, איבער אומגעפאלענע בוימער און איך האָב זיך געקענט האלטען פעסט אין געפעהר־ליכסטען פלאץ. אין מאנכע פלעצער זיינען מיר דורכגעגאנגען אונטער פעל־זען, וועלכע זיינען געהאנגען איבער אונזערע קעפּ און עס האָט אויסגעוויזען, אז אָט אָט פאלען זיי ארונטער.

געזעהן דיא ווייסליכע בעלייכטונג פון דער "נאָטילוס", וועלכע איז געוואָרען אליץ בלאסער און שוואכער.

דיא רויטליכע שיין אָבער, צו וועלכער מיר זיינען געגאנגען, איז אלע ווייליע פערגרעסערט געוואָרען. וואָס נעהענטער מיר זיינען צו איהר געקומען, אליץ העלער און ליכטיגער איז עס געוואָרען. איך האָב פון וויטענס געזעהן, אז דיא דאָרטיגע גאנצע געגענד איז בעלויכטען אזוי וויא פון אונגעהייער גרויסע פלאמען. איך האָב ניט געקענט בעגרייפען וויא אזוי אונטער דיא וואַסערען זאָל עקזיסטירען אזא מערקווירדיגע ליכט. איז דאָס אן עלעקטרישער שטראָם אָדער אן אנדער נאטור־ערשיינונג, וואָס איז נאָך פאר דער וויסענשאפט ניט בעקאנט? א זאָנדערבארער געדאנק איז מיר אין דיעזען מאָמענט דורכגעפלויגען אין קאָפּ: פילייכט איז דיעזער פייער גאָר געמאכט פון מענשליכע הענד? עס קען דאָך מעגליך זיין, אז קאפּיטאן נעמאָ האָט אירגענד וואו אין ים חברים, מענשען וואָס פיהרען אזא ארט לעבען אזוי וויא ער, און יעצט פיהרט ער מיך צו זיי אויף א בעזוך! פילייכט געפינט זיך דאָרט א גאנצע קאָלאָניע פון אזעלכע פערזאָנען, וואָס זיי איז אויך איבערדריסיג געוואָרען דאָס לעבען אויף דער ערד איבער דיא מענשליכע אונרעכטען און פערפאָלגונגען און זיי האָבען זיך אויפגעזוכט פרייהייט אונטער דעם שוטץ פון דיא אונענדליכע וואסערען? אזעלכע און עהנליכע געדאנקען האָבען בעאונרוהיגט מיין גייסט. איך האָב אָנגעהויבען גלויבען, אז דאָס איז טאקי אזוי, און איך וואָלט דאמאָלס פילייכט ניט פיעל איבערראשט געוואָרען, ווען איך זאָל אויף'ן גרונד פון ים געפינען גאנצע שטעדט, פון וועלכע קאפּיטאן נעמאָ פלעגט רעדען און פאנטאזירען.

דיא הויפענס שטיינער אויף'ן גרונד פון ים זיינען געווען צוזאמענגעשטעלט אין רעגעלמעסיגע רייהען, אזוי וויא מענשליכע הענד זאָלען עס האָבען געטהאָן. דורך דיא שטיינער האָבען זיך געצויגען דורכגענגע פון וועלכע מען האָט קיין ענדע ניט געזעהן. איך האָב געשפּירט, אז דיא בלייענע זוילען (פּאדעשוועס) פון מיינע שיך טרעטען אויף ביינער אָדער עהנליכע געגענשטענדע, וואָס ווערען צובראָכען פון מיין טראָט מיט א טרוקענעם קראך. איך האָב זעהר געוואָלט בעקומען אן ערקלערונג אויף דיא אלע זאכען, אָבער טראָגענדיג דיא קופּערנע שייד אויף'ן קאָפּ איז אונמעגליך, אז דער קאפּיטאן זאָל הערען מיינע פראגען. קאפּיטאן נעמאָ האָט אפילו געהאט א מין צייכען־שפּראך, וועלכע ער פלעגט בענוצען זייענדיג מיט זיינע מענשען אויף'ן גרונד פון ים, אָבער איך האָב דיעזע שפּראך ניט פערשטאנען.

אונזער וועג איז געוואָרען אליץ העלער און העלער. איך האָב ענדליך דערזעהן, אז דאָס ליכט שטראהלט פון א שפּיץ בארג, וואָס איז אומגעפעהר אכט הונדערט פוס הויך. אָבער דיא גאנצע בעלייכטונג אויף אונזער וועג איז

עס איז געווען נאָהענט צו האלבע נאכט. אין וואסער איז געווען עכט פינסטער. דער קאפּיטאן האָט מיר אָנגעצייגט אויף א רויטליכע שיינונג, וואָס האָט געגלאנצט זעהר העל. וויא עס האָט אויסגעוויזען, איז יענע שיין געווען צוויי מייל ווייט פון אונזער שיף. וואָס פאר א מין פייער דאָס איז, ווער האָט איהם דאָרט אָנגעצונדען און צוליעב וואָס פאר א צוועק, האָב איך ניט גע־קענט פערשטעהן. יעדענפאלס האָט עס אביסעל בעלויכטען אונזער וועג. מיינע אויגען זיינען נאָכדעם אויך צוגעוואָהנט געוואָרען צו דיא דונקעלהייט און איך האָב ווירקליך געקענט אויסקומען אָהן א לאנטערנע.

מיר זיינעןביידע געגאנגען גלייך זייט ביי זייט. דער באָדען פון ים איז געשטיגען אלץ העכער און העכער און עס איז ווירקליך געווען שווערליך צו געהן. דיא שטעקענס האָבען אונז אפילו מיטגעהאָלפען צו גרעסערע טריט, דאָך האָבען מיר זיך געשלעפּט לאנגזאם, ווייל אונזערע פיס זיינען אָפט געבליבען שטעקען אין לעהמיגע ערד, דורכגעקנאָטען מיט פערשיעדענע גראָזען און קליינע שטיינד־לאך. מיר האָבען זיך געצויגען אלץ נעהענטער צו יענעם רויטען פייער.

געהענדיג ווייטער האָב איך געהערט איבער מיין קאָפּ אזוי וויא א גערויש פון גיסענדע טראָפּענס וואסער. דער גערויש איז אלע מאָל שטארקער און שטארקער געוואָרען און איך האָב אָנפאנגס ניט געקענט בעגרייפען וואָס דאָס איז. נאכהער אָבער איז מיר קלאָר געוואָרען, אז דאָס הערט זיך דער גערויש פון א שלאגס רעגען, וואָס גיסט אויף דעם שפּיעגעל פון ים. מיר איז דערביי פאָרגעקומען אזוי וויא עס רעגענט אויף מיר און איך ווער דורכגענעצט. איך האָב געמוזט לאכען פון זיך אליין איבער אזא געפיהל, וואָס מען שפּירט אָפט נאָך דער געוואָהנהייט, אָהן א ווירקליכע אורזאכע. עס איז דאָך טאקי לעכערליך, מורא צו האָבען פאר רעגען־טראָפּענס אין דער צייט, ווען מען איז איינגעטונקט אין א ים וואסער! אויסער דעם, האָט קיין נאסקייט דורך אונ־זערע קליידער צו אונז ניט געקענט צוקומען. איך האָב נור געפיהלט אזוי וויא איך זאָל אומגעהן אין א לופט וואָס איז עטוואָס געדיכטער וויא דיא אטמאָספערע, אָבער מיין לייב איז דורכאויס טרוקען געווען.

נאָך א שפּאציר פון א האלבע שטונדע איז דער באָדען אונטער אונזע־רע פיס געוואָרען שטייניג. מיליארדען קליינע ברואים'לאך, וועלכע עס איז קוים צו בעמערקען אונטער א שטארקע פערגרעסערונגס־גלאָז, האָבען בעלויכטען דעם ים מיט דעם פאָספאָר פון זייערע קערפּערס. איך האָב בעטראכט הויפענס שטיינער, וואָס זיינען געווען בעדעקט מיט פלאנצען־טהיערע און ים בלומען. מיינע פיס האָבען זיך אָפט אויסגעגליטשט אויף גלאטע, קלעפּיגע גראָזען און ווען איך וואָלט ניט געהאט דעם שטעקען אין האנד, וואָלט איך ניט איין מאָל געפאלען. איך האָב זיך אומגעקערט מיט'ן פּנים אהינטער און איך האָב

אראבגענומען געווארען. איך האב דאן זיך געקענט נעהמען רוהיג צו מיין טעגליכע בעשעפטיגונג און ניט טראגען אויף מיין קאפ קיינע זייטיגע זאכען.

ארום עלף אוהר יענע נאכט איז קאפיטאן נעמא גאנץ אונערוואַרטעט צו מיר אריינגעקומען. ער האט מיך העפליך געפרעגט, אויב איך בין שטארק מיעד, און איך האב איהם געענטפערט "ניין".

— דאן, הערר אראנאקס — האט נעמא צו מיר געזאגט — וועל איך אייך מאכען א מערקווירדיגען פארשלאג.

— צופריעדען, הערר קאפיטאן! — האב איך געענטפערט.

— מיר האבען שוין איינינגע מאל שפאצירט אויף'ן גרונד פון מעער — האט נעמא גאנץ פריינדליך געזאגט — אבער אלץ בייטאג, אין זונען-שיין. וואלט איהר לוסט געהאט צו מאכען אזא שפאציר-גאנג יעצט, אין דיא פינס־טערנים פון דער נאכט?

— זעהר גערן, הערר קאפיטאן.

— אבער איך מוז אייך פאראויס זאגען, אז דאס וועט אייך זעהר פיעל ערמיעדען. עס איז א ווייטער גאנג, דערצו נאך בארג ארויף. דיא וועגען זיינען נאטירליך אויך ניט געפלאסטערט און עס מאכט דעם גאנג גאנץ שווער.

— אייערע ווערטער, קאפיטאן, מאכען מיך נאך מעהר נייגעריג. איך בין בערייט צו געהן מיט אייך.

— אויב אזוי, הערר פראפעסאר, קומט שוין אנציהען אונזערע וואסער־קליידער.

אריינקומענדיג אין גארדעראבע-צימער, האב איך געזעהן, אז אויסער איך און דער קאפיטאן איז דארט מעהר קיינער ניטא. איך האב דאן פערשטאנען, אז בלויז מירביידע וועלען דעם שפאציר מאכען, אהן אירגענד וועלכע אנדערע בעגלייטער.

עס האט בלויז א קליינע ווייל'ע גענומען ביז מיר האבען דיא בגדים אנגעצויגען. מען האט אונז צוגעבונדען צום רוקען גרויסע ראנצען פול מיט לופט, אבער קיין עלעקטרישע לאנטערנען האט מען אונז ניט געגעבען. אויף מיין פראגע וועגען דעם האט דער קאפיטאן בלויז געענטפערט:

— מיר וועלען זיי דיעזען מאל ניט דארפען.

מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך האב נעמא'ס אנטווארט ניט גוט געהערט און איך האב איהם נאך אמאל געוואלט איבערפרעגען. אבער אין דעם אויגענבליק האט שוין זיין קאפ געשטעקט אין דער קופערנער שייד. מיר האט מען באלד אויך דיעזען פאנציר אנגעטהאן און אויס לשון. מען האט מיר דערלאנגט אין האנד א שטארקען שטעקען בעשלאגען מיט מעטאל, און באלד זיינען מיר געשטאנען אויף'ן גרונד פון אטלאנטישען מעער, אין א טיע־פענים פון איבער נײן הונדערט פוס.

— אָבער נאָך וועלכע ריכטונג געהט ערשט אונזער שיף? — בין איך איהם אריינגעפאלען אין דיא רייד.

— איך ווייס ניט! — האָט ער קאלט געענטפערט.

— איך וועל עס מיטאָג צייט נאָכזעהן — האָב איך איהם פערזיכערט.

לענד האָט פערלאָזען מיין צימער, און אזוי באלד וויא איך האָב אָנגעצויגען מיינע בגדים, בין איך אריין אין זאאל. איך האָב א קוק געטהאָן אויף'ן קאָמפּאס און געזעהן, אז דיא "נאָטילוס" שווימט אין אן אנדער ריכטונג, נאָך זיד וועסט. מיר האָבען שוין אלזאָ דיא אייראָפּעאישע ברעגען פערלאָזען.

אביסעל אונגעדולדיג האָב איך ערווארטעט ביז דיא שיף וועט ארויפשווימען אין דער הויך און דער קאפּיטאן וועט נאָך דעם גאנג פון דער זונן ריכטיג בעצייכענען דעם פלאַץ וואו מיר געפינען זיך. אום האלב נאָך עלף דעם זיינער פאר מיטאָג זיינען דיא רעזערוואוארען אויסגעליידיגט געוואָרען און דיא "נאָטילוס" איז ארויפגעשוואומען אויף דיא אָבערפלעכע פון ים. איך בין ארויף אויף'ן פלאטפאָרם, וואו לענד האָט מיך ערווארטעט.

דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט גרויע וואָלקענס און איבער'ן ים איז געווען פערשפּרייט א לייכטער נעבעל. ווייט ארום און ארום איז קיין סימן לאנד ניט געווען צו זעהן, נור וואו ניט וואו האָט זיך געזעהן דער שפּיץ פון א זעגעל־שיף. א שטארקער ווינד האָט געבלאָזען און עס איז קענטיג געווען, אז א שטורם וועט קומען. לענד האָט מיט גרויס אויפערגונג געקוקט אין אלע זייטען פּילייכט וועט ער ערגיץ וואו א צייכען פון לאנד בעמערקען, אָבער מעהר וויא הימעל, וואסער און נעבעל האָט מען ניט געזעהן.

אום צוועלף אוהר האָט זיך דיא זונן בעוויזען אויף א ווייל. דער שיפּסלייטענאנט האָט דאן זיינע בעאָבאכטונגען געמאכט און ער האָט וועגען דעם בעריכטעט צום קאפּיטאן דורך דער שפּרעך־רעהר. דאָס מעער איז פון מינוט צו מינוט אונרוהיגער געוואָרען. דיא כוואליעס האָבען אָנגעהויבען קלאפּען שטארקער און שטארקער און דיא "נאָטילוס" האָט זיך אָנגעהויבען וויעגען אין אלע זייטען. דיא פלאטען פון דעק זיינען דאן געשלאָסען געוואָרען און דיא שיף האָט זיך ארונטערגעלאָזט אין דיא שטילע טיעפענים.

א שטונדע שפּעטער האָב איך אויף דער קארטע געפונען פערצייכענט אויף וועלכען פונקט מיר געפינען זיך. מיר זיינען דאן געווען 15 ליגס ווייט פון א ברעג. וועגען אנטלויפען איז אלזאָ פאָרלויפיג ניט געווען וואָס צו דענקען. מען קען זיך שוין פאָרשטעלען וויא גרויס עס איז געווען דעם קענעדער'ס צאָרן און פערדרוס, ווען איך האָב עס איהם בעריכטעט.

מיר האָט דיעזער צופאל ווייניג וואָס פערדרוס געמאכט. אין געגענטהייל, איך בין געווען צופריעדען, וואָס איך האָב מעהר וועגען לענד'ס פּלענער ניט געדארפט דענקען. איך האָב געפיהלט אזוי וויא א שווערע לאסט איז פון מיר

דעם אינזעל קרעטא. דאס איז וואהרשיינליך געווען א געשאנק פאר דיא איינ־וואהנער פון יענעם אינזעל, וועלכע קעמפפען פאר זייער פרייהייט און ווילען פון זיך ארונטערוואַרפען דעם יאָך פון דיא טירקישע רעגיערונג.

9טעם קאפּיטעל

## אַ פערזונקענער וועלט־טהייל

אויף מאָרגען, דעם 19טען פעברואר אין דער פריה איז דער קענעדע'ר אריינגעקומען אין מיין צימער, אזוי וויא איך האָב ערווארטעט. ער האָט אויס־געזעהן צו זיין זעהר אומעטיג.

— נו, מיין הערר — האָט ער געזאָגט מיט א טאָן פון פערצווייפלונג.

— אלזאָ, לענד — האָב איך זיך אָבגערופען — דאָס גליק האָט אונז נעכטען ניט געשפּיעלט.

— יא, דער טייפעל האָט אָנגעשיקט דעם פערדאמטען קאפּיטאן, אז ער זאָל דיא שיף אָבשטעלען אויף'ן גרונד פון ים, גראדע אין דער צייט, ווען מיר זיינען שוין געווען פערטיג צו אנטלויפען.

— יא, לענד. קאפּיטאן נעמאָ האָט דאָרט געהאט געשעפטען ביי זיינע באנקירען.

— ביי באנקירען? — האָט לענד ערשטוינט געפרעגט — ביי וועלכע באנקירען?

— דאָס הייסט, ריכטיגער צו זאָגען, אין זיין באנק־הויז — האָב איך איהם ערקלערט — איך מיין אין איינע פון דיא פּלעצער אין אָקעאן, וואו זיינע אוצרות ליגען נאָך זיכערער וויא אין אייזערנע קאסטענס.

דערביי האָב איך איהם דערצעהלט דיא געשיכטע פון דיא פערזונקענע גאָלד־שיפען און פון אלעם וואָס איך האָב בייגעוואָהנט פאָריגע נאכט. איך האָב געדענקט, אז דאָס וועט בעוועגען מיין קאמעראד אויפצוגעבען דיא אידעע פון אנטלויפען און בעקומען לוסט צו פערבלייבען לענגער אויף דער "נאָטילוס". אָבער דיא געשיכטע מיט דיא גרויסע רייכטהימער האָט אויף איהם ניט גע־ווירקט. ער האָט בלויז אויסגעדריקט זיין בעדויערען, וואָס ער איז ניט קיין פרייער מענש און האָט ניט דיא געלעגענהייט אליין צו בעזוכען דיא שלאכט פעלד פון וויגאָ. דערביי האָט ער געשימפּפט און געשאָלטען דיא אוצרות, אי־בער וועלכע זיין פּלאן איז צושטערט געוואָרען.

— אָבער עס איז נאָך דערמיט ניט געענדיגט! — האָט לענד זיך אליין געטרייסט — אן אנדער מאָל וועט עס בעסער גליקען. פיליייכט נאָך קומענדע נאכט, אויב עס וועט מעגליך זיין.

זיינען ווערטה פינף הונדערט מיליאָן דאָלער און דערפאר יאָגט מען זיך צו געפינען זיי.

— אמת! — האָט דער קאפיטאן געזאָגט — זיי זיינען טאקי ווערטה געוועזן דיא סומע וואָס איהר זאָגט, אָבער שוין ניט יעצט, ווייל א שעהן ביסעל פון דיא גאָלד און זילבער איז שוין צוגענומען געוואָרען.

— אויב אזוי — האָב איך זיך אָבגערופען — וואָלט געוועזן א וואהלטהאט, ווען מען זאָל יענער קאָמפאני אָנזאָגען, אז זיי זאָלען דעם עסק אויפגעבען, ווייל ביז זיי וועלען קענען ארונטערשיקען זייערע מענשען אויף'ן גרונד פון ים, וועט שוין דאָ פון דיא אוצרות גאָר ניט פערבלייבען און עס איז א שאָד זייער געלד. אָבער פאר יענע אונטערנעהמער אארט מיך ניט אזוי פיעל, וויא איך בעדויער אין אלגעמיין וואָס אזעלכע רייכטהימער פערבלייבען אויף אייער שיף אלס אוננוצבאר, אלס א טויטער קאפיטאל, וועהרענד פיעלע טויזענדע ארימע, אונגליקליכע מענשען וואָלטען דערפון נוצען געצויגען, ווען דיעזע אוצרות וואָלטען אויף דער וועלט פערברייטעט געוואָרען.

איך האָב באלד חרטה געהאט וואָס איך האָב זיך אזוי אויסגעדריקט, ווייל איך האָב פערשטאנען, אז קאפיטאן נעמאָ האָט זיך דערפון געפונען בעליידיגט.

— אוננוצבאר, א טויטער קאפיטאל, זאָגט איהר? — האָט דער קאפיטאן פערדריסליך אויסגעשריען — דענקט איהר, מיין הערר, אז דיעזע רייכטהימער געהען ביי מיר פערלאָרען? זאמעל איך זיי דען פאר מיר אליין? ווער האָט עס אייך געזאָגט, אז איך פערברויך עס ניט פאר ניצליכע צוועקען? דענקט איהר אז איך ווייס ניט, אז אויף דער וועלט זיינען דאָ אונגליקליכע, פערפאָלגטע מענשען אָדער גאנצע נאציאָנען, וועלכע ווערען געפּלאגט און געמאטערט פון טיראנישע הערשער? איז עס ניט א וואהלטהאט צו העלפען יענע אונטערדריקטע? פערשטעהט איהר עס אליין נים?....

ביי דיעזע לעצטע ווערטער האָט דער קאפיטאן פלוצלונג אָבגעהאקט זיינע רייד. מעגליך, אז איהם האָט פערדראָסען וואָס ער האָט שוין צופיעל גערערט, ווייל ער האָט מיר דורך זיינע רייד זיין סוד ענטדעקט. אָבער איך האָב עס שוין פריהער אויך געטראכט, אז דער מערקווירדיגער מאן בעצוועקט מיט זיין לעבען אָבגעזונדערט פון דער וועלט צו העלפען און רעטען אנדערע אונגליקליכע, וועלכע האָבען ניט דיא מעגליכקייט אזוי וויא ער צו לעבען פריי און אונאבהענגיג. איך האָב פריהער אויך פערשטאנען, אז אָבוואָהל ער איז דערווייטערט פון מענשען, דאָך איז זיין הארץ פול מיט ליעבע צו דיא מענשהייט און ער פיהלט מיט דעם צער פון פערפאָלגטע און אונטערדריקטע.

אצינד האָב איך שוין זיינע אידעען גרינדליכער ערפאהרען. איך האָב שוין ערשט בעקומען א ריכטיגען בעגריעף צו וועמען און צו וואָס פאר א צוועק קאפיטאן נעמאָ האָט פון דער "נאָטילוס" אוועקגעשיקט דעם קאפער גאָלד נעבען

געלעגען אין גרויסע מאסען, און אויסגעשאָטען פון זיי אין ליידינע קאסטענס און טונען שטיקער גאָלד, זילבער, מטבעות און עדעלשטיינער, וועלכע האָבען זיך געגאָסען אזוי וויא גלענצענדע שטראהלען פון דיא פעסער. דער גאנצער באָדען פון ים איז געווען בעדעקט מיט דיעזע אוצרות. דיא לייטע פון שיף האָבען דיא שווערע קאסטענס ארויפגעטראָגען אויף דער "נאָטילוס" און זיינען ווידער געקומען און האָבען זייער ארבייט פאָרטגעזעצט.

איך האָב זיך דאן איבערצייגט, אז דאָס איז ווירקליך דער פלאץ, וואו דיא שלאכט צווישען דיא ענגלענדער און פראנצויזען מיט דיא שפאניער האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין יאָהר 1702, און מיר איז שוין ערשט קלאָהר געוואָרען וואו קאפּיטאן נעמאָ נעהמט זיינע מיליאָנען. דיא פראגע פון יענעם קאסטען מיט גאָלד אויף דער "נאָטילוס" איז מיר פערענטפערט געוואָרען. איך האָב ערשט ערפאהרען, אז נעמאָ איז דער איינציגער יורש פון דיעזע און פיללייכט פון נאָך פיעלע אוצרות, וואָס זיינען פערזונקען געוואָרען אין ים.

— האָט איהר, הערר פּראָפעסאָר, געוואוסט וואָס פאר א גרויסע אוצרות עס געפינען זיך אין ים? — האָט דער קאפּיטאן מיך געפרעגט מיט א שמייכעל.

— יא, איך האָב עס געוואוסט! — האָב איך געענטפערט — אזוי וויט וויא מען האָט אויסגערעכענט, איז שוין ביז יעצט פערלאָרען געגאנגען אין ים אומגעפעהר צוויי מיליאָן טאָנען גאָלד.

— גאנץ ריכטיג. אָבער דאָרט, פון דער יבשה, האָבען זיי קיין מעגליכקייט אזוי טיעף אונטער'ן וואסער אריינצודרינגען. אזעלכע אונטערנעהמונגען זיינען זעהר ריזיקאליש און עס איז פערבונדען מיט פיעל קאָסטען, אז עס וואָלט זיי פיללייכט קיין פּראָפיט פערבליבען, ווען עס זאָל זיי אפילו געלינגען דיעזע אוצרות ארויפצוברייננגען. פאר מיר אָבער איז עס א גאנץ לייכטע זאך. אָט קום איך און איך נעהם צוזאמען דאָס וואָס מענשען האָבען אמאָל פערלאָרען און ניט נור אין דיעזען האפען פון וויגאָ אליין, זאָנדערן נאָך אין פיעלע פלעצער, וואו רייכע שיפען זיינען אונטערגעגאנגען. איך האָב דיעזע פלעצער פערצייכענט אויף מיין ים־קארטע און איך דארף זיי זאָגאר ניט זוכען. יעצט בעגרייפט איהר שוין, אז איך בעזיץ א רייכטהום פון אונצעהליגע מיליארדען?

— דאָס איז שוין גאנץ ריכטיג, קאפּיטאן — האָב איך געענטפערט — אָבער ערלויבט מיר צו זאָגען אייך, אז מיט אייער אויספאָרשען דיא וויגאָ בוכטע טהוט איהר שאדען א געוויסע קאָמפּאני.

— וועלכע? — האָט נעמאָ געפרעגט.

— א געזעלשאפט, וועלכע האָט בעקומען דיא ערלויבניס פון דיא שפּאַ־נישע רעגיערונג צו זוכען דיעזע פערזונקענע אוצרות! — האָב איך דעם קאפּיטאן ערקלערט — דיא קאָמפּאני האָט שוין אין דעם פיעל געלד אריינגעלעגט און נער ווייסט וויפיעל נאָך עס וועט זיי קאָסטען, מען שאצט, אז דיעזע אוצרות

— פאָלשטענדיג, קאפּיטאן ! — האָב איך געענטפערט, ניט האָבענדיג קיין בעגריעף צו וואָס ער גיט מיר דיא לעקציאָן אין היסטאָריע. נעמאָ האָט זיין ערצעהלונג פאָרטגעזעצט.

— אלזאָ, הערט ווייטער וואָס עס איז געווען — האָט ער צו מיר געזאָגט — דיא קויפּלייטע פון קאדיז האָבען געהאט א פּריווילעגיום, אז אלע סחורות וואָס קומען פון אמעריקא מוזען אין האפען פון זייער שטאָדט אויסגעלאָדען ווערען. דארום האָבען יענע גע'טענה'ט, אז וויגאָ האָט קיין רעכט דאָס אָנגע־קומענע גאָלד אויפצונעהמען און זיי האָבען עס טאקי ניט צוגעלאָזט. דער שוואכער קעניג פיליפּ דער פינפטער האָט געגעבען א בעפעהל, אז דיא שיפען זאָלען בלייבען שטעהן אין האפען וויגאָ ניט אויסגעלאדען, ביז דער שונא וועט אוועק און מען וועט זיי קענען צופיהרען צום האפען פון קאדיז.

צו דער זעלבער צייט אָבער, נעמליך, דעם 22טען אָקטאָבער, 1702, איז געגען וויגאָ פּלוצלונג ערשיענען א מעכטיגע ענגלישע פלאָטע. אדמיראל שאטאָ־רענאָ, וויא שוואך ער איז געווען, האָט ער דאָך געקעמפּפט מיט אלע קרעפטען צו פערטהיידיגען דיא אוצרות פון שונא'ס הענד. ער האָט אָבער שליסליך איינ־געזעהן, אז ער וועט פאר קיין פאל גאָר ניט אויספיהרען און אלע דריי און צוואנציג שיפען זיינען דארום אויף זיין בעפעהל אונטערגעצונדען געוואָרען און זיי זיינען געזונקען צום גרונד פון ים צוזאמען מיט דעם גאָלד און זילבער וואָס אין זיי האָט זיך געפונען.

ביי דיעזע ווערטער איז דער קאפּיטאן שטיל געבליבען. איך האָב פער־שטאנען, אז זיין ערצעהלונג איז שוין געענדיגט, אָבער איך האָב נאָך אלץ ניט איינגעזעהן, אז דאָס זאָל מיך אזוי שטארק אינטערעסירען.

— נו ? — האָב איך געפרעגט מיט א טאָן פון פערוואונדערונג.

— אלזאָ, הערר אראָנאקס — האָט נעמאָ געענטפערט — מיר געפינען זיך ערשט אויף'ן גרונד פון ים אין דער וויגאָ בוכטע, פּונקט ביי יענעם האפען, וואו דער פראנצויזישער אדמיראל האָט פערזונקען דיא שיפען מיט דעם גאָלד און זילבער. מיר קענען ערשט דיעזע געהיימע אוצרות אויספאָרשען. אויב עס אינטערעסירט אייך, קענט איהר אלעס אליין בעטראכטען דורך דיא פענסטער.

מיט דיעזע ווערטער איז דער קאפּיטאן אויפגעשטאַנען, האָט א דריק געטהאָן אן עלעקטרישען קנאָפּ און אין נעכסטען אויגענבליק האָבען זיך דיא אייזערנע טהירען פערנאנדער געררוקט און פאר מיינע אויגען האָט זיך פאָר־געשטעלט א מערקווירדיגע סצענע.

אויף אומגעפעהר א האלב מייל ווייט ארום איז דאָס וואסער געווען העל בעלויכטען פון דיא עלעקטרישע לאָמפּען פון דער „נאָטילוס". א טהייל פון דיא מאנשאפט, געקליידעט אין טויכער־בגדים זיינען אומגעגאנגען אויף'ן גרונד און זיינען געווען בעשעפטיגט מיט עפּענען גרויסע פעסער, וועלכע זיינען דאָרט

מיט א יאָהר פריהער פּראָטעסטירט געגען פראנצויזישען קעניג'ס וואונש. שוין דאמאָלס האָבען זיך דיא קעניגליכע הייזער פון האָלאנד, עסטרייך און ענגלאנד פערזאמעלט אין דער האָלענדישער שטאָדט האאג און געשלאָסען א פערבינדונגס טראקטאט, אז אויף'ן שפּאנישען טהראָן זאָל זיצען א געוויסער הערצאָג, וועלכען זיי האָבען א נאָמען געגעבען טשארלז דער דריטער.

שפּאניען האָט אלזאָ אונטער דיא הערשאפט פון פיליפּ דעם פינפטען אליין געמוזט קעמפּפען געגען דעם פערבאנד פון דיא מעכטע, נאטירליך מיט דיא הילף פון פראנקרייך, ווייל שפּאניען אליין האָט דאמאָלס ניט געהאט ניט קיין סאָל־דאטען אויף'ן לאנד און ניט קיין מאטראָזען אויף איהרע קריעגס־שיפען. נור איין זאך, גאָלד און זילבער האָט איהר ניט געפעהלט. עס זיינען דאמאָלס ערוואַרטעט געוואָרען פיעלע שיפען מיט דיעזע טהייערע מעטאלען וואָס האָבען געדארפט אָנקומען פון שפּאנישען טהייל אין אמעריקא. עס האָט נור געפעהלט, אז דיא שי־פען זאָלען גליקליך אריבער דעם ים און ניט אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא פיינדליכע קריעגס־שיפען. דאָס איז געווען אין ענדע פון יאָהר 1702, ווען דריי און צוואנציג שיפען פול געלאָדען מיט גאָלד זיינען געפאָהרען אהער פון אמעריקא אונטער דעם שוץ פון דער פראנצויזישער פלאָטע, איבער וועלכע עס האָט קאָ־מאנדירט אדמיראל שאטאָ־רענאָ. דיא קריעגס־שיפען פון אייראָפּעאישען פער־באנד האָבען אָבער צו דער זעלבער צייט געהיט און דורכגעקרייצט איבעראל דעם אטלאנטישען אָקעאן, אום דיעזע אוצרות צו בעקומען.

עס איז אָנפאנגס געווען בעשטימט, אז דיא שיפען מיט דעם גאָלד זאָלען אָנקומען אין האפען פון דער שפּאנישער שטאָדט קאדיז, אָבער ערפאהרענדיג, אז אין יענע געגענד שטעהט א מעכטיגע ענגלישע פלאָטע, האָט אדמיראל שאטאָ־רענאָ בעשלאָסען אָבצופיהרען דיא שיפען מיט דעם גאָלד אין א פראנצויזישען האפען. דיא שפּאנישע קאָמאנדירען פון דיא שיפען האָבען אבער פּראָטעס־טירט געגען דיעזען בעשלוס און דער אדמיראל האָט זייער וואונש געמוזט נאָכ־געבען. עס איז ענדליך פערבליבען, אז מען זאָל אריינפאָהרען אין האפען פון וויגאָ, ביי דעם נאָרד־וועסטליכען ברעג פון שפּאניען, וועלכער איז ניט געווען בלאקירט פון פיינד.

וויגאָ איז אָבער אן אָפענער האפען און עס איז דאָ זעהר שווער צו פער־טהיידיגען זיך פון אן איבערפאל. מען האָט זיך דארום גענומען וואָס שנעלער אויסלאָדען דיא שיפען איידער דער שונא וועט קומען. עס וואָלט אויך מעגליך געווען צו בעוויייזען עס, אָבער צוליעב א נארישע קאָנקורענץ מחלוקות איז פון דיא שיפען מיט דעם גאָלד קיין זכר ניט געבליבען.

דער קאפּיטאן האָט אויף א ווייל איבערגעהאקט זיין ערצעהלונג און ער האָט מיר געשטעלט פאָלגענדע פראגע:

— אָבער הערט איהר אויפמערקזאם וואָס איך דערצעהל?

— אָה, הערר פּראָפעסאָר! — האָט ער מיט א פריינדליכען טאָן אויס־גערופען — איהר זיינט דאָ? איך זוך דאָך אייך. ווייסט איהר דיא געשיכטע פון שפּאַניען?

מען קען זיך פאָרשטעלען מיין איבערראשונג פון דעם קאפּיטאַן'ס פּלוצ־לונגע ערשיינונג. איך בין אזוי צוטומעלט געוואָרען, אז טראָץ מיין קענטניס אין וועלט־געשיכטע, האָב איך איהם באלד קיין אנטוואָרט ניט געקענט געבען.

— נו? — האָט נעמאָ ווידער געפרעגט — פערשטעהט איהר ניט וואָס איך רעד? איך פרעג אייך, אויב איהר געדענקט דיא געשיכטע פון שפּאַניען?

— זעהר ווייניג! — האָב איך אין צוטומלעניש געענטפערט.

— הייסט עס, אז איהר זיינט א געלעהרטער, וועלכען מען דארף נאָך לערנען! — האָט דער קאפּיטאַן געשמייכעלט — קומט, זעצט זיך אוועק און און איך וועל אייך דערצעהלען א מערקווירדיגע ערצעהלונג פון דער שפּאַנישער היסטאָריע.

מיר זיינעןביידע אריין אין זאאל. נעמאָ האָט זיך בעקוועם אויסגעצויגען אויף א דיוואַן און איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביי זיין זייט.

— הערר פּראָפעסאָר — האָט ער זיך ווידער אָבגערופען — איהר זאָלט נור מיין ערצעהלונג אויפמערקזאם אויסהערען. עס וועט אייך זעהר אינטערע־סירען און דאָס וועט אייך אויפקלערען א פראגע, וועלכע איהר האָט ביז יעצט ניט געקענט בעאנטוואָרטען.

— איך בין נייגעריג צו הערען, קאפּיטאַן! — האָב איך געענטפערט, ניט וויסענדיג וואָס ער וויל דאָ זאָגען. ביי זיך אין הארצען האָב איך געטראכט, אז ער וויל פיליייכט עפּעס רעדען וועגען אונזער פּלאַן צו אנטלויפען, וואָס ער האָט צופעליג ערפאהרען.

— מיין הערר — האָט נעמאָ אָנגעפאנגען — אויב איהר וועט ניט האָבען דאגעגען, וועלען מיר זיך אומקעהרען צוריק צום יאָהר 1702. דיא געשיכטע, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען, האָט אין יענעם יאָהר פּאסירט. איהר ווייסט דאָך געוויס, אז דאמאָלס האָט אין אייער פראנקרייך געקעניגט לואי דער פיער־צעהנטער, וועלכער האָט געדענקט אז א וואונק פון א הערשער וועט זיין גענוג צו ברייננגען דיא פּירינעען אונטער זיין יאָך. איהם האָט זיך געדאכט, אז דיא פּירינעאישע גרויסע בערג, דיא נאטירליכע גרענעץ, וואָס טהיילט אָב פראנקרייך פון שפּאַניען, האָבען גאָר קיין ווערטה געגען דעם ווילען פון א גרויסען הערשער. דארום האָט זיך איהם פערוואָלט דיא ביידע לענדער אונטער זיין שוץ צו פער־אייניגען. ער האָט דאמאָלס אוועקגעזעצט זיין אייניקעל, דעם הערצאָג פון אנזשו אלס קעניג פון שפּאַניען. דיעזער הערצאָג האָט בעשטיגען דעם שפּאַנישען טהראָן אונטער דעם נאָמען קעניג פיליפּ דער פינפטער, אָבוואָהל גרויסע איי־ראָפּעאישע מעכטע האָבען עס ניט געוואָלט צולאָזען. אין טהאָט האָבען זיי נאָך

פון קאפיטאן'ס צימער. פערבייגעהענדיג האָב איך א קוק געטהאָן אויף'ן קאָמ־פּאס און געזעהן, אז מיר פאָהרען אלץ אין דיא זעלבע ריכטונג צו דיא ברעגען פון שפּאניען, אזוי וויא דער קאפּיטאן זאָל האָבען בדעה צו לאַנדען ביי איינעם פון דיא שפּאנישע האפענס. עס איז אלזאָ ווירקליך אן אויסגעצייכענטע גע־לעגענהייט צו אנטלויפען, וועלכע עס איז א שאָד דורכצולאָזען.

איך בין אריין אין מיין צימער און באלד בין איך שוין געווען אָנגעקליידט פערטיג צו דער רייזע. איך האָב זיך צוגעהערט, אויב אימיצער פון דיא מאַנ־שאפט פון שיף געפינט זיך ערגיץ וואו וואכענדיג, אָבער איבעראל איז געווען שטיל. קיין שאָרך האָט מען פון קיינעם ניט געהערט. בלויז דער גערויש פון דיא שרובע וואָס האָט געקלאפּט רעגעלמעסיג אין וואסער, האָט געשטערט דיא שטילקייט, זאָנסט האָט מען קיין קול, קיין טריט און קיין בעוועגונג ניט געהערט.

פלוצלונג אָבער האָט זיך מיר געדאכט, אז איך הער אייניגע שטימען און איך בין אויפגעציטערט געוואָרען. פיליכט האָט מען לענד'ען געכאפּט ביי זיינע פאָרבערייטונגען צו אנטלויפען? — האָב איך ביי זיך געטראכט — דיעזער געדאנק האָט מיך אזוי בעאונרוהיגט, אז איך האָב זיך קוים אויף דיא פיס גע־האלטען.

אייניגע מינוטען פאר גיין אוהר האָב איך אָנגעשטרענגט מיינע אויערען און זיך גוט צוגעהערט ביי'ם טהיר פון קאפּיטאן'ס צימער און איך האָב זיך אי־בערצייגט, אז דאָרט איז קיינער ניטאָ. מיין פריהעריגער שרעק איז אויך פאָריבער, ווייל איך בין שוין זיכער געווען, דאָס דיא איינבילדונגס־קראפט האָט עס מיר פאָרגעשטעלט דעם גערויש מיט דיא קולות. איך האָב שוין געוואָלט דורכגעהן דעם קאָרידאָר און ערווארטען לענד'ס סיגנאל ביי דיא מיטעלסטע טרעפּ, אָבער פלוצלונג האָב איך דערפיהלט אן ענדערונג אין גאנג פון שיף און איך בין גע־בליבען שטעהן.

אין דעם זעלבען מאָמענט האָט דיא "נאָטילוס" אָנגעהויבען געהן שוואַ־כער און שוואכער און שליסליך האָט זיא זיך אין גאנצען אָבגעשטעלט. דיא אורזאכע דערפון האָב איך ניט געקענט ערקלערען. וועגט דיעזע ענדערונג העל־פען אונזער פלאן צו אנטלויפען אָדער פערהינדערען, האָב איך אויך ניט גע־קענט וויסען.

אָבער דיעזע פראגע איז באלד פערענטפערט געוואָרען. איך האָב דערפיהלט א לייכטען שטויס און דאן איז מיר קלאָהר געוואָרען, אז דיא שיף זיצט אויף'ן גרונד פון ים. פון נעד לענד איז ניט צו הערען, אָבוואָהל דיא בעשטימטע צייט איז שוין געקומען. איך האָב שוין געוואָלט געהן אויפזוכען איהם און ערקלערען, אז מיר געפינען זיך אויף'ן גרונד פון ים און מיר מוזען פאָרלויפיג פערבלייבען געפאנגענע אזוי וויא ביז יעצט, אָבער איידער איך האָב בעוויזען איין טריט צו מאכען, האָט זיך דיא טהיר געעפענט און קאפּיטאן נעמאָ איז אריינגעקומען.

מען האט מיר מיין מיטאג געבראכט אין מיין צימער, אזוי וויא געוועהנליך. אבער דאס עסען האט מיר דיעזען מאל ניט געשמעקט. אום זיעבען אוהר בין איך אויפגעשטאנען פון טיש. נאך צוויי שטונדען, האב איך געוואוסט, האב איך צו ווארטען ביז דיא בעשטימטע צייט פון אונזער אנטלויפען. איך בין פון מינוט צו מינוט אלץ מעהר אונרוהיג געווארען און איך האב אויף אן ארט ניט געקענט איינזיצען. איך האב אומגעשפאנט איבער'ן צימער אום מיינע גע־דאנקען צו פערטרייבען, אבער עס האט ניט געהאלפען, איך האב זיך אויף קיין פאל ניט געקענט בערוהיגען. מיך האט ניט פיעל געקימערט, אויב אונזער פלאן וועט ניט געלינגען, אבער דער געדאנק, אז מען וועט אונז כאפען און אומקעה־רען צוריק אויף'ן שיף, האט אויף מיר א שרעק געווארפען. וויא אזוי וועל איך דאן דעם קאפיטאן קענען אין דיא אויגען קוקען? וואס פאר א פנים וועל איך דאן האבען ביי איהם? וואס וועל איך איהם ענטפערען אויף דיא פראגען וואס ער וועט מיר שטעלען?

איך האב צום לעצטען מאל געוואלט זעהן דעם זאאל און דיא טהייערע זאמלונגען וואס אין איהם געפינען זיך. איך בין שטילערהייד דורכגעגאנגען דעם קארידאר און איך בין אריינגעקומען אין מוזעאום, וואו איך האב אזוי פיעל אנגענעהמע און ניצליכע שטונדען פערבראכט. מיט בליקען פון בעדויערען האב איך בעטראכט דיא טהייערע אוצרות, דיא זעלטענע וואונדער פון נאטור און דיא מייסטערווערק פון קונסט, וועלכע איך וועל באלד אויף אימער פערלאזען און מיין הארץ האט מיר זעהר, זעהר וועה געטהאן. איך האב שטארק געזשאלע־וועט דיעזע אלע זאכען צו פערלאזען.

דורכגעהענדיג דעם זאאל, בין איך געקומען צו א טהיר, וועלכע פיהרט צו איינעם פון דעם קאפיטאן'ס צימערען. דארט איז אויך געוועזען גאנץ שטיל. נעמא איז דארט ניט געוועזן. איך האב געפאסט מוטה און איך בין אהין ארייג־נעגאנגען. דיא ערשטע זאך, אויף וועלכע מיינע בליקען זיינען געפאלען, זיינען געוועזען דיא פראכטפאלע בילדער וואס זיינען געהאנגען ארום דיא וועגד. דאס זיינען געוועזען ביוסט־בילדער פון פערשיעדענע, וויכטיגע היסטארישע מענער, וועלכע האבען זייער גאנצען לעבען געקעמפפט פאר מענשליכע פרייהייט. וואס פאר א באנד פעראייניגט דיעזע העלדען־זעעלען מיט קאפיטאן נעמא? אין וואס בעשטעהט דיא געהיימנים פון זיין לעבען? איז ער אויך א פרייהייטס־קעמפפער? האט ער געשפיעלט אירגענד וועלכע ראלע אין א קאמפף צו בע־פרייען אונטערדריקטע? דאס בין איך זעהר נייגעריג געוועזען צו וויסען.

פלוצלונג האט דער זייגער געשלאגען אכט. עס איז אלזא פערבליבען בלויז איין שטונדע צו אונזער אנטלויפען. דורך דער צייט, בין איך געוועזן זיכער, וועט דיא "נאטילוס" ארויפשווימען אין דער הויך און אויב עס וועלען קיינע שטע־רונגען ניט פארקומען וועלען מיר דיא זאך דורכפיהרען. איך בין שנעל ארוים

רייזע אויף דער קליינער שיפעל. מיין געפעק איז ניט שווער. מעהר וויא מיינע נאָטיצען האָב איך ניט געהאט מיטצונעהמען.

מיר איז געקומען אויף'ן געדאנק, וואָס וועט קאפּיטאן נעמאָ זאָגען, ווען ער וועט ערפאהרען אז מיר זיינען אנטלאָפען? וואָס פאר א פערדרוס און קרענקונג דאָס וועט איהם מאכען! און וואָס וואָלט ער געטהאָן, ווען ער זאָל אונזער פּלאן בעצייטענס ענטדעקען? וואָס אנבעלאנגט צו מיר, האָב איך ניט געהאט וואָס צו בעקלאָגען זיך אויף איהם. גראדע פערקעהרט, ער האָט מיך און מיינע קאמעראדען זעהר גאסט־פריינדליך אויפגענומען און בעהאנדעלט, דאָך האָט מיר אויסגעוויזען נאָך מיין שכל, אז נעמאָ, אלס א מענש מיט פערשטאנד, קען צו אונז קיין טענות ניט האָבען דערפאר וואָס מיר זוכען אונזער בעפרייאונג, ווייל מיר זיינען דאָך צו איהם ניט צוגעבונדען און מיר האָבען זיך ניט פער־פּפליכטעט צו פערבלייבען אימער אויף זיין שיף. א צופאל האָט אונז אהער געבראכט און עס איז קיין עולה פון אונזער זייט, ווען מיר ווילען ניט פערבלייבען אייביגע געפאנגענע. פון דער אנדערער זייט אָבער, האָב איך געטראכט, אז דיא זאך קען דעם קאפּיטאן שטארק פערדריסען, ווארום דער מאן אליין איז א זאָנ־דערבארער, זיין שיף איז א זאָנדערבארע און אלעס איז דאָ זאָנדערבאר און געהיימניספאָל, היינט ווער קען וויסען וואָס פאר א משוגענע קאפּריזען ער האָט אין זיך?

איך האָב דעם קאפּיטאן ניט געזעהן זייט אונזער בעזוך אויף'ן אינזעל סאנטאָרין. וועט מיך דער צופאל מיט איהם צוזאמענברייננגען נאָך אמאָל פאר אונזער אנטלויפען? איך האָב איהם יא געוואָלט נאָך אמאָל זעהן, אָבער אין דער זעלבער צייט האָב איך, וויא געזאָגט, מורא געהאט פאר אזא בעגעגניס. איך האָב זיך צוגעהערט אויב ער געהט ניט ארום אין זיין צימער, וואס האָט זיך נעגרענעצט מיט מיינעם, אָבער דאָרט איז געווען שטיל, וואהרשיינליך איז ער אנדערש וואו, אָדער פיליכט גאָר ניט אויף'ן שיף. זייט יענע נאכט, ווען איך האָב געזעהן וויא מען האָט פון דער "נאָטילוס" אוועקגענומען דעם קאָפער מיט גאָלד, בין איך געניינגט געווען צו גלויבען, אז קאפּיטאן נעמאָ האָט אירגענד וועלכע פערבינדונג מיט בעוואָהנער פון לאנד, אָבוואָהל ער אליין האָט עס דורכאויס אָבגעלייקענט. איך האָב אויך געגלויבט, אז ער פאָהרט אָפטמאָל ערגיץ אוועק אויף א געוויסע צייט, ווייל עס האָט געטראָפען, אז איך האָב איהם טעג און וואָכען אין דיא אויגען ניט אָנגעזעהן. וואוהין ער פאָהרט אין געהיים און צוליעב וועלכע צוועקען, דאָס האָב איך זיך ניט געקענט ערקלערען.

דיעזע אלע געדאנקען האָבען מיך אזוי אויפגעשטורמט, אז איך האָב איינ־פאך קיין אָרט זיך ניט געפונען. דער טאָג איז מיר אויסגעקומען אזוי וויא אונענד־ליך. פון גרויס אונגעדולד האָבען זיך מיר דיא שטונדען געצויגען זעהר לאנגזאם און יעדע מינוט, יעדע רגע איז מיר צו גרויס געוועזן.

דערטרונקען אין ים. ערגער וויא דעם טויט האָבען מיר יעדענפאלס ניט צו ער־וואַרטען. אַלזאָ מיט גאָטעס הילף, דיעזען אבענד!

נאָך דיעזע בעשטימטע ערקלערונג איז לענד ארויסגעגאנגען און איך בין געבליבען זיצען אין א גרויס פערלעגענהייט. ביז דאן האָב איך געגלויבט, אז אויב עס וועט אמאָל קומען דערצו וועל איך צייט האָבען צו איבערלייגען זיך, צו בעטראַכטען און בעשפרעכען דיא זאַך גרינדליך; יעצט אָבער איז עס גע־קומען אונערוואַרטעט און דער איינגעשפּאַרטער קענעדע'ר וויל גאָר ניט הערען און לאָזט זיך ניט אָבוועגדען פון זיין בעשלוס! און נאָך אַלעמען, וואָס האָב איך צו זאָגען דאגעגען? אז מען וויל זאָגען, איז ער דאָך גערעכט. לענד וויל אויסנוצען א גוטע געלעגענהייט צו בעפרייען זיך, מיין דיענער וויל עס אויך, היינט מיט וואָס פאר א רעכט קען איך זיי צוליעב מיינע פּערזענליכע אינטע־רעסען שטערען? און וואָס וועט זיין, אז מאָרגען וועט שוין דיעזע געלעגענהייט מעהר ניט זיין? וועלען דאָך מיינע קאַמעראַדען האָבען צו קלאָגען, אז איך האָב זייער גליק געשטערט און מיין אייגענער געוויסען וועט מיך אויך פּלאָגען, ווארום איך בין זיי אין וועג געשטאַנען.

וויא איך בין אזוי געזעסען און געטראַכט, האָט מיך פּלוצלונג א שטאַרקער גערויש פון דיא מאשינערי איבערציינגט, אז דיא שיף לאָזט זיך ארונטער אין דיא טיעפענים פון מעער.

איך בין פערבליבען אין מיין צימער. איך האָב זעהר ניט געוואָלט בעגעג־נען זיך מיט קאַפּיטאן נעמאָ, אום ער זאָל אויף מיין געזיכט ניט דערקענען וועל־גען וואָס איך דענק. מיר האָט אויסגעוויזען אז מען קען אויף מיין פּנים לעזען מיינע געדאנקען און איך האָב עפּעס געפיהלט א מין מורא.

דעם גאנצען טאָג האָב איך פערבראַכט אין טרויעריגע געדאנקען. מיר איז געווען זאָנדערבאר אומעטיג אויף'ן הארצען. מיר האָט זיך נאַטירליך געוואָלט זיין א פרייער מענש, דאגעגען אָבער האָב איך גרויס חשק געהאט צו זעהן נאָך וואונדער אויף'ן גרונד פון ים און איך האָב געזשאלעוועט פערלאָזען דיא "נאָ־טילוס". איך האָב דאמאָלס אליין ניט געוואוסט וואָס צו ווינשען. איין מאָמענט האָב איך געוואונשען, אז אירגענד וועלכער צופאל זאָל צושטערען לענד'ס פּראָ־יעקט און אין צווייטען מאָמענט איז מיר פערקעהרט ארויפגעקומען אויף'ן גע־דאנק, אז קירצליך וועל איך און מיינע קאַמעראַדען זיין פרייע מענשען און איך האָב זיך געשעצט גליקליך איבער גליקליך. זייט איך בין געווען אויף דער "נאָטילוס" האָב איך נאָך ניט געהאט אזא שלעכטען טאָג וויא דאמאָלס

צוויי מאָל בין איך אריינגעגאנגען אין זאאל, אום דעם קאָמפּאַס צו בע־טראַכטען. איך האָב געוואָלט וויסען אויב דיא שיף דערווייטערט זיך פון ברעג. אָבער, ניין! דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען אין דיא פּאָרטוגעזישע וואסערען, נאָך דיא זעלבע ריכטונג. איך האָב געזעהן אז איך מוז זיך צוגרייטען צו דער

ערשט ביי דיא ברעגען פון פארטוגאל און מיר זיינען ניט ווייט פון פראנקרייך און ענגלאנד. ווען דיא "נאמילוס" וואלט ארויספאהרענדיג פון גיבראלטאר זיך בעגעבען נאך דרום זייט, דאן וואלטען מיר געוועזן האפענונגסלאז, ווייל מיר וואלטען פערשלעפט געווארען אין אזעלכע געגענדען, וואו קיין טרוקענע לאנד גיבט עס גאר ניט, אבער אין דיעזע ריכטונג וואו מיר פאהרען יעצט איז זעהר מעגליך, אז מיר זאלען אונזער פלאן קענען דורכפיהרען אין פערלויף פון איינינע טעג.

— מיר וועלען נאך דיעזע נאכט אויפטהאן! — האט זיך לענד אבגערופען.

איך בין זעהר איבערראשט געווארען הערענדיג דיעזע ווערטער. אבער איידער איך האב צייט געהאט צו זאגען עטוואס וועגען דעם, האט לענד פארט־געזעצט:

— מיר האבען געהאט אבגערעדט אבצואווארטען א ריכטיגע געלעגענהייט און ערשט האבען מיר עס. מיר וועלען דיעזען אבענד זיין גאר ניט ווייט פון שפאנישען ברעג. דיא נעכט זיינען יעצט דונקעל און דער ווינד טראגט גראדע ערשט נאך יענע ריכטונג. איך האב אייער ווארט, הערר ארנאקס, און איך רעכען, אז איהר וועט עס געוויס ערפילען.

איך האב דארויף גאר ניט געענטפערט. דער קענעדע'ר איז אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען נעהענטער צו מיר און האט געזאגט:

— אלזא דיעזען אבענד אום ניין אוהר. איך האב עס מיט קאנסייל שוין אבגערעדט. קאפיטאן נעמא וועט שוין דאן שלאפען אין זיין קאיוטע. קיינער פון דיא מאשיניסטען אדער מאטראזען וועט אונז ניט בעמערקען. איך וועל ארויסגעהן צו דיא מיטעלסטע טרעפ און איהר, הערר ארנאקס, זאלט פערבלייבען אין ביבליאטהעק און ערווארטען מיין סיגנאל. דיא קליינע שיפעל איז גרייט מיט רודער, מאסט און זעגעל. איך האב זאגאר א ביסעל שפייז אויף צוגעגרייט. איך האב מיר שוין אויך פערשאפט א שליסעל אבצושרויפען דיא שיפעל. אלעס איז אלזא ריכטיג פארבערייט פאר דיעזען אבענד.

— אבער דער ים איז היינט אונרוהיג און עס איז ריזיקאליש צו אונטער־נעהמען אזא זאך — האב איך איהם געפרובט אבווענדען.

— גאנץ ריכטיג! — האט לענד געענטפערט — אבער מיר מוזען דאך עטוואס ריזיקירען. פאר דיא פרייהייט איז ווערטה צו קעמפפען. אויב איהר ווילט זוכען זיכערהייט, דארפט איהר ווארטען ביז נעמא וועט אונז צופיהרען צו א ברעג און הייסען געהן. אבער אזא זאך, זאגט איהר דאך אליין, וועט קיינמאל ניט געשעהן. איבריגענס איז דא קיין גרויסע געפאהר. דיא שיפעל איז שטארק גענוג און זיא קען גאנץ לייכט און זיכער געטריבען ווערען איינינע מייל. אויב עס זאל אונז נור ריכטיג געלינגען, וועלען מיר צווישען צעהן און עלף אוהר שוין זיין אויף לאנד; טאמער וויעדער ניט, וועלען מיר ביז יענער צייט ליגען

וואוסט געוועז און היינט איז ער אן אונגעהייער גרויסע וואסער־פעלד, וועלכע דיא שיפען פון פיעלע נאציאָנען אקערען.

דיא "נאָטילוס" איז אין אטלאנטישען ים געלאָפען שנעל. מיר האָבען שוין ביז דאמאָלס, א משך פון דריי און א האלב מאָנאט, דורכגעמאכט א רייזע פון נאָהענט צו צעהן טויזענד ליגס (א ליג איז דריי מייל). דאָס איז א לענגערע שטרעקע וויא דער גאנצער ערד־קוגעל האלט ארום און ארום. וואוהין פאָהרען מיר ווייטער און צו וועלכען צוועק? דאָס איז פאר אונז געוועזן א געהיימניס.

נאָכדעם וויא מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פון דיא גיבראלטאר סטרייטס, איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען אין דער הויך אויף דער אָבערפלעכע פון ים און מיר האָבען טעגליך געקענט שפאצירען אויבען אויף'ן פלאטפאָרם.

איך בין ארויף פון אויבען צוזאמען מיט לענד און קאָנסייל. אומגעפעהר צוועלף מייל ווייט פון אונז איז געווען קוים צו בעמערקען דער שפאנישער האלב אינזעל סענט ווינסענט. א שטארקער דרום ווינד האָט געבלאָזען און אויפגע־הויבען מעכטיגע כוואליעס, וועלכע האָבען געשאָקעלט אונזער שיף אזוי שטארק, אז עס איז אונמעגליך געווען איינצוזיצען אויף אן אָרט. מיר זיינען דארום באלד צוריק ארונטערגעגאנגען, נאָכדעם וויא מיר האָבען זיך ערקוויקט מיט פרישע לופט פון ים.

איך בין אריין אין מיין צימער. קאָנסייל איז אוועק אין זיין קאיוטע און לענד האָט מיר נאָכגעפאָלגט מיט א מינע פון פערלעגענהייט, אזוי וויא ער זאָל וועלען עטוואָס וויכטיגעס זאָגען, אָבער ער קען זיך ניט בעשליסען, אויב ער זאָל עס זאָגען אָדער ניט. דיא שנעלע רייזע איבער דעם מיטעללענדישען מעער האָט צושטערט זיינע פלענער וועגען אנטלויפען און ער איז דארום געווען זעהר צו־טראָגען. באלד וויא דיא טהיר פון מיין צימער האָט זיך געשלאָסען, האָט זיך לענד אוועקגעזעצט און א בליק געגעבען אויף מיר, אזוי וויא ערווארטענדיג, איך זאָל איהם עפעס פרעגען, אום ער זאָל מיט מיר קענען א געשפּרעך פערפיהרען.

איך האָב פערשטאנען וועגען וואָס ער וויל רעדען. איך האָב איהם צוליעב געטהאָן און בין דער ערשטער ארויס מיט לשון.

— נו, פריינד לענד — האָב איך זיך אָבגערופען — איך פערשטעה וואָס איהר ווילט זאָגען, אָבער איהר קענט דאָך קיינעם ניט בעשולדיגען. ביי אזא פאָהרען וויא דיא "נאָטילוס" איז דורכגעפאָהרען דעם מיטעללענדישען מעער וואָלט גאָר געווען נאריש זאָגאר צו דענקען וועגען אזעלכע פּראָיעקטען.

לענד האָט אַלץ געשוויגען. זיינע צוזאמענגעפּרעסטע ליפּען און דער גאנצער אויסדרוק פון זיין געזיכט האָבען בעוויזען, אז זיין זינען און טראַכטען איז נור וועגען איין זאַך.

— איבריגענס איז נאָך קיין זאַך ניט פערלאָרען! — האָב איך פאָרטגע־זעצט — מיר האָבען נאָך צייט צו דענקען און צו בעטען... בטען. מיר פאָהרען

גליקטע שיפען, וועלכע זיינען געלעגען אויף'ן גרונד אין פערשיעדענע פאזי־ציאָנען. עס האָט געשווידערט צו קוקען אויף דיא דאָזיגע חורבות.

דעם 18טען פעברואר גאנץ פריה זיינען מיר אָנגעקומען צו דיא סטרייטס פון גיבראלטאר — א שמאָלער וואסער וואָס פעראייניגט דעם מיטעללענדישען מעער מיט'ן אטלאנטישען אָקעאן. דאָרט גיבען עס צוויי שטראָמען: אן אויבערשטער און אן אונטערשטער. דער אויבערשטער שטראָם טראָגט דאָס וואסער פון דעם אטלאנטישען אָקעאן אין מיטעללענדישען מעער. אָבער גאנץ אונטען ציהט זיך פערקעהרט א רייסענדער שטראָם פון מיטעללענדישען ים נאָך'ן אטלאנטיק. דאָס איז איינע פון דיא מערקווירדיגסטע נאטור־ערשיינונגען. אויבען לויפט דאָס וואסער אין איין ריכטונג און אונטען פונקט אין דער געגענזייטיגער ריכטונג. קיינער אויסער אונז האָט נאטירליך דעם אונטערשטען שטראָם ניט געזעהן, ווייל קיינער איז דאָך דורך איהם ניט געפאָהרען. דאָך צווייפעלט קיינער ניט, אז אזא שטראָם עקזיסטירט, ווייל זאָנסט וואָלטען דיא מאסען וואסערען, וואָס פלייצען אריין אין מיטעללענדישען מעער, איהם געדארפט פון צייט צו צייט גרעסער מאכען, פאקטיש איז עס אָבער ניט אזוי, און מען פערשטעהט דארום, אז עס גיט ערגיץ אן אונזיכטבארער שטראָם, וואָס פיהרט ארויס צוריק דיא איבעריגע וואסער פון דיעזען מעער.

מיט דיעזען אונטערשטען שטראָם איז דיא „נאָטילוס" שנעל דורכגעלאָפען דעם שמאָלען וואסער. איך האָב פאָהרענדיג געהאט דיא געלעגענהייט צו כאפען א בליק אויף דיא רואינען פון דעם שעהנעם הערקולעס־טעמפעל, וועלכער איז, לויט וויא פליניוס בעשרייבט, פערזונקען געוואָרען צוזאמען מיט'ן אינזעל, אויף וועלכען ער איז געשטאנען.

8טעם קאפיטעל

# דיא וויגאָ בוכטע

דער אטלאנטישער ים! א גרויסע וואסער שטרעקע וואָס פערנעהמט פינף און צוואנציג מיליאָנען קוואדראט מייל. לאנג איז ער ניין טויזענד און זיין ברייט איז דורכשניטליך צוויי טויזענד זיעבען הונדערט מייל.

דיעזער ים ווערט יעצט מעהר בעזוכט וויא אלע אנדערע אָקעאנען. דורך דיעזען ים פאָהרט מען פון אייראָפא נאָך אמעריקא. דער פערקעהר אויף זיינע וואסערען איז אונגעהייער גרויס, ווייל ער געפינט זיך צווישען פיעלע ציוויליזירטע לענדער, וועלכע זיינען פערבונדען איינע מיט דיא אנדערע אין האנדעל. אין דיעזען ים גיסען זיך אריין דיא גרעסטע טייכען פון דער וועלט, וויא צום ביישפיעל: דער סענט לאָורענץ, מיסיסיפי, אמאזאָן, פלאטא, ארינאָקאָ, ניגער, רהיין, עלבע און אנדערע. פערצייטען איז דיעזער וועלט־אָקעאן וויניג בע־

— זיי קענען גאָר ניט נוצען. א טויטען קערפּער, וואָס האָט פערלאָרען זיין איינענע ווארימקייט, קען דיא זונן צוריק ניט לעבעדיג מאכען. אויף דיעזען אופן וועט אויך אונזער ערד אמאָל אָבשטארבען. זיא וועט בלייבען א טרו־קענע מאסע, אָהן לעבען, אָהן בעוואָהנער, אזוי וויא דיא לבנה, וועלכע האָט שוין לאנג איהר לעבענס ווארימקייט פערלאָרען.

— און וויא לאנג דארף עס נאָך דויערן ביז יענע טויטע צייט וועט קומען?

— געוויס אייניגע הונדערט טויזענדע יאָהר, מיין ליעבער קאָנסייל.

— אויב אזוי, האָבען מיר דאָך נאָך גענוג צייט אונזער רייזע אויף דער "נאָטילוס" פאָרטצוזעצען, אויב נור נער לענד וועט עס ערלויבען! — האָט זיך מיין דיענער גענויצעלט.

ביי דיעזע ווערטער האָט קאָנסייל זיך אומגעקעהרט צוריק צום פענסטער און גענומען בעאָבאכטען דיא אינטערעסאנטע ערשיינונגען, וואָס האָבען זיך פאָרגעשטעלט אין דיא וואסער שיכטען. דיא "נאָטילוס" איז דערווייל אריבער־געשוואומען דיא גאנצע לענג פון דעם אונטערוואסערדיגען בארג.

דיא זעלבע נאכט איז אונזער שיף אריינגעשוואומען אין צווייטען בע־קען פון מיטעללענדישען מעער, וואו עס געפינען זיך דיא גרעסטע טיעפעני־סען פון צעהן טויזענד פוס און מעהר, אין וועלכע דיא "נאָטילוס" האָט זיך געהאלטען אין דיא גאנץ אונטערשטע שיכטען. קיין בעזאָנדערע מערקוויר־דיגקייט פון דער נאטור איז דאָרט ניט געווען צו זעהן, דערפאר אָבער האָט דער גרונד פון ים זעלבסט פאָרגעשטעלט ריהרענדע און פורכטבארע סצע־נעס. מיר האָבען דאָרט בעגעגענט מאסען פערראָסטעטע אָדער נייע שיפען רואי־נען, קאנאָנען, אנקערס, קוילען, פערשיעדענע שטיקער מאשינען, צילינדערס, קעסלען און אנדערע אייזערנע אינסטרומענטען, וואָס זיינען פערשלונגען גע־וואָרען אין דיא טיעפע וואסערען. און ווער האָט געקענט וויסען וויפיעל טויטע קערפּער פון מענשען עס זיינען געלעגען אונטער דיא רואינען אָדער וויפיעל אומגעקומענע קרבנות דער ים האָט שוין ארויסגעשווינקט, אָדער זיינען אויפגעפרעסען געוואָרען פון האי־פישען און אנדערע רויב־טהיערע?

יענע געגענד פון ים איז דיא געפעהרליכסטע, און דיא גרעסטע אונ־גליקען מיט שיפען פאסירען דאָרט. אין פערגלייך מיט'ן שטילען אָקעאן איז דיעזער מעער נור א קליינער טייכעל, אָבער דיא וועללען פון דיעזען טייכעל זיינען העכסט געפעהרליך. ווען זיי ווערען בייז קענען זיי דיא שטארקסטע שיף צושמעטערען אזוי לייכט וויא מען צוברעכט דיא שאָלאכץ פון א נוס.

וואָס נעהענטער מיר זיינען געקומען צום ענדע פון מיטעללענדישען מעער, ביי דיא סטרייטס פון גיבראלטאר, איז אלץ געווען מעהר צו זעהן פעראונ־

דענע פלוס־פעדערען. אויף דיעזע פישען זאגט מען, אז זיי בעגלייטען ישטענ־דיג יעדע שיף, אום צו בעשיצען זיך אין איהר שאטען פון דיא הייסע זונען־שטראהלען. איך האב ווירקליך אכטונג געגעבען און בעמערקט, אז דיעזע ברואים זיינען דורכאוים געשוואומען ביי דער זייט פון דער "נאטילוס", אזוי וויא זיי זאלען זיך פאר עפעס בעהאלטען. איך האב אויך בעמערקט איינינע זאנדער־בארע זויג־טהיערע, וואס לעבען אין יענע וואסערען און אויך מאנכע טהיער־פלאנצען.

אין אבענד פון 16טען פעברואר זיינען מיר געפאהרען צווישען סיציליען און דיא ברעגען פון טונים. אין יענע געגענד איז דא א פלאץ, וואו דער גרונד פון ים איז אזוי הויך, אז דאס וואסער פון אויבען איז בלויז ביי א פופציג פוס טיעף. דאס איז א מין לאנגער, שמאלער בארג אין מעער. ביי דיא זייטען פון יענעם פלאכען וואסער איז דער ים גאנץ טיעף. דיא "נאטילוס" איז דארט געשוואומען פארזיכטיג און לאנגזאם, אום זיא זאל זיך ניט אנשטויסען אן דעם אונטערוואסערדיגען בארג.

איך האב מיין דיענער קאנסייל געציינט אויף'ן קארטע, וואו יענער בארג איז בעצייכענט.

— וועט מיר דער העדר ערלויבען צו זאגען? — האט ער זיך אבגערור־פען — דאס איז דאך אלזא א פאס וואס טהיילט אב אייראפא פון אפריקא.

— יא, מיין פריינד! — האב איך געזאגט — עס איז ריכטיג. דיעזער אונטערוואסערדיגער בארג, אדער לאמיר עס רופען "וואנד" פערשפארט דעם קאנאל פון ליביען. וויא נאכפארשונגען בעווייזען זיינען אמאל דיעזע צוויי וועלט־טהיילען אייראפא און אפריקא אין דיעזע געגענד געווען פעראייניגט אין איין יבשה.

— מערקווירדיג! — האט זיך קאנסייל געוואונדערט — עס איז קוים צו גלויבען!

— נאך אזא וואנד — האב איך איהם ערקלערט — געפינט זיך צווישען גיבראלטאר און סעאוטא. מיט טויזענדע יאהרען צוריק האט יענער פעלז דעם מיטעללענדישען מעער אין גאנצען אבגעשלאסען.

— נו — האט קאנסייל געפרעגט — ווען עס זאל זיך מאכען א צופאל און וואולקאנישע קרעפטען זאלען ווידער דיעזע וואנד אויפהויבען?

— דאס איז ווייטלויפיג, קאנסייל. דו דארפסט וויסען, מיין פריינד, אז דיא וואולקאנען אין דער ערד ווערען אלע מאל שוואכער. דיא פייערען פון דאמאלס, ווען דער ערד־קוגעל איז נאך געווען אין זיין יוגענד, ווערען ביסלעכ־ווייז אויסגעלאשען און דיא טעמפעראטור אין דער ערד קיהלט זיך אב מיט יעדען יאהרהונדערט, און דערמיט פערלירט זיא אויך איהר לעבענס קראפט.

— און דיא זונען שטראהלען?

זיינען דעם 16טען פעברואר אין דער פריה אָבגעפאָהרען פון דיא גריכישע אינזלען און דעם 18טען, ווען דיא זונן האָט נור אָנגעפאנגען אויפצוגעהן איז שוין דיא "נאָטילוס" געשוואומען ביים גיבראלטאר, וואו דער מיטעללענדישער ים ענדיגט זיך.

וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז דער מיטעללענדישער ים, וואָס געפינט זיך צווישען פיעלע בעזעצטע לענדער, ניט געווען קיין אנגענעהמער אָרט פאר קאפיטאן נעמאָ, וועלכער האָט זיך בעהאלטען פון דער וועלט. דאָרט האָט איהם געפעהלט דיא פולע פרייהייט, דיא ברייטע מעגליכקייטען פאר זיינע אונטערנעהמונגען. ער האָט זיך ניט געוואָלט בעוויזען צווישען דיא נאָהענטע ברעגען פון אייראָפּא און אפריקא און ער האָט דארום דעם גאנצען וועג גע־טריבען זיין שיף מיט פולע שנעלקייט. מיין קאמעראד לענד האָט דאן אויפ־געגעבען זיינע פּראָיעקטען צו אנטלויפען, ווייל דאָס איז געווען א זאך, וואָס וואָלט פאר קיין פאל ניט געקענט דורכגעפיהרט ווערען. דיא "נאָטילוס" איז דורכאויס געשוואומען אונטער'ן וואסער און בלויז ביי נאכט פלעגט זיא ארויפקומען אין דער הויך אויף א קורצע צייט, אום פרישע לופט אָנצושעפּען.

איך האָב אלזאָ אויף'ן ים וויניג וואָס געקענט זעהן. איך האָב בלויז געהאט דיא מעגליכקייט צו כאפּען א בליק אויף דיא אלגעמיינע לאנדשאפט, אָבער צו בעטראכטען בעזונדערע געגענשטאנדען האָב איך קיין צייט געהאט, ווייל דיא שיף איז געלאָפען שנעל, און איידער איך האָב צייט געהאט צו בע־טראכטען עטוואָס, איז שוין יענע זאך פערשוואונדען געוואָרען פון מיינע אויגען. דאָך האָב איך שטעהענדיג ביי דיא גלעזערנע ווענד פון זאאל בעטראכט פערשיעדענע זאָרטען מערקווירדיגע פישען און ים־ברואים, וועלכע האָבען א קורצע צייט מיטגעשוואומען גלייך מיט אונזער שיף.

אין דיא וואסער שיכטען וואָס זיינען געווען העל בעלויכטען פון דעם עלעקטרישען ליכט פון דער "נאָטילוס", האָב איך געזעהן האי־פישען וואָס האָבען מאנעווורירט און נאָכגעיאָגט איינע דיא אנדערע; זעע־פוקסען, וועלכע בעזיצען א מערקווירדיגע קראפט אין זייערע לאנגע עקען; קליינע גאָלד־בראסען — א זעלטענע, קאָסטבארע זאָרט פיש, פון א זילבער לאזור־בלויען פארב מיט גאָלדענע רונד־רינגען ארום זייערע אויגען. פּראכטפאָלע שטער־פישען, ביז עטליכע און דרייסיג פוס לאנג, האָבען געקלאפּט מיט זייערע עקען אין דיא פענסטער פון שיף. זיי זיינען עהנליך צו האי־פישען, אָבער זיי זיינען ניט אזוי קרעפטיג. דער שטער־פיש ווערט געברויכט אלס שפּייז. מען עסט איהם פריש געקאָכט, געטריקענט, מארינירט אָדער געזאלצען, און אין אלע פאָרמען איז ער זעהר געשמאַק. אם בעסטען פון אלע האָב איך צייט געהאט צו בע־טראכטען דיא טהון־פישען מיט זייערע זילבער געפאנצערטע קערפּערס און גאָלד־

טראַצדעם וואָס דער זאאל איז אזוי פעסט פערמאכט געווען ארום און ארום, האָט זיך דאָך געשפירט א גערוך פון שוועבעל און עס האָט מיר פערכאַפּט דער אָטהעם. איך האָב געפיהלט אז עס שטיקט מיך און מיין גאנצער קערפער האָט זיך איינפאַך געבראָטען.

— איך קען דיעזע היץ לעננער ניט אויסהאלטען! — האָב איך צום קאפּיטאַן געזאָגט.

— און דיא "נאָטילוס" אויך ניט! — האָט נעמאָ געענטפערט.

אויף זיין בעפעהל, דורך א סיגנאל, האָט זיך דיא שיף אויסגעדרעהט און איז באלד ארויס פון דעם ברענענדען גלוטה. מיט א פיערטעל שטונדע שפּעטער איז דיא "נאָטילוס" געווען אין דער הויך אויף'ן וואסער. מיר זיינען ארויף אויף'ן דעק און זיך מיט פרישע לופט דערקוויקט.

אויף מאָרגען, דעם 16טען פעברואר האָבען מיר פערלאָזען דיא געגענד פון דיא גריכישע אינזלען וואו עס געפינען זיך אין ים טיעפעניסען אריבער ניין טויזענד פוס. מיר זיינען פערבייגעפאָהרען קייפּ מאטאבאן און פאָרטגע־זעצט אונזער רייזע וויטער.

7טעם קאפּיטעל

# דער מיטעללענדישער ים

דער מיטעללענדישער ים, דער ים הגדול, וויא ער ווערט גערופען אין העברעאיש, איז דורכשניטליך פון א בלויען קאָליר. זיינע ברעגען זיינען אין פיעלע געגענדען בעזעצט מיט אָראנדזשען, מירטען און אנדערע פּראכטפּאָלע און שמעקענדיגע ביימער. עס רינגלען איהם ארום הויכע בערג, וואָס זיינען געזעטיגט מיט ריינע, געזונדע לופט. אָבער אונטער זיין גרונד ארבייטען אונטערערדישע פייערען, אזוי וויא נעפּטון (דער גאָט פון ים, ביי דיא אלטע רוימער) זאָל מלחמה האלטען מיט פּלוטאָ'ן (דער גאָט פון גיהנום).

ביי דיא ברעגען פון דיעזען ים איז דער אנגענעהמסטער און געזונדסטער קלימאט פון דער וועלט. אָבער וויא שעהן און וויא פּראכטפאָל דיעזער מעער און זיינע אומגעגענדען זיינען, און כאָטש ער פערנעהמט א שטח פון זעקס מיליאָן סקווער פוס, דאָך האָב איך איהם ווייניג וואָס בעטראכט. זאָגאר דיא ברייטע ערפאהרונגען פון קאפּיטאַן נעמאָ האָבען מיר דאָ אויך ניט געהאָלפען, ווייל דיעזער מערקווירדיגער מאַן איז אזוי וויא פערשוואונדען געוואָרען און איך האָב איהם אין פערלויף פון דער צייט וואָס מיר זיינען דורכגעשוואומען דעם מיטעללענדישען מעער אין דיא אויגען ניט אָנגעזעהן.

אין אכט און פיערציג שטונדען צייט האָט דיא "נאָטילוס" דורכגעשני־טען דיעזען מערקווירדיגען ים, אויף א שטרעקע פון אומגעפעהר 600 מייל. מיר

— איז דאָס דער זעלבער וואולקאן, וואָס האָט זיך אין איינינע ערטער אויפגעהויבען פון גרונד ים און נייע אינזלען ארויפגעבראכט? — האָב איך געפרעגט — איך האָב געמיינט אז דיעזער וואולקאן איז שוין לאנג פערלאָשען.

— איהר זעהט דאָך אז ניט! — האָט נעמאָ געענטפערט — דיא פייערען אין דיא טיעפענים פון דער ערד אונטער'ן ים ארבייטען נאָך יעצט אויך. וויא דיא אלטע נאטור־פאָרשער און היסטאָריקער קאסיאָדאָרוס און פליניוס דערצעהלען, האָט זיך אין יאָהר 19 נאָך אונזער צייט־רעכנונג, אין דיא געגענד, וואו מיר געפינען זיך יעצט, אויפגעהויבען אן אינזעל, וועלכען מען האָט א נאָמען געגעבען טהעיא (דער הייליגער). יענער אינזעל איז אָבער באלד צוריק געזונקען צוזאמען מיט דיא אינזלען וואָס זיינען דאָ געוועזען פון פריהער און אין יאָהר 69 האָבען זיי זיך צוריק אויפגעהויבען. פון דאן אָן איז דאָ קיינע נייעס געשעהן ביז דעם יאָהר 1866. דעם דריטען פעברואר פון יענעם יאָהר האָט א וואולקאן אויפגעהויבען א נייעם אינזעל, וועלכען מען האָט א נאָמען געגעבען "געאָרג אינזעל", אָדער "דזשאָרדזש", וויא דער ענגלענדער דריקט עס אויס. מיט אייניגע טעג שפעטער האָט ארויסגעשפּראָצט דער אינזעל אפרעזא, בלויז א דרייסיג פוס ווייט פון דעם נעא קאמעני אינזעל און דאָס וואסער צווישען דיא צוויי אינזלען בילדען א שמאָלען קאנאל. דער אפרעזא אינזעל, וועלכער איז געוועזען גאנץ קליין איז בעשטאנען פון לאווא און שטיקער שטיינער. דעם צעהנטען מארטש פון זעלבען יאָהר האָט א וואולקאן ארויפגעבראכט נאָך א קליינעם אינזעל, וועלכען מען האָט גערופען רעקא. דורך דער צייט זיינען דיא דריי אינזלען פעראייניגט געוואָרען און עס איז פון זיי געוואָרען איין אינזעל. איך בין גראדע געוועזען אין דיעזע וואסערען ווען יענע דריי אינזלען האָבען זיך געבילדעט און איך האָב געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהן און צו בעטראכטען דיעזע מערקווירדיגע נאטור־ערשיינונג.

— און דאָס איז דער זעלבער קאנאל אין וועלכען מיר געפינען זיך יעצט?

— האָב איך געפרעגט.

— זעהר וואהרשיינליך, הערר אראָנאקס! — האָט נעמאָ געענטפערט — עס האָבען שוין א סך אזעלכע פעלע פּאסירט און עס איז זעהר מעגליך, אז דיא צוויי קאמעני אינזלען זאָלען זיך פעראייניגען. אין שטילען מעער בילדען זיך אינזלען דורך דיא ארבייט פון קליינע קאראלען־טהיערע און דיא זעלבע ארבייט טהוט דאָ דער אונטערערדישער פייער.

איך האָב זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער גלעזערנער וואנד. דיא שיף האָט זיך דאן אָבגעשטעלט און דיא היץ איז געוואָרען אלץ שטארקער און שטארקער. איך האָב דורכ'ן פענסטער געזעהן וויא רויטע זיילען פליהען דורך'ן וואסער, וואָס האָט געהאט א העלען פאָספאָר קאָליר. דיא ים פלאמען האָבען פערדונקעלט דיא עלעקטרישע לייכטונג פון דער "נאָטילוס", און

דער לופט. דער מאַנאָמעטער צייגט, אז מיר פאָהרען זעכציג פוס טיעף אונ־טער'ן וואסער, היינט וויא קומט דאָרט אזא היץ?

איך האָב א היבשע ווײלע גערוהט און נאכהער געוואָלט נעהמען זיך צוריק צו מיין ארבייט, אָבער דיא היץ האָט פון מינוט צו מינוט געשטיגען און עס איז געוואָרען אונערטרעגליך אזוי, אז איך האָב דיא פעדער ניט געקענט האלטען.

— פילייכט ברענט דיא שיף? — האָב איך זיך אליין געפרעגט — אָבער וויא אזוי קען זיא ברענען אין וואסער?

איך האָב זיך אויפגעהויבען און געוואָלט ארויסגעהן. פלוצלונג איז קאפּי־טאן נעמאָ אריינגעקומען, האָט א קוק געטהאָן אויף'ן טערמאָמעטער און זיך אָבגערופען:

— יא, עס איז שוין צוויי און פערציג גראד היץ.

— איך שפיר עס שוין גוט, העדר קאפּיטאן! — האָב איך געזאָגט — און אויב דיא טעמפּעראטור וועט נאָך שטייגען, ווייס איך ניט וויא אזוי מיר וועלען עס איבערטראָגען.

— אָה, העדר פּראָפעסאָר, דיא היץ וועט שטייגען נור דאן, אויב איך וועל עס וועלען.

— איהר קענט אלזאָ פערטרייבען דיעזע הייסע טעמפּעראטור?

— ניין. אָבער איך קען פון איהר אנטלויפען.

— קומט זיא דען פון דרויסען?

— געוויס! מיר פאָהרען יעצט דורך קאָכעדיגע וואסער.

— ווירקליך? — האָב איך ערשטוינט געפרעגט.

— קוקט, וועט איהר זעהן! — האָט נעמאָ געענטפערט.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך דיא אייזערנע וואנד פונאנדער גערוקט און איך האָב דורך'ן פענסטער געזעהן וויא דאָס וואסער ארום שיף איז אויסגעמישט מיט א העלען רויך און עס קאָכט און זידט אזוי וויא אין א קעסעל. איך האָב צוגעלייגט א האנד צום פענסטער, אָבער איך האָב זיא באלד צוריק אָבגעכאפּט, ווייל דיא שויב איז געווען אזוי היים, אז מיינע פינגער זיינען שיער צוברענט געוואָרען.

— וואו זיינען מיר דאָ? — האָב איך געפרעגט אין שרעק און ערשטוי־נען.

— ניט ווייט פון דעם גריכישען אינזעל סאנטארין, מיין העדר — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט — גראדע אין דעם קאנאל וואָס ציהט זיך צווי־שען דיא אינזלען נעא קאמעני און פאלי קאמעני. איך האָב אייך געוואָלט צייגען דיא מערקווירדיגע ערשיינונג פון א ברענענדען וואולקאן אונטער'ן ים.

געשלאָפען. דיא סצענעס מיט דעם אונבעקאנטען שווימער און מיט דעם קאסטען גאָלד זיינען מיר פון זינען ניט ארויס און איך בין געלעגען און נור געטראכט וועגען דעם. וויא איך האָב פערשטאנען, האָט דער שווימער א שייכות מיט'ן אוצר, אָבער וואָס פאר א שייכות זיי האָבען, דאָס האָב איך ניט גע־קענט בעגרייפען. איך האָב פלוצלונג בעמערקט, אז דיא "נאָטילוס" הויבט זיך אויף פון דיא טיעפענים פון ים און שווימט ארויף אין דער הויך.

איינינגע מינוטען שפעטער האָב איך דערהערט שטארקע טריט אויף'ן פלאטפאָרם. באלד נאָכדעם האָב איך געהערט וויא מען שרויפט אָב דיא קליינע שיפעל פון דעק און וויא מען לאָזט זיא ארונטער. דיא שיפעל האָט זיך גע־קלאפט אָן דער וואנד פון דער "נאָטילוס", ביז זיא האָט זיך ארונטערגעלאָזט אין וואסער, דאן איז אלעס שטיל געבליבען.

צוויי שטונדען שפעטער האָב איך געהערט דעם זעלבען גערויש וויא מען געהט אום אין דער הויך אויף'ן דעק. נאכהער האָט מען דיא שיפעל צוריק ארויפגעצויגען, צוגעשרויפט צוריק צו איהר פלאץ און דאן האָט זיך דיא שיף צוריק ארונטערגעלאָזט אין דיא טיעפענים.

עס איז שוין ביי מיר קיין צווייפעל ניט געווען, אז דיא מיליאָנען ווערטה גאָלד איז טראנספאָרטירט געוואָרען. אָבער וואוהין? נאָך וועלכע געגענד? מיט וועמען שטעהט קאפיטאן נעמאָ אין אזעלכע פערבינדונגען? דאָס זיינען געווען פראגען, אויף וועלכע עס איז מיר אונמעגליך געווען אירגענד וועלכע ערקלערונג צו געבען.

אויף מאָרגען פריה האָב איך פאר מיינע קאמעראדען לענד און קאָנסייל דערצעהלט פון דיא מערקווירדיגע געשעהעניסען פון דער פאָריגער נאכט. זיי זיינען ביידע העכסט ערשטוינט געוואָרען.

דער קענעדע'ר האָט זיך ניט געקענט אָבוואונדערען און ער האָט איי־ניגע מאָל איבערגעפרעגט: "וואו נעהמט ער עס אזוי פיעל מיליאָנען?" איך האָב דערויף קיין אנטוואָרט ניט געקענט געבען, ווייל איך האָב וועגען דעם ניט געוואוסט מעהר פון איהם.

איך האָב אָבגעגעסען פריהשטיק און איך בין אריין אין זאאל צו מיין ארבייט. ביז פינף אוהר בין איך בעשעפטיגט געווען מיט מיינע נאָטיצען און שריפטען אין אָרדנונג צו ברייננגען. דאן האָב איך פלוצלונג אָנגעפאנגען צו שפירען אזא גרויסע היץ, אז מיין גאנצער קערפער איז מיט שווייס אָבגעגאָסען געוואָרען און איך האָב געמוזט דעם ראָק פון זיך אראָבווארפען. איך האָב ניט געקענט בעגרייפען פון וואנען דאָס האָט זיך מיט אמאָל גענומען. מיר זיינען דאָך ניט געווען אין קיין הייסע געגענד, און זאָגאר אין דיא הייסע געגענדען דארף מען אויך אונטער'ן וואסער ניט פיהלען דיא הייסע טעמפעראטור פון

געענטפערט מיט א וואונק. ער איז דאן ארויפגעשטיגען אין דער הויף און איז פערשוואונדען געוואָרען.

— איהר האָט געמיינט אז ער טרינקט זיך? — האָט דער קאפּיטאן צו מיר נאָכדעם געזאָגט — דאָס איז דער וואוילבעריהמטער טויכער און שווימער ניקאָ־לאָס פון קייפּ מאטאפּאן. ער לעבט מעהר אין וואסער וויא אויף'ן לאנד. ער געהט זאָגאר אונטער'ן וואסער פון איין אינזעל צום אנדערען.

— און איהר קענט איהם, הערר קאפּיטאן? — האָב איך געפרעגט.

— געוויס, הערר אראָנאקס, קען איך איהם.

אזוי רעדענדיג איז נעמאָ צוגעגאנגען צו א שראנק ביים לינקען זייט פון פענסטער. דאָרט איז געשטאנען א גרויסער קאסטען פעסט בעשמידט מיט אייזען. אויף זיין דעקעל איז געווען דער אויפשריפט, וואָס איך האָב געזעהן אויף אלע כלים פון שיף: **Mobilis in Mobili**

ניט בעמערקענדיג אז איך שטעה דערביי, האָט דער קאפּיטאן אויפגע־עפענט דעם קאסטען, וועלכער איז געווען אָנגעפילט מיט לאנגע שטיקלאך גאָלד. איך האָב זיך ניט געקענט ערקלערען, וואו דער קאפּיטאן האָט גענומען דיא דאָזיגע אוצרות און וואָס וויל ער יעצט דערמיט טהאָן?

איך האָב א וואָרט ניט גערעדט און געוואַרט צו זעהן דיא ענדע וואָס דאָ וועט זיין. דער קאפּיטאן האָט דיא גאָלד־שטאנגלאך ארויסגענומען איינע נאָך דיא אנדערע און האָט זיי רעגעלמעסיג איינגעפּאקט אין א קאָפער. נאָך מיין אָבשאצונג האָט ער אהין אריינגעפּאקט ביי א פיער טויזענד פונט גאָלד, וואָס איזווערטה 200,000 פונט סטערלינג אויף ענגלישעם געלד.

דער קאָפער איז פעסט פערשלאָסען געוואָרען און קאפּיטאן נעמאָ האָט אויף'ן דעק אויפגעשריבען אן אדרעס, אויף א שפּראך, וועלכע האָט געשיינט צו זיין נייע־גריכיש. דאן האָט ער א דריק געטהאָן אן עלעקטרישען קנאָפּ, גע־בענדיג דורך דעם א סיגנאל אין דיא מאטראָזען־קאיוטע. אין א פּאָר מינוטען ארום זיינען אריינגעקומען פיער מאטראָזען, וועלכע האָבען מיט גרויס מיה ארויסגעטראָגען דעם קאָפער פון זאאל. נאָכדעם האָב איך געהערט וויא מען האָט איהם מיט שטריק געשלעפּט איבער'ן לייטער וואָס פיהרט צום דעק.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך דער קאפּיטאן געווענדעט צו מיר און גע־זאָגט:

— און וואָס האָט איהר מיר געוואָלט זאָגען, הערר פּראָפעסאָר?

— קיין זאך ניט! — האָב איך געענטפערט.

— דאן ערלויבט מיר אייך גוטע נאכט צו ווינשען.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער פערלאָזען דעם זאאל.

איך בין אויך באלד אוועק אין מיין צימער און איך האָב זיך געלייגט שלאָפען. אָבער אויס איבערראשונג האָב איך דיא גאנצע נאכט זעהר ווייניג

ווייל איך האָב ניט געגלויבט, אז ער זאָל עטוואָס וויסען וועגען דעם, און צווייטענס, ווייל ער איז עפּעס געווען אונרוהיג און פערטיעפט אין געדאנקען, און שטערען איהם, וואָלט הייסען אריינברייננגען איהם אין כעס — א זאַך וואָס איך האָב שטענדיג געזוכט אויסצומיידען. אויף נעמאָ'ס בעפעהל זיינען דיא אייזערנע לאָדען פונאנדערט גערוקט געוואָרען. איך האָב זיך אוועקגע־זעצט ביים פענסטער און האָב ארויסגעקוקט אין ים, וואו פערשיעדענע פישען און ים־טהיערע זיינען אומגעשוואומען.

צווישען אנדערע זאָרטען פיש האָב איך דאָרט געזעהן איינינע, אויף וועלכע איך האָב געשענקט מעהר אויפמערקזאמקייט, וויא צום ביישפּיעל זאק־פלאָסען, וואָס זיינען מערקווירדיג מיט דעם פאָספאָר ליכט פון זייער קערפּער; מעער־בראסען, וועלכע דיא עגיפּטער האָבען אמאָל פערגעטערט און האָבען געגלויבט, אז ווען דיזער פיש בעווייזט זיך אין טייך נילוס שטיינט אין איהם אויף דאָס וואסער און ער טרינקט אָן דיא פעלדער; רימאָורען (שיפּס־האלטער אויף דייטש), א קליינער זאָרט פיש, אויף וועלכע מען האָט פערצייטען געגלויבט, אז איינער פון זיי איז אימשטאנד אָבצוהאלטען א גרויסע שיף, ווען ער הענגט זיך אָן אויף'ן רודער. פון דיזען פיש דערצעהלט מען א לעגענדע, אז ער האָט אמאָל געהאָלפען געווינען א קריעג צווישען צווי פעלקער, ווייל ער האָט אָבגעהאלטען דיא שיף פון שונא. אויף וואָס פאר א קליינינקייט דער שיקזאל פון נאציאָנען איז אמאָל געהאנגען! איך האָב דאָרט אויך געזעהן פערשיעדענע אנדערע מערקווירדיגע בעשעפעניסען און איך האָב מיינע אויגען ניט געקענט אָבווענדען פון דיא סצענעס אין וואסער.

פּלוצלונג בין איך געבליבען זיצען אין דער גרעסטער ערשטוינונג. איך האָב דערזעהן אין מיטען וואסער, אויף'ן גרונד פון ים, דיא געשטאלט פון א הויכען מאן אין געוועהנליכע וואסער־קליידונג, מיט א ברייטען לעדערנעם גארטעל אויף זיינע לענדען. ביים ערשטען בליק האָב איך געגלויבט, אז דאָס איז דער טויטער קערפּער פון א דערטרונקענעם, וועלכען דער שטראָם טרייבט ארום, אָבער איך האָב זיך באלד איבערציינגט, אז דאָס איז א לעבעדיגער מענש. איך האָב דייטליך געזעהן אז ער רודערט שנעל מיט זיינע הענד און ער קומט אלין נעהענטער צו אונזער שיף.

— ווער קען דיעזער מאן זיין? — האָב איך זיך צום קאפּיטאן געווענ־דעט — פיליירכט דאַרף מען איהם רעטען?

נעמאָ איז פערבליבען שטעהן קוקענדיג אין פענסטער און ער האָט מיר קיין אנטוואָרט געגעבען. דער אונבעקאנטער איז דערווייל צוגעקומען צום שיף און האָט צוגעדריקט זיין געזיכט צום שויב, אזוי וויא ער זאָל יעמאנדען זוכען מיט זיינע בליקען. צו מיין גרויס איבערראשונג האָב איך געזעהן אז נעמאָ האָט צו איהם געמאכט צייכענס מיט'ן האנד און דער פרעמדער האָט איהם

— וועל איך אייך זאָגען, אז אייער זיכערע געלעגענהייט וועט קיינמאָל ניט קומען!

— פארוואָס ניט?

— איינפאך דערפאר, ווייל קאפיטאן נעמאָ האָט אויך שכל. ער ווייס גאנץ גוט, אז מיר ווילען ניט זיין קיין אייביגע געפאנגענע און ער וועט שוין אויף אונז אכטונג געבען. איהר מעגט זיכער זיין, אז דיא "נאָטילוס" וועט קיינמאָל ניט צופאָהרען נאָהענט צו א ברעג, איבערהויפּט דאָ, אין דיא איי־ראָפּעאישע וואסערען.

— דאָס ווילען מיר נאָך זעהן! — האָט לענד געענטפערט מיט ענט־שלאָסענהייט.

— און פון יעצט אָן, לענד — האָב איך געזאָגט — ווילען מיר מעהר וועגען דעם קיין איינציגען וואָרט פערלירען. ווען איהר וועט האָבען עטוואָס אויפגעטהאָן א פערטיגע זאך, דאן קומט און לאָזט אונז וויסען. איך פערלאָז מיך אין גאנצען אויף אייך.

דערמיט האָט זיך געענדיגט אונזער געשפּרעך, פון וועלכען עס זיינען אין א קורצע צייט ארום ארויסגעקומען זעהר וויכטיגע רעזולטאטען. צו לענד'ס גרויסע פערצווייפלונג האָבען מיינע ווערטער זיך קירצליך בעוויזען אלס זעהר ריכטיגע. עס איז שווער געווען צו זאָגען, אויב קאפיטאן נעמאָ האָט אונז ווירקליך ניט געטרויט, אָדער ער האָט זיך אויף דיעזען פּיעל בעזוכטען מעער געוואָלט היטען פון גרויסע שיפען פון פערשיעדענע לענדער, אָבער יערענפאַ־ס האָט ער דיא שיף שטענדיג געהאלטען אונטער'ן וואסער און גאנץ ווייט פון אירגענד וועלכען ברעג. אָפטמאָל פלעגט דיא "נאָטילוס" זיך ארונטער־לאָזען ביי א זעקס טויזענד פוס טיעף און קיין גרונד האָבען מיר אלץ ניט דער־גרייכט.

דעם פיערצעהנטען פעברואר בין איך אריין אין זאאל, ווייל איך האָב גרויס לוסט געהאט צו בעטראכטען דיא מינים פיש פון דיעזען מעער. אָבער דיא לאָדען פון דיא פענסטער זיינען, צו מיין בעדויערען, געווען פערשלאָסען. קוקענדיג אויף דער קארטע האָב איך געוואוסט, אז מיר פאָהרען נאָך דיא ריכטונג פון אינזעל קאנדיא, וועלכער איז צו יענער צייט, ווען איך בין אָבגע־פאָהרען פון ניו יאָרק אויף דער פריגאטע "אייברעהעם לינקאָלן", געשטאנען אין רעוואָלוציאָן, אום זיך צו בעפרייען פון דער דעספּאָטישער הערשאפט פון טערקיי. וואָס פון דער רעוואָלוציאָן איז געוואָרען, האָב איך נאטירליך ניט געקענט וויסען. קאפּיטאן נעמאָ, וועלכער איז געווען אָבגעזונדערט פון דער וועלט, האָט געוויס אויך וועגען דעם גאָר ניט געוואוסט.

ווען דער קאפּיטאן איז שפּעטער געקומען אין זאאל, האָב איך מיט איהם ניט געוואָלט פערפיהרען קיין געשפּרעך וועגען יענער רעוואָלוציאָן; ערשטענס,

—גאנץ ריכטיג, הערר אראָנאקס. דאָס הייסט קלוג גערעדט.

— נור איין זאך וועל איך אייך בעמערקען, פריינד לענד, און זעהר א וויכטיגע. איהר מוזט ניט פערגעסען, אז אונזער אונטערנעהמונג צו אנטלויפען מוז פריהער גוט אויסגערעכענט ווערען, אז זיא זאָל דורכאויס גליקען. אין פאל דאָס וועט ניט געלינגען און מיר וועלען האָבען א דורכפאל, דאן וועלען מיר זיך מעגען געזעגענען מיט אונזער פרייהייט אויף אייביג. קאפיטאן נעמאָ וועט עס אונז קיינמאָל ניט פערצייהען און ער וועט זיכער זוכען ראכע.

— גאנץ ריכטיג. איך שטים מיט אייך איין. דיא הויפט זאך איז אלזאָ דיא פאָרזיכטיגקייט, אָבער ניט דיא צייט. זאָגט זשע מיר, הערר פראָפעסאָר, ווען עס זאָל זיך מאכען א זיכערע געלעגענהייט דערצו, איז ביי אייך אויך רעכט היינט, מאָרגען אָדער איבערמאָרגען דיא זאך דורכצופיהרען?

— יא, אָבער איך וויל איהר זאָלט מיר פריהער ערקלערען, וואָס הייסט ביי אייך א זיכערע געלעגענהייט?

— ווען, צום ביישפיעל, דיא "נאָטילוס" זאָל קומען גאנץ נאָהענט צו אן אייראָפּעאישען ברעג.

— נו, מיינט איהר, אז מיר זאָלען זיך דאן אראָב'גנב'ענען פון שיף און זיך רעטען דורך צושווימען צום ברעג?

— יא, דאָס איז מיין אידעע. נאטירליך ווען דיא שיף וועט זיין ווייט פון ברעג אָדער אפילו נאָהענט, אָבער אונטער'ן וואסער איז ניטאָ וואָס צו דענקען דאריבער; ווען אָבער זיא וועט שטעהן אויבען אויף'ן וואסער און נאָהענט צום ברעג, וועט עס אונז זיין אזוי לייכט אויסצופיהרען אזוי וויא ארויסציהען א האָר פון מילך. און ווייסט איהר וואָס נאָך מיר איז ערשט אויף'ן געדאנק געקומען? איך וועל זעהן געפינען א געלעגענהייט ארונטער־צונעהמען אונבעמערקט דיא קליינע שיפעל פון דעק, מיר וועלען זיך אלע אריינזעצען אין איהר און מיר זיינען גערעטעט. נאטירליך, קען מען זיך ניט אונטערשטעלען צו טהאָן אזא זאך בייטאָג, אָבער ביינאכט, ווען דיא לייטע פון שיף שלאָפען, קען מען עס מאכען.

— גוט, הערר לענד. פרובירט, אָבער געדענקט וואָס איך האָב אייך גע־ווארנט, אז אין פאל איהר וועט דורכפאלען, וועט עס אויף אונז אלע דעם גרעסטען אונגליק ברייגנען, ווייל דער קאפיטאן וועט זיך מיט אונז אָברעכע־נען דערפאר. געדענקט, האָט עס אין זינען.

— איך וועל ניט פערגעסען, מיין הערר.

— ווילט איהר ערשט, פריינד לענד, וויסען וואָס מיין מיינונג איז וועגען אייער פּראָיעקט?

— גאנץ געוויס, הערר אראָנאקס.

כע מיר ווע̇לען קענען אויסנוצען, אויב ניט היינט, איז רעכט אפילו אין א האלב יאָהר ארום.

— אָבער וואו ווע̇לען מיר שוין דאמאָלס זיין, הערר נאטור־פאָרשער? — האָט זיך לענד געערגערט.

— פיליכט דאָ, פיליכט אין כינא, דאָס מאכט גאָר ניט אויס. איבער־הויפט שפיעלט דיא פראגע פון "וואו" גאָר קיין ראָלע ניט ביי אזא שיף וויא דיא "נאָטילוס", וועלכע פליהט דורך אָקעאנען אזוי וויא א שוואלב דורך דיא לופט. וואָס קענט איהר וויסען? פיליכט ווע̇ט אונז דיא שיף קירצליך בריי־נגען צו דיא ברעגען פון פראנקרייך, ענגלאנד אָדער אמעריקא, דאן ווע̇ט דאָך זיין פיעל בעקוועמער און לייכטער צו אנטלויפען וויא יעצט.

— הערר אראָנאקס! — האָט זיך נעד לענד אָבגערופען — אויף אזעלכע נסים קענען מיר זיך ניט פערלאָזען. איהר זאָגט אימער: פיליכט ווע̇לען מיר זיין דאָ, פיליכט ווע̇לען מיר זיין דאָרט, און איך ענטפער דאָ־געגען: אָט מיר זיינען דאָ און מיר זאָלען דיא מעגליכקייט שוין אויסנוצען. צו וואָס אָבלייגען? צו וואָס ווארטען? איהר האָפט, אז מיר וועלען אמאָל קומען צו א ברעג אין פראנקרייך, ענגלאנד אָדער אמעריקא — און וואָס ווע̇ט זיין אז ניט? און וואָס ווע̇ט איהר טהאָן אז אייער משוגענער קאפּיטאן ווע̇ט אונז פערפיהרען אין אזא פּלאַץ פון ווע̇לכען מיר ווע̇לען זיך קיינמאָל ניט קענען רעטען?

איך האָב ווירקליך ניט געהאט וואָס צו ענטפערען דאראויף.

— מיין הערר — האָט לענד ווייטער גערעדט — איך וויל איינמאָל פאר אלע מאָל וויסען אייער ריכטיגע מיינונג און איך שטעל אייך דיא פאָלגענדע פראגע: לאָמיר אָננעהמען, אז קאפּיטאן נעמאָ וויל אונז היינט בעפרייען, וואָלט איהר צופריעדען געוועזען זיין שיף צו פערלאָזען?

— איך ווייס ניט! — האָב איך קורץ געענטפערט.

— נאָך מעהר: ווען ער זאָל צום ביישפּיעל זאָגען, אז ער גיט אונז היינט דיא ברירה, ענטוועדער צו געהן באלד, אָדער צו פערבלייבען אויף אי־מער געפאנגען אויף זיין שיף, וועלכע פון דיעזעביידע זאכען וואָלט איהר אָננע־נומען?

— פריינד לענד, איך מוז צוגעבען, אז פון אייער שטאנדפונקט האָט איהר פיליכט רעכט וואָס איהר ווילט פון דער "נאָטילוס" בעפרייט ווערען, ווייל איך איז דיא וויסענשאפטליכע אינטערעסע פון דער רייזע אונבעגרייפ־ליך, אָבער פאר מיר איז דיא זאך גאָר אנדערש. וואָס אָנבעלאנגט דעם קאַ־פּיטאן, זאָג איך אייך נאָך אמאָל, אז ער ווע̇ט אונז מיט'ן גוטען ווילען קיינמאָל ניט בעפרייען. דארום מוזען מיר נאטירליך טראכטען וויא אזוי מיר זאָלען עס ווען עס איז קענען דורכפיהרען געגען זיין ווילען.

געהיימניסע אויף'ן גרונד פון ים" צו פערבעסערען. האב איך דען געקענט האפען צו האבען נאך אמאל אזא גלענצענדע געלעגענהייט דיא ימים און זייערע טיעפעניסען צו בעאבאכטען? געוויס ניט! איך האב דארום ניט גע־קענט איינשטימען דיא " נאטילוס" צו פערלאזען איידער אונזערע פארשונגען זיינען געענדיגט.

— פריינד לענד — האב איך מיין קאמעראד געפרעגט — זאגט מיר דיא ווארהייט, איז אייך שוין טאקי איבערדריסיג צו זיין אויף דיעזער שיף? בעדויערט איהר טאקי שטארק דעם שיקזאל וואס האט אייך אהער געבראכט?

לענד האט זיך א וויילע איבערגעלעגט, דאן האט ער געזאגט:

— איך קען ניט זאגען, אז דיא רייזע אויף'ן גרונד פון ים געפעלט מיר ניט, דאך וואלט איך וועלען, אז זיא זאל שוין זיין געענדיגט, און וואס שנעלער אלץ בעסער.

— זיא וועט זיך שוין ענדיגען, מיין פריינד. זייט זיכער.

— אבער וואו און ווען?

— וואו? דאס וויים איך ניט. און ווען? קען איך אויך בעשטימט ניט זאגען. יעדענפאלס וועט דאך שליסליך קומען דערצו, אז מיר וועלען שוין מעהר ניט געפינען אירגענד וועלכע נייעס אין דיא וואסערען צו בעטראכטען און צו שטודירען און דאן, ווען מיר וועלען פערלירען דיא אינטערעסע אין דער רייזע, וועלען מיר זאגען אז זיא איז געענדיגט.

— איך זאג אויך דאס זעלבע וואס דער הערר! — האט קאנסייל צו־געשטימט — און עס קען מעגליך זיין, אז נאכדעם וויא מיר וועלען דורכריי־זען אלע ימים, וועט קאפיטאן נעמא אליין אונז בעפרייען.

— געוויס, ווארט נור אויף איהם! האט דער קענעדע'ר אויסגעשריען מיט א בייזען געלעכטער — ער וועט אייך שוין וועיזען וואס פרייהייט איז!

— צו וואס דארפט איהר אזוי איבערטרייבען? — האב איך זיך אבגע־רופען — מיר האבען פארלויפיג וועניג וואס צו בעקלאגען זיך אויף דעם קאפיטאן. עס איז אמת, אז אין קאנסייל'ס מיינונג האב איך קיין אמונה ניט. נעמא וויל אז דיא עקזיסטענץ פון זיין שיף זאל פערבלייבען א געהיימניס פאר דער וועלט און טאקי צוליעב דעם וועט ער אונז מיט זיין גוטען ווילען ניט פריי לאזען, אבער ער איז ניט אזוי שלעכט וויא איהר, קאמעראד לענד, דענקט פון איהם.

— אויף וואס דען האפט איהר אלזא? וויבאלד אז נעמא, זאגט איהר, וועט אונז ניט בעפרייען, וויא אזוי זשע וועלען מיר דאך לויז ווערען פון דאנען?

— איך דענק, אז עס וועט זיך יעדענפאלס מאכען א געלעגנהיים, וועל־

— נו, הערר נאטור־פארשער — האט לענד געזאגט מיט א שפאטישען טאן — וואו איז אייער מיטעללענדישער מעער?

— מיר פאהרען דאך יעצט אויף איהם, פריינד לענד! — האב איך געענטפערט.

— וואס? — איז קאנסייל איבערראשט געווארען — פאריגע נאכט האבען מיר עס דיא רייזע דורכגעמאכט?

— יא, וועהרענד איהר זיינט געשלאפען זיינען מיר אין צוואנציג מינוטען דורכגעפאהרען דעם אונטערערדישען קאנאל!

— ניין, איך קען עס ניט גלויבען! — האט לענד ערוויעדערט.

— דאן האט איהר אונרעכט, הערר לענד! — האב איך געזאגט — איהר בעזיצט דאך שארפע אויגען, קענט איהר ניט זעהן, אז מיר געפינען זיך שוין יעצט אין אן אנדער געגענד? דא איז פארט סאיד און דארט זעהען זיך דיא ניעדעריגע ברעגען פון עגיפטען.

לענד האט זיך אויפמערקזאם ארומגעקוקט און ער האט זיך אבגערופען:

— יא, איהר האט רעכט, הערר פראפעסאר, און איך מוז צוגעבען אז אייער קאפיטאן איז א זעלטענער מענש וואס זיין גלייכען איז גאר ניט צו געפינען. מיר זיינען ווירקליך אין מיטעל־לענדישען מעער. אלזא זעהר גוט! ערשט איז צייט מיר זאלען זיך אביסעל דורכפלוידערען וועגען אונזערע אייגענע אנגעלעגענהייטען. אבער קיינער דארף אונזער געשפרעך ניט הערען.

איך האב גוט פערשטאנען וואס דער קענעדע'ר וויל זאגען, אבער איך האב איהם ניט געוואלט שטערען און איך האב בעשלאסען צו מאכען זיך ניט וויסענדיג און איהם לאזען אויסרעדען זיין הארץ. מיר האבען זיך בעקוועם אוועקגעזעצט ביי דער לאנטערנע און דאן האב איך זיך אבגערופען:

— אצינד, לענד, הערען מיר אייך צו. וואס ווילט איהר אונז ערקלערען?

— א גאנץ איינפאכע זאך! — האט לענד געענטפערט — מיר זיינען דאך ערשט אין אייראפא, און איידער קאפיטאן נעמא'ס קאפריז וועט אונז אוועקשלעפען נאך אירגענד וועלכען אייז־מעער אדער צוריק אויף'ן שטילען אקעאן, זאלען מיר בעסער זעהן פטור ווערען פון איהם און פון זיין שיף.

איך מוז זאגען אז דיעזע געשפרעכען האבען מיך שטענדיג געבראכט אין א פערלעגענהייט. עס וואלט זיך מיר ניט געוואלט שטערען מיינע קאמעראדען און ניט לאזען זיי זיך בעפרייען פון דער "נאטילוס", אבער וואס אנבעלאנגט צו מיר אליין, איז מיר זעהר ניט אנגענעהם געווען דעם קאפיטאן נעמא צו פערלאזען. איהם און זיינע אפאראטען האב איך געהאט צו פערדאנקען וואס מיר איז אלע טאג מעגליך געווען מיינע וויסענשאפטליכע פארשונגען צו פערכיעהרען און זאמלען מעהר ידיעות, אום מיין ווערק "איבער דיא

א געוויסען אינסטרומענט און דורך א וואונק צום שטייערמאן האָט זיך דיא ריכטונג פון שיף אלע מאָל געענדערט.

איך האָב זיך אָבגעקעהרט צו אן אנדער פענסטער און איך האָב געזעהן פּרעכטיגע קאָראַלען געביידען, פערשיעדענע ים פלאַנצונגען און מערקווירדיגע שילדקרעטען, וואָס האָבען זיך בעוועגט צווישען דיא פעלזען, אזוי וויא זיי זאָלען אונז וועלען בעפאַלען דערפאר וואָס מיר דרינגען אריין אין זייער פינסטערע געהיימנים.

אום א פיערטעל נאָך צעהן דעם זייגער האָט דער קאַפּיטאַן אליין איבערגענומען דיא שטייער־ראָד. א ברייטע, דונקעלע און טיעפע גאַלערי האָט זיך געעפענט געגען אונז און דיא "נאַטילוס" איז אהין אריינגעפאָהרען. עס האָט זיך געהערט וויא פון אלע זייטען האָט דאָס וואסער גערוישט און געברויזט. דיא וואסערען פון רויטען מעער האָבען זיך אראָבגעגאָסען מיט א שרעקליכען האסט דורך'ן טונעל אין מיטעללענדישען ים. דער שטראָם האָט דיא "נאַטילוס" געטראָגען שנעל וויא א פייל פון בויגען, אָבוואָהל דיא מאשין־טרייבער האָבען זיך אָנגעשטרענגט דיא שיף צוריק צו האַלטען.

אויף דיא ווענד פון טונעל האָב איך בלויז געזעהן פייערדיגע ליניעס פון דעם גלענצענדען עלעקטריציטעט, וואָס האָט אָבגעשיינט פון דיא שיף לאַנטערנען. מיין הארץ האָט שטארק געקלאַפּט פון איבערראשונג און איך האָב געפיהלט זעהר זאָנדערבאר.

נאָך א פערלויף פון א צוואנציג מינוט איז דער קאַפּיטאַן אוועק פון שטייער־ראָד און ווענדענדיג זיך צו מיר האָט ער געזאָגט:

— מיר זיינען שוין אין מיטעללענדישען מעער!

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דיא "נאַטילוס" איז שטעהן געבליבען.

6טעס קאַפּיטעל

# דיא גריכישע אינזלען

אויף מאָרגען, דעם צוועלפטען פעברואר, באלד וויא עס איז טאָג געוואָרען, איז דיא "נאַטילוס" ארויפגעשטיגען איבער'ן וואסער און איך בין ארויף אויף'ן פּלאַטפאָרם. דריי מייל ווייט פון אונז אין דרום זייט האָבען זיך געזעהן וויא א שאָטען דיא ברעגען פון פעלוזיום. א שטארקער שטראָם האָט אונז דאמאָלס געטראָגען פון איין ים אין אנדערען. ארום זיעבען דעם זייגער זיינען נעד לענד און קאָנסייל צו מיר ארויפגעקומען. זיי זיינען ביידע דיא גאנצע נאכט רוהיג געשלאָפען און זיי האָבען גאָר ניט געוואוסט פון דער מערקווירדיגער רייזע וואָס מיר האָבען דורכגעמאכט.

נעשלאָסען און דיא שיף האָט זיך ארונטערגעלאָזט עטליכע און דרייסיג פוס טיעף אין וואסער. ווען איך האָב געוואָלט אריינגעהן אין מיין צימער, האָט קאפּיטאַן נעמאָ צו מיר געזאָגט:

— הערר פּראָפעסאָר, ווילט איהר מיט מיר מיטגעהן אין שטייערמאַן'ס הייזעל?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, קאפּיטאַן! — האָב איך געענטפערט.

— דאַן קומט. אייך וועט געוויס זיין אינטערעסאנט צו זעהן אזא דורכ־פאָהר אונטער'ן וואסער און אונטער דער ערד.

דער קאפּיטאַן האָט מיך געפיהרט דורך גאַנץ אנדערע טרעפּ אין מיטען שיף. דאָרט האָט זיך געעפענט א טהיר און מיר זיינען אריינגעקומען אין שטייערמאַן'ס הייזעל, וועלכע איז געווען ביי'ם ענדע פון פּלאַטפאָרם.

איך בין אין יענעם צימער צום ערשטען מאָל געווען און איך האָב זיך מיט גרויס נייגעריגקייט ארומגעקוקט אין אלע זייטען. דער צימער איז געווען פיער־עקיג, אומגעפעהר זעקס פוס לאַנג און ברייט. אין מיטען האָט זיך געדרעהט א גרויסע ראָד, וועלכע האָט בעוועגט דעם שטייער־רודער. אין אלע זייטען זיינען געווען פענסטערלאך פון דיקע לינזען־גלעזער, וואָס האָבען דעם שטייערמאַן גע־געבען דיא מעגליכקייט, ער זאָל צו יעדער צייט קענען זעהן וואָס ארום שיף טהוט זיך.

אין הייזעל איז דאמאָלס געווען דונקעל. אָבער מיינע אויגען זיינען באלד צו דיא דונקעלהייט צוגעוואָהנט געוואָרען און איך האָב דייטליך געזעהן דעם שטייערמאַן, א הויכער און א קרעפטיגער מאַן, וועלכער איז געשטאנען אָנגע־שפּאַרט אָן ראָד. דרויסען איז דער ים געווען אביסעל בעלויכטען פון דער שיין וואָס א לאַנטערנע פון צווייטען ברעג שיף האָט ארויסגעגעבען.

— אצינד פאָהרען מיר אריין אין אראבישען טונעל! — האָט נעמאָ צו מיר געזאָגט.

פון שטייערמאַן'ס צימער האָבען זיך געצויגען עלעקטרישע דראָטען צו דעם מאשינען־צימער און דער קאפּיטאַן האָט פון דאָרט געקענט, דורך געוויסע סיג־נאַלען, געבען בעפעהלע וואָס מען זאָל אונטען טהאָן און וויא אזוי מען זאָל טריי־בען דיא מאשינערי. ער האָט א דריק געטהאָן אויף א מעטאַלענעם קנאָפּ און אין דעם זעלבען מאָמענט האָט דיא "נאָטילוס" אָנגעהויבען לויפען לאַנגזאַמער.

א גאַנצע שטונדע צייט זיינען מיר געפאָהרען פערביי א הויכע גראדע וואַנד, וועלכע איז געווען בלויז איינינע פוס ווייט פון שיף. איך האָב דיא גאַנצע צייט מיינע אויגען ניט ארונטערגענומען פון דער וואַנד און ניט איך און ניט דער קאפּיטאַן האָבען א וואָרט גערעדט.

קאפּיטאַן נעמאָ'ס אויגען זיינען דיא גאַנצע צייט געווען געריכטעט אויף

און אקאבאה. דאָרט האָב איך בעמערקט א הויכען בארג. דאָס איז געווען דער אלטער בעריהמטער בארג חורב, אויף וועלכען משה האָט, וויא דיא ביבעל דער־צעהלט, גערעדט מיט גאָט פנים אל פנים.

אום זעקס דעם זייגער איז אונזער שיף געשוואומען ניט ווייט פון טאָר, וואו דאָס וואסער האָט ווירקליך אויסגעזעהן רויט אזוי וויא בלוט, וויא קאפּיטאן נעמאָ האָט מיר מיט א פּאָר טעג פריהער ערקלערט. באלד איז אין גאנצען נאכט געוואָרען. ווייט ארום אונז איז געווען שטיל. עס האָבען זיך נור אָפּט געהערט דיא געשרייען פון מאנכע נאכט פויגלאך און דאָס ברויזען פון דיא וועללען וואָס האָבען זיך געריבען אָן דיא פעלזען, אָדער דער פייף פון א ווייטען דאמפּפער.

פון אכט ביז ניין אוהר איז דיא "נאָטילוס" געבליבען שטעהן איינינע קלאַפטער טיעף אונטער'ן וואסער. נאָך מיין רעכענונג זיינען מיר שוין ניט ווייט געווען פון זועץ. דורך דיא פענסטער פון זאאל האָב איך געזעהן דיא פעלזען־גרונד פון ים וואָס זיינען געווען העלל בעלויכטען פון דיא עלעקטרישע ליכט פון שיף. איך האָב בעמערקט וויא ארום דער שיף ווערט אלע מאָל דער וועג ענגער און שמאָלער.

ווען דיא "נאָטילוס" איז ווידער ארויף אין דער הויך, בין איך ארויף אויף'ן דעק. איך בין זעהר נייגעריג געווען צו זעהן וויא אזוי קאפּיטאן נעמאָ וועט דיא "נאָטילוס" דורכפיהרען דעם מערקווירדיגען אונטערערדישען קאנאל און איך האָב ניט געקענט איינזיצען אויף איין אָרט. איך האָב געזוכט געלע־גענהייטען וויא אזוי דיא צייט גיכער צו פערטרייבען, ביז יענעם מאָמענט ווען מיר וועלען זיך אין אראבישען טונעל ארונטערלאָזען. זיצענדיג אין דער הויך האָב איך פון ווייטען בעמערקט א בלאסע ליכט, וואָס האָט עטוואָס געשיינט אין דיא דונקעלהייט פון דער נאכט.

— א שווימענדע לייכט־הויז! — האָב איך געהערט א שטימע הינטער מיר. איך האָב זיך ארומגעקוקט און דערזעהן קאפּיטאן נעמאָ שטעהענדיג ביי מיין זייט.

— דאָס איז א שווימענדע לייכט־הויז פון זועץ! — האָט דער קאפּיטאן פאָרטגעזעצט — מיר זיינען שוין ניט ווייט פון מיין טונעל.

— איז דער ארייגפאָהר אין טונעל שווער? — האָב איך געפרעגט.

—יא, מיין הערר, עס איז ניט אזוי לייכט! — האָט דער קאפּיטאן גע־ענטפערט — און דעריבער וועל איך אליין פערנעהמען דעם פּלאַץ פון שטייערמאן און אליין פיהרען דיא שיף דורך'ן טונעל. קומט, הערר אראָנאקס, גע־פעלינסט ארונטער, ווארום מיר וועלען זיך באלד ארונטערלאָזען און מיר וועלען שוין ניט ארויפקומען אין דער הויך ביז מיר וועלען דורכפאָהרען דעם טונעל און קומען אין דיא וואסערען פון מיטעללענדישען מעער.

מיר זיינען ארונטערגעגאנגען. דיא פלאַטען אין דער הויך האָבען זיך באלד

זייער אונבעקאנטער שפראך. דאס האט ער זיי וואהרשיינליך געווארענט וויא אזוי זיי זאלען זיך היטען פון געפאהר.

ווען דער דיוגאנג איז געוועזען אומגעפעהר צוואנציג פוס ווייט פון אונז, איז ער א ווײלע געבליבען רוהיג אויף איין ארט. דאן האט ער זיך האסטיג א ווארף געטהאן אויף אונז. ער האט אונזער שיפעל אזא מעכטיגען שטויס געטהאן, אז זיא האט זיך א קעהר געטהאן אויף א זייט און איז ביז העלפט אנגעפילט געווארען מיט וואסער. עס איז ניט קיין צווייפעל, אז ווען ניט אונזערע געשיקטע מאטראזען, וועלכע האבען פאראויס נעקראגען א ווארנונג, וואלטען מיר זיך אין גאנצען איבערגעקעהרט. נעד לענד האט שטעהענדיג ביי'ם פאדערשטען טהייל פון שיפעל אנגעהויבען קעמפפען געגען דער אויפגערעגטער חיה, וועלכע האט מיט איהרע שארפע צייהן אנגעכאפט דעם דעק פון שיפעל און זיא אויפגעהויבען אין דער הויך. מיר זיינען צוזאמענגעפאלען איינע אויף דיא אנדערע און אונזער יאגד וואלט זיך זעהר טרויעריג געענדיגט, ווען דעם קענעדע'ר זאל דיעזען מאל ניט געלונגען אריינצוזעצען זיין הארפון גראדע אין טהיער'ס הארצען.

מיר האבען באלד געהערט א שטארקען קריץ מיט דיא צייהן און דער דיוגאנג איז ארונטער געפאלען אין וואסער. ער איז אבער באלד צוריק ארויפגעשוואומען לינענדיג אויף'ן רוקען טויט. מיר האבען איהם צוגעבונדען צו אונזער שיפעל און נאך א קורצע צייט זיינען מיר געקומען צוריק צו דער "נאטילוס".

מיט שווערע מיה האבען מיר דעם ריעזען קערפער אויף'ן פלאטפארם ארויפגעשלעפט. ער האט געוואויגען ביי א צעהן טויזענד פונט. לענד איז העכסט צופריעדען און שטאלץ געוועזען אויף זיין זיעג און ער האט גרויס פערגעניגען געהאט קוקענדיג וויא מען צושניידט דעם טויטען דיוגאנג און דער קוכער מאכט צורעכט זיין פלייש צו געברויכען אין קיך. דעם זעלבען טאג האבען מיר טאקי געהאט א מאהלצייט פון דיוגאנג פלייש, וועלכע איז ווירקליך געוועזען זעהר געשמאק, פיעל בעסער וויא קאלב אדער רינד־פלייש.

דעם פאלגענדען טאג איז דיא קיך פון דער "נאטילוס" רייכער געווארען מיט איינינע נייע שפייז־פראדוקטען. עס האבען זיך נעמליך פלוצלונג אראבגעלאזט אויף דער שיף א גרויסע מחנה זעע־שוואלבען, וועלכע געפינען זיך נור אין יענע געגענדען ארום עגיפטען, און מיר האבען לייכט געפאנגען פיעלע פון זיי. עס איז אונז אויך געלונגען צו פאנגען איינינע ענטלאך (קאטשקעס) פון טייך נילוס און אנדערע געפליגעל, פון וועלכע דער קוכער האט געמאכט פארטרעפליכע געריכטען, וואס האבען זעהר גוט געשמעקט.

אום פינף אוהר פאר נאכט האבען מיר געזעהן דעם קייפ (א שפיץ לאנד וואס קומט אריין אין וואסער) ראס־מאהאמעד, וואס געפינט זיך צווישען זועץ

לאנג. ער איז געלעגען רוהיג אויף'ן וואסער, אזוי וויא פערזונקען אין א טיעפען שלאף.

שטיל און פארזיכטיג איז דיא שיפעל צוגעפאהרען ביז אומגעפעהר אכט־צעהן פוס ווייט פון דעם דיוגאנג. לענד האט זיך א ביסעל איינגעבויגען אהינ־טער און האט א שליידער געטהאן זיין גרויסען, שארפען שפיעז. אין דעם זעל־בען אויגענבליק האט זיך געהערט א שטארקער פייף, דאס וואסער ארום האט אזוי וויא אנגעהויבען זידען און דיא זאנדערבארע בעשעפנים איז פערשוואונדען געווארען.

— פערפלוכט זאל ער ווערען! — האט לענד העכסט אויפגערעגט אויסגע־שריען — איך האב איהם ניט געטראפען!

— ניין! — האב איך געזאגט — דאס טהיער איז פערוואונדעט. אט זעהט מען דא בלוט. אבער דער הארפון איז ניט געבליבען שטעקען אין זיין קערפער.

דיא מאטראזען האבען ווידער שנעל אנגעהויבען רודערען און דער שטיי־ערמאן האט דיא שיפעל געקירעוועט נאך דער ריכטונג פון דער פעסעל אויף'ן וואסער. דעם הארפון האט מען צוריק אויפגעהויבען און לענד איז געווען גרייט פאר אן אנדער אטאקע.

דער פערוואונדעטער דיוגאנג האט זיך אלע מאל בעוויזען צוריק אין דער הויך אויף'ן וואסער, אום פרישע לופט איינצואטהעמען, און ער האט זיך ווידער ארונטערגעלאזט. מען האט געקענט זעהן אז ער איז ניט אבגעשוואכט, ווייל ער איז געשוואומען זעהר שנעל און דיא שיפעל האט איהם ניט געקענט דערגרייכען, אבוואהל זיא איז געטריבען געווארען פון זעקס פלינקע, פעהיגע מענער. אייניגע מאל זיינען מיר דאך צוגעקומען נאהענט צו איהם, אבער וויא דער הארפון־שליידערער האט איהם געוואלט אטאקירען, איז ער צוריק אונטער'ן וואסער פערשוואונדען געווארען.

לענד איז שטארק אונגעדולדיג און בייז געווארען. ער האט געשאטען מיט קללות און שימפף־ווערטער איינע נאך דיא אנדערע און אויס פערדרוס האבען זיך זיינע קניע געטרייסעלט. מיך האט אויך שטארק געערגערט וואס דיא חיה רייצט זיך מיט אונז און האט שכל וויא אזוי אן אנגריף אויסצומיידען.

אומגעפעהר א שטונדע צייט האבען מיר דאס טהיער בערפאלגט און מיר האבען ניט פאראויסגעזעהן קיין גוטע רעזולטאטען. דער דיוגאנג האט זיך ניט גע־לאזט טויטען און ענדליך איז ער נאך, ווי עס האט אויסגעזעהן, געפאלען אויף אן אידעע ראכע צו נעהמען פון אונז. ער האט אויפגעהערט צו אנטלויפען און ער האט זיך א דרעה געטהאן צו אונז. לענד האט באלד בעמערקט דעם טהיער'ס אבזיכט און ער האט האסטיג אויסגעשריען:

— פאסט אויף! זייט פארזיכטיג!

דער שטייערמאן האט געזאגט צו דיא מאטראזען א פאר ווערטער אין

איז דיעזער דיוגאָנג דער לעצטער פון זיין מין און עס וואָלט גלייכער געווען צו לאָזען איהם לעבען פאר דיא אינטערעסען פון דער וויסענשאפט?

— פאר דיא אינטערעסען פון קיך — האָט לענד זיך אָבגערופען — לוינט זיך בעסער צו מאכען אויף איהם א יאגד. ביי מיר איז א גוטער מאָהלצייט וויכטינער וויא אייער וויסענשאפט.

קאפּיטאן נעמאָ האָט שמייכלענדיג געגעבען א בעפעהל דורך'ן שפּרעך־רעהר און באלד זיינען געקומען זיעבען מאן פון דיא מאטראָזען. איינער האָט מיטגעבראכט א שטארקען הארפּון מיט א שנור, וויא דיא וואלפיש פאנגער נעברויכען עס געוועהנליך. דיא קליינע שיפעל איז ארונטער געלאָזען געוואָרען פון דעק און זעקס רודערער האָבען זיך צוזעצט אויף דיא בענק, וועהרענד דער זיבענטער האָט זיך אוועקגעזעצט פון פאָרענט צו רעגולירען דיא שיפעל. לענד, קאָנסייל און איך זיינען אויך ארונטערגעגאנגען.

— וועט איהר ניט מיטפאָהרען, קאפּיטאן? — האָב איך נעמאָ'ן געפרעגט.

— ניין, מיין הערר! איך ווינש אייך גליק אין אייער יאגד.

דיא שיפעל איז אראָבגעשטויסען געוואָרען און דיא רודערער האָבען זיא געטריבען שנעל וויא א בליץ צו דעם פּלאַץ וואו דער דיוגאָנג איז געשוואומען.

מיר זיינען געקומען נאָהענט צו דער חיה און דיא רודערער האָבען אָנגעהויבען טרייבען דיא שיפעל לאנגזאמער. לענד איז געשטאנען מיט'ן הארפּון אין האנד פערטיג צו שליידערען איהם אין דעם אומגעלומפּערטען קערפּער. ער האָט נור געווארט אויף דעם גינסטיגען מאָמענט ער זאָל עס קענען טהאָן. דער הארפּון, מיט וועלכען מען געהט אויף'ן יאגד אויף א וואלפיש, איז געוועהנ־ליך צוגעבונדען צו א לאנגען שטריק, וואָס איז ארויפגעוויקעלט אויף א רעדעל, וועלכער איז בעפעסטיגט צום שיפעל, און נאָכדעם וויא דיא וואפע איז אריינ־געשטעקט אין דעם טהיער'ס קערפּער, לאָזט ער זיך שנעל אראָב און דיא שטריק וויקעלט זיך פערנאנדער. אונזער שטריק איז אָבער בלויז געווען ביי א זעכציג פוס לאנג און ביי איהר צווייטען ברעג איז געווען צוגעבונדען א פוסטע פאס, וואָס לאָזט זיך געוועהנליך ניט ארונטער אונטער'ן וואסער. דאָס איז געמאכט געוואָרען צוליעב דעם, אום מיר זאָלען קענען וויסען וואו דער דיוגאָנג וועט זיך געפינען נאָכדעם וויא ער וועט פערוואונדעט ווערען און וועט אנטלויפען אונ־טער'ן וואסער מיט'ן הארפּון שטעקענדיג אין זיין קערפּער.

איך בין געשטאנען אין שיפעל און בעטראכט דיא מערקווירדיגע בעשעפענים און אויך לענד'ס בעוועגונגען וויא ער גרייט זיך צו דער מלחמה. דער דיוגאָנג איז געווען גרויס. זיין לענגליכער קערפּער האָט זיך געענדיגט מיט א גרויסען עק. זיינען פלוס־פעדערען פוןביידע זייטען האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא פינגער. פון זיין מויל האָבען ארויסגעשטארצט צוויי גרויסע שארפע צייהן און עס איז געווען א שרעק צו קוקען אויף איהם. ער איז געווען עטליכע און צוואנציג פוס

אז זיא בעלאנגט צו דעם מין וואס איז זעהר ווייניג פאראן. אין רויטען מעער געפינען זיך בלויז אייניגע פון זיי.

לענד האט ניט געקענט אבווענדען זיינע בליקען פון דעם דיוגאנג. ער האט אויף איהם געקוקט מיט זשעדנע בליקען און ער האט גרויס לוסט געהאט צו מאכען א יאגד אויף דער זאנדערבארער בעשעפנים.

— אה, מיין הערר! — האט לענד אויסגערופען — איך האב קיינמאל ניט געהאט דיא געלעגענהייט געגען אזא טהיער צו קעמפפען!

אין דיעזען אויגענבליק איז קאפיטאן נעמא ארויפגעקומען אויף'ן פלאט־פארם. ער האט בעטראכט דעם דיוגאנג און בעמערקט לענד'ס חשק צו מאכען אויף איהם א יאגד.

— וויא עס זעהט אויס, הערר לענד — האט דער קאפיטאן צו איהם געזאגט מיט א שמייכעל — בייסען אייך דיא הענד אנצופיהרען א מלחמה געגען דיעזער בריאה?

— גאנץ געוויס! — האט דער הארפוניסט געענטפערט — אזא יאגד וואלט מיר זעהר אנגענעהם געוועזן.

— גוט, אויב איהר ווילט דוקא צורעכענען דיעזע בעשעפענים צום צאהל פון טהיערע געגען וועלכע איהר האט אויף אייער לעבען געקעמפפט, קענט איהר עס בעווייזען! — האט דער קאפיטאן גוטמוטהיג געזאגט.

— א פראגע, צו איך וויל?

— נו, וועל איך אייך באלד געבען דיא מעגליכקייט עס צו מאכען. אבער זעהט נור ריכטיג צו טרעפען.

— איז ניט געפעהרליך דעם דיוגאנג אנצוגרייפען? — האב איך געפרעגט.

— אפטמאל יא! — האט נעמא געענטפערט — דיא חיה קען זיך אמאל ווארפען אויף איהר אנגרייפער און איבערקעהרען דיא שיפעל. אבער הערר לענד איז גענוג געשיקט און פלינק און ער דארף פאר אזא געפאהר ניט מורא האבען. ער בעזיצט א שארפען בליק און א שטארקע האנד. איך האף, אז עס איז פאר איהם קיין ריזיקע ארויסצוגעהן אויף אזא יאגד. ער וועט זיכער ניט מאכען קיין דורכפאל, ווייל פון דעם דיוגאנג קען מען מאכען פיינע געריכטען, צו וועלכע הערר לענד האט שטענדיג גרויס לוסט.

— ווירקליך? — האט לענד איבעררראשט געפרעגט — קען מען פון זיין פלייש מאכען א בראטען? און שמעקט עס עפעס גוט?

— געוויס! — האט נעמא געענטפערט — דאס איז אן אויסגעצייכענטע שפייז. אין מאלאיען לאנד דערלאנגט מען אזעלכע שפייזען נור צו פירסטליכע טישען. מען טויטעט זיי דארום זעהר פיעל און עס איז שוין פון זיי ווייניג פערבליבען.

— הערר קאפיטאן! — האט זיך קאנסייל ערנסט אבגערופען — פיליכט

— קוקט זיך נור גוט איין! — האָט לענד וויעדער געזאָגט — דאָרט רעכטס פון אונז בעמערקט איהר וויא א גרויסער געגענשטאנד אזוי וויא א לעבעדיגע זאך בעוועגט זיך?

איך האָב געניויער בעטראכט דעם אָרט, אויף וועלכען מיין קאמעראד האָט מיר אָנגעצייגט און איך האָב ווירקליך דערזעהן א געגענשטאנד וואָס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א לאנגער, שווארצליכער קערפער.

— יא, איך זעה שוין ערשט! — האָב איך אויסגערופען.

— פיליי͏כט נאָך א "נאַטילוס"! — האָט קאָנסייל געזאָגט.

— ניין! — האָט לענד זיך אָבגערופען — איך גלויב אז דאָס מוז זיין א ריעזיגער ים־טהיער.

— זיינען פאראן וואלפישען אין רויטען מעער? — האָט קאָנסייל נעפרעגט.

— יא! — האָב איך געענטפערט — אָבוואָהל ניט גאנץ אָפט, אָבער מען זעהט זיי אמאָל דאָ.

— ניין, דאָס איז ניט קיין וואלפיש! — האָט לענד געזאָגט — איך זעה דייטליך, אז זיינע בעוועגונגען זיינען ניט פון א וואלפיש.

דיא "נאַטילוס" איז דערווייל געקומען נעהענטער צו דעם אונבעקאנטען געגענשטאנד. מיר זיינען שוין פון איהם געווען פיליי͏כט איין מייל ווייט, דאָך האָבען מיר ניט געקענט בעשטימען וואָס פאר א מין בעשעפנים דאָס איז.

— אָה, זיא שווימט! זיא לאָזט זיך ארונטער אונטער'ן וואסער! — האָט לענד אויסגעשריען — צום טייפעל. וואָס פאר א טהיער זאָל עס זיין? איך זעה דאָך דייטליך אז דאָס איז ניט קיין וואלפיש! בעטראכט נור וויא זיא קעהרט זיך אום אויף'ן רוקען און שטעלט אויס איהרע בריסט!

— א דיוגאָנג! א דיוגאָנג! האָט קאָנסייל אויסגעשריען — דענקט דער הערר אנדערש?

איך האָב באלד דערזעהן, אז מיין דיענער האָט רעכט. דאָס איז טאקי געווען א דיוגאָנג אָדער א סירענע — א' ים־געטין. דיעזע זאָרטען ברואים, וועלכע זיינען בעקאנט אונטער'ן נאָמען "זעע־פרוי" אָדער "זעע־ווייבעל" געפינען זיך אין פערשיעדענע ימים. אין דיא פערצייטיגע יאָהרען האָט מען געגלויבט, אז דיעזע בעשעפענים איז האלב פרוי און האלב פיש. מען פלעגט דערצעהלען, אז מיט איהר וואונדערבארען זיסען געזאנג און קאָקעטישע מינעס קען זיא צוציהען יעדען מענשען צו זיך. ווען א ים רייזענדער בעגעגענט א "זעע־ווייבעל", מוז ער צו איהר ארויסשטייגען. זיא נעהמט איהם דאן ארום מיט איהרע ארמס און דערטרינקט איהם. נאטירליך, האָבען זיך דיעזע מעשיות ארויסגעצייגט אלס נארישע, אומגעלומפערטע אבערגלויבונגען און מען האָט שפעטער ערפאהרען, אז א דיוגאָנג איז א טהיער אזוי וויא אלע טהיערע און ער איז ניט האלב מענש און האלב פיש. איך האָב דיעזע חיה בעטראכט און זיך איבערצייגט,

געבראכט אויף'ן גרונד, פיליכט געפינט זיך ערגיץ אזא שטראָם וואָס גיסט זיך אריין פון איינעם פון דיעזע ימים אין צווייטען ? איך האָב דארום געפאנגען מאסען פיש דאָ ארום זועץ, האָב צו זייערע עקען צוגעבונדען מעשענע רינגען און זיי ארייגעלאָזט צוריק אין ים. מיט איינינע מאָנאטען שפּעטער בין איך געווען אין מיטעללענדישען מעער ביי דיא ברעגען פון סיריען און איך האָב דאָרט דיא געצייכענטע פיש געפאנגען. איך האָב דאן פערשטאנען, אז דער רויטער ים האָט ערגיץ אונטער דער ערד אן אויסגוס צום מיטעללענדישען ים, וועלכער איז פיעל ניעדעריגער. איך האָב דאן דיעזען נאטירליכען אונטער־ערדישען קאנאל אויפגעזוכט און איך האָב ריזיקירט דורכצופאָהרען איהם מיט דער "נאָטילוס". דיא פראָבע איז מיר געלונגען, און פון דאן אן האָב איך שוין דורך איהם איינינע רייזען געמאכט. עס וועט לאנג ניט דויערען, הערר פראָ־פעסאָר, און איהר וועט אויך דורכפאָהרען מיין אראבישען טונעל.

5טעס קאפּיטעל

# דער אַראַבישער טונעל

יענעם פארנאכט איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען אויף דער אָבערפלעכע פון ים, ביי דיא אראבישע ברעגען. מיר זיינען פערבייגעפאָהרען ניט ווייט פון דער שטאָדט דזשעדראה, וועלכע איז דער מיטעלפונקט פון עגיפּטישען, טירקי־שען און אינדישען האנדעל. איך האָב דייטליך געקענט זעהן דיא פיעלע שיפען און דיא הייזער, וועלכע זיינען געווען העל בעלויכטען פון דיא לעצטע זונען־שטראהלען. הינטער'ן שטאָדט האָבען זיך געזעהן א גרופּע קליינע הייזלאך וואָס זיינען בעוואָהנט פון בעדואינער. דיא שטאָדט דזשעדראה איז באלד פערשוואונ־דען געוואָרען פון אונזערע אויגען און דיא שיף האָט זיך ארונטערגעלאָזט אין דיא פאָספאָר גלענצענדע וואסערען.

אויף מאָרגען, דעם צעהנטען פעברואר, מיטאָג צייט, איז דיא שיף צוריק ארויפגעשטיגען אין דער הויך אויף'ן וואסער. איך, לענד און קאָנסייל זיינען געזעסען אויף'ן דעק. דער ים ארום איז געווען גאנץ רוהיג. קיין שיף אָדער אירגענד וועלכער אנדער געגענשטאנד איז ניט געווען צו בעמערקען. מיר האָבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאכען, איבערהויפּט וועגען דעם אראבישען טונעל, וואָס איך האָב זיי וועגען איהם דערצעהלט, און וועגען דער רייזע וואָס מיר וועלען דורך איהם מאכען צום מיטעללענדישען מעער. לענד האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען און צייגענדיג מיט'ן האנד אויף א ווייטען פּונקט, האָט ער געזאָגט:

— זעהט איהר דאָרט עטוואָס, הערר פּראָפעסאָר?

— ניין, פריינד לענד! — האָב איך געענטפערט — איך האָב ניט אזא גוטע זעהונגס־קראפט וויא איהר.

— אין מיטעללענדישען מעער? — האָב איך פערוואונדערט אויסגע־שריען.

— גאַנץ געוויס! — האָט דער קאַפּיטאַן רוהיג געענטפערט — וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי?

— ווייל איך קען ניט בעגרייפען וויא אזוי איהר ווערט אין צוויי טעג צייט אהין איינפאָהרען!

— ווירקליך, איהר פערשטעהט עס ניט?

— גאַנץ געוויס, הויב איך עס ניט אָן צו פערשטעהן. צו קומען צום מיטעל־לענדישען ים מוזען מיר דאָך ארומפאָהרען אפריקא!

— ווער האָט עס אייך געזאָגט, הערר אראָנאקס?

— עס גיבט דאָך אָבער קיין אנדער וועג! סיידען איהר ווילט פאָהרען מיט דעם "נאָטילוס" דורך טרוקענע לאנד!

— אָדער אונטער דער ערד! — האָט נעמאָ געזאָגט מיט אַן ערנסטען שמייכעל.

— אונטער דער ערד? — בין איך נאָך מעהר ערשטוינט געוואָרען

— געוויס, הערר אראָנאקס! דיא נאַטור האָט שוין לאנג בעזאָרגט אונטער דער ערד אזא מין דורכגאנג וויא דיא מענשען מאכען פון אויבען.

— וואָס? איז ערגיץ דאָ אַן אונטערערדישער קאנאל?

— יא, עס איז דאָ! איך האָב איהם א נאָמען געגעבען "דער אראבישער טונעל". ער פאנגט זיך אָן ביי׳ם זועץ און ענדיגט זיך אין מיטעללענדישען ים ביי דעם שטראָם פעלוזיום.

— האָט איהר דיעזען אונטערערדישען קאנאל ענטדעקט?

— יא, איך האָב איהם ענטדעקט.

— דורך א צופאל?

— א ביסעל דורך א צופאל, אָבער מעהר דורך שכל, דורך איבערלעגונג. איך בין שוין דורך דיעזען קאנאל אייניגע מאָהל דורכגעפאָהרען. ווען איך זאָל פון דיעזען קאנאל ניט וויסען, וואָלט איך גאָר ניט ארייגעפאָהרען אין אָבגע־שלאָסענעם רויטען מעער.

— קען איך פרעגען וויא אזוי איהר האָט דיא דאָזיגע מערקווירדיגע ענט־דעקונג געמאכט?

— ווארום ניט? איך וועל עס אייך שוין ערקלערען! — האָט דער קאַפּי־טאַן פריינדליך געענטפערט — איך האָב בעמערקט, אז אין רויטען און אין מיטעללענדישען מעער געפינען זיך אויף געוויסע שטעלען אייניגע מינים פון דיא זעלבע פישען. איך האָב זיי שטודירט און זיך איבערצייגט אז זיי זיינען פונקט דיא זעלבע. איך האָב געוואוסט, אז דיא צוויי ימים האָבען קיין פערבינ־דונג, היינט וויא אזוי קומען דיא פיש פון איין ים אין צווייטען? דאָס האָט מיך

פון דיא בעסטע. זאָגאר אין דיא גאַנץ אַלטע צייטען האָבען שוין מענשען פער־שטאַנען וואָס פאר א גרויסע בעדייטונג דאָס וואָלט געהאט פאר דעם האנדעל, ווען מען זאָל קענען פערבינדען דעם רויטען מיט'ן מיטעללענדישען מעער. לאַנגע יאהרהונדערטע האָט מען דאצו אָנגעווענדעט מיטלען, אָבער קיינער האָט דיא זאַך ניט געקענט דורכפיהרען. נאָך מיט 2500 יאָהר צוריק האָט דער עגיפּטישער קעניג נעקאָ געלאָזט גראָבען א קאנאל צו דיא וואסערען פון ניל (נילוס) ביז אראביען. פיעלע קעניגע נאָך איהם האָבען אויך דערויף געארבייט, דאָך האָט מען יענעם קאנאל ניט געקענט ברייננגען אין פאָלקאָמענהייט, ווייל ער פלעגט פערטראָגען ווערען מיט זאמד און מען האָט איהם בלויז געקענט בענוצען איינינע מאָנאטען אין יאָהר. ענדליך האָט דער אראבישער קאליף אלמאנ־סאָר, געגען וועלכען עס האָט אויסגעבראָכען א רעוואָלוציאָן, געהייסען פערשי־טען דעם קאנאל, אום דער שונא זאָל ניט קענען אריינפיהרען קיין פּראָוויזיאָן. אויספאָרשענדיג דיא זועץ וויסטע האָט מען אויך ענטדעקט שפּורען, אז מען האָט אמאָל געגראָבען א קאנאל פון דעם פּלאַץ, וואו דיא אידען זיינען דורכגע־גאַנגען דעם רויטען מעער.

— זעהט איהר, קאפּיטאן — האָב איך געזאָגט — דאָס וואָס מען האָט אין דיא אַלטע צייטען ניט געקענט אויפטהאָן האָט דער פראנצויזישער אינ־זשיניר הערר לעססעפּס אויסגעפיהרט. דורך דעם זועץ קאנאל וועט דער וועג נאָך אינדיען ווערען מיט הונדערטע מיילען קירצער און דאָס אפריקאנישע וועלט־טהייל וועט אויסזעהן אזוי וויא א גרויסער אינזעל.

— יא, הערר אראָנאקס, איהר מעגט שטאָלץ זיין אויף אייער לאנדסמאן. ער האָט געוויס מעהר נוצען געבראכט דער וועלט וויא אלע אייערע בעריהמטע שלאכט־העלדען און שיפס־קאפּיטענע. ער האָט פיעל עהרע פערדיענט, ווייל ער, אָן איינצעלנע פּערזאָן האָט אונטערנומען אן אינטערנאציאָנאלע ארבייט — א ריעזען ארבייט וואָס דיא גאַנצע מענשהייט האָט אינטערעסע אין דעם, און ער האָט עס דורכגעפיהרט.

— יא, מיין לאנדסמאן האָט פיעל כבוד פערדיענט! — האָב איך מיט בעגייסטערונג געזאָגט — און איך שטאָלציר ווירקליך וואָס איך בין געבוירען אין איין לאנד מיט איהם.

— איך וואָלט אייך וועלען אריינפיהרען אין זועץ קאנאל — האָט דער קא־פּיטאן זיך אָבגערופען נאָך א היבשען שטילשווייגען — אום איהר זאָלט זעהן דיא ריעזיגע שטיק ארבייט וואָס אייער פראנצויזישער אינזשיניר האָט אויפ־געטהאָן, לײדער קען איך עס ניט טהאָן. איהר וועט פון ווייטענס קענען בע־טראכטען דיא ארבייט נור ביז איבערמאָרגען, ווייל נאכהער וועלען מיר שוין זיין אין מיטעללענדישען מעער.

איך מיין, אז דיעזער נאָמען שטאמט איינפאך דערפון, ווייל דיא וואסערען פון דיעזען מעער זיינען אין פיעלע ערטער רויט וויא בלוט.

— אָבער, הערר קאפיטאן, מיר פאָהרען דאָך שוין אויף דיעזען ים א היבשע צייט, ווארום האָב איך נאָך ניט בעגעגענט קיין רויטעס וואסער?

— איהר וועט עס נאָך, הערר אראָנאקס, בעגעגענען. איך האָב עס שוין יא געזעהן.

— און פון וואנען קומט עס?

— דאָס קומט פון מיקראָסקאָפּישע גרעזעלאך און פלאנצונגען וואָס וואקסען אויף'ן גרונד פון ים, וועלכע זיינען עכט רויט און גיבען דעם וואסער א בלוט רויטען קאָליר. דיא וואקסונגען יענע ווערען גערופען טריכאָדעסמיא און זיי געפינען זיך 40,000 אין א פיערטעל אינטש סקוועאר. ווען מיר וועלען קומען צו דער בוכטע פון טאָר, וועט איהר זיי פיליינכט זעהן. עס זיינען פאראן פלעצער וואו דיעזע זאָנדערבארע פלאנצונגען בעדעקען דעם גרונד פון ים אויף מיילען ווייט און דאָס וואסער האָט דורכאויס א רויטען אויסזעהן.

— אלזאָ, קאפּיטאן, וויא עס זעהט אויס, פאָהרט איהר אויף דיעזען ים שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, האָט איהר פיליינכט אויף זיין גרונד אירגענד וואו בעגעגענט שפּורען פון דער עגיפּטישער ארמעע וואָס איז דאָ אמאָל אומגעקומען אין געיעג נאָך דיא אידען?

— ניין, מיין הערר, און צוליעב א גרינדליכע אורזאכע.

— וואָס איז דיא אורזאכע?

— ווייל יענער פלאַץ וואו משה האָט אריבערגעפיהרט זיין פאָלק איז ערשט הויך פערטראָגען מיט זאמד און דאָס וואסער איז דאָרט אזוי פלאך, אז א קעמעל וואָלט דאָרט קוים זיינע פיס אָבגעבאָדען. איהר קענט אלזאָ גוט פערשטעהן, אז מיט דער "נאָטילוס" קען מען אהין ניט צוקומען.

— אָבער וואו יענער פלאַץ איז ווייסט איהר?

— יא, דאָס ווייס איך גאנץ גענוי. דאָס איז ניט ווייט פון דעם זועץ קאנאל וואָס ווערט ערשט געבויט. עס קען זיין, אז מיט דער צייט וועט מען דאָרט מאכען אויסגראָבונגען און מען וועט געפינען שפּורען פון יענע אומגעקומענע עגיפּטער.

— פיליינכט וועט עס מעגליך זיין, דאן ווען דער זועץ קאנאל וועט זיין דורכגעגראָבען — האָב איך געזאָגט — דאמאָלס וועלען דאָ איבעראל נייע שטעדט אויפגעבויט ווערען, דיא גאנצע געגענד וועט ווערען מעהר בעלעבט און מען וועט זיך אויך נעהמען זוכען אלטערטהימער.

— גאנץ מעגליך! — האָט זיך נעמאָ אָבגערופען — דיעזער קאנאל וועט בריינגען נוצען דער גאנצער וועלט. דאָס איז זעהר א וויכטיגע אונטערנעהמונג, און אויב דיא מענשהייט האָט אמאָל אויפגעטהאָן גוטע זאכען, איז דאָס איינע

— יא, מיין הערר, אזוי איז עס. אָבער האָבען זיי ניט א ביסעל איבער־טריבען?

— יא, עס איז ניט אזוי געפעהרליך וויא זיי האָבען עס בעשריבען. אָבער מען דארף ניט פערגעסען, אז אין זייערע צייטען איז א רייזע אויף דיעזען ים און אויך אויף אנדערע ימים געווען פיעל געפעהרליכער וויא אין היינטיגע צייטען. בערעכענט נור וואָס פאר א שיפלאך זיי האָבען דאמאָלס געהאט און וואָס פאר א שיפען מיר האָבען היינט! אן אייזערנע שיף געפיהרט פון דאמפף־קראפט איז געווים פיעל מאָהל וויינינגער ריזיקאליש וויא א פערצייטיגע שיף וואָס איז געווען צוזאמענגעקלאפט פון ברעטער, פערבונדען מיט שטריק און אויסגעקלעפט מיט סמאָלע. און נאָך מעהר: זיי האָבען דאָך אמאָל קיין קאָמ־פאס אויך ניט געהאט און זיי זיינען געפאָהרען אויף'ן אָפענעם מעער זאָגאר ניט וויסענדיג געננוי דיא ריכטונג וואוהין זיי פאָהרען. היינט איז שוין א חידוש, וואָס שיפס־ברוכען האָבען אָפט פאסירט? איבערהויפט אין אזעלכע שטעלען וויא צווישען דעם זועץ און דעם זידליכען מעער, וואו דער שטראָם איז גרויס און ווילד און דיא שטענדיגע שטורמס הערען ניט אויף, איז פאר א פערצייטיגע שיף געווים געווען א זיכערער פלאַץ צום אונטערגאנג, און ווער עס האָט אונטער־גענומען אזא רייזע, האָט עס געהייסען איינפאך מפקיר געווען דאָס לעבען.

— איך בין פאָלקאָמען איינשטימיג מיט אייך, אז דיא ערפינדונגען פון דיא נייעסטע צייטען האָבען זעהר פיעל נוצען געבראכט — האָב איך געזאָגט — דיא ערפינדונגען פון דאמפף־שיפען פערהינדערען געווים גרויסע געפאהרען און עס בעשיצט פיעלע מענשען פון טויט. אָבער אן אנדער זאך וועל איך אייך, הערר קאפיטאן, פרעגען: וויא עס שיינט, זיינט איהר מיט דיעזען מעער גוט בעקאנט, קענט איהר מיר זאָגען פארוואָס רופט מען איהם אייגענטליך "דער רויטער ים"?

— וועגען דעם זיינען פאראן אייניגע מיינונגען — האָט נעמאָ געענטפערט

— ווילט איהר וויסען דיא מיינונג פון א היסטאָריקער פון פיערצעהנטען יאהר־הונדערט?

— וואָרום ניט? מיט פערגעניגען!

— דער דערמאָנטער געשיכטע שרייבער זאָגט, אז דיעזער מעער האָט זיין יעצטיגען נאָמען בעקומען נאָכדעם ווי פרעה'ס ארמעע איז דאָ דורך משה'ס תפלה אומגעקומען, ווען דיא אידען זיינען ארויס פון עגיפטען. עס הייסט, אז דיא אידען האָבען דיעזע וואסערען א נאָמען געגעבען דער "רויטער ים", דער בלו־טיגער ים, ווייל ער האָט פערשלונגען זייערע שונאים.

— דאָס איז בלויז א פאָעטישע ערקלערונג! — האָב איך זיך אָבגערופען — קענט איהר מיר ניט געבען אייער אייגענע מיינונג וועגען דעם?

— יא! — האָט נעמאָ געענטפערט — אָט דאָ האָט איהר מיין מיינונג:

פונקט וויא בעשאפען פאר אזא שטודיום. מען קען אייער שיף ווירקליך אנרופען "דיא שיף פון חכמה". יא, עס איז א קלוגע שיף.

— אמת, מיין הערר. פערשטענדיג, דרייסט און שטארק איז דיא "נאטי־לוס". זיא האט קיין מורא פאר קיין זאך. זיא קען קעמפפען געגען דיא גרויסע פעלזען און פורכטבארע שטורמס, וואס טרעפען אפט אויף דיעזען ים.

— ווירקליך! — האב איך געזאגט — דער רויטער ים האט א זעהר שלעכטען נאמען, און וויא ווייט איך געדענק פון בעשרייבונגען, האט מען איהם אמאל גערעכענט פאר דעם ערגסטען פון אלע ימים.

— גאנץ ריכטיג, הערר ארנאקס! דיא אלטע גריכישע און ליטיינישע היסטאריקער רעדען גאר ניט קיין גוטעס אויף דיעזען מעער און זיי מאהלען איהם אין זעהר פינסטערע פארבען. דער אראבישער היסטאריקער עדריזי דער־צעהלט זיך אן שרעקליכע געשיכטעס פון דיעזען ים. נאך זיין בעהויפטונג זיינען דיא שטורמס דא פיעל גרעסער, שרעקליכער און שעדליכער וויא איבעראל און קיין ים, זאגט ער, האט ניט אזוי פיעל פעלזען און אונטערוואסערדיגע אינזלען וויא דיעזער. נאך זיינע בעשרייבונגען זיינען דא אונטערגעגאנגען מעהר שיפען וויא אנדערש וואו. ער שרייבט אויסדריקליך, אז מען מוז זעהר פארזיכטיג זיין צו פאהרען אויף'ן רויטען מעער און ביי נאכט זאל זיך קיינער ניט אונטער־נעהמען דא צו רייזען.

— וויא עס ווייזט אויס — האב איך זיך אבגערופען — האבען דיא פער־צייטינע רייזענדע ניט געוואוסט פון אזעלכע שיפען וויא דיא "נאטילוס".

— וואהרשיינליך ניט! — האט דער קאפיטאן שמייכלענדיג געזאגט — און אין דיעזער הינזיכט זיינען אייערע היינטיגע חכמים אויך ניט פיעל קליגער. עס האט געדויערט פיעלע יאהר־הונדערטע ביז עס איז געפונען געווארען דיא קראפט פון דאמפף, היינט ווער קען וויסען, אויב מיט הונדערט יאהר שפעטער וועט זיך געפינען נאך אזא שיף וויא דיא "נאטילוס"? דיא וועלט געהט אין איהר פארטשריט זעהר לאנגזאם, הערר ארנאקס.

— גאנץ ריכטיג, קאפיטאן! — דיא וויסענשאפט וועט פיללייכט נאך אין הונדערט יאהר ארום אדער אפילו אין מעהר אויך ניט ערפינדען נאך אזא שיף וויא דיא "נאטילוס"; דארום טאקי איז צו בעדויערען וואס דיא געהיימנים פון דיעזער קונסטטווערק וועט שטארבען צוזאמען מיט איהר ערפינדער.

נעמא האט דארויף ניט געענטפערט. אייניגע מינוטען איז ער שטיל גע־בליבען, דאן האט ער דעם געשפרעך אנגעווענדעט צוריק אויף דיא מורא וואס דיא פערצייטיגע דורות האבען געווארפען אויף רייזענדע פאר'ן רויטען מעער.

— איהר זאגט — האט ער זיך אבגערופען — אז דיא אלטע היסטאריקער שטעלען דיעזען ים פאר אלס זעהר געפעהרליך.

בעשיצט מיט פיערצעהן פעסטונגען. דיא שטאָדט איז רואינירט געוואָרען דורך אינערליכע אונרוהען.

דיא "נאָטילוס" איז געקומען נעהענטער צו דיא אפריקאנישע ברעגען, וואו דער ים איז פיעל טיעפער. אין דיא פלעצער, וואו דאָט וואסער איז דורכזיכטיג, האָבען מיר דורך דיא נעעפענטע לאָדען פון שיף געקענט גענוי בעטראכטען דיא מערקווירדיגסטע קאראלען־וועלדער און דיא אונגעהייער גרויסע פעלזען־ווענד אונטער'ן ים, וואָס זיינען געווען בעדעקט מיט פערשיעדענע ים־בלומען. דיא אונטערוואסערדיגע לאנדשאפטען אין יענע געגענדען זיינען העכסט שעהן און ערהאבען. וואָס ווייטער זיינען דיא קאראַלען בוימער געווען אלץ פראכטפאָלער און ענטוויקעלטער און איך האָב גרויס פערגעניגען געהאט צו זיצען ביי'ם פענ־סטער און בעטראכטען זיי.

אויסער דיא נאטור־שעהנהייטען האָב איך אין יענע געגענדען בעמערקט א מין בעשעפענים וואָס איך האָב ביז יענער צייט ניט געזעהן. דאָס איז געווען א זאָרט שוואָמען (ספאָנדזשעס), וועלכע געהערען צום טהיערען־רייך — צו דיא פאָליפען. דיעזע לעבעדיגע שוואָמען גיבען אלערליי, אין פערשיעדענע פאָרמען און פארבען. זיי זיינען דאָס רוב שטייף צוגעקלעפּט צו א פעלזען, צו פערשיע־דענע מושעלען, אָדער זאָגאר צו דיא צווייגלאך פון אלערליי אנדערע פלאנצונגען.

פון אנדערע טהיער־פלאנצונגען וואָס איך האָב דאָרט געזעהן איז ווערטה צו בעמערקען א בעזונדער שעהנע מין לעבעדיגע פלאנצע וואָס שווימט מעהר־סטענטהייל אין דער הויך אויף'ן וואסער אין גרויסע מאסען. זייערע קערפּער זיינען אזוי ווייך, אז ווען מען טריקענט זיי אויס, בלייבט פון זיי גאָר ניט. פיש איז דאָרט זעהר וויניג זאָרטען געווען. דיא מאטראָזען פלעגען ארויפ־ציהען דיא נעטצען, אָבער בלויז איינינע זאָרטען פיש פלעגען זיך אין זיי גע־פינען.

דעם נייינטען פעברואר איז דיא "נאָטילוס" דורכגעפאָהרען דיא ווייטעסטע שטעלע פון רויטען מעער, צווישען סאָוקין און קומפידא, וואו זיין ברייט דער־גרייכט ביז 190 מייל. ארום מיטאג צייט איז קאפיטאן נעמאָ ערשיענען אויף'ן פלאטפאָרם. איך בין דאָרט אויך דאמאָלס געווען. איך בין שוין זעהר נייגעריג געווען צו זעהן איהם און אויב מעגליך דערגעהן פון איהם וואוהין ער דענקט אויסצודרעהען זיך פון דיעזען מעער. דער קאפיטאן איז צו מיר צוגעגאנגען און העכסט פריינדליך מיר אָנגעבאָטען א סיגאר. דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— נו, הערר פראָפעסאָר, וויא געפעהלט אייך דאָס רויטע מעער? האָט איהר בעטראכט אלע וואונדערבארע זאכען אויף זיין גרונד און דיא שטעדט ביי זיינע ברעגען?

— יא, קאפיטאן! — האָב איך געענטפערט — אייער "נאָטילוס" איז

איך האָב געגלויבט, אז קאפּיטאן נעמאָ וועט זיך יעצט צוריקקעהרען מיט זיין שיף, ווייל קיין אנדער וועג אויסער נאָך דעם אָבגעשלאָסענעם רויטען מעער גיבט עס דאָרט ניט, און איך האָב געדענקט, אז דער קאפּיטאן וועט זיך ניט אונטערשטעלען צו פאָהרען דאָרט ארום און ריזיקירען צו קומען אין א צוזאַמענשטויס מיט ענגלישע און פראנצויזישע קריעגס שיפען וואָס בעוואכען דעם אריינפאָהר אין ים. אָבער איך האָב א טעות געהאט. אויף מאָרגען, דעם זיעבענטען פעברואר, איז צו מיין גרעסטע איבעררַאשונג, דיא „נאָטילוס" אריינגעפאָהרען אין קאנאל פון באב־על־מאנדעב (דער טהויער פון טרעהרען אויף אראביש), וואָס פיהרט צום רויטען מעער.

דיעזער קאנאל איז ארום 32 מייל לאנג. דיא „נאָטילוס" קען פאָהרענדיג שנעל איהם דורכשווימען אין א שטונדע צייט, און אזוי איז טאקי געווען. דיא שיף האָט זיך ארונטערגעלאָזט אונטער'ן וואסער און מיר זיינען דעם קאנאל דורכגעפאָהרען. דיא קריעגס שיפען פון אויבען האָבען ניט געוואוסט וואָס אונטער זיי טהוט זיך. ארום מיטאג צייט איז אונזער שיף שוין געשוואומען אין דיא וואסערען פון רויטען מעער.

דער רויטער מעער איז דער ים־סוף וואָס איז דערמאָהנט אין דער ביבעל, אז דיא אידען זיינען איהם דורכגעגאנגען טרוקען, ווען זיי זיינען אנטלאָפען פון דיא עגיפּטער. אין דיא אמאָליגע צייטען איז איבער דיעזען מעער געטריבען געוואָרען א וועלט־האנדעל און ביי זיינע פערשיעדענע האפענס זיינען געשטאנען גרויסע שטעדט, וועלכע זיינען געווען בעלעבט פון האנדעל און אינדוסטריע. צו דער צייט ווען דיא „נאָטילוס" איז אין איהם געשוואומען איז ער ווייניג וואָס בעלעבט געווען און בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך דאָרט א שיף בעוויזען.

איך האָב ווייניג וואָס געטראכט, צו וועלכען צוועק קאפּיטאן נעמאָ האָט אונז אין דיעזען אָבגעשלאָסענעם מעער אריינגעפיהרט. דיא רייזע זעלבסט אונטער זיינע וואסערען איז מיר העכסט אנגענעהם געווען. אונזער שיף איז געפאָהרען מיט א מיטעלמעסיגע שנעלקייט, אמאָל אין דיא טיעפענים, אום א שיף אויסצומיידען און אמאָל אויף דער אָבערפלעכע, און איך האָב געהאט דיא מעגליכקייט צו בעטראכטען דיעזען מערקווירדיגען ים אי אונטען אין זיין טיעפענים, אי פון אויבען.

דעם אכטען פעברואר אין דער פריה זיינען מיר געפאָהרען ניט ווייט פון דער אלטער אראבישער שטאָדט מאָקא, וועלכע איז יעצט א רואינע. דיא ווענד ארום שטאָדט זיינען צובראָכען און איינגעפאלען. אין פערשיעדענע ערטער זייינען דיא רואינירטע פעסטונגען בעדעקט מיט פראכטפאָלע טייטעל־בוימער. ווען דיא שטאָדט האָט געבליהט זיינען דאָרט געווען זעקס עפענטליכע מארקען, זעקס און צוואנציג מאָשעען, און דיא מויער־וואנד ארום שטאָדט איז געווען

ענדיגען, ווייל איך בין דערפון העכסט צופריעדען און מיר איז זעהר אנגענעהם צו זעהן און בעאָבאכטען אזעלכעס וואָס בלויז איינִיגע מענשען האָבען דיא מעג־ליכקייט צו זעהן.

— ווייסט איהר אָבער, הערר אראָנאקס, אז מיר זיינען שוין דאָ געפאנגען כמעט דריי מאָנאטען? — האָט לענד געפרעגט.

— איך צעהל ניט דיא טעג מיט דיא שטונדען! — האָב איך געענטפערט

— מיר איז דיא רייזע ליעב און איך זוך ניט פּטור צו ווערען פון איהר.

— אָבער וואָס וועט זיין דער סוף פון אונז?

— דאָס וועט דיא צייט בעווייזען. איבעריגענס קענען מיר דאָך מיט אונ־זער טראכטען דיא זאך ניט ענדערען. ווען איהר וואָלט געקומען צו מיר, מיין גוטער לענד, און געזאָגט: "דאָ איז א מיטעל צו אנטלויפען", דאן וואָלטען מיר וועגען דעם גערעדט און זיך געי'ישוב'ט, אויב עס לוינט זיך פאר אונז צו טהאָן דאָס; יעצט אָבער איז גלייכער מיר זאָלען שווייגען און פאָרלויפיג געניסען דעם פערגעניגען פון דיעזער רייזע. דיא צוקונפט וועט שוין איהרעס אליין ברייגנען.

לענד האָט אייגענטליך ניט געהאט וואָס צו ענטפערען. אָבער ער איז פערבליבען ביי זיין עקשנות, אז ער קען ניט פיהלען קיין פערגעניגען זייענדיג געפאנגען און ער האָט גרויס לוסט בעפרייט צו ווערען פון דער "נאָטילוס".

פיער טעג כסדר, ביז דעם דריטען פעברואר איז דיא שיף געשוואומען אין דעם מעער פון אָמאן, אין פערשיעדענע טיעפעניסען. ענדליך, ארויספאָהרענדיג פון דיעזען מעער, האָבען מיר א קורצע צייט געזעהן דיא שטאָדט מאָסקאט, וואָס איז דיא גרעסטע שטאָדט אין דער לאנד אָמאן. איך האָב דיעזע שטאָדט בע־וואונדערט. איך בין איבערראשט געוואָרען פון איהר מערקווירדיגעס אויסזעהן. איהרע ווייסע הייזער צווישען דיא שווארצע פעלזען, דיא רונדע קופּאָלען פון איהרע מאָשעען (מאחמעדאנישע קירכען), דיא שפּיצען פון איהרע טהורמס, דיא הויכע גרינע לאָנקעס, האָבען מיך איינפאך בעצויבערט. אָבער דאָס איז שנעל פערביי געלאָפען אזוי וויא א חלום. דיא "נאָטילוס" האָט זיך ארונטער־געלאָזט אין דיא טיעפענים פון ים און דיא שעהנע פּאנאראמא איז פערשוואונ־דען געוואָרען פון אונזערע אויגען.

אונזער שיף איז נאָכדעם פערביינגעפאָהרען זעקס מייל ווייט פון דיא אראַ־בישע ברעגען פון מאהראה און האדראמאנט. דעם זעקסטען פעברואר האָבען מיר דערזעהן דיא שטאָדט אדען, וועלכע שטעהט אויף א בארג אויף'ן ים און איז פערבונדען מיט לאנד נור דורך א שמאָלען פּאס. ענגלאנד בעהערשט דיעזע נאטירליכע פעסטונג, זייט דעם יאָהר 1839. איך האָב געכאפּט א בליק אויף דיעזער שטאָדט, וועלכע איז פערצייטענס געווען זעהר בעלעבט מיט האנדעל און איז געווען דיא רייכסטע אין יענע געגענד.

ביז דאן האָבען מיר שוין געהאט דורכגערייזט 16,220 מייל פון דעם פונקט, פון וועלכען מיר האָבען אונזער רייזע אָנגעפאנגען אין דיא יאפאנישע וואסערען.

אויף מאָרגען, דעם 30טען יאנואר, האָבען מיר קיין לאנד געזעהן. וועהרענד אונזער שיף איז ארויפגעשטיגען אין דער הויך אויף'ן וואסער, האָבען מיר קיין לאנד געזעהן. ארום און ארום איז אונטען געווען ים און אין דער הויך הימעל, מעהר האָבען מיר קיין זאך ניט געזעהן. מיר זיינען געפאָהרען נאך דיא ריכטונג פון דעם ים פון אָמאן, וואָס געפינט זיך צווישען אראביען און דעם אינדישען האלב־אינזעל. מיר האָבען דאָרט לויט דיא ריכטונג פון שיף געדארפט אריינפאָהרען אין פערזישען גאָלף (מעער־בוזען) און ווען מיר קומען אהין קענען מיר ווייטער ניט פאָהרען. וואוהין זשע אלזאָ פיהרט אונז קאפיטאן נעמאָ? דיעזע פראגע האָבען מיר זיך אלע געשטעלט. אָבער נעד לענד איז געווען מעהר נייגעריג פון מיר און מיין דיענער און ער איז צו מיר צוגעשטאנען איך זאָל איהם דארויף א ריכטיגען אנטוואָרט געבען.

— וויא איהר ווייסט — האָט לענד צו מיר געזאָגט — האָט דער פערזישער גאָלף קיין אויסגאנג און אויב מיר פאָהרען אהין אריין, וועלען מיר שליסליך מוזען זיך צוריקקעהרען.

— זעהר מעגליך! — האָב איך דארויף געענטפערט — אָבער מיר האָבען דאָרט א שמאָלען וואסער־וועג פון באב־על־מאנדעב, דורך וועלכע מען קען אריינפאָהרען אין רויטען מעער.

— איך דארף אייך ניט לערנען, מיין הערר — האָט לענד געזאָגט — איהר ווייסט עס בעסער וויא איך, אז דער רויטער מעער זעלבסט איז דאך פון אלע זייטען אָבגעשלאָסען, דען דער זועץ קאנאל איז נאך ניט דורכגעבראָכען, און אזא געהיימניספאָלע שיף וויא דיא "נאָטילוס" דארף יעדענפאלס ניט אונטער־שטעהן דורכצופאָהרען אזא קאנאל וואו דער דורכגאנג איז פערמאכט. אויסער דעם, איז דאך דער רויטער מעער ניט דער וועג צו ברייננגען אונז צוריק נאך איירָאפא!

— ווער האָט אייך דען געזאָגט, אז מיר וועלען פאָהרען נאך איירָאפא?

— האָב איך געפרעגט.

— וואָס דען דענקט איהר, הערר פראָפעסאָר?

— איך גלויב, אז דיא "נאָטילוס" וועט בלויז בעזוכען דיא מערקווירדיגסטע געגענדען פון אראביען און עגיפטען, דאן וועלען מיר דורך'ן מאָזאָמביק קאנאל ארויסקומען צוריק אין אינדישען אָקעאן און פון דאָרט וועלען מיר שוין האָבען א וועג צום אטלאנטישען אָקעאן. אָבער וואָס פרעגט איהר זיך אזוי נאָך, קאמעראד לענד? איז אייך דיא רייזע שוין נמאס געוואָרען? איך זעה אז איהר זיינט גאנץ גלייכגילטיג צו דיא אלע וואונדער זאכען וואָס מען זעהט אונטער'ן וואסער. מיר אָבער וואָלט שטארק פערדראָסען ווען אונזער רייזע זאָל זיך

פון דער'הרג'עטען האי־פיש איז אומגעשוואומען אויף'ן וואסער. נאך דעם שווארצען קאליר פון זיינע פלוס־פעדערען האב איך דערקענט, אז ער איז איינער פון דיא פורכטבארסטע זארטען רויב־פיש וואס געפינען זיך אין אינ־דישען מעער. זיין קערפער איז געווען 25 פוס לאנג, אבער זיין קאפ האט פער־נומען א דריטעל פון זיין קערפער, און דער אפענער מויל מיט דיא זעקס ריי־הען שארפע ציינער איז געווען מורא'דיג.

ווערענד מיר האבען בעטראכט דעם טויטען בארג פלייש אויף'ן וואסער, האבען זיך בעוויזען ביי א טוצען רויבערשע ברואים פון זעלבען מין און ניט קימערענדיג זיך וועגען אונזער שיפעל זיינען זיי בעפאלען פרעסען דעם טויטען קערפער פון זייער קאמעראד און זיי האבען זיך געריסען און געביסען, ווייל יעדער פון זיי האט געוואלט בעקומען א גרעסערען חלק.

אום האלב נאך אכט דעם זייגער זיינען מיר שוין געווען צוריק אויף דער "נאטילוס". דארט האב איך זיך ערשט פאלקאם בערוהיגט און איך האב גענוי אנגעהויבען בעדענקען, וואס יענעם פריהמארגען האט פאסירט און איך האב פון יענע בעגעבענהייט צוויי זאכען געלערענט: ערשטענס, אז קאפי־טאן נעמא איז א וואונדערבארער מוטהיגער העלד, און צווייטענס, אז ער, דער מערקווירדיגער מאן, וועלכער זאגט זיך אב פון דער וועלט און פון דיא גאנצע מענשהייט, האט דאך זיין מענשען־הארץ און דיא עדעלערע געפיהלען ניט פערלארען, ווייל זאנסט וואלט ער דאך ניט ריזיקירט זיין לעבען פאר אן אומ־בעקאנטען פישער.

ווען איך האב זיך מיט דיעזע בעמערקונג געווענדעט צום קאפיטאן, האט ער מיר מיט א שטארקען הערצליכען טאן געענטפערט:

— יענער אינדיער, הערר פראפעסאר, קומט פון אן אונטערדריקטעס לאנד, וועלכעס ליידעט פון דעם שווערען יאך פון דעספאטען. איך בין אויך איינער פון זיי און ביז דעם לעצטען אטהעם פון מיין לעבען וועט מיין הארץ געהערען צו זיי.

4טעס קאפיטעל

## דער רויטער מעער

דורך דעם טאג פון 29טען יאנואר איז דער אינזעל ציילאן פערשוואונדען געווארען אין האריזאנט. דיא "נאטילוס" איז געשוואומען מיט דיא שנעלקייט פון 20 מייל א שטונדע. מיר זיינען דאן דורכגעפאהרען איינינע קאנאלען, וואס שיידען אב דיא מאלדיווען פון דיא לאקאדיווען אינזלען. מיר זיינען אויך פערביי געפאהרען דעם אינזעל קילטאן, וועלכער איז ענטוויקעלט געווארען פון קאראלען. דיעזען אינזעל האט דער פארטוגעזישער רייזענדער וואסקא דע גאמא ענטדעקט אין יאהר 1499.

גענבליק און נעמאָ ווערט פערשלונגען. אָבער שנעל אזוי וויא א פייל פון בויגען איז לענד אויפגעשפרונגען מיט זיין הארפון אין האנד און מיט'ן ערשטען שטויס האָט ער פונקט אין ציעל געטראָפען. ער האָט באלד דורכגעלעכערט דעם מזיק'ס ברוסט. דער גרויסער קערפער האָט זיך איינינגע מאָל א שטארקען צאפעל געטהאָן און ער איז געפאלען טויט. פון זיין צאפלען זיך איז קאָנסייל אויך אומגעשליידערט געוואָרען צו דער ערד.

קאפיטאן נעמאָ איז באלד אויפגעשטאנען גאנץ מונטער און אונבעשעדיגט. ער איז גלייך צוגעלאָפען צום אונגליקליכען פישער, וועלכער איז נעלעגען הילפלאָז אויף'ן גרונד. ער האָט שנעל אָבגעשניטען דיא שטריק, אין וועלכע זיינע פיס זיינען געווען פערפלאָנטערט און ער האָט איהם ארויפגעצויגען אין דער הויך. מיר אלע זיינען אויך ארויפגעשטיגען אין דעם פערלען־פאנגער'ס שיפעל, וואו דער קאפיטאן האָט זיך גענומען מינטערען דעם בעוואוסטלאָזען, אין וועלכען מען האָט קיין פונק לעבען ניט געזעהן. מיר האָבען ניט געגלויבט אז ער איז דערטרונקען, ווייל ער איז אונטער'ן וואסער ניט לאנג געווען, אָבער מיר האָבען געדענקט, אז דער האי־פיש האָט איהם דערשלאָגען מיט'ן קלאפ פון זיין עק. קאָנסייל איז דעם קאפיטאן געקומען צו הילף און זיי איז ענדליך געלונגען דעם אינדיע'ר צו רעטען. עס איז געווען אי טראגיש, אי קאָמיש צו זעהן וויא דער גערעטעטער האָט מיט ערשטוינען און שרעק געקוקט אויף דיא פיער קופערנע קעפ וואָס זיינען איבער איהם געווען איינגעבויגען. קאפיטאן נעמאָ האָט פון זיין טאש ארויסגענומען א זעקעלע פול מיט פערל און עס איבערגעגעבען דעם אינדיער, וועלכער האָט עס צוגענומען מיט ציטערדיגע הענד און געקוקט אויף אונז מיט צומישטע בליקען. איך ווייס ניט וואָס דער ווילדער האָט דאמאָלס געטראכט, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אז ער האָט וואהרשיינליך געדענקט, אז ברואים פון אן אנדער וועלט זיינען געקומען איהם רעטען און בעגליקען.

אויף א צייכען פון קאפיטאן נעמאָ האָבען מיר זיך אומגעקעהרט צוריק אין וואסער און אין א האלבע שטונדע ארום זיינען מיר געווען צוריק אויף דעם פלאץ וואו אונזער שיפעל איז געשטאנען.

באלד וויא מיר זיינען אריין אין שיפעל און אויסגעטהאָן אונזערע גומענע און קופערנע בגדים, האָט קאפיטאן נעמאָ געזאָגט צו לענד:

— מיין בעסטען דאנק, הערר לענד!

— איך האָב נור געטהאָן מיין פפליכט — האָט לענד קורץ געענטפערט.

דער קאפיטאן האָט א שמייכעל געטהאָן, דאן האָט ער געהייסען פאָהרען צוריק צו דער "נאָטילוס".

דיא שיפעל האָט זיך שנעל געגליטשט איבער דיא וועללען. מיט איינינגע מינוטען שפעטער זיינען מיר פערביינגעפאָהרען דעם פלאץ, וואו דער קערפער

איהם דערלאנגט א שטארקען קלאפ מיט זיין מעכטיגען עק און דער מאן איז ארונטערגעפאלען צום באָדען פון ים.

דיא גאנצע סצענע האָט קוים א פּאָר מינוטען געדויערט. דער האי־פיש האָט זיך אומגעדרעהט אויף זיין רוקען און איז שוין געווען פערטיג זיין אָפּ־פער איינצושלינגען. דיא בלוט איז מיר פערקיהלט געוואָרען קוקענדיג אויף דיעזער שוידערליכער סצענע. קאפּיטאן נעמאָ, וועלכער איז געלעגען נעבען מיר, האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען און האלטענדיג זיין ברייטען מעסער אין האנד איז ער שנעל געלאָפען געגען דער שרעקליכער חיה אָנצופיהרען מיט איהר א קאמפּף.

אין דיעזען אויגענבליק, ווען דער האי־פיש האָט שוין אויסגעשטעלט זיין מויל אויף דעם אונגליקליכען פישער, האָט ער דערזעהן זיין נייעם געגנער. ער האָט זיך אומגעדרעהט צוריק אויף'ן בויך און זיך א וואָרף געטהאָן צום קאפּי־טאן. נעמאָ איז געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט קאלטבלוטיג, אזוי וויא ער זאָל דאָ האָבען צו טהאָן מיט א האָז אָדער אירגענד וועלכע אנדערע קליינע בעשעפענים. ווען דער האי־פיש איז צו איהם נאָהענט צוגעקומען, האָט נעמאָ אריינגעשטאָכען זיין ברייטען מעסער אין זיין בויך. אָבער ער האָט דערמיט גאָר ניט אויפגעטהאָן. דער קאמפּף האָט זיך ערשט אָנגעפאנגען. א האי־פיש קען מען ניט פּטור'ן מיט שטעכען אין בויך. דאָס מאכט איהם נור זעהר בייז, אָבער שאדען שאדעט עס איהם ווייניג. אום צו טויטען דיעזען אונגעהייער גרויסען מזיק מוז מען איהם טרעפען פּונקט אין ברוסט, זאָנסט מאכט מען נאָך פיעל ערגער. גאנצע שטראָמען בלוט האָבען זיך פון דעם פערוואונדעטען האי־פיש געגאָסען, ביז דאָס וואסער איז ארום איהם רויט געוואָרען און ער האָט זיך געצאפּעלט מיט אזא שרעקליכען וואוטה, אז מיר האָט אויסגעוויזען דאָס מיר זיינען אלע פערלאָרען.

אין דעם דונקעלען וואסער צומישט מיט בלוט, האָב איך בעמערקט וויא קאפּיטאן נעמאָ האלט דעם טהיער ביי איינעם פון זיינע פלוס־פעדערען און ער שטעכט איהם יעדען אויגענבליק מיט'ן מעסער, אָבער ער טרעפט איהם אלץ ניט אין ריכטיגען פּלאַץ. דאָס וואסער ארום האי־פיש האָט געקאָכט אזוי וויא אין א קעסעל פון זיין צאפּלען זיך און אָט, אָט האָט זיך מיר געדאכט, פאלען מיר אלע אלס זיינע קרבנות.

אזוי וויא א פערשטיינערטער בין איך געשטאנען און צוגעקוקט דעם פורכטבארען קאמפּף. איך האָב געוואָלט ציהען מיין מעסער און קומען דעם קאפּיטאן צו הילף, אָבער איך בין געווען אזוי וויא פּאראליזירט און איך האָב מיינע הענד ניט געקענט בעוועגען. ענדליך איז דער קאפּיטאן געפאלען צום באָ־דען און דער האי־פיש האָט איהם צוגעדריקט מיט דער גאנצער מאסע פון זיין קערפּער. ער האָט שוין געהאט געעפענט זיין ברייטען מויל. נאָך איין אוי־

ווייט און ער וועט אונז בעפאלען. איך האָב א ציטער געטהאָן מיט אלע גליע־דער און א קעלט איז אריבער מיין לייב. אָבער באלד האָב איך זיך ארומגע־זעהן, אז איך האָב א טעות, אז מיר האָבען דאָ ניט צו טהאָן מיט א געפעהר־ליכעם טהיער פון ים.

דאָס איז ניט געווען קיין האי־פיש, זאָנדערן א מענש, אן איינפאכער ארעמער אינדיע'ר, וועלכער איז געקומען צו פאָהרען מיט א קליינע שיפעל און ער האָט זיך ארונטערגעלאָזט אין וואסער זוכען פערל־אויסטערס. איך האָב געזעהן וויא דער מאן האָט זיך צוגעהאלטען מיט דיא פיס אָן א שווערען שטיין וואָס איז געהאנגען אויף א שטריק צוגעבונדען צו זיין שיפעל, ער האָט אָנגעכאפּט אין א זאק אביסעל מושעלען, וואָס זיינען איהם אין דיא הענד גע־קומען און ער האָט זיך צוריק אויף'ן שיפעל ארויפגעכאפּט. מעהר וויא א דריי־סיג סעקונדען איז דער מאן אונטער'ן וואסער ניט געווען.

אונז האָט דער מאן ניט געזעהן. מיר זיינען געשטאנען הינטער א פעל־זען און צוגעקוקט וויא אזוי ער לאָזט זיך ארונטער און הויבט זיך צוריק אויף. איהם, דעם אינדיע'ר האָט געוויס ניט געקענט אויף'ן זינען קומען, אז אונטער'ן וואסער זאָלען זיך געפינען מענשען, וועלכע שטעהען גאנץ רוהיג אזוי וויא אויף א פרייען פעלד און בעאָבאכטען זיינע בעוועגונגען.

איינינע מאָל האָט זיך דער מאן ארונטערגעלאָזט. מעהר וויא א דוצענד מושעלען האָט ער יעדעס מאָל ניט בעקומען, ווייל זיי ליגען מעהרסטענטהייל צוגעפעסטיגט צו דיא פעלזען און עס דארף נעהמען עטוואָס צייט ביז מען רייסט זיי אָב. נאָך אלעמען איז זעהר זעלטען צו געפינען אזעלכע וואָס ענט־האלטען כאָטש דעם קלענסטען פערל, און דיא ארבייט פון אָרימען פישער איז דאָס רוב ארויסגעוואָרפען.

מיר איז זעהר אינטערעסאנט געווען דיעזע סצענע צו בעטראכטען און איך בין א היבשע ביסעל צייט געשטאנען און געקוקט אויף דעם אינדיער'ס בעשעפטיגונג. מיט אמאָל האָב איך דערזעהן וויא ער שפּרינגט אויף פון גרונד און קלעטערט צוריק צו זיין שיפעל, נאָך איידער ער האָט אפילו איין מושעל אויפגעהויבען.

איך האָב באלד אויך דערקענט דיא אורזאכע פון זיין פּלוצלונגען שרעק. א ריעזענהאפטער שאָטען האָט זיך בעוויזען איבער'ן אָרימען פישער. שנעל וויא א בליץ איז צוגעשוואומען א מעכטיגער האי־פיש. זיינע ווילדע אויגען האָבען געברענט וויא פייער און זיין שרעקליכער מויל איז געווען ברייט אָפען. פון גרויס שרעק האָב איך זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען. אין א ווייל ארום האָב איך געזעהן וויא דער אונגליקליכער מאן דרעהט זיך ארויס כמעט פון אונטער דעם רויב־טהיער'ס מויל, אָבער דער שוידערליכער מזיק האָט

אונז אַנגעצייגט מיט דער האנד אויף א גענענשטאנד, וועלכען איך האָב אָנ־פאנגס ניט בעמערקט. דאָס איז געווען א ריעזען־אויסטער, מעהר וויא זיעבען פוס לאנג, וועלכער איז געלעגען בעפעסטיגט אויף א גראניט אין מיטען פון הייהל. איך האָב געשאצט זיין וואָג בערך 600 פונט.

וויא איך האָב פערשטאנען, איז קאפיטאן נעמאָ שוין ניט דעם ערשטען מאָל אין דיעזער הייהל. ער האָט אונז וואהרשיינליך אהין געפיהרט, אום צו צייגען אונז דעם מערקווירדיגען אויסטער, וואָס איז ווירקליך געווען צו בע־וואונדערען. דיא דעקלאָך וואָס בעשיצען דיא זוייכע חיה, וואָס ליגט אינ־וויינינ, זיינען גראדע געווען אביסעל אָפען. דער קאפיטאן האָט אין שפאלט אריינגעשטעקט זיין ברייטען מעסער, אום דער אויסטער זאָל זיין וואָהנונג ניט קענען צושליסען. דאן האָט ער מיט דיא הענד אויפגעהויבען דיא דיקע הויט, מיט וועלכער דיא בעשעפענים איז ארומגעוויקעלט אזוי וויא מיט א ברייטען מאנטעל און איך האָב מיט ערשטוינען דערזעהן, אז צווישען דיא פאלדען פון זיין גרויסען קערפער ליגט א פערל גרויס אזוי וויא א קאָקאָס־נוס. דיא עכט רונדע פאָרם פון דעם פערל, זיין פאָלקאָמענע קלאָרהייט, גלענצענדער קאָליר און דורכזיכטיגקייט איז געווען אזוי פראכטפאָל, אזוי ערהאבען, אז איך האָב געשאצט זיין ווערטה ניט וויינינער וויא צעהן מיליאָן פראנק. אוים נייגעריג־קייט האָב איך אויסגעשטרעקט מיין האנד און געוואָלט בעריהרען דעם דאָזיגען אונטערוואסערדיגען אוצר, אָבער קאפיטאן נעמאָ האָט מיך צוריקגעהאלטען. ער האָט דאן זיין מעסער ארויסגעצויגען און דיאביידע דעקלאָך האָבען זיך צוזאמענגעשלאָסען.

איך האָב פערשטאנען, אז נעמאָ וויל דיעזען פערל לאָזען ליגען אין קער־פער פון טהיר, אום ער זאָל נאָך מעהר אויסוואקסען, ביז ער וועט איהם אמאָל צונעהמען אין זיין מוזעאום.

מיר זיינען ענדליך ארוים פון הייהל. אביסעל שפעטער זיינען מיר אריין אין עטוואָס א טיעפען טהאָל. איך האָב שוין געהאט פערגעסען מיין פריהער־דיגע שרעק וועגען דיא געפאהרען וואָס שטעהען אונז פאָר און וואָס מיין פאנ־טאזיע האָט נאָך איבערטריבען אויף צעהנדלינגע מאָל אזוי פיעל. איך בין שוין געווען פאָלשטענדיג בערוהיגט און איך האָב מעהר נערענקט וועגען דעם אונ־געהייער גרויסען פערל, וויא וועגען דיא האי־פישען. פּלוצלונג איז קאפיטאן נעמאָ געבליבען שטעהן און נענעבען א וואונק, איך זאָל זיך נעבען איהם איינ־בויגען צום באָדען. איך האָב אזוי געטהאָן און נעמאָ האָט מיר אָנגעצייגט אויף א פונקט וואוהין איך זאָל קוקען. איך האָב מיינע אויגען געווענדעט צו דעם פּלאַץ, וואו ער האָט מיר אָנגעוויזען און איך האָב אויפ'ן גרונד פון ים דערזעהן א שאָטען פון א לאנגען גענענשטאנד. דעם ערשטען מאָמענט בין איך זעהר דער־שראָקען געוואָרען. איך האָב גערענקט, אז א האי־פיש שווימט ערגיץ ניט

קען אויף איהם, וויא ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע לאַנגע, העסליכע פיס מיט וועלכע ער קען א מענשען לייכט ארומנעהמען. דיעזע בעשעפענים פרעסט זעהר גערן קאַקאָס־ניס. אום דיעזע פרוכט צו בעקומען, כאַפּט ער זיך ארויס אויפ'ן ברעג, קלעטערט ארויף אויף א בוים און שליידערט ארונטער דיא ניס, וועלכע ווערען צושפּאַלטען פון פאַל, דאַן עפענט ער דיא שאַלאַכץ און שלעפּט ארויס דעם יאָדער. מיר האָבען דאָרט אויך בעגעגענט קלענערע און גרעסערע ים־ברואים, פון וועלכע עס שלאָגט אָב אן עלעקטרישע ליכט, און אויך שעהנע, גלענצענדע, פיעל־פארביגע מינים פיש און קליינע טהיערע.

א שטונדע שפּעטער זיינען מיר ענדליך געקומען צום אָרט וואו דיא פּערל־מושעלען געפינען זיך. דיא שיסעלאך פון דיא מושעלען זיינען רונד, דיק, בע־דעקט מיט קנייטשען און שטארק בעפעסטיגט איינע צו דיא אנדערע. קאַפּיטאַן נעמאָ האָט אונז מיט'ן האנד אָנגעציינט אויף דיעזע אונענדליכע אוצרות וואָס וואַלגערען זיך אין ים. לענד האָט דערווייל אָנגעקליבען שעהנע מאַלום־קען שיסעלאך און זיי בעהאַלטען אין דעם קליינעם נעץ, וואָס ער און קאָנסייל האָבען מיטגענומען. מיר זיינען לאַנג ניט פערבליבען שטעהן אויף איין אָרט, ווייל מיר האָבען געמוזט נאָכפאָלגען דעם קאַפּיטאַן, וועלכער האָט זיך אַלץ גע־צויגען ווייטער און ווייטער, וואהרשיינליך צו א געוויסען ציעל. דער באָדען איז ביסלעכווייז ווידער געוואָרען אַלץ העכער און העכער און מיר זיינען געגאַנגען בארג ארויף ביז מיר זיינען געקומען אזוי הויך, אז איך האָב מיין האנד גע־קענט אויפהויבען אויסער'ן וואסער. דאַן האָבען מיר ווידער אָנגעפאנגען צו געהן בארג אראָב, צווישען שפּיציגע פעלזען מיט טיעפע לעכער, וואָס האָבען געדיענט אלס נעסטען פאַר קליינע ים־בעשעפעניסען.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך פאַר אונזערע אויגען געעפענט א גרויסע הייהל, וועלכע דיא נאטור אליין האָט קונסטפאָל אויסגעבויט פון פעלזען, וואָס זיינען געוועזען בעדעקט מיט דיא פּראכטפאָלסטע ים־בלומען. איך האָב אָנפאנגס געדענקט, אז אינווייניג איז גאַנץ פינסטער, ווייל דיא זונען־שטראהלען קענען אהין ניט אריינדרינגען, אָבער דער פאַל איז ניט אזוי געוועזען. קאַפּיטאַן נעמאָ איז אריין אין דיעזער הייהל און מיר האָבען איהם נאָכגעפאָלגט. ביים ערשטען אריינגאַנג איז מיר ווירקליך פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען און איך האָב קיין זאך ניט געזעהן, אָבער איך האָב זיך באלד צו דיעזע דונקעלהייט צוגע־וואָהנט און איך האָב דיא ארומיגע געגענשטאנדען פּינקטליך און דייטליך גע־זעהן. איך האָב בעטראַכט דיא דאָזיגע הייהל, וויא זיא איז געבויט אזוי וויא א געוועלב, וואָס איז געשטיצט אויף זיילען. דיעזע נאטור־געביידע איז געוועזען אזוי שעהן און פּרעכטיג אזוי וויא דאָס וואָלט אויפגעבויט געוואָרען פון דיא גרעסטע קינסטלער־ארכיטעקטען. נאָך א לענגערען גאַנג זיינען מיר אריינ־געקומען אין א גרויסען רונדען טהאָל. דער קאַפּיטאַן האָט זיך אָבגעשטעלט און

זיי זאָגען דערויף, אָבער זיי האָבען שוין געטראָגען אויף זייערע קעפּ דיא קו־פּערנע העלמס מיט דיא געזיכט־פּאנצערס און זיי האָבען קיין זאך געקענט הערען אָדער אנטוואָרטען.

— און אונזערע געוועהר, אונזערע ביקסען? — האָב איך געפרעגט.

— צו וואָס דארפען מיר געוועהר? — האָט נעמאָ געענטפערט — מיר געהען דאָך ניט אויף א יאגד צו שיסען טהיערע! אום צו פערטהיידיגען זיך געגען טהיערע זיינען גענוג דיזע מעסערס, וועלכע יעדער פון אונז נעהמט מיט. איז ניט שטאָהל שטארקער און זיכערער וויא בלאי? שטעקט אריין אייער מעסער אונטער'ן גארטעל און מיר פאנגען אָן צו געהן.

באלד נאָכדעם האָט מען אונז אָנגעטהאָן דיא קופּערנע שיידען אויף דיא קעפּ. איך האָב א קוק געטהאָן אויף מיינע קאמעראדען און איך האָב געזעהן, אז זיי זיינען אויך בעוואפענט מיט ברייטע מעסערס, נור לענד האָט נאָך דערצו געהאלטען אין האנד א גרויסען הארפּון, וועלכען ער האָט פון שיף מיטגענומען.

מיר זיינען דאן אלע ארויס פון שיפעל און געבליבען שטעהן אויף א זאמ־דיגען גרונד, וואָס איז געווען בלויז אייניגע פוס אונטער'ן וואסער. נעמאָ האָט אונז געגעבען א צייכען מיט'ן האנד, אז מיר זאָלען איהם נאָכפאָלגען און מיר זיינען באלד ארונטער טיעפער אונטער'ן וואסער.

דער געפיהל פון מורא איז דאן פון מיינע געדאנקען פערשוואונדען. איך האָב זיך אליין בעוואונדערט, וואָס איך בין פּלוצלונג אזוי רוהיג געוואָרען. עס איז מיר גאנץ ליכט און בעקוועם געווען צו בעוועגען זיך און דאָס האָט מיר צוגעגעבען מוטה אָנצוטרויען מיינע קרעפטען און מיין פלינקקייט, אז זיי וועלען מיך רעטען אין צייט פון געפאהר.

דיא זונען שטראהלען האָבען דורכגעדרונגען דאָס וואסער און עס איז אזוי ליכטיג געווען, אז מיר האָבען פון ווייטענס געקענט זעהן דעם קלענס־טען געגענשטאנד. נאָך א שפּאציר פון א צעהן מינוטען צייט בארג אראָב זיינען מיר געקומען אין א טיעפעניס פון אריבער 18 פוס. דאָרט איז שוין דער באָדען געווען גלייך, אזוי וויא א גלייכע שטיק לאָנקע.

פון אונטער אונזערע פיס זיינען, אזוי וויא זומפּ־פויגלאך, ארויסגעפלויגען מאסען מערקווירדיגע פיש און קליינע ים־שלאנגען. דיא אויפשטייגענדע זונן האָט אלץ מעהר און מעהר בעלויכטען דיא וואסערען. דער באָדען האָט זיך ביסלעכוויז געענדערט. אָנשטאָט דעם גלייכען זאמדיגען גרונד, זיינען מיר געגאנגען דורך אן אונטערוואסערדינען וועג, וואָס איז פון ביידע זייטען אָב־געגרענעצט מיט פעלזען, וועלכע זיינען געווען בעדעקט מיט מאָלוסקען און טהיער־פלאנצונגען. איבער זיי זיינען אומגעשוואומען מאסען העסליכע ברואים. מיר האָבען דאָרט בעגעגענט דעם געוויסען ריעזען־קרעבס, וועלכען דער גרוי־סער נאטור־פאָרשער דארווין האָט בעשריבען. עס איז געווען א שרעק צו קו־

אונז און דאָס לאַנד איז דער ים געווען גאַנץ לעער. קיין שיפעל, קיין לעבעדיגע פערזאָן איז ניט געווען צו זעהן. יענע געגענד, וואָס שוויבעלט אין גריבעלט אין דער צייט פון פערלען־געפאנג, איז געווען איינזאם און פערלאָזען. עס איז באַלד העלער טאָג געוואָרען און אונזער שיפעל איז געקומען ניט ווייט פון דעם אינזעל מאנאאר און מיר האָבען איהם דאן בעטראכט אויף אזוי ווייט וויא אונזערע אויגען האָבען געקענט בליקען.

אויף א בעפעהל פון קאפיטאן נעמאָ איז דער אנקער ארונטער געלאָזט געוואָרען. דאָס וואסער איז דאָרט געווען זעהר פלאַך, פיליייכט בלויז א דריי פוס טיעף. דיא קייט וואָס האלט אויף דעם אנקער האָט זיך בלויז אביסעל ארונטערגעלאָזט און דיא שפּיצען פון אנקער האָבען שוין געשטעקט אין גרונד פון ים.

— יעצט זיינען מיר אויף'ן פּלאַץ! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט — זעהט איהר דאָרט, הער אראָנאקס, דיא בוכטע? דאָס איז דער פּלאַץ, וואו אין א מאָנאט ארום וועלען זיך הונדערטע שיפלאַך מיט פערלען־פאנגער פערזאמלען, אצינד אָבער זיינען מיר דאָ דיא איינציגע, און לאָמיך אייך זאָגען, אז היינט איז זעהר א גוטער טאָג פאר פערלען־פישעריי. דער וועטער איז נאָך בעסער וויא געוואונשען און איך האָף, אז מיר וועלען אויף דיעזער פערלען־יאגד גוט אויסמאכען. יעצט לאָמיר אָנטהאָן דיא טויכער־קליידער און גלייך צו דער ארבייט.

איך האָב דערויף גאָר ניט געענטפערט. און קוקענדיג אויף דיא וועללען, אונטער וועלכע, איך האָב געדענקט, געפינען זיך זיכער האַי־פישען און אנדערע געפעהרליכע ברואים, האָב איך א צושראָקענער, מיט דיא הילף פון א פּאָר מאטראָזען אָנגעצויגען דיא ים־קליידער. קאפיטאן נעמאָ און מיינע קאמע־ראדען זיינען באַלד אויך געווען אָנגעטהאָן אין דיא זעלבע קאָסטיומען.

איידער איך האָב אָנגעטהאָן דעם מעטאַלענעם קאָפּ־שייד, האָב איך זיך ארומגעזעהן, אז קיין בעלייכטונגס אפּאראטען האָבען מיר ניט. איך האָב וועגען דעם געפרעגט דעם קאפּיטאן און ער האָט מיר געענטפערט:

— דאָס איז יעצט ניט נויטיג. אין קיין גרויסע טיעפענים וועט אונז ניט אויסקומען אראָבצושטייגען. אין דיעזע געגענד איז דער ים איבעראַל פלאַך און דאָס ליכט פון דיא זונען שטראַהלען איז פאָלקאָם גענוג צו בעלייכטען אונז דעם וועג און צו זעהן וואָס אונטער'ן וואסער טהוט זיך. אויסער דעם איז אין דיעזע וואסערען אביסעל ריזיקאַליש מיטצונעהמען עלעקטרישע בע־לייכטונג, וועלכע קען צוציהען מאנכע געפעהרליכע ים־ברואים וואָס געפינען זיך דאָ.

*איך האָב געוואָרפען א בליק אויף סאָנסייל און לענד, אום צו הערען וואָס*

— הערר אראנאקס — האט ער צו מיר געזאגט — זיינט איהר פערטיג צו געהן?

— יא, איך בין פערטיג.

— דאן זייט אזוי גוט און קומט מיט מיר.

— און מיינע קאמעראדען, הערר קאפּיטאן?

— איך האב זיי שוין צו וויסען געגעבען — זיי ווארטען פאר אונז.

— וועלען מיר שוין געהן אנטהאן דיא טויכער־בגדים?

— נאך ניט, הערר פּראָפעסאר! איך האב אונזער שיף ניט געוואלט צופיהרען נאהענט צום ברעג און מיר געפינען זיך פארלויפיג אין מיטען ים, א היבשע שטרעקע ווייט פון מאנאאר גאלף. מיר וועלען ביז צו דעם ריכטיגען פונקט צופאהרען אין א קליינע שיפעל, אין וועלכע עס געפינען זיך שוין אלע נויטווענדיגע אפּאראטען און אלעם וואס ווערט געברויכט ארונטערצולאזען זיך אונטער'ן וואסער.

איך בין מיט'ן קאפּיטאן ארויף אויף'ן פּלאטפארם. לענד און קאנסייל זיינען שוין דארט געווען. פינף מאטראזען זיינען געזעסען פערטיג ביים רודער אין דער קליינער שיפעל, וואס איז געווען אראבגעלאזט און בלויז צוגעבונדען צו דער "נאטילוס".

עס איז נאך געווען גאנץ דונקעל. שטיקער וואלקען האבען זיך געצויגען אונטער'ן הימעל און פערדעקט דיא בלייכע שטערען. דער ברעג האט זיך פון גאנץ ווייט געזעהן אזוי וויא א געלבליכער שטריק. צווישען דיעזען ברעג און דעם מאנאאר אינזעל פליסט דורך א מעער־קאנאל, אין וועלכען עס געפינט זיך דיא פערלען־פישעריי, אויף א שטרעקע פון אריבער צוואנציג מייל.

קאפּיטאן נעמא, איך און מיינע קאמעראדען זיינען געזעסען אין היגטער־שטען טהייל פון שיפעל. דיא מאטראזען האבען זיך געזעצט אויף זייערע פּלעצער אין פאדערשטען טהייל. מען האט דיא שטריק אבגעבונדען און מיר זיינען אבגעפאהרען.

דיא מאטראזען האבען געטריבען דיא שיפעל לאנגזאם און מיר האבען זיך ביסלעכווייז דערנעהענטערט צום ברעג. מיר זיינען אלע געזעסען שטיל, יעדער פערטיפט אין געדאנקען. קאפּיטאן נעמא האט זיך וואהרשיינליך גע־ערגערט וואס ער קומט צו נעהענטער צו לאנד, א זאך וואס איז ביי איהם פערהאסט. לענד איז וואהרשיינליך צופריעדען געווען וואס ער קומט נאהענט צו זיין ליעבלינג — טרוקענע ערד און איך און קאנסייל האבען בעטראכט און בעוואונדערט דיא אומגעגענד.

ארום האלב נאך פינף דעם זייגער איז דער הימעל העלער געווארען פון דיא ערשטע מארגען־שטראהלען און מיר האבען דעם ברעג דייטליכער געזעהן און געקענט גענויער בעטראכטען. פון איין זייט איז ער געווען ציעמליך פּלאך, וועהרענד ווייטער צו אָסטען איז דער אינזעל געווען עטוואס העבער. צווישען

מיינע קאמעראדען אויף א גרויסען בלישצענדען פערל וואס איז געלעגען אין א גלאז קאסטען. נאך מיין מיינונג איז ער אפשר ווערטה א פאר מיליאן פראנק.

— פילייכט וועט אונז מארגען אויך געלינגען צו געפינען אזא טהייערען פערל!

— פאר וואס ניט? — האב איך געזאגט — עס קען זיין, און דאס וואלט געווען זעהר א גוטע זאך. וויינינגסטענס וואלטען מיר עפעס געהאט צו צייגען, ווען מיר וועלען אמאל צוריק אויף דער יבשה קומען. אבער זאגט מיר, הערר לענד, האט איהר קיין מורא פאר האי־פישען?

— איך זאל מורא האבען? — איז דער הארפון ווארפער פערוואונדערט געווארען — ווייסט איהר, אז איך האב אין מיין לעבען שוין איינינע צעהנדלינגע פון דיעזע בעסטיעס געטויטעט?

— אבער איהר דארפט ניט פערגעסען, לענד, אז זיצען אויף א שיפעל און ווארפען אויף זיי אייער געוועהר איז ניט אזא שווערע אונטערנעהמונג וויא קעמפפען מיט זיי אין וואסער.

— געוויס! האט לענד אויסגערופען — אנפיהרען א מלחמה מיט האי־פישען אין וואסער איז א גאנץ שווערע און ריזיקאלישע ארבייט, אבער בלויז פאר אייך און ניט פאר מיר. א האי־פיש איז שטארק, האט א גרויסען און ברייטען מויל מיט שארפע צייהן, אבער ער איז אן אונגעשיקטעס בעשעפענים. ער מוז זיך אומקעהרען מיט'ן בויך ארויף, ווען ער וויל יעמאנדען איינשלינגען און איידער ער קען עס בעווייזען, האק איך אין איהם אריין מיין הארפון און איך בין מיט איהם פערטיג.

— איהר זיינט א בראוועהר וואלפיש פאנגער און איהר האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט — האב איך איהם געגעבען א קאמפלימענט — און דו, קאנסייל, וואס זאגסט דו צו דיא האי־פישען?

— איך? — האט קאנסייל געענטפערט — ווענען ארט עס? — אויב דער הערר האט איינגעשטימט דיעזען שפאציר אונטער'ן וואסער צו מאכען, בין איך אויך פערטיג צו געהן און איך האב פאר קיין זאך קיין מורא ניט.

3טעם קאפיטעל

## א פערל פון צעהן מיליאנען

אויף מארגען אום פיער דעם זייגער אין דער פריה האט מיך דער סטוארט אויפגעוועקט און מיר געגעבען צו וויסען, אז דער קאפיטאן ווארט אויף מיר. איך האב אנגעצויגען מיינע בגדים און איך בין אריין אין זאאל. איך האב דארט ווירקליך דעם קאפיטאן געטראפען.

דיא פערלען געפינען זיך אמאל צונעקלעפּט אינוויינינ צו דיא דעקלאך און אמאל צום אויסטער, צו דער חיה'לע גופא וואס ליגט דארט.

— טרעפט עס אויך, אז מען געפינט מעהרערע פערלען אין איין אויס־טער ? — האט קאנסייל געפרעגט.

— יא, קאנסייל ! — האב איך געענטפערט — עס פּאסירט. מען דער־צעהלט, אבוואהל איך צווייפעל אין דעם, אז מען האט שוין אמאל געפונען אזעל־כע פערל־אויסטערס וואס יערע האט ענטהאלטען אין זיך בין הונדערט און פופ־ציג האי־פישען !

— כא, כא, כא ! — האט זיך לענד פונאנדער געלאכט — הונדערט פופ־ציג האי־פישען און איין אויסטער.

— דער הערר האט מסתמא א טעות געהאט ! — האט זיך קאנסייל אב־גערופען.

— יא — האב איך געזאגט — איך האב געוואלט זאגען פערלען. איך וויים נים וויא אזוי דיא האי־פישען האבען זיך ביי מיר פערפלאנטערט.

— און דער פרייז פון פערל מוז נאטירליך זיין נאך זייער גרויסקייט ? — האט קאנסייל געפרעגט.

— ניט גראדע דיא גרויס אליין שפּיעלט דא דיא ראלע — האב איך ער־וויעדערט — דיא פארמע פון פערל שפּיעלט אפט א גרעסערע ראלע וויא זיין גרויס. חוץ דעם מאכט איהם דער פארב און דער גלאנץ אויך טהייערער. דיא שעהנסטע און טהייערסטע פון זיי רופט מען יונגפער־פערלען. מעז געפינט זיי אפטמאל איינציגע אין פלייש פון אויסטער. דיעזע זיינען קלאהר וויים און מעהרסטענטהייל דורכזיכטיג. זייער פארמע איז ענטוועדער רונד אדער לאנג־ליך אזוי וויא דיא פארמע פון א בירנע. דיא טהייערסטע פון זיי ווערען פער־קויפט פער שטיק און דיא ביליגע פערקויפט מען אויף'ן וואג אדער נאך אויף'ן מאס.

— זיינען טאקי פאראן איינציגע פערל וואס האבען א גרויסען ווערטה ?

— געוויס ! מען זאגט אז דער רוימישער קייזער יוליוס צעזאר האט גע־שענקט זיין כלה אן איינציגען פערל, וואס וואלט נאך יעצטיגע געלד ווערטה געוועז מעהר וויא צוואנציג טויזענד פראנק.

— איך האב פאר מיין געוועזענע כלה קאטערינא טענדער — האט לענד געלאכט — אויך געקויפט א פערלען־האלזבאנד פאר איין דאלער און א האלב.

— דאס זיינען ניט געוועזען קיין פערל ! — האט זיך קאנסייל אבגערופען

— דאס זיינען געוועזען איינפאך גלעזערנע פאטשערקעס, נאכגעמאכט אזוי וויא פערלען.

—אט דא האט איהר א טהייערען פערל ! — האב איך געזאגט ציינענדיג

דער קאפיטאן נעמאָ, דער טייפעל זאָל איהם נעהמען, האָט אונז אן אויסגע־צייכענטען פאָרשלאג געמאכט. מאָרגען גאנץ פריה, האָט ער פאָרגעשלאָגען, מיר זאָלען דיא פערל־פישערייען פון ציילאָן בעזוכען.

— און מעהר האָט ער אייך גאָר ניט געזאָגט? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, מיין הערר. ער האָט בלויז געזאָגט, אז ער האָט שוין מיט אייך וועגען דעם איבערגערעדט.

— יא, געוויס! — האָב איך האלב צומישט געזאָגט — אָבער האָט ער אייך ניט אויפמערקזאם געמאכט וועגען...

— קיין זאך ניט, הערר פּראָפעסאָר. וועגען וואָס מיינט איהר?

איך האָב געשוויגען. און לענד ניט בעקומענדיג קיין אנטוואָרט אויף זיין פראגע, האָט ווייטער געפרעגט:

— ווען איהר מיטגעהן, הערר פּראָפעסאָר?

— זעלבסטפערשטענדליך, אָהן צווייפעל! איך זעה, אז אייך געפעלט עס זעהר גוט, אָבוואָהל וויא איך גלויב, איז עס פיליייכט געפעהרליך.

— געפעהרליך? וואָס רעדט איהר, הערר אראָנאקס? פאר ווען האָבען מיר מורא צו האָבען אין ים?

איך האָב גערעכענט, אז עס וועט זיין אן איבעריגע זאך צו וואָרפען אויף מיינע קאמעראדען א מורא, בפרט אז איך האָב איינגעזעהן, דאָס דער קאפיטאן האָט זיי גאָר ניט דערמאָהנט וועגען דיא האיי־פיש און עס האָט מיר ניט גע־פאסט צו רעדען וועגען דעם, ווייל דאָס וואָלט דאך געהייסען, אז איך רעד זיי אָב פון א זאך וואָס אונזער ווירטה, קאפּיטאן נעמאָ פערלאנגט. איך האָב דארום אויף לענד'ס לעצטע פראגע קיין אנטוואָרט געגעבען.

— פיליייכט וועט דער הערר אזוי גוט זיין און אונז ערקלערען עטוואָס נענויערעס וועגען דיא פּערל פישעריי? — האָט מיין נייגעריגער דיענער א פרעג געטהאָן.

— יא, יא! — האָט לענד בעשטעטיגט — איידער מען געהט זעהן א זאך שאדעט קיינמאָל ניט אלעס מעהר און ריכטיגער וועגען דעם צו וויסען. אלזאָ, וואָס איז אייגענטליך א פּערל?

— מיין ליעבער לענד — האָב איך געזאָגט — ביי דיא פּאָעטען הייסט א פּערל, א טרעהר פון ים; ביי פרויען איז עס א ציערונג, וואָס זיי טראָגען אויף דיא פינגער, האלדז און אויערען; דער כעמיקער זאָגט, אז א פּערל איז א צוזאַ־מענמישונג פון פאָספאָר־זויערע און קאָהלען־זויערע זאלצען מיט א ביסעל ליים, און ענדליך — פאר'ן נאטור־פאָרשער איז עס גאָר א מין קראנקהייט, א מין געשוויר אָדער בלאָטער ביי א געוויסען זאָרט אויסטערס, וואָס לעבען צווישען צוויי הארטע דעקלאך. עס זיינען פאראן אזעלכע וואָס גיבען ארויס פּערל־מוטער פון פערשיעדענע קאָלירען, אָבער דיא פּערל־אויסטער איז געוועהנליך דיא בעסטע.

פון דיא לייטע, וועלען מיר האָבען דיא געלעגענהייט צו זעהן וויא אזוי דיא ארבייט געהט אָן. יא, נאָך א זאך: האָט איהר מורא פאר האי־פישען?

— האי־פישען! — האָב איך מיט שרעק אויסגערופען — איך מוז אייך זאָגען, הערר קאפּיטאן, אז פאָרלויפיג בין איך מיט דיעזע ברואים גאָר ווייניג וואָס בעפריינדעט.

— עס מאכט ניט אויס! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט — מיט דער צייט וועט איהר זיך צו זיי צוגעוואָהנען. איבריגענס איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך. מיר זיינען גוט בעוואפּענט און אויב עס זאָל זיך מאכען אין וועג צו בעגעגנען א האי־פיש, וואָלט עס געווען א גאנץ אינטערעסאנטע יאגד. אלזאָ צום וויעדער־זעהן מאָרגען פריה.

דער קאפּיטאן האָט דיא לעצטע ווערטער וועגען האי־פישען ארויסגערעדט אזוי לייכט און גלייכגילטיג, אקוראט וויא ער זאָל רעדען וועגען היהנער אָדער אנדערע שטוב־עופות, און ער איז זיך ארויסגעגאנגען. אויף מיר איז אָבער, אין אמת זאָגענדיג, א מורא געפאלען. א האי־פיש! דאָס איז דאָך פירכטליכער און געפעהרליכער וויא א לייב אָדער א טיגער. ווען עס קומט אויס צום קעמפּפען מיט א לייב אָדער מיט א טיגער זיינען זיי דאָך וויינינגסטענס אויף דער יבשה, אויף אונזער איינגענעם עלעמענט, אָבער זיך שטעלען מלחמה האלטען מיט א האי־פיש אין וואסער, וואו דיעזער שרעקליכער רויבער בעוועגט זיך פריי, ווערהענד מיר דארפען טראָגען אויף זיך אונזער שווערע וואסער־הלבשה, אזא אונטערנעה־מונג איז נאָך מעהר וויא געפעהרליך! א קאלטער שוויס האָט בעגאָסען מיין געזיכט. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אין דיא געדאנקען, וויא האי־פישען מיט זייערע אונגעהייער גרויסע אָפענע מיילער און שארפע צייהן שטעהען גענגען מיר פערטיג מיך איינצושלינגען. עס איז דורכגעגאנגען א קעלט איבער מיין לייב און מיר האָט זיך געדאכט אז איך פיהל שוין דעם וועהטאָג פון דעם ביס פון דעם דאָזיגען ים־מזיק. איך האָב זיך נור געטרייסט דערמיט, אז קאָנסייל וועט אין אזא שפּאציר־גאנג ניט וועלען איינטהייל נעהמען און דאן וועל איך אויך קענען האָבען אן אויסרייד זיך צו ענטשולדיגען און אין שיף פערבלייבען. וואָס אָנבעלאנגט מיין צווייטען קאָמעראד נעד לענד, בין איך געווען זיכער, אז ער וועט זיך דערפון ניט ענטזאגען, ווייל ער האָט אויסגעקוקט צו האָבען א שטיקעל מלחמה מיט א האי־פיש. ביי דעם קעניג פון דיא הארפּוניסטען איז אזא זאך דער גרעסטער פערגעניגען געווען.

איך האָב געוואָלט צוריק נעהמען לעזען מיין בוך, אָבער אומזיסט! מיינע געדאנקען זיינען געווען צושטערט און קוקענדיג אין בוך, האָבען זיך מיר פאר דיא אויגען פאָרגעשטעלט האי־פישען. אין דיעזען אויגענבליק זיינען קאָנסייל און לענד צו מיר אריינגעקומען.

— אויף מיין וואָרט, הערר פּראָפעסאָר! — האָט לענד אויסגערופען —

נעפיהרט ווערען. דיא פישערייען קענען מיר שוין זעהן, אָבער ניט דיא פישער, ווייל דיא לייטע נעהמען זיך געוועהנליך צו זייער ארבייט ערשט מיט א מאָנאט שפּעטער. דאָס מאכט אָבער ניט אויס. מיר וועלען דערווייל אריינפאָהרען אין מאנאאר גאָלף. מיר קומען אהין נאָך דיעזע נאכט.

דער קאפּיטאן האָט עפּעס א זאָג געטהאָן צו זיין לייטענאנט, וועלכער איז באלד ארויסגעגאנגען און דיא שיף איז געזונקען אונטען אין וואסער. דער מאָ־נאָמעטער האָט געצייגט אז מיר געפינען זיך אין דיא טיעפענים פון דרייסיג פוס.

— הערר פּראָפעסאָר! — האָט דאן נעמאָ צו מיר געזאָגט — עס זיינען פאראן אייניגע געגענדען וואו מען זוכט און מען געפינט פּערלען, אָבער דאָ ביי דעם אינזעל ציילאָן איז דער הויפּט צענטער פון דיעזען קאָסטבארען ארטיקעל. דאָ קומען זיך צוזאמען, צו א בעשטימטע צייט פון יעדעס יאָהר, ביי א דריי הונדערט שיפלאך בעזעצט מיט פּערל פאנגער. זיי לאָזען זיך ארונטער אויף א טיעפענים פון א דרייסיג פוס און זיי פאנגען דאָרט דיא פּערל־מושעלען.

— איך גלויב — האָב איך געזאָגט — אז אונזערע טויכער־אפּאראטען וואָל־טען זעהר גוט געווען פאר דיעזע ארבייט.

— גאנץ געוויס! דיא אָרימע פישער קענען זיך טיעף ניט ארונטערלאָזען און זיי קענען אונטער'ן וואסער לאנג ניט פערבלייבען. אָה, ווען דיא אָרימע קערלען האָבען אונזערע אפּאראטען, וואָלט זיי זייער ארבייט א סך לייכטער אָנגעקומען און זיי וואָלטען פיעל, זעהר פיעל מעהר פּערלען געפונען.

— יא, דאָס איז זעהר א טרויעריגע בעשעפטיגונג! — האָב איך מיט בעדויערען געזאָגט — און צו וואָס דארף מען עס אין גאנצען? ווארום ריזיקירען מענשען מיט זייער לעבען ביי דיעזע בעשעפטיגונג? בלויז צו בעפריעדיגען דיא נארישע מאָדע פון דיא רייכע, און דאָס איז ווירקליך טרויעריג. אָבער זאָגט מיר, הערר קאפּיטאן, וויפיעל מושעלען קען א שיפעל פאנגען אין פערלויף פון א טאָג?

— עטליכע צעהנדליגע טויזענדער! — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט.

— פערדיענען דיא פישער גוטעס געלד?

— א קלייניגקייט! אין פאנאמא, צום ביישפּיעל, קען א פּערלען־פישער פערדיענען אפשר א דאָלאר א וואָך. מען צאָהלט זיי דאָרט פער שטיק, א געוויי־סען קליינעם פרייז פאר יעדען מושעל וואָס ער ברייננגט ארויף און ער ענטהאלט אין זיך א פּערל, פאר דיא לעערע אָבער בעקומען זיי גאָר ניט און זיי מאכען דארום אויס זעהר ווייניג.

— עס איז צום בעדויערען! — האָב איך געזאָגט.

— אלזאָ, הערר פּראָפעסאָר — האָט נעמאָ זיך אָבגערופען — מאָרגען גאנץ פריה וועלען מיר אין דיא בעגלייטונג פון אייערע קאָמעראדען דיא פּערל־פי־שערייען אין מאנאאר בעזוכען. פיללייכט וועלען מיר דאָרט אָנטרעפען איינעם

ניט זיין, אז דאָס וואסער פון ים זאָל פערוואנדעלט ווערען אין מילך? — האָט ער נייגעריג געפרעגט.

— ניין, מיין ליעבער יונגע! — האָב איך געענטפערט — פון וואסער ווערט ניט קיין מילך. דער ווייסער קאָליר, וועלכען דו בעוואונדערסט, קומט פון מיליארדען ווייסע אינפוזאָרען, אזעלכע קליינע ברואים'לאך אָדער ווערים־לאך, וואָס זיינען אזוי דין וויא א האאר. דיא לענג פון אזא בריאה'לע איז א זיעבען טויזענד חלק פון אן אינטש. זייער צאָהל איז אָבער אזוי פיעל, אז זייענ־דיג צוגעקלעפט איינע צו דיא אנדערע, פערנעהמען זיי אָפטמאָל א שטרעקע פון אייניגע מיילען.

— אייניגע מיילען? — איז קאָנסייל ערשטוינט געוואָרען.

— יא, קאָנסייל, אייניגע מיילען! און דו זאָלסט זיך ניט בעמיהען דעם צאָהל פון דיעזע אינזעקטען אויסצורעכענען, וויל דו וועסט עס זיכער ניט קענען בעווייזען. וויא ווייט איך ווייס, זיינען שוין מאנכע שיפען געפאָהרען דורך אזא מילך־ים מעהר וויא פערציג מייל.

א פּאָר שטונדען זיינען מיר געפאָהרען דורך דיא ווייסע וועללען. ארום האלבע נאכט זיינען מיר צוריק אריינגעפאָהרען אין א געוועהנליכען וואסער, אָבער ווייט פון אונז האָט זיך נאָך אָבגעשלאָגען דער ווידערשיין פון דעם מילך־מעער.

2טעם קאפיטעל

# א נייער פאָרשלאַג פון קאַפּיטאַן נעמאָ

דעם 28טען יאנואר, ווען דיא "נאָטילוס" איז ארויפגעקומען אין דער הויך אויף'ן ים, האָב איך בעמערקט אין דיא וועסט־זייט, אומגעפעהר אכט מייל פון אונז, א שטיק לאנד, אויף וועלכע עס געפינען זיך בערג ביז א צוויי טויזענד פוס הויך. איך בין ארונטערגעגאנגען נאָכזעהן אויף דער קארטע, וואָס פאר א טרוקענע ערד עס זעהט זיך דאָרט, און איך האָב אויסגעפונען, אז מיר זיינען נעבען אינזעל ציילאָן, דער פּערל פון אינדיען, וויא מען רופט עס.

איך האָב גענומען א בוך, אין וועלכען דיעזער נאטור־רייכער אינזעל ווערט בעשריעבען און איך האָב איהם אָנגעפאנגען לעזען. פּלוצלונג איז קאפיטאן נעמאָ צו מיר אריינגעקומען.

— דער אינזעל ציילאָן — האָט דער קאפיטאן צו מיר געזאָגט — איז בעריהמט מיט דיא פישעריי פון פּערל, וועלכע מען געפינט אָפט אין דיא ארו־מיגע וואסערען. וואָלט איהר חשק געהאט, הערר ארָאנאקס, אנטהייל צו נעהמען אין אזא פישעריי?

— געוויס, הערר קאפיטאן! — האָב איך געענטפערט.

— זעהר גוט! — האָט נעמאָ צופריעדען געזאָגט — דאָס קען לייכט אויס־

גרויסע פורכטבארע מחנה פון האי־פישען. אין יענעם טהייל פון ים געפינען זיך דיא דאָזיגע "מאָנסטערס" זעהר פיעל. אראָבלאָזען זיך דאָרט אין א שיפעל איז געוועהנליך זעהר געפעהרליך, ווייל דיעזע ברואים האָבען קיין מענשען פלייש אויך ניט פיינד און זיי קענען א מענשען גאנץ לייכט איינשלינגען. איך האָב אייניגע מאָל געזעהן וויא דיעזע געפעהרליכע ים־טהיערע האָבען דורכגע־שאָסען דאָס וואסער מיט א שרעקליכען געדויש פערביי דיא פענסטער פון שיף און עס האָט זיך אויסגעוויזען אז אָט צושמעטערען זיי דיא גלאָז. נעד לענד, וועלכער האָט שוין זיין הארפון א לאנגע צייט ניט געברויכט האָט זעהר חשק געהאט אָנפיהרען א יאגד געגען דיא אומגעלומפערטע רויב־פיש, אָבער דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען זעהר שנעל, פיעל שנעלער פאר דיא האי־פיש און מיר האָבען זאָגאר קיין צייט געהאט צו אָנקוקען זיי ריכטיג.

אויף מאָרגען זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין גרויסען בענגאל בעי, א צווייג פון ים אָדער א בוכטע בעקאנט אונטער'ן נאָמען "בענגאל". דאָרט האָבען מיר אָפט בעגעגענט טויטע מענשליכע קערפּער אומשווימענדיג אויף'ן וואסער. דאָס זיינען געוועזען מתים פון אינדישע דערפער, וועלכע האָבען זיך אליין אריינגעוואָרפען אין ים אלס קרבנות צו זייערע געטער, אָדער וואָס זיינען גע־שטאָרבען מיט א נאטירליכען טויט און מען האָט זיי ארויסגעטראָגען צום ברעג ים, לויט דעם מנהג פון דיא ווילדע. זייערע לויות פראווען שוין דיא האי־פישען, קראָקאָדילען אָדער אנדערע רויב טהיערע.

אומגעפעהר אום זיעבען אוהר אבענדס איז אונזער שיף שווימענדיג האלב אונטער'ן וואסער, אריינגעפאָהרען אין א ים פון מילך. אזוי ווייט וויא מיר האָבען געקענט זעהן מיט אונזערע אויגען איז דער ים בעשטאנען פון א פליסיגקייט וויים אזוי וויא מילך. עס איז ניט מעגליך געווען צו גלויבען, אז דיא ליכט פון דער לבנה האָט עס געגעבען דעם וואסער אזא קאָליר, ווייל עס איז ערשט געווען בלויז צוויי טעג נאָך דעם געבורט פון דער לבנה (מולד) און בלויז א שמאָלער האלב־רונדער פאס האָט זיך פון איהר געזעהן. דאָס וואסער ארום אונז איז געווען אזוי וויים, אז דער הימעל פון אויבען האָט אויסגעזעהן עכט שווארץ געגען דעם געשטאלט פון ים.

קאָנסייל איז זעהר פערוואונדערט געוואָרען און ער האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראגע: פון וועלכע אורזאכע קומט דיעזע מערקווירדיגע ער־שיינונג? איך האָב עס איהם ערקלערט.

— אזא מילך־מעער — האָב איך איהם אָנגעהויבען ערקלערען — טרעפט מען זעהר אָפט ביי דיא ברעגעס פון אמבאָינא און אויך אין דיעזע געגענדען.

קאָנסייל האָט געדולד געהאט צו ווארטען ביז איך וועל איהם דיא זאך ריכטיג ערקלערען און ער האָט מיך איבערגעהאקט אין מיטען פון מיינע רייד:

— אָבער וויל דער הערר מיר זאָגען, פון וואנען קומט עס? עס קען דאָך

ליך צו אן אינגל אָדער יאַזש, וויא מען רופט עס אויף רוסיש. זיי האָבען שטעכע־דיגע האָאר אזוי וויא נאָדלען. זיי זיינען ניט גרויס, אָבער זיי קענען זיך אָנ־בלאָזען און בעקומען דעם אויסזעהן פון גרויסע קישענס. פיגאסען — אזא זאָרט פיש וואָס האָט גרויסע פליעגעל, וועלכע דיענען איהם צו שווימען אונטער'ן וואסער און אויך צו פליהען אָדער וויינינגסטענס אויפצוהויבען זיך אין דער הויך, און נאָך פיעלע זאָנדערבארע פיש און ים־טהיערע, וועלכע עס איז ווערטה גע־וועזען צו בעאָבאכטען און צו בעוואונדערען.

פון 21טען ביז 23טען יאנואר איז אונזער שיף געשוואומען מיט א דורכ־שניטליכע שנעלקייט פון צוויי און צוואנציג מייל א שטונדע. ווען דיא איי־יערנע לאָדענס פון דיא פענסטער זיינען געווען אָפען האָב איך געהאַט דיא געלעגענהייט צו בעוואונדערען דאָס לעבען און דיא טהעטיגקייט פון פערשיע־דענע זאָרטען פיש. דיא בעלייכטונג פון שיף האָט זיי צוגעצויגען און זיי האָ־בען אונז בעגלייטעט מאסענווייז. אויף מאָרגען, דעם 24טען יאנואר זיינען מיר געקומען צום קילינג אינזעל, וועלכער איז פערפלאנצט מיט פראכטפאָלע קאָקאָס בוימער. דער נאטור־פאָרשער דארווין האָט יענעם אינזעל בעזוכט און אויסגע־פאָרשט. מיר זיינען פערביינגעפאָהרען ביים סאמע ברעג פון יענעם אינזעל, וועל־כער איז עד היום ניט בעזעצט, אָבער ער איז באלד פערשוואונדען געוואָרען פון אונזערע אויגען. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען נאָך דיא ריכטונג פון אינדיאנישען האלב־אינזעל.

פון דעם אינזעל קילינג איז אונזער שיף געפאָהרען פערהעלטניסמעסיג פיעל לאנגזאמער. זעהר אָפט פלעגט זיא ארונטער שטייגען אין א גאנץ גרויסע טיעפענים. דיא טעמפעראטור איז אין דיא גרעסטע טיעפענים געווען פיער גראד ווארים. אין דיא אויבערשטע שיכטען פון וואסער איז געווען עטוואָס קעלטער.

דעם 25טען יאנואר זיינען מיר א גאנצען טאָג געווען אין דער הויך אויף'ן וואסער. דריי פיערטעל פון דעם טאָג האָב איך פערבראכט אויף'ן דעק און בע־טראכט דעם ים ארום און ארום. קיין זאך איז ניט געווען צו זעהן. מעהר וויא וואסער, הימעל און דיא "נאָטילוס", וועלכע האָט אויסגעזעהן אזוי וויא א ברעקעל אין א גרויסען מדבר, איז ניט געווען צו בעמערקען.

ארום פיער דעם זייגער פאר נאכט האָט זיך פון וויטענס בעוויזען א דאמפף־שיף. איך האָב איהרע זעגלען אויף א ווײלע געזעהן. פון יענער שיף האָט מען דיא "נאָטילוס" זיכער ניט געזעהן, ווייל זיא איז געווען זעהר ניערעריג ביים וואסער. נאָך מיין מיינונג איז עס געווען א שיף, וואָס לויפט צווישען דעם אינזעל ציילאָן און סידני, אויסטראליען.

דעם 26טען יאנואר האָבען מיר דורכגעשניטען דעם עקוואטאָר ביי דעם 82טען מערידיאן. דעם גאנצען טאָג איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען צווישען א

דעם גרונד פון ים און אז מען קוקט ארונטער זעהט אויס, אז דיא שיף שווימט אין דער לופט און עס שווינדעלט אין דיא אויגען. דיא "נאָטילוס" איז דורכשניטליך געשוואומען אין א טיעפענים צווישען דריי און זעקס הונדערט פוס, אזוי איז עס געגאנגען פינף טעג. דיא צייט איז מיר דאמאָלס ניט לאנגווייליג געווען. אלע טאָג, ווען דיא שיף פלעגט שטעהן אויף'ן וואסער, פלעג איך ארויפגעהן אויף'ן דעק און זיך קוויקען מיט פרישע ים־לופט. פאָהרענדיג אונטער'ן וואסער האָב איך פערגעניגען געהאט צו קוקען דורך דיא פענסטער אויף אלעס וואָס אין ים קומט פאָר. היינט דיא ביכער פון נעמאָ'ס ביבליאָטהעק, וועלכע איך האָב געלייענט מיט גרויס אינטערעס, און דאָס שרייבען מיינע נאָטיצען האָבען ביי מיר א היבשע ביסעל צייט פערנומען און איך האָב קיין לאנגוויילינקייט נעפיהלט. אונזער געזונדהייטס צושטאנד איז אויך געווען אין בעסטען אָרדנונג. דיא טעמפעראטור אין שיף איז געווען רעגעלמעסיג און אנגענעהם, דיא שפייזען זיינען, וויא אימער, געווען פריש און געשמאק און עס זיינען ניט געווען קיין אורזאכען וואָס זאָלען אונזער געזונדהייטס צושטאנד ברעכען.

איינינע טעג האָבען מיר געזעהן מאסען פערשיעדענע ים־פויגלאך. עס איז אונז געלונגען פיעלע פון זיי צו שיסען. דער קוכער פון דער "נאָטילוס" האָט זעהר גוט פערשטאנען וויא אזוי צו מאכען פון זיי געשמאקע בראטען. צווישען דיא מערקווירדיגסטע פון דיעזע פויגלאך האָב איך בעמערקט דיא ווייט־זעגלער, וועלכע קענען דיא גרעסטע ימים אריבערפליהען און ווען זיי ווערען מיעד פון וועג זעצען זיי זיך אויף דיא וועללען פון ים אויסרוהען. איך האָב דאָרט אויך געזעהן דעם גרויסען פויגעל אלבאטראָס, וואָס ברומט אזוי וויא אן עזעל; פרעגאטען, וועלכע זיינען אימשטאנד אין זייער שנעלסטען פליהען צו כאפען פיש פון וואסער, און פיעלע פאעטאָנס, וועלכע זיינען פעררעכענט אלס דיא שעהנסטע פון אלע ים־פויגלאך.

דיא מאטראָזען האָבען איינינע מאָל ארויפגעצויגען דיא פיש־נעצען מיט פערשיעדענע זאָרטען פיש אין שילדקרעטען, פון וועלכע דער קוכער האָט פערפערטיגט א פראכטפאָלען זופ. איך האָב דאָרט געזעהן פיש און שילדקרעטען פון זאָנדערבארע מינים וואָס איך האָב פריהער ניט געזעהן.

איך האָב דאָרט געזעהן ארמאדילאס און איגל־פיש, וועלכע האָבען אויף דיא בייכער בעשיצער, ניט פון פערהארטעוועטע קאלך אזוי וויא דיא פאנציר פון שילדקרעטען אָדער אנדערע אזעלכע ברואים, זאָנדערן פון ריכטיגען ביין. מאנכע פון זיי האָבען געטראָגען דריי־עקיגע פאנציר און מאנכע פיער־עקיגע. איך האָב רעקאָמענדירט, מען זאָל דיעזע זאָנדערבארע בעשעפניסע האלטען לעבעדיגע אין וואסער, אום זיי צו שטודירען. עס האָט זיך דאָרט געפונען א מין פיש וואָס האָט פונקט דיא פאָרמע פון אן איי. זיי זיינען געווען פון א ברוינעם קאָליר, מיט שמאָלע ווייסע פאסקעלאך. ביאָבאָנס — א וואסער־טהיער וואָס איז עהנ־

דאָס אַלעס האָט מיך געבראכט צו דענקען, אז דער קאפּיטאַן בענוגענט זיך ניט בלויז מיט זיין אנטלויפען פון דיא מענשהייט; אז זיין געהיימניספאָלע שיף דיענט ניט נור צו פערשאפען פרייהייט איהם און זיינע קאמעראדען, זאָנדערן פיליכט אויך, אום א שרעקליכען ראכע־פּלאַן דורכצופיהרען.

דיעזע געראנקען האָבען מיך שטארק בעאונרוהיגט. איך האָב זעהר געוואָלט דערגעהן דעם טיעפען סוד, אין וועלכען מיר זיינען געוועזן ארומגעוויקעלט, איך בין זעהר גערן געווען, אז כאָטש א שטיקעל ליכט זאָל געוואָרפען ווערען אויף דער פינסטערנים וואָס האָט אונז ארומגערינגעלט, אָבער איך האָב געמוזט דולדען און ווארטען צו זעהן וואָס דיא צייט וועט מיטברייננגען.

יענעם טאָג, דעם 24טען יאנואר, 1868, איז ארום מיטאָג צייט דער שיף לייטענאנט געווען בעשעפטיגט מיט זיין געוועהנליכע אויפגאבע צו בעאָבאכטען דעם ים ארום און אָבגעבען זיין רעפּאָרט דורך דער שפּרעך־רעהר. איך בין געזעסען אין דער הויך אויף'ן פּלאטפאָרם און רויכערענדיג א סיגאר האָב איך אכטונג געגעבען וויא אזוי ער טהוט זיין ארבייט. מיר האָט אויסגעוויזען, אז דער מאן פערשטעהט קיין פראנצויזיש, ווייל איך האָב איהם געמאכט איי־ניגע וויכטיגע בעמערקונגען, אויף וועלכע ער האָט געדארפט שענקען אויפ־מערקזאמקייט, אָבער ער איז פערבליבען גאנץ גלייכגילטיג און שטיל.

וועהרענד דער לייטענאנט האָט געקוקט אויף'ן סעקסטאנט, איז איינער פון דיא מאנשאפט ארויפגעקומען. דאָס איז געווען דער זעלבער הויכער מאטראָז, וואָס האָט מיך, מיין דיענער קאָנסייל און דעם קאפּיטאן בעגלייט אויף אונזער ערשטען שפּאציר־גאנג אויף'ן אינזעל קרעספּאָ, אויף'ן גרונד פון ים. דיעזער מאן האָט אָנגעפאנגען צו רייניגען דיא פענסטער פון לייכט־טהורם. איך האָב דאן געהאט א געלעגענהייט גענוי צו בעטראכטען דיעזען אפּאראט. איך האָב זיך איבערצייגט, אז דיא איינריכטונג פון דיעזען לייכטער איז געמאכט אויף א העכסט קונסטפאָלען אופן, וואָס קיינער האָט ביז דאמאָלס ניט פערשטא־נען צו מאכען. איך האָב איינגעזעהן, אז דיעזער אפּאראט פערברויכט פיעל וויי־ניגער עלעקטריציטעט וויא אנדערע און גיט ארוים א בעלייכטונג וואָס איז כמעט הונדערט מאָל שטארקער וויא דיא פון אנדערע לייכט־טהורמס. דיא גאנצע מאשינערי, האָב איך געזעהן, איז אונגעהייער שטארק און דויערהאפט. דיא „נאָטילוס" איז פערטיג געוואָרען ארונטערצולאָזען זיך אין דיא טיעפענים פון ים. איך האָב פערלאָזען דעם דעק און בין ארונטער אין זאאל. איך האָב באלד געהערט וויא דיא פלאטען אין דער הויך האָבען זיך פערמאכט, דיא שיף האָט זיך ארונטערגעלאָזט און איז אוועק איהר וועג נאָך וועסט.

דיא פּאָר טויזענד מייל פון אינדישען אָקעאן וואָס מיר האָבען געדארפט דורכפאָהרען זיינען העכסט מערקווירדיג. דאָס וואסער איז דאָרט דורכאויס זעהר דורכזיכטיג, אזוי וויא א ריינע, געשליפענע גלאָז. פון דער הויך זעהט מען דאָרט

# צווייטער טהייל

### 1טעם קאפּיטעל

## אין אינדישען מעער

מיט דעם עבענגעשריעבענעם האָט זיך געענדיגט דער ערשטער טהייל פון אונזער רייזע אונטער'ן ים. מיר פאַנגען ערשט אָן דעם צווייטען טהייל.

דער ערשטער טהייל פון אונזער מערקווירדיגע רייזע האָט זיך געענדיגט זעהר טראַגיש און ריהרענד. דיא סצענע פון בית עולם אונטער'ן גרונד פון ים האָט אויף מיר א טיעפען איינדרוק געמאַכט, אז איך וועל עס קיינמאָל ניט פערגעסען. וויא געהיימניספאָל דיא שיף, איהר קאַפּיטאַן און דיא מאַנשאַפט זיינען! מענשען האָבען זיך אָבגעזונדערט פון דער וועלט און אפילו זייערע קברים האָבען זיי אויף אויסגעקליבען אונטער'ן ים, אום זייער אייביגע רוהע זאָל ניט געשטערט ווערען זאָגאַר פון דיא רויבערשע מענשען, וויא דער קאַפּיטאַן האָט זיך אויסגעדריקט! וואָס זאָל קאַפּיטאַן נעמאָ דערמיט מיינען? וואָס איז דיא אורזאַכע פון זיין מערקווירדיגען לעבען און זיין מערקווירדיגע פערזאָרגונג נאָך'ן טויט — האָב איך פאַר קיין פאַל ניט געקענט פערשטעהן. דיעזער מאַן איז א שרעקליכער מענשען־פיינד, אנדערש קען עס ניט זיין! — אזוי האָב איך זיך געטראַכט — אָבער וואָס האָט אין איהם ערוועקט דיא שנאה צו מענשען? ווארום איז ער אנטלאָפען פון דער בעזעצטער לאַנד און ער וויל זיא מעהר מיט זיינע אויגען ניט אָנקוקען? איך האָב זיך דערמאָהנט, אז קאָנסייל האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט, דאָס דער נעמאָ מוז זיין א גרויסער געלעהרטער מאַן, וועל־כען דיא וועלט האָט ניט געוואָלט אנערקענען און דערפאַר האָט ער זיך פון דיא מענשהייט אָבגעווענדעט מיט האַס און פעראַכטונג. איך בין איינשטימיג געווען מיט דיעזע מיינונג, אָבער איך האָב פערדעכטיגט, אז ניט נור האָט ער דיא וועלט ניט ליעב, זאָנדערן ער זוכט אויך ראַכע צו נעהמען פון אַלע מענשען. מיר איז אויפ'ן זינען ארויפגעקומען דיא געהיימניס פון דער פאָריגער נאַכט, ווען מען האָט מיך און מיינע קאַמעראַדען בעטויבט און ארייגעוואָרפען אין א געפענגניס, דעם קאַפּיטאַן'ס צאָרן. ווען ער האָט פון מיינע הענד דעם שפּאַק־טיוו ארויסגעריסען, דיא שרעקליכע פערוואונדונג פון מאַטראָז, וועלכע האָט וואהרשיינליך געשטאַמט ניט פון א שטוים, וויא נעמאָ האָט מיר ערקלערט —

בארג ארויף און ארום איינס אוהר זיינען מיר געוועזן צוריק אויף דער "נאַ־טילוס".

אזוי באלד וויא איך האָב מיינע קליידער אומגעביטען, בין איך ארויף אויף'ן פלאטפאָרם, קאפּיטאן נעמאָ האָט מיר נאָכגעפאָלגט. ער איז געוועזן זעהר פערזאָרגט.

— אלזאָ — האָב איך צו איהם געזאָגט — איז דער פערוואונדעטער טאקי געשטאָרבען?

— יא, הערר אראָנאקס! — האָט ער געענטפערט.

— און אצינד רוהט ער מיט זיינע קאמעראדען אין א קבר פון קאָראלען.

— יא, פערגעסען פון דער וועלט, אויסער פון אונז. מיר פערגעסען קיינמאָל אונזערע פערשטאָרבענע קאמעראדען. מיר שטעלען נאָך זיי אנדענקונגען און דיא פּאָליפּען פערזיעגלען דיא קברים מיט שטארקע שטיין־מויערען אויף אייביג.

דער קאפּיטאן האָט איינגעגראָבען זיין קאָפּ איןביידע הענד און האָט וויי־נענדיג געזאָגט:

— דאָרט איז אונזער בית הקברות איינינגע הונדערט פוס טיעף פון דיא אויבערשטע ים־וועלען.

— אייערע טויטע רוהען דאָרט גאנץ פריעדליך, הערר קאפּיטאן! — האָב איך געזאָגט — קיין האי־פיש אָדער אנדערע רויב־טהיערע פון ים קענען צו זיי ניט צוקומען.

— און רויבערשע מענשען אויך ניט! — האָט זיך נעמאָ אָבגערופען.

ענדע פון ערשטען טהייל.

בען און עס האָט אונז אויסגעוויזען, אז מיר געפינען זיך אין א צויבער־פּאַלאַסט, מיט וואונדער־שעהנע זיילען און בעפּוצונגען פון פערשיעדענע פארבען.

ענדליך, נאָך א שפּאַציר פון צוויי שטונדען, זיינען מיר געקומען אין א טיעפענים פון 900 פוס. דאָרט האָבען זיך געענדיגט דיא קאָראַלען־געביידעס און מען האָט שוין בלויז געזעהן קליינע בוימלאָך און ניעדעריגע וועגד. ארום אונז האָט זיך געצויגען א גרויסער וואלד פון פערשטיינערטע בוימער, וועלכע האָבען זיך געשלאָסען איינע מיט דיא אנדערע. מיר זיינען געגאנגען אונטער דיא הויכע צווייגען מיט א פרייען וועג. דער באָדען איז דאָרט געוועזען בעוואקסען מיט פערשיעדענע גראָזען און בלומען, וועלכע האָבען געגלאנצט און געפינקעלט אזוי וויא דיא שעהנסטע עדעלשטיינער.

קאפּיטאַן נעמאָ האָט זיך אָבגעשטעלט. איך האָב געזעהן וויא דיא מאַטראָזען האָבען איהם ארומגערינגעלט אין א האַלבען קרייז. ערשט דאן האָב איך בעמערקט, אז פיער מאַטראָזען טראָגען אויף זייערע אַקסלען עפּעס א לאַנגען געגענשטאנד. מיר זיינען דאן געוועזען אין מיטען פון א פרייען פלאַץ, וואָס איז ארומגערינגעלט מיט הויכע בוימער. פון אונזערע לאָמפּען איז פערבליבען א האַלב־דונקעלע, בלאַסע בעלייכטונג, וועלכע האָט בלויז געוואָרפען א שוואכע ליכט איבער'ן באָדען, הינטער אונז אָבער איז געוועזען שטאַרק פינסטער.

לענד און קאָנסייל זיינען געשטאַנען נעבען מיר און בעטראַכט דיעזע מערק־ווירדיגע סצענע. מיר האָבען געזעהן, אז אין מיטען פון דיעזען פּלאַץ געפינען זיך שמאָלע, לאַנגע בערגלאָך, גראַדע אזוי וויא קברים אויף א בית־עולם. יעדער בערגעל איז געוועזען בעגאָסען מיט קאַלך און נעבען יעדען איז געשטאַנען א בלוט רויטער קאָראַלען־זייל.

אויף א וואונק פון קאפּיטאַן האָבען זיך דיא מאַטראָזען גענומען האַקען א גרוב. דאן האָב איך פערשטאַנען, אז דאָרט איז ווירקליך א בית־עולם אונטער'ן ים, וואהרשיינליך פאַר דיא לייטע פון דער "נאָטילוס", און אז דער קראַנקער מאַטראָז איז וואהרשיינליך געשטאָרבען און מען וועט איהם ערשט דאָ בע־ערדיגען.

דער קבר איז לאַנגזאַם אויסגעגראָבען געוואָרען. דיא טרעגער האָבען דעם טויטען קערפּער פון זייער פערשטאָרבענעם קאַמעראַד איינגעוויקעלט אין א ווייסע מאַטעריע און ארונטערגעלאָזט אין קבר. דער קאפּיטאַן און דיא מאַט־ראָזען זיינען א ווייל געשטאַנען אויף דיא קניע און באַלד נאָכדעם איז דיא גרוב פערשאָטען געוואָרען. זיי האָבען זיך אַלע ווידער אמאָל געשטעלט אויף דיא קניע און ווען זיי האָבען זיך אויפגעהויבען, האָבען זיי א מאָך געטהאָן מיט דיא הענד, אזוי וויא זיי זעגנען זיך מיט'ן מת און מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק צו אונזער שיף. מיר זיינען צוריק געגאַנגען דורך דעמזעלבען וועג, אַלע

פערצייטען האָט מען געגלויבט, אז קאָראַלען זיינען א מין שטיינער, אנ־דערע פלעגען אויך בעהויפטען, אז דאָס איז א מין פלאנצונג. גאָר אין דיא אלטע צייטען האָבען קאָראַלען געדיענט אלס א וויכטיגער הייל־מיטעל, שפּעטער האָט מען עס אָנגעהויבען טראָגען אלס ציערונג, אָבער וואָס פאר א מין שטאָף דאָס איז, האָט מען בעשטימט ניט געוואוסט. ערשט אין יאָהר 1694 האָט א פראנצוי־זישער געלערנטער מיט'ן נאָמען פריסאָנע ריכטיג בעוויזען, אז דיא קאָראַלען זיינען א זאָרט לעבעדיגע ברואים, וועלכע צעהלען זיך אין דיא מיליאָנען אין איין טראָפּען. דיעזע קליינע טהיערע ווערען פערשטיינערט און פון זיי בילדען זיך, אין פערלויף פון פיעלע יאָהרען, גאַנצע וועלדער, פעלזען און זאָגאר אינזלען. איך בין העכסט צופריעדען געוועזען פון דעם בעזוך אין דיא קאָראַלען־וועלדער, וואָס דיא נאַטור האָט פערפלאנצט אויף'ן גרונד פון ים.

אונזערע בעלייכטונגס־אַפּאראַטען, וועלכע האָבען געברענט העל און ליכטיג, האָבען בעלויכטען דיא קאָראַלען־וועלדער אויף א ווייטע שטרעקע און זיי האָ־בען זיך אָבגעשפּיעגעלט מיט פּראַכטפאָלע פארבען, אז מיינע אויגען האָבען ניט געקענט זאַט ווערען קוקענדיג אויף זיי. מיר זיינען פערבייגעגאַנגען א לאַנגע קאָראַלען־וואַנד, וועלכע האָט זיך געהאַלטען אין בויען, ביים זייט זיינען גע־שטאַנען פערפלאָנטערטע קאָראַלען וועלדלאַך מיט געפלאָכטענע צווייגען, בעדעקט מיט קליינע שטראַהלענדע שטערן־בלומען. דיעזע בוימלאַך שטעלען פאָר גראָדע א פערקעהרטע ערשיינונג פון דיא ערד־פלאַנצונגען. זיי וואַקסען מיט דיא וואָרצ־לען ארויף, אויף דיא שפּיצען פון דיא פעלזען און זייערע צווייגען ציהען זיך ארונטער.

קליינע פישעלאַך האָבען זיך געבאָדען אין דעם דאָזיגען אונטערוואַ־סערדיגען גן עדן. זיי זיינען אזוי וויא שטיפענדע פויגעלאַך אומגעשפּרונגען פון איין קאָראַלען צווייג אויף'ן אנדערען און עס האָט פאָרגעשטעלט אזא שעהנעס בילד, וואָס איז אונמעגליך צו שילדערען. מיר האָט זיך געוואָלט אָברייסען איינע פון דיא דאָזיגע בלומען. אָבער וויא נור איך האָב וועלכע מיט'ן האַנד בעריהרט האָט זיך דער בלומען־בעכערעל מיט איין מאָל פערשלאָסען און דיא קעפּלאַך זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין שטיינערנע שפּיצען. עס האָט אויסגעזעהן, אז דיא מיליאַרדען חיה'לאַך וואָס שטעלען צוזאַמען דיא דאָזיגע צויבער־וועלדער לעבען אין האַרמאָני און זיי לאָזען ניט צו אז א שונא זאָל פערדערבען זייער שעהנהייט.

דיא פּראַכטפאָלע וועלדלאַך זיינען געוואָרען געדיכטער און דיא בוימלאַך העכער. פאר אונזערע אויגען האָבען זיך פאָרגעשטעלט גרויסאַרטיגע פאַנטאַס־טישע קאָראַלען־געביידען. קאַפּיטאַן נעמאָ איז ארונטערגעגאַנגען אונטער א דונ־קעלע גאַלערי, וועלכע האָט זיך געצויגען ביז 300 פוס טיעף. דיא ליכט־שטראַה־לען פון אונזערע לאַנטערנעס האָבען בעלויכטען דיעזע ערהאַבענע נאַטור־געוועל־

איך דערפון דערגעהן דיא סודות פון זיין לעבען, אָבער זיינע ליפּען זיינען גע־וועז נעשלאָסען.

— איהר קענט שוין געהן, הערר אראָנאַקס — האָט דער קאַפּיטאַן צו מיר געזאָגט.

איך האָב פערלאָזען דיא מאטראָזען קאַיוטע און איך בין אריין אין מיין צימער, שטארק אָנגעגריפּען פון דער טרויעריגער סצענע. דעם גאנצען טאָג בין איך געווען אזוי וויא צומישט און דיא קומענדע נאכט האָב איך זעהר אונ־רוהיג געשלאָפען און שרעקליכע חלומות האָבען מיך געמאטערט.

ווען איך בין מאָרגען פריה ארויף אויף'ן דעק איז שוין קאַפּיטאַן נעמאָ דאָרט געווען און ער איז באלד צו מיר צוגעגאנגען.

— הערר פּראָפעסאָר — האָט ער צו מיר געזאָגט — וואָלט איהר היינט וועלען מאכען מיט מיר א שפּאציר אונטער'ן ים ?

— מיט מיינע קאַמעראַדען ? — האָב איך צוריק געפרעגט.

— ווארום ניט ? אויב זיי ווילען נור.

— מיר שטעהן צו אייער בעפעהל, הערר קאַפּיטאַן.

— נו, אויב איהר זיינט צופריעדען, דארפט איהר זיך באלד אָנקליידען אין דיא טויכער בגדים.

וועגען דעם קראנקען אָדער געשטאָרבענעם האָט דער קאַפּיטאַן א וואָרט ניט געזאָגט. פרעגען איהם האָב איך ניט געוואָלט, ווייל איך האָב געוואוסט, אז ער האָט פיינד מען זאָל איהם פראגעס שטעלען. איך בין באלד ארונטער צו לענד און קאַנסייל און איך האָב זיי דערצעהלט וועגען קאַפּיטאַן נעמאָ'ס וואונש. מיין דיענער האָט זיך באלד אָנגעכאפּט אָן דעם. לענד האָט זיך א היבשע ווײלע נע'ישוב'ט, אָבער ענדליך האָט ער אויך איינגעשטימט מיטצוגעהן.

עס איז געווען אכט אוהר אין דער פריה. אין א האלבע שטונדע זיינען מיר שוין געשטאנען אָנגעטהאָן אין אונזערע בגדים און אפּאראטען פאר לופט און ליכט, גרייט צו מאכען דעם אונטערוואסערדיגען שפּאציר. דיא דאָפּעלטע טהיר האָט זיך געעפענט און איך, מיינע קאַמעראַדען, דער קאַפּיטאַן און נאָך צוועלף מאטראָזען זיינען ארויס אויף'ן גרונד פון ים, וואָס איז געווען ביי א דרייסיג פוס טיעף.

מיר זיינען ביסלעכווייז געגאנגען בארג אראָפּ, ביז מיר זיינען געקומען צו א פּלאַץ, וואו עס איז געווען ביי א נײנציג פוס טיעף. דיעזע געגענד איז געווען גאנץ אנדערש פון יענע געגענד אונטער'ן וואסער, וואָס מיר האָבען בעזוכט אויף דער יאגד אין שטילען אָקעאַן. דאָ איז דער גרונד ניט געווען פון א פיינעם, דיי־נעם זאמד וויא דאָרט. דאָ זיינען אויך קיינע וויעזען (לאָנקעס) מיט פלאנצונגען אין ים וועלדער ניט געווען צו זעהן. מיר האָבען זיך דאָ געפונען אין א קאָראלען־רייך.

טראָפען א מאן פון אומגעפעהר פיערציג יאָהר אלט ליגענדיג אויף א בעטעל, מיט אן ענטשלאָסענעם אויסדרוק אויף זיין געזיכט. דער מאן האָט אויסגעזעהן צו זיין אן ענגלענדער.

איך האָב זיך איינגעבויגען איבער איהם און געזעהן, אז דיעזער מאן איז שווער פערוואונדעט. זיין קאָפּ איז געווען איינגעוויקעלט אין א פערבלוטיגטען ליינוואנד. איך האָב ארונטערגענומען דעם באנדאזש און איך האָב געזעהן, אז זיין שארבען איז צושמעטערט און דיא געהירען געלעכערט און בעדעקט מיט פערגליווערטע בלוט. וויא איך האָב פערשטאנען, איז עס איהם געקומען פון א שטארקען קלאָפּ מיט א שווערען אינסטרומענט אָדער מיט א שטיין.

דער אָטהעם איז ביים פערוואונדעטען זעהר שוואך געווען. ער איז אין גאנצען געווען אזוי וויא געלעהמט, ווייל דיא ענטצינדונג אויף דיא געהירען האָט זיך שטארק צושפּיעלט און ער האָט שוין געהאט פערלאָרען זיין בעוואוסט־זיין און דיא בעוועגונג פון זיינע גליעדער. א ווײלע שפּעטער איז זיין פּולס געוועזן קוים צו פיהלען. דיא אויסערע טהיילען פון קערפּער האָבען אָנגעהויבען קאלט ווערען. איך האָב געזעהן, אז זיין טויט איז נאָהענט און עס איז קיין מיטעל ניטאָ איהם צו רעטען. איך האָב דעם אונגליקליכען צוריק דעם קאָפּ פער־בונדען, דאן האָב איך זיך געווענדעט צו קאפּיטאן נעמאָ.

— פון וואנען שטאמט דיא פערוואונדונג? — האָב איך איהם געפרעגט.

— וואָס מאכט עס אויס? — האָט ער טרויעריג געענטפערט — א שטויס פון שיף האָט אָבגעבראָכען א הענטעל פון מאשינע און זיא האָט איהם געטראָפען אין קאָפּ. אָבער וואָס דענקט איהר וועגען זיין צושטאנד?

איך האָב זיך א ווײלע בעדענקט, איידער איך האָב מיין אנטוואָרט גע־געבען.

— איהר קענט רעדען! — האָט דער קאפּיטאן צו מיר געזאָגט — דיעזער אונגליקליכער, אויב אפּילו ער הערט, פערשטעהט ער קיין פראנצויזיש.

— מעהר וויא צוויי שטונדען קען ער ניט לעבען! — האָב איך געענטפערט.

— און עס איז גאָר קיין מעגליכקייט ניטאָ איהם צו רעטען?

— ניין, קיין מיטעל.

דעם קאפּיטאן'ס האנד האָט א ציטער געטהאָן און אין זיינע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען.

איינינע סעקונדען האָב איך בעטראכט דעם קראנקען וויא ער ווערט אלץ בלאסער און בלאסער. איך האָב אָנגעקוקט זיין אינטעליגענטען שטערען און דיא קנייטשען אויף איהם וואָס זיינען געקומען פאר דער צייט און איך האָב דער־פון געאורטהיילט, אז דער מאן האָט פיעל אונגליק און עלענד איבערגעטראָגען. איך האָב זעהר געוואָלט הערען פון איהם כאָטש איינינע ווערטער, פיללייכט וועל

וואָס לעצטע נאכט איז פאָרגעקומען. אָבער ער איז פערבליבען שטיל. איך האָב אויף איהם געוואָרפען א שארפען בליק און איך האָב אָן זיין געזיכט פערשטאנען, אז ער איז מיעד, צובראָכען, שלעפעריג און העכסט פערזאָרגט. ער איז אומגע־גאנגען הין און צוריק איבער׳ן זאאל, האָט זיך איינינגע מאָל אוועקגעזעצט און איז באלד צוריק אויפגעשטאנען, האָט אלע מאָל ארויסגענומען אן אנדער בוך און עס צוריק אוועקגעלייגט, האָט בעטראכט פערשיעדענע אינסטרומענטען און האָט זיך אומגעדרעהט הין און צוריק אזוי וויא א צומישטער. איך האָב געזעהן, אז דער מאן געפינט זיך קיין אָרט ניט, וואהרשיינליך פרעסט איהם עפּעס אויף׳ן הארצען, אָבער ער וויל ניט אָדער עס לוינט פאר איהם ניט צו ענט־דעקען זיין סוד פאר מיר. ענדליך איז ער צו מיר צוגעגאנגען און געפרעגט:

— זיינט איהר א דאָקטאָר, הערר אראָנאקס?

איך בין אביסעל איבערראשט געוואָרען פון דער דאָזיגער פראגע און איך האָב א היבשע ביסעל געווארט מיט מיין אנטוואָרט.

— זיינט איהר א דאָקטאָר? — האָט נעמאָ נאָך אמאָל געפרעגט — איי־נינגע פון אייערע קאָלעגען האָבען שטודירט מעדיצין, האָט איהר אויך דיא דאָזיגע חכמה געלערענט?

— יא! — האָב איך געענטפערט — איך בין א דאָקטאָר. איך האָב אין א האָספּיטאל געדיענט און אויך איינינגע יאָהר פּריוואט פּראקטיצירט, איידער איך בין אָנגעשטעלט געוואָרען אלס פּראָפעסאָר אין מוזעאום.

— זעהר גוט, מיין הערר! — האָט ער צופריעדען געזאָגט.

איך האָב געזעהן, אז מיין אנטוואָרט האָט איהם בעפריעדיגט. אָבער ניט וויסענדיג וואָס ער מיינט דערמיט האָב איך געשוויגען און געווארט צו הערען וואָס ער וועט ווייטער זאָגען.

— הערר אראָנאקס! — האָט ער זיך אָנגערופען — ווילט איהר אזוי פריינד־ליך זיין און איינעם פון מיינע לייטע א מעדיצינישען ראטה געבען?

— איהר האָט דאָ א קראנקען אויף דער שיף? — האָב איך געפרעגט.

— יא! — האָט ער בעזאָרגט געענטפערט.

— איך בין בערייט צו טהאָן אלעס וואָס מעגליך איז.

— דאן זייט אזוי גוט און קומט מיט מיר.

מיין הארץ האָט מיר אָנגעהויבען קלאפּען. וואָס דאָס בעדייט האָב איך אליין ניט געוואוסט. עפּעס האָט מיר מיין הארץ געזאָגט, אז דיא קראנקהייט פון יענעם מאן איז פערבונדען מיט דיא געהיימניספאָלע בעגעבענהייט פון דער פערגאנגענער נאכט. דיעזער געדאנק האָט מיך שטארק בעאונרוהיגט און עס האָט מיך זעהר אינטערעסירט צו דערגעהן יענעם זאָנדערבארען סוד.

דער קאפּיטאן האָט מיך אריינגעפיהרט אין הינטערשטען טהייל פון שיף און ער האָט מיך אריינגעבראכט אין דער מאטראָזען־קאיוטע, וואו איך האָב גע־

ער זעהר ניט גוט און איבעל. אָבער איך האָב קיין זאך געפיהלט פון דיא נעבע־טיגע בעטויבונג, און דאָס האָט מיך זעהר געוואונדערט. נאָך מעהר ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב זיך ארומגעזעהן, אז איך געפין זיך ניט אין דעם געפענגניס צימער, אין וועלכען מיר זיינען איינגעשלאָפען, זאָנדערן אין מיין אייגענע קאיוטע. קאָנסייל און לענד זיינען דאָרט ניט געווען, וואהרשיינ־ליך האָט מען זיי אויך אין שלאָף איבערגעטראָגען אין זייער צימער. וואָס מיט דער שיף איז פאָרגעקומען אין פערלויף פון דער פערגאנגענער נאכט, איז פאר מיר פערבליבען אן אונערקלערליכע געהיימניס.

בין איך פריי, אָדער איינגעשלאָסען אין מיין קאיוטע? — דיעזע פראגע האָט זיך מיר געשטעלט באלד וויא איך האָב דיא אויגען געעפענט און געזעהן וואו איך געפין זיך. איך בין באלד ארונטער פון בעט און איך האָב זיך איי־בערציינגט, אז דיא טהיר פון מיין צימער איז אָפען. איך האָב אָנגעצויגען מיינע קליידער און ארויסגעהענדיג פון מיין צימער האָב איך געזעהן, אז אונזער שיף שווימט אויבען און דיא פלאטען איבער דיא טרעפ זיינען אָפען. איך בין ארויפ־געגאנגען אויף'ן דעק.

איך האָב דאָרט געטראָפען מיינע קאמעראדען קאָנסייל און נעד לענד וואר־טענדיג אויף מיר. זיי האָבען מיר דערצעהלט אז זיי האָבען זיך אויפגעכאפט אין דער פריה אין זייער קאיוטע. וויא אזוי זיי זיינען אהין געקומען און וואָס עס האָט דורך דער נאכט פאסירט אויף דער שיף, האָבען זיי ניט געוואוסט מעהר פון מיר.

דיא "נאָטילוס" איז געווען געהיימניספאָל וויא אימער. זיא איז געשוואומען מיט מעסיגע געשווינדיגקייט איבער'ן וואסער־שפיעגעל און מען האָט אין איהר קיין ענדערונג ניט בעמערקט. לענד האָט מיט זיין שארפען בליק בעטראכט דעם ים ארום און ארום, אָבער קיין זאך איז געווען צו זעהן. קיין זעגעל, קיין שיף, קיין לאנד, אויסער הימעל און וואסער. א וועסט ווינד האָט שטארק גע־בלאָזען און דיא שיף האָט זיך בעוועגט און אומגעטאנצט איבער דיא וועלען, אזוי וויא אימער אין אזא וועטער.

דער שיף לייטענאנט איז ארויפגעקומען אויף'ן דעק, האָט ארומגעקוקט דעם האָריזאָנט און דורך דער רעהר ארונטערגעזאָגט זיין שטענדיג אונפער־שטענדליכען רעפּאָרט. דער קאפּיטאן אליין האָט זיך אָבער ניט בעוויזען.

ארום צוויי אוהר נאָכמיטאָג בין איך איינער אליין געזעסען אין זאאל און בין געווען בעשעפטיגט מיינע נאָטיצען אין אָרדנונג צו ברייננגען. דיא טהיר האָט זיך פלוצלונג געעפענט און קאפּיטאן נעמאָ איז אריינגעקומען. איך האָב זיך פערנייגט און ער האָט מיר מיט דער זעלבער בעגריסונג צערעמאָניע גע־ענטפערט, ניט רעדענדיג א וואָרט. איך האָב זיך צוריק גענומען צו מיין ארבייט, מיט דער האָפנונג, אז ער וועט אָנפאנגען רעדען און ער וועט מיר ערקלערען

וואס נאך ווילט איהר? פאר דער רייזע צאהלען מיר ניט און עסען ניט מען אונז אויך, קענט איהר נאך מעהר פערלאנגען?

דער קענערע'ר האט גענען דיעזען אנטווארט פון מיין דיענער ניט געהאט וואס אנצוזאווענדען. מיר האבען זיך געזעצט צום טיש און מיר האבען אנגעפאנגען פון דיא מאכלים צו געניסען. איך און קאנסייל האבען זעהר ווייניג געגעסען, לענד אבער האט זיין אפעטיט בעפרידיגט אויף'ן העכסטען גראד. נאכדעם וויא מיר האבען אבגעגעסען, האבען מיר זיך יעדער איינער אוועקגעלעגט אין אן אנדער ווינקעל.

אין יענעם אויגענבליק איז דיא עלעקטרישע בעלייכטונג אין אונזער געפענגנים אויסגעלאשען געווארען און עס איז געווארען שטאק פינסטער. נעד לענד, וועלכער האט גוט אנגעפאקט דעם מאגען, איז באלד איינגעשלאפען, און צו מיין ערשטוינען איז מיין דיענער אויך אנשלאפען געווארען. וואס עס האט אויף איהם אנגעווארפען אזא גיכען שלאף, האב איך ניט געקענט פערשטעהן.

טראכטענדיג אזוי וועגען דעם, האב איך אנגעהויבען פיהלען, אז עס שווינדעלט מיר אין מח, אזוי וויא פון א מין בערוישונג. מיינע אויגען האבען זיך געשלאסען מיט געוואלד און עס איז מיר שווער געוועזען דעם שלאף צו פערטרייבען. מיר איז דאן אויף'ן זינען ארויפגעקומען, אז אין דיא שפייז וואס מיר האבען געגעסען איז וואהרשיינליך געוועזען אריינגעמישט אזא מין בעטויבונגס־מיטעל צום איינשלאפען.

איך האב געהערט וויא אויבען האבען זיך דיא אייזערנע פלאטען געשלאסען. דיא "נאטילוס" האט זיך אנגעהויבען אנדערש בעוועגען. איך האב געפיהלט, אז זיא זינקט ארונטער אין דיא טיעפענים פון ים.

מיט אלע מעגליכקייטען האב איך געקעמפפט נעגען דעם שלאף, אבער איך האב איהם ניט געקענט בעזיעגען. מיין אטהעם איז אלע מאל שוואכער און שוואכער געווארען. איך האב געשפירט אז א קעלט דרינגט דורך אלע מיינע גליעדער און עס איז מיר שווער געוועזען צו ריהרען זיך פון ארט. פערשיעדענע געדאנקען און פאנטאזיעס האבען זיך געדרעהט אין מיין מח. אבער באלד איז אלעס פערשוואונדען. איך האב אויפגעהערט דענקען, איך האב אויפגעהערט טרוימען און איך בין געבליבען ליגען פערזונקען אין א טיעפען שלאף.

24טעם קאפיטעל

# א בית עולם אויף'ן גרונד פון ים

ווען איך האב זיך אויפגעכאפט אויף מארגען פריה, האב איך געפיהלט זעהר גוט און מיין קאפ איז נאך געוועזען קלעהרער וויא אימער. ווען א מענש כאפט זיך אויף פון א שלאף־געטראנק אדער פון א בעטויבונגס צושטאנד, פיהלט

— קיין איינציגע, מיין הערר! — האט ער שטרענג געענטפערט.

נעגען אזא בעשטימטע ערקלערונג האב איך ניט געהאט וואס אנצוואווענדען. זיין אן עקשן און דוקא וועלען פרעגען, האב איך געוואוסט, וועט זיין א גרויסע נארישקייט פון מיין זייט. איך בין דארום ארונטערגעגאנגען צו מיינע קאמע־ראדען און איך האב זיי מיטגעטהיילט פון דעם קאפיטאן'ס גזירה. לענד איז אויפגעשפרונגען און אנגעהויבען פלוכען, אבער עס איז אונז קיין צייט פערבליבען צו רעדען דעריבער. פיער פערזאן פון דיא מאנשאפט פון שיף האבען שוין גע־ווארט ביי דער טהיר פון קאיוטע און ניט קוקענדיג אויף לענד'ס געשרייען, זיינען מיר באלד אבגעפיהרט געווארען אין דעם זעלבען צימער, וואו מיר האבען גע־נעכטיגט דיא ערשטע נאכט, ווען מען האט אונז אין שיף אריינגעלאזט.

— קען דער הערר אונז ערקלערען וואס דא איז פארגעקומען? — האט קאנסייל געפרעגט, ווען דיא טהיר איז געשלאסען געווארען.

איך האב מיינע ערשטוינטע קאמעראדען דערצעהלט אלעס וואס מיט מיר איז פארגעקומען אויף'ן דעק, אבער מיר האבען דערפון ניט געקענט עטוואס בעשטימטעס ערקלערען. איך בין איבערהויפט געוועזן זעהר בעזארגט, ווייל איך האב געגלויבט, אז אירגענד וועלכע גרויסע געפאהר שטעהט אונז פאר, ווייל זאנסט וואלט קאפיטאן נעמא ניט אזוי אונרוהיג געוועזן.

— זאל זיין וואס עס איז! — האט דער קענעדע'ר פרעסער פרעהליכער אויסגערופען — זעהט נור וואס פאר א גוטער פריהשטיק עס שטעהט אויף'ן טיש!

דער טיש איז ווירקליך געוועזן געגרייט מיט אויסגעצייכענטע געריכטען, וואהרשיינליך האט דער קאפיטאן נאך פריהער געהייסען, מען זאל פאר אונז דיעזען טיש גרייטען.

— וועט דער הערר מיר ערלויבען צו מאכען א פארשלאג? — האט קאנ־סייל געפרעגט.

— געוויס, ווארום ניט? אבי נור עפעס רעכטס! — האב איך געענטפערט.

— איך וואלט דעם הערר און פריינד לענד געראטהען, מיר זאלען געהן צום טיש עסען — האט קאנסייל געזאגט — ווער ווייסט וואס שפעטער וועט זיין, לאמיר דערווייל אפעסען.

— ניט קיין נארישקייט! — האב איך געענטפערט.

— מיך פערדריסט, — האט זיך לענד אבגערופען — וואס איך האב היינט ניט געקענט מאכען א מאהלצייט פון אונזערע אייגענע פלייש־פראדוקטען. אך, דיא פערדאמטע לייטע! מעהר וויא א פרייע רייזע גיבען זיי אונז ניט.

— פריינד לענד! — האט זיך קאנסייל אבגערופען — און וואס וואלט איהר שוין געזאגט, ווען דיא לייטע וואלטען פערגעסען נעבען אונז עסען?

קומען. אָבער וויא נור איך האָב דעם שפּאקטיוו געוואָלט צוטראָגען צו מיין אויג, האָט עס אימיצער פון מיין האנד האסטיג ארויסגעריסען.

איך האָב זיך ארומגעקוקט העכסט איבערראשט און האָב דערזעהן דעם קאַפּיטאן נעבען מיר. ביים ערשטען בליק האָב איך איהם ניט דערקענט. זיין פּנים איז געוועזען פערקרימט פון גרויס צאָרן. זיינע אויגען האָבען איינפאך געשפּריצט מיט פייער, זיינע נאָז־לעכער זיינען געווען אָנגעבלאָזען, זיינע הענד צוזאַמענגעדריקט אין פויסטען און זיין האלטונג האָט אויסגעדריקט געפיהלען פון ברעננענדען האס. דער אויפגערעגטער קאפּיטאן האָט מיין שפּאקטיוו ארונטערגעשליידערט און פון האסטיגען שטויס מיט זיינע פיס איז דער אינסטרומענט פערפליוגען ווייט.

פארוואָס איז דיעזער מערקווירדיגער מאן אזוי שטארק אין כעס געוואָרען, האָב איך ניט געקענט פערשטעהן. פיליכט — האָב איך געטראכט — שטעקט דאָ א געהיימניס, וועלכע ער וויל ניט אז איך זאָל וויסען? אָדער פיליכט שטעהט איהם פאָר א וויכטיגע ענטדעקונג צו מאכען און ער וויל ניט אז איך זאָל עס אויסכאפּען? פערשטאנען האָב איך אפילו, אז זיין כעס איז ניט גראדע געגען מיר, ווייל ער האָט יעדע ווײַלע געוואָרפען בייזע בליקען אהין, וואו דער לייטענאנט האָט איהם אָנגעצייגט, אָבער וואָס זעהט ער דאָרט? — דאָס איז פאר מיר געוועזען א סוד.

ענדליך איז דער קאפּיטאן עטוואָס רוהיגער געוואָרען. אָבער עס האָט אויסגעזעהן, אז ער בעהערשט זיינע ברויזענדע געפיהלען מיט געוואלד. ער האָט צו זיין לייטענאנט א פּאָר ווערטער געזאָגט אין אן אונפערשטענדליכע שפּראך, דאן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר.

— הערר אראָנאקס! — האָט ער געזאָגט — איך וויל אייך יעצט דערמאָהנען וועגען אונזער אָבמאך, דאן ווען איך האָב אייך אויף מיין שיף ארויפגענומען.

— וועגען וואָס האנדעלט זיך דאָ? — האָב איך געפרעגט.

— האָט איהר פערגעסען דיא בעדינגונג וואָס איך האָב אייך דאמאָלס געשטעלט? וויא קומט עס, אז א פּראָפעסאָר זאָל קיין זכרון ניט האָבען?

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָהנט וואָס דער קאפּיטאן מיינט, אָבער איידער איך האָב צייט געהאט א וואָרט צו זאָגען, האָט נעמאָ פערכאפּט און פאָרטגעזעצט:

— איהר מיט אייערע קאמעראדען מוזט אויף א געוויסע צייט זיין אָבגעזאָנדערט. איהר מוזט זיך לאָזען איינשפּארען ביז איך וועל געפינען פאר נויטיג אייך צו בעפרייען. האָבען מיר ניט אזוי אָבגעמאכט?

— ריכטיג! — האָב איך זיך אָבגערופען — אייער בעפעהל מוז ערפילט ווערען. אָבער מעג איך זיך ערלויבען איין פראגע צו שטעלען?

א שטארקען מזרח ווינד. דער באראמעטער האט געציינט, אז דער שטורם וועט באלד נאך פירכטליכער אויסברעכען.

איך בין ארויפגעגאנגען אויף'ן דעק און געטראפען דעם לייטענאנט מאַ־כענדיג זיינע טעגליכע בעאבאכטונגען. אבער דיעזען מאל האט ער דורך'ן שפראך־רעהר אריינגעשריען אין שיף ניט דיא זעלבע אלטעגליכע פראזע, זאנדערן א גאנץ אנדערע, פון וועלכע איך האב אויך א ווארט ניט פערשטאנען. א ווײלע שפעטער איז קאפיטאן נעמא אויך ארויפגעקומען און מיט א שפאקטיוו געקוקט נאך א געוויסע ריכטונג וואס דער לייטענאנט האט איהם אנגעוויזען. איינינע מינוטען איז ער אזוי געשטאנען און געקוקט, דאן האט ער ארונטערגעלאזט דעם שפאקטיוו און האט מיט'ן לייטענאנט איינינע ווערטער גערעדט. דער לייטע־נאנט איז געווען זעהר אויפגערעגט, וועהרענד דער קאפיטאן האט זיך בענומען גאנץ קאלטבלוטיג. איך האב ניט געוואוסט וואס דאס בעדייט, אבער נאך זייערע בעוועגונגען און מינעס האב איך פערשטאנען, אז נעמא צווייפעלט אין עטוואס און זיין העלפער פערזיכערט איהם, אז דאס איז ריכטיג דארט אין יענע געגענד, וואו ער ציינט איהם אן.

איך האב אויך אנגעפאנגען קוקען אין יענע ריכטונג, אבער עס איז קיין זאך ניט געווען צו בעמערקען. קיין לאנד האט מען דארט זיכער ניט געקענט זעהן. דיא ים־קארטע האט געציינט, אז פון דעם פלאץ וואו מיר געפינען זיך איז איינינע הונדערט מייל צום נאהענטסטען ברעג, היינט וואס קענען זיי דארט זעהן, און ווארום איז דער לייטענאנט אזוי אויפגערעגט און צוטומעלט?

דער קאפיטאן איז געשטאנען רוהיג, מיט דיא הענד צוזאמענגעלעגט, אבער איך האב פערשטאנען, אז דאס בעהערשט ער זיך נור און וויל ניט ארויסציינען זיין צארן, אין אמת'ן אבער איז ער אויך שטארק אויפגערעגט. דער לייטענאנט האט ווידער געקוקט אין זיינע גלעזער און איז האסטיג צוגעלאפען צום קאַ־פיטאן און איהם ווידער עפעס אנגעציינט אין דיא ווייטקייט פון ים.

איך בין זעהר אונרוהיג געווארען, ווייל איך האב ניט געקענט בעגרייפען וואס דא געהט פאר, אבוואהל איך האב געהאפט, אז דיעזע געהיימניס וועט קירצליך אויפגעדעקט ווערען, ווייל דער קאפיטאן האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל דיא שיף טרייבען וואס שנעלער נאך יענער ריכטונג און טאקי באלד האט דיא "נאטילוס" אנגעהויבען לויפען מיט אן אויסערגעוועהנליכע שנעל־קייט. איך האב געדענקט, אז עפעס געהט דארט פאר, אבער איך קען עס מיט מיינע נאקעטע אויגען ניט זעהן, און ווען אונזער שיף וועט צוקומען נעהענטער, וועל איך אלעס וויסען.

איך האב אבער קיין געדולד געהאט צו ווארטען. איך בין דארום ארונטער אין זאאל און גענומען א גוטען שפאקטיוו און בין צוריק אויף'ן פלאטפארם גע־

ברוא ם'לאך זיינען דאָרט געווען אַהן שיעור און אַהן ערך און זיי האָבען אילומי־
נירט דעם ים אויף א ווייטע שטרעקע. דאָס וואסער ארום אונז האָט אויסגעזעהן
אזוי וויא א גרויסע שטיק פייער און אונזער שיף איז געשוואומען אזוי וויא
דורך א ריעזיגען הייצענדען אויוועז.

אָבער דיעזער פייער איז געווען א קאלטער און פול מיט לעבען. דיא
קליינינקע אונבעמערקבארע טהיילען פון דער גרויסער פייער־מאסע האָבען
זיך בעוועגט, זיינען געווען טהעטיג און פלייסיג אזוי וויא מוראשקעס אין וואלד.
אָבער מיר האָבען עס געוועהנליך ניט געקענט זעהן. א מענשען'ס אויג איז ניט
שארף גענוג צו זעהן אן איינציגע פון דיא דאָזיגע חיה'לאך, מען דארף דערצו
האָבען א גוטען מיקראָסקאָפּ, וואָס זאָל זיא פערגרעסערען אויף הונדערטע מאָל
און אויך דאן קען מען זיא קוים בעמערקען.

דער אלגעמיינער נאָמען פון דיא דאָזיגע ברואים'לאך, וועלכע צעהלען זיך
פינף און צוואנציג טויזענד שטיק אין א האלבען אינטש וואסער, איז "אינפוּ־
זאָריען". אָבער עס גיבען אויך דונקעלע אינפוזאָריען, וועלכע מען קען ניט
בעמערקען זאָגאר, ווען זיי זיינען אין גרויסע מאסען.

אין דעם דאָזיגען קאלטען פייער־ים האָבען זיך געבאָדען פערשיעדענע
זאָרטען פיש, גרויסע און קליינע. עס האָט אויסגעזעהן, אז זיי ברענען אלע אין
א גליהענדען צושמאָלצענעם מעטאל, אָבער זיי זיינען פערבליבען גאנץ און האָ־
בען זיך גאנץ לוסטיג בעוועגט און געשטיעפּט אזוי וויא פרייע פויגלאך אין וואלד.

אייניגע שטונדען איז אונזער שיף לאנגזאם געפאָהרען דורך אזעלכע גלענ־
צענדע וועללען. מיר זיינען שטארק בעצויבערט געווען פון דער דאָזיגער הערלי־
כער און פראכטפאָלער ערשיינונג. מיר האָבען צווישען דיא פיש בעמערקט דיא
שעהנע דעלפינען, וועלכע האָבען נאָך פיעל שעהנער אויסגעזעהן אין'ם פאָספאָר־
בעלויכטענדען וואסער, און פיעלע אנדערע זאָרטען זעלטענע ים־ברואים פון
פערשיעדענע קאָלירען און פארבען, וואָס האָבען דאָרט געהאט מעהר חן וויא
אין געוועהנליכע וואסערען.

אין דיא פאָלגענדע פּאָר טעג האָבען מיר נאָך אייניגע מאָל געהאט דיא גע־
לעגענהייט פערשיעדענע וואונדער פון ים צו בעטראכטען. דער לעבענס־ארט
אויף דער "נאָטילוס" איז אונז פאָרגעקומען גראדע אזוי וויא עס דארף און עס
מוז אזוי זיין. מיר זיינען שוין אזוי געווען צוגעוואָהנט דערצו, אז מיר האָבען
שוין באלד פערגעסען, דאָס מיר זיינען האלב געפאנגענע, אבהענגיג אָן אנדערע,
וועלכע האָבען דיא אויבערמאכט איבער אונז. אָבער מיר האָבען זיך אָן דעם
קירצליך דערמאָהנט.

דאָס איז געווען דעם 18טען יאנואר. דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען אין
א ווייטע, אונבעזוכטע געגענד פון גרויסען מעער. דער וועטער איז געווען זעהר
שטורמדיג און דיא כוואליעס זיינען ארויפגעשטיגען זעהר הויך, געטריבען פון

אינוויינינג דורך דיא הילף פון אן עלעקטרישען לעמפעל געזעהן אויף וויפיעל גראד ער צייגט.

איך האָב דעם קאפּיטאן אימער בעגלייט ביי דיעזע בעאָבאכטונגען און ער פלעגט מיר אלעס מיט פערגעניגען ערקלערען. זעהר אָפט פלעגט מיר ארויפקומען אויף'ן זינען דיא פראגע: צו וועלכען צוועק מאכט ער אזעלכע וויסענשאפטליכע פאָרשונגען? ער קען דאָך דערמיט ניט מיינען צו ברייגגען נוצען דער מענשהייט, ווייל ער האָט דאָך גאָר ניט אין זינען צו קומען ווען עס איז צווישען מענשען, און פריהער אָדער שפּעטער וועלען דאָך אלע זיינע ערפינדונגען פערלאָרען געהן מיט איהם צוזאמען אין אירגענד וועלכען ים. און אפשר — האָב איך געטראכט — מיינט ער אז זיינע ערפאהרונגען זאָלען דורך מיר בעוואוסט ווערען? אויף אזא אופן דארף איך דאָך האָפען, אז מיין וואונדערבארע רייזע אויף דער "נאָטילוס" וועט זיך מיט דער צייט ענדיגען און איך וועל צוריק קומען אויף דער בעוואָהנטער ערד. אָבער איך האָב אין דעם אויך קיין אמונה ניט געקענט האָבען, ווייל פון'ם קאפּיטאן'ס ביז־יעצטיגע בענעהמונג בין איך געוועזען אזוי גוט וויא איבערצייגט, אז זיין אבזיכט איז צו האלטען אונז אימער אלס זיינע געפאנגענע, אָדער וויא ער פלעגט זיך אויסדריקען העפליך: "אלס פּאסאזשירען אויף דער "נאָטילוס".

דעם 16טען יאנואר איז דיא "נאָטילוס" געלעגען בלויז איינינע איילען אונטער דיא אָבערפלעכע פון ים. דיא שיף איז געוועזען אזוי וויא איינגעשלאָפען. איהר עלעקטרישער שיין האָט ניט געלויכטען און דיא שרובע איז פערבליבען אונבעוועגליך. איך האָב ארויסגעקוקט דורך דיא גלעזערנע שויבען, אָבער איך האָב דייטליך ניט געקענט זעהן וואָס אין ים געהט פאָר. דיא גרויסע פיש וואָס זיינען אומגעשוואומען האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא פערביי לויפענדע שאָטענס. ווען דיא זונן שיינט איז אין דיא טיעפענים, וואָס מיר זיינען דאמאָלס געווען, גאנץ ליכטיג. אָבער דער הימעל איז געווען פערצויגען מיט געדיכטע וואָלקענס און קיין ליכט האָט דארום אין וואסער ניט אריינגעדרונגען. ווארום דיא בעלייכטונג איז אויסגעלאָשען געוואָרען און ווארום דיא שיף שטעהט אויף איין אָרט, האָב איך ניט געוואוסט. וואהרשיינליך איז עטוואָס אויף דער "נאָטילוס" קאליע געוואָרען. איך און מיינע קאמעראדען זיינען א היבשע צייט געזעסען ביים פענסטער און ארויסגעקוקט אין דיא דונקעלהייט פון ים. פּלוצלונג האָט דיא שיף אָנגעהויבען שווימען און ארום און ארום איז העל ליכטיג געוואָרען.

אנפאנגס האָבען מיר געמיינט אז דיא עלעקטרישע בעלייכטונג איז צוריק אָנגעצונדען געוואָרען, אָבער באלד איז אונז קלאָהר געוואָרען, אז מיר האָבען א טעות. דיעזע העלע ליכט איז גאָר געקומען פון אן אנדער אורזאכע.

דיא "נאָטילוס" איז דאן געפאָהרען דורך א שיכטע וואסער, וואָס איז פול מיט גאנץ קליינע חיה'לאך, וועלכע גיבען ארויס א פאָספאָר ליכט. אזעלכע

דיענען צו איהם. דער טיטול "דער זוהן פון קראָקאָדיל" איז ביי זיי אלץ איינס וויא "דער זוהן פון גאָט". אין יענע וואסערען געפינען זיך דארום פיעל קראָקאָ־דילען, וועלכע ווערען געשפייזט מיט דיא בעסטע שפייזען פון דיא וואָס דיענען צו זיי. מען איז צו זיי מקריב קרבנות און ניט זעלטען גיט מען דיא דאָזיגע רויב־טהיערע פערזוכען דעם טעם פון מענשען־פלייש. ווען עס טרעפט אמאָל, אז א רייזענדער שיסט אויף א קראָקאָדיל־אָבגאָט, מעג זיך שוין דער שיסער געזעגענען מיט'ן לעבען.

מיר זיינען דעם אינזעל שנעל דורכגעפאָהרען און מיר האָבען זאָגאר קיין איינציגען קראָקאָדיל ניט געזעהן.

פון דיעזען פונקט איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען אין דיא ריכטונג פון אינדישען אָקעאן. וואוהין פיהרט אונז דער קאפיטאן נעמאָ? דאָס האָב איך ניט געקענט וויסען. עס האָט זיך מיר ניט געלאָזט גלויבען, אז ער פיהרט אונז צו דיא ברעגען פון אזיען אָדער נאָך אירגענד וועלכען האפען אין אייראָפּא, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אז ער זוכט אימער אויסצומיידען דיא גרויסע פיעל בע־וואָהנטע ערד־טהיילען. פיליכט וועט ער פאָהרען ארום אפריקא און בעזוכען דעם אייז־מעער אין דרום זייט פון דער וועלט, אָדער ער וועט זיך אומקעהרען צוריק אין דעם אונענדליכען שטילען אָקעאן, וואו דיא "נאָטילוס" קען אונגע־שטערט ארומרייזען? דאָס איז געווען א פראגע וואָס מען האָט געדארפט וואר־מען, אז דיא צוקונפט זאָל זיא פערענטפערען.

מיר זיינען דעם דרייצעהנטען יאנואר געפאָהרען ניט ווייט פון דיא ברעגען פון פערשיעדענע אינזלען, אויף מאָרגען אָבער האָבען מיר שוין ארום און ארום קיין ברעקעל יבשה ניט געזעהן. דיא שיף האָט אָנגעהויבען געהן לאנגזאמער, מאנכעס מאָל שווימענדיג אויבען און מאנכעס מאָל אראָבזינקענדיג טיעף אין ים.

דורך דער צייט פון דיעזער רייזע האָט דער קאפיטאן געמאכט אינטערע־סאנטע אונטערזוכונגען איבער דיא טעמפּעראטור פון דיא וואסערען פון ים אין פערשיעדענע טיעפעניסען. דיא "נאָטילוס" האָט זיך ארונטערגעלאָזט אלע מאָל טיעפער און טיעפער און נעמאָ'ס טערמאָמעטער האָט בעוויזען ביי וואָס פאר א גראד דיא טעמפּעראטור האלט. מיר האָבען זיך ארונטערגעלאָזט ביז דרייסיג טויזענד פוס אונטער'ן וואסער און דער אינסטרומענט האָט בעוויזען פינקטליך און דייטליך, אז דיא ווארימקייט פון וואסער איז דאָרט פיער און א האלב גראד.

א געוועהנליכער אינסטרומענט אָדער זאָגאר אן אויסערגעוועהנליך שטארקער טעמפּעראטור־מעסטער וואָלט פאר קיין אופן ניט איבערגעטראָגען דעם דרוק פון וואסער אין אזא טיעפענים, קאפיטאן נעמאָ'ס אינסטרומענט איז אָבער גע־ווען אזעלכער וואָס דער שטארקסטער דרוק האָט איהם ניט געקענט שאדען. ער איז געווען איינגעריכטעט אויסעגווייניג ביי דער וואנד פון שיף און מען האָט

— א דונער האָט מיך איינגעשלאָגען !—האָט ער אויסגעשריען און דערביי־ עטליכע קללות צוגעלעגט.

דאן האָב איך פערשטאנען דעם קונץ פון דער אונזיכטבארער קראפט וואָס שליידערט דיא מענשען צוריק. דורך'ן פארענטשע האָט זיך געצויגען אן עלעקטרישער דראָט פון אונטען ביז ארויף און דאָס האָט פעראורזאכט דעם שטארקען שטוים וואָס דיא לייטע האָבען נעקראָגען, ווען זיי האָבען זיך אָן פארענטשע צוגעריהרט. ווען דאָרט זאָל זיין מעהר עלעקטריציטעט, וואָלט מען דערביי געקענט גע'הרג'עט ווערען, אָבער קאפיטאן נעמאָ האָט ניט געוואָלט אומברייינגען מענשען און ער האָט דארום געלאָזט א שוואכען שטראָם עלעקטרי־ ציטעט, בלויז אויף צוריק צו טרייבען דיא ווילדע, אָבער עס זאָל זיי ניט שאדען.

אונטערדעסען זיינען זיך דיא ווילדע אין גרויס שרעק צולאָפען. לענד איז געלעגען און האָט געפלוכט און געשימפפט אזוי וויא א משוגענער. מיר האָבען איהם האלב לאכענדיג געטרייסט און געריבען זיינע צוקלאפטע גליעדער.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך דיא "נאָטילוס" אויפגעהויבען און פער־ לאָזען איהר קאָראלען-לאגער. עס איז געווען פונקט צוואנציג מינוט צו דריי דעם זיינער אזוי וויא קאפיטאן נעמאָ האָט פערשפראָכען. דיא שיף איז אוועק רעגעלמעסיג איהר וועג און עס האָט לאנג ניט געדויערט ביז מיר זיינען ארויס־ געפאָהרען פון דיא געפעהרליכע טאָרעס סטרייטס.

23טעס קאפיטעל

# אין א ים פון פייער

דעם נעכסטען טאָג, דאָס איז געווען דער צעהנטער יאנואר, איז דיא "נאָטילוס" געשוואומען אונגעהייער שנעל, ניט וויינינגער וויא 35 מייל א שטונ־ דע. איך האָב ניט געקענט פערגעסען דיא נעכטיגע סצענע, וויא דיא ווילדע זיינען געשליידערט געוואָרען פון דעם עלעקטרישען שטראָם, און בערעכענענדיג, אז דיא עלעקטרישע קראפט גיט דער שיף בעוועגונגען, ווארימקייט, ליכט און זיכערע בעשיצונג געגען אנגרייפער, האָב איך שטארק בעוואונדערט דעם גרוי־ סען מייסטער, וואָס האָט אזא זעלטענע געביידע אויסגעבויט.

דעם דרייצעהנטען יאנואר זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם ים פון טימאָר, פערביי דעם גרויסען אינזעל, וועלכער טראָגט אויך דעם זעלבען נאָמען.

דיעזער אינזעל האָט ביי א האלב מיליאָן איינוואָהנער און ווערט בעהערשט פון אינדישע פירסטען, וועלכע ווערען גערופען "ראדזשאס". דער טיטול פון אזא מין רעגיערער איז: "דער זוהן פון קראָקאָדיל". דאָס איז ביי זיי דער העכסטער יחוס, צו וועלכען אנדערע קענען זיך ניט דערשלאָגען. דיא איינ־ וואָהנער פון דיעזען אינזעל פערגעטערען דעם שרעקליכען קראָקאָדיל און זיי

איז דאמאָלס געווען האלב נאָך צוויי, און אויב נעמאָ'ס פערזיכערונג וועט ניט גע־שעהן, וועט דיא שיף נאָך בלייבען שטעהן אויף איהר פלאץ וואָכען לאנג.

אָבער איך האָב באלד דערשפירט וויא דיא "נאָטילוס" בעוועגט זיך אבי־סעל און איהר אונטערשטער דעק שארט זיך אָן דעם קאָראַלען בארג. מיט פינף מינוט שפּעטער איז דער קאפּיטאן אריינגעקומען.

— מיר וועלען באלד פון דאנען אָבפאָהרען — האָט ער געזאָגט — איך האָב שוין געהייסען עפענען דיא פלאטען, אום פרישע לופט אנצושעפּען און מיר וועלען אונזער רייזע פאָרטזעצען.

— איהר האָט געהייסען עפענען דיא טהיר פון אויבען? — האָב איך אי־בערראשט און דערשראָקען געפרעגט — און דיא ווילדע? זיי בעלאַגערען דאָך אויבען דעם גאנצען דעק, וועלען זיי באלד ניט ארונטערקומען צו אונז?

— הערר אראָנאקס! — האָט נעמאָ געלאסען גערענטפערט — ניט אזוי גיך דרינגט מען אריין אין מיין שיף, אפילו ווען דער אויבערשטער אריינגאנג איז אָפען.

איך בין געבליבען שטעהן קוקענדיג אויף'ן קאפּיטאן מיט פערוואונדער־טע בליקען.

— איהר פערשטעהט ניט? האָט ער מיך געפרעגט.

— געוויס ניט!

— דאן קומט מיט מיר, וועט איהר זעהן.

איך האָב דעם קאפּיטאן נאָכגעפאָלגט ביז דיא טרעפּ וואָס פיהרען צום דעק. לענד און קאָנסייל זיינען דאָרט געשטאנען און אָנגעקוקט מיט שרעק וויא דיא אייזערנע פלאטען ווערען פערנאנדער גערוקט, ווערענד אויבען אויף'ן דעק שרייען דיא ווילדע מיט פירכטליכע, אומגעלומפּערטע קולות.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָבען זיך איבער דיא טרעפּ בעוויזען ביי א צוואנציג שרעקליכע געשטאלטען, שטופּענדיג זיך אריינצוקומען אין שיף. אָבער דער ערשטער פון זיי, וויא נור ער האָט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף'ן גאלענ־דער (פּארענטשע) פון טרעפּ, איז ער צוריק געשליידערט געוואָרען אזוי וויא פון א פירכטליכען בליץ־שטראהל. ער איז אויפגעשפּרונגען און איז אנטלאָפען ברומענדיג ווילד מיט א מורא'דיגען קול.

צעהן פון זיינע קאַמעראדען האָבען אויך פּרובירט אריינקריכען אין שיף און זיי האָבען דעם זעלבען פּסק געהאט.

קאָנסייל איז געשטאנען און צוגעקוקט דיא סצענע; דער היציגער לענד אָבער האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען און ער האָט זיך א לאָז געטהאָן אויף דיא טרעפּ, וואהרשיינליך צו אטאקירען דיא ווילדע, אָבער וויא נור ער האָט זיך אָנגעכאפּט מיט דיא הענד אָן גאלענדער, איז ער צוריק געשליידערט גע־וואָרען מיט א שרעקליכען האסט און איז געבליבען ליגען אויף'ן באָדען.

געפאהר. מאָרגען, אום צוואנציג מינוט צו דריי נאָכמיטאָג וועט דיא וואסער־שטייגונגג אויפהויבען דיא "נאָטילוס" און מיר וועלען אונזער רייזע פאָרט־זעצען.

נאָך דיעזע ווערטער האָט זיך נעמאָ אויפגעהויבען און זיך לייכט פערנייגט, אלס צייכען אז אונזער געשפּרעך איז געענדיגט. איך בין ארויסגעגאנגען און בין אריין אין מיין צימער. דאָרט האָב איך געטראָפען מיין דיענער קאָנסייל, וועלכער האָט געוואָרט אויף מיין קומען, אום צו וויסען וואָס דער קאפּיטאן האָט געזאָגט וועגען דיא ווילדע.

איך האָב איהם דערצעהלט, אז נעמאָ קימערט זיך ניט וועגען דעם און לאכט זיך אויס פון זייער איבערפאל אויף אונזער שיף, ווייל ער איז זיכער אז עס קען צו קיין געפאהר ניט קומען. איך האָב מיין דיענער געהייסען ער זאָל האָבען צוטרויען צום קאפּיטאן און געהן רוהיג שלאָפען.

— דאַרף מיך דאָ דער העדר ניט? — האָט קאָנסייל מיט א טאָן פון איבערגעבענהייט געפרעגט.

— ניין, מיין פריינד! — האָב איך געענטפערט — אָבער זאָג מיר וואָס טהוט אונזער פריינד לענד?

— לענד — האָט קאָנסייל געענטפערט מיט א שמייכעל — איהם ליגט נור איין זאך אין זינען: דיא אבילה. ער מאכט דאָרט א קאנגארו פלאָדען, וועל־כער, וויא ער זאָגט, וועט זיין אן אויסנאהם. איהם אארט קיין זאך ניט. אפילו א מינוט פאר'ן טויט וואָלט ער אויך געדענקט וועגען א גוטען מאָהלצייט.

קאָנסייל איז ארויסגעגאנגען און איך בין אליין פערבליבען און בין באלד געגאנגען צו בעט. איך האָב יענע נאכט זעהר שלעכט געשלאָפען. דיא ווילדע זיינען ענדליך ארויף אויף'ן שיף און דיא גאנצע נאכט געליארמט, געקלאפּט און געטראמפּעלט מיט דיא פיס, אז עס איז ניט מעגליך געוועזן אן אויג צוצו־מאכען. אין שיף האָט געהערשט א נאכטיגע רוה. דיא מאנשאפט האָבען זיך וועגען דעם ניט געקימערט.

אום זעקס אוהר פריה בין איך אויפגעשטאנען. דיא פלאטען זיינען נאָך אליץ געוועזן פערשלאָסען און עס איז דארום קיין פרישע לופט ניט אריינגעקומען. מען האָט זיך דערווייל בענוצט מיט דיא געפּרעסטע לופט וואָס איז געוועזן גרייט אין דיא רעזערוואוארען, אום דיא אטמאָספערע מיט דעם נויטיגען זויער־שטאָף צו ערפרישען.

ביז נאָכמיטאָג בין איך געוועזן בעשעפטיגט אין מיין צימער. דעם קאפּיטאן האָב איך דיא גאנצע צייט ניט געזעהן און איך האָב ניט בעמערקט מען זאָל מא־כען אירגענד וועלכע פּאָרבערייטונגען צו א ווייטערע רייזע, אָבוואָהל דיא צייט וועלכע נעמאָ האָט געכטען בעשטימט איז שוין באלד געקומען.

איך האָב געוואָרט נאָך אביסעל און איך בין אריין אין זאאל. דער זייגער

אויסהערענדיג נעמאָ'ס אנטוואָרט האָב איך שוין געוואָלט ארויסגעהן, אָבער ער האָט מיך אָבגעהאלטען און געבעטען אז איך זאָל זיך נעבען איהם זעצען. ער האָט מיך געפרעגט וועגען אונזער בעזוך אויפ'ן אינזעל און אונזער געיעג. איך האָב איהם אלעס דערצעהלט און ער האָט ניט געקענט בעגרייפען וואָרום לענד בענקט אזוי נאָך פלייש, ווערהענד ער קען דאָ אויף דער שיף בעקומען בע־סערע געריכטען. דער קאַפּיטאן איז דיעזען מאָל געווען פריינדליכער וויא אלע מאָל. מיר האָבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאכען און איך בין העכסט צו־פריעדען געוועזען פון אונזער אונטערהאלטונג.

צווישען אנדערעס זיינען מיר ענדליך ארויפגעקומען אויף א געשפּרעך וועגען דיא "נאָטילוס", וואָס זיצט נאָך פעסט אויפ'ן פעלז, גראדע אויף דעם זעלבען פּלאַץ, וואו דער בעריהמטער ים־רייזענדער דומאָנט ד'אורוויל איז שיער געזונקען מיט זיינע שיפען.

— דיעזער ד'אורוויל — האָט דער קאַפּיטאן געזאָגט — איז געווען איינער פון דיא גרעסטע זעע־מענער, וואָס דיא וועלט האָט ווען געהאַט. דער אָרימער געלעהרטער! דורך דיא אייז־בערג פון זיד־פּאָל איז ער גליקליך דורכגעפאָהרען, פיעלע אנדערע געפאהרען אין פערשיעדענע ימים איז ער איבערגעקומען, און צום סוף האָט איהם גאָר בעגעגענט דער טויט אויף דער יבשה, פון א באהן־אונגליק! אך, ווען דיעזער גרויסער מאן וואָלט אין דיא לעצטע מאָמענטען פון זיין לעבען געקענט ארויסזאָגען, וואָס ער דענקט, וואָס ער טראַכט!

נעמאָ האָט דיעזע ווערטער גערעדט מיט א ריהרענדע שטימע, בעטראַכ־טענדיג אויף דער קאַרטע דיא ערטער וואָס ד'אורוויל האָט ענטדעקט אין וייטע וויסטע וואסערען. אויף יעדען פּלאַץ, אויף יעדען אינזעל וואָס דיעזער פראנצוי־זישער רייזענדער און פאָרשער האָט ענטדעקט, האָט דער קאַפּיטאן אָנגעציינט מיט'ן פינגער מיט א מינע פון בעוואונדערונג.

— דאָס זעלבע וואָס אייער לאַנדסמאן ד'אורוויל האָט אויפגעטהאָן פון אויבען אויפ'ן ים, האָב איך אויפגעטהאָן אין דיא טיעפענים פון ים — האָט נעמאָ געזאָגט — און איך האָב עס בעוויזען פיעל לייכטער, זיכערער און פּאָלשטענ־דיגער, ווייל מיין "נאָטילוס" קען קיינע סבות ניט טרעפען.

— דאָך שטעקט ערשט אייער "נאָטילוס" אויף א פעלז גראדע אזוי וויא ד'אורוויל'ס שיפען! — האָב איך זיך אָבגערופען.

אין אן אנדער צייט וואָלט איך פיליכט ניט געוואגט צו געבען דעם קאַ־פּיטאן אזא שטאָך־וואָרט, אָבער דאמאָלס איז ער, וויא געזאָגט, געווען צו מיר זעהר פריינדליך און איך האָב געהאָפט, אז ער וועט זיך ניט געפינען בעליידיגט. און ער איז ווירקליך ניט אין כעס געוואָרען און ער האָט מיר מיט א פריינדליכען טאָן געענטפערט:

— האָט קיין מורא, מיין הערר. אונזער שיף געפינט זיך ניט אין קיין

טערגעגאנגען. איך האָב איהם אין זאאל ניט געפונען און ניט וועלענדיג פערלי־רען צייט, האָב איך אַנגעקלאפּט אין זיין צימער.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געוואגט אזעלכעס צו טהאָן. איך בין געווען זיכער אז ער וועט דערפאר קיין פערדרוס האָבען, ווייל וויא מיר האָט אויסגעזעהן, שטעהען מיר אין געפאהר.

— אריין! — האָב איך דערהערט נעמאָ'ס שטימע. איך האָב געעפענט דיא טהיר און איך האָב איהם געפונען זיצענדיג רוהיג ביי מאכען רעכענונגען.

— שטער איך אייך פיליייכט? — האָב איך איהם געפרעגט אויס העפ־ליכקייט.

— ווירקליך יא, הערר אראָנאקס! — האָט ער געענטפערט — אָבער איהר האָט דאָך געוויס א נויטיגע אורזאכע מיך פלוצלונג צו בעזוכען.

— א זעהר וויכטיגע! — דיא ווילדע שווימען דאָ ארום אין זייערע שיפלאך און מען דארף יעדע מינוט ערווארטען, אז זיי וועלען אונז בעפאלען! — האָב איך האסטיג געענטפערט.

— אזוי? זיי זיינען גאָר אין שיפלאך געקומען? — האָט נעמאָ געלאסען און גלייכגילטיג געפרעגט.

— יא, הערר קאפּיטאן!

— אויב אזוי, דארף מען צושליסען דיא פלאטען איבער דיא טרעפּ.

— געוויס! דעריבער בין איך טאקי געקומען.

— אָה, דאָס איז א קלייניגקייט! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער א דריק געטהאָן אויף אן עלעקטרישען קנאָפּ. דאָס איז געווען א סיגנאל צו דיא מאנשאפט, אז זיי זאָלען דיעזען בעפעהל ערפילען.

— דיא פלאטען זיינען שוין געשלאָסען, מיין הערר! — האָט דער קאפּי־טאן א ווייל שפּעטער געזאָגט — אונזער שיף איז שוין ערשט זיכער. זאָרגט ניט, הערר פּראָפעסאָר. איהר ווייסט דאָך, אז דיא וואנד פון דער "נאָטילוס" האָבען אויסגעהאלטען דיא קוילען פון אייער "אייבערהעם לינקאָלן", וועלען זיי דיא אונבעדייטענדע פיילען פון דיעזע לייטע געוויס איבערטראָגען.

— אָבער, הערר קאפּיטאן! — האָב איך זיך אָבגערופען — מאָרגען וועט מען דאָך דיא טהיר מוזען עפענען אום פרישע לופט אריינצושעפּען, האָב איך מורא, אז דיא פראים קענען זיך נאָך אין שיף אריינכאפּען. דענקט איהר ניט אזוי, הערר קאפּיטאן?

— פון מיינעטוועגען, זאָלען זיי אריינקומען! — האָט נעמאָ געענטפערט— אין אמת זאָגענדיג, זיינען דאָך דיעזע מענשען אָרימע בעשעפּעניסען, וועלכע מען דארף מעהר בעדויערען אלס פערהאסען. יעדענפאלס וויל איך ניט אז עס זאָל קוסען דערצו, אז אפילו איינער פון זיי זאָל דארפען זיין לעבען פערלירען

האָבען זיך ארומגעקוקט און דערזעהן א ווילדען זיצענדיג אין א שיפעל אייניגע אײלען ווייט פון אונז. איך האָב באלד פערשטאנען, אז דאָס איז געוועזן דעם ווילדען'ס ארבייט צו פערניכטען מיין אוצר. קאָנסייל האָט באלד געכאפּט זיין ביקס און אויסגעשאָסען. איך וואָלט עס איהם ניט געלאָזט, אָבער ער האָט דאָס אָבגעטהאָן אזוי געשיקט, אז איך האָב קיין צייט געהאט אָבצוהאלטען איהם. דיא קויל האָט צובראָכען א מין בראסלעט וואָס דער ווילדער האָט געטראָגען אויף'ן האנד.

— קאָנסייל, קאָנסייל! — האָב איך אויסגעשריען — א מושעל איז ניט ווערטה דאָס לעבען פון א מענשען. ניט כדאי זאָגאר א ווילדען צו שיסען צוליעב אזא קלייניגקייט.

— וואָס רעדען וויל דער העדר? — האָט קאָנסייל העכסט אויפגערעגט געפרעגט — אז דער ווילדער הונד זאָל אונז צוערשט ערמאָרדען? זעהט איהר ניט, אז זיין אבזיכט איז געוועזן אונז צו טויטען?

איך האָב מיט מיין דיענער ניט איינגעשטימט. נאָך מיין מיינונג האָט ער אן עולה געטהאָן, וואָס ער האָט זיין ביקס בענוצט. אָבער באלד האָב איך זיך איבערצייגט, אז איך, דער מילדער און דער גוטהערציגער, וועל אויך מוזען נאָכפאָלגען קאָנסייל'ס ביישפיעל און שיסען. דען איך האָב פלוצלונג דערזעהן ביי א צוואנציג לאנגע, שמאָלע שיפלאָך, וועלכע דיא ווילדע האקען געוועהנ־ליך אויס פון דיקע בוימער. זיי זיינען געווען בעזעצט מיט ווילדע פאפואנער, וואָס האָבען זעהר געשיקט גערודערט אין דער ריכטונג פון אונזער שיף.

וויא עס האָט אויסגעזעהן, האָבען דיא ווילדע אָנפאנגס מורא געהאט פאר אונזער גרויסען אייזערנעם צילינדער, אָבער אז זיי האָבען געזעהן, אז ער שטעהט אימער אויף איין אָרט און ער בעוועגט זיך ניט, האָבען זיי בעקומען מוטה און האָבען אָנגעפאנגען נעהענטער צו צוקומען. און וויא אזוי פערטרייבט מען אזא מחנה? — האָב איך ביי זיך געטראכט — אונזערע ביקסען זיינען נערווישלאָזע, זיי שיסען שטיל, אז מען הערט גאָר ניט וויא דיא קוילען לויפען ארויס און דיא ווילדע וועלען זיך דערפאר געווים ניט אָבשרעקען. דער ווילדער האָט מעהר מורא פאר א גערויש, פאר א קראַך וויא פאר א שטילע זאך וואָס טויטעט איהם. -א ציוויליזירטער מענש דערשרעקט זיך אויך מעהר פאר'ן דונער וויא פאר'ן בליץ, אָבוואָהל טויטען טויטעט דער בליץ, ניט דער דונער.

דיא שיפלאָך מיט דיא ווילדע זיינען געקומען אלץ נעהענטער צו אונז און זיי האָבען אויף דער "נאָטילוס" געשאָסען מיט א האָגעל פון שטיינער און פיילען.

— צום טייפעל! — האָט קאָנסייל אויסגעשריען — דאָס איז שוין קיין שפאס ניט. מעגליך, אז דיא פיילען זיינען פערגיפטעט.

— איך מוז עס דעם קאפּיטאן מעלדען! האָב איך געזאָגט און בין ארונ־

לענד האָט דיא זאַך שטארק פערדראָסען, אָבער וואָס האָט ער געקענט העלפען? געהן איינשטעלען דעם לעבען צוליעב א פליישיגען מאָהלצייט, דאָס האָט ער שוין אויך ניט חשק געהאט.

איבריגענס האָבען מיר מיטגעבראכט אביסעל פלייש פּראָדוקטען פון אינ־זעל און נעד לענד איז דערוייל ניט אזוי זשעדנע געווען אויף א קאָטלעט. דער געשיקטער קענעדע'ר איז געווען בעשעפטיגט מיט צוריכטען דיא פלייש און פרוכט־מעהל, אז עס זאָל קענען ליגען א לענגערע צייט און ניט פערדאָרבען ווערען, און ווען ה'רענד ער האָט דאָס געטהאָן האָט ער דיא ווילדע נעשאָלטען מיט טויטע קללות.

אומגעפעהר אום עלף אוהר פאָרמיטאָג איז דאָס וואסער פון מעער אויפ־געשטיגען. דיא ווילדע האָבען געמוזט פערלאָזען דיא פעלזען און זיך צוריקציהען צום ברעג. איך האָב פון ווייטענס געזעהן, אז דאָרט ווערט דער צאָהל פון דיא ווילדע אלץ גרעסער און גרעסער, וואהרשיינליך קומען זיי פון פערשיעדענע ארומיגע אינזלען. קיין שיפלאַך, אין וועלכע זיי זאָלען האָבען געקומען, האָב איך ניט בעמערקט.

אום דיא צייט צו פערטרייבען האָט זיך מיר פערוואָלט פאנגען מושעלען. איבערהויפט איז מיר יעדע מינוט צו גרויס געווען און איך האָב זיך געפיהלט זעהר לאנגווייליג. לויט קאפּיטאן נעמאָ'ס פערשפּרעכען איז דאָס געווען דער לעצטער טאָג וואָס מיר האָבען דאָרט געדאַרפט שטעהן און איך האָב שוין גי־כער געוואָלט דערלעבען דיא מינוט, ווען דיא "נאָטילוס" וועט ארונטער פון פעלז און מיר וועלען קענען פאָרטזעצען אונזער רייזע. איך האָב גערופען מיין דיענער קאָנסייל און ער האָט מיר געבראכט א לייכטען קליינעם נעטץ און מיר האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט.

ביי א צוויי שטונדען כסדר האָבען מיר ארונטערגעלאָזט און אויפגעהויבען אונזער נעטץ, אין וועלכען מיר האָבען געפונען פערשיעדענע פישלאַך און מו־שעלען. צולעצט האָב איך אין נעטץ דערזעהן א זעלטענע מושעל, וואָס איז אין מיינע אויגען פיעל ווערטה געווען פאר א מוזעאום. ווען איך האָב איהם ארויסגעצויגען, האָב איך פון גרויס איבערראשונג א זאָנדערבאָרען געשריי געטהאָן.

— וואָס איז? — האָט קאָנסייל דערשראָקען געפרעגט — האָט דער מושעל דעם הערר א ביס געטהאָן?

איך האָב איהם ערקלערט, אז דאָס איז ניט געווען קיין שמערץ־געשריי, זאָנדערן א פריידענס־געשריי, צוליעב דער טהייערער מציאה וואָס איך האָב געפונען.

וועהרענד איך האָב דעם זעלטענעם מושעל געהאלטען אין דיא הענד איז פּלוצלונג א שטיין אויף איהם געפאלען און ער איז צובראָכען געוואָרען. מיר

אָבער אין א פיעל גרעסערען צאָהל וויא פריהער. איך האָב משער געוועזן, אז זיי געפינען זיך דאָרט פון פינף ביז זעקס הונדערט פערזאָן. דאָס וואסער פון ים איז דאמאָלס אָבגעפאלען. מאנכע פון זיי האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און זיי זיינען געשפרונגען פון איין פעלז אויף'ן אנדערען, ביז זיי זיינען געקומען גאנץ נאָהענט צו אונזער שיף. איך האָב זיי גאנץ גענוי געקענט בעטראכטען. זיי זיינען געוועזן גרויס און פעסט געבויט, מיט ברייטע נעזיכטער, דיקע נעזער און גלענצענדע ווייסע צייהן. דיא הויט פון זייערע קערפערס איז געוועזן עכט שווארץ און אין דיא דורכגעשטאָכענע אויערען האָבען זיי גע-טראָגען שטיקער ביין אָדער האָלץ. זייערע האָאר איז געוועזן אזוי וויא וואָל פון שווארצע שעפסען. דיא מעהרסטע פון זיי זיינען געוועזן גאנץ נאקעט, בלויז איינינע, וועלכע איך האָב דערקענט אלס פרויען האָבען געטראָגען אזעלכע בע-קליידונג אָדער גארטעל געמאכט פון דינע צווייגען און בעהאנגען מיט פער-שיעדענע בלעטער און פלאנצונגען. איך האָב צווישען זיי אויך בעמערקט איי-ניגע טשיפס אָדער אָנפיהרער, וועלכע זיינען אויך ניט געוועזן אין גאנצען נאקעט און האָבען געטראָגען האלדז-בענדער פון רויטע און ווייסע פאטשערקעס. כמעט אלע זיינען זיי געוועזן בעוואפענט מיט בויגענס, פיילען און פאנצערס. אויף דיא אקסלען האָבען זיי געטראָגען אזעלכע געפלאָכטענע טאָרבעס אָדער ראנצעס, פול מיט רונדע שטיינער. דאָס זיינען זייערע שים-קוילען, וועלכע זיי וואַרפען זעהר געשיקט.

איינער פון דיא אָנפיהרער איז צוגעקומען גאנץ נאָהענט און אויפמערק-זאם בעטראכט אונזער שיף. ער איז וואהרשיינליך געוועזן א הויפטלינג פון הוי-כען ראנג, וואָס מען רופט ביי זיי "מאדא", דען ער האָט געטראָגען א מין בגד אזוי וויא א פעלערינע, געמאכט פון באנאנא-בלעטער און פערציערט מיט פראנ-זען פון פערשיעדענע פארבען. מיר וואָלט זעהר לייכט געוועזן דיעזען הויפטלינג צו דערשיסען, אָבער איך האָב בערעכנט, אז עס איז גלייכער פאר אונז ניט אָנצופאנגען דיא קריעג. מיר ציוויליזירטע אייראָפּעער דארפען קיינמאָל דיא וויל-דע צוערשט ניט אָנגרייפען.

וועהרענד דיא גאנצע צייט וואָס דער מעער איז געוועזן אָבגעפאלען האָבען דיא ווילדע פאפואנער זיך ארומגעטריבען אויף דיא פעלזען, ניט מאכענדיג קיין גרויסען ליארם. איך האָב געזעהן וויא זיי האָבען צו מיר געוואונקען און גע-הערט וויא זיי האָבען צו מיר געשריען "אסאי!" וואָס דיעזער וואָרט מיינט אויף זייער לשון ווייס איך ניט, אָבער נאָך זייערע מינעס און בעוועגונגען האָב איך פערשטאנען, אז זיי רופען מיך, איך זאָל צו זיי אויף'ן ברעג קומען. איך האָב געוועהנליך דיעזע איינלאדונג ניט געוואָלט אָננעהמען.

יענעם טאָג זיינען מיר שוין פערבליבען אויף דער "נאָטילוס", ווייל ארויס-פאָהרען אויף'ן אינזעל האָבען מיר מעהר ניט געוואגט. אונזער פלייש-פרעסער

— נאָך מיין מיינונג זיינען אלע מענשען פון דער ערד ניט בעסער איינער פון דעם אנדערען.

— ווענגען אלע מענשען פון דער וועלט, — האָב איך זיך אָבגערופען — וועלען מיר אן אנדערש מאָל רעדען. אָבער דיעזע ווילדע פון אינזעל קענען דאָך בעפאלען אונזער שיף, אויב איהר וועט ניט זעהן א מיטעל זיך צו שיטצען!

— וויפיעל, דענקט איהר, זיינען זיי דאָרט געווען?

— ביי א הונדערט שטיק!

— הערר אראָנאקס! — האָט דער קאפּיטאן זיך אָבגערופען — איהר מעגט רוהיג זיין. ווען אפילו אלע ווילדע פון דיא פּאפּואן אינזלען זאָלען זיך צוזאַמענקומען, דארפען מיר אויך ניט מורא האָבען פאר אן אנגריף.

נעמאָ האָט ווידער אָנגעפאנגען צו שפּיעלען א שעהנע און זיסע מעלאָדיע. ער האָט זיך שטארק פערטיעפט אין דיא הערליכע מוזיק, פון וועלכעס איך האָב איהם מעהר ניט געוואָלט שטערען און איך בין ארויסגעגאנגען אין דער הויך אויף'ן פּלאטפאָרם. עס איז באלד פינסטער געוואָרען. אין יענע געגענד גיבט עס כמעט קיין פארנאכט און פון זונן־אונטערגאנג ביז שטערען־אויפגאנג דויערט בלויז א קליינע ווייל. דער ברעג פון אינזעל איז שנעל פערשוואונדען געוואָרען אין דיא פינסטערנים פון דער נאכט. דערפאר אָבער האָבען זיך דאָרט באלד בעוויזען פיעלע פייערען. דאָס איז געווען א צייכען, אז דיא ווילדע פערבלייבען ביים ברעג און זיי דענקען ניט צוריק צו ציהען זיך אזוי שנעל.

איך בין אייניגע שטונדען פערבליבען אויף'ן דעק. דיא לבנה איז אויפגעגאנגען און בעלויכטען מיט איהרע זילבערנע שטראהלען דיא שטילע וואסערען פון ים און דיא בוימער ביים ברעג, וועלכער איז געווען בעזעצט פון דיא ווילדע פּאפּואנער. דעם קאפּיטאן'ס פערזיכערונגען, אז עס וועט אונז קיין בייזעס געשעהן, האָט מיך בערוהיגט און איך האָב זיך ניט געשראָקען. ארום האלבע נאכט בין איך ארונטער אין מיין קאיוטע און איך בין געשמאק איינגעשלאָפען.

דיא נאכט איז פאָריבער אָהן אירגענד וועלכע שטערונג. דער ארייננאנג צו דיא טרעפּ פון אונזער שיף איז פערבליבען אָפען א גאנצע נאכט און דיא ווילדע וואָלטען לייכט געקענט אריינקומען אינוויינינג, אָבער זיי האָבען עס ניט געטהאָן, וואהרשיינליך האָבען זיי מורא געהאט קומען נאָהענט צו דעם גרויסען געגענשטאנד, וואָס זיי האָבען פיליייכט אָנגענומען פאר א מין בעשעפענים, וועלכע קען זיי אלע איינשלינגען.

אום זעקס אוהר אין דער פריה, דעם אכטען יאנואר, בין איך ארויף אויף'ן דעק. עס האָט נור וואָס אָנגעפאנגען צו טאָגען און דער מאָרגען־טהוי איז ביי לעכווייז פעריאָגט געוואָרען פון דיא ליכטיגקייט פון טאָג וואָס איז אָנגעקומען ווען דיא זונן האָט זיך אויפגעהויבען אביסעל העכער און עס איז גוט ליכטיג געוואָרען האָב איך דייטליך געזעהן, אז דיא ווילדע געפינען זיך ביים [illegible]

אין דרייען נעבויגען אונטער זיין משא און איז געלאָפען גלייך מיט אונז. אין א פּאָר מינוטען זיינען מיר שוין געווען אויף אונזער שיפעל און מיר זיינען אָבּ־געפאָהרען.

מיר זיינען בלויז געווען א קורצע שטרעקע פון ברעג, ווען מיר האָבען דער־הערט ווילדע, משונה'דיגע קולות. איך האָב זיך ארומגעקוקט און דערזעהן וויא א מחנה ווילדע ביי א הונדערט אין צאָהל לויפען אריין אין וואסער נאָך אונז. זיי זיינען געשטאנען ביז'ן גארטעל אין וואסער און אזוי געליארעמט, אז מיר האָ־בען אויפגעשווידערט הערענדיג זייערע קולות און קוקענדיג אויף זייער געשטאלט. איך האָב געקוקט אויף דער "נאָטילוס", פּילייכט שטעהט דאָרט אימיצער אויף'ן דעק, אָבער מען האָט דאָרט קיינעם ניט געזעהן. דיא גרויסע שיף האָט אויס־געזעהן וויסט און פערלאָזען אזוי וויא א וויסטער, פערלאָזענער אינזעל אויף'ן ים.

אין צוואנציג מינוטען ארום זיינען מיר געקומען צו דער "נאָטילוס". דער אריינגאנג צום שיף איז געווען אָפען. מיר האָבען אונזער שיפעל צוגעבונדען און מיר זיינען אריין אין שיף.

איך האָב באלד דערהערט זיסע מוזיק טענער. איך בין אריין אין זאאל און דאָרט האָב איך געטראָפען קאפּיטאן נעמאָ שפּיעלענדיג אויף זיין פּיאנאָ. ער איז געווען אזוי פערטיעפט אין שפּיעלען, אז ער האָט מיך ניט בעמערקט.

— קאפּיטאן ! — האָב איך אויסגעשריען.

אָבער ער האָט מיך ניט געהערט און ער האָט זיך ניט ארומגעקוקט.

— קאפּיטאן ! — האָב איך נאָך אמאָל געזאָגט בעריהרענדיג זיין האנד.

— אָה, דאָס זיינט איהר, פּראָפעסאָר ? — האָט ער זיך אָבגערופען — וויא איז אייך עפּעס נעגאנגען אייער יאגד ? האָט איהר פיעל קרייטער און פרוכט געזאמעלט ?

— יא, קאפּיטאן ! — אָבער מיר זיינען דאָרט צום אונגליק בעגריסט געוואָ־רען פון צוויי־פיסיגע ווילדע ברואים.

— וועלכע צוויי־פיסיגע ברואים מיינט איהר ? האָט ער געפרעגט.

— ווילדע מענשען ! — האָב איך געענטפערט.

— ווילדע ! — האָט דער קאפּיטאן אביסעל שפּאָטיש אויסגערופען — איז דען ביי אייך, העדר פּראָפעסאָר, א וואונדער, וואָס בעטרעטענדיג טרו־קענע לאנד האָט איהר ווילדע אָנגעטראָפען ? וואו וועט איהר דען קיין ווילדע ניט אָנטרעפען ? זיינען דען דיא שווארצע וואָס איהר האָט ערשט געזעהן וויל־דער פון דיא ווייסע מענשען פון אייערע ציוויליזירטע לענדער ?

— אָבער, קאפּיטאן ! . . .

— יא, אָט דאָס וואָס איהר הערט ! — האָט נעמאָ מיך איבערגעשלאָגען

מיינע קאמעראדען, איבערהויפט לענד, איז נאך דער גוטער אריסטאקראַ־טישער סעודה אויך ניט קליגער געוואָרען און נאך זיין שכל איז אויסגעקומען, אז ער וועט דיא זאך קענען דורכפיהרען און אז ער וועט אויף'ן איינזאמען אינזעל בעסער און בעקוועמער לעבען וויא אויף דער "נאַטילוס".

אָבער אין יענעם מאָמענט איז א שטיין געפאלען ביי אונזערע פיס און דער געשפרעך איז אין מיטען אָבגעהאקט געוואָרען.

22טעס קאפיטעל

# קאַפּיטאַן נעמאָ'ס בליץ

מיר האָבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען אויסצוגעפינען פון וואנען דער שטיין איז געקומען צו פליהען, אָבער מיר האָבען קיינעם ניט געזעהן. מיר זיינען שטארק איבערראשט געוואָרען.

— שטיינער פאלען ניט פון הימעל — האָט קאָנסייל געזאָגט — אימי־צער האָט דאך דעם שטיין געוואָרפען און מיר זעהען דאָ קיינעם ניט.

באלד איז א צווייטער שטיין געפאלען, וויא עס האָט אויסגעזעהן אבזיכט־ליך געציעלט אויף אונז. דער שטיין איז געפאלען נעבען קאָנסייל, אָבער געטראָ־פען האָט ער איהם ניט. מיר האָבען אלע צוגעגרייט אונזערע ביקסען און מיר זיינען געשטאנען פערטיג צו פערטהיידיגען זיך פון אירגענד וועלכע אטאקע.

— פיליכט זיינען דאָס אפען (מאָנקים) ? — האָט זיך לענד אָבגערופען.

— כמעט געטראָפען ! — האָט קאָנסייל געענטפערט — דאָרט שטעהען ווילדע מענשען אין וואלד.

— צום שיפעל ! — האָב איך א קאָמאנדעווע געטהאָן לויפענדיג שנעל צום ים. מיינע קאָמעראדען האָבען מיר נאָכגעפאָלגט.

און מיר האָבען ווירקליך געטהאָן א גלייכע זאך. דען איידער אויפנעהמען א קאמפף ניט וויסענדיג וויא גרויס דיא מאכט פון שונא איז, איז גלייכער צו אנטלויפען פון איהם. און מיר האָבען טאקי באלד איינגעזעהן, אז מיר מוזען זיך וואָס שנעלער רעטען, ווייל א צוואנציג ווילדע, בעוואפענטע מיט שטיינער־שליידערער און בויגען זיינען ארויס פון א זייט פון וואלד, אומגעפעהר הונדערט טריט ווייט פון אונז.

דיא שווארצע מענשען פרעסער האָבען זיך געצויגען נעהענטער צו אונז. מיר זיינען געווען ביי א זעכציג פוס ווייט פון אונזער שיפעל און מיר האָבען אָנגעהויבען געבען שנעלע טריט, אום גיכער צו קומען צום ברעג. ווערהענד מיר זיינען געלאָפען זיינען שטיינער געפאלען הינטער אונז, אָבער קיינער האָט אונז געטראָפען. לענד האָט אין דיא מאָמענטען פון געפאהר אויך געזשאלעוועט איבער־לאָזען דיא פלייש פראָדוקטען וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעטראָגען. ער האָט זיך

קאנגארוס. דאָס זיינען נעמליך א זאָרט שפּרינג־בעק, וואָס לעבען אין און ארום אויסטראַליען. די בעזאָנדערע מערקווירדיגקייט פון די דאָזיגע ברואים בעשטעהט אין דעם, וואָס דיא קאנגארו „זיא" האָט אונטער'ן בויך א דיקע הויט אזוי וויא א זאק אָדער א בייטעל. דיא קאנגארו מוטער בעהאלט דאָרטען איהרע קינדער, וועלכע ווערען געבאָרען זעהר שוואך און אונענטוויקעלט. זיי ליגען דאָרט מיט זייערע מיילכלעך צו דיא נאָפּלען פון דיא בריסט און זיי זויגען. זיא טראָגט זיי אזוי ארום מיט זיך א פּאָר מאָנאטען ציים ביז זיי ווערען גוט ענטוויקעלט און קרעפטיג און דאן לאָזט זיא זיי ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט. דיא קאנגארוס טראָגען דארום א צווייטען נאָמען „בייטעל־טהיערע".

וויא דיא דאָזיגע מערקווירדיגע ברואים האָבען אונז דערזעהן זיינען זיי אנטלאָפען. אָבער דיא עלעקטרישע קוילען פון קאפּיטאן נעמאָ'ס ביקסען האָבען זיי אָנגעיאָגט און עס האָט גאָר ניט לאנג געדויערט ביז איינינע פון זיי זיינען דערשאָסען געוואָרען.

— הערר פּראָפעסאָר! — האָט לענד העכסט צופריעדען אויסגערופען — איך מוז אייך זאָגען, אז אויף אזא פּרעכטיגען בראטען מאָהלצייט האָב איך זיך אליין ניט געריכט. זעהט, פינף שטיק ליגען געשאָסען און דאָס אלעס וועלען מיר אליין פערצעהרען! דיא דומקעפּ פון אייער קאפּיטאן'ס מאנשאפט וועלען פון מיר זאָגאר א שטיקעל צו פערזוכען ניט בעקומען.

דיא יאגד האָט זיך געענדיגט מיט א דוצענד דערשאָסענע טהיערע. עס איז אונז קוים געלונגען ביז זעקס אוהר פארנאכט דיעזען פלייש־אוצר אויף אונזער שיפעל צו טראנספּאָרטירען. דיא „נאָטילוס" האָט זיך געזעהן אומגע־פעהר צוויי מייל וויים פון אונז.

לענד האָט באלד אָנגעהויבען צו פערפערטיגען אונזער מאָהלצייט. אונזער קענעדע'ר איז געוועזן א גוטער קוכער און ער האָט גוט פערשטאנען דיעזען פאך. דיא געבראָטענע קאָטלעטען פון דעם בארי־אָטאנג האָבען ארויסגעגעבען אזא אנגענעהמען גערוך, אז אין מיר האָט זיך אויך ערוועקט אן אפּעטיט און א חשק פון דיא פלייש־שפּייז צו געניסען.

און אונזער מאָהלצייט איז ווירקליך געוועזן פּאָרטרעפליך גוט. מיר האָבען געהאט א פּאָלשטענדיגע סעודה מיט פלייש פון וואלד־טויבען אלס פּאָר־שפּייז, מיט אנאנאסען פרוכט אלס דעסערט (צוביים־געריכט) און זאָגאר מיט א גוטע און געשמאקע משקה פון קאָקאָס־נים. עס איז געוועזן א מאָהלצייט, וואָס זאָגאר דיא רייכסטע לייט קענען זיך ניט צו יעדער צייט פערשאפען.

— וואָס וואָלט געוועזן, ווען מיר זאָלען דאָ, אויף דיעזען אינזעל נעכטיגען?

— האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען.

— און פארוואָס ניט פערבלייבען דאָ אויף אימער? — האָט לענד גע־פרעגט.

— בעטרונקען? — האָב איך מיט פערוואונדערונג געפרעגט.

— געוויס בעטרונקען! דער הערר זעהט דען ניט? ער האָט זיך אָנגע־זויפט מיט'ן זאפט פון מושקאט־ניס וואָס וואקסען דאָרט אויף יענעם בוים און איז פערבליבען מאכטלאָז.

— וואונדערבאר! — האָט לענד אויסגערופען — איך האָב שוין א פּאָר מאָנאטען קיין ביסעל שנאַפּס אין מיין מויל ניט געהאט אין דיא פויגלאך אין וואלד שכור'ען!

איך האָב דעם פויגעל בעטראכט און אויסגעפונען, אז קאָנסייל האָט רעכט. ער איז טאקי געווען אזוי בעזויפען, אז ער האָט ניט געקענט בעוועגען, ניט זיינע פיס, ניט דיא פליעגעל.

דיעזער פויגעל איז דער שעהנסטער און זעלטענסטער פון דיא אכט זאָרטען פאראדיז פויגלאך וואָס געפינען זיך אויף יענע אינזלען. פון זיינע קאָלירען איז ווירקליך ערשטוינט און ענטציקט צו ווערען. זיין שנאָבעל איז געלב, דיא פיס און נעגעל—קאפע־ברוין, דער קאָפּ און דער רוקען האָבען וויעדער אן אנדער פארב און דיא פליעגעל וויעדער אן אנדערען. דער פויגעל איז געווען ביי א דריי פוס לאנג, זיין קאָפּ קליין, לויט דיא גרוים פון זיין קערפּער און דיא אויגען כמעט ביים שנאָבעל. דיא איינגעבאָרענע פון יענע געגענדען רופען איהם "דער פויגעל פון דער זונן".

מיך האָט ניט געקימערט וואָס דער פויגעל איז אין אזא צושטאנד. איך האָב געוואוסט, אז עס איז מיט איהם קיין געפאהר, ווייל ער וועט זיך אויסשלאָ־פען און קומען צוריק צו זיין בעוואוסטזיין און זיינע כחות, און איך בין דארום העכסט צופריעדען געווען וואָס מיין פערלאנג איז ערפילט געוואָרען נאָך בעסער וויא איך האָב אליין געדענקט. איך וואָלט זיך פריהער געווען בענוגענט מיט א טויטען פויגעל פון דיעזען זאָרט, און ערשט אז איך האָב איהם בעקומען א לע־בעדיגען, האָב איך זיך געשעצט גליקליך איבער גליקליך.

נעד לענד איז נאָך אלץ אונצופריעדען געוועזן. איהם האָט זיך געוואָלט קאָטלעטען און דאָס האָט ער ניט געהאט. אָבער שפּעטער האָט א צופאל זיין וואונש אויך בעפרידיגט. ארום צוויי דעם זייגער נאָכמיטאג איז איהם געלונגען צו טויטען א מין ווילדען שוויין, וועלכען דיא איינגעבאָרענע רופען "בארי־אָטאנג". דיא חיה איז איהם אָנגעקומען אנטקעגען און לענד האָט איהר פאר א גוטען גאסט צוגענומען. ער האָט איהר מכבד געווען מיט אן עלעקטרישע קויל און זיא איז געפאלען טויט. לענד האָט דעם "בארי־אָטאנג" אָבגעשונדען און האָט פון איהם אויסגעשניטען א גרויסע שטיק פלייש צו פּערפּערטיגען פאר אבענד־ברויט. דיא יאגד איז דאן פּאָרטגעזעצט געוואָרען. לענד און קאָנסייל האָבען דעם בעסטען ערפאָלג געהאט.

געהענדיג ווייטער דורך'ן וואלד האָבען זיי אָנגעטראָפען א גאנצע כטארע

בירגען, וועלכע זיינען געשטאנען אין מיטעל פונקט פון אינזעל. מיר האבען אנגעפאנגען שפירען הונגער, אבער מיר האבען ניט געהאט מיט וואס אונזערע מאגענס צו בעפרידיגען. מיר האבען קיין שפייז מיטגענומען, ווייל מיר האבען גערעכנט, אז מיר וועלען קענען אויסקומען מיט דיא פראדוקטען פון אונזער יאגד. אבער אזוי וויא מיר האבען קיין זאך געפונען צום עסען, איז אונז אויסגעקומען צו לייגען דיא צייהן אויף דיא פאליצעס. צום גליק איז מיין דיענער קאנסייל געלונגען צו שיסען צוויי ווייסע וואלד־טויבען. מיר האבען זיי אבגעפליקט, אויפגעלייגט א פייער פון דארע צווייגען און זיי אבגעבראטען און מיר האבען געהאט א שטיקעל פליישיגע סעודה.

— נו, לענד — האב איך געזאגט צום קענעדע'ר — אצינד זיינט איהר שוין צופריעדען? וואס נאך פעהלט אייך?

— ניין, הערר אראנקאס! — האט ער געענטפערט — פויגעל פלייש קען מיך ניט צופריעדען שטעלען. דאס איז נור גוט פאר א פאר־שפייז אדער א צובייס און אזוי לאנג וויא איך וועל ניט האבען א קאטלעט פון א פיער־פיסיגע חיה, וועט מיין אפעטיט פערבלייבען אונבעפרידיגט.

—און איך וועל אויך ניט צופריעדען זיין ביז איך וועל ניט פאנגען א פאראַ־דיז־פויגעל! — האב איך זיך אבגערופען.

— טא לאמיר פארטזעצען אונזער יאגד! — האט קאנסייל געזאגט — אבער איך דענק, אז פערקריכען ווייט אין דיא בערג לוינט זיך פאר אונז ניט. לאמיר זיך בעסער לאזען געהן צום ים. צו וואס ריזיקירען און געהן ווייטער? מיר קענען נאך אמאל אונגעריכט ארייגפאלען אין א דארף פון ווילדע און דאן וועט אפילו אונזער לענד'ען פערגעהן דער אפעטיט פון קאטלעטען.

מיר האבען זיין ראטה אנגענומען. מיר האבען שפאצירט אין וואלד אויף צוריק און מיר האבען ענטדעקט נאך איינינע זארטען בוימער און פרוכטען, אבער קיין שפור פון אירגענד וועלכע פיער־פיסיגע טהיער. זאגאר פייגלאך האבען מיר דארט אויך ניט געזעהן און איך האב שטארק בעדויערט, וואס איך האב קיין אויסזיכט געהאט א פאראדיז־פויגעל צו פאנגען. פלוצלונג האט קאנסייל, וועלכער איז געגאנגען פאראויס, זיך איינגעבויגען און איז צוגעלאפען צו מיר מיט אן אויסרוף פון פרייד, האלטענדיג אין האנד א לעבעדיגען פויגעל פון שעהנסטען זארט.

— אה, בראווא, קאנסייל! — האב איך אויסגעשריען — אבער, מיין ליעבער יונגע, וויא אזוי איז דיר געלונגען ריעזען פויגעל מיט דיא הוילע הענד צו כאפען?

— דאס איז ניט קיין גרויסע קונסט־שטיק! — האט קאנסייל געענטפערט — זאל נור דער הערר גוט בעטראכטען דעם פויגעל, וועט ער זעהן, אז ער איז בעטרונקען, איינפאך שכור אזוי וויא א פויער!

דער געזעלשאפט פון אנדערע מינים פויגעל פון פערשיעדענע קאלירען און פאר־בען, וואס זיינען שעהן פאר'ן אויג, אבער אונברויכבאר פאר'ן גאפעל־מעסער.

דיא פאפואן אינזלען זיינען בעריהמט מיט דיא שעהנסטע ארטען פויגלאך, וואס איז זעלטען אין אירגענד וועלכען אנדער פלאץ צו טרעפען. מיר האט זיך איבערהויפט זעהר געוואלט זעהן דעם הערליכען פאראדיז־פויגעל און מיין נייגערינגקייט איז באלד בעפרידיגט געווארען. דורכגעהענדיג ווייטער א שטיק וואלד, וועלכער איז געוועזן ניט זעהר געדיכט, זיינען מיר אנגעקומען אויף א פרייען פרוכטבארען פלאץ, וואו איך האב דערזעהן פראכטפאלע פויגלאך מיט גלענצענדע פארבען. איך בין העכסט איבערראשט געווארען קוקענדיג אויף דיא שעהנע צוויי־פיסיגע ברואים און מיינע אויגען זיינען ניט זאט געווארען קוקענדיג אויף זיי. איך האב זיי מיט גרויס אויפמערקזאמקייט בעאבאכטעט. איך האב צווישען זיי געוואלט דערקענען דעם פאראדיז־פויגעל און איך האב איהם ענדליך דערקענט.

— פאראדיז־פויגלאך! — האב איך פול ענטציקט אויסגעשריען און איך האב זעהר חשק בעקומען צו פאנגען כאטש איינע פון זיי.

דיא איינוואהנער פון דיא מאלאי אינזלען פיהרען אן גרויסע געשעפטען מיט דיעזע פויגלאך, וועלכע זיי פערקויפען צו כינעזער. דיא מאלאיער זיינען קינסטלער אין דעם פאך פון פאנגען דיעזע געפליגעלטע ברואים, דאך קומט זיי עס אן זעהר שווער. זיי קלעטערען ארויף אויף דיא שפיצען פון דיא העכסטע בוימער און פערשפרייטען דארט נעטצען. זיי לויערען אויף זיי טעג און נעכט און אפטמאל, ווען זיי געפינען קיין אנדער מיטעל, פערגיפטען זיי דיא טייכלאך, וואו דיא פויגלאך טרינקען, און דיעזער מיטעל געלינגט אפטמאל אויך ניט. דיא פאראדיז־פויגלאך זיינען זעהר קלוג און פארזיכטיג, דער ערפאהרענסטער שיסער קען צעהנדליגע קוילען פערברויכען ביז איהם געלינגט צו שיסען איינע פון זיי.

ווען איך האב אויסגעדריקט מיין וואונש, צו בעקומען א פאראדיז־פויגעל, האט זיך לענד אבגערופען:

—מיר וועלען עס פרובירען, הערר פראפעסאר. איך וועל אנווענדען מיין ביקס אויף זיי, אבוואהל אין דיא ווארהייט זאגענדיג, בין איך מיט דעם הארפון פיעל געשיקטער אלס מיט'ן ביקס.

לענד האט אנגעהויבען פייערען, אבער זיין מיה איז געוועזן אומזיסט. ער האט א היבשע ביסעל פון קאפיטאן נעמא'ס גלעזערנע קוילען פערברויכט, אבער קיינער פון זיי האט אירגענד וועלכען פויגעל געטראפען. דיא צוויי־פי־סיגע חכמים האבען זיך יעדעס מאל אויסגעדרעהט און זיי זיינען ארויס מיט גאנצע ביינער.

ביז עלף אוהר פארמיטאג זיינען מיר דורכגעגאנגען דיא פאדערשטע גע־

דער קאַטלעטען ליעבהאָבער לענד האָט פערלאנגט מיר זאָלען אין אנדער געגענד פון וואלד בעזוכען, מיט דער האָפנונג ערגיץ וואו וואלד־חיות צו געפינען.

באלד וויא דיא זונן איז אויפגעגאנגען זיינען מיר אָבגעפאָהרען. דיא וואסער שטייגונג האָט אונזער שיפעל געהויבען. עס איז אונז דיעזען מאָל גע־ווען פיעל לייכטער צו פאָהרען און אין אייניגע מינוטען ארום זיינען מיר שוין געווען ביי'ם אינזעל. מיר האָבען לענד'ען צוליעב געטהאָן און איהם געלאָזט זיין; אונזער אנפיהרער. מיר האָבען איהם געלאָזט געהן פאָראויס און איך און קאָנ־סייל זיינען איהם נאָכגעגאנגען, אין א גאנץ אנדערע ריכטונג וויא נעכטען. מיר זיינען אייניגע קליינע וואסער־שטראָמען אריבער צו פוס און ענדליך זיינען מיר געקומען אויף א הויכען גלייכען פלאַץ, וועלכער איז פון אלע זייטען געוועזן ארומגערינגעלט מיט וואונדערבארע וועלדער. אייניגע אייז־פויגעל האָבען גע־שוועבט איבער'ן וואסער. מיר וואָלטען פון זיי געקענט מאכען א גוטען פריה־שטיק, אָבער זיי האָבען זיך ניט געלאָזט פאנגען. זיי זיינען געווען אזוי פאָרזיכ־טיג, אז עס איז געווען אונמעגליך צו זיי נעהענטער צוקומען. זייער מורא פאר מענשען האָט בעוויזען אז דיעזער אינזעל איז בעזעצט מיט ציוויליזירטע אָדער אמווייניגסטען מיט ווילדע מענשען, וועלכע קומען אין יענעם וואלד אויף יאגד. ווען זיי וואָלטען א מענשען קיינמאָל ניט בעגעגענען און ניט אנערקענען איהם פאר א שונא, וואָלטען זיי פאר אונז קיין מורא ניט געהאט.

אריבערגעהענדיג א גרויסע וויעזען־פעלד (לאָנקע), וועלכע איז געווען גוט בעוואקסען, זיינען מיר געקומען צו א קליין וועלדעל, אין וועלכען פויגלאך האָבען געזונגען. לענד איז שוין פערטיג געווען אויף זיי א יאגד צו מאכען, אָבער קאָנסייל האָט איהם אָבגעהאלטען.

— דאָס זיינען נור פאָפּוגאיען — האָט קאָנסייל געזאָגט — און דיעזע פויגלאך קענען צום עסען ניט געברויכט ווערען.

— מען קען זיי יא עסען! — האָט דער קענעדע'ר זיך אָבגערופען.

— ניט אמת! — האָט מיין וויסענשאפטליכער דיענער אויסגערופען — איך זעה דאָ בלויז פאָפּוגאיען און פאָפּוגאיען פלייש וואָלט איך ניט געגעסען אפילו נאָך א תענית פון אכט טאָג צייט.

— פריינד קאָנסייל — האָט דער פלייש הונגעריגער לענד געזאָגט — פאָ־פוגאיען פלייש איז אויך גוט פאר דיא וואָס האָבען ניט קיין אנדערע.

אין דיא ווירקליכקייט האָבען דארט געפלאטערט א גרויסע מחנה פאָפּוגאיען, וועלכע זיינען אומגעפלויגען צווישען דיא בוימער פון איין צווייג אויף'ן אנדערען. ווען דיעזע פויגעל וואָלטען זיך געהאָדעוועט צווישען מענשען און געקראָגען א בעסערע ערציהונג, האָלטען זיי זיך אויסגעלערענט דיא מענשליכע שפּראך, אָבער זייענדיג פערווילדעט אין וואלד, האָבען זיי געשוואצט און געברומט, אין

מין פלאנצע), און נאך פערשיעדענע גרינס, וועלכע מיר האבען אנגעריסען א רעכט ביסעל.

— ענדליך, פריינד לענד! — האט קאנסייל געזאגט — האבען מיר שוין אלעס. איצינד וועט אונז שוין קיין זאך ניט פעהלען.

— ניין, נאך ניט אלעס! — האט זיך לענד אבגערופען האלב בייז — קיין מאהלצייטען קען מען פון אזעלכע פרוכטען און געוויקסע ניט האבען. דאס קען נור דיענען אלס ביי־זאכען. דער עיקר איז א שטיקעל פלייש, א שטיקעל בראטען.

— יא, לענד! — האט זיך מיין דיענער גערייצט — איך דענק, אז מיר וועלען שוין מוזען אויסקומען אהן קאטלעטען.

— מיין הערר — האט לענד זיך אבגערופען — לאכט נור ניט. אונזער יאגד איז נאך ניט געענדיגט. מיר וועלען נאך דיעזען אינזעל בעזוכען און מיר וועלען נאך טהיערע אויך אנטרעפען, אויב ניט דא, איז אויף אן אנדער פלאץ. איז מיין נאמען ניט דער הארפון־ווארפער קעניג, אויב מיר וועלען דא קיין פלייש ניט עסען.

— איך האב מורא אז איהר וועט אייער טיטול פערלירען! — האט זיך קאנסייל געוויטצעלט — יעדענפאלס איז שוין ערשט קיין צייט צו געהן זוכען קאטלעטען. מיר זיינען שוין גאנץ ווייט פון ברעג און מיר דארפען זיך לאזען צוריק, אום מיר זאלען ביז נאכט צום שיף קומען.

מיר האבען צוזאמען גענומען אלע אונזערע פרוכט און גרינס זאמלונגען און ניט קוקענדיג אויף לענד'ס פראטעסטען האבען מיר זיך אומגעקעהרט צוריק צו אונזער שיפעל.

ארום פינף אוהר האבען מיר פערלאזט דעם אינזעל און מיט א האלבע שטונדע שפעטער זיינען מיר שוין געווען אויף דער "נאטילוס". דיא שיף האט אויסגעזעהן אזוי וויא פערלאזען. מיר האבען דארט קיינעם ניט געזעהן און פון קיינעם ניט געהערט. נעד און קאנסייל האבען דיא שפייז פראדוקטען, וואס מיר האבען געבראכט, אריינגעטראגען אין דיא שפייז־קאמערען. מיר האבען אב־געגעסען אונזער מאהלצייט, וועלכען מיר האבען געפונען גרייט אויף'ן טיש און מיר האבען זיך געלייגט שלאפען יעדער אויף זיין פלאץ.

יענע נאכט בין איך זעהר געשמאק געשלאפען. אויף מארגען בעגינען, דעם זעקסטען יאנואר, בין איך אויפגעשטאנען און געזעהן, אז מיט דער "נא־טילוס" איז קיין ענדערונג פארגעקומען. זיא שטעהט אזוי וויא צוגעשמידט אויף'ן זעלבען ארט און אויף פאהרען ווייטער איז נאך דערווייל קיין אויסזיכט ניטא. איבעראל איז געווען שטיל און עס איז קיין צייכען פון לעבען דארט ניט געווען צו בעמערקען. דיא קליינע שיפעל איז געשטאנען אויף'ן וואסער אויף דעם זעלבען ארט וואו מיר האבען זיא געבטען איבערגעלאזט. איך און מיינע קאמעראדען האבען בעשלאסען דיעזען טאג נאך אמאל דעם אינזעל צו בעזוכען.

ניגע פון דיא פרוכטען אויף דיקע שטיקער. מאנכע פון זיי זיינען שוין געוועזן גוט צייטיג און מאנכע האלב צייטיג. מיר האבען אויסגעקליבען דיא בעסערע און לענד האט זיי אוועקגעלעגט אויף'ן פייער. וועהרענד דיעזע פארבערייטונגען, האט לענד צו מיר געזאגט:

— איך זאג אייך, הערר פראפעסאר, אז אויב דיא קוכען וואס איך וועל אבבאקען וועלען אייך ניט געפעלען זיין, דאן בין איך אויס הארפון־ווארפער קעניג. האט איהר שוין אמאל געגעסען אזעלכע קוכען?

— ניין, קיינמאל ניט!

— דאן זייט גרייט צו פערזוכען א גוטען מאכל. אויב איהר וועט ניט בעטען נאך, בין איך ניט דער הארפון־ווארפער קעניג.

אין אייניגע מינוטען ארום איז דיא שאלאכץ פון דיא פרוכט אין פייער ארומגעברענט געווארען און דיא אינוויינינגסטע האט בעקומען א געשטאלט פון ווייסע ווייכע טויג. באלד נאכדעם איז דער פרוכטען־ברויט פערטיג געווארען. איך האב עס פערזוכט און מיר איז עס ווירקליך שטארק געפעלען געווארען. עס איז געוועזן פיעל געשמאקער וויא דער ברויט אדער קוכען וואס מען באקט פון געוועהנליכע תבואה־מעהל.

— ליידער — האב איך געזאגט — קען מען דיעזע פרוכט ניט האלטען לאנג אין א פרישען צושטאנד און עס לוינט דארום ניט פיעל מיטצונעהמען זיי אויף'ן שיף.

— איהר רעדט וויא א געלעהרטער, מיין הערר — האט לענד זיך אבגע־רופען — העלפט מיר נור אויפצוזאמלען א רעכט ביסעל פון דיעזע פרוכטען. זיי וועלען אונז אויף'ן שיף צונוץ קומען.

— און וואס וועט איהר מיט זיי מאכען? — האב איך נייגעריג געפרעגט.

— גאנץ איינפאך. איך מאך פון דיא פרוכטען־מעהל אן איבערגעזייערטען טויג, וועלכער קען גאנץ לאנג האלטען און ניט פערדארבען ווערען און צו יעדער צייט, ווען מיר וועלען לוסט האבען, וועלען מיר אין דער קיך פון שיף קענען ברויט באקען.

— וויא שפעט זאל ערשט זיין? — האט לענד פלוצלונג א פרעג געטהאן.

— אמוויינינגסטענס צוויי דער זייגער — האט קאנסייל געענטפערט.

— אך, וויא דיא צייט לויפט שנעל! — האט דער קענעדע'ר געזאגט — לאמיר ניט פערלירען קיין צייט און לאמיר זאמלען ברויט־פרוכטען.

מיר האבען געמאכט א שפאציר אין וואלד. מיר האבען דארט אויסער ברויט־פרוכטען אויך געפונען פערשיעדענע אנדערע וואקסונגען וואס ווערען גע־ברויכט אלס שפייז אדער שפייז־צוריכטונגען. מיר האבען דארט ענטדעקט פאלם־קרויט, אזא זארט קליינע בעבלאך, וועלכע איך האב דערקענט אלס "אבראוס", וואס דיא אייגוואהנער פון דיא מאלאי אינזלען עסען, יאמס (אזא

פאַר, אז מיר זאָלען אין אונזער שיפעל מאכען דריי אָבטהיילונגען, איינע פאר בוים־פרוכטען, דיא צווייטע פאר קרייטער און דיא דריטע פאר טהיער־פלייש.

— פלייש, פלייש! — האָט לענד אויסגערופען צוטאנצענדיג — דאָס איז דער עיקר. איך האָב אזא לוסט צו א שטיקעל פלייש, אז איך וואָלט ערשט, דאכט מיר, אפילו מענשען־פלייש געגעסען.

— לענד! — האָט קאָנסייל מיט א קאָמישען געלעכטער אויסגערופען — איהר קאניבאל, איהר מענשענפרעסער! אויב אזוי בין איך דאָך אין סכנה צו זיין מיט אייך אין איין קאיוטע! איך קען נאָך אין א געוויסען פריהמאָרגען אויפשטעהן און אויסגעפינען, אז איך בין האלב אָן אויפגעפרעסענער.

— איך האָב אייך גאנץ ליעב, קאמעראד קאָנסייל — האָט לענד געזאָגט מיט א געלעכטער — אָבער ניט אויף אזוי פיעל אז איך זאָל אייך אויפעסען.

— איך גלויב אייך ניט! — האָט זיך מיין דיענער ווידער געוויטצעלט

— אָבער גענוג! מיר דארפען טאקי עפּעס אויסזוכען צו פערשטאָפּען דיעזען פרעסער דעם האלז, ווייל זאָנסט וועט דער הערר אמאָל געפינען שטיקלאך פון זיין קנעכט צו בעדיענען איהם.

ביי דיא לעצטע ווערטער האָט קאָנסייל אריינגעקוקט אין מיין געזיכט צו זעהן וואָס פאר אן איינדרוק זיין חכמה האָט אויף מיר געמאכט.

מיר זיינען דערווייל אוועק טיעפער אין וואלד, מיר זיינען דאָרט אומגע־גאנגען ביי א צוויי שטונדען צייט און מיר האָבען דאָרט קיין לעבעדיגעס וועזען ניט בעמערקט, דערפאר אָבער האָבען מיר אין דער פלאנצען־רייך געפונען א זעלטענעם, טהייערען שפייז־פּראָדוקט, וועלכער קען מיט רעכט אָנגערופען ווערען "דער ברויט־בוים". אין דיא פריכטע פון יענעם בוים געפינט זיך א זאָרט מעהל, פון וועלכע מען קען באקען דעם בעסטען און געשמאקסטעז ברויט. אזעלכע בוימער וואקסען א סך אויף'ן אינזעל גילבאָא. זיי זיינען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען "ארטאָקאָרפוס". דיא נאטור האָט וואהרשיינליך יענע געגענד גע־שענקט דיעזע בוימער אָנשטאָט תבואה, וואָס איז דאָרט ניט צו זעהן.

נעד לענד, וועלכער האָט יאָהרען לאנג ארומגערייזט אין פערשיעדענע געגענדען, האָט געוואוסט פון דיעזע ברויט־פרוכט און ער האָט געהאט א ידיעה וויא אזוי צו מאכען פון זיי ברויט.

— מיינע הערען! — האָט ער זיך אָבגערופען — איך וועל אייך באלד אָבבאקען א געבעק ברויט, אז איהר וועט זיך גאָר דערקוויקען. עס וועט זיין א מין געבעקס, וואָס איהר קענט זאָגאר אין פאריז ניט בעקומען. דיא ארבייט וועט ניט לאנג דויערען.

מיט א ברען־גלאָז וואָס מיר האָבען ביי זיך געהאט, האָבען מיר אויפגע־לייגט א פייער פון דארע צווייגען און אין איניגע מינוטען ארום האָבען מיר שוין געהאט א בערגעל גליהענדע קאָהלען. לענד און איך האָבען צושניטען איי־

אזוי צופריעדען אזוי וויא ער זאָל בעפרייט ווערען פון א צעהן יעהריגע גע־פאנגשאפט, אָבוואָהל עס איז ערשט אין גאנצען געוועזען צוויי מאָנאטען זייט מיר זיינען אויף דער "נאַטילוס" געקומען.

מיר האָבען זיך געלאָזט געהן פון ברעג און אין איינינגע מינוטען ארום זיינען מיר שוין געוועזען א שטיק וועג פון וואסער. דער באָדען איז געוועזען בע־דעקט מיט פרוכטבארקייטען און פון ווייטען האָט זיך געזעהן א געדיכטער וואלד מיט אונגעהייערע הויכע בוימער, פון וועלכע איינינגע זיינען געוועזען ביז צוויי הונדערט פוס הויך. דיא בוימער זיינען געוועזען פון פערשיעדענע זאָרטען, וועלכע מען געפינט נור אין דיא ווארימע לענדער. דיא נאטור אויף יענעם אינזעל איז מאיעסטעטיש שעהן און רייך. אָבער לענד האָט עס ניט בעמערקט און ער האָט קיין ברעקעל אויפמערקזאמקייט דארויף ניט געשענקט. דעם קענעדע'ר פרעסער איז נור אין זינען געלעגען א גוטער ביפשטעק אָנצופילען זיין מאָגען. דאָס איז ביי איהם געוועזען פיעל ליעבער און וויכטיגער וויא דיא שעהנהייט פון דיא נאטור בילדער. לענד האָט בעמערקט א קאָקאָס־בוים. ער האָט באלד אָבגעקלאָפּט איינינגע פון זיינע פרוכטען, האָט זיי צושפּאָלטען און מיר האָבען אלע געטרונקען זייער מילך און געגעסען דיא קערנער. מיר האָבען אין זיי געפיהלט דעם בעסטען טעם און זיי האָבען אונז אויסגעוויזען געשמאקער וויא דיא בעסטע שפּייזען וואָס מיר האָבען אויף'ן שיף געגעסען.

— פאָרטרעפליך! — האָט נעד לענד אויסגעשריען מיט בעגייסטערונג.

— אויסגעצייכענט! — האָט קאָנסייל צוגעגעבען.

— איך דענק — האָט זיך לענד ווידער אָבגערופען, אז אייער נעמאָ וואָלט זיך אויך מחיה געוועזען מיט א קאָקאָ־נוס. איך גלויב, אז ער וואָלט גאָר ניט געהאט דאגעגען, ווען מיר לאָדען אָן אונזער שיפעל מיט ניס און מיר ברייני־גען עס אויף דער "נאַטילוס".

— דאָס גראדע ניט! — האָט קאָנסייל געענטפערט — קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך אָבגעזאָגט פון אלע ערד פּראָדוקטען און ער וועט עס אפילו אין מויל אריין ניט נעהמען,

— אויב אזוי, איז נאָך בעסער! — האָט זיך דער קענעדע'ר אָבגערופען — וועט זיין מעהר פאר אונז.

— איין וואָרט, הערר לענד! — האָב איך זיך אָבגערופען, וועהרענד ער האָט שוין געריסען דיא גרויסע ניס פון א צווייטען בוים — דיעזע פרוכטען זיינען גאנץ גוט און געשמאק, אָבער מיר דארפען זוכען פיליכט וועלען מיר דאָ געפינען עטוואָס בעסערע פּראָדוקטען. פיליכט איז דאָ פאראן אירגענד וועלכע גרינס. דאָס וואָלט זעהר גוט געוועזען מיטצונעהמען אויף'ן שיף.

— דער הערר האָט רעכט! — האָט קאָנסייל אויסגעשריען — איך שלאָג

דיעזע גליקליכע מאָמענטען איז איהם גאָר אויף'ן געדאנק ניט געקומען, אז ער וועט זיך ענדליך מוזען צוריקקעהרען אין אונזער ביזהעריגע געפענגניס.

— פלייש! — האָט ער ניט אויפגעהערט אויסצורופען אלע ווײלע מיט גרויס ענטציקונג — יעצט וועלען מיר עסען פלייש און נאָך וואָס פאר א פלייש! בראטען און קאָטלעטען פון לאנד טהיערע! שאדע נור וואָס מיר קענען דאָ א שטיקעל ברויט ניט בעקומען, זאָנסט וואָלטען מיר ערשט געמאכט א היימישע, אן עכט היימישע סעודה! אָבער עס איז ניט קיין אונגליק, א פרישער בראטען אָהן ברויט איז אויך ניט קיין שלעכטער מאכל.

— נאשער! פרעסער! — האָט קאָנסייל פון איהם געלאכט — איהר מאכט מיר אויך א יצר הרע צו אזעלכע געריכטען.

— פרעהט זיך נאָך ניט אזוי, מיינע פריינדע! — האָב איך געזאָגט — איהר זיינט נאָך ניט זיכער אז אויף דיעזען אינזעל געפינען זיך אזעלכע טהיערע וואָס מען קען געברויכען צום עסען. פיליייכט וועלען מיר גאָר געפינען אזעלכע וואָס וועלען פון אונזער פלייש וועלען מאכען א מיטאָג?

— איהר זיינט גערעכט, הערר אראָנאקס! — האָט דער קענעדע'ר גע־ענטפערט — איך ווייס ניט אויב מיר וועלען דאָרט קריגען אן אָקס אָדער אפילו אן האָז צו שיסען, אָבער פאר מיר איז רעכט אירגענד וועלכע פלייש, אפילו פון א וואָלף, אפילו פון א טיגער, אבי פלייש! זאָל זיין וואָס עס איז, ענטוועדער א פיער־פיסיגע חיה וואָס לעבט אויף דער ערד, אָדער א צוויי־פיסיגע בעשעפניס פון דער לופט, אלץ בעסער וויא דיא פערדאמטע פיש און ים־טהיערע.

— פון דעסטוועגען — האָב איך זיך אָבגערופען — זייט ניט אזוי היטציג, פריינד לענד. איהר זאָלט נור זעהן צו זיין פאָרזיכטיג מיט אייער שיסען און ריכטיג ציעלען.

— זאָרגט נור ניט, הערר אראָנאקס! — האָט דער הארפוניסט שטאָלץ געענטפערט — זייט זיכער, אז אין א האלבע שטונדע וועל איך אייך סערווירען א טיש מיט געריכטען נאָך מיין געשמאק.

ביז האלב נאָך אכט דעם זייגער איז אונזער שיפעל גליקליך דורכגעפאָהרען אלע פעלזען און מיר האָבען געלאנדעט ביי א טרוקענעם זאמדיגען ברעג פון אינזעל.

21טעס קאפיטעל

## א פאָר טעג אויף'ן לאַנד

דאָס בעטרעטען טרוקענע לאנד האָט אויף מיר א טיעפען איינדרוק געמאכט. איך האָב דאמאָלס געפיהלט אזוי וויא א מענש וואָס קומט אהיים נאָך א לאנגע אבוועזענהייט, און איך האָב אליין ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן פון איבערראַ־שונג. נעד לענד האָט אנגעהויבען טאנצען פון פרייד. ער איז נוירקליך געוועזן

— אין דיעזער הינזיכט איז פריינד לענד גערעכט! — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען — ווען דער העררר זאָל בעטען דעם קאפּיטאַן וואָלט ער אונז ערלויבט צום ברעג צו צופאָהרען און מיר וואָלטען געמאכט א שטיקעל שפּאציר אויף טרוקענע לאנד. מיר האָבען דאָך שוין באלד פערגעסען וויא אזוי מען געהט אום אויף דער ערד.

— איך וועל עס איהם בעטען! — האָב איך מיינע קאַמעראדען פערשפּראָכען — אָבער ער וועט עס ניט וועלען טהאָן.

איך האָב ווירקליך ניט געגלויבט, אז קאפּיטאַן נעמאָ זאָל עס אונז ערלויבען. איך בין געווען אזוי גוט וויא זיכער, אז ער וועט מיר ענטזאגען. אָבער איך אליין האָב אויך חשק געהאט דעם אינזעל צו בעזוכען און איך האָב דארום אונזער וואונש פאר'ן קאפּיטאַן פאָרגעלייגט, און וויא איבערראשט בין איך געוואָרען, ווען נעמאָ האָט מיך גאָר ניט געלאָזט פיעל רעדען און ער האָט מיר באלד דיא ערלויבניס געגעבען דיעזען שפּאציר צו מאכען. ער האָט זאָגאר ניט געפאָדערט פון מיר קיין פערשפּרעכען, אז מיר וועלען זיך צוריקקעהרען אויף'ן שיף. וואהרשיינליך האָט ער פערשטאנען, אז אנטלויפען וועט אונז ניט געלינגען, ווען אפילו מיר וועלען עס וועלען טהאָן, און מיר וועלען זיך מיט פערגעניגען אומקעהרען צוריק אויף דער "נאָטילוס" און פערבלייבען דאָרט געפאנגען, איידער לאָזען זיך אויפפרעסען פון קאניבאלען (מענשען־פרעסער) וואָס געפינען זיך אויף'ן אינזעל.

אויף מאָרגען פריה האָבען צוויי מענער ארונטערגענומען דיא קליינע שיפעל און זיא ארונטערגעלאָזט אין וואסער. קאפּיטאַן נעמאָ האָט אונז געגעבען צו וויסען, אז מיר קענען פאָהרען צום ברעג, אויב מיר ווילען. איך האָב אָנפאנגס געמיינט אז אימיצער פון דיא מאנשאפט וועט מיט אונז מיטפאָהרען און מיר האָבען דארום א היבשע וויילע געווארט, וועהרענד דיא שיפעל איז געשטאנען גרייט מיט דיא רודערס, מיט ביקסען און אלע אנדערע נויטווענדיגקייטען. אָבער ווען קיינער איז ניט געקומען האָבען מיר זיך אליין אריינגעזעצט און אום אכט אוהר זיינען מיר אָבגעפאָהרען.

קיין ריזיקע איז דערביי ניט געווען. לענד, וועלכער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אלס וואלפיש־פאנגער האָט געהאט גענוג ערפאהרונג און ער האָט גוט געוואוסט וויא אזוי צו טרייבען א שיפעל, זאָגאר צווישען פעלזען און מיר האָבען צו קיינעמס הילף ניט געדארפט אָנקומען.

דער ים איז געווען גאנץ רוהיג. עס האָט געבלאָזען א לייכטער און אנגע־נעהמער ווינטעל און מיר זיינען זיך גאנץ בעקוועם געפאָהרען אונזער וועג.

לענד איז געווען אויסער זיך פאר פרייד. ער האָט אויסגעזעהן אזוי גליק־ליך אַזוי וויא א געפאנגענער וואָס איז בעפרייט געוואָרען פון געפענגניס. אין

אונזער רייזע קענען פֿאָרטזעצען, איז ער מיט זיין ליטענאנט ארונטער געגאנגען אונטען אין שיף. דאָס וואסער ארום איז אין יענער צייט געווען רוהיג און האָט שוין עררייכט דיא העכסטע שטופע פון זיין אויפשטייגונג. באלד האָט געדארפט אָנקומען דיא "עבבע" (וואסער־אָבפאל) און דיא שיף וועט זיכער פערבלייבען פעסטער אויף'ן פעלז.

— נו, מיין הערר? — האָט לענד א פרעג געטהאָן — ענדליך איז דיעזע פערדאממטע שיף ניט אימשטאנד ווייטער צו געהן. איך דענק, אז אפילו ווען דער קאפיטאן זאָל ארונטערוואַרפען אלעס וואָס אין שיף געפינט זיך, אום דיא משא לייכטער צו מאכען און ער זאָל אָנשטרענגען אלע זיינע מאשינען, וועט ער זיא אויך פון אָרט ניט קענען ריהרען.

— ער רעכענט גאָר ניט אז אזעלכע מיטלען וועלען נויטיג זיין! — האָב איך ערקלערט — נאָך זיין מיינונג וועט צו דער צייט פון פול־מאָנד דאָס אויפגעשטיגענע וואסער אליין דיא שיף אויפהויבען.

— ניין, דאָס וועט ניעמאלס געשעהן! — האָט לענד געענטפערט מיט א בייזען טאָן — איך זאָג אייך, אז דאָס גרויסע שטיק אייזען איז ערשט מעהר ניט ווערטה וויא אויף ברוך צו פערקויפען. איך האָף אז דאָס וועט ברייגנען דער־צו, אז מיר וועלען קענען פון דיעזער שיף מיט איהר קאפיטאן ערלייזט ווערען. איך גלויב אז מיר קענען שוין פּרובירען פון דאנען צו אנטלויפען. דיא טרוקענע ערד איז דאָ ניט וויים.

— פריינד לענד! — האָב איך צו איהם געזאָגט — מיר דאכט אז איהר האָט א טעות. דיא "נאָטילוס" איז פאָרלויפיג ניט אונטערגעגאנגען. אין פיער־פינף טעג ארום וועלען מיר זעהן, אויב זיא קען ווייטער רייזען אָדער ניט. איב־ריגענס איז אייער ראטה צו אנטלויפען ניט קיין פּראקטישער. מיר וואָלטען געקענט דענקען דעריבער, ווען מיר וואָלטען זיך געפונען ניט וויים פון א האפען פון ענגלאנד אָדער פון פראנקרייך, אָבער דאָ ביי דיעזע ווילדע אינזלען וואָס זיינען בעזעצט מיט ווילדע מענשען, קענען מיר גאָר ניט מאכען. אנטלויפען פון א פּלאץ וואו מיר האָבען צו עסען און צו טרינקען און זיין אין געפאהר אליין אויפגעפרעסען צו ווערען פון ווילדע, לוינט זיך ניט. לאָמיר בעסער ווארטען און זעהן וואָס דער סוף פון דער "נאָטילוס" וועט זיין.

— פון דעסטוועגען — האָט זיך דער איינגעשפּארטער האלבער פראנצויז אָבגערופען — האָבען מיר געדארפט פּרובירען צו קומען אויף דיעזען אינזעל! ניט אזוי גיך פרעסען אונז אויף דיא ווילדע און מען דארף אזוי פיעל ניט מורא האָבען. דערוויילע, דענק איך, וואָלטען מיר דאָרט געקענט האָבען א גוטען מאָהלצייט. זעהט איהר דאָרט דיא וועלדער? דאָרט זיינען געוויס פאראן לאנד־חיות, פון וועלכע מיר וואָלטען געקענט מאכען גוטע קאָטלעטען אָדער אנדערע מאכלים, וועלכע איך בין זעהר גערן צו געניסען.

— ניין, בלויז א קליינער צופאל — האָט נעמאָ געענטפערט.

— אָבער דיעזער צופאל — האָב איך געזאָגט — וועט, הערר קאפּיטאן, פיליייכט צווינגען איהר זאָלט צוריק ווערען א בעוואָהנער פון דער טרוקענער ערד, פון וועלכע איהר זיינט ענטלאָפען, אויב ניט אויף אימער, וויינינגסטענס אויף א געוויסע צייט ביז עס וועט געלינגען דיא שיף פון פעלז ארונטערשלעפּען.

— ניין, הערר אראָנאקס! — האָט דער קאפּיטאן האלב שפּאָטיש געענט־פערט — דיא "נאָטילוס" איז נאָך ניט אין אזא געפאהר וויא איהר דענקט. זיא איז נאָך אימשטאנד צו צייגען אייך אלע וואונדער פון ים. אונזער רייזע האָט זיך ערשט אָנגעפאנגען און עס האלט נאָך ווייט, ווייט דערפון אז איך זאָל ווערען א שכן אויף דער טרוקענער לאנד. איך רעכען נאָך לאנג צו געניסען דעם פערגעניגען פון אייער געזעלשאפט.

דיא לעצטע ווערטער האָט ער ארויסגערעדט מיט א מינע פון אונערנסט און שפּאס־טרייבעריי. אָבער איך האָב זיך געמאכט ניט הערענדיג און ניט פער־שטעהענדיג זיין שטאָך־וואָרט און איך האָב געפרעגט:

— אָבער, קאפּיטאן, דאָס וואסער אין מעער איז דאָך יעצט אין דיא העכסטע אויפשטייגונג און איך זעה קיין מיטעל וויא עס זאָל מעגליך זיין דיא שיף פון פעלז ארונטערצונעהמען, היינט, וויא וועט שוין זיין שפּעטער, ווען דאָס וואסער וועט אָבפאלען?

— דאָס איז גאנץ ריכטיג, הערר פּראָפעסאָר! — האָט נעמאָ געענטפערט — אויף דיא געוועהנליכע טעגליכע וואסער־שטייגונג האָבען מיר ניט וואָס צו האָפען, אָבער אין דער צייט, ווען דיא לבנה שטעהט ביי נאכט פול אין הימעל קומט אין ים צו וואסער מעהר וויא געוועהנליך און דאן וועט אונזער שיף לייכט ארונטערשווימען פון איהר יעצטיגע בעפעסטיגונג. מיר האָבען ערשט דעם פיערטען יאנואר. אין איינינגע נעכט ארום וועט דיא לבנה פול אויפשיינען און מיר וועלען קענען ווייטער פאָהרען.

דאָס וואסער אין ים הויבט זיך טעגליך אויף און פאלט אָב. דאָס אויפ־שטייגען פון וואסער רופט מען "פלוטה" און דאָס אָבפאלען "עבבע". מען קען דיעזע מערקווירדיגע ערשיינונג, דיעזע געהיימניספאָלע אייגענשאפט פון ים זעהן אלע טאָג, וויא אין איין צייט ווערט דער ברעג פערפלייצט און שפּעטער לויפט דאָס וואסער אָב און דער ברעג בלייבט טרוקען אויף א היבשע שטרעקע. קאפּיטאן נעמאָ האָט בלויז צוגעגעבען, אז דער פלוטה איז ניט שטענדיג אויף איין מאָאס, אז אין דער צייט ווען דיא לבנה שיינט אין איהר פולען פּראכט און גלאנץ איז דער "פלוטה" גרעסער וויא געוועהנליך. וואָס פאר א שייכות דיא וואסערען האָבען מיט דער לבנה און פארוואָס דיא נאכט־מלכה האָט פערדיענט דיא עהרע, אז דיא ימים זאָלען זיך פאר איהר אויפהויבען, איז אונערקלערליך.

נאָכדעם וויא קאפּיטאן נעמאָ האָט מיך בערוהיגט, אז מיר וועלען קירצליך

— יא, זעהר געפעהרליך! — האָב איך געענטפערט — איך בין נאָך ניט זיכער, אויב אונזער שיף וועט דיא שטיקעל רייזע גליקליך דורכמאכען.

— און דער פערדאמטער קאפיטאן וויים וואהרשיינליך וויא דאָ דורכצור־קריכען — האָט לענד בייזליך זיך אָבגערופען — אָט זעהט נור יענעם שארפען קאָראלען שפיץ! דיא "נאָטילוס" וואָלט געוויס צובראָכען געוואָרען, ווען זיא זאָל זיך נור אָן איהם אָנשטויסען. אָבער דיא שיף געהט פערביי און בעריהרט איהם ניט אויף א האָאר.

דיא לאגע איז ווירקליך געווען זעהר א געפעהרליכע. אָבער עס האָט אויס־געזעהן אזוי וויא אונזער שיף ווערט דורך א צויבער־קראפט דורכגעקוועטשט דורך דיא ענגע און שמאָלע וועגען צווישען דיא פעלזען און אינזלען, וועלכע זיינען געדרעהט אזוי וויא שלאנגען ארום און ארום אין אלע ריכטונגען. דיא שיף איז ניט געפּאָהרען מיט דער זעלבער וועג וואָס דומאָנט ד'אורוויל האָט פּרובירט דורכפאָהרען, זאָנדערן זיא האָט זיך געדרעהט אין אנדערע ריכטונגען, אום דיא געפעהרליכסטע פלעצער אויסצומיידען. אונזער שיף האָט זיך גע־דרעהט רעכטס און לינקס, הין און צוריק און מיר זיינען אלע מאָל געקומען נע־הענטער צום אינזעל גילבאָא.

עס איז געווען ארום דריי דעם זייגער נאכמיטאג, ווען אונזער שיף איז אָנגעקומען גאנץ נאָהענט צום אינזעל גילבאָא, וועמעס ברעגען עס זיינען געווען בעזעצט מיט גרויסע, געדיכטע בוימער. בלויז צוויי מייל וויים זיינען מיר געווען פון יענעם אינזעל. פּלוצלונג האָט זיך דיא "נאָטילוס" אָנגעשטויסען אָן א פעלז. איך האָב געפיהלט א שטארקען טרייסעל און איך בין אומגעפאלען. דיא שיף האָט זיך אָנגעבויגען אויף א זייט און איז געבליבען שטעהן.

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבען, האָב איך דערזעהן קאפּיטאן נעמאָ און זיין לייטענאנט שטעהענדיג אויף'ן פּלאטפאָרם. זיי האָבען בעטראכט דיא לאגע פון דער שיף און זיך דורכגערעדט צווישען זיך אין זייער שפּראך וואָס איך האָב ניט פערשטאנען.

דיא שיף איז ניט געווען בעשעדיגט. אָבער זיא האָט געשטעקט אזוי פעסט אויף'ן פעלז, אז עס איז געווען מורא צו האָבען זיא זאָל דאָרט אויף אייביג ניט פערבלייבען. דער ים איז דאמאָלס געווען אויפגעשטיגען. דאָס וואסער איז געווען הויך און דאָך איז ווייניג האָפנונג געווען מען זאָל דיא "נאָטילוס" קענען ארונטערשלעפּען פון'ם אונטערוואסערדיגען פעלז, היינט וויא וועט שוין זיין, ווען דאָס וואסער וועט אָבפאלען? ?

וועהרענד איך בין געשטאנען און מיט שרעק בעטראכט דיא לאגע פון אונזער שיף, איז דער קאפּיטאן צו מיר צוגעגאנגען מיט זיין געוועהנליכע קאלט־בלוטיגע און זעלבסט־הערשענדע מינע, אזוי וויא עס זאָל גאָר ניט פּאסירען.

— א סבה געטראָפען, הערר קאפּיטאן? — האָב איך געפרעגט.

געווען אזעלכע, וועלכע איך האב פריהער ניט געזעהן און זאגאר ניט געוואוסט, אז אזעלכע עקזיסטירען.

צוויי טעג נאכאנאנד זיינען מיר געפאהרען דורכ'ן קאראלען־מעער, ביז מיר האבען דעם פיערטען יאנואר דערגרייכט דיא ברעגען פון פאפואן. קאפיטאן נעמא האט מיר געלאזט וויסען, אז ער דענקט ארייננצופאהרען אין אינדישען ים דורך דיא טארעס סטרייטס. מעהר האט ער צו מיר ניט גערעדט.

סטרייט, אין ענגליש, אדער מעער־ענגע, וויא מען רופט עס אין דייטש, הייסט א שמאלע וועג אין ים, זא צו זאגען, א מין קאנאל. אין ברייטען ים גיבען אזעלכע פלעצער, וואו עס זיינען בלויז פאראן שמאלע דורכגענגע פאר שיפען, ווייל אינזלען אדער פעלזען־ווענד צאמען אב דעם וועג. דיא טארעס סטרייטס זיינען כמעט פיער און דרייסיג ליגס ברייט, אבער דער וועג איז פערשטעלט מיט אינזלען, גרעסערע און קלענערע און מיט פעלזען אזוי, דאס א שיף קען קוים דורכשווימען דיא דאזיגע שמאלע וואסערען. זעלבסטפערשטענדליך קען נור א א העכסט פעהיגער און פראקטישער קאפיטאן וואגען צו אונטערנעהמען אזא ריזיקאלישע און געפעהרליכע שטיקעל וועג צו מאכען, ווייל דיא בעסטע און שטארקסטע שיף איז דארט יעדע ווייל אין געפאהר צובראכען צו ווערען אדער בלייבען שטעקען אויף א פעלז אדער אויף אן אינזעל. עס זיינען אייניגע פראבעס געמאכט געווארען דורכצופאהרען יענע געגענד, אבער עס איז ניט געלונגען. דער בעריהמטער דומאנט ד'אורוויל האט פרובירט דורכפאהרען דיא טארעס מיט זיין קריעגס־שיף, אבער ער האט עס ניט געקענט בעווייזען. דיא שיף איז שיער צושמעטערט געווארען צווישען דיא פעלזען און ער האט זיך געמוזט צוריק־קעהרען. קאפיטאן נעמא האט געוואלט זיין גרויסע און מעכטיגע שיף דארט דורכפיהרען. ער האט זיך פריהער גוט צוגעגרייט איידער ער איז אהין ארייננ־געפאהרען און ער האט דיא "נאטילוס" געלאזט געהן לאנגזאם און פארזיכטיג.

איך מיט מיינע ביידע קאמעראדען, קאנסייל און לענד האבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און מיר זיינען ארויסגעגאנגען אויף'ן פלאטפארם, אום דיא ארומיגע געגענדען צו בעטראכטען. איך האב אין שטייער־מאן'ס הייזעל בעמערקט דעם קאפיטאן. וואהרשיינליך האט ער אין יענע געפעהרליכע געגענד ניט אנגעטרויט דיא שיף זוויף'ן שטייער־מאן און ער האט אליין אכטונג גע־נעבען זיא זאל ריכטיג געפיהרט און רעגולירט ווערען.

איך האב מיטגענומען פון זאאל דיא בעסטע לאנד־קארטען פון דיא טארעס סטרייטס, אום נאכצוזעהן אין וועלכע פונקטען מיר פאהרען דורך. דער ים ארום דער "נאטילוס" האט געברויזט און גערוישט. דער שטראם פון דיא וועל־לען האט זיך האסטיג געווארפען אריבער דיא קאראלען ריפען און פעלזען, פון וועלכע עס האבען זיך אין פערשיעדענע ערטער ארויסגעזעהן דיא שפיצען.

— דא איז זעהר א שלעכטער ים! — האט נעד לענד געזאגט.

און בעטראכטען. איך מיין, אז מיר וואָלטען קיינמאָל געהאט א געלעגענהייט צו זעהן דיא אינערליכע געהיימניסע פון ים, ווען דער שיקזאל וואָלט אונז אהער ניט געבראכט.

— געוויס ניט! — האָב איך בעשטעטיגט — איך מיין אלזאָ, אז מיר קע־נען מיט צופריעדענהייט זיך ווינשען, דיעזען יאָהר דאָ צו פערברייינגען —

— און אלע וואונדערבארקייטען פון דער נאטור צו בעטראכטען! — האָט קאָנסייל אונטערגעכאפּט.

—אלע וואונדערבארקייטען! — האָב איך געלאכט — איז אביסעל צו־פיעל. דאָס וועט צו לאנג דויערען. אָבער זאָג מיר, קאָנסייל, וואָס דענקט ערשט נעד לענד וועגען אונזער רייזע אויף דיעזער שיף?

— לענד איז נאָך אלץ אזוי בייז אזוי וויא פריהער און אזוי וויא דער הערר וויסט, הערט ער ניט אויף צו שעלטען דעם טאָג, אין וועלכען דער שיק־זאל האָט אונז אהער געבראכט. ביי איהם האָט קיין זאך קיין ווערטה. ער קוקט נור אוים אויף א שנאפּס און א גוטע שטיק בראטען פון רינד־פלייש, און ווייל ער קען עס דאָ ניט בעקומען, איז איהם דיא "נאָטילוס" פערהאסט און ער וואָלט זעהר וועלען לויז ווערען פון דאנען. נו, און דעם הערר געפעלט טאקי אונזער איצטיגע לאגע?

— יא, איך בין ווירקליך צופריעדען מיט אלעס, אָבער מיך פערדריסט איין זאך, וואָס איך קען דיר דאָ לכבוד ניי־יאָהר קיין פרעזענט ניט געבען.

— אָה, דעם הערר'ס גוטע ווערטער זיינען ביי מיר דיא שעהנסטע מתנה!

— האָט מיין טרייער דיענער אויסגערופען און איז באלד ארויסגעגאנגען.

דעם צווייטען יאנואר זיינען מיר געקומען צו דיא געפעהרליכע געגענד פון קאָראלען־מעער ביי דיא נאָרד־אָסט ברעגען פון אויסטראליען. מיר זיינען שוין דאמאָלס געהאט אָבגעפאָהרען 11,340 מייל, אָדער 5250 פראנצויזישע ליגס. אונזער "נאָטילוס" איז געשוואומען דורך דיא פירכטליכע קאָראלען־פעלזען, וואו דיא שיפען פון דעם בעריהמטען קאפּיטאן קוק זיינען שיער צוקלאפּט גע־וואָרען אין יאָהר 1770. דער גליק איז דאמאָלס געווען וואָס א שטיק פעלז איז פון דעם שטוים פון דער שיף אָבגעבראָכען געוואָרען און דאָס האָט גערעטעט דיא שיף פון אונטערגעהן.

איך האָב גרויס חשק געהאט צו בעטראכטען פון אויבען דיעזען אונרו־היגען ים, וויא זיינע וואסערען האָבען געקאָכט און געראַוישט, אזוי וויא דער געבריל פון א דונער, אָבער גראדע האָט קאפּיטאן נעמאָ ארונטערגעלאָזט דיא "נאָטילוס" גאנץ טיעף און איך האָב דיא הויכע קאראלען־ווענד מעהר ניט געקענט זעהן. איך האָב זיך דאן געמוזט בענוגענען מיט קוקען און בעטראכטען דיא זאָנדערבארע מינים פיש, וואָס דיא מאטראָזען האָבען ארויסגעצויגען מיט דיא נעצען. דאָס איז אויך ווערטה געווען צו זעהן, ווייל א סך פון זיי זיינען

טערט געוואָרען אָן דיא ריפען, אָבער דיעזעס מאָל זיינען לא פערוז מיט זיין מאַנשאַפט דערטרונקען געוואָרען.

— און פון וואנען ווייסט איהר עס אלעס ? — האָב איך נייגעריג געפרעגט.

— אָט דאָס האָב איך געפונען אויף'ן פלאַץ, וואו לא פערוז האָט זיין לעצ־טען שיפס־ברוך געליטען — האָט נעמאָ געענטפערט.

ביי דיעזע ווערטער האָט דער קאַפּיטאַן מיר דערלאַנגט א פערגאָסטעטע בלעכענע קעסטעלע, אויף וועלכע מען האָט נאָך דייטליך געזעהן דעם פראַנ־צויזישען הערב. עפענענדיג דיא קעסטעלע, האָב איך דאָרט געפונען דיא אָפּי־ציעלע פאַפּיערען פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג און אינסטרוקציאָנען, וועל־כע דער דאַמאָלסדיגער פלאָטע־מיניסטער האָט געגעבען צו לא פערוז. אויף דיא ברעגען פון דיא פאַפּיערען זיינען געוועזן בעמערקונגען, געשריעבען מיט דער האַנד פון קעניג לואי דעם 16טען.

— לא פערוז ליגט אין א גרוב פון קאַראַלען ! — האָט קאַפּיטאַן נעמאָ אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע — פאַר א ים־רייזענדען איז דאָס דער שעהנסטער טויט. איך ווינש זיך אויך צו האָבען אַזאַ קבר, ווען מיין צייט וועט קומען.

20טעס קאַפּיטאַל

# דיא טאָרעס מעער־ענגע

דורך דער נאַכט פון 27טען אָדער 28טען דעצעמבער האָט דיא "נאָטילוס" פערלאָזען דיא ברעגעס פון וואַניקאָראַ מיט א גרויסע שנעלקייט. אין דריי טעג זיינען מיר איינגעפאָהרען 750 ליגס.

דעם ערשטען יאַנואַר, 1868 איז מיין דיענער קאָנסייל געקומען צו מיר אויף'ן פּלאַטפאָרם און געזאָגט:

— דאַרף איך היינט דעם הערר א גליקליכעס ניי־יאָהר ווינשען ?

— וואָרום ניט ? —האָב איך געענטפערט — איך נעהם אָן דיין גליק־וואונש מיט דאַנק, אַזוי גוט וויא אימער, פונקט דאָס זעלבע אַזוי וויא ווען מיר זיינען געוועזן ביי אונז אין דער היים אין פּאַריז. אָבער איך וועל דיך פרעגען: וואָס הייסט ביי דיר אייגענטליך גליק אונטער דיא אומשטענדען אין וועלכע מיר געפינען זיך יעצט ? מיינסט דוא צו זאָגען, אַז מיר זאָלען אויף'ן נייעס יאָהר בעגליקט ווערען און געווינען אונזער פרייהייט פון דיעזער שיף, אָדער מיר זאָלען דעם יאָהר אויסלעבען און דיעזע מערקווירדיגע רייזע פאָרטזעצען ?

— איך ווייס ניט וואָס צו ענטפערען דעם הערר אויף דיעזער פראַגע ! — האָט קאָנסייל געזאָגט — פערלויפיג האָבען מיר, זייט דיא צוויי מאָנאַטען וואָס מיר זיינען דאָ, קיין אורזאַכע צו בעקלאָגען זיך אָדער זיך צו לאַנגווייליגען. מיר זעהען אימער אַזעלכע וואונדערבאַרע זאַכען, וואָס איז זיכער ווערטה צו זעהן

פונען אויף'ן אינזעל אייניגע געגענשטאנדען פון לא פערוז'ס פערשוואונדענע שיפען. ד'אורוויל האט נאכגעפארשט ביי דיא דארטיגע איינגעבארענע, אבער דיאווילדע האבען ערקלערט, אז זיי וויסען גאר ניט פון קיין אונטערגעגאנגענע שיף און פון קיין זאך. ד'אורוויל האט זיי ניט געגלויבט. ער האט פערשטאנען, אז דיא ווילדע וויסען מעהר פון דיא צובראכענע שיפען, אבער זיי האבען וואהרשיינליך לא פערוז און זיינע מענשען זעהר שלעכט בעהאנדעלט און זיי האבען ערשט מורא, אז דיא אנגעקומענע וויסע ועלען פון זיי ראכע נעהמען. דעם קאמאנדיר איז ענדליך געלונגען איינצורעדען זיי, אז עס וועט זיי קיין בייזעס געשעהן. דערצו האט ער דיא ווילדע געשענקט מתנות און זיי האבען איהם געצייגט דעם פלאץ, וואו לא פערוז האט מיט א יאהר פיערציג צוריק שיפס־ברוך געליטען.

דארט, צווישען דיא קאראלען פעלזען האבען ד'אורוויל און זיינע מענשען געפונען פיעלע פערשיעדענע זאכען פון לא פערוז'ס געזונקענע שיפען, צווישען אנדערעס אויך א גרויסען, שווערען אנקער און א קאנאנע, וועלכע דיא מאנשאפט פון "אסטראלאב" האבען קוים ארויסגעצויגען.

דומאנט ד'אורוויל האט ווייטער ערפאהרען פון דיא ווילדע, אז נאכדעם וויא לא פערוז'ס שיפען זיינען צובראכען געווארען צווישען דיא פעלזען, האט ער מיט דיא גרעסטע טהייל פון זיין מאנשאפט זיך געראטעט אויף דיעזען אינזעל. אין א קורצע צייט האבען זיי פון דיא מאטעריאלען, וואס זיי האבען געקענט ארויסבעקומען פון דיא אונטערגעגאנגענע שיפען, אויסגעבויט א קלענערע שיפעל, אויף וועלכע זיי האבען אבגערייזט. וואוהין, ווייסט מען ניט ביז היינטיגען טאג.

קאפיטאן נעמא האט מיך אויסגעהערט ביז צו ענדע און ער האט מיין ערצעהלונג ניט געשטערט אפילו מיט א ווארט. ווען איך האב געענדיגט, האט ער זיך אבגערופען:

— איז דאס אלעס וואס איהר ווייסט פון לא פערוז מיט זיינע שיפען? ווייסט מען טאקי ביי אייך אויף דער יבשה ניט, וואס פון דעם אונגליקליכען קאפיטאן איז געווארען און וואו ער איז אהינגעקומען? איך אבער וויים דעם לעצטען אקט פון יענער טראגעדיע און איך וועל עס אייך ערקלערען. דער קאמאנדיר לא פערוז איז נאך דעם אונטערגאנג פון זיינע שיפען אויף דיעזען אינזעל אויפגענומען געווארען. עס איז אמת, אז ער האט דא אויפגעבויט א קליינע שיפעל און ער איז מיט א טהייל פון זיין מאנשאפט אבגעפאהרען. אייניגע פון זיינע מאטראזען זיינען דא צווישען דיא ווילדע פערבליבען און זיי זיינען שוין ערשט טויט. לא פערוז איז דאמאלס געפאהרען נאך דיא ריכטונג פון דיא סאלאמאן אינזלען און דארט, ביי מזרח זייט, איז זיין קליין שיפעל צושמע־

פערוז'ס פערשווינדונג, האט ער באלד געוואלט פאהרען צום אינזעל וואניקארא, אום אויסצוגעפינען ריכטיגע שפורען צו דיא אונטערגעגאנגענע צוויי שיפען און ברייגגען דער וועלט א ריכטיגען בעריכט, אבער ווינטען און שטורמס זיינען איהם געשטאנען אין וועג און ער האט זיין פלאן ניט געקענט דורכפיהרען.

דילאן האט זיך אומגעקעהרט צוריק נאך קאלקוטא, אינדיען. דארט האט ער אין זיין ענטדעקונג פעראינטערעסירט דיא אזיאטישע סאסייעטי און דיא אינדיאנישע קאמפאני. מען האט איהם געגעבען א שיף מיט'ן נאמען "רע־טשערטשע" און דעם 23טען דזשענואר, 1827 איז ער צוזאמען מיט א פראנ־צויזישען אגענט אבגעפאהרען נאך דעם אינזעל וואניקארא אויסצוגעפינען דיא ריכטיגקייט וואס פון קאמאנדיר לא פערוז און זיינע לייט איז געווארען.

דיא "רעטשערטשע" איז אנגעקומען קיין וואניקארא דעם 7טען יולי, 1827 און זיא האט געאנקערט אויף דעם זעלבען פלאץ, וואו דיא "נאטילוס" געפינט זיך ערשט. דארט האבען דילאן און זיינע מענשען געפונען פערשיעדענע זאכען פון צובראכענע שיפען—אייזערנע כלים, אנקערס, ביקסען, שטיקלאך פון אסטראנאמישע אינסטרומענטען, און א בראנזענעם זייגער אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעקריצט דיא ווערטער: "באזען האט מיך געמאכט", און נאך אזעלכע זאכען. עס איז שוין דאן קיין צווייפעל געווען, אז לא פערוז האט דארט געליטען שיפס־ברוך. דילאן האט דארט נאכגעפרעגט און נאכגעפארשט ביי דיא ווילדע, אבער ער האט מעהר קיין זאך געקענט ערפאהרען וועגען דיא פער־אונגליקטע שיפען און דיא מענשען וואס זיינען אויף זיי געווען. דילאן האט פערווייילט אויף'ן אינזעל ביז'ן מאנאט אקטאבער און ער איז אבגעפאהרען צוריק. ער איז אנגעקומען קיין קאלקוטא דעם 7טען אפריל, 1828. ער איז ווארים אויפגענומען געווארען פון פראנצויזישען קעניג טשארלז דעם צעהנטען.

אין דער זעלבער צייט האט דומאנט ד'אורוויל, קאמאנדיר פון דער קריעגס־שיף "אסטראלאב", אויך ערפאהרען וועגען שפורען פון דעם פערשוואונדענעם לא פערוז. א וואלפיש פאנגער האט איהם דערצעהלט, דאס ער האט געזעהן איי־נינע מעדאלען און עהרע־צייכענס אין דיא הענד פון ווילדע פון ניו קאלעדאניא. ד'אורוויל האט פערשטאנען, אז דאס איז פון דעם פערשוואונדענעם לא פערוז און זיינע מענשען, און ניט וויסענדיג פון דילאן'ס אונטערנעהמונג, האט ער בעשלאסען דיעזע שפורען נאכצופארשען. מיט אייניגע מאנאטען שפעטער נאך דילאן'ס אברייזען איז דיא "אסטראלאב" אנגעקומען צום אינזעל טיקאפיא. ד'אורוויל האט פון דארט מיטגענומען אלס דאלמעטשער און וועג־ווייזער א דעזערטיר, וועלכער האט דא געוואהנט צווישען דיא ווילדע און איז פון זיי אנטלאפען. ער איז ארומגעפאהרען ארום פערשיעדענע אינזלען, ביז ער איז ענדליך געקומען צו דיעזען אינזעל וואניקארא. דילאן איז שוין דארט ניט געווען.

איינינע טעג שפעטער האבען דיא אפיציערען פון דער "אסטראלאב" גע־

ארויסגעשטעקט פון וואסער אין פערשיעדענע פלעצער. איך האב בעמערקט וויא אייניגע פון דיא ווילדע איינוואהנער פון אינזעל בעטראכטען אונזער שיף מיט פערוואונדערונג. זיי האבען וואהרשיינליך געדענקט, אז דאס איז א ים־טהיער און זיי האבען עס אנגעקוקט מיט זייערע ווילדע אויגען. קאפיטאן נעמא האט מיך דאן א פרעג געטהאן, אויב איך וויים עטוואס פון דעם טרויעריגען צופאל וואס האט פאסירט מיט לא פערוז?

— איך וויים וועגען דעם אזוי פיעל וויפיעל דיא גאנצע וועלט ווייסט! — האב איך געענטפערט.

— און קענט איהר מיר זאגען וואס ווייסט דיא גאנצע וועלט? — האט דער קאפיטאן געפרעגט מיט א מינע פון שפאט.

— געוויס, גאנץ לייכט! — האב איך געענטפערט — איך קען עס אייך שוין איבערגעבען.

איך האב איהם דאן אנגעהויבען דערצעהלען דאס וואס איך האב געוואוסט פון בעשרייבונגען:

— אין יאהר 1785 האט דער פראנצויזישער קעניג לואי דער 16טער גע־שיקט קאמאנדיר לא פערוז און זיין העלפער קאפיטאן דע לאנגעל אויף א רייזע ארום דער וועלט. זיי זיינען אבגעפאהרען אויף דיא רעגיערונגס־שיפען "באסאל" און "אסטראלאב", וועלכע זיינען קיינמאל צוריק געקומען. אין יאהר 1891 האט דיא פראנצויזישע רעגיערונג ארויסגעשיקט צוויי אנדערע גרויסע שיפען, אום אויסצוגעפינען וואס מיט לא פערוז און זיינע בעגלייטער איז געווארען. דער קאמאנדיר פון דיא צווייטע שיפען איז דורכגעפאהרען דיעזע אלע געגענדען, ער איז זאגאר ביי וואניקארא פערבייגעפאהרען, אבער ער האט זיך דא ניט אבגעשטעלט. דיא ענדע פון זייער רייזע איז געווען א טרויעריגע. דער קאמאנ־דיר און צוויי פון זיינע אפיציערען זיינען ערמארדעט געווארען פון ווילדע. דיא איבעריגע איז געלונגען זיך צו רעטען, אבער זיי האבען קיין ידיעה גע־בראכט פון דיא צוויי פערלארענע ערשטע שיפען.

דיא שפורען פון דעם פערשוואונדענעם לא פערוז האט צוערשט געפונען דער אלטער ענגלישער קאפיטאן דילאן, וועלכער איז גוט בעוואוסט פון איי־ניגע גרויסע רייזען וואס ער האט געמאכט. אין יאהר 1824 איז דילאן געקומען אויף'ן אינזעל טיקאפיא. א ווילדער האט איהם דארט אנגעבאטען צו פערקוי־פען א זילבערנע הענטעל פון א שווערד. דער ווילדער האט איהם דערביי דער־צעהלט, אז וועהרענד ער איז מיט אייניגע יאהר צוריק געווען אויף'ן אינזעל וואניקארא, האט ער דארט געזעהן צוויי ווייסע מענשען וואס זיינען דארט פערבליבען, נאכדעם וויא זייער שיף איז ביי יענעם אינזעל אונטערגעגאנגען.

דילאן האט באלד געדענקט, אז דא האנדעלט זיך וועגען דיא שיפען פון לא פערוז, און וויסענדיג אז דיא וועלט איז שטארק פעראינטערעסירט מיט לא

וואָס מען קען אנדערשוואו קוים בעקומען; צווישען זיי א מין ים־שלאנג, וואָס מען רופט מוניראָפּיס און איז זעהר גוט צום עסען.

מיר זיינען שפּעטער פערבייגעפאָהרען דיא אינזלען טאָנגאָ טאבו, אויף וועלכע איינינע בעריהמטע רייזענדע זיינען ערמאָרדעט געוואָרן פון דיא דאָרטיגע ווילדע איינוואָהנער. דיא דאָזיגע גרופּע אינזלען זיינען ענטדעקט געוואָרען אין יאָהר 1463, אין דעם זעלבען יאָהר ווען דער געלעהרטער דארוסעלי, א תלמיד פון גרויסען פילאָזאָף גאלילעא, האָט ערפונדען דעם באראָמעטער (לופט־מעסטער).

אין פערלויף פון דיא נעכסטע צוועלף טעג זיינען מיר פערבייגעפאָהרען פערשיעדענע אנדערע אינזלען און לאנד־שטיקער. קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך דיא גאנצע צייט ניט בעוויזען. דעם 27טען דעצעמבער אין דער פריה איז ער אריינגעקומען אין גרויסען זאאל, וואו איך בין געזעסען און אריינגעקוקט אין דער לאנד־קארטע, אום בעשטימט צו וויסען אין וועלכע נעגענד פון דער וועלט מיר געפינען זיך. דער קאפּיטאן איז צוגעגאנגען, האָט ארויפגעשטעלט א פינגער אויף א געוויסען פּונקט פון דער קארטע און האָט אויסגערעדט בלויז איין וואָרט:

— וואניקאָראָ.

דיעזע נאכריכט האָט אויף מיר א שטארקע ווירקונג געמאכט. דער אינזעל וואניקאָראָ איז יענער, וואו דער בעריהמטער פראנצויזישער ים־רייזענדער לא פּערוז איז פערלאָרען געגאנגען צוזאמען מיט זיינע שיפען און מאנשאפט, אין יאָהר 1786. איך בין אויפגעשפּרונגען פון פּלאץ און געפרעגט:

— האָט אונז דיא "נאָטילוס" געבראכט נאך וואניקאָראָ?

— יא, הערר פּראָפעסאָר — האָט נעמאָ געענטפערט.

— און איך וועל קענען בעזוכען דעם אינזעל וואו דיא בעריהמטע שיפען "באָסאָל" און "אסטראָלאב" זיינען צו גרונד געגאנגען צוזאמען מיט דעם בראווען ים־העלד לא פּערוז?

— אויב איהר האָט נור חשק דערצו! פאר וואָס ניט?

— ווען וועלען מיר אהין אָנקומען, הערר קאפּיטאן?

— מיר זיינען שוין דאָרט.

איך בין מיט קאפּיטאן נעמאָ ארויסגעגאנגען אויף׳ן פּלאטפאָרם און איך האָב מיט העכסט נייגעריגע בליקען בעטראכט דיא געגענד ארום און ארום. אונזער שיף איז דאן ווירקליך אריינגעקומען אין האפען, וואו עס איז געווען ביי א פיערציג פעדהאָמס טיעף (א פעדהאָם איז זעקס פוס). דאָס לאנד איז איבעראל געווען בעדעקט מיט פרוכטבארקייט. אין מיטען אינזעל האָט זיך ערהויבען דער בארג "קאפּאָגאָ", וועלכער איז איינינע הונדערט פוס הויך. דער ברעג פון אינזעל איז געווען בעדעקט מיט גרינע בוימער און ריפען האָבען

לעבען, ביז ענדליך קומט דער אויבערהערשער פון אלע ברואים — דער מענש, און ער גענישט אלעס וואס דיא נאטור האט פאר איהם צוגעגרייט.

פאהרענדיג אונטער'ן וואסער א קורצע שטרעקע פערביי דעם אינזעל קלער־מאנט־טאנער, האב איך מיט ערשטוינען בעוואונדערט די ריעזען ווערק, וואס איז אויפגעטהאן געווארען פון אזעלכע ברעקעלאך מילבען, וועלכע מען קען גאר מיט'ן אויג ניט דערזעהן. איך האב ביי דיעזער געלעגענהייט גענוי בעטראכט דיא פעלזען־ווענד, וועלכע זיינען געווען ביי א 900 פוס הויך פון גרונד פון ים. ביי דעם שיין פון אונזער עלעקטרישע בעלייכטונג האבען דיעזע ווענד געגלאנצט אזוי וויא פרישע ווייס געפארבטע מויערען.

מיין דיענער קאנסייל, וועלכער האט געהאט א שטיקעל ידיעה אין נאטור־וויסענשאפט און ער האט געוואוסט וויא אזוי דיא דאזיגע ווענד זיינען ענט־שטאנען, איז נייגעריג געווארען און ער האט מיך געפרעגט:

— קען מיר דער הערר זאגען, וויא לאנג עס דארף ביי יענע חיה'לאך דויע־רען אויפצובויען, למשל, אזא וואנד?

איך האב איהם ערקלערט, אז אין צייט פון הונדערט יאהר קען צוקומען העכסטענס אן אכטעל אינטש (צאלל).

— אויב אזוי? — האט ער זיך געוואונדערט — האט דאך אזעלכע ווענד אויפצובויען געדארפט דויערען א צייט אפשר פון...

איך האב איהם ניט געלאזט טרעפען און האב איך פערכאפט אויף פריהער:

— פון א פאר מאל הונדערט טויזענד יאהר, ביזט דו צופריעדען, קאנ־סייל?

— אז דער הערר זאגט אזוי, בין איך צופריעדען — האט מיין האלענדער נאאיוו געענטפערט.

נעגען אבענד איז דער אינזעל קלערמאנט־טאנער פערשוואונדען געווארען פון אונזערע אויגען. דיא "נאטילוס" האט זיך געווענדעט אין אן אנדער ריכ־טונג, דורכלויפענדיג דיא הייסעסטע געגענד אונטער'ן עקוואטאר. אין יענע געגענד איז אין מאנאט דעצעמבער עכט זומער. דיא זוננען־שטראהלען ברענען דארט אין דיעזען טהייל פון יאהר אונערטרעגליך. אבער אין אונזער שיף האבען מיר קיין היץ ניט געפיהלט, דען אונטער'ן וואסער, אין דיא טיעפענים פון א הונ־דערט אדער מעהר פוס, איז דיא טעמפעראטור אימער רעגעלמעסיג, פון צעהן ביז צוועלף גראד.

דעם 15טען דעצעמבער זיינען מיר פערבייגעפאהרען דיא גרופע פון דיא געזעלשאפט'ס אינזלען און דאס שעהנע שטיק לאנד טאיטי. גאנץ פריה, ווען אונזער שיף איז ארויפגעשוואומען אין דער הויך, האב איך געזעהן דיא הויכע געבירגען פון דיעזען אינזעל. דיא מאטראזען האבען יענעם פריהמארגען ארויס־געצויגען דיא פיש־נעצען מיט דיא פראכטפאלסטע, זעלטענסטע זארטען פיש,

— דיא וועלט דארף ניט האָבען קיין נייע קאָנטינענטען, זאָנדערן נייע מענשען!

פאָהרענדיג וויטער איז דיא "נאָטילוס" אָנגעקומען צום אינזעל קלער־מאָנט־טאָנער, איינער פון דיא מערקווירדיגסטע אינזעל, וואָס דער קאַפּיטאן בעל פון דער שיף "מינערוואַ" האָט ענטדעקט אין יאָהר 1822. איך האָב דאַן געהאט א געלעגענהייט גענוי צו בעטראכטען וויא אזוי דיא אינזלען פון יענע געגענד ווערען אויפגעבויט פון דיא גאַנץ קליינע ים־מילבען, וועלכע זיינען בע־וואוסט אונטער דעם נאָמען מאדראָפּאָרען.

נאטור פאָרשער האָבען דיא מאדראָפּאָרען איינגעטהיילט אין פינפערליי קלאסען אָדער מינים. זיי לעבען מיליאַרדענווייז אין דיא ימים פון דיא ווארימע געגענדען. זיי זיינען בעדעקט מיט אזא מין קאלך, וועלכען זיי ווארפען אראָפּ פון זיך, ווען זיי ווילען, אקוראט וויא דיא שפּין לאָזט פון זיך ארויס דעם שטאָף פון וועלכען זיא וועבט דיא שפּיגוועבס. פון דיעזען קאלך בויען זיי זייערע נעס־טען אין וועלכע זיי וואָהנען. מען קען געוועהנליך ניט משער זיין וויא גרויס א נעסט פון א מאדראָפּאָר איז, פיליכט אזוי וויא דער שפּיץ פון א דינע מענשען־האָאָר. אָבער א שטאָדט, לאָמיר זאָגען, פון מיליאַרדען אזעלכע וואָהנונגען פער־נעהמען שוין עטוואָס אן אָרט. ווען דיא מאדראָפּאָרען שטארבען אויס פער־בלייבען זיי פערהארטעוועט אין זייערע הייזלאך און דער נעקסטער דור בויט שוין זיינע נעסטען פון אויבען איבער זיי. אזוי ווערען געלעגט שיכטען איבער שיכטען און אין פערלויף פון הונדערטע און טויזענדע יאָהרען דערגרייכען דיא דאָזיגע מאדראָפּאָרען שטעדט אָדער לענדער גאַנץ הויך אין וואסער און עס ביל־דען זיך פעלזען אָדער ריפע. אין א משך פון נאָך פיעלע און פיעלע יאָהרען געהען זיי ארויס איבער דער אָבערפלעכע פון ים און בילדען אינזלען. קאָראלען און אנ־דערע פּאָליפּען בילדען אויך ריפען און אינזלען אויף אן עהנליכען אופן.

עס טרעפט אמאָל, אז דיעזע קליינינקע ברואים'לאך בילדען זייערע מדינות אין דער פאָרמע פון א רינג און מען טרעפט דארום אין ים לייקס (אזעראָס) ארומגערינגעלט מיט שטיינערנע ווענד. אמאָל וואקסען אויך אויס דיא ריפען איבער'ן - וואסער אין דער פאָרמע פון גלייכע ווענד אָדער אנדערע פאָרמען, לויט דיא ארכיטעקטור פון דיא קליינע, אונבעמערקבארע ארכיטעקטען.

דיא אינזלען וואָס ווערען געשאפען אויף אזא אופן בעשטעהען פון שטיין, פון הארטען גראניט. אָבער דאָס וואסער ארום און דיא ווינדען פערטראָגען אהין שטויב און קערנער פון זריעות און ביסלעכווייז בילדעט זיך אויף זיי א שיכטע ערד, וועלכע ווערט אין פערלויף פון א לענגערע צייט בעדעקט מיט אלערליי וואקסונגען. עס וואקסען אויס בוימער, אויף וועלכע עס בעזעצען זיך פויגלען פון נאָהענטע אינזלען, פון ים קומען ארויס פערשיעדענע ברואים און לעגען דאָרט זייערע אייער, און אזוי ענטוויקעלט זיך דאָרט א פאָלשטענדיגעס

געזעהן וויא שרעקליכע האי־פישען לאָזען זיך צו דער צובראָכענער שיף מיט בלוט־דורשטיגע בליקען. וואהרשיינליך האָבען זיי דערשפירט דיא אונגליק־ליכע מענשען־קרבנות און זיי לויפען זיי אויפפרעסען. עס איז מיר קאלט גע־וואָרען אין אלע גליעדער און איך בין שיער אין חלשות געפאלען.

דיא "נאָטילוס" האָט זיך אָנגעהויבען בעוועגען. מיר זיינען פערבייגעפאָה־רען דיא געזונקענע שיף און איך האָב אויף איהר איבערגעלייענט דעם נאָמען "פלאָרידא סאָנדערלענד".

19טעס קאפיטעל

# וואניקאָרא

דיא אויבענדערמאָהנטע שוידערהאפטע סצענע מיט דער אונטערגעגאנ־גענער שיף איז נור געווען א פאָרשפּיעל צו אזעלכע טרויעריגע בעגעבענהייטען וואָס דיא "נאָטילוס" האָט פון דאן אָן זעהר אָפט אין וועג בעגעגענט. פון דער צייט וואָס מיר זיינען אריינגעקומען אין דיא מעהר בעפאָהרענע געגענדען פון ים, האָבען מיר ניט זעלטען געזעהן אויף'ן גרונד פון ים געבראָכענע שיפען, וועל־כע זיינען שוין געווען פערפוילט. עטוואָס טיעפער זיינען געלעגען איינגעגראָבען אין גרונד קאנאָנען, קוילען, אנקערס, קייטען און אנדערע געגענשטענדע, וואָס זיינען געווען בעדעקט מיט ראָסט פון אלטקייט. מיר האָבען פאָרטגעזעצט אונזער רייזע, ביז מיר זיינען דעם עלפטען דעצעמבער געקומען צו דיא פאָמאָטו אינזלען, דיא בוגאנוויל גרופּע, וועלכע זיינען פריהער געווען בעוואוסט אלס "דיא געפעהרליכסטע גרופּע", ווייל דער וועג צו יענע אינזלען איז געווען זעהר געפעהרליך. דאָרט זיינען געווען שארפע אונטערוואסערדיגע פעלזען, וואָס פלעגען דורכלעכערען שיפען. מען האָט שפּעטער אויסגעפונען א וועג וויא אזוי אויסצומיידען דיא דאָזיגע פעלזען און מען האָט צו יענע אינזלען געקענט צוקומען אָהן געפאהר. אין גאנצען געפינען זיך אזעלכע זעכציג גרופּען, וואָס פערנעהמען א פלאץ פון 370 קוואדראט מייל. דיעזע אינזלען זיינען קאראל אינזלען. זיי זיינען ענטשטאנען פון דיא בעשטענדיגע ארבייט פון דיא פּאָליפּען, קליינע לע־בעדיגע ברואים, וועלכע מען קען קוים מיט דער שטארקסטער פערגרעסערונגס־גלאָז דערזעהן. דיא ארבייט פון דיא דאָזיגע ברואים'לאך ווערט אָהן אויפהער פאָרטגעזעצט. זיי לייגען איין שיכט קאראל אויף'ן אנדערען, ביז דיעזע בערג אָדער אינזלען ווערען, נאָך א פערלויף פון פיעלע און פיעלע יאָהרען, אויסגעביל־דעט, דיעזע קאָראל אינזלען — האָב איך בעמערקט נעמאָ'ן — וועלען מיט טויי־זענדע יאָהרען שפּעטער פעראייניגט ווערען און וועלען בילדען א נייעם קאָנטי־נענט, אָדער וועלט־טהייל.

הערענדיג דיעזע בעמערקונג, האָט דער קאפּיטאן זיך אָבגערופען:

— וואָס איז דען דאָרט, קאַנסייל ? — האָב איך געפרעגט ניט וועלענדיג אַבריַיסען זיך פון מיין בוך.

— איך וויל אז דער הערר זאָל קומען און א קוק טהאָן ! — האט קאַנסייל געענטפערט, און איך האָב געזעהן, אז ער איז העכסט איבערראשט אָדער דערשראָקען.

איך בין אויפגעשטאנען און צוגעגאנגען צום פענסטער. איך האָב ארויס־געקוקט און ביי דעם אָבשלאג פון דיא עלעקטרישע לייכטונג האָב איך דערזעהן א גרויסע שווארצליכע מאסע. איך האָב אָנפאנגס ניט געוואוסט וואָס דאָס איז, אָבער באלד האָב איך זיך איבערציַיגט, אז דאָס איז א שיף.

— א שיף ! — האָב איך אויסגערופען מיט גרויס שרעק.

— יא — האָט לענד בעשטעטיגט — א צובראָכענע אונטערגעגאנגענע שיף.

מיר זיינען געווען גאָר ניט וויַיט פון דער שיף און איך האָב זיא גענוי געקענט בעטראכטען. איך האָב געזעהן, אז איהרע זעגלען הענגען אראָב שטיקער־וויַיז איבער דעם צובראָכענעם מאסט־בוים און אלע אנדערע צושטערונגען, וועלכע האָבען איהר צום אונטערגאנג געבראכט. דער קערפּער פון שיף איז נאָך געווען אין א גוטען צושטאנד. עס איז קענטיג געווען, אז דער שיפּברוך האָט פּאסירט ניט לאנג צוריק. אויף'ן דעק האָט זיך געזעהן א העכסט שרעקלי־כעס און טראגישעס בילד. פיער טויטע קערפּער פון מענשען זיינען דאָרט גע־ווען פערפּלאָנטערט אין דיא זעגעל־שטריק. איינער פון זיי איז געשטאנען און האָט געהאלטען דעם רודער אין זיינע הענד. אין דער טהיר פון דער הינטער־קאיוטע איז געשטאנען א יונגע פרוי, האלטענדיג א קינד אויף איהרע הענד. ביי דעם העלען עלעקטרישען שיין האָט מען איהר געזיכט דייטליך געקענט זעהן. איהר געזיכט איז נאָך ניט געווען פערדאָרבען און מען האָט געזעהן יעדען שטריך, יעדע מינע וואָס איז אויף איהם געלעגען. איהר טויטער פּנים האָט אויסגעדריקט שרעקליכע פערצווייפלונג — א פערצווייפלונג וואָס א מענש קען פיהלען אין דעם מאָמענט ווען ער זעהט דעם טויט פאר דיא אויגען און ראנגעלט זיך מיט'ן מלאך המות. איהר קינד האָט זיא געהאלטען הויך איבער'ן קאָפּ, וואהרשיינליך האָט זיא געמיינט, אז דורך דעם וועט זיא עס רעטען, וויל זיא וועט עס קענען אזוי הויך אויפהויבען, אז דאָס וואסער זאָל צו איהם ניט צו־קומען. שרעקליך איז אויך געווען דאָס אויסזעהן פון דיא פיער מאטראָזען, וועלכע האָבען, וויא מען האָט געקענט דערקענען, זיך אָנגעשטרענגט און גע־מאטערט אין דעם מאָמענט, ווען דיא שיף איז אונטערגעגאנגען.

וואָס פאר א שוידערליכע סצענע דאָס איז געווען ! אונזערע הערצער זיינען שטארק פערביטערט געוואָרען קוקענדיג אויף דיא אומגעקומענע און מיר זיינען געשטאנען שטום און א וואָרט ניט געקענט רעדען. איך האָב פון וויַיטענס

צורייסען. דיא מאַלוסקען זיינען געפעהרליכע רויב־טהיערע און ערנעהרען זיך פון פלייש. מאנכע פון זיי קענען זאָגאר א מענשען אויפפרעסען. א געוויסער פראַנצויזישער קאפּיטאַן באָער האָט אין יאָהר 1861 אָנגעטראָפען א ריעזען־מאַלוסק, שווימענדיג אין דער הויך אויף'ן וואסער. דאָס טהיער איז געווען אומ־געפעהר 18 פוס לאַנג און האָט וואהרשיינליך געוואויגען ביי א צוויי טויזענד פונט. דאָס איז געווען אן אומגעלומפּערטער "מאָנסטער" וואָס יעדער מענש האָט געמוזט אויפשוידערען קוקענדיג אויף איהם. דער קאפּיטאַן מיט זיינע מאטראָזען האָבען איהם פערפאָלגט דריי שטונדען כסדר. זיי האָבען אין איהם פיעלע קוילען אריינגעיאָגט, אָבער טויטען איהם האָבען זיי ניט געקענט. דיא חיות וואָס האָבען קיין ביינער איז שווער צו דערשלאָגען מיט א ביקס. דיא קוילען רייסען פון איהם אויס שטיקער פלייש, אָבער ער בלייבט אַלץ לעבען. באָער און זיינע מענשען האָבען דיא יאגד געמוזט אויפגעבען.

דיא מאַלוסקען וואָס מיר האָבען אָנגעטראָפען זיינען געווען פון א פיעל קלענערען זאָרט, וועלכע זיינען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען קאַלמאָרען. דיא נאכט פון ניינטען אויף'ן צעהנטען דעצעמבער איז אונזער שיף געשוואומען דורך מחנות פון דיעזע וועיך־טהיערע, וועלכע האָבען זיך געצויגען נאָך ווארימע געגענדען, פערפאָלגענדיג דיא הערינג און סערדינען, וואָס זיינען זייער הויפּט שפּייז. מיר האָבען דורך דיא ליכטיגע גלעזערנע וואנד געקוקט אויף זיי מיט ערשטוינען. מיר האָבען בעאָבאכטעט דיא סצענען פון זייער רויב און פרעסעריי. עס האָט אונז געשוידערט קוקענדיג וויא זיי כאפּען זייערע אָפּפער מיט זייערע העסליכע פיס און שלינגען זיי איין מאסענווייז. עס זיינען וויעדער ארום זיי געשוואומען גרעסערע ים־טהיערע, וועלכע האָבען געפרעסען דיא העסליכע מאַ־לוסקען. עס איז געווען א צוזאמענמישונג פון רייסעריי און פערניכטונג! איי־ניגע שטונדען איז אונזער "נאַטילוס" געשוואומען דורך אזעלכע גרופּען פער־שיעדענע ים־גזלנים און מיר האָבען מיט אונזערע אויגען צוגעזעהן אַלעס וואָס עס איז אָנגעגאנגען אויף'ן נאסען שלאכט־פעלד.

אויף מאָרגען פריה בין איך געזעסען און געלייענט א בוך, אין וועל־כען איך בין געווען שטארק פעראינטערעסירט. איך האָב זיך שוין גענוג אָנגע־קוקט אויף דיא טראַגעדיעס און געהיימניסע פון ים און איך האָב מיר גענומען א ביסעל צייט צו לעזען. מיין דיענער קאָנסייל און נעד לענד זיינען געשטאנען ביי דער גלעזערנער וואנד און געקוקט ארויס אין ים אריין. דיא "נאַטילוס" איז דאן געשטאנען אויף איין אָרט, אומגעפעהר דריי טויזענד פוס טיעף אין וואסער. יענע געגענד פון ים איז געווען אן איינזאמע. טהיערע אָדער זאָגאר גרויסע פיש האָט מען דאָרט זעלטען געזעהן. פּלוצלונג האָט קאָנסייל מיט א זאָנדערבארע שטימע אויסגעשריען:

— וועם דער הערר קומען אהער אויף א ווייל?

איז זיא ארונטער גאנץ טיעף, אז זיא האָט בעריהרט דעם באָדען פון ים. ווארום דער קאפּיטאן האָט עס געטהאָן, ווייס איך ניט.

דעם 27טען נאָוועמבער איז אונזער שיף אָנגעקומען ניט ווייט פון דער גרופּע סענדוויטש אינזלען, וועלכע דער בעריהמטער ענגלישער קאפּיטאן קוק האָט ענטדעקט און איז דאָרט ערמאָרדעט געוואָרען פון דיא ווילדע איינוואָה־נער, דעם 14טען פעברואר, 1779. מיר זיינען שוין דאמאָלס געהאט אָבגעפאָה־רען 4860 ליגס פון דעם פּלאַץ, פון וואנען מיר האָבען אונזער רייזע אָנגעפאנגען. ווען איך בין יענעם פריה מאָרגען ארויף אויף'ן פּלאטפאָרם פון שיף, האָב איך בעמערקט, אומגעפעהר צוויי מייל ווייט פון אונז דעם גרעסטען פון דיא האוואי אָדער סענדוויטש אינזלען, וואָס בעשטעהט פון א גרופּע פון זיעבען בעזונדערע שטיקער לאנד אויף'ן ים. יענער אינזעל איז גוט בעזעצט און אויך האָט מען דייטליך געקענט זעהן דיא געביידעס וואָס זיינען געשטאנען נאָהענט ביים ברעג. איך האָב אויך באלד דערזעהן זיינע בערג און דיא וואולקאנען פון דעם בארג מאונא־רעא, וועלכער איז 1500 פוס העכער פון דער אָבער־פלעכע פון ים און ווארפט פון זיך פייער און רויך.

מיט איינינע טעג שפּעטער האָבען מיר נאָך א שנעלען פאָהרען דערגרייכט דיא מארקיז אינזלען, וועלכע געפינען זיך אונטער אכט גראדען אויף דרום זייט פון עקוואטאָר און 139 גראדען נאָך מערב. דיעזע אינזלען געהערען צו פראנקרייך. איך האָב פון ווייטען געזעהן דיא שפּיצען פון דיא מיט וואלד בעוואקסענע געבירגען. קאפּיטאן נעמאָ האָט נעהענטער צו דער יבשה ניט געוואָלט צופאָהרען. דאָרט האָבען דיא מאטראָזען פון שיף ארויסגעצויגען דיא נעצען, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען אלערליי פיש פון פערשיעדענע זאָר־טען און גאטונגען, צווישען זיי אזעלכע וואָס איך האָב נאָך ביז דאמאָלס ניט געזעהן. עס האָבען זיך דאָרט געפונען אזעלכע שעהנע און פראכטפאָלע מינים פיש וואָס האָבען געבליאסקעט אזוי וויא ריין געפּאלישטער גאָלד.

פון דעם פיערטען ביז עלפטען דעצעמבער האָט.אונזער שיף געמאכט נאָך צוויי טויזענד מייל. דיעזע שטיק וועג איז געווען א מערקווירדיגע און העכסט אינטערעסאנטע. מיר האָבען אויף אונזער רייזע בעגעגענט מחנות פון זאָנדער־בארע ים־ברואים, וועלכע מען האָט געקענט צעהלען אין מיליאָנען. צווישען זיי זיינען געווען פיעלע, וועלכע ווערען שטענדיג שטודירט פון נאטור פאָרשער. דיעזע ברואים, וועלכע ווערען אין אלגעמיין גערופען מאָלוסקען (ווייך־טהיערע) — טהיערע, וועלכע בעשטעהען פון ווייכע לייב, אָהן ביינער, אזוי וויא ווערים און דאָס גלייכען. זייער געשטאלט איז זעהר משונה'דיג, מיט מעהרערע פיס צוגעוואקסען צום קאָפּ, וועלכע זיינען אָפט לענגער וויא דער גאנצער קערפּער. דיא גרעסערע מינים פון דיא מאָלוסקען בעזיצען אין זייערע פיס א זעלטענע גבורה אזוי, דאָס דיא זאך וואָס זיי גרייפען אָן מיט זיי איז גאנץ שווער ארויס־

געלייענט און אויף וויפיעל איך קען ערשט געדענקען, האָט מען אין נאָרד פון אטלאַנטישען ים געפונען א טיעפענים פון 24 טויזענד פוס, אין מיטעללענ־דישען ים — 7,500 פוס, דערפאר אָבער געפינען זיך אין זיד פון אטלאַנטישען ים פלעצער וואָס זיינען פון 36 טויזענד ביז 45 טויזענד פוס טיעף, דאָס איז אביסעל ווייניגער וויא ניין מייל, אָדער אומגעפעהר פיער פראנצויזישע ליגס. אין אלגעמיין רעכענט מען, אז ווען דער גרונד פון ים זאָל אומעטום אויסגע־גלייכט ווערען, וואָלטען מיר געהאט איבעראל א טיעפענים פון אומגעפעהר פיער מייל.

— גוט, פראָפעסאָר — האָט דער קאפיטאן זיך אָבגערופען — איך גלויב אז מיר וועלען קומען אין פיעל טיעפערע ערטער, אָבוואָהל אין דיעזע געגענד פון שטילען אָקעאן גיבט עס דורכשניטליך קיין טיעפערער גרונד וויא 12 טויזענד פוס.

מיט דיעזען געשפּרעך זיינען מיר ביידע צוריק ארונטערגעגאנגען אין שיף און איך בין אריין אין גרויסען זאאל. דיא שרובע האָט אנגעפאנגען ארבייטען און דיא "נאָטיליוס" איז אוועק מיט דיא שנעלקייט פון צוואנציג מייל א שטונדע.

אין פערלויף פון דיא פאָלגענדע טעג און וואָכען איז קאפּיטאן נעמאָ געוועז זעהר שפּארזאם מיט זיינע וויזיטען צו מיר. זיין לייטענאנט פלעגט רע־געלמעסיג אויפנעהמען אלע אנגעלעגענהייטען פון דעם לויף און צושטאנד פון שיף און בעצייכענען זיינען בעאָבאכטונגען אויף דער קארטע אזוי, דאָס איך האָב אימער געקענט וויסען אין וועלכע געגענד פון דער וועלט מיר געפינען זיך. דעם קאפיטאן אליין האָב איך זעהר זעלטען געזעהן.

קאָנסייל און נעד לענד פלעגען פיעל צייט פערברייננגען ביי מיר. מיין דיע־נער האָט דעם קענעדער דערצעהלט פון דיא אלע מערקווירדיגקייטען וואָס מיר האָבען געזעהן אויף אונזער שפּאציר אויף'ן גרונד פון ים. לענד האָט, וויא עס האָט אויסגעוויזען, שטאַרק חרטה געהאט וואָס ער איז מיט אונז ניט מיטגע־גאנגען און דורכגעלאָזט אזא געלעגענהייט צו זעהן אזעלכע מערקווירדיגקיי־טען. איך האָב געהאָפט, אז עס וועט זיך מיט דער צייט מאכען א צווייטע גע־לעגענהייט דיא אונטערוואסערדיגע וועלדער צו בעזוכען און דאן וועט שוין דער איינגעשפּארטער לענד קליגער זיין.

כמעט יעדען טאָג פלעגען זיך אויף איניגע שטונדען עפענען דיא אייזערנע וואנד פון זאאל און מיר האָבען דורך דיא גלעזערנע שויבען געקענט קוקען אויף דיא געהיימניסע פון דער פערבאָרגענער אונטערוואסערדיגער וועלט.

דיא "נאָטילוס" איז געשוואומען אין דיא ריכטונג פון סאוטה־אָסט און האָט זיך געהאלטען אין דיא טיעפענים פון אומגעפעהר 450 פוס. נור איין טאָג

— וואס אָנבעלאנגט צו דיא זאלץ וואס געפינט זיך אין ים, — האָב איך פּאָרטגעזעצט — איז עס אויך א נויטווענדיגקייט, וועלכע דער בעשעפער האָט איינגעריכטעט אויפצוהאלטען דעם עקזיסטענץ פון דער וועלט, און דאָס איז אויך א טהייל פון דעם לעבען און שאפען פון ים. דאָס וואסער פון ים ווערט דערוואָרעמט פון דער זונן און א טהייל דערפון ווערט פערוואנדעלט אין דאמפף (פּארע) וואָס ציהט זיך ארויף אין דער הויך, וואו עס ווערט פערוואנדעלט אין טראָפּענס וואסער און דערפון קומט דער רעגען, וואָס בעלעבט און ערפרישט אלעם אויף דער ערד. דער ים מוז אָבער האָבען אין זיך זאלץ אום צו פערהינדערען, אז דיא זוננען שטראהלען און דיא ווינדען זאָלען ניט קענען צופיעל וואסער פון איהם ארויסשעפּען און עס פערוואנדלען אין דאמפף, ווייל זאָנסט וואָלטען געווען אזעלכע שלאקס־רעגענס, אז דיא וועלט וואָלט פערטרונקען געוואָרען. ווען מען זאָל דיא זאלץ פון דיא ימים ארויסציהען אין א צושמאָלצענעם צושטאנד, וואָלט עס בעדעקען דיא טרוקענע וועלט אויף צעהן פוס הויך. אָט דיא מאסען זאלץ דערלאָזען ניט ארויסצוציהען צופיעל וואסער פון מעער און ער פערבלייבט שטענדיג אין א רעגעלמעסיגען צושטאנד. זעהר וויכטיג זיינען אויך דיא קליינע בעשעפעניסען וואָס מען רופט אינפוזאָרען, פון וועלכע גאנצע מיליאָנען לעבען אין איין טראָפּען וואסער. דיעזע חיה'לעך, קען מען זאָגען, זיינען דאָס בלוט פון ים. זיי בעשאפען א שטענדיגע בעוועגונג אין דיא וואסערען און זיי ווערען פערוואנדעלט אין קאראלען און בילדען אָפּטמאָל גאנצע אינזלען.

— אָט דאָס — האָט זיך דער קאפּיטאן אָבגערופען — זאָג איך דאָך, אז אין ים איז דער לעבענס־שטראָם פיעל קרעפטיגער און טהעטיגער וויא אויף דער יבשה. דאָס וואסער ענטהאלט אין זיך זעהר פיעל אייגענשאפטען פון לעבען. דאָס וואסער גיבט צו לעבען אויף דער טרוקענער ערד. אָהן וואסער וואָלט אלעס וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט פערניכטעט געוואָרען. איך קען זיך דארום פאָרשטעלען אָדער פאנטאזירען פון אונטערוואסערדיגע שטעדט, וואָס וועלען בעשטעהן פון אזעלכע הייזער וויא אונזער "נאָטילוס", וועלכע וועלען אלע טאָג ארויפשווימען אין דער הויך אָנצושעפּען פרישע לופט, אויב עס וועט ניט אויפשטעהן עפּעס א דעספּאָט, א טיראן —

קאפּיטאן נעמאָ האָט ניט געענדיגט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. ער האָט עס איבערגעלאָזט פאר מיר, אז איך זאָל עס אליין פערשטעהן. אייניגע מינוטען איז ער ארומגעגאנגען איבער'ן פּלאטפאָרם פערטראכט מיט אן ערנסטעם געזיכט און מיט א מינע, פון וועלכע איך בין אביסעל געריהרט געוואָרען, דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— הערר אראָנאקס, ווייסט איהר וויא טיעף דער ים איז?

— יא, קאפּיטאן! — האָב איך גענטפערט — איך האָב וועגען דעם

דיא נאהרונגס־פראָדוקטען זיינען באלד דורך א גרויסען רעהר ארונטער־געלאָזט געוואָרען אין דיא שפייכלער, וואו דיא שפייזען זיינען געהאלטען געוואָרען. דאָרט האָט מען זיי צוגעריכטעט צו עסען פריש, אָדער צו לאָזען זיי ליגען אויף שפעטער.

ווען מען איז פערטיג געוואָרען מיט דער ארבייט, האָב איך געגלויבט, אז דיא שיף וועט זיך באלד ארונטערלאָזען אונטער'ן וואסער. איך האָב שוין דארום געוואָלט ארונטערגעהן אין מיין קאיוטע. אָבער קאפיטאן נעמאָ איז מיר אנטקעגען געקומען, און אָהן אירגענד וועלכע בעגריסונג, אָדער "גוט מאָרגען", האָט ער זיך צו מיר אָבגערופען:

— פראָפעסאָר, איז דיעזער אָקעאן ניט פול מיט לעבען? בעטראכט נור וואָס פאר א ווירקליכעס לעבען עס שוועבט איבער איהם! ער שלאָפט מיט אונז איין אבענדס צייט און ערוואכט מיט אונז אין דער פריה. דיא זונן בעריהרט איהם מיט איהרע גאָלדענע שטראהלען און ער וואכט אויף פון דעם נאכטיגען שלאָף. עס איז דאָך העכסט אינטערעסאנט צו בעטראכטען און צו שטודירען דיא ווירקונג און שאפונג פון דיא וואסערען. ווען מיר זאָלען גוט בעטראכטען, האָט דאָס וואסער א פולס, אָדערען, און אמאָל בעקומט ער ספאזמעס אָדער היס־טעריקע אזוי וויא א מענש. איך בין פאָלשטענדיג איינפערשטאנדען מיט דיא געלעהרטע, וועלכע זאָגען, אז דער ים האָט א צירקולאציאָן, א בעוועגונגס־קראפט, א מין לעבען וואָס איז אין איהם בעהאלטען און וואָס ווירקט אזוי וויא דיא בלוט־צירקולאציאָן ביי לעבעדיגע ברואים. אום צו שאפען דיא צירקולאציאָן אין ים, האָט דער בעשעפער אין איהם אריינגעגעבען היץ־שטאָף, זאלץ און קליינע טהיערע. דיעזע דריי זאכען זיינען דיא לעבהאפט פון ים. דורך זיי אָטהעמט ער און דורך זיי שאפט ער און ווירקט.

— יא, עס איז ווירקליך אזוי! — האָב איך זיך אָבגערופען — ווארימע וואסער איז לייכטער אלס קאלטע. ווארימע וואסער פערבלייבט אין דער הויך און קאלטע פאלט אימער צום גרונד. אין דיא ווארימע געגענדען פון עקוואטאָר ווערט דאָס וואסער פון ים אָנגעווארעמט פון דיא שטראהלען פון דער זונן. דיעזע ווארימע וואסער פון דער אויבערשטער שיכטע פון ים פליסט ארונטער צו דיא קאלטע געגענדען פון צפון אָדער דרום זייט. דאָרט ווערט עס אָבגעקיהלט און עס פליסט צוריק צום עקוואטאָר. דאָס אָבגעקיהלטע וואסער קומט שוין דאָרט ארונטער אונטער דיא אונטערשטע שיכטען פון ים. אין דער זעלבער צייט פליסט ווידער דאָס אויבערשטע אָנגעווארעמטע וואסער צו דיא פאָולס און קומט צוריק אין אן אָבגעקיהלטען צושטאנד אין דיא אונטערשטע שיכטען. אָט אזוי עקזיסטירט אין דיא ימים אן אייביגע בעוועגליכקייט, אקוראט אזוי וויא דיא בלוט אין מענשען'ס אָדערען. מען קען עס אָנרופען, אז דער ים אָטהעמט אזוי.

[illegible]טעם קאפיטעל

# פיער טויזענד ליגס אונטער'ן שטילען ים

אויף מארגען, דעם אכצעהנטען נאוועמבער אין דער פריה, בין איך אויפ־געשטאנען גאנץ פריש און מונטער, אזוי וויא איך בין געווען מיט צוויי טעג צוריק. איך בין געקומען אויף'ן פלאטפארם גראדע אין דער צייט ווען דער לייטענאנט האט אריינגעשריען אין א רעהר פון שיף זיין געוועהנליכע אונפער־שטענדליכע פראזע: "נאוטראן רעספאק לארני ווירטש". איך האב שליסליך אנגעהויבען גלויבען, אז דיעזע ווערטער ענטהאלטען אן ערקלערונג אין וועלכען צושטאנד דער ים געפינט זיך.

איך האב בעטראכט דעם ים אין אלע זייטען און איך האב ערגיץ קיין זאך ניט בעמערקט. דער גאנצער שטח פון ים איז געווען לעער און מעהר וויא הימעל און וואסער האט מען אויף'ן גאנצען האריזאנט ניט געזעהן.

וועהרענד איך בין אזוי געשטאנען און בעוואונדערט דיא שעהנהייט פון דער נאטור, איז קאפיטאן נעמא ארויפגעקומען. וויא עס ווייזט אויס, האט ער מיך ניט בעמערקט. ער האט מיט אסטראנאמישע אינסטרומענטען בעאבאכ־טעט דעם הימעל, דאן האט ער זיך אנגעשפארט אויף'ן הייזעל פון לייכט־טהורם און האט בעטראכט דעם גלאטען שפיעגעל פון ים. אונטערדעסען זיינען ארויפ־געגאנגען ביי א צוואנציג מאטראזען פון דער "נאטילוס", לויטער קרעפטיגע און געשיקטע מענער, און זיי האבען אנגעפאנגען ארויפציהען דיא נעצען, וועל־כע זיינען געווען אויסגעשפרייט א גאנצע נאכט. איך האב דיא מענשען גוט בע־טראכט און וויא איך האב געגלויבט, האבען זיי בעלאנגט צו פערשיעדענע נא־ציאנען, אבוואהל מען האט אין זיי אלע געזעהן דעם אייראפעאישען טיפ. איך האב צווישען זיי דערקענט אירלענדער, פראנצויזען, אייניגע פון דיא סלאווי־שע פעלקער, א גרעק און א מאן פון דעם אינזעל קאנדיא. גערעדט האבען זיי זעהר ווייניג און אין דער שפראך וואס איך האב ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן.

דיא נעצען זיינען ארויפגעצויגען געווארען אויף'ן דעק. זיי זיינען געווען אזוי געמאכט, אז דורך א שטאנג און א שנור בלייבען זיי שטענדיג אפען און נעהמען אריין אין זייערע טאשען אלעס וואס קומט זיי אנטקעגען, וועהרענד זיי שווימען נאך דער שיף. אין דיא נעצען זיינען דאמאלס געווען דיא בעסטע און טהייערסטע זארטען פיש אין אזא צאהלרייכע מענגע, אז מען האט זיי געקענט שאצען ביז טויזענד פונט. מיר זיינען שוין אלזא געווען פערזארגט מיט נאהרונגס־מיטעל אויף א לענגערע צייט, אבוואהל קיין זארג וועגען דעם האט קיינמאל ניט געקענט זיין, ווייל דיא עלעקטרישע בעלייכטונג פון דער "נאטי־לוס" האט שטענדיג צוגעצויגען צו זיך מאסען פיש און מען האט זיי אלע טאג געקענט פאנגען אין דיא מאסען.

ים־גראַזען. איך האָב פאַרזיכטיג דעם קאָפּ אויפגעהויבען און בעמערקט וויא אייניגע אונגעהייער גרויסע דונקעלע געשטאַלטען, ארומגערינגעלט מיט פּאָס־פּאַר־שיין שווימען איבער אונז האסטיג מיט שטורם און גערויש.

פון גרויס שרעק איז דאָס בלוט פערגליווערט געוואָרען אין מיינע אָדערען. איך האָב דערקענט, אז דאָס זיינען אייניגע פון דיא גרויזאמסטע האַי־פישען מיט זייערע פירכטליכע אויגען, אויף וועלכע עס איז א שרעק געוועזען צו קוקען.

האַי־פישען זיינען פאראן אייניגע זאָרטען, גרעסערע און קלענערע. זיי זיינען אלע זעהר רויבעריש און זיי קענען א מענשען צוברעקלען מיט זייערע אייזערנע צייהן. דיא גרעסטע און געפעהרליכסטע מזיקים פון דיעזען מין זיינען די טינטאַרעאס. ווען א מענש קומט נאָהענט פון דיעזען "מאָנסטער" איז ער זי־כער פערלאָרען. ער שלינגט איהם איין מיט איין שלונג. טויטע וואָס מען ווארפט ארונטער פון שיפען אין וואסער, געפינען זייערע קברים אין דיא געדערים פון דיא דאָזיגע ים־ברואים. איך האָב זיי דאַן בעטראַכט און גוט בעאָבאכטעט זייערע בעזילבערטע בייכער, זייערע אונגעהייער גרויסע מיילער און שרעקליכע צייהן, ניט פון דעם נאַטור־וויסענשאפטליכען שטאַנדפּונקט, נור מעהר אלס זייער קרבן.

דיא זעהע קראַפט איז ביי דעם האַי־פּיש ניט שטארק אויסגעבילדעט. דער האַי־פּיש האָט זעהר א שוואכע ראיה, און דאָס איז יעצט געוועזען אונזער גליק. זיי זיינען אריבערגעשוואומען איבער אונז און זיי האָבען אונז ניט בעמערקט. איינער פון זיי האָט מיך זאָגאר בעריהרט מיט זיין שווים־פּעדער, אָבער ער איז אוועקגעשוואומען ווייטער און מיר זיינען אלע גערעטעט געוואָרען פון געפאהר. מיר האָבען זיך אויפגעהויבען און געהענדיג נאָך דעם שיין פון דיא עלעקטרישע לייכטונג פון דער "נאָטילוס" זיינען מיר אין א האלבע שטונדע ארום געוועזען אויף אונזער שיף. דיא אויסערע טהיר איז געוועזען אָפען און ווען מיר זיינען אלע אריינגעגאַנגען אין דעם קליינעם צימער, פון וועלכען מיר זיינען ארויס אויף אונזער יאגד, האָט דער קאפּיטאַן דיא טהיר פעסט צוגעמאַכט. ער האָט א דריק געטהאָן א געוויסען קנאָפּ און באלד האָט זיך געהערט וויא דיא פּומפּען אין שיף ארבייטען. איך האָב געפיהלט, אז דאָס וואסער ארום מיר זינקט אראָב און אין אייניגע מינוטען ארום איז שוין אין צימער קיין וואסער געוועזען. אן אינערליכע טהיר האָט זיך געעפענט און מיר זיינען אריינגעקומען אין אר־סענאַל אָדער קליידער קאַיוטע.

דאָרט האָט מען פון אונז ארונטערגענומען דיא טויכער־קליידער און זיי־ענדיג מיעד, הונגעריג און שלעפעריג, בין איך באלד אריין אין מיין צימער. מיינע געדאנקען זיינען געוועזען פול מיט דיא וואונדער וואָס איך האָב געזעהן און דיא פּאסירונגען וואָס אונז האָט פּאסירט אין אונזער שפּאציער אויף'ן גרונד פון ים.

האָט זיך אָפּטמאָל אויפגעהויבען ביז פינף אָדער זעקס פוס אונטער דיא אָבער־פלעכע פון ים. דאָס וואסער איבער אונז איז געווען אזוי וויא א שפּיגעל און מיר האָבען זיך אליין געזעהן אָבגעשפּיגעלט איבער אונזערע קעפּ, אָבער מיר זיינען דאָרט אויסגעקומען מיט דיא קעפּ אראָב און מיט דיא פיס ארויף. זייענדיג ניט טיעף אין וואסער, האָב איך פון אונזער מאטראָז געזעהן א מערקווירדיגע שטיק יעגער־קונסט. א גרויסער פויגעל איז מיט אויסגעברייטעטע פליגלען געפלויגען שנעל אין דער הויך איינינגע פוס ווייט פון וואסער. דער מאטראָז האָט אויף איהם געציעלט מיט זיין ביקס און אויסגעשאָסען אין דער הויך. דיא עלעקטרישע קויל האָט דעם פויגעל געטראָפען און ער איז ארונטערגעפאלען אין וואסער. דער געשיקטער יעגער האָט איהם צוגענומען. דאָס איז געווען אן אלבאטראָס פון שעהנסטען זאָרט.

דיא אלבאטראָסען זיינען גרויסע, קרעפטיגע שווים־פויגעל. זיי פליהען זעהר געשווינד און קענען זיך האלטען א לאנגע צייט אין דער לופט. אן אלבאטראָס פליהט אָפּטמאָל נאָך א שיף פאר הונדערטע מיילען. דיעזע פויגעל ערנעהרען זיך אממייסטען פון פערשיעדענע לעבעדיגע זאכען וואָס שווימען ארום אויבען אויף'ן מעער. אראָבלאָזען זיך אין וואסער קענען זיי ניט.

אונזער גאנג איז דורך דיעזען צופאל ניט געשטערט געוואָרען. צוויי שטונדען זיינען מיר געגאנגען איבער פערשיעדענע זאמדיגע ערטער אָדער אונטערוואסערדיגע וויעזען (לאָנקעס), בעוואקסען מיט גראָז, וואו עס איז געווען גאנץ שווער צו געהן. איך בין שוין, אין אמת זאָגענדיג, געווען זעהר מיעד פון געהן און איך האָב שוין גרויס לוסט געהאט אָבצורוהען זיך. איך בין דארום העכסט צופריעדען געווען, ווען איך האָב פון וויטענס דערזעהן דיא שטארקע עלעקטרישע בעלייכטונג פון דער "נאָטילוס". איך האָב משער געווען, אז אין פערלויף פון א צוואנציג מינוט וועלען מיר אין דער היים זיין און דאָס האָט מיך שטארק ערפרעהט, ווייל איך האָב אָנגעהויבען שפּירען, אז דער זויערשטאָף פון מיין אפּאראט איז שוין באלד פערברויכט און מיר איז שוין געווען אביסעל שווער צו אָטהעמען.

איך בין פערבליבען איינינגע טריט פון הינטען, און פּלוצלונג האָב איך דערזעהן וויא קאפּיטאן נעמאָ לויפט האסטיג צוריק. מיט זיין קרעפטיגע האנד האָט ער מיך אומגעשליידערט צום באָדען פון מעער, ווערענד זיין מאטראָז האָט דאָס זעלבע געטהאָן מיט מיין דיענער קאָנסייל. אָנפאנגס האָב איך אליין ניט געוואוסט וואָס צו דענקען פון אזא בענעהמונג, אָבער באלד האָט דער קאפּיטאן אליין זיך אויף אויסגעצויגען נעבען מיר און איז געבליבען ליגען אונבעוועגליך.

איך בין אזוי געלעגען אויף'ן גרונד פון ים האלב בעהאלטען אונטער הויכע

נונגען פון קליינע הייהלען. דאָס איז וואהרשיינליך געוועזן דער גרענעץ, דיא אָבשיידס־וואנד פון דעם אינזעל קרעספּאָ וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט געזאָגט.

איך בין שטארק נייגעריג געוואָרען צו וויסען וואָס אויף יענער זייט וואנד טהוט זיך און איך האָב גרויס חשק געהאט אריבערצוקלעטערען זיא. אָבער אויסערדעם וואָס איך האָב איינגעזעהן אז דאָס איז זעהר א שווערע אויפגאבע, האָט דער קאפּיטאן זיך אָבגעשטעלט און אונז א וואונק געגעבען מיר זאָלען צוריק געהן, אקוראט אזוי וויא אויף יענער זייט וואנד זאָל זיין אויסער זיין טעריטאָריע און ער וויל קיין פרעמדע לאנד ניט בעטרעטען.

וויא מיר האָט אויסגעוויזען, זיינען מיר ניט געגאנגען צוריק מיט דעם זעלבען וועג מיט וועלכען מיר זיינען געקומען. דיעזער וועג האָט געפיהרט מיט אמאָל בארג ארויף אזוי, אז דער גאנג איז מיר געוועזן זעהר שווער. עס איז באלד וויעדער ליכטיג געוואָרען פון דיא זוננען שטראהלען וואָס האָבען דורכ־געדרונגען דאָס וואסער אין א קרומע ריכטונג אזוי וויא פאר האלבען טאָג. אלעס וואָס איז געוועזן אין וואסער האָט געגלאָנצט און געפינקעלט אזוי וויא אין דער צייט ווען מיר האָבען אונזער שפּאציר אָנגעפאנגען. מיר זיינען וויע־דער געוועזן בלויז א דרייסיג פוס טיעף אין ים.

מיר האָבען געוואנדערט דורך מאסען פערשיעדענע מינים קליינע פיש, וועלכע זיינען ארום אונז געשוואומען נאָך שנעלער וויא פויגעלאָך פליהען אין דער לופט. קיין זאָנדערבארעס טהיער וואָס זאָל ווערטה זיין צו שיסען, האָבען מיר נאָך ביז יעצט ניט בעגעגענט. אָבער פּלוצלונג האָב איך געזעהן וויא דער קאפּיטאן האָט ארונטערגעכאפּט זיין ביקס פון זיין אקסעל און האָט נאָכגעפאָלגט א זאָנדערבארען געגענשטאנד אין דיא קליינע בוימלאך וואָס זיינען אויף'ן באָדען געוואקסען. ער האָט דאן אויסגעשאָסען. א שוואכער פייף האָט זיך באלד דערהערט און איינינע טריט פון אונז איז א טהיער גע־פאלען טויט. דאָס איז געוועזן א פּראכטפאָלער מעער־אָטער, דיא איינציגע פיער־פיסיגע חיה וואָס לעבט נאָך אין ים. זיין פעל, וועלכע איז אויבען ברוין און אונטען זילבער־העל, איז איינע פון דיא טהייערסטע רויכווארג אין מאר־קעט. א שעהנע און גוטע אָטער־פעל איז ווערטה אכציג פונט סטערלינג, אָדער 400 דאָלער אמעריקאנישעם געלד. דיעזע ים־זויג טהיערע ווערען דארום שטארק פערפאָלגט פון דיא פישערם, וועלכע האָבען זיי שוין כמעט אויסגעראָטען און מען געפינט זיי זעהר זעלטען בלויז אין נאָרד פון שטילען אָקעאן. איך האָב דיא דאָזיגע זעלטענע בעשעפענים זעהר בעוואונדערט און איך האָב א היבשע ווייל'ע פון איהר דיא אויגען ניט אראָבגענומען.

דער מאטראָז פון אונזער שיף האָט דיא געשאָסענע חיה גענומען צו זיך אויף'ן פּלייצע און מיר האָבען דאן פאָרטגעזעצט אונזער וועג. א שטונדע צייט האָבען מיר געהאט צו געהן דורך א גלייכען זאמדיגען פּלאץ, וועלכער

מיר זיינען ווייטער געגאנגען בארג אראב. דער באָדען האָט זיך ארונטער־געלאָזט אלץ ניעדעריגער און ניעדעריגער און מיר זיינען געקומען אין א גרויסע טיעפּענים פון אבגרונד. עס איז דאמאָלס געווען אומגעפעהר דריי אוהר נאָכ־מיטאָג, ווען מיר זיינען געקומען אין אן ענגען טהאל, וואָס איז פוןביידע זייטען געווען אָבגעשלאָסען מיט הויכע פעלזען־ווענד. דיא טיעפקייט פון יענעם פּלאַץ איז געווען ביי א 450 פוס. אזוי טיעף אונטער'ן וואסער איז נאָך קיין מענש ניט ארונטערגעשטיגען. מיר וואָלטען עס זיכער אויך ניט געקענט בעווייזען, ווען מיר וואָלטען אזעלכע טויכער־בגדים און אפּאראטען ניט געהאט.

ווען איך זאָג "450 פוס טיעף", קען איך עס נאטירליך גענוי ניט בעשטי־מען. איך האָב דיא טיעפקייט מיט קיין אינסטרומענט געמאָסטען. אָבער אזוי פיעל ווייס איך, אז דיא ליכטיגקייט פון דיא זוננען־שטראהלען קען זאָגאר אין קלאָהרסטען וואסער טיעפער ניט איינדרינגען, און אזוי וויא מיר זיינען דאן געווען אין א פּאָלשטענדיגער דונקעלהייט, אז מען האָט אויף צעהן טריט ווייטער קיין זאך ניט געקענט בעמערקען, בין איך משער אז מיר זיינען דאמאָלס געווען 450 פוס ווייט פון דער אָבערפלעכע פון ים. איך בין ווייטער געגאנגען טאפּענדיג דעם וועג אין דער פינסטער. אָבער פּלוצלונג האָט א בליאסק גע־טהאָן א העלע שיין און עס איז מיר אין דיא אויגען ליכטיג געוואָרען. קאפּי־טאן נעמאָ האָט זיין עלעקטרישע לאנטערנע אָנגעצונדען. זיין קאמעראד האָט אויך דאָס זעלבע געטהאָן און באלד האָב איך מיט מיין דיענער זייער ביישפּיעל נאָכגעפאָלגט. עס איז דערצו נויטיג געווען בלויז א דרעה צו טהאָן א קליינע שרייפּעל און דיא לאנטערנען האָבען זיך אָנגעצונדען. דאָס מעער איז פון אונ־זערע פיער לאָמפּען בעלייכטעט געוואָרען אויף אריבער הונדערט פוס ארום.

קאפּיטאן נעמאָ האָט אונז אלץ געפיהרט דורך א טיעפען, געדיכטען וואלד. א היבשע צייט זיינען מיר געגאנגען צווישען בוימער און פלאנצונגען, אָבער נאכהער זיינען ביסלאכווייז דיא בוימער און וואקסונגען געוואָרען זעלטענער, דערפאר אָבער האָט זיך פערמעהרט דאָס בעוועגליכע טהיערישע לעבען און ארום אונז זיינען ארומגעשוואומען מאסען פון אלערליי מאלוסקען, פיש און פערשיעדענע אנדערע ברואים. איך האָב באלד ערפאהרען, אז דאָס ליכט פון אונזערע אפּאראטען ציהט צו דיעזע בעשעפעניסע צוזאמען צו קלייבען זיך ארום אונז. איך האָב בעמערקט וויא דער קאפּיטאן שטעלט זיך אָפּטמאָל אָב און גרייפט אָן זיין ביקס צו שיסען, אָבער ער טהוט עס ניט, וואהרשיינליך דארום, ווייל עס איז ניט ווערטה אויף אזעלכע געוועהנליכע חיות צייט און קוילען צו פערלירען. ענדליך זיינען מיר געקומען צו דעם ציעל פון אונזער שפּאציער־גאנג. דאָס איז געווען ארום א זייגער פיער נאָכמיטאָג. מיר זיינען געשטאנען נעגען א וואנד פון א פּראכטפאָל שעהנעם פעלז, וועלכער איז געווען אזוי וויא צוזאמענגעשטעלט פון שטיקער גראניט. אין דער הויך האָבען זיך געזעהן עפּ־

א נאטור־געזעץ. מיינע אויגען זיינען טאקי באלד געשלאָסען געוואָרען אונ־טער דיא דיקע גלעזער פון מיין העלמעט און איך בין פערזונקען אין א טיעפען שלאָף. קאפּיטאן נעמאָ און זיין בעגלייטער האָבען וואהרשיינליך אויך דאָס זעלבע געטהאָן.

וויא לאנג איך בין געשלאָפען, קען איך ניט בעשטימען, אָבער ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט איז שוין דיא זונן געווען טיעף געניינט צום אונטער־געהן. קאפּיטאן נעמאָ איז שוין געווען אויפגעשטאנען. איך האָב אָנגעהויבען אויסציהען מיינע גליעדער, אלס פּלוצלינג האָט אן אונערווארטע ערשיינונג מיך געבראכט אויפצושפּרינגען שנעל אויף מיינע פיס.

אייניגע טריט פון מיר איז געשטאנען א ריעזיגע מעער־שפּין, אריבער א יארד דיא הויך, און אויסשטעלענדיג אויף מיר איהרע עקעלהאפטע קרומע אויגען, איז זיא שוין פערטיג געווען מיך צו בעפאלען. אָבוואָהל מיין בעקליידונג איז געווען דיק גענוג און איך האָב געקענט זיכער זיין געגען דעם ביס פון דיעזע גיפטיגע בעשעפענים, דאָך האָב איך ניט ווילענדיג אויפגעשוידערט. קאָנסייל און דער מאטראָז פון דער „נאָטילוס" זיינען שוין אויך געווען וואַ־כעדיג. קאפּיטאן נעמאָ האָט זיין מאטראָז אָנגעצייגט אויף דער אבשייליכער שפּין און דער מאן האָט מיט איין קלאַפּ פון זיין ביקס זיא צושמעטערט. מיך האָט אָנגענומען אן עקעל קוקענדיג וויא דיא פירכטליכע פיס פון דער מיאוס'ער בעשעפענים צאפּלען זיך און קרימען זיך אין טויטליכע קאָנוואולסען.

דיעזער פאל האָט מיר געבראכט אויף'ן געדאנק, אז אין דיא דונקלע אָבגרונדען פון ים קענען זיך געפינען נאָך אזעלכע פירכטליכע טהיערע, געגען וועלכע מיין דיקע הלבשה וועט מיך פּיליכט אויך ניט קענען בעשיצען. איך האָב פריהער וועגען דעם ניט געדענקט, אָבער זעהענדיג דיא שפּין האָב איך זיך דער־מאָהנט, אז עס גיבט אין ים, צום ביישפּיעל, אזא מין פיש, וואָס איז בעקאנט אונטער דעם נאָמען „דער ים־וואָלף". דיעזע בריאה איז ביז זיעבען פוס גרויס און בעזיצט דיא שטארקסטע און שארפסטע צייהנער פון אלע אנדערע בעשע־פעניסע אין ים. דער ים־וואָלף ליגט בעהאלטען אויף'ן גרונד, איבערהויפּט צווי־שען פעלזען און ער לויערט אויף זיינע אָפּפער זיי צו בעפאלען. מיט זיינע צייהן קען ער צוברעכען זאָגאר מושלען וואָס זיינען הארט וויא שטיין. דיעזער מערק־ווירדיגער ים־מזיק קען אויך לעבען א לענגערע צייט אויף דער טרוקענים און ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען איז ער אלץ געפעהרליך. אויסערדעם קען מען אין יענע געגענדען פון ים אָנטרעפען ים־שלאנגען און אנדערע שרעק־ליכע ברואים. איך האָב דארום בעשלאָסען צו זיין זעהר פאָרזיכטיג אין א[...] זער ווייטערען גאנג. איבריגענס האָב איך געדענקט, אז דאָ וועט זיך אונזער שפּאציר ענדיגען, אָבער קאפּיטאן נעמאָ האָט גענומען געהן ווייטער און מיר האָבען איהם געמוזט נאָכפאָלגען.

צום באָדען פון ים, ווייל זיי ערנעהרען זיך ניט פון דיא זאפט פון דער ערד. דיא מעהרסטע טהייל פון זיי לאָזען ארויס בלעטער און בליהונגען פון העכסט זאָנדערבארע געשטאלטען און פראכטפאָלע פארבען פון ראָזא, קארמין, ברוין און אנדערע קאָלירען.

אין דיעזען אונטערוואסערדיגען וואלד זיינען אויך געווען ריכטיגע בוימער מיט צווייגען, אונטער וועלכע עס זיינען געווען גרויסע בושעס פון טהיער־פלאַנצען. אויף דיעזע בוימער זיינען אנשטאָט פויגלאך אומגעפלויגען פראכט־פאָל שעהנע פישעלאך. זיי זיינען געשפרונגען פון איין צווייג אויף'ן אנדערען, פונקט אזוי וויא פויגעלאך אין א לאנד־וואלד.

איך האָב פיעלע פון דיא אלע וואונדערבארע זאכען געזעהן אין נעמאָ'ס מוזעאום, אָבער דאָרט זיינען דיא טהיער־פלאַנצען טויט, און דאָ האָב איך זיי געזעהן אין זייער נאטירליכען צושטאנד און מיר דאכט, אז איך האָב נאָך אין מיין לעבען ניט געהאט אזא איבערראשונג וויא קוקענדיג אויף דיא דאָזיגע וואונ־דער פון דער נאטור.

אומגעפעהר מיט א שטונדע שפּעטער האָט קאפּיטאן נעמאָ געגעבען א צייכען אז מיר זאָלען זיך אָבשטעלען. איך בין דערמיט זעהר צופריעדען גע־ווען, ווייל איך בין שוין גערן געווען צו רוהען א ביסעל נאָך אונזער וואנדע־רען ביי א פיער שטונדען צייט. מיר האָבען זיך אלע אוועקגעלייגט אויף'ן באָ־דען פון ים, אונטער א מאסע בוימער און הויכע צווייגען.

מיר איז דיעזע לאגע זעהר געפעלען געווען. איין זאך האָט נאָך אָבער געפעהלט און מיין פערגעניגען וואָלט געווען פאר פול. זייענדיג אין אזא צו־שטאנד וואָלט זעהר גוט געווען, ווען מיר וואָלטען זיך געקענט אונטערהאלטען, ווען מיר וואָלטען אימשטאנד געווען צו רעדען, צו באלאקען איינע מיט דיא אנדערע, אָבער דאָס איז אונז אונמעגליך געווען. איך האָב דורך דיא גלעזערנע אויגען פון מיין דיקען קופּערנעם קאָפּ א קוק געטהאָן אויף מיין דיענער קאָנ־סייל און איך האָב געזעהן וויא זיין פּנים שטראהלט פון צופריעדענהייט, און אום צו געבען מיר צו מערקען וויא ווייט ער איז צופריעדען, האָט ער אין זיין שייד געמאכט זאָנדערבארע און קאָמישע בעוועגונגען.

קיין הונגער האָב איך ניט געשפּירט און מיך האָט עס זעהר געוואונ־דערט. נאָך א שפּאציר פון פיער שטונדען צייט וואָלט איך זיך, דאכט מיר, שטענדיג גוט אויסגעהונגערט און יעצט דענקט ניט מיין מאָגען וועגען עסען! פון וואנען דאָס קומט, איז מיר געווען אונבעגרייפליך. אָבער דערפאר האָט מיך זעהר געצויגען צו שלאָפען. מיינע אויגען האָבען זיך מיר איינפאך געקלעפּט און איך האָב דעם שלאָף ניט געקענט בעהערשען. דאָס איז א געוועהנ־ליכע זאך, אז פערבלייבענדיג לאנג אונטער'ן וואסער בעפאלט שטענדיג א שלאָף. וואכער־טויכער ווייסען עס פון זייער פּראקטיק. וואהרשיינליך איז עס

זיך בעטראכט אלס דער הערשער איבער אלע געגענדען אין ים און אלס איינענ־טיהמער פון אלעס וואס דארט געפינט זיך. און אין דיא ווירקליכקייט, ווער האט דען דיעזע רעכט פון איהם געקענט אוועקנעהמען? ווער האט דען גע־קענט קומען מיט א טענה, אז ער איז דארט בעל הבית?

דער וואלד איז בעשטאנען פון גרויסע פלאנצונגען, וועלכע האבען אויס־געזעהן אזוי וויא בוימער. איך האב אויף דיא צווייגען פוז דיא דאזיגע בוימער בעמערקט א זאנדערבארע מערקווירדיגקייט. איך האב איינגעזעהן, אז קיין איינציגער צווייג וואקסט ניט אין א גלייכע אדער אראבהענגענדע ריכטונג, זאנדערן זיי ציהען זיך אלע ארויף־צו, צו דער אבערפלעכע פון ים. זאגאר דיא גאנץ דינע פלאנצונגען בויגען זיך אויך ניט ארונטער, נור זיי שטעהען גלייך, אזוי וויא זיי וואלטען געווען געגאסען פון הארטען שטאהל. קיינע פון דיא פלאנצונגען האבען זיך ניט בעוועגט, ניט געריהרט זיך אויף א האאר. מיר זיינען איינפאך געווען אין א וועלט פון אונבעוועגליכקייט.

איך האב זיך שנעל צוגעוואהנט צו דיעזע מערקווירדיגקייטען און צו דיא האלב דונקעלהייט וואס האט געהערשט ארום אונז. נאך מיין רעכענונג איז אויסגעקומען, אז דיא פערשיעדענע פלאנצונגען וואס וואקסען אונטער'ן ים זיינען פיעל צאהלרייכער פון דיא וואס וואקסען אויף דער יבשה, זאגאר אין דיא ווארימע געגענדען. ווען אבער איך האב זיך איינינע מינוטען ארומגעקוקט, האב איך דערזעהן, אז ניט אלעס וואס עס געפינט זיך פאר מיינע אויגען זיינען טויטע וואקסונגען, זאנדערן צווישען זיי זיינען אויך פאראן פיעלע פון יענע מערקווירדיגע ברואים וואס זעהען אויס אזוי וויא פלאנצען. אין דער אונ־טערוואסערדיגער וועלט זיינען דיאביידע נאטור־רייכען אזוי צוזאמענגעמישט, אז מען דארף זיין אן ערפאהרענער נאטור־פארשער, אום דיא אמת'ע פלאנ־צונגען פון דיא טהיערע צו אונטערשיידען.

דיא טהיער־פלאנצען זיינען פאראן פערשיעדענע זארטען. איינינע זיי־נען בלויז אזוי גרויס וויא א קארן קערענדעל און אנדערע, וואס זייער קער־פער איז א פוס דיק. זייער געשטאלט וואס איז עהנליך צו קלענערע אדער גרע־סערע פלאנצונגען איז אבער מערקווירדיג פערשיעדען. פיעלע זעהען אויס וויא בוימער, אנדערע וויא דיקע בלעטער און אנדערע וויא גראזען. דיא הויפט נאה־רונג פון דיא טהיערען־פלאנצונגען איז וואסער. אבער עס זיינען פאראן אזעלכע וואס ערנעהרען זיך מיט קליינע בעשעפעניסען וואס טרייבען זיך ארום זיי. איינינע לאזען פון זיך ארויס לאנגע פערגיפטעטע פעדים, מיט וועלכע זיי בע־טויבען דיא קליינע חיה'לאך וואס פערפלאנטערען זיך אין זייער נעץ. מאנכע פון דיא דאזיגע מערקווירדיגע בעשעפעניסען לעגען אייער, אבער דאס רוב לאזען זיי פון זיך ארויס בליהונגען אזוי וויא דיא ריכטיגע פלאנצונגען און דערפון פערמעהרען זיי זיך. דיא לעבעדיגע פלאנצונגען זיינען זעהר לויז צוגעוואקסען

וואונדער־שעהנעם דאך איבער אונזערע קעפּ און דעם ווייכען נאטור־דיוואן אונטער אונזערע פיס. איך בין דערפון אזוי ענטציקט געווען, אז איך האָב זיך אין יענע מאָמענטען פערגעסען אן דער גאנצער וועלט.

עס איז שוין געווען אומגעפעהר א שטונדע און א האלב זייט מיר האָבען פערלאָזען אונזער שיף. פון דיא זוננען שטראהלען, וועלכע האָבען זיך געצווינגען ארונטער אין א גלייכע ליניע האָב איך פערשטאנען אז עס איז מיטאג צייט. דיעזע זוננען שטראהלען האָבען שוין ניט אזוי פיעל געווירקט, און דיא צויבער־האפטע פארבען פון פריהער זיינען ביסלעכווייז פערשוואונדען. אונטער דיא איינפאכע העלע ליכט זיינען מיר ווייטער געגאנגען און דורך דיא שטילקייט וואָס האָט געהערשט אונטער'ן וואסער האָבען זיך אונזערע טריט גוט געהערט אויף א ווייטע שטרעקע. עס איז א בעוואוסטע זאך, אז יעדער טאָן, יעדער אָבקלאנג דרינגט דורך אין וואסער פיעל שטארקער וויא אין דער לופט, און דער קלענסטער גערויש אין וואסער קען זיך הערען גאנץ ווייט. דער באָדען פון ים האָט דאן אָנגעהויבען געהן בארג אראָב און עס האָט ניט לאנג געדויערט ביז מיר זיינען ארונטער אזוי טיעף, אז דאָס וואסער איבער אונז איז געווען אריבער דריי הונדערט פוס און מיר האָבען זיך געפונען אונטער דעם דרוק פון עטליכע אט־מאָספערעס. דאָך האָב איך דעם שווערען דרוק גאָר ניט געשפירט און מיר איז געווען גאנץ לייכט צו געהן און צו בעוועגען זיך אזוי וויא פריהער, ווייל מיינע קליידער און דער פאנציר האָבען מיך בעשיצט.

דאָרט, אין יענע טיעפענים איז דיא ליכטיגקייט פון דיא זוננען שטראהלען פערשוואונדען געוואָרען און אלעס איז געווען איינגעוויקעלט אין א דונקעלהייט, אזוי וויא פאר נאכט, אין דער צייט צווישען זונן־אונטערגאנג און דיא שטערען אויפשיינונג. דאָך האָבען מיר נאָך געקענט גענוג זעהן און מיר האָבען ניט געדארפט געברויכען אונזערע רוהמקאָרף'ס לאנטערנען.

קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט געווארט ביז איך און מיין דיענער זיינען צו איהם צוגעקומען. דאן האָט ער מיר געצייגט מיט'ן פינ־גער אויף אייניגע דונקעלע מאסען, וועלכע האָבען זיך בעוויזען פון ווייטען.

— דאָס זיינען דיא אונטערוואסערדיגע וועלדער, וועלכע דער קאפּיטאן רופט מיט דעם נאָמען "קרעספּאָ" — האָב איך ביי זיך געטראכט — און איך האָב ווירקליך קיין טעות ניט געהאט.

17טעס קאפּיטעל

## דער וואַלד אויפ'ן גרונד פון ים

מיר זיינען ענדליך געקומען אין יענעם וואלד, וואָס קאפּיטאן נעמאָ האָט וואהרשיינליך פערערכענט אלס איינע פון זיינע שעהנסטע גיטער. נעמאָ האָט

וועלכע זיינען געפאלען אין א קרומע ריכטונג אויף דער אָבערפלעכע פון ים, האָבען דורכגעדרונגען דיא וואסערען און האָבען אלעס בעלויכטען מיט דיא זיעבען פארבען פון א רעגענבויגען. עס איז ווירקליך געווען ענטציקט צו ווערען קוקענדיג אויף דיא פעלזען, בלומען, פלאנצען, מושעלען און אנדערע זאכען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען. אלעס האָט געגלאנצט און געפינקעלט פון א צוזאמענמישונג פון פערשיעדענע קאָלירען: גרין־געלב, ארענדזש, וויאָלעט, דונקעל און העל־בלאָה. זאָגאר דער פערשלאָפענער, קאלט־בלוטיגער קאָנסייל איז אויך שטארק איבערראשט געוואָרען פון דיא אלע שעהנהייטען און ער האָט דיא אויגען ניט געקענט אראָבנעהמען פון דיא פראכטפאָלע נאטור־שאפונגען, וועלכע האָבען זיך געזעהן פון ווייטענס און זאָגאר אונטער אונזערע פיס. מיר האָבען געטרעטען אויף וואונדער־שעהנע מושעלען, קאָראלען און טהיער־פלאנצען פון פערשיעדענע געשטאלטען און פארבען. עס האָט איינפאך דיא אויגען געבלענדט קוקענדיג אויף שעהנהייטען, וועלכע קיין מאהלער, קיין קינסט־לער וואָלט אימשטאנד געווען צו מאָהלען און מיר האָט זעהר שטארק באנג געטהאָן וואָס מיר צוטרעטען אזעלכע וואונדערבארע זאכען. יעדע זאך וואָס איך זעה דאָ — האָב איך ביי זיך געטראכט — וואָלט מען דאָך אין דיא גרעסטע מוזעאומס דעם אויבען אָן אוועקגעשענקט. מענשען וואָלטען דאָך שווערעס געלד געצאָהלט פאר אָנקוקען עס, און דאָ טרעט איך עס מיט דיא פיס! אָבער וואָס האָבען מיר געקענט בעסער מאכען? מיר האָבען זיך געוואָלט אָבשטעלען, אום גענויער צו בעטראכטען דעם גלענצענדען באָדען, אויף וועלכען מיר זיינען געגאנגען, אָבער קאַפּיטאן נעמאָ האָט א וואונק געטהאָן, אז מיר זאָלען שנעלער נאָך איהם נאָכקומען.

אומגעפעהר א פיערטעל מייל זיינען מיר געגאנגען אויף דעם וואונדער־שעהנעם ים־באָדען, אָבער נאכהער איז יענער שעהנער גרונד פון ים פערבליבען הינטער אונז און מיר זיינען געקומען אויף א באָדען וואָס איז געווען בעדעקט מיט א בלאָטע, בעשטעהענד פון קליינע, ווייכע און קלעפּיגע שטיינדלאך. דיא אמעריקאנער רופען עס "ooze". נאכהער זיינען מיר געגאנגען דורך אן אונ־טערוואסערדיגע לאָנקע, בעדעקט מיט פערשיעדענע גראָזען און וואקסונגען. דער גראָז איז געווען ווייך און מיר האָבען שפּאצירט אזוי וויא אויף א דיקען דיוואן. צו דער זעלבער צייט האָבען מיר געזעהן, אז איבער אונזערע קעפּ איז פערשפּרייט א גרינע דעקע פון ים פלאנצונגען, פון וועלכע עס זיינען בעוואוסט מעהר וויא צוויי טויזענד מינים, וואָס וואקסען אויבען אויף'ן וואסער. דיעזע פלאנצונגען זיינען דיא מערקווירדיגסטע וואונדער אין דעם פלאנצען־רייך פון דער נאטור. מען געפינט צווישען זיי אזעלכע גרעזעלאך וואָס מען קען קוים דערזעהן מיט א שטארקען מיקראָסקאָפּ, וועהרענד אנדערע גראָזען זיינען הונ־דערטע פוס לאנג. עס איז העכסט אינטערעסאנט געווען צו בעאָבאכטען דעם

וואסער, וואָס זיא פערדרענגט. איך האָב זיך דאן פון פּראקטיק איבערצייגט, אז עס איז ווירקליך אזוי.

העכסט וואונדערבאר איז מיר געווען צו בעטראכטען וויא שטארק דאָס ליכט פון דיא זוננען שטראהלען דרינגען אריין אין ים. מיר זיינען דאָך געווען דרייסיג פוס ווייט פון דיא אָבערפלעכע פון ים, דאָך איז איבעראל געווען גאנץ ליכטיג און העל. איך האָב דעם קלענסטען געגענשטאנד געקענט בעמערקען אויף א שטרעקע פון 450 פוס. דאָס וואסער האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין פערשיעדענע העלע קאָלירען און איז דורכאויס געווען דורכזיכטיג אזוי וויא א ריינע, זויבערע גלאָז.

מיר זיינען געגאנגען ווייטער איבער א דינעם גלאַטען זאמד, אזעלכער וואָס מען טרעפט אימער ביי'ם ברעג פון ים, נאָכדעם וויא דאָס וואסער פאלט אָב. דער ריינער זאמד פון גרונד האָט זעהר פיעל אָבגעשלאָגען אין דער הויך מיט א זעלטענעם גלאנץ און עס איז אין דיא טיעפענים פאָלשטענדיג מעגליך געווען אלעס צו זעהן, פיללייכט נאָך בעסער וויא אויף דער יבשה אין א שעהנעם העלען טאָג.

אומגעפעהר א פיערטעל שטונדע צייט בין איך געגאנגען אויף דיעזען זאמד, וועלכער איז איבעראל געווען אזוי וויא פערזעעט מיט בלישצענדע מושעלען. דיא "נאָטילוס", וואָס האָט פון ווייטען אויסגעזעהן אזוי וויא א לאנגער, שווארצער פעלז, איז באלד פערשוואונדען געוואָרען פון אונזערע אויגען, אָבער זיין עלעקטרישע ליכט האָט געשטראהלט זעהר ווייט. דיא בעלייכטונג פון שיף איז אבזיכטליך פערשטארקט געוואָרען, אום צו צייגען אונז דעם וועג צוריק אהיים, אין פאל אויב מיר וועלען זיך פערזאמען ביז אבענד צייט, אָדער ווען דער הימעל וועט זיך גראדע פערציהען מיט וואָלקענס און אין וואסער וועט פינסטער ווערען. דיא עלעקטרישע ליכט פון דער שיף איז אין וואסער געווען פיעל העלער וויא זיא וואָלט געווען אויף'ן לאנד, ווייל אויף דער יבשה איז דיא לופט דורכגעדרונגען מיט שטויב און אירגענד וועלכע בעלייכטונג זעהט פון ווייטענס אויס פערדונקעלט, וועהרענד אין דעם ריינעם וואסער איז דיעזע שטערונג ניטאָ און דער שיין שפּיגעלט זיך אָב אויף א לאנגע שטרעקע זעהר קלאָהר און גלענצענד.

מיר האָבען אונזער וועג פאָרטגעזעצט ווייטער און ווייטער. מיר האָבען געזעהן, אז דיעזער זאמדיגער באָדען האָט ניט קיין גרענעץ. א ביסעל שפּעטער אָבער האָב איך פון ווייטענס דערזעהן גרויסע געגענשטענדע, וועלכע איך האָב דערקענט אלס שטיקער פעלזען בעדעקט מיט דיא הערליכסטע זאָרטען זופּהייטען (טהיער-פּלאנצען). איך בין פון דיעזע ערשיינונגען העכסט איבערראשט געוואָרען.

**עס איז דאַמאָלס געווען צעהן אוהר פאַרמיטאָג. דיא זוננען-שטראַהלען**

שיצער זיינען געווען דריי לעבער, פערשטעלט מיט דיקע, ליכטיגע גלעזער, דורך וועלכע מען האָט גאַנץ גוט געקענט זעהן אין אלע זייטען. באלד וויא מיר האָבען דיא לעצטע בעקליידונג אָנגעצויגען, האָט שוין דער רוקוועיראַל־אַפּאַראַט אָנגעפאנגען צו ארבייטען. דיא פרישע לופט פון ראנעץ איז מעסיג אריינגעדרונגען און איך האָב געשפירט, אז עס איז גאנץ לייכט און בעקוועם צו אטהעמען.

מיט דיא רוהמקאָרף לאַנטערנעס צוגעבונדען צו מיין גארטעל און מיט דיא געוועהר אין האנד בין איך שוין פערטיג געווען ארויסצוגעהן. אָבער אין דיעזע שווערע בעקליידונג מיט דיא בלייענע זאָהלען האָב איך זיך זאָגאר פון אָרט ניט געקענט ריהרען.

אָבער דיעזע שווערינקייט איז באלד פאָריבער. מען האָט מיך און מיינע בעגלייטער אריינגעשטופּט אין אן אנדער קליינעם צימער. דיא טהיר פון קליי־דער־קאמער איז הינטער אונז פעסט פערשלאָסען געוואָרען און מיר זיינען גע־בליבען שטעהן אין א טיעפע פינסטערניס.

אין אייניגע מינוטען ארום האָט זיך געהערט א גערויש און איך האָב דער־פיהלט, אז א קעלט געהט מיר דורך אלע גליעדער, אָנפאנגענדיג פון דיא פיס ביז ארויף צום קאָפּ. איך האָב פערשטאַנען, אז דער קאמער, אין וועלכען מיר האָבען זיך געפונען, איז אָנגעפילט געוואָרען מיט וואסער און מיר זיינען שוין אין דיעזען עלעמענט איבער'ן קאָפּ. באלד נאָכדעם האָט זיך געעפענט א צווייטע טהיר ביי'ם זייט פון שיף און דאן איז דיא דונקעלהייט עטוואָס ליכטיגער געוואָ־רען. אין א ווייל ארום זיינען מיר שוין געשטאַנען מיט אונזערע פיס אויף'ן גרונד פון ים.

עס איז מיר אונמעגליך צו שילדערען דעם איינדרוק וואָס דיעזער שפּאַציר־גאנג האָט אויף מיר געמאכט. קיין פעדער און קיינע ווערטער זיינען אימשטאנד צו דערצעהלען און איבערגעבען וויא איך האָב געפיהלט זעהענדיג דיא גרויסע וואונדער און מערקווירדיגע ערשיינונגען אונטער'ן וואסער. קאפּיטאן נעמאָ איז געגאנגען פאָראויס, זיין קאַמעראד איז איהם נאָכגעגאנגען א פּאָר טריט ווייט פון הינטען און איך און קאָנסייל זיינען פערבליבען צוזאמען און מיר זיינען געגאנגען זייט ביי זייט. מיר זיינען געגאנגען שטילשווייגענד, ווייל דורך דיא דיקע קופערנע שיידען אויף אונזערע קעפּ איז אונז אונמעגליך געווען איינער צום אנדערען א וואָרט צו רעדען. דיא שווערקייט פון מיינע קליידער האָב איך מעהר ניט געשפירט. דער שווערער העלמעט (קאָפּ־פּאנציר), דיא בלייענע זאָהלען און דיא אפּאראטען וואָס איך האָב ארום זיך געטראָגען האָבען ניט געשטערט מיין גאנג און איך האָב זיך אין זיי געפיהלט אזוי וויא אין געוועהנ־ליכע קליידער. נאָך מיט איבער טויזענד יאָהר צוריק האָט א גרויסער מאטהעמאטיקער ערקלערט, אז עס איז א נאטור־געזעץ, דאָס א שווערע מאסע פערלירט אין וואסער פון איהר געוויכט אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס וועגט דאָס

זאָל עס ניט שפּירען. דער קאָסטיום איז בעשטאַנען פון הויזען, וועלכע האָבען זיך אונטען געענדיגט מיט א פּאָר שיך מיט שווערע בלייענע זאָהלען (פּאָדעש־ וועס) און א וועסט, וועלכע איז אויף'ן ברוסט געווען בעדעקט מיט קופּערנע בלעטלאַך, אזוי וויא א פּאַנציר, אום דאָס וואסער זאָל ניט דריקען דיא לונגען און מען זאָל פריי קענען דעם אטהעם אָבציהען. דיא ארבעל האָבען זיך געענ־ דיגט מיט גאַנץ בעקוועמע האַנדשוה, אין וועלכע מען האָט דיא פינגער גאַנץ לייכט געקענט בעוועגען. דיעזע וואסער־קליידער זיינען געווען פיעל בעסער און בעקוועמער אלס דיא וועלכע מען פלעגט געברויכען אין 18טען יאָהר־הונדערט.

דער קאפּיטאַן און איינער פון זיינע לייטע, א געזונדער און ריעזיגער מאַן, אויך איך און מיין דיענער קאָנסייל זיינען שנעל פערטיג געוואָרען מיט דיא אָנקליידונג. יעצט איז אונז נור פערבליבען אָנצוטהאָן דיא מעטאַלענע שיידען אויף אונזערע קעפּ. אָבער איך האָב געבעטען ביי'ם קאפּיטאַן דיא ערלויבנים פריהער צו בעטראַכטען און אונטערזוכען דיא געוועהר וואָס מיר האָבען גע־ דאַרפט מיטנעהמען.

איינער פון דיא מאַנשאַפט פון שיף האָט מיר דערלאַנגט אַן איינפאַכע ביקס, וועלכע איז געווען ציעמליך דיק. דער אונטערשטער טהייל פון ביקס איז געווען געמאַכט פון שטאָהל. דיא ביקס האָט געהאַט א בעזונדער בעהאַלטער, אין וועלכען מען האָט אריינגעלאָזט געפּרעסטע לופט. אין דעם דיקען טהייל אונטער'ן שלאָס איז געווען איינגעפּאַסט א קעסטעלע, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען ביי א צוואַנציג עלעקטרישע קוילען און דורך דעם דרוק פון א שפּרינג־פעדער (פּרוזשינע) האָט דיא ביקס געשאָסען. וויא נור איין קויל איז אָבגעשאָסען געוואָרען איז שוין א צווייטע פערטיג געווען אָבצושיסען.

— קאפּיטאַן נעמאָ! — האָב איך געזאָגט — דאָס געוועהר איז אויסגע־ צייכענט און מען קען דערמיט לייכט אָנגעהן. איך בין שוין ווירקליך אונגע־ דולדיג. איך וואָלט וועלען וואָס שנעלער דיעזע מערקווירדיגע וואפע בענוצען. אָבער וויא אזוי קומען מיר ארויס אויף'ן גרונד פון ים?

— הערר פּראָפעסאָר — האָט נעמאָ געענטפערט — דיא "נאָטילוס" שטעקט ערשט דרייסיג פוס טיעף אויף דעם באָדען פון מעער, און מיר קענען באלד אָנפאַנגען ארויסגעהן אין וועג.

— אָבער וויא אזוי וועלען מיר ארויסקומען פון שיף?

— דאָס וועט איהר באלד זעהן!

דער קאפּיטאַן האָט אָנגעטהאָן אויף'ן קאָפּ דעם קיילעכדיגען מעטאַלענעם שייד. איך און קאָנסייל האָבען אויך דאָס זעלבע געטהאָן, וועהרענד נעד לענד האָט אונז מיט שפּאָט געוואונשען " גליקליכע יאגד". דיא וועסט האָט זיך אויבען געענדיגט מיט א קופּערנעם האַלז־באַנד, צו וועלכען דער מעטאַלענער קאָפּ־שייד איז פעסט צוגעשרויפט געוואָרען. אין דיעזען מעטאַלענעם קאָפּ־בע־

אַנטהאַן דיא זאָנדערבארע יאגד קליידער און ארויסגעהן אין אונטערוואסערדינגען וואלד.

16טעס קאפיטעל

# אַ שפּאַציער אויפ'ן גרונד פון ים

דאָס צימער אין וועלכען מיר האָבען זיך געפונען איז געווען דער ארסענאל און גארדעראָב צימער פון דער "נאָטילוס". א דוצענד טויכער־אפאראטען זיינען דאָרט געהאנגען ארום דיא ווענד. אויך פיעלע אנדערע קליידער אין יאגד־געווער, וועלכע מיר האָבען געדארפט געברויכען, זיינען דאָרט געווען.

נעד לענד האָט א קוק געטהאָן אויף דיא אפאראטען און אויף דיא משונה'דיגע בגדים און ער האָט געצייגט צייכענס פון אונצופריעדענהייט אַנצוטהאָן זיי.

— ווייסט איהר, ווערטהער הערר לענד — האָב איך צו איהם געזאָגט — אז דיא וועלדער פון קרעספּאָ געפינען זיך גאָר אונטער'ן וואסער, אויף'ן גרונד פון ים?

— פון מיינעטוועגען — האָט לענד געענטפערט מיט פערדרוס — מעגען זיי זיין אפילו אויף'ן הימעל! און איהר, הערר פּראָפעסאָר, וועט אויף זיך ארויפשלעפען אזעלכע העסליכע קליידער?

— נאטירליך! דאָס איז דאָך נויטיג צו אונזער שפּאציר־גאנג. אין מיין יעצטיגען אנצוג קען איך דאָך אין וואסער ניט געהן.

— טהוט וויא אייך געפעלט, מיין הערר! — האָט לענד געענטפערט — מיך אָבער שרייבט אויס פון צעטעל, ווייל איך וועל מיט'ן גוטען ווילען זיך ניט מאכען פאר אזא מיאוס'ע פערשטעלענים, און צווינגען דערצו קען מיך אויך קיינער ניט.

דער קענעדע'ר איז, וויא עס שיינט, שטארק ברוגז געוואָרען וואָס זיין האָפענונג אויף א פרישען בראטען פון א לאנד־טהיער איז צושטערט געוואָרען.

— מיט געוואלד וועט מען אייך ניט שלעפען, הערר לענד — האָט זיך קאפיטאן נעמאָ אָבגערופען — אז איהר ווילט ניט מיטגעהן מיט אונז, קענט איהר דאָ פערבלייבען.

— און איך וועל דעם הערר ניט פערלאָזען! — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען — וואוהין דער הערר געהט געה איך מיט.

קאפיטאן נעמאָ האָט א רוף געטהאָן. צוויי לייטע פון דיא שיף מאנשאפט זיינען באלד געקומען און האָבען אונז געהאָלפען אָנציהען דיא שווערע קליידער, וועלכע זיינען געווען געמאכט פון אינדיא־ראָבער (אינדיאנישע גומי), וואָס לאָזען ניט דורך קיין וואסער. דערצו זיינען דיזע קליידער אזוי געמאכט געווען, אז זיי האָבען געקענט אויסהאלטען דעם גאנצען וואסער־דרוק און דער קערפּער

איטאַליענער לאַנדי. ווייסט איהר, הערר אראָנקאַס, פון דיעזע קאַנאָנען? דיעזע קאַנאָנען זיינען אַזוי געמאַכט, אַז מען קען מיט זיי שיסען אונטער'ן וואַסער. אָבער איך געברויך ניט יענע מעטהאָדע. צו מיינע ביקסען דאַרף מען קיין פולווער. זיי שיסען דורך געפּרעסטע לופט, וועלכע איך קען צו יעדע צייט גענוג בעקומען אויף מיין "נאַטילוס".

— אָבער דיעזע לופט מוז דאָך שנעל פערברויכט ווערען און וואָס טהוט איהר ווייטער?

— דערויף האָב איך דאָך א ראַנעץ מיט לופט אויף מיין רוקען. איך דאַרף נור א דרעה געבען א שרייפּעל און מיין ביקס איז ווידער אָנגעלאָדען. איבּריגענס, הערר אראָנאַקס, ווערט איהר ביי דעם יעצטיגען שפּאַציר גאַנג אויף'ן גרונד פון ים אַלעס זעהן מיט אייערע אויגען און איהר ווערט זיך איבערצייגען, אַז אָהן לופט, ליכט און קוילען פון אייער יבשה קען מען זיך אויך גאַנץ גוט בעגעהן.

— אָבער אַזוי פיעל איז דאָך זיכער, אַז אונטען, אין דער ים־פליסיגקייט, וועלכע איז הונדערט מאָל געדיכטער און שטייפער פון דער אטמאָספערע, קען א קויל ווייט ניט לויפען און ניט פיעל שאַדען.

— מיין הערר, איהר האָט א טעות. דאָס בעשעפענים וואָס ווערט געטראָפען פון א קויל פון מיין געוועהר, פאַלט אויגענבליקליך טויט.

— וויא אַזוי איז עס מעגליך?

— ווייל איך שיס ניט מיט געוועהנליכע קוילען זאָנדערן מיט גלעזערנע קאַפּסלען, אָדער פוסטע קייקעלאַך, וועלכע דער עסטרייכישער כעמיקער לעניעבראָק האָט ערפונדען. דיעזע קאַפּסלען זיינען געפּאַסט אין שטאָהל און אינוויינינג זיצט א קליינע בלייענע קויל, וועלכע איז שווער געלאָדען מיט עלעקטריציטעט. ביי דעם קלענסטען שטויס פון דיא צוזאַמענגעדריקטע לופט שיסען זיי אויס מיט אַזאַ האַסט, אַז דאָס גרעסטע טהיער מוז פאַלען טויט אויף'ן אָרט. אַזעלכע קאַפּסלען, דאַרפט איהר וויסען, וואָלט מיר אַליין שווער געווען צו פאַבריצירען, אָבער איך האָב זיי צוגעגרייט פערטיג זעהר פיעל און פאָרלויפיג האַלט נאָך ניט ביי קיין מאַנגעל אויף זיי.

— אַלזאָ — האָב איך זיך אָבגערופען — אציינד זיינען מיר שוין אַלע קשיות פערענטפערט און איך האָב שוין ניט מעהר וואָס צו פרעגען. קאַפּיטאַן, וואוהין איהר געהט, געה איך מיט.

קאַפּיטאַן נעמאָ האָט מיך אוועקגעפיהרט צום הינטערשטען טהייל פון שיף, און געהענדיג פערביי דיא קאַיוטע פון מיינע קאַמעראַדען, האָב איך זיי גערופען און זיי זיינען אויך מיטגעגאַנגען. מיר זיינען דאַן אַריינגעקומען אין א קליינעם צימער, נאָהענט פון דיא מאַשינערי אָבטהיילונג. דאָרט האָבען מיר געדאַרפט

— איהר האָט רעכט, הערר פּראָפעסאָר. אָבער איך האָב אייך שוין איינ־מאָל ערקלערט, אז דיא פּומפּען וואָס איך האָב אויף מיין שיף קענען צוזאמען פּרעסען לופט ביז דיא לעצטע מעגליכקייט, און אויף דיעזען אופן נעהם איך מיט אין ראנגעץ אזוי פיעל לופט, וואָס זאָל מיר גענוג זיין אויף צעהן — צוועלף שטונדען.

— נון, האָב איך ניט מעהר וואָס אָנצואווענדען אין דיעזער הינזיכט. אָבער איך וועל אייך פרעגען, הערר קאפּיטאן, וויא אזוי קענט איהר אייער וועג בע־לייכטען אזוי טיעף אויף'ן גרונד פון מעער? — האָב איך נייגעריג געפרעגט.

— מיט א רוהמקאָרף אפּאראט! — האָט נעמאָ געענטפערט — איין רוהמ־קאָרף אפּאראט טראָגט מען צוגעבונדען אויף'ן רוקען און נאָך איינעם ביי'ם ברוסט. דיעזער אפּאראט איז ערפונדען געוואָרען מיט דעם צוועק, אז א לאנ־טערנע זאָל קענען ברענען אין וואסער דורך געוועהנליכע עלעקטריציטעט. דיא קארבאָניק גאז, וואָס גיט ארויס פייער געפינט זיך אין א געוויסע גלאָז. ווען דער אפּאראט פאנגט אָן צו ארבייטען, גיט דאָס גלאָז ארויס פון זיך א גאנץ ווייסע, העלע ליכט. איך בענוץ דערצו מיין אייגענע עלעקטריציטעט, וועלכע איז פיעל שטארקער און העלער.

— קאפּיטאן נעמאָ — האָב איך געזאָגט — אויף אלע מיינע פראגען האָט איהר מיר בעגניגענדע אנטוואָרטען געגעבען אזוי, אז איך צווייפעל שוין ערשט ניט אין קיין זאך. אָבער וואָס אָנבעטרעפט דיא ביקסען, קען איך ניט בעגרייפען. וואָס פאר א ביקסען קענען עס זיין מיט וועלכע מען זאָל קענען שיסען אין וואַ־סער?

— הערר פּראָפעסאָר — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט מיט א שמייכעל — ווען מיר קענען אומגעהען אויף'ן גרונד פון ים און דאָרט האָבען לופט און לייכ־טונג, וואָרום זאָלען מיר ניט קענען בעזיצען אזעלכע ביקסען וואָס קענען שיסען אין וואסער? דיא ביקסען אונזערע זיינען ניט קיין פייער־געוועהר און זיי וויר־קען אין וואסער אזוי גוט וויא אויף דער יבשה.

— אויב אזוי, זיינען עס וואהרשיינליך ווינד־ביקסען, אָדער לופט ביקסען.

— גאנץ ריכטיג! וואָס דען האָט איהר געוואָלט, איך זאָל אויף מיין שיף נאָך האָבען א פּולווער פאבריק? און וואו וועל איך נעהמען סאלפּעטער, שוועַ־בעל און קאָהלען, וואָס מען דארף צו דיעזע פאבריקאציאָן?

— אויסערדעם — האָב איך זיך אָבגערופען — מוז מען דאָך האָבען אַן אונגעהייער מעכטיגען קראַפטמיטעל צו שיסען אונטער'ן וואסער, וועלכער איז אכט הונדערט פופציג מאָל שטייפער וויא לופט.

— דאָס וואָלט שוין ניט אויסגעמאכט! — האָט נעמאָ געענטפערט — עס גיבט אזעלכע קאנאָנען וואָס זיינען ערפונדען געוואָרען פון פולטאָן און אויסגע־בעסערט פון דיא ענגלענדער קאָלס און בורלי, פון דעם פראנצויז טורסי און פון

— איך ווייס — האָב איך געזאָגט — דיא וואסער־טויכער אפּאראטען זיינען מיר גוט בעקאנט.

— גאנץ ריכטיג. אָבער אונטער אזעלכע אומשטענדען איז דער מענש ניט פריי. ער מוז זיין צוגעבונדען צו דער פּומפּע, וועלכע ליפערט איהם לופט דורך דעם גומענעם רעהר. דאָס הייסט איינפאך, אז דער וואסער־טויכער איז צוגע־שמידט צו דער שיף, אָדער צום ברעג וואסער, וואו דיא פּומפּען געפינען זיך. אויב מיר זאָלען אויך אזעלכע מיטלען דארפען אָנווענדען, וואָלט אונז ניט מעג־ליך געווען ווייט פון אונזער שיף אוועקצוגעהן.

— אָבער איך זעה ניט איין קיין אנדער מיטעל — האָב איך זיך אָבגערופען.

— עס איז גראדע פאראן אן אנדער מיטעל, און א זיכערער און גוטער מי־טעל! — האָט נעמאָ געענטפערט — ווייסט איהר ניט, אז צוויי פון אייערע לאנדסלייט רוקוועיראָל און דענערוז, האָבען ערפונדען א בעסערען מיטעל פאר וואסער־טויכער? דורך דעם רוקוועיראָל און דענערוז אפּאראט קען זיך דער ארבייטער אונטער'ן וואסער פריי בעוועגען און אומשפּאצירען אויף'ן גרונד וואו ער וויל. איך האָב דיעזען אפּאראט נאָך אויסגעבעסערט נאָך מיינע אייגענע מע־טהאָדען און מיר קענען אויף'ן גרונד פון וואסער טהאָן אלעס אזוי פריי און אונריזיקאליש אזוי וויא אויף א פרייען פעלד. דער נייער אפּאראט בעשטעהט נעמליך פון א דיקע בלעכענע קעסטעל, אין וועלכע עס איז צוזאמענגעפּרעסט א מאסע לופט, אונטער דעם דרוק פון פופציג אטמאָספערעס. דאָס קעסטעל זעהט אויס אזוי וויא א געוועהנליכער ראנעץ, וועלכען דער טויכער טראָגט בע־פעסטיגט מיט רימענס ביי זיך אויף'ן רוקען. אין אויבערשטען טהייל פון ראנעץ איז געמאכט געוואָרען אזא מין קאפּסעל, דורך וועלכע דיא צוזאמענגעדריקטע לופט געהט ארויס אין דער שייד איבער'ן קאָפּ. אָבער דיא לופט פליסט לאנגזאם, ביסלעכוועיז, אזוי פיעל וויפיעל מען דארף געברויכען. ביי דעם געוועהנליכען רוקוועיראָל אפּאראט, וויא מען געברויכט איהם יעצט, ציהען זיך צוויי גומענע רעהרלאך צום נאָז און צום מויל. איינער פון דיעזע רעהרלאך עפענט זיך אין דעם מאָמענט ווען דער מענש דארף ארייננציהען דעם אטהעם מיט פרישע לופט און דער צווייטער — דאן ווען ער אטהעמט אויס פערדאָרבענע לופט. דיא פער־דאָרבענע לופט אָדער גאזען לויפען ארויס דורך דער צווייטער רעהרעל. איך האָב דיעזען אפּאראט אויסגעבעסערט דערמיט, וואָס איך האָב דיא שייד איבער'ן קאָפּ געמאכט פון שטארקען קופּער, ווייל אין אזא טיעפענים פון ים וויא מיר לאָזען זיך ארונטער, איז דער דרוק פון וואסער שווער און א לייכטער מאטעריאל קען צודריקט ווערען.

— גוט, הערר קאפּיטאן! אָבער דיא לופט וועלכע איהר נעהמט מיט זיך מוז דאָך באלד פערברויכט ווערען; היינט, וויא אזוי קענט איהר פערבלייבען לאנג אונטער'ן וואסער?

מיר זיינען אריינגעקומען אין שפייז זאאל, וואו דער פריהשטיק איז שוין גע־שטאנען גרייט אויף'ן טיש.

— הערר אראָנאקס — האָט דער קאפיטאן זיך אָבגערופען — ערהאָלט זיך פון אייער איבערראשונג און פריהשטיקט מיט מיר צוזאמען. איהר פער־שטעהט דאָך נאטירליך, אז מיר װעלען אין וועג קיין רעסטאוראנט ניט געפינען און אונזער יאגד וועט וואהרשיינליך געדויערען ביז גאנץ שפעט נאָך מיטאג.

איך האָב זיך צום פריהשטיק לאנג ניט געלאָזט בעטען, ווייל איך בין געווען הונגעריג און דיא שפּייזען זיינען געוועזען אזעלכע וואָס האָבען מיר זעהר גוט געשמעקט. אונזער סעודה איז בעשטאנען פון פראכטפאָלע פערשיעדענע מינים פיש און געריכטען געמאכט פון ים־פלאנצונגען. נאָך'ן עסען האָבען מיר פער־טרונקען מיט קלאָרעס וואסער, אין וועלכע עס איז געווען אריינגעמישט א פראכטפאָלער מין ליקער, אזוי וויא דער וואָס מען מאכט אין קאמטשאטקא פון א סאָרט ים־פלאנצונג. דיעזער ליקער איז ארויסגעצויגען געוואָרען פון דער פלאנצע, וועלכע מען רופט "רהאָדאָמעניא פאלמאטא". דיא גאנצע צייט פון עסען האָט קאפיטאן נעמאָ א וואָרט ניט גערעדט. ווען מיר זיינען פערטיג גע־וואָרען מיט אונזער מאָהלצייט, האָט ער זיך אָבגערופען:

—הערר פּראָפעסאָר, אָנפאנגס, ווען איהר האָב געגלויבט אז איך רוף אייך צו דער יאגד אויף'ן טרוקענעם ערד־באָדען, איז ביי אייך אויסגעקומען א וואונ־דער, וויא אזוי איך קען האנדלען געגען מיינע פּרינציפּען; נאָכדעם הערענדיג מיין ערקלערונג וועגען אונטערוואסערדיגע וועלדער, האָט איהר אויף מיר געקוקט אזוי וויא אויף א משוגענעם. אָבער, מיין הערר, מען דאַרף א מענשען ניט אזוי שנעל אורטהיילען.

— אָבער, קאפיטאן, גלויבט מיר אז...

— הערט מיך נור אויס! — האָט נעמאָ מיך איבערגעשלאָגען און ניט גע־לאָזט ענדיגען וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען — לאָזט מיר אייך איבערצייגען, אז איך בין שטרענג צו מיינע פּרינציפּען און משוגע בין איך אויך ניט. איהר, הערר פּראָפעסאָר, ווייסט אזוי גוט וויא איך, אז א מענש וואָלט געווען אימ־שטאנד צו לעבען אונטער'ן וואסער, ווען ער זאָל דאָרט נור האָבען דיא נויטיגע לופט איינצואטהמען. דיא לייטע וואָס ארבייטען אונטער'ן וואסער, דיא װאַ־סער־טויכער וואָס זוכען קאָראלען און פּערל אין ים, אָדער דיא וואָס ארבייטען אין וואסער ביי'ם בויען פונדאמענטען פאר בריקען, ציהען זיך אָן אין אזעלכע קליידער וואָס ווערען ניט דורכגענעצט און אויף'ן קאָפּ טראָגען זיי מעטאלענע שיידען, פון וועלכע עס ציהען זיך רעהרען ביז אין דער הויך, איבער'ן וואסער. דיעזע רעהרען זיינען פערבונדען מיט לופט־פּומפּען און רעגולאטאָרען, דורך וועל־כע מען לאָזט ארונטער לופט און דיא לייטע קענען שטונדען לאנג אין וואסער פערבלייבען.

— מיין הערר — האָב איך צו איהם געזאָגט נאָך א קורצען שטילשוויינען — איך וויל אייך נור איין פראגע שטעלען, אויב איהר וועט עס מיר ערלויבען.

— איהר מעגט פרעגען, הערר אראָנאקס! — האָט נעמאָ גוטמוטהיג געענטפערט — אויב נור מעגליך וועל איך אייך אנטוואָרט געבען.

— מיך וואונדערט זעהר — האָב איך געזאָגט — וואָס נאָכדעם וויא איהר האָט אויפגעגעבען יעדע פערבינדונג מיט דער ערד און איהר זיינט אן אויסגע־שפּראָכענער שונא פון דער טרוקענער לאנד, געהט איהר מאכען א יאגד אויף דעם אינזעל קרעספּאָ.

— הערר פּראָפעסאָר! — האָט דער קאפּיטאן געענטפערט מיט א שמייכעל — דיא וועלדער וועגען וועלכע איך רעד, דארפען ניט קיין ליכט פון דער זונן, זיי ברויכען ניט איהר ווארימקייט, זיי וואקסען אָהן זוננען שטראהלען און אָהן טהוי. דאָרט געפינען זיך ניט קיין לייבען, טיגערס, לעמפּערטען אָדער אירגענד וועלכע אנדערע פיערפיסיגע חיות וואָס דיא ערד פערמאָגט. מיט איין וואָרט, דאָס זיינען קיין לאנד־וועלדער, זאָנדערן אונטערוואסערדיגע, אויף'ן גרונד פון ים.

— אונטערוואסערדיגע וועלדער? — האָב איך ערשטוינט אויסגערופען.

— געוויס, הערר פּראָפעסאָר! וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי?

— און איהר ווילט, איך זאָל מיט אייך אהין געהן צופוס?

— גאנץ ריכטיג! געוויס צופוס, זאָגאר גאנץ טרוקען.

— צופוס, מיט'ן ביקס אין האנד?

— וויא דען אנדערש? ווען מען געהט אויף יאגד, מוז מען א ביקס האָבען!

— האָט דער זאָנדערבארער מאן רוהיג געענטפערט.

איך האָב אויף'ן קאפּיטאן א קוק געטהאָן מיט א מינע פון וועלכע ער האָט זיך ווירקליך געדארפט בעליידיגען.

— דער מאן איז וואהנזיניג! — האָב איך ביי זיך געטראכט — ווער ווייסט, וואָס פאר א משוגענעם פּלאן ער האָט זיך איינגערעדט אין פערלויף פון דיא אכט טאָג וואָס ער איז געזעסען אבגעזונדערט אין זיין צימער, און ערשט פּלוידערט ער עס אויס! אין הארצען האָט מיר שטארק לייד געטהאָן, וואָס אזא מאן, אן ערפינדער און א קאָפּ מענש, זאָל זיין אזוי משוגע.

דיעזע געדאנקען וואָלט יעדער איינער געקענט לעזען אויף מיין געזיכט. וויא איך האָב פערשטאנען, האָט מען ניט געדארפט האָבען קיין גרויסען פּסי־כאָלאָג צו קענען בעמערקען וואָס פאר א מחשבות עס לויפען ארום אין מיין מח, אָבער קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך וואהרשיינליך געמאכט ניט וויסענדיג און האָט מיך איינגעלאָדען צו געהן מיט איהם. איך בין איהם נאָכגעגאנגען, אזוי וויא א מענש וואָס האָט שוין זיך אליין מפקיר געוועזן און איז מיט אלעם צופריעדען.

אויסגעפונען, אז דער קליינער, איינזאמער אינזעל קרעספאָ ליגט אונטער 32.40 גראד פון נאָרד־פּאָל און 157.50 גראד וועסט פון דיא לענג פון דער וועלט. איך האָב אויך אויסגעפונען, אז דיעזער אינזעל איז ענטדעקט געוואָרען פון א שפּאנישען קאפּיטאן מיט'ן נאָמען קרעספּאָ אין יאָהר 1801. קרעספּאָ האָט דאן דעם אינזעל א נאָמען געגעבען "ראָקא דע לא פּלאטא", דאָס מיינט אויף שפּאַ־ניש: "דער זילבער פעלז". איך האָב אויסגערעכענט אז מיר זיינען שוין אָב־געפאָהרען אומגעפעהר אכטצעהן הונדערט מייל פון דעם פּלאץ וואו מיר האָבען אָנגעפאנגען אונזער רייזע אונטער'ן ים און דיא ריכטונג פון דער "נאָטילוס" איז ערשט עטוואָס געענדערט און מיר פאָהרען א ביסעל צוריק נאָך זיד־אָסט. ציינענדיג מיינע קאַמעראַדען דעם קליינעם אינזעל וואָס שטעהט אזוי וויא פערלאָרען און אונזיכטבאר אין דעם אונענדליכען שטילען אָקעאן, האָב איך בעמערקט:

— אויב קאפּיטאן נעמאָ בעזוכט אמאָל יא טרוקענע לאנד, קלייבט ער אוים אונבעוואָהנטע, איינזאמע און פערוואָרפענע אינזלען.

לענד איז בייז געוואָרען. איהם האָט שטארק פערדראָסען, וואָס זיינע פּלענער צו אנטלויפען זיינען צו נישט געוואָרען, דען וואוהין לויפט מען פון אן איינזאמען אינזעל, וואוהין קיין לעבעדיגער מענש קומט קיינמאָל ניט? אָבער ער האָט דיעזען מאָל איינגעהאלטען זיין צאָרן און ער איז צוזאמען מיט קאָנסייל ארוים ניט רעדענדיג א וואָרט.

א ביסעל שפּעטער האָט דער סטוארט מיר געבראכט מיין אבענד־מאָהל־צייט, און אויך דיעזען מאָל איז ער געווען שטום און האָט א וואָרט ניט גערעדט. איך האָב אָבגעגעסען און בין איינגעשלאָפען טראכטענדיג וועגען דיא מאָרגענ־דיגע יאגד.

אויף מאָרגען, דעם 17טען נאָוועמבער אין דער פריה בין איך אויפגעשטאַ־נען פון שלאָף און דערפיהלט, אז אונזער שיף שטעהט גאנץ שטיל אויף אן אָרט. איך האָב שנעל אָנגעצויגען מיינע קליידער און איך בין אריין אין דעם גרויסען זאאל.

קאפּיטאן נעמאָ האָט דאָרט אויף מיר געווארט. ער האָט זיך אויפגעהוי־בען פון זיין פּלאץ און ער האָט מיך העפליך בעגריסט, דאן האָט ער מיך גע־פרעגט, אויב איך בין צופריעדען אָנצונעהמען זיין איינלאדונג? איך האָב איהם געענטפערט, אז איך און מיינע קאמעראדען זיינען פאָלקאָם איינשטימיג דיעזע איינלאדונג אָנצונעהמען. איך האָב געדענקט, אז ער וועט זיך ענטשולדיגען אָדער וויניגסטענס געבען אן ערקלערונג וועגען זיין אבוועזענהייט זייט אכט טאָג, אָבער ער האָט א וואָרט ניט דערמאָהנט וועגען דעם און איך האָב עס איהם ניט געפרעגט.

ווערטער. צו מיר האט ער א ווארט ניט גערעדט און האט זיך זאגאר ניט אומ־געקוקט אויף מיר.

קאפיטאן נעמא האט זיך אליץ ניט בעוויזען.

איך האב זיך שוין צוגעוואהנט צו דעם געדאנק, אז פיליכט וועלען מיר איהם שוין קיינמאל ניט זעהן, און איך האב שוין כמעט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען איהם. ווען איך בין דעם 16טען נאוועמבער געקומען אין מיין צימער, האב איך אויפ'ן טיש געפונען א פערזיענגעלטען בריעף אדרעסירט צו מיר. מיט גרויס אונגעדולד האב איך האסטיג אויפגעריסען דעם קאנווערט און איך האב פאר מיינע אויגען געזעהן אייניגע צייליען, געשריבען אין א קלאהרע, שעהנע האנר־שריפט. דער בריעף האט זיך געלייערנט וויא פאלגט:

"הערן פראפעסאר ארנאקס, אויף דער שיף "נאטילוס", 16טען נא־וועמבער, 1867.

"קאפיטאן נעמא לאדעט אייך איין מיטצוגעהן אויף א יאגד וואס וועט שטאטפינדען מארגען אין דיא וועלדער פון דעם אינזעל קרעספא. דער קאפיטאן האפט, אז דער הערר פראפעסאר וועט זיך ניט ענטזאגען פון אנ־טהייל נעהמען אין דיעזער יאגד און וועט אויך מיט פערגעניגען זעהן, אז זיינע קאמעראדען זאלען אויך מיטקומען.

קאפיטאן נעמא, קאמאנדיר פון "נאטילוס".

— א יאגד! — האט לענד אויסגערופען מיט ערשטוינונג, נאכדעם וויא ער און קאנסייל זיינען אריינגעקומען און איך האב זיי דעם בריעף געצייגט.

— און אין דיא וועלדער פון קרעספא! — האט זיך קאנסייל געוואונדערט.

— אויב אזוי — האט לענד דערפרעהט געזאגט — וועלען מיר דאך ענדליך בעטרעטען דעם טרוקענעם באדען פון דער ערד! איך וואלט שוין מאקי זעהר וועלען עסען א שטיקעל פלייש פון א אן איינגענע געפאנגענע חיה!

— איך גלויב אויך אזוי! — האב איך געזאגט מיט אן אונזיכערען טאן, ווייל איך האב דיא בעדייטונג פון בריעף ניט זיכער פערשטאנען.

— יעדענפאלס מוזען מיר דיא איינלאדונג אננעהמען, האט דער קענעדע'ר זיך אבגערופען — לאמיר נור קומען אויף טרוקענע לאנד, לאמיר נור פיהלען א פעסטען באדען אונטער אונזערע פיס, וועלען מיר שוין וויסען וואס מיר האבען צו טהאן.

איך האב פארלויפיג וועגען דעם פיעל ניט געקענט רעדען, דען עס איז מיר איבערהויפט שווער געווען צו ערקלערען וויא קאפיטאן נעמא ערלויבט זיך צו געהן אויף נעיעס אויף דיא ערדישע וועלדער, אין דער צייט ווען דיא ערד, דיא טרוקענע ערד איז איהם אזוי פערהאסט. איך האב דארום בלויז געענטפערט:

— לאמיר צוערשט זעהן וואס פאר א מין אינזעל קרעספא איז.

איך האב זיך דאן ארומגעקוקט אויף דער לאנד־קארטע און איך האב

אבער אויף'ן דעק איז קיינער ניט געווען, אויסער דער שטייערמאן וואס איז געזעסען אין זיין גלעזערנע הייזעל. איך האב זיך אוועקגעזעצט און מיט פער־נעניגען איינגעאטהעמט דיא פרישע, פראכטפאלע ים־לופט.

דיא זונן האט זיך בעוויזען און האט געשטיגען אלץ העכער און העכער. דער טהוי איז ביסלעכווייז פערשוואונדען געווארען און דער ים איז אזוי וויא דורך א צויבער־מאכט מיט אמאל בעגאסען געווארען מיט רויטע פלאמען. דיא לייכטע וואלקענס האבען אויסגעזעהן אזוי וויא אבגעפארבט אין פערשיעדענע שאטירונגען.

איך בין געזעסען און בעוואונדערט דיא הערליכע נאטור ערשיינונג, וועלכע האט מיך בעצויבערט. עס איז ווירקליך געווען א הערליכע סצענע פון וועלכע איך האב מיינע אויגען ניט געקענט אבגרייסען. פלוצלונג האב איך דערהערט אז יעמאנד קומט דיא טרעפ ארויף.

דאס איז געוויס דער קאפיטאן! — האב איך ביי זיך געטראכט און איך האב זיך אויפגעהויבען פון מיין פלאץ, אום צו בעגריסען איהם. אבער דאס איז ניט געווען דער קאפיטאן, ועמען איך האב אונגעדולדיג ערווארטעט, זאנדערן יענער מאן, וועלכער איז צום ערשטען מאל צוזאמען מיט נעמא אין אונזער געפענגנים קאיוטע געקומען. איך האב זיך ערשט אנגעשטויסען, אז ער איז וואהרשיינליך דער שיפס־לייטענאנט, אדער דער ערשטער אפיציער פון שיף. ער איז ארויף אויף'ן פלאטפארם ניט קוקענדיג אויף מיר. אויב ער האט מיך ווירקליך ניט בעמערקט אדער ער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג, קען איך ניט זאגען. ער האט דורך א שפאקטיוו גענוי בעטראכט דעם האריזאנט ארום און ארום, דאן איז ער צוגעגאנגען, האט געעפענט א דעקעל פון א לאך און ארויס־געשריען איינינע ווערטער, וועלכע זיינען מיר פערבליבען אין זכרון, ווייל איך האב דיא זעלבע ווערטער נאכהער זעהר אפט געהערט פון איהם ביי עהנליכע צופעלע. דיא ווערטער זיינען פאלגענדע:

"נאוטראן רעספאק לארני ווירטש".

דיא בעדייטונג פון דיעזער פראזע האב איך ניט פערשטאנען. דער מאן איז נאכהער צוריק ארונטערגעגאנגען. איך האב גערענקט, אז דיא "נאטילוס" וועט זיך באלד צוריק ארונטערלאזען אונטער'ן וואסער און איך בין אויך אויף'ן דעק לאנג ניט פערבליבען. איך בין באלד ארונטערגעגאנגען און אריין אין מיין צימער.

פינף טעג זיינען אזוי פאראיבער, אהן אירגענד וועלכע בעזאנדערע בע־געבענהייטען. דיא שיף איז אלץ געווען אויף דער אבערפלעכע פון ים און איך פלעג אלע פריהמארגען ארויפגעהן אויף'ן דעק. דער שיפס־לייטענאנט פלעגט אלע טאג פינקטליך אין דער זעלבער צייט קומען, בעאבאכטען דיא געגענד ארום און דורך דיא זעלבע עפענונג ארויסרעדען דיא אויבען דערמאהנטע פיצר

קאפּיטאן נעמאָ האָט זיך דעם גאנצען טאָג ניט געלאָזט זעהן. דיא אייזערנע ווענד זיינען געבליבען פערשלאָסען. וויא עס האָט אויסגעזעהן, ווילען דיא לייטע פון שיף אונז ניט פערשאפען אלע טאָג דעם פערגעניגען וואָס מיר האָבען נעכ־טען געהאט. און עס וואָלט ווירקליך געווען צופיעל פערלאנגט צו האָבען אזעלכע פרייע פאָרשטעלונגען אלע טאָג.

מיר איז אין אמת'ן דיא פאָרשטעלונג ווייניג וואָס אין זינען געלעגען. איך האָב בעסער געוואָלט זעהן דעם קאפּיטאן. איך האָב זעהר געוואָלט וויסען, וואָ־רום ער ציינט זיך ניט פאר מיר? איך האָב פערשטאנען, אז אין דעם ליגט עפּעס א סוד און דיעזען סוד האָב איך געוואָלט דערגעהן, אָבער איך האָב געמוזט ווארטען און דולדען.

דעם צעהנטען נאָוועמבער בין איך דעם גאנצען טאָג געבליבען איינזאם. זאָגאר קיין איינציגען פון דיא מאנשאפט האָב איך ניט געזעהן. דעם גרעסטען טהייל פון טאָג האָב איך פערבראכט אין דיא געזעלשאפט פון מיינע קאמעראדען לענד און קאָנסייל, וועלכע האָבען זיך אויך זעהר געוואונדערט איבער דעם קאַ־פּיטאן'ס אבוועזענהייט. איז דיעזער מערקווירדיגער מאן קראנק געוואָרען? איז ער פיליכט עפּעס בייז געוואָרען אויף אונז און ער וויל אונז מעהר ניט זעהן? עס איז אמת, אז מיר געניסען פאָלשטענדיגע פרייהייט ארומצוגעהן אין שיף וואו מיר ווילען. אונזער טיש איז געגרייט מיט כל טוב און מיר עסען און טרינ־קען פון דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע, אָבער ווארום זאָל זיך דער קאָמאנדיר פון דער שיף פון אונז בעהאלטען? ווארום זאָלען אפילו דיא דיענער זיינע זיין צוריקגעצויגען פון אונז? קאפּיטאן נעמאָ האָט אפילו פאָראויס מיט אונז אויסגענומען א תנאי, אז צו געוויסע צייטען וועלען מיר מוזען זיין אָבגע־זונדערט, אָבער צו וואָס האָט ער נאָר גאָר אזא בעדינגונג געשטעלט? וואָס פאר א זאָנדערבארע געהיימניסע זיינען עס דאָ פאראן וואָס מיר טאָרען ניט וויסען?

פון יענעם טאָג אָן האָב איך אָנגעהויבען פיהרען מיין טאגע־בוך, וועלכען איך האָב געשריבען אויף פּאפּיער, געמאכט פון זעע־גראָז. איך האָב פון דאן אָן פערצייכענט אלעס וואָס מיט אונז איז פאָרגעקומען, ווערהענד אונזער וואונדער־בארע רייזע.

דעם עלפטען נאָוועמבער, גאנץ פריה, האָב איך דערפיהלט א פרישע, ער־קוויקענדע ים־לופט. דאָס האָט בעוויזען, אז אונזער שיף איז ארויפגעשטיגען אין דער הויך איבער'ן וואסער. איך האָב זיך בעגעבען צום לייטער וואָס איז גע־שטאנען אין מיטען שיף און איך בין ארויף אויף'ן דעק.

עס איז געווען זעקס אוהר מאָרגענס. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט א געדיכטען טהוי, דאָס וואסער האָט געהאט א גרויען קאָליר, אָבער אזוי רוהיג, אז עס איז קוים געווען צו בעמערקען אירגענד וועלכע בעוועגונג פון א כוואליע. מיין האָפענונג איז געווען, אז איך וועל דעם קאפּיטאן נעמאָ אויבען טרעפען,

שרייבען. ווען עס איז געקומען דיא צייט פון שלאפען, האב איך זיך אוועקגע־לעגט אויף מיין ווייכע בעט און איך בין געשמאק איינגעשלאפען, ווערהענד דיא "נאטילוס" האט זיך מיט איהר געוועהנליכע געשווינדקייט געגליטשט דורך דעם שטראם פון שווארצען טייך.

15טעם קאפיטעל

# דיא איינלאדונג אויף געיעג

דעם קומענדען טאג, דאס איז געווען דער נייינטער נאוועמבער, בין איך אויפגעשטאנען שפעט נאך א לאנגען שלאף פון צוועלף שטונדען. מיין טרייער דיענער קאנסייל איז וויא געוועהנליך געקומען פרעגען: "וואס דער הערר מאכט און וויא דער הערר איז געשלאפען?" אקוראט וויא דער "הערר" וואלט פארינגען טאג זעהר שווער געהארעוועט אדער ער זאל אויפשטעהן פון א קראנקהייט.

ווען קאנסייל איז געווען ביי מיר אין צימער איז נעט לענד נאך געשלאפען. דער קענעדע'ר האט זיך געלאזט וואוילגעהן אויף דער "נאטילוס" און ער האט זיך פערגונען צו שלאפען אזוי וויא א מענש וואס האט אויף זיין לעבען ניט גע־וואוסט מעהר וויא עסען און שלאפען.

קאנסייל איז געשטאנען נעבען מיר און געפלוידערט, אבער איך האב ניט געשענקט פיעל אויפמערקזאמקייט אויף זיינע רייד און איך האב איהם ווייניג וואס געענטפערט. מיינע געדאנקען זיינען געווען פערנומען מיט אן אנדער זאך. איך האב נעמליך געטראכט, ווארום בעווייזט זיך ניט דער קאפיטאן נעמא זייט נעכטען מיטאג צייט? איך האב ערווארטעט, אז ער וועט פילייכט באלד צו מיר אריינקומען.

איך האב אנגעצויגען מיינע קליידער, וועלכע מען האט מיר אויף דער "נאטילוס" געגעבען. קאנסייל האט מיר אנגעהויבען שטעלען פראגעס: פון וואס דיעזע קליידער זיינען געמאכט? איך האב איהם ערקלערט, אז זיי זיינען געוועבט פון אזעלכע דינגע, איידעלע פעדים וואס געפינען זיך אין דיא מושעלען פון מיטעללענדישען מעער. דיעזער שטאף איז דויערהאפט און ווארים און איז אין אלע הינזיכטען פיעל בעסער וויא דיא זייד און אטלעס וואס מען געברויכט אויף'ן לאנד.

ווען איך בין פערטיג געווארען מיט מיין אנקליידונג, בין איך אריין אין גרויסען זאאל, אום צו שטודירען דיא וואונדערבארע רייכטהימער און זעלטענ־הייטען וואס געפינען זיך דארט. איך האב ווידער אמאל אויפמערקזאם בע־טראכט דיא פערשיעדענע גראזען און פלאנצונגען פון ים און אנדערע נאטור־שאפונגען, פון וועלכע מיינע אויגען זיינען ניט זאט געווארען קוקענדיג אויף זיי.

דיא שיף איז געלאפען שנעל אין דיא זעלבע טיעפקייט וואס נעכטען.

אזוי שעהן בעפלעקט, אז זיי זעהען אויס וויא בלומען; דיא שעהנע מאקרע־לען, מיט זייערע בלויע קערפערס און זילבערנע קעפּ; אזורוסען, וועלכע בליש־צען און פינקלען אזוי וויא ברילליאנטען; יאפּאנעזער סאלאמאנדערס און פער־שיעדענע מינים ים־שלאנגען.

מעהר פון אלע האָבען זיך אונז געוואָרפען אין דיא אויגען דיא ים־ברואים, וואָס זיינען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען דיא "ריטער־פיש". זייער מערקוויר־דיגקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי גיבען ארויס פון זיך מוזיק טענער, וועלכע מען קען דייטליך הערען אין וואסער. מיר האָבען געוועהנליך זייערע שטימען ניט געהערט דורך דיא גראָבע גלעזערנע ווענד, אָבער עס איז אונז העכסט אינטערעסאנט געוועזען צו בעאָבאכטען זיי און שענקען אונזער אויפ־מערקזאמקייט אויף זייערע בעוועגונגען.

צוויי שטונדען האָבען פערשיעדענע פיש און ים־טהיערע בעגלייטעט אונ־זער שיף. עס איז געוועזען העכסט אנציהענד און רייצענד צו בעטראכטען דיעזע שפּיעלענדע און שפּרינגענדע ים־ברואים, וועלכע שטייגען איבער איינע דיא אנדערע אין שעהנהייט, גלאנץ און שנעלקייט. מיר זיינען דיא גאנצע צייט העכסט ענטציקט געוועזען פון דיא פּראכטפאָלע פרייע פאָרשטעלונגען אין ים. מיר האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון דיא זעלטענע בעשעפעניסען, וועלכע מיר האָבען געזעהן פריי אין זייער נאטירליכען עלעמענט. דאָס עלעקטרי־שע ליכט האָט צוגעצויגען אזוי פיעל מאסען פיש, אז דיא שיף איז איינפאך געוועזען בעלאגערט פון זיי. אזא צופריעדענשטעלענדען גענוס, וויא איך האָב געהאט קוקענדיג אויף דער דאָזיגער סצענע, האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען ניט געהאט.

פּלוצלונג איז אין זאאל צוריק ליכטיג געוואָרען. דיא אייזערנע ווענד האָבען זיך צוזאמענגעצויגען און דיא הערליכע סצענע אין וואסער איז פערשוואונדען. אָבער איך בין נאָך לאנג געזעסען פערטראכט, אזוי וויא אין א חלום פערזונקען, און דיא וואונדערבארע פּאנאראמע איז מיר פאר דיא אויגען געשטאנען.

קאפּיטאן נעמאָ האָט אונז, וויא עס האָט אויסגעזעהן, א פרייע פאָרשטע־לונג געגעבען און מיך האָט שטארק פערדראָסען וואָס דער פאָרהאנג איז אזוי גיך געפאלען און דיא פאָרשטעלונג איז צו ענדע.

עס איז שוין געוועזען פינף אוהר נאָכמיטאָג. איך האָב ערווארטעט צו זעהן קאפּיטאן נעמאָ, אָבער ער איז ניט געקומען. מיינע קאמעראדען זיינען אוועק אין זייער קאיוטע און איך אין מיין צימער. דאָרט האָב איך געטראָפען דעם טיש געגרייט פאר מיר. מיין יעצטיגער מאָהלצייט איז בעשטאנען פון א טהייערען מין זופּ און אנדערע געשמאקפאָלע שפּייזען, וועלכע מען קען אויף'ן לאנד ניט בעקומען.

דעם גאנצען אבענד האָב איך צוגעבראכט אליין אין לעזען און

בייז געזאגט — אין דער וויסענשאפט איז עס גאנץ אנדערש. עס גיבען געמליך צווייי גרויסע אבטהיילונגען: קנאכען־פיש און קנארפעל־פיש, עס הייסט, אזעל־כע וואס האבען הארטע ביינער און אזעלכע וואס אנשטאט ביינער אדער קנאכען בעזיצען זיי אזא זארט ווייכען מארך־שטאף. אבער דיעזע צוויי הויפט מינים ווערען איינגעטהיילט אין פערשיעדענע פאמיליען און גאטונגען.

— אבער, פריינד קאנסייל! — האט זיך דער הארפוניסט איבערראשט אבגערופען — איידער צו הערען דיא ערקלערונגען פון אייערע ביכער, וועל איך בעסער יעצט זעהן דיעזע פאמיליען און גאטונגען וויא זיי שווימען פערביי אונזער פענסטער.

עס האבען זיך ווירקליך בעוויזען גאנצע מחנות פערשיעדענע פיש, וועל־כע זיינען פריי אומגעשוואומען פערביי אונזער שיף.

— אה, וואונדערבאר, ווירקליך וואונדערבאר! — האט קאנסייל ענט־ציקט אויסגעשריען — עס זעהט אויס אז מיר געפינען זיך אין אן אונגעהייער גרויסען אקוואריום.

— ניין, ניט גלייך! — האב איך זיך אבגערופען — אן אקוואריום איז דאך בלויז א געפענגניס וואו דיא פיש זיינען איינגעשפארט געגען זייער ווילען, אבער דא זעהען מיר זיי אין דעם נאטירליכען פרייען עלעמענט, אזוי וויא דיא פויגעלאך אין דער לופט. עס איז פיעל מעהר אינטערעסאנט צו זעהן זיי דא וויא אין אקוואריום.

— אצינד, פריינד קאנסייל, — האט לענד געזאגט מיט א געלעכטער — איהר זיינט דאך א גרויסער געלעהרטער, זאגט מיר, ערקלערט מיר וואס פאר א זארטען פיש זיינען דיעזע וואס שווימען יעצט פאר אונזערע אויגען?

קאנסייל איז געבליבען אין א פערלעגענהייט, דען אבוואהל ער האט גע־קענט פלוידערען וועגען נאטור־וויסענשאפט, איז ער דאך אין דיא ווירקליכקייט געווען היבש טעמפ אין דעם און ער האט ניט געוואוסט אונטערצושיידען א האי־פיש פון א לאקס, ווערענד לענד האט אויס פראקטיק גאנץ גוט געוואוסט וויא יעדער פיש רופט זיך.

— כינעזישע הארן־פיש! — האט דער וואלפיש פאנגער אויסגערופען צייגענדיג אויף א געוויסע גרופע פיש, וואס האבען זיך לוסטיג געשפיעלט ארום דער "נאטילוס".

איך האב מיט גרויס פערגעניגען און שפאנונג געקוקט אויף דיעזע וואונ־דער־שעהנע פיש. זייער קערפער איז פלאציג און דער רוקען איז בעזעצט מיט שטאכעלען, וועלכע שטארצען ארויס אזוי וויא בערשט. דיא הויט איז פון אוי־בען גרוי און אונטען ווייס, מיט גאלדפארביגע פלעקען. צווישען זיי זיינען אום־געשוואומען אנדערע מינים פיש: מולעטען; דיא וואונדערבארע פיש וואס הייסט גאבי, וועלכע האבען קיילעכדיגע עקען און זייערע קערפערס זיינען

איינינע מינוטען זיינען מיר געשטאנען ביי דיא גרויסע שויבען העכסט ערשט.ינט און פון גרויס איבעררראשונג האָט קיינער פון אונז א וואָרט ניט גערעדט. אָבער גראדע דער שווייגענדער קאָנסייל איז דיעזען מאָל דער ערשטער ארויס מיט לשון.

— קוקט נור, בעטראכט נור, פריינד לענד! — האָט ער מיט גרויס ענט־ציקונג אויסגערופען — זעהט וויא וואונדערבאר שעהן דאָס איז!

— מערקווירדיג! מערקווירדיג! — האָט דער קענעדע'ר ערוויעדערט, פערגעסענדיג אין יענעם מאָמענט זיין צאָרן און זיינע פראָיעקטען צו אנטלוי־פען — מען האָט ווירקליך געמעגט קומען פון יענער זייט וועלט, אום נור אזעל־כע וואונדער צו זעהן.

— יא, מען מעג דעם קאפּיטאן פון דיעזער שיף מקנא זיין! — האָב איך זיך אָבגערופען— ער האָט דיא ערד פערלאָזען, אום זיך א נייע וואונדער־וועלט צו בעשאפען.

— אָבער וואו זיינען דיא פיש? — האָט לענד געפרעגט — ווארום זעה איך קיין פיש ניט?

— פריינד לענד! — האָט קאָנסייל מיט א שטאָלצען טאָן אויסגערופען — ווארום פרעגט איהר אויף פיש? קענען דען דיא פיש פאר אייך אינטע־רעסאנט זיין? איהר ווייסט דאָך ניט צו בעשטימען זייערע מינים און זאָר־טען לויט דיא נאטור־געשיכטע.

— דרעהט מיר ניט דעם קאָפּ מיט אייער נאטור־געשיכטע! — האָט לענד בייז געענטפערט — דאָס איז דומהייטען! איך ווייס גענוג וואָס פיש זיינען אָהן אייער נאטור־געשיכטע.

— איהר ווייסט זיי פיליכט, ווען מען דערלאנגט אייך זיי געקאָכטע אָדער געבראָטענע אויף'ן טעלער! — האָט זיך מיין דיענער געוויצעלט — איהר זיינט פיליכט א מבין, וועלכע פון זיי עס זיינען געשמאק און וועלכע ניט.

צווישען דיא צוויי האָט אויסגעבראָכען א שטרייט, ווער פון זיי עס פער־שטעהט בעסער וואָס פאר א זאָרט ברואים דיא פיש זיינען. קאָנסייל האָט אלס גוטער פריינד און קאמעראד דעם קענעדע'ר דורכאויס געוואָלט בעגליקען מיט דער לעהרע און וויסענשאפטליכע ערקלערונגען וועגען פיש.

— פריינד לענד! — האָט קאָנסייל ערנסט געזאָגט — איהר זיינט א גע־שיקטער פישער און איהר פערשטעהט זעהר גוט וויא אזוי פיש צו פאנגען אָדער טויטען, אָבער אין וועלכע זאָרטען דיעזע בעשעפעניסע ווערען איינגעטהיילט אין זייער נאטירליכען ארט און לעבען, ווייסט איהר דאָך ניט.

— אבי איך ווייס צו אונטערשיידען דיא פיש וואָס טויגען צום עסען פון דיא וואָס מען קען אלס שפּייז ניט בענוצען! — האָט לענד געענטפערט.

— אזא אונטערשייד מאכט נור א פרעסער! — האָט קאָנסייל האלב

— וואס איז דאס פאר א נייע טייפעל־שפיעל ? — האט לענד אויסגערופען
— עס זעהט אויס, אז דא וועט שוין קומען אן ענדע צו אלעס !

קאנסייל איז געבליבען שטעהן מורמלענדיג דיא נעמען פון פערשיעדענע מושעלען און אינזעקטען, וועלכע ער האט נור וואס געזעהן און איז געוועזן פער־אינטערעסירט אין זיי.

מיט אמאל איז אין זאאל ווידער ליכטיג געווארען, אבער ניט פון דיא עלעקטרישע בעלייכטונג פון סטעליע. עס האבען זיך געעפענט דיא אייזערנע וועגד פוןביידע זייטען שיף און דאס וואסער איז ווייט ארום אונז געוועזן בע־לייכטעט דורך עלעקטרישע שטראמען. מיר זיינען געוועזן אבגעטהיילט פון מעער בלויז מיט דיקע קריסטאלענע וועגד, דורך וועלכע אלעס אין ים האט זיך געזעהן קלאהר און דייטליך. אנפאנגס האב איך אויפגעשוידערט ביי דעם גדאנק, אז אזעלכע וועגד קענען לייכט איינגעבראכען ווערען. אבער זעהענדיג וויא זיי זיי־נען בעפעסטיגט אין שטארקע קופערנע איינפאסונגען, און בעטראכטענדיג וויא דיק דיא גלאז איז, האב איך זיך איבערציינגט, אז עס איז ניטא וואס מורא צו האבען, ווייל דער שווערסטער וואסער־דרוק קען דיעזע וועגד גאר ניט שאדען.

אומגעפעהר א מייל ארום דער "נאטילוס" איז דער ים געוועזן דורכזיכטיג. עס איז געוועזן אזוי וואונדערבאר שעהן, אז קיין פעדער קען עס שילדערען ! דיא ליכט שטראהלען וואס האבען זיך אבגעשפיגעלט דורך דעם פליסענדען עלעמענט האט פארגעשטעלט א בילד וואס קיין מאהלער, קיין קינסטלער איז אימשטאנד צו מאהלען.

עס איז א בעוואוסטע זאך, אז דאס מעער וואסער איז פיעל מעהר דורכ־זיכטיג וויא טייך אדער קוועל וואסער. אין ים געפינען זיך פערשיעדענע מינע־ראלען אין א צושמאלצענעם צושטאנד און זיי לייכטען אב, אזוי וויא צום ביישפיעל, זאלץ אדער צוקער אין א גלאז וואסער. דארום זיינען דיא וואסע־רען שטארק דורכזיכטיג אין פיעלע פונקטען פון אקעאן. ביי דיא אנטילישע אינזלען, למשל, קען מען אויף איינינע הונדערט פוס טיעף זעהן אלעס, זאגאר יעדע קלייניגקייט וואס אין ים געפינט זיך. ארום אונזער שיף איז דאס וואסער געוועזן נאך מעהר דורכזיכטיג, ווייל דיא שטראהלען פון דער זונן קומען ניט אזוי טיעף, און דיא עלעקטרישע שטראמען האבען דארום אין דיא פינסטערנים פון ים זעהר שטארק געווירקט. עס איז אונז פארגעקומען, אז מיר שווימען איינפאך אין א ים ליכט און מיר זיינען געוועזן אויסער זיך פון איבערראשונג.

ביי דיא ערשטע בעאבאכטונג האט אונז אויסגעוויזען אז דיא "נאטילוס" שטעהט אויף איין ארט, ווייל דאס בילד אין דרויסען איז פערבליבען אונגע־ענדערט, אבער זיך צוקוקענדיג דורך דיא גלאז־וועגד, האבען מיר געזעהן דיא וואסער שטרייפען וואס האבען זיך געצווינגען ביים שיף און מיר האבען זיך גלייך איבערציינגט, אז זיא געהט גאנץ שנעל פארוועטס.

מיך געפרעגט, אויב איך האָב ערפאהרען ווער דער זאָנדערבארער קאפּיטאַן איז? פון וואנען ער קומט? וואוהין ער פאָהרט? וואָס איז זיין ציעל? און נאָך אזעלכע צעהנדלינגע פראגעס.

איך האָב איהם ערקלערט אלעס וואָס איך ווייס און איהם געפרעגט, פּיליכט האָט ער עטוואָס געזעהן אָדער געהערט?

— קיין זאַך ניט געהערט און ניט געזעהן! — האָט נעד לענד פערדריס־ליך געענטפערט — אפילו קיין איינציגען פון דיא מאנשאפט ניט געזעהן. ווער ווייס? פיליכט זיינען זיי גאָר ניט קיין לעבעדיגע ברואים, נור עלעקטרי־שע מענשען?

— עלעקטרישע מענשען? — האָב איך איבערראשט געפרעגט — וואו האָט איהר געהערט אויף אייער לעבען פון עלעקטרישע מענשען?

— איך ווייס? — האָט לענד געענטפערט — אויף דיעזער געהיימנים־פאָלער שיף איז אלעס מעגליך! דיא גאנצע שיף איז א רעטעניס און איהרע מענשען זיינען אויך א רעטעניס! אָבער איהר, הערר אראָנאַקס, קענט איהר מיר פיליכט זאָגען אומגעפעהר וויפיעל מענשען געפינען זיך דאָ? צעהן? צוואנציג? הונדערט?

— איך קען אייך דערויף קיין אנטוואָרט געבען, הערר לענד — האָב איך געענטפערט פערשטעהענדיג וואָס ער מיינט מיט דיעזער פראגע — איבריגענס וואָלט איך אייך געראטהען אויפצוגעבען אייערע פּלענער אוועקצונעהמען דיא שיף, אָדער אנטלויפען פון דאנען. דיא „נאָטילוס" איז דאָס גרעסטע מייסטער־ווערק וואָס דיא אינדוסטריע האָט געקענט שאפען, און מיר וואָלט ווירקליך לייד געטהאָן, ווען מיר זאָל ניט אויסקומען אזא וואונדער צו זעהן. איך ווייס אז פיעלע וואָלטען זיך געוואונשען אין אונזער לאגע אריינצופאלען, אום דורך דיעזע מערקווירדינקייטען צו שפּאצירען. אלזאָ פערהאלט זיך בעסער רוהיג און קוקט מיט אָפענע אויגען אויף אלעס וואָס דאָ געהט פאָר.

פּלוצלונג איז דיא בעלייכטונג אין צימער אויסגעלאָשען געוואָרען און עס איז נעוואָרען שטאָק פינסטער און איך האָב דערפיהלט א שמערץ אין דיא אויגען פון דיא פּלוצלונגע ענדערונג.

— איהר הייסט מיר קוקען אויף אלעס וואָס דאָ געהט פאָר! — האָט לענד דערשראָקען און אויפגערעגט אויסגעשריען — שוין געענדיגט, יעצט ווע־לען מיר שוין פערשפּאָרען צו קוקען!

א ווייילע זיינען מיר געבליבען זיצען שטיל, זיך ניט ריהרענדיג פון אָרט, ניט וויסענדיג וואָס דיא פּלוצלונגע פינסטערנים וועט אונז ברייננגען. צו דער זעלבער צייט האָט זיך געהערט א גערויש ארום אונז אזוי וויא ווענד וואָלטען אָבגערוקט ווערען.

לאנטישען אָקעאן. דיא וויסענשאפט האָט ביז יעצט בעצייכענט פינף הויפּט שטראָמען אין פערשיעדענע גרויסע ימים.

איינער פון דיעזע שטראָמען איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען "דער שווארצער טייך", וועלכער פאנגט זיך אָן אין בענגאליען, וואו דיא זונען שטראה־לען דערוואַרעמען זיינע וואסערען און מאכען דאָרט וואקסען פערשיעדענע וואסער־פלאנצונגען. ער לויפט פערביי דיא ברעגען פון אזיען, דאן ציהט ער זיך אוועק וויט אין נאָרד פון שטילען ים און פון דאָרט ציהט ער זיך ביז דיא אלעאוטישע אינזלען. מיט דיעזען שטראָם, האָב איך געוואוסט, וועט אונזער "נאָטילוס" מאכען איהר אונטערוואסערדיגע רייזע. איך בין דארום געזעסען און מיט גרויס אינטערעס בעטראכט אויף דער קארטע דיא גאנצע שטרעקע וואו דער "שווארצער טייך" לויפט און דעם מארשרוט פון אונזער רייזע. פּלוצלונג זיינען נעד לענד און מיין דיענער קאָנסייל צו מיר אריינגעקומען.

מיינע קאמעראדען זיינען געבליבען שטעהן ביים טהיר אזוי וויא פערשטיי־נערט, קוקענדיג אויף דיא מערקווירדיגע וואונדערבארע זאכען, וואָס האָבען זיך אין דיעזען צימער געפונען.

— וואו זיינען מיר? וואו זיינען מיר? — האָט לענד אויסגערופען מיט פערוואונדערונג — אין מוזעאום פון קוויבעק?

מיין קאָנסייל האָט געווישט זיינע אויגען, קענטיג אז ער האָט ניט גע־גלויבט, אז ער זעהט עס אלעס אין דיא ווירקליכקייט.

— מיינע פריינדע, — האָב איך צו זיי געזאָגט — קומט אריין. איהר ווייסט גאנץ גוט, אז מיר זיינען ניט אין קוויבעק, אויך ניט אין אנדער שטאָדט, זאָנדערן אין דער שיף "נאָטילוס", וועלכע שווימט ערשט 150 פוס טיעף אונטער'ן וואסער.

— אָבער וואָס פאר א מערקווירדיגע זאכען איך זעה דאָ! — האָט קאָנסייל אויסגערופען — איינפאך ערשטוינט צו ווערען!

— יא, מיין פריינד! — האָב איך געזאָגט — דאָ געפינען זיך ווירקליך מערקווירדיגקייטען, וועלכע מען קען ניט זעהן אין קיין אנדער מוזעאום אין דער וועלט. פאר דיר, קאָנסייל, איז דאָ פאראן פיעל אינטערעסאנטעס צו בע־טראכטען, איבערהויפּט אין דער אָבטהיילונג פון נאטור־געשיכטע.

— יא, האָט קאָנסייל זיך אָבגערופען — דער הערר האָט מיך געמאכט פאר א האלבען נאטור־פאָרשער און נאטור שאפונג אינטערעסירט מיך זעהר.

מיין האָלענדער האָט מעהר ניט גערעדט. ער איז צוגעגאנגען און העכסט אויפמערקזאם בעטראכט דיא פערשיעדענע פלאנצונגען און מושעלען וואָס זיינען דאָרט אויסגעשטעלט געוועזן.

נעד לענד, וועלכער איז ווייניג וואָס געוועזן איבערגעגעבען צו אזעלכע זאכען, האָט מיט מיר פערפיהרט א געשפּרעך וועגען קאפּיטאן נעמאָ. ער האָט

אונזער רייזע. איהר מעגט זיך אויף בענוצען מיט דיא אינסטרומענטען וואס געפינען זיך דא, מיר אבער מוזט איהר ערלויבען זיך צוריק צו ציהען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיך נעמא העפליך פערנייגט און איז ארויס־געגאנגען.

איך בין פערבליבען אליין פערטיעפט אין געדאנקען וועגען דעם זאנדער־בארען קאפיטאן פון אונזער אונטערוואסערדיגע שיף. וועט מיר ווען עס איז געלינגען צו ערפאהרען ווער און וואס ער איז און פון וועלכען פאלק ער שטאמט? — האב איך ביי זיך געטראכט — ער אליין גיט ניט אן זיין יחוס און ער האט נאך מיט מיר א ווארט ניט גערעדט וועגען פעלקער און נאציאנען. און פון וואנען קומט עס וואס ער פערהאסט אזוי דיא מענשליכע געזעלשאפט? וואהרשיינליך האט איהם דיא מענשהייט זעהר פיעל שלעכטעס געטהאן, וואס ער קען זיא אזוי פיעל ניט דולדען. פיליכט האבען איהם דיא מענשען אויף דער ערד פערשטויסען און אויסגעלאכט? פיעלייכט האט מען איהם פערפאלגט, וויא עס האט שוין פאסירט מיט פיעלע געלעהרטע און וויסענשאפט מענער? אדער פיליכט האט מען איהם פעריאגט דורך פאליטישע אינטריגעס אדער רעוואלוציאנען? אויף דיעזע אלע פראגען האב איך קיין אנטווארט ניט געקענט בעשטימען. דער מאן איז געוועזען א טיעפע רעטענים, א זאנדערבארע רעטענים אין אלע הינזיכטען. פון זיין בענעהמונג נעגען מיר האב איך אויך ניט געקענט אורטהיילען, וואס פאר א זארט מענש ער איז, וואס פאר א כאראקטער ער בעזיצט און וואס ער דענקט וועגען מיר? ער האט מיך אפילו גאסט־פריינדליך בעהאנדעלט, אבער ער האט מיר קיינמאל זיין האנד געגרייכט און קיין עכט ווארימען מענשליכען געפיהל האב איך נאך ביז יעצט פון איהם ניט געזעהן.

א שטונדע צייט בין איך געזעסען און געטראכט וועגען דיא מערקוויר־דיגע געהיימניסע, מיט וועלכע איך בין ארומגערינגעלט. דאן האב איך א קוק געטהאן אויף דער קארטע וואס איז געלעגען פאר מיינע אויגען און איך האב בעצייכענט דעם פונקט פון וואנען אונזער רייזע האט זיך אנגעפאנגען.

דער ים האט טייכען אזוי וויא דאס טרוקענע לאנד. אין דיא וואס־סערען פון דיא ימים פליסען טייכען און שטראמען אזוי גוט וויא אויף דער יבשה. דיא טייכען אין דיא ימים אונטערשיידען זיך פון דיא ימים גופא דער־מיט, וואס וועהרענד דאס וואסער פון ים איז א שטעהענדיגעס, לויפען דיא וואסערען פון דיא טייכען אהן אויפהער; און צווייטענס, האבען זיי א בע־זונדערען קאליר. דאס איז איינע פון דיא מערקווירדיגסטע נאטור ערשיינונגען, וואס דיא וואסערען מישען זיך ניט צוזאמען און דיא טייכען פליסען דארט אקוראט אזוי וויא צווישען שטיינערנע ווענד. דער מעהר בעוואוסטער גרויסער ים־טייך איז דער גאלף־שטראם, וואס לויפט דורך דאס גרעסטע טהייל פון אט־

טוע. איך האָב אויף איהם געקוקט מיט פערוואונדערונג. דער מאַן איז מיר פאַרגעקומען העכסט זאָנדערבאר און אונבעגרייפליך.

— צוועלף אוהר מיטאָג — האָט נעמאָ געזאָגט נאָכדעם וויא ער איז פערטיג געוואָרען מיט זיינע בעאָבאכטונגען — ביטע, הערר פראָפעסאָר, ווילט איהר ארונטערגעהן?

איך האָב געוואָרפען דעם לעצטען בליק אויף דיא וואסערען אויף וועלכע עס האָט זיך פון וויטענס אָבגעשפיגעלט א געלבליכער קאָליר און איך בין מיט'ן קאפּיטאן ארונטער אין גרויסען זאאל פון זיין מוזעאום. דאָרט האָט ער אָנגעפאנגען אויסרעכענען דעם פונקט אויף וועלכען מיר געפינען זיך, לויט דיא בעשטימטע צייכענס וואָס דער סעקסטאנט האָט בעוויזען.

דיא געאָגראַפישע לעהרע האָט דעם ערד־קוגעל איינגעטהיילט אין גע־וויסע טהיילען, וועלכע ווערען גערופען גראדען. פון דעם נאָרד־פּאָל (צפון ברעג) ביז'ן זיד־פּאָל (דרום ברעג) צעהלען זיך 180 גראדען. דער מיטעל־פונקט צווישען צפון און דרום הייסט עקוואטאָר. וואָס נעהענטער צום עקוואטאָר איז אַלץ הייסער, ווייל דאָרט פאלען דיא שטראהלען פון דער זונן אין א גלייכע ריכטונג. ביי דיא פּאָלארס, ביי דיא ברעגען פון צפון און דרום, איז געוועהנליך גאנץ קאלט. און אזוי וויא אונזער ערד־פּלאנעטע איז קיילעכ־דיג אזוי וויא א פילקע אָדער א באָל, וויא מען רופט עס אין ענגליש, האָט זיא אויך א צווייטען זייט, און אויך דאָרט צעהלען זיך צו ניינציג גראדען פוןביידע זייטען פון עקוואטאָר.

דיא לענג פון דער ערד, פון מזרח צו מערב, איז אויך יעדער האלב־קוגעל איינגעטהיילט אין הונדערט און אכציג גראדען. א גראד ענטהאלט אומגע־פעהר 9 מייל. אצינד, אז דיא אסטראָנאָמישע אינסטרומענטען צייגען דיא הויכקייט פון דער זונן, ווייס מען שוין נאָך געוויסע רעכענונגען אויף וועלכען גראד ברייט און לענג מען געפינט זיך, און דורך דעם קען מען שוין אין לאנד־קארטען לייכט געפינען וואו מען איז אין דער וועלט.

— הערר אראָנאקס! — האָט דער קאפּיטאן צו מיר געזאָגט — מיר גע־פינען יעצט זיך בערך 300 מייל פון יאפּאנישען ברעג. היינט, דעם אכטען נאָוועמבער, אום צוועלף אוהר בייטאָג פאנגען מיר אָן אונזער רייזע אויף'ן גרונד פון ים.

— גאָט זאָל אייך צו הילף זיין, הערר קאפּיטאן! — האָב איך אויס־גערופען.

— יעצט, הערר פּראָפעסאָר — האָט נעמאָ צו מיר געזאָגט — קענט איהר זיך נעהמען צו אייער שטודיום. אונזער שיף געהט ערשט 150 פוס אונטער'ן וואסער. דאָ האָט איהר קאַרטען, וועלכע וועלען אייך צייגען דיא ריכטונג פון

מיר פּאָהרען אָב. עס איז יעצט ארום צוועלף אוהר מיטאָג. מיר וועלען ארויפ־שטייגען אויף'ן וואסער.

רעדענדיג דיעזע ווערטער, האָט ער דריי מאָל א דריק געטהאָן אויף אן עלעקטרישען זייגער. דיא פּומפּען האָבען אָנגעהויבען ארויסטרייבען דאָס וואַ־סער פון דיא רעזערוואוארען. דער ווייזער אויף'ן מאַנאָמעטער ציינט, אז מיר שטייגען ארויף אלץ העכער און העכער, ביז ענדליך איז דיא "נאָטילוס" געבליבען שטעהן.

— מיר זיינען שוין אין דער הויך! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט.

מיר זיינען ביידע דורך'ן לייטער, וואָס איז געשטאנען אין מיטען שיף, ארויף אין דער הויך, ביז מיר זיינען געקומען אויף'ן דעק אָדער דאך פון שיף.

איך האָב דאָן גוט געקוקט בעקוקען וויא דיא "נאָטילוס" זעהט אויס אויסוויינינג. איך האָב געזעהן, אז דיא שיף איז סיגאר־פאָרמיג, פערשפּיצט פון ביידע זייטען. איך האָב בעטראכט דיא שטאָהלענע פּלאטען, וועלכע זיינען געווען געמאכט אין דער פאָרמע פון דאך־ציעגעל און האָבען אויסגעזעהן אזוי וויא דיא שופּען־פּאנצער, מיט וועלכע דיא קראָקאָדילען און גרויסע שילדקרע־טען זיינען בעדעקט. עס איז מיר שוין דאן קיין וואונדער ניט געווען, וואָס מיר האָבען דיא "נאָטילוס" אָנגענומען פאר א ים־טהיער, ווייל זיא האָט ווירקליך געהאט דעם געשטאלט פון א ריעזיגע חיה.

אויף דער מיטעלסטער פּלאטפאָרם האָב איך בעמערקט איין פּונקט וואָס איז עטוואָס העכער. דאָס איז געווען דער פּלאץ, וואו דאָס קליינע שיפעל איז געווען איינגעפּאסט. פון פאָרענט און פון הינטען זיינען געשטאנען צוויי הייז־לאך מיט קרומע ווענד, וועלכע זיינען טהיילווייז בעשטאנען פון דיקע לינזען־גלעזער. איינע פון דיעזע הייזלאך איז געווען פאר דעם שטייערמאן וואָס פיהרט דעם רודער פון דער "נאָטילוס" און אין דער צווייטער איז געווען דיא גרויסע גלענצענדע עלעקטרישע שיף־לאנטערנע, וואָס האָט בעלויכטען דעם וועג.

דער ים איז געווען פּראכטפאָל, דער הימעל קלאָהר און ריין. אונזער לאנגע שיף שפּירט קוים דעם שטויס פון דיא לייכטע וועללען. א שטילער ווינד בלאָזט איבער דיא וואסערען. ארום דעם גאנצען האָריזאָנט זעהען מיר קיין זאך, קיין פעלז, קיין אינזעלע, קיין שיף. פון דער "אייברעהעם לינקאָלן" איז קיין שפּור ניטאָ. מיר זיינען ארומגערינגעלט מיט אן אונענדליכע ים־וויסטעניס.

קאפּיטאן נעמאָ האָט אָנגעשטעלט דעם סעקסטאנט, אום נאך דיא הויכ־קייט פון דער זונן אויסצומעסטען דעם פּונקט פון דער וועלט, וואו דיא שיף געפינט זיך. דער קלאָהרער הימעל האָט געגעבען דיא מעגליכקייט דיא זאך גענוי צו בעשטימען. נעמאָ איז געשטאנען מיט זיין אינסטרומענט אין האנד און האָט ניט בעוועגט מיט קיין גליעד, אקוראט אזוי וויא א מארמאָרנע סטאַ־

דערמאָהנטע צאָהל שטיקער וואסער, אָדער וואסער־בערג. דיא וואָג פון דיא אלע וואסערען איז דריי קווינטעליאָן טאָן.

אום דיעזען צאָהל צו בעגרייפען, דארף מען בערעכענען פאָלגענדעס: א מיליאָן איז טויזענד מאָל טויזענד; א ביליאָן ענטהאלט טויזענד מיליאָנען און א קווינטעליאָן ענטהאלט אזוי פיעל ביליאָנען, וויפיעל א ביליאָן האָט אין זיך איינציגע. דייטליכער געזאָגט הייסט עס, אז א קווינטעליאָן צעהלט א ביליאָן ביליאָנען.

דיא געאָלאָגישע וויסענשאפט וויל האָבען, אז דיא יעצטיגע ערד פלאנעטע איז, געוועהנליך פיליכט מיט מיליאָנען יאָהרען צוריק, בעשטאנען פון א גרוי־סע מאסע פייער. דאָס פייער האָט זיך ביסלעכוויז אָבגעקיהלט, דער דאמפף האָט זיך אָבגעזעצט און דער גאנצער קוגעל ארום און ארום איז בעדעקט געוואָרען מיט וואסער. דאן האָט זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען דאָס טרוקענע לאנד פון אונטער'ן וואסער, פריהער דיא שפיצען פון דיא הויכע בערג, דאן אינזלען, וועלכע זיינען איבער געוויסע אורזאכען פערשוואונדען געוואָרען און זיי האָבען זיך נאכהער צוריק בעוויזען, ביז עס האָבען זיך ענטוויקעלט דיא גרויסע ערד טהיילען, וועלכע מען רופט "קאָנטינענטען", און ענדליך האָט דיא ערד בעקומען איהר געאָגראפישען צושטאנד, וויא מיר זעהען זיא יעצט.

דיא הויפט וואסער־טהיילען, וואָס בעדעקען דעם ערד־קוגעל זיינען פינף גרויסע ימים: דער ארקטישער, אָדער נאָרדליכער אייז־מעער (ים הקרח), אין צפון זייט פון דער וועלט; דער אנטארקטישער אָדער זידליכער אייז־מעער, אין דרום זייט; דער אינדישער, דער אטלאנטישער, און דער פאסיפיק אָקעאן (שטילער ים).

דער שטילער ים פערברייטעט זיך צווישען דיאביידע אייז־מעערען, צווי־שען ארקטישען און אנטארקטישען און צווישען אזיען און אמעריקא אויף 145 גראד פון דער לענג פון דער ערד. דאָס איז אונגעפעהר 10,070 מייל. דיעזער גרויסער וועלט־מעער האָט ניט אומזיסט בעקומען דעם נאָמען "שטילער", וויל ער איז ווירקליך דער שטילסטער און רוהיגסטער פון זיינע ברידער ימים. ער איז א שטאטעק, דיעזער ים. דיא טייכען וואָס שטראָמען דורך איהם זיינען גרויס און ברייט, אָבער זיי פליסען לאנגזאם. זיי זיינען ניט קיין שטיפערס אזוי וויא אנדערע טייכען וואָס לויפען דורך אנדערע ימים און זיי פערהאלטען זיך אזוי וויא גוטע, געהאָרכזאמע קינדער. רעגענס פאלען זעהר אָפט אין יענע וואסער געגענדען. אָט דורך דיעזען ים האָט מיך דער שיקזאל בעשטימט צו מאכען מיין ערשטע רייזע אונטער זאָנדערבארע אומשטענדען.

— מיין הערר! — האָט קאפיטאן נעמאָ צו מיר געזאָגט — אויב איהר ערלויבט, וועלען מיר ערשט פעסטשטעלען דעם אָרט און דעם פונקט פון וועלכען

וואוהין איך האָב דיא אַלע טהיילען און שטיקער פון דער שיף אוועקגעפיהרט. דאָרט האָבען מיינע ארבייטער, דאָס הייסט, מיינע יעצטיגע קאמעראדען, וועלכע זיינען דאָ מיט מיר צוזאמען אויף'ן שיף, אַלעס צוזאמענגעשטעלט און אויסגעפערטיגט, לויט וויא איך האָב זיי געלערענט, און נאָכדעם וויא דיא "נאָטילוס" איז אויפגעשטעלט געוואָרען, האָבען מיר זיא ארונטערגעלאָזט אין וואסער און דורך פייער פערניכטעט דעם לעצטען שפור פון אונזער אַנוועזענהייט אויף'ן אינזעל.

— אויף דיעזען אופן האָט דאָך דיא "נאָטילוס" געמוזט קאָסטען א מאסע געלד? — האָב איך געפרעגט.

— גאנץ געוויס, הערר אראָנאקס! — האָט דער קאפיטאן געענטפערט — יעדע אייזערנע שיף קאָסט געוועהנליך 45 פונט ענגלישעס געלד אָדער בערך 225 דאָלער אמעריקאנישעס געלד פער טאָן, און אז מיין שיף וועגט 1500 טאָן האָט זיא לויט דעם רעכענונג געדארפט קאָסטען 67,500 פונט, עס הייסט 337,500 דאָלער אמעריקאנישעס געלד, היינט וואו זיינען דיא איינריכטונגען און דיא ארבייט, וואָס האָט געקאָסט אריבער 80,000 פונט? און דיא קונסטווערקע און זאמלונגען וואָס בעטרעפען בערך 200,000 פונט?

— נאָך איין פראגע, הערר קאפיטאן.

— אפילו צוויי, הערר פראָפעסאָר. איך וועל אייך אויף אַלעס אנטוואָרט געבען.

— וויא איך הער, זיינט איהר זייער רייך, איז עס אזוי?

— אונענדליך רייך, מיין הערר. ביי מיר וואָלט נאָר א קליינינקייט געווען אויסצוצאָהלען דעם נאציאָנאלען חוב, וואָס פראנקרייך איז שולדיג.

איך בין העכסט ערשטוינט געוואָרען הערענדיג דיא דאָזיגע ווערטער. אזא רייכטהום אין דיא הענד פון א פריוואט פערזאָן איז גאָר אונגעהערט! שפאסט דיעזער מאן, אָדער ער זאָגט עס ערנסט? דאָס איז א זאך וואָס דיא צוקונפט וועט בעווייזען.

14טעס קאפיטעל

# דער שוואַרצער טייך

דער טהייל פון דער ערד, וועלכער איז בעדעקט מיט וואסער, שאצט מען, פערנעהמט דעם שטח פון אריבער אכציג מיליאָן אקער. דיעזע פליסיגע מאסע ענטהאלט אין זיך צוויי ביליאָן צוויי הונדערט און פופציג מיליאָן קוביק מיילען. עס הייסט: ווען מען זאָל דאָס וואסער פון דיא ימים און טייכען וואָס געפינען זיך אויף'ן ערד־קוגעל צושניידען אין שטיקער, א מייל דיא לענג, א מייל דיא ברייט און א מייל דיא הויך, וואָלטען מיר געהאט דיא עבענדער־

ריכטיג וואָס מען זאָגט, אז דער אינזשיניר האָט מעהר אנפערטרויען אויף זיין שיף וויא דער ארכיטעקט וואָס האָט זיא געבויט און דער ארכיטעקט מעהר פון קאפיטאן אליין, דאן קענט איהר א בעגריעף האָבען וויא גרויס עס איז דאָס אנפערטרויען וואָס איך האָב אויף דיעזער שיף און וויא ליעב און וויא טהייער זיא איז ביי מיר, דען איך אליין בין איהר אינזשיניר, איך אליין האָב זיא גע־בויט און איך אליין בין איהר קאפיטאן.

ער האָט דיעזע ווערטער גערעדט מיט א ריהרענדען טאָן און פון טיעפען הארצען. עס איז ווירקליך געווען צו בעמערקען, אז ער ליעבט דיא שיף, אקוראט אזוי וויא א פאָטער ליעבט זיין קינד.

— איהר זיינט אלזאָ אינזשיניר, הערר נעמאָ? — האָב איך געפרעגט.

— יא, מיין הערר! — האָט דער קאפיטאן געענטפערט — איך האָב דיעזע קונסט שטודירט אין לאָנדאָן, פאריז און ניו יאָרק, אין דער צייט ווען איך בין נאָך געווען אן ערד־בעוואָהנער.

— אָבער וויא אזוי איז אייך מעגליך געווען אויפצובויען דיעזע מערק־ווירדיגע שיף, אזוי שטיל אז קיינער זאָל דערפון ניט ערפאהרען?

— גאנץ איינפאך, הערר אראָנאקס, יעדע איינצעלנע שטיק איז געבראכט געוואָרען פון אן אנדער אָרט און אונטער פערשיעדענע פרעמדע נעמען, ווייל איך האָב ניט געוואָלט אז מיין נאָמען זאָל ארויס אין דיא עפענטליכקייט און איך האָב אויך ניט געוואָלט אז יעמאנד זאָל זיך אנשטויסען, דאָס איך נעה עפעס מאכען אָדער בויען. דאָס הינטער־טהייל פון שיף האָב איך בעשטעלט אין דיא בעריהמטע מעטאל פאבריקען פון קרעסאָ, דיא מאשינערי איז געמאכט געוואָרען ביי דער פירמא פען און קאָמפאני, אין לאָנדאָן; דיא שטאָהלענע פלאטען פאר דעם קערפער פון שיף האָב איך געליפערט פון דער פירמא לירד און קאָמפאני, אין ליווערפול; דיא שרובע האָט געמאכט דיא פירמא סקאָט, אין גלאזגאָו; דעם אינדזשען אָדער דיא הויפט מאשינע האָט געמאכט דער בע־ריהמטער פאבריקאנט קרופ אין פרייסען; איינינגע טהיילען פון שיף האָט מען פאבריצירט אין פאריז, נאָך איינינגע אין שוועדען און אין אנדערע מקומות. דיא אינסטרומענטען זיינען פערפערטיגט געוואָרען ביי דיא געברידער הארט אין ניו יאָרק. דיא פלאנען פאר יעדע זאך האָב איך אליין געמאכט און איך האָב מיינע אָרדערס גענעבען אין דיא פאבריקען אונטער פערשיעדענע נעמען.

— אָבער מען האָט דאך דיא אלע שטיקער און טהיילען געמוזט צוזא־מענשטעלען און וויא אזוי האָט איהר עס געקענט מאכען אין געהיים? אזא געביידע קען מען דאך ניט צוזאמענשטעלען אין א שלאָף־צימער! — האָט זיך מיר געוואָלט וויצלען.

— פראָפעסאָר, איך וועל אייך דאָס אויך ערקלערען. איך האָב מיינע ווערק־שטאטען אויפגעשטעלט אויף אן איינזאמען אינזעל, אין וויטען אָקעאן,

שטראהלען. דיעזע שטראהלען דרינגען דורך דיא פענסטער און בעלייכטען דיא וואסערען פון ים אויף א האלב מייל ארום.,

— אויסגעצייכענט! — האָב איך אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — אצינד פערשטעה איך שוין ווארום דאָס וואסער ארום אייער שיף איז שטענ־דיג בעגאָסען מיט אזא שטארקע עלעקטרישע בעלייכטונג, איבער וועלכע פיעלע געלעהרטע האָבען זיך דיא קעפּ צובראָכען טראכטענדיג, און איך בין אויך געוועזען אזוי דום און דאָס אָנגענומען אלס עלעקטרישען ריעזען־נארוואל. ביי דיעזער געלעגענהייט ערלויב איך מיר צו פרעגען: איז דער צוזאמענשטויס צווי־שען אייער "נאָטילוס" מיט דעם דאמפּפער "סקאָשע", איבער וועלכעם דיא גאנצע וועלט איז דאמאָלס אויפגערודערט געוואָרען, געוועזען בלויז א צופאל?

— יא, מיין הערר, א ריינער צופאל. איך בין דאן געפאָהרען אייניגע פוס טיעף אונטער'ן וואסער און דער צוזאמענשטויס איז געקומען. אָבער איך האָב באלד געזעהן, אז קיין גרויס געפאהר איז דערפון ניט ארויסגע־קומען.

— דאָס איז ריכטיג, קאפּיטאן! אָבער דער שאדען וואָס איהר האָט געמאכט צו דער "אייברעהעם לינקאָלן"?

— הערר פּראָפעסאָר! עס טהוט מיר זעהר לייד וואָס איך האָב עס גע־טהאָן, אָבער איך בין דערצו געוועזען געצוואונגען. מען האָט מיך אָנגעגריפען און איך האָב זיך געמוזט פערטהיידיגען. איך האָב דיא פריגאטע בלויז אויף אזוי פיעל געשאדעט, אז זיא זאָל מיך ווייטער ניט קענען פערפאָלגען, אָבער דער שאדען איז ניט גרויס און מען וועט דיא שיף קענען פעררייכטען און אין אָרדנונג ברייגנען, אָהן פיעל מיה און קאָסטען, ווען זיא וועט דעם ערשטען האפען ערגרייכען.

— איך מוז אייך זאָגען, קאפּיטאן, אז אייער "נאָטילוס" איז ווירקליך א וואונדערבארע שיף! —האָב איך אויסגערופען און איך בין געוועזען אויסער זיך פון דיא אלע ערקלערונגען וואָס דער קאפּיטאן האָט מיר געגעבען.

— יא, הערר פּראָפעסאָר! — האָט נעמאָ געזאָגט — און איך ליעב דיעזע שיף אזוי וויא מיין פלייש אין בלוט. דיא בעסטע פון אייערע שיפען זיינען אונטערוואָרפען פערשיעדענע צופעלע און געפאהרען. מען איז מיט קיין שיף ניט זיכער צו פאָהרען אויף'ן ים. צו יעדע צייט קען פּאסירען א צוזא־מענשטויס צווישען צווייא שיפען; צו יעדער צייט קען אויף יעדע שיף דער דאמפּף־קעסעל פּלאצען; צו יעדער צייט קען א שטורם פעראונגליקען א שיף, וועהרענד מיין "נאָטילוס" איז פון אלעם געזיכערט. אונז קען דאָ קיין אונגליק טרעפען. קיין שיף וועט זיך מיט אונז ניט צוזאמענשטויסען, קיינע שטורמס פּאַ־סיר'ען ניט אונטען אין וואסער און אונזער קעסעל וועט קיינמאָל ניט פּלאצען. אָט דאָס, מיין הערר, איז א שיף וויא א שיף דארף זיין! און אויב עס איז

לויתן. אָבער יעצט ערקלערט מיר נאָך א זאך: וויא אזוי קען דער שטייערמאַן, דער מאן וואָס פיהרט דעם רודער, זייענדיג אין דער פינסטער אין מיטען וואסער, זעהן וויא צו רודערען דיא שיף וואוהין איהר הייסט איהם?

— וויא אזוי דער שטייערמאן קען זעהן? — האָט דער קאפיטאן האלב סארקאסטיש געענטפערט — ער איז דאָך ניט קיין בלינדער!

— אָהן שפאס, הערר קאפיטאן, איך קען דאָך ניט פערשטעהן וויא אזוי מען קען עפּעס זעהן זייענדיג אין דיא טיפענים פון ים!

— דער שטייערמאן — האָט נעמאָ געלאסען געענטפערט — האָט א בע־זאָנדערע ליכטיגע שטיבעל מיט פענסטער, דורך וועלכע ער קען לייכט זעהן וואָס אויסער דער שיף טהוט זיך, אזוי גוט וויא מען קען עס זעהן אין דער הויך אויף'ן ים.

— פענסטער? — האָב איך זיך געוואונדערט — איז דען מעגליך, אז גלאָז זאָל אויסהאלטען אזא וואסער דרוק?

— ווארום ניט? א גלאָז, וועלכע מען קען גאנץ לייכט צוברעכען איז אין דיעזער הינזיכט גאנץ שטארק. גלאָז האָט אזא מין נאטור אייגענשאפט, אז מיט א האלב־פונטיגען שטיינדעל קען מען עס צושמעטערען, און א וואסער־דרוק קען עס איבערטראָגען גאָר א שטארקען. ביי דיא וויסענשאפטליכע פישער־ריי פראָבען, וואָס זיינען געמאכט געוואָרען אין יאָהר 1864, איז בעוויזען געוואָרען, אז שטיקער גלאָז וואָס זיינען געווען עטוואָס מעהר וויא א פיערטעל אינטש דיק, האָבען געקענט אויסהאלטען א פּרעסונג פון 15 אטמאָספערעס. דיא שויבען פון מיין שטייערמאן'ס צימער זיינען אָבער דרייסיג מאָל אזוי דיק און איהר קענט שוין פערשטעהן וואָס פאר א וואסער־דרוק זיי קענען אויסהאלטען.

— רעכט! איז מיר שוין דיעזע פראגע אויך פערענטפערט. אָבער איהר זיינט נאָך, הערר קאפיטאן, מיט מיר ניט פערטיג. מיינע פראגען האָבען זיך נאָך אלץ ניט אויסגעשעפּט און איך מוז נאָך א פראגע שטעלען, אויב נור דאָס איז אייך ניט צו לאסט.

— איהר קענט פרעגען, הערר פּראָפעסאָר. מיינע אנטוואָרטען האָבען זיך נאָך אויך ניט אויסגעשעפּט און איך וועל אייך זיכער ענטפערען.

— איך פערשטעה אָבער ניט — האָב איך געזאָגט — וויא אזוי קען דער שטייערמאן דאָך זעהן דעם רודער אין פינסטערען ים? טיעף אין וואסער איז דאָך פינסטער, היינט וואָס קענען איהם העלפען דיא גלעזערנע שויבען?

— א וויכטיגע פראגע! — האָט דער קאפיטאן צוגעגעבען — אָבער איך וועל עס אייך פערענטפערען. הינטען אין דעם שטייערמאן'ס הייזעל געפינט זיך א ריפלעקטאָר פון א שטארקע עלעקטרישע ליכט, וועלכע ווארפט ליבטיגע

צוריק אין מעער. איך האב אייך שוין פריהער ערקלערט, אז אין דיא רעזער־וואוארען זיינען פאראן נומערען, וועלכע צייגען מיר וויפיעל טאנען וואסער איך האב אין זיי, און ווען איך וויל דיא שיף אויפהויבען אויף א געוויסע שטרעקע, ווייס איך גענוי וויפיעל וואסער ארויסצולאזען, אום צו מאכען דיא שיף לייכטער. וויל איך זיך אויפהויבען גאר אין דער הויך, פומפע איך אויס דאס גאנצע וואסער.

— אבער דאס איז מיר אונפערשטענדליך! — האב איך זיך אבגערופען — ווען איהר געפינט זיך צוםביישפיעל דריי טויזענד פוס טיעף אין וואסער, דאן מוזען דיא ווענד פון דער "נאטילוס" אויסהאלטען דעם דרוק פון אומגעפעהר הונדערט אטמאספערעס, דאס הייסט דיא פרעסונג פון 1500 פונט אויף יעדער קווארראט אינטש. מילא, דיא שיף אליין, האט איהר מיר שוין ערקלערט, האט בכח עס איבערצוטראגען, אבער וויא אזוי קענען אייערע פומפען טרייבען דאס וואסער פון דיא רעזערוואוארען געגען אזא מעכטיגער קראפט? מען דארף דאך דערצו האבען א קראפט פון —

— איהר פערשפארט צו רעכענען! — האט מיך נעמא פערכאפט — איהר ווייסט ניט, הערר פראפעסאר, דיא קראפט פון מיין עלעקטריציטעט, וואס איז אימשטאנד נאך פיעל גרעסערע גבורות צו בעווייזען. דיא קראפט פון מיינע מאשינען זיינען אונבעגרענעצט. איהר, זייענדיג אויף דער "אייבערעהעם לינקאלן" האט דאך געמוזט שפירען מיט וואס פאר א קראפט דיא "נאטילוס" שיסט איהרע וואסער שטראמען. איבריגענס, בענוץ איך זעהר זעלטען דיא רעזערוואוארס מיט דיא פומפען, סיידען ווען איך וויל זיך ארונטערלאזען אויף עטליכע מייל טיעף, דאן פיל איך אן דיא וואסער־בעהאלטערס און איך ווענד אן דיא מיטלען וואס איך האב אייך ערקלערט; ווען אבער איך וויל זיך ניט ארונטערלאזען אזוי טיעף, האב איך אנדערע מיטעל, דורך וועלכע איך פיהר עס דורך.

— וואס נאך פאר א מיטעל האט איהר, הערר קאפיטאן? — האב איך נייגעריג געפרעגט.

— איך וועל עס אייך ערקלערען — האט נעמא גוטמוטהיג געענטפערט — מיין שיף האט, אזוי וויא אנדערע שיפען, א רודער, דורך וועלכען מען קירעוועט זיא רעכטס אדער לינקס, אדער מען לאזט איהר געהן אין א גלייכע ריכטונג. אבער דער רודער איז אזוי איינגעריכטעט, אז מען קען דורך איהם ארונטערלאזען דיא שיף אונטער'ן וואסער און אויך אויפהויבען זיא ארויף. איך קען מיין "נאטילוס" קירעווען אקוראט וויא מען קירעוועט א באלון, אז איך וויל הויב איך זיא אויף און אז איך וויל לאז איך זיא ארונטער.

— בראווא, קאפיטאן! — האב איך העכסט ענטציקט אויסגערופען — איצט ווייס איך שוין כמעט אלע געהיימניסע פון מיין געמיינטען לעבערינגען

ניט זעהן, לאז איך אן 150 טאן וואסער און ווען איך וויל זיא זינקען טיעפער, לאז איך אריין מעהר וואסער.

— גוט, קאפיטאן! — האב איך זיך אבגערופען — איך פערשטעהע אבער אלץ ניט, וויא אזוי איהר קענט זיך ארונטערלאזען גאנץ טיעף אין ים? ווען איהר קומט ארונטער, לאמיר זאגען, דרייסיג פוס טיעף אונטער'ן וואסער, האט איהר דארט דעם דרוק פון איין אטמאספערע, וואס מאכט אויס פופצעהן פונט אויף יעדער סקווער אינטש. טרייבט ניט דיעזער דרוק דיא שיף אויף צוריק אין דער הויך? איז אייך גענוג דיא פראפארציאן וואג וואס איהר האט אויסגערעכענט צו מאכען אייער שיף זינקען אין דיא טיעפענים? מיר דאכט, אז אום ווידערצושטעהן דעם דרוק אין דיא טיעפענים האט איהר דיא גאנצע שיף געדארפט אנפילען מיט וואסער.

— ענטשולדיגט, הערר פראפעסאר! — האט זיך נעמא אבגערופען — איהר האט א גרויסען טעות, ווען איהר מישט צוזאמען סטעטיקס (דיא לעהרע פון גלייכגעוויכט) מיט דאינעמיקס (דיא קראפט־לעהרע). איהר פערגעסט גאר, הערר ארנאקס, אז עס איז א געזעץ פון דער נאטור, דאס יעדער קערפער ציהט ארונטער. נאטירליך, ווען דער געגענשטאנד איז שווערער איז דיא קראפט צו זינקען פאר איהם שטארקער. איהר מוזט אויך געדענקען, אז דאס וואסער איבער מיין שיף שפארט זיא אויך ארונטער. דאס וואסער וואס ליגט אויבען אויף איהר דעק פרעסט איהר און דיא נאטור אליין טרייבט איהר אויך אלץ ניעדעריגער. היינט בערעכענט דיעזע ביידע קרעפטע און איהר וועט גאנץ לייכט אויסגעפינען, אז אום צו זינקען דיא "נאטילוס" טיעף, ברויך איך גאר ניט אזוי פיעל משא וויא צו לאזען איהר זינקען אויף דער צעהנטעל, וואס שטעקט ארויס פון וואסער. וואס דיא שיף געהט ארונטער ניעדעריגער, אלץ וויניגער געוויכט ברויכט מען, לויט דיא פראפארציאן צו צוגעבען, אום ארונטערצולאזען זיא ווייטער, ווייל וואס מעהר וואסער זיא האט אויף זיך, אלץ לייכטער זינקט זיא. איהר קענט שוין אלזא לייכט איבערצייגט זיין, אז איך ברויך ניט אזוי פיעל משא וויא איהר דענקט, און ווען אפילו איך זאל עס יא מוזען האבען, וואלט אויך קיין מניעה ניט געווען, ווייל איך האב צו יעדע צייט דיא מעגליכקייט ארײנצולאזען אין מיינע וואסער־בעהעלטער הונדערטע טאנען וואסער אין א מינוט.

— זעהר גוט, הערר קאפיטאן! — האב איך געזאגט — אצינד פערשטעה איך שוין, וויא אזוי איהר קענט זיך האלטען אין יעדע שיכטע וואסער און וויא אזוי איהר קענט זיך ארונטערלאזען טיעפער. אבער ערלויבט מיר אצינד פרעגען: וויא אזוי הויבט איהר זיך אויף צוריק?

— גאנץ איינפאך! — האט נעמא געענטפערט — אין דיא וואסער־בעהאלטערס האב איך פומפען, מיט וועלכע איך פומפע ארויס דאס וואסער

א וועג אין וואסער. דיא לענג פון מיין שיף איז 232 פוס און דיא ברייט — 26 פוס. עס הייסט אלזאָ אז דער שטח פון איהר פערנעהמט 6032 קוואדראט פוס. מעססטענדיג דיא הויך אויך ענטהאלט זיא 45,000 קוביק פוס. דיא וואָג פון דער "נאָטילוס" איז 1500 טאָן.

— ווען איך האָב געמאכט דיא פלאנען פאר דיזער אונטערוואסערדיגער שיף, האָב איך געוואָלט אז זיא זאָל ביי איהר געוועהנליכע האלטונג שטעהן נײַן חלקים אין וואסער און איין צעהנטעל פון איהר קערפער זאָל זיין אויבען, איבער דיא אָבערפלעכע פון ים. איך האָב דעריבער אזוי אויסגעמאָסטען און אויסגעוואויגען, אז עס זאָל שטימען פונקט נאָך מיין פערלאנג.

— דיא "נאָטילוס" איז א דאָפעל־שיף. אין איהר אויסערליכען קערפער־ איז אריינגעשטעלט נאָך איינער, אן אינערליכער, וועלכער איז צוזאמענגע־ שלאָסען מיט'ן אויסערליכען מיט שטארקע, דויערהאפטע קלאמערס. דיא וואנד פון דער שיף זיינען געמאכט פון שטארקען, געדיכטען שטאָהל און זיינען שטארק גענוג איבערצוטראָגען דעם דרוק פון וואסער אין דיא טיעפענים פון ים. דיא אויסערליכע וואנד זיינען צוויי און א האלב אינטש דיק און דיא אינער־ ליכע זיינען נאָך פיעל דיקער. אויסער דעם זיינען דיא וואנד און דער אויי־ בערשטער און אונטערשטער דעק גלייך אין אלע הינזיכטען, אין דיא דיק פון דיא פלאטען, אין וואָג און אין דיא אייגענשאפט פון דעם מאטעריאל. דאָס גלייכגעוויכט מאכט אלזאָ, אז דער דרוק פון וואסער זאָל אויף אלע זייטען האָבען דיא זעלבע ווירקונג און דאָס מאכט דעם דרוק אונשעדליך. פאָלגליך, קען איך זיך מיט מיין שיף ארונטערלאָזען וויא טיעף עס זאָל ניט זיין און זיא וועט אלץ וויעדערשטעהן דעם דרוק פון דיא וואסער. אצינד ווילט איהר וויסען, וויא אזוי איך לאָז דיא "נאָטילוס" ארונטער און וויא אזוי איך הויב זיא אויף? איך וועל עס אייך ערקלערען.

דער קאפיטאן האָט זיך א ביסעל אָבגערוהט, דאן האָט ער פאָרטגעזעצט:

— איך האָב אייך שוין ערקלערט, אז דער געוועהנליכער שטאנד פון מיין שיף איז מיט א צעהנטעל פון איהר קערפער איבער'ן וואסער. דיא שיף וועגט 1500 טאָן, הייסט עס אלזאָ אז 150 טאָן פערבלייבט אויף דער אָבער־ פלעכע פון ים. אצינד, אז איך וויל זיא ארונטערלאָזען ביז'ן אויבערשטען דעק אין וואסער, מוז איך אין שיף צוגעבען 150 טאָן משא. צו דיעזען צוועק איז געמאכט געוואָרען דער אינערליכער בעזאָנדערער טהייל פון דער שיף, וואָס איך האָב אייך פריהער געזאגט. דאָרט האָב איך גרויסע רעזערוואוארס אָדער וואסער־בעהאלטער, אין וועלכע איך לאָז אָן וואסער דורך גרויסע קראנען וואָס געפינען זיך אין דיא וואנד. אין דיא רעזערוואוארס זיינען פאראן נומע־ רען, וועלכע צייגען מיר, וויפיעל טאָן וואסער זיי ענטהאלטען. ווען איך וויל, צום ביישפיעל, ארונטערלאָזען דיא שיף אזוי, אז מען זאָל זיא פון אויבען

קראפט פון מיין עלעקטריציטעט קען מאכען דעם גרויסען ראָד ארומצודרעהען זיך 120 מאָל אין א סעקונדע.

— און וויא שנעל לויפט דאן אייער שיף?

— פופציג מייל א שטונדע.

— קאפיטאן נעמאָ! — האָב איך צו איהם געזאָגט — איך קוק מיט גרויס בעוואונדערונג אויף אלעס וואָס דאָ טהוט זיך, אָבער וויא אזוי דאָס ווערט געטהאָן, קען איך נאָך אלץ ניט בעגרייפען. שטעהענדיג אויף'ן דעק פון דער "אייבערעהעם לינקאָלן" האָב איך געזעהן וויא אייער שיף מאנעווירט און איך האָב שוין געקענט משער זיין וויא שנעל זיא איז. איך פערשטעה, אז אן אונגעהייער שטארקער עלעקטרישער שטראָם טרייבט דיא שרובע פון דער "נאָטילוס", אָבער דאָס אליין איז דאָך ניט גענוג. איהר מוזט דאָך אויך קענען זיא קירעווענען רעכטס און לינקס און זיך ארונטערלאָזען און צוריק ארויף־שווימען אויבען. וויא אזוי קענט איהר דערגרייכען דיא גרויסע טיעפענים פון ים, וואו דער דרוק איז אפשר אזוי שטארק אזוי וויא פון הונדערט אטמאָס־פערעס? וויא אזוי און מיט וואָס פאר אן אופן שווימט איהר צוריק ארויף? און וויא אזוי פערבלייבט איהר שטעהן אין מיטען פון דיא טיעפענים פון ים? פרעג איך צופיעל?

— ניין, הערר פראָפעסאָר! — האָט דער קאפיטאן געענטפערט נאָך א קורצען בערענקען זיך — יעדענפאלס געהט איהר נאָך ניט ארונטער פון דיעזער שיף. איהר וועט דאָך דאָ נאָך פערבלייבען א שטיקעל צייט. קומט מיט מיר אין זאאל און דאָרט וועל איך אייך ערקלערען אלעס וואָס איהר ווילט וועגען דער "נאָטילוס" וויסען.

13טעס קאפיטעל

## קאַפּיטאַן נעמאָ'ס חשבונות

א קורצע ווייַלע נאָכדעם זיינען מיר געזעסען בעקוועם אויף א דיוואן אין זאאל און גערויכט אונזערע סיגארען. דער קאפיטאן האָט מיר אין דער זעלבער צייט געצייגט דיא פּלאנען און צייכנונגען נאָך וועלכע דיא "נאָטילוס" איז געבויט געוואָרען. דאן האָט ער אָנגעפאנגען:

— אצינד, הערר אראָנאקס, וועל איך אייך געבען מעהר אויסקינפטע וועגען דער שיף, אויף וועלכע מיר געפינען זיך, און אלע קשיות וואָס איהר פרעגט וועלען פערענטפערט ווערען.

— דיא "נאָטילוס" איז געבויט אין דער פאָרמע פון א לאנגען סילינדער, פון וועלכעןביידע זייטען זיינען אָבגעשפּיצט. דיעזע פאָרמע איז אָנגענומען פאר'ן געבוי פון שיפען, ווייל דאָס מאכט דער שיף לייכטער דורכצושניידען

פערבייגעהענדיג וויטער, האָב איך געזעהן אין א בעזונדערע קליינע קאיוטע מיין דיענער קאָנסייל און נעד לענד, וועלכע זיינען געזעסען און געגעסען זייער מאָהלצייט מיט'ן גרעסטען אפעטיט. פון דאָרט האָט זיך געעפענט א טהיר אין קיך, וועלכע איז געווען ניין פוס לאנג. דיא קיך איז געשטאנען צווישען צוויי שפייז־קאמערן. דאָרט האָב איך געזעהן וויא דיא עלעקטריציטעט ערפילט אלע ארבייט וואָס זיינען נויטיג צום קאָכען. דיא דראָטען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אונטער'ן אויווען, האָבען דערהיצט אזעלכע רעהרען אין וועלכע דיא ווארימקייט האלט זיך לאנג און רעגעלמעסיג. דיא עלעקטריק האָט אויך געווארעמט דיסטילאציאָן־אפאראטען, וועלכע האָבען דיסטילירט דאָס וואסער פון ים, ארויסגעצויגען דיא זאלצען און פערשיעדענע כעמישע שטאָפען און געמאכט דערפון פאָרטרעפליכעס געשמאקעס וואסער צום טרינקען און צום קאָכען. פון קיך האָט מיך דער קאפיטאן אריינגעפיהרט אין א באדע צימער, מיט הייסע און קאלטע וואסער און מיט אלע בעקוועמליכקייטען, וואָס א באדע צימער אין דער רייכסטער הויז קען האָבען.

ביים קיך איז געווען נאָך א גרויסער צימער, אין וועלכען דיא מאנשאפט פון שיף האָבען געוואָהנט און געשלאָפען. אָבער איך האָב ניט געהאט דיא געלעגענהייט אריינצוקומען אינוויינינג, ווייל דיא טהיר איז געווען פערשלאָסען און איך האָב דארום ניט געקענט וויסען וויפיעל מענשען אויף דער "נאָטילוס" געפינען זיך.

א וואסער־זיכערע וואנד האָט זיך געצויגען צווישען דיעזען צימער און דאָס מאשינען־צימער. עס האָט זיך געעפענט א טהיר און איך בין אריינגעקומען אין יענעם צימער, וואו עס איז געלעגען דער הויפט לעבען, דיא נשמה פון דער מערקווירדיגער שיף. יענער צימער איז געווען מעהר וויא זעכציג פוס לאנג, אלזאָ דער גרעסטער צימער פון שיף. דאָרט זיינען געווען צוויי בעזונדערע אָבטהיילונגען. אין איין אָבטהיילונג האָט מען פאבריצירט דיא עלעקטריציטעט און אין צווייטען זיינען געווען דיא מעכאנישע איינריכטונגען און אינסטרומענטען, דורך וועלכע דיא "נאָטילוס" איז געטריבען געוואָרען. איך האָב אלעס אויפמערקזאם בעטראכט, ווייל איך האָב געוואָלט וויסען וויא אזוי דיא מאשינערי ארבייט.

ווערהענד איך האָב מיט גרויס אינטערעס בעטראכט דיא עלעקטרישע מאשינערי, האָט דער קאפיטאן צו מיר געזאָגט:

— וויא איהר זעהט, בענוץ איך דיא עלעמענטען וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען פון דעם כעמיקער בונזען, ווייל זיי זיינען פיעל בעסער און שטארקער וויא דיא וואָס ווערען געוועהנליך געברויכט נאָך רוהמקאָרף'ס סיסטעמע. מען קען דיא עלעקטרישע מאשינע אָנשטעלען וויא מען וויל, שטארקער אָדער שוואכער און טרייבען דיא שיף שנעלער אָדער לאנגזאמער. דיא העכסטע

צווישען צוויי וואסער־זיכערע ווענד דערזעהן אן אייזערנעם ליטער, וואס האט געפיהרט ארויף צום דעק. איך האב געפרעגט דעם קאפיטאן, צו וואס דיעזער ליטער ווערט בענוצט.

— דיעזער ליטער — האט דער קאפיטאן געזאגט — פיהרט צו א קליינע שיפעל.

— וויא? — האב איך פערוואונדערט געפרעגט — איהר האט אויף דער "נאטילוס" א קליינע שיפעל אויך?

— געווים! און אן אויסגעצייכענטע, לייכטע און זיכערע שיפעל! מיר בענוצען זיא צו פאהרען שפאציערען אדער צו פאנגען פיש.

— אבער אויף אזא אופן מוזט איהר דאך מיט דער "נאטילוס" ארויפ־שטייגען פון אויבען אויף דער אבערפלעכע פון ים, אום אריינצוזעצען זיך אין שיפעל.

— ניין, ניט נויטיג! דאס שיפעל געפינט זיך אויבען אין א בעזונדער פערמאכטען צימער אונטער'ן דעק. דער צימער איז ארומרינגעלט מיט וואסער־זיכערע ווענד. איך קום אריין אין יענעם צימער און שליס הינטער זיך דיא אינוויינינגסטע טהיר. דאס שיפעל זעלבסט איז אויך ענג פערמאכט פון אלע זייטען אזוי, אז קיין טראפען וואסער זאל אין איהר ניט קענען אריינדרינגען. ווען איך געה אריין אין שיפעל און איך פערמאך פעסט דיא טהיר, גיב איך א געוויסען צייכען דורך אן עלעקטרישען דראט און מיינע לייטע עפענען מיט אן אינוויינינגסטע שרובע דעם אויסערען דעק און מיין שיפעל שיסט ארויף אין דער הויך אזוי וויא א פייל פון בויגען. איהר ווייסט דאך, אז יעדער קערפער וואס ענטהאלט אין זיך לופט ווערט פון וואסער דרוק גע־טריבען ארויף, און דארום שטייג איך ארויף אויגענבליקליך פון דיא גרעסטע טיעפענים. קומענדיג פון אויבען אויף דער אבערפלעכע פון ים, נעהם איך ארונטער דעם צודעק פון שיפעל, שטעל אן דיא זעגלען מיט'ן רודער און איך לאז זיא שווימען וואו איך וויל.

— אבער וויא אזוי קומט איהר צוריק צו דער "נאטילוס"?

— איך קום ניט צו איהר, הערר ארנאקס, נור זיא קומט צו מיר.

— וויא אזוי?

— אויף מיין ארדער.

— אויף אייער ארדער?

— יא! אן עלעקטרישער דראט האלט שטענדיג דאס שיפעל אין פערבינ־דונג מיט דער גרויסער שיף און איך קען שטענדיג שיקען מיינע בעפעהלע דורך אזא מין טעלעגראמע.

— ווירקליך? — האב איך העכסט ענטציקט אויסגערופען — דאס איז דאך אזוי איינפאך, אז איינפאכער קען גאר ניט זיין.

נאָכ'ן איטאליענישען סיסטעם, אין 24 שטונדען, ניט אין 12, אזוי וויא דיא געוועהנליכע זייגערס, ווייל פאר מיר איז קיין אונטערשיעד ווען עס איז נאכט און ווען עס איז טאָג; איך דארף ניט וויסען ווען דיא זונן געוועלטיגט און ווען דיא לבנה נעהמט איבער דיא הערשאפט. מיין אייגענע עלעקטרישע בעלייכ־טונג מאכט מיר ליכטיג בייטאָג אזוי גוט וויא ביינאכט. איך דארף בלויז וויסען דיא מעת לעת'ן און דאָס צייגט מיר מיין זייגער זעהר גוט. זעהט איהר? ערשט איז צעהן דער זייגער אין דער פריה.

— יא, גאנץ ריכטיג.

— דאָ האָב איך נאָך אן עלעקטרישען אינסטרומענט, וואָס איז מיר העכסט נויטיג. זעהט איהר דיא ציפער־בלאט וואָס שטעהט פאר אונזערע אויגען? דאָס ווייזט מיר צו יעדע צייט וויא שנעל דיא "נאָטילוס" פאָהרט. אן עלעקטרישער דראָט ברענגט איהר אין פערבינדונג מיט דער שרובע און דער ווייזער צייגט וויא שנעל דיא שיף לויפט. יעצט פאָהרען מיר מיט דיא מעסיגע געשווינדקייט פון פופצעהן מייל א שטונדע.

— וואונדערבאר, העכסט וואונדערבאר! איך זעה, קאפיטאן, אז ווען מענשען אויף דער ערד וואָלטען אזוי פיעל געוואוסט אויסצונוצען דיא קראפט פון עלעקטריציטעט, וואָלטען זיי דערפון מעהר נוצען געהאט וויא פון ווינד, וואַ־סער און דאמפף.

— מיר זיינען נאָך ניט פערטיג, הערר אראָנאקס! — האָט קאפיטאן נעמאָ געזאָגט אויפהויבענדיג זיך — אויב איהר האָט חשק יעצט צו געהן מיט מיר, וועל איך אייך ציינען דאָס הינטערשטע טהייל פון שיף.

אין דיא ריכטיגקייט האָב איך ביז ערשט בלויז דאָס פאָדערטהייל פון דיעזער אונטערוואסערדיגער שיף געזעהן. דיא אלע צימערען וואָס זיינען שוין אויבען בעשריבען, צורעכענענדיג דערצו א גרויסען רעזערוואואר פאר געפרעסטע לופט און דיא וואסער־זיכערע וועגד און טהירען וואָס זיינען געשטאָנען צווי־שען איין צימער און דעם אנדערען און האָבען פערנומען א היבשען פלאץ, איז בלויז געווען דער פאָדערטהייל פון דער "נאָטילוס" און עס האָט פערנומען 105 פוס דיא לענג. דיא שיף איז אָבער געווען פיעל מעהר וויא צוויי מאָל אזוי פיעל לאנג און איך האָב נאָך דיא גרעסערע העלפט אלזאָ ניט געזעהן. דיא טהירען פון דיא וואסער־זיכערע וועגד זיינען דורך אזעלכע ראָבער (גומי) אינ־סטרומענטען אזוי פעסט און שטייף פערמאכט געוואָרען, אז קיין טראָפען וואסער האָט דורך זיי ניט געקענט דורכדרינגען. דאָס איז געמאכט געוואָרען אלס בע־וואָהרעניס, אז קיין וואסער זאָל ניט אריינדרינגען אין א צווייטען צימער אין פאַל, ווען אין איין צימער זאָל אריינקומען וואסער.

איך בין מיט קאפיטאן נעמאָ געגאנגען דורך דעם קאָרידאָר פון פאָדערס־טען טהייל, ביז מיר זיינען געקומען צום מיטעל־פונקט פון שיף. דאָרט האָב איך

— הערר פראָפעסאָר, איך פערשוועגד קיין עלעקטריציטעט אום דיא כלאָראָ־סאָדא פון וואסער צו בעקומען. איך מאך עס איינפאך מיט דיא היין פון שטיין־קאָהלען.

— שטיין־קאָהלען, דאָ אין מיטען ים?

— רופט עס ים־קאָהלען!

— עס הייסט אלזאָ, אז איהר נעהמט קאָהלען פון דיא מינעס וואָס געפינען זיך אונטער'ן גרונד פון ים?

— הערר אראָנאקס, איהר וועט מיט דער צייט זעהן דורך וועלכע מיטעל איך מאך דאָס. האָט געדולד און ווארט. פאָרלויפיג איז פאר אייך גענוג צו וויסען, אז איך דארף צו דער טרוקענער ערד מיט קיין זאך ניט אָנקומען, ווייל אלעס גיבט מיר דער ים. ווארעמקייט, ליכט, בעוועגונג און אלעס וואָס איך געברויך, קורץ — דאָס גאנצע לעבען.

— אָבער ניט קיין לופט צו אָטהעמען! — האָב איך זיך אָבגערופען.

— דאָס איז פון דיא קליינע זאכען! — האָט דער קאפּיטאַן געענטפערט — איהר ווייסט דאָך, הערר פּראָפעסאָר, אז לופט קען מען אימער פאברי־צירען פון געוויסע כעמישע שטאָפען, אָבער מיר איז עס ניט נויטיג, דען איך קען צו יעדע צייט ארויפשטייגען אין דער הויך אויף'ן וואסער און אָנשעפּען פרישע לופט, דאָך האָב איך אין דיעזער הינזיכט אויך נוצען פון עלעקטרי־ציטעט. איך האָב דאָ אויף מיין שיף גרויסע פּומפּען, וועלכע ווערען געטריבען פון עלעקטריציטעט: דיעזע פּומפּען פרעסען צוזאמען פיעל לופט אין פעסט און ענג פערמאכטע קאסטענס און מיר האָבען שטענדיג א גרויסען זאפּאס פון לופט, אום מיר זאָלען קענען פערבלייבען אונטער'ן וואסער א לענגערע צייט.

— קאפּיטאַן! — האָב איך אויסגערופען — אייערע ערקלערונגען זיינען ווירקליך איבערראשענד. איך זעה אז איהר האָט ענטדעקט אזעלכע זאכען, וואָס מענשען וועלען נאָך דארפען לאנג ארבייטען ביז זיי וועלען עס דערגעהן.

— איך ווייס ניט, אויב זיי וועלען עס דערגעהן! — האָט דער קאפּיטאַן מיט א קאלטע מינע געענטפערט — נור וויא דיא זאך איז, האָט איהר ערשט א פּאָלשטענדיגען בעגריף וועגען דיא קראפט וואָס ווערט אויף דער "נאָטילוס" אָנגעווענדעט. דאָס לעבען פון מיין שיף ווערט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען און שטענדיג קען זיא זיך אזוי בעוועגען און שטענדיג קענען מיר אין איהר פער־בלייבען און געניסען דיא בעסטע בעקוועמליכקייטען, וועלכע מען קען אויף דער הארטער ערד ניט בעקומען.

— אצינד — האָט דער קאפּיטאַן פאָרטגעזעצט נאָך א קורצען שטיל־שווייגען — בעטראכט נור דיעזען זייגער. ער איז אויך עלעקטריש און דורך דיעזע קראפט געהט ער אזוי רעגעלמעסיג, אז קיין כראָנאָמעטער אין דער וועלט קען זיך מיט איהם ניט פערגלייכען. איך האָב איהם איינגעטהיילט,

מיר נור איין איינציגע פראגע צו שטעלען, און אויב מיין פראגע איז ניט פאסענד, וועל איך צו אייך גאר ניט האָבען, אויב איהר וועט מיר קיין אנטוואָרט געבען. וואו נעהמט איהר אייגענטליך דיא שטאָפען און מאטעריאלען, וועלכע מען מוז האָבען ארויסצוברייגנען עלעקטריציטעט, וויבאלד אז איהר האָט קיין פערבינדונג מיט דער ערד? וואו בעקומט איהר, צום ביישפיעל, צינק, וואָס ווערט דערצו געברויכט?

— איך וועל אייך ערקלערען, צוערשט וועל איך אייך זאָגען, אז אויף'ן גרונד פון ים געפינט איהר ניט נור צינק, זאָנדערען גאנצע מינעס פון פערשיעדענע מעטאלען, וויא אייזען, גאָלד, זילבער און פיעלע אנדערע מעטאלען זיינען דאָרט פאראן לרוב. מען קען זיי דאָרט גאנץ לייכט זאמלען, פיעל לייכטער איידער ארויסציהען זיי פון דער ערד. אָבער איך געברויך דיעזע מעטאלען ניט. אום מיין עלעקטריציטעט צו בעקומען האָב איך א פיעל בעסערען און פראקטישערען מיטעל. איך דארף זיך זאָגאר ניט ארונטערלאָזען אויף'ן גרונד פון ים צו זוכען איהם, ווייל איך קריג איהם צו יעדער צייט אָהן שווערע מאטערנים און מיה.

— פון וואָס בעשטעהט אייער מיטעל, אויב מיר איז ערלויבט עס צו פרעגען?

— פון וואסער פון ים! — האָט דער מערקווירדיגער מענש געענטפערט מיט בעגייסטערונג — איהר ווייסט דאָך וואהרשיינליך, אז אין ים וואסער געפינען זיך פערשיעדענע כעמישע שטאָפען, וויא צום ביישפיעל: כלאָר־סאָדיום, כלאָר־מאגנעזיום, זאלץ־זויערע קאלי, בראָם־מאגנעזיום, שוועפעל־זויערע און קאָהלען־זויערע פון קאלך. כלאָר־סאָדא ענטהאלט דאָס וואסער א גרעסערען פראָצענט וויא דיא איבעריגע שטאָפען און פון דיעזען שטאָף ציה איך דאָס נויטיגע צו מיין עלעקטריציטעט.

— כלאָר־סאָדא? — האָב איך ערשטוינט געפרעגט.

— גאנץ געוויס, מיין הערר! איך מיש עס מיט קוועק־זילבער און איך האָב אן עלעמענט וואָס איז פאָרטרעפליך פאר מיין ציעל. קוועק־זילבער נוצט זיך ניט אויס, נור דיא כלאָר־סאָדא ווערט פערברויכט, און דאָס בעקום איך פיעל איך דארף פון ים. איך וויל אייך אָבער נאָך א זאך בעמערקען, אז דער עלעקטריציטעט וואָס איך בעקום ארוים פון דיעזען שטאָף איז צוויי מאָל אזוי שטארק וויא דער וואָס מען בעקומט ארוים פון דיא געוועהנליכע מאטעריאלען.

— זעהר גוט, קאפיטאן! איך פערשטעה אייך. אָבער מיך וואונדערט זעהר וויא אזוי קריגט איהר ארוים דיא סאָדא פון וואסער? וויא אזוי מאכט איהר עס? איהר מוזט דאָך פיעל היץ האָבען, אום ארויסצוציהען דיא סאָדא פון וואסער און וואו נעהמט איהר דיא דאָזיגע היץ? אויב איהר מאכט דיעזען פראָצעס דורך דיא היץ פון עלעקטריציטעט, דענק איך, אז איהר מוזט דערביי מעהר עלעקטריציטעט פערברויכען, וויפיעל סאָדא איהר קענט געווינען.

צייגט דאָס געוויכט פון דער לופט און זאָגט אָן דיא ענדערונג פון וועטער; דער היגאָמעטער, וואָס ווייזט וויפיעל פייכטקייט עס געפינט זיך אין דער לופט; דאָס וועטער־גלאָז, וואָס גיט צו וויסען ווען א שטורם קומט; דער קאָמ־פאס, וועלכער צייגט דיא ריכטונג וואוהין מען זאָל פאָהרען; דער סעקסטאנט, אן אינסטרומענט וואָס בעשטימט דיא הויכקייט פון דער זונן; דער כראָנאָ־מעטער, דורך וועלכען איך מעסט דיא צייט, און דיא טאָג און נאכט כפאק־טיווען, וואָס דיענען מיר צו בעטראכטען דאָס מעער גאנץ ווייט, ווען דיא "נאָטילוס" שווימט אין דער הויך אויף'ן וואסער.

— דאָס זיינען געוועהנליכע אינסטרומענטען, וועלכע אלע ים־רייזענדע בענוצען — האָב איך זיך אָבגערופען — זייער געברויך איז מיר גאנץ גוט בע־קאנט. אָבער איך זעה דאָ אנדערע כלים און אינסטרומענטען, וועלכע זיינען מיר אונבעקאנט און וואָס דיענען וואהרשיינליך בלויז פאר דיא "נאָטילוס" אלס אונטערוואסערדיגע שיף. דיא ציפער־בלאט מיט דעם ווייזער וואָס לויפט אויף איהר אום איז דאָך געווים א זארט מאָנאָמעטער?

— יא, דאָס איז א מאָנאָמעטער. דיעזער אינסטרומענט צייגט וויא שווער דער דרוק פון דאָס וואסער איז און דאדורך קען איך צו יעדער צייט וויסען וויא טיעף דיא שיף געפינט זיך אין וואסער.

— און וואָס זיינען דיעזע אינסטרומענטען, פון וועלכע איך האָב קיין בעגריעף צו וואָס מען קען זיי געברויכען?

— דאָ, הערר פראָפעסאָר! — האָט דער קאפיטאן געענטפערט — מוז איך אייך אביסעל ערקלערען. ווילט איהר אזוי גוט זיין און אויסהערען מיך?

ער האָט א ווײלע געשוויגען און דאן ווידער אָנגעפאנגען:

— איך האָב אויף מיין שיף א שטארקע, שנעלע, פאָלגזאמע און זעהר ניצ־ליכע קראפט. זיא גיבט מיר אלעס וואָס איך דארף, בעלייכטעט, ערוואַרעמט און בריינגט דיא מאשינערי און בעוועגונג. קורץ, זיא איז דיא איינציגע לע־בענס־קראפט פון מיין "נאָטילוס". איהר נאָמען איז "עלעקטריציטעט"!

— עלעקטריציטעט? — האָב איך איבערראשענד אויסגערופען.

— יא, מיין הערר! — האָט נעמאָ געענטפערט.

— אָבער וויא ווייט איך האָב בעמערקט דיא שנעלקייט פון אייער שיף — האָב איך געזאָגט — קען דיא קראפט פון עלעקטריציטעט דאָס ניט בעווייזען. אלע ענטדעקונגען וואָס זיינען ביז יעצט מיט דיעזען שטאָף געמאכט געוואָרען, האָבען נאָך אזעלכע שנעלע ווירקונגען ניט בעוויזען.

— פראָפעסאָר! האָט דער קאפיטאן ערוויעדערט — מיין עלעקטריציטעט איז ניט דער זעלבער פון וועלכען יעדער איינער ווייס. איך געברויך גאָר אן אנדער מין עלעקטריציטעט.

— אָבער, מיין הערר, איך מוז אלץ בלייבען ביי מיין ערשטוינען. ערלויבט

וואָס זייער בעשטימונג און געברויך איז מיר גאנץ אונבעקאנט. איז מיר ער־לויבט צו פרעגען —

— הערער אראָנאָקס! — האָט דער קאפּיטאן מיך אונטערבראָכען — דיא זעלבע אינסטרומענטען וועט איהר קענען זעהן אין מיין פּריוואט צימער און איך וועל אייך מיט פערגעניגען ערקלערען צו וואָס און וויא אזוי זיי ווערען געברויכט. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז איהר זיינט אויף מיין שיף פאָל־שטענדיג פריי. איהר מעגט דארום וויסען און זעהן אלעס וואָס איהר פערלאנגט. קומט, לאָמיר געהן אין מיין צימער און דאָרט וועלען מיר אביסעל רעדען.

מיר זיינען ביידע ארויסגעגאנגען. דער קאפּיטאן האָט מיך געפיהרט דורך אן אנדער קאָרידאָר אין דעם פאָדערסטען טהייל פון שיף. מיר זיינען אריינ־געקומען אין אן עלעגאנטען צימער, וועלכער איז געווען אויסגעפּוצט מיט דיא שעהנסטע מעבעל, טואלעטען, א בעט און אלערליי בעקוועמליכקייטען.

— דאָס איז אייער צימער — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט. איך האָב איהם הערצליך געדאנקט.

— אייער צימער איז דער נעכסטער פון מיינעם — האָט נעמאָ פאָרטגע־זעצט עפענענדיג א צווייטע טהיר דערביי — און פון מיין צימער קען מען אריינקומען אין דעם זאאל פון וועלכען מיר זיינען ערשט ארויסגעגאנגען.

מיר זיינען אריינגעקומען אין קאפּיטאן'ס וואָהנונג, וואו קיין איבעריגע לוקסוס זאכען איז ניט געווען צו זעהן. קיינע פערציערונגען און בעפּוצונגען זיי־נען דאָרט ניט געווען, נור דאָס וואָס עס איז נויטווענדיג: אן אייזערנע בעט, אן ארבייטס טיש און איניגע שטיק מעבעל — דאָס אלעס.

— זיצט, הערר פּראָפעסאָר! האָט דער קאפּיטאן געזאָגט — איך האָב זיך אוועקגעזעצט און ער האָט אָנגעפאנגען זיינע ערקלערונגען.

12טעם קאפּיטעל

## דיא קראַפט פון עלעקטריציטעט

— מיין הערר! — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט, צייגענדיג אויף פער־שיעדענע אינסטרומענטען וואָס זיינען געהאנגען אויף דיא וואנד פון צימער — דאָ האָב איך דיא אפּאראטען און אינסטרומענטען, וועלכע זיינען מיר נויטיג צו טרייבען מיין שיף. איך האָב זיי דאָ, גראדע וויא אין מיין מוזעאום. איך האַלט זיי שטענדיג פאר מיינע אויגען, אום איך זאָל צו יעדע צייט קענען ריכטיג וויסען, וואו איך געפין זיך אין מיטען ים און נאָך וועלכע ריכטונג איך פאָהר. איניגע פון דיעזע אינסטרומענטען זיינען אייך וואהרשיינליך בעקאנט. דער טהערמאָמעטער, וואָס צייגט דיא טעמפּעראטור, דיא גראדען פון היץ און פון קעלט אין דער "נאָטילוס"; דער באראָמעטער, וועלכער

טאוורניער האט יענעם פערל פערקויפט צום פערסישען הערשער. ער האט פאר איהם גענומען מיליאנען גאלד, ווייל ער איז א גרויסע זעלטענהייט, און איך זעה דא א היבשע צאהל אזעלכע פערל און נאך גרעסערע און שעהנערע פון יענעם!

אויסער דיא אלע זאכען איז דארט אויך געווען אן אויסשטעלונג פון פער־שיערענע זארטען פיש, מאנכע פון זיי אזעלכע, וואס קיין מענש אין דער וועלט האט ווען געזעהן און דיא וויסענשאפט ווייסט פון זיי פיליכט ניט. איך האב זיך ניט געקענט אבקוקען פון דיא אלע וואונדער זאכען, וואס זיינען געווען פאר מיינע אויגען און איך האב זיך ניט געקענט אבוואונדערען פון דעם מאן וואס איז אימשטאנד געווען אזעלכע אוצרות צו זאמלען.

אבשאצען דעם ווערטה פון דיא זאמלונגען איז מיר געווען אונמעגליך. אבער איך בין זיכער געווען, אז ווען קאפיטאן נעמא זאל עס ווען פערקויפען, וואלט מען איהם דערפאר געגעבען א סך מיליאנען. זייענדיג אליין א פראפעס־סאר אין א מוזעאום, האב איך זיך שוין אויף מיין לעבען גענוג אנגעזעהן, אבער אזעלכע רייכטהימער, אזעלכע וואונדערזאכען איז מיר נאך ניט אויסגעקומען צו זעהן, זאגאר פארצושטעלען זיך אין מיין פאנטאזיע.

וועהרענד איך בין געשטאנען און געקוקט אויף דיא זאנדערבארע מושלען און פערל, האט דער קאפיטאן פלוצלונג אונטערבראכען מיינע געדאנקען מיט דיעזע ווערטער:

— איהר בעטראכט מיינע מושלען און פערל, הערר פראפעסאר? זיי קע־נען זיכער אינטערעסירען יעדער נאטור־פארשער, אבער פאר מיר האבען זיי נאך א בעזונדערען רייץ, ווייל איך אליין האב זיי אויפגעזאמעלט, און עס גיבט אויף דער וועלט קיין ים, וועלכען איך האב ניט אויסגעפארשט זוכענדיג דיעזע קאסטבארקייטען.

— איך קען פערשטעהן, קאפיטאן, — האב איך געענטפערט — וויא טהייער און בעליעבט דיא אלע זאכען זיינען ביי אייך און וויא גליקליך איהר מעגט זיך שעצען וואס איהר בעזיצט אזעלכע אוצרות, איבערהויפט, וואס איהר האט זיי אליין געזאמעלט. קיין מוזעאום אין אייראפא האט ניט אזא זאמ־לונג פון ים־פראדוקטען. אבער בעוואונדערענדיג דיעזע אלע זעלטענהייטען, וואס איך זעה צום ערשטען מאל אין מיין לעבען, בעוואונדער איך נאך איין זאך מעהר, נעמליך — אייער שיף "נאטילוס", אין וועלכע מיר געפינען זיך. איך וויל אפילו אין אייערע געהיימניסע ניט אריינדרינגען, דאך מוז איך זאגען, אז דיא אונערקלערליכע קראפט וואס דיעזע שיף האט אין זיך, דיא מאשינערי, וואס ברייננגט איהר אין בעוועגונג, דיא זעגלע וואס בעלעבט דיעזען שטאה־לענעם קערפער — דאס אלעם רייצט אויף מיין נייגעריגקייט ביז דיא העכסטע שטופע. איך זעה אויף דיא וואנד פון דיעזען זאאל אזעלכע אינסטרומענטען

וועלט, וויא: וועבער, ראָסיני, מאָזארט, מעערבער און אנדערע. איך האָב דיא פיאנאָ בעטראכט און זיך אָבגערופען:

— איהר בעשעפטיגט זיך וואהרשיינליך מיט מוזיק.

— יא, מיין העהר! דאָס זיינען אויך אנדענקונגען פון אמאָליגע פערשוואונדענע צייטען. דיא מוזיק־בויגענס וואָס איהר זעהט דאָ בעשטעטיגען מיינע פאָריגע ווערטער, דאָס אויף קינסטלער קען מען ניט זאָגען, אז זיי זיינען טויט.

דער קאפיטאן איז א היבשע ווייל שטיל געווען. ער איז פערבליבען זיצען פערטיעפט אין געדאנקען און איך האָב דערווייל בעטראכט דיא אנדערע טהייערע אוצרות פון זאאל. דאָרט זיינען אויך געווען זעלטענהייטען פון דער נאטור־רייך, וואָס האָבען געהאט א גרויסען ווערטה, דיא טהייערסטע מושעלען (מויער־קעפּ) און אנדערע ים־ארטיקלען, וועלכע דער קאפיטאן האָט וואהרשיינליך אליין אויפגעזאמעלט. אין מיטען זאאל איז געשטאנען א פאָנטאן (שפּרינג־ברונען) מיט א בעקען, געמאכט פון איין ריעזען־מושעל. דער בעקען האָט געמאָסטען זעקס איילען ארום. דער גלאנץ פון דיעזעס פּראכטווערק און דיא וואסער שטראָמען האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט מיט דיא שעהנסטע רעגענבויגען קאָלירען פון דיא עלעקטרישע שטראהלען, וואָס זיינען געפאלען אויף׳ן פאָנטאן פון דער הויך.

אונטער גלעזערנע דעקען, איינגעפּאסט אין קופּערנע ראמען זיינען געלעגען קאָסטבארע פּראָדוקטען פון ים. קיין אויג פון א נאטור־פאָרשער האָט נאָך אזעלכע וואונדערבארע זאכען ניט געזעהן. אויף יעדער געגענשטאנד איז געווען א צעטעלע מיט דיא בעשרייבונגען פון דער זאך. מיך, אלס נאטור־פאָרשער, האָבען דיא דאָזיגע זאכען זעהר אינטערעסירט און איך האָב איינפאך ניט געקענט אָבווענדען מיינע אויגען דערפון.

אָבער דאָס איז ניט אלעס וואָס דאָרט איז געווען צו זעהן. דאָרט איז אויך געווען אן אָבטהיילונג פון זאָאפיטען — אזעלכע קלאסען לעבעדיגע ברואים וואָס זעהען אויס אזוי וויא פלאנצונגען. פון דיא גרופּען פאליפען און עכינאָדערמען איז דאָרט געווען צו זעהן דיא מערקווירדיגסטע מוסטערען. אויך זיינען דאָרט געווען פיעלע זאָרטען מאָלוסקען — ברואים וואָס ליגען אין הארטע שאָלאכץ, אזוי וויא אויסטערס א. ד. ג., וועלכע זיינען געפאנגען געוואָרען אין פערשיעדענע ימים און וואָס האָבען פאר דער וויסענשאפט א גרויסען ווערטה. אין אן אנדער פלאץ ווידער זיינען געלעגען גאנצע רייהען פון דיא שעהנסטע שניר פערל, וואָס האָבען געבליצט און געבלאנקט מיט פּראכטפאָלע פערשיעדענע פארבען. איינציגע פון דיעזע פערלען זיינען געווען גרעסער וויא אן איי פון א טויב. אזא פערל איז פיעל מעהר ווערטה וויא דער בעריהמטער פערל וואָס דער פערסישער שאך טראָגט אין זיין קרוין. א רייזענדער מיט׳ן נאָמען

יענע טהיר דורך וועלכע מיר זיינען אריינגעקומען אין ביבליאטהעק, און מיר זיינען אריינגעגאנגען אין א גאנץ גרויסען גלענצענד בעלויכטעטען זאאל.

דאס איז געווען א פראכטפאלער צימער, 30 פוס לאנג, 18 ברייט און 15 פוס הויך. דיא סטעליע פון דיעזען זאאל איז געווען פראכטפאל דעקארירט מיט דיא שעהנסטע מאלערייען און עלעקטרישע לייכטונגען, וועלכע האבען צוגאסען זייער ליכט אין אלע זייטען, אז אלעס האט דארט געגלענצט און גע־פינקעלט. דיעזער זאאל איז געווען קאפיטאן נעמא'ס מוזעאום, וואו עס האבען זיך געפונען מאסען אנטיקען און קונסט־ארבייט געשאפען פון דיא הענד פון גרויסע קינסטלער און פון דער נאטור. עס איז געווען א זאמלונג פון טהייערע אוצרות פון נאטור און קונסט, וואס נור א גאנץ רייכער מאן האט געקענט זאמלען.

דרייסיג ערשטע קלאסע קונסט־בילדער, איינגעפאסט אין פראכטפאלע, טהייערע ראמען אלע פון גלייכער פארמע, האבען בעדעקט דיא וואנד, וועלכע זיי־נען געווען בעהאנגען מיט קונסטפאלע דיוואנען. איך האב צווישען זיי געזעהן אזעלכע פארטרעטען, וועלכע וואלטען געווים ביי יעדע וועלט־אויסשטעלונג ארויסגערופען דיא גרעסטע בעגייסטערטע בעוואונדערונג. אין דיא ווינקלען פון דיעזען ערהאבענעם מוזעאום זיינען געווען אויסגעשטעלט טהייערע סטאטועו פון בראנז און גאלד, נאכגעמאכט נאך דיא שעהנסטע אנטיק מוסטערס, און פיעלע אנדערע זאכען פון גרויסען ווערטה.

— הערר פראפעסאר! — האט דער קאפיטאן צו מיר געזאגט — ענט־שולדיגט מיר, אויב איהר געפינט דא אירגענד וועלכע אונארדנונגען.

— מיין הערר! — האב איך ערווידערט — אבוואהל איך ווייס ניט געננוי ווער איהר זיינט, אבער דאס גיב איך צו, אז איך אנערקען אין אייך א וואהרען קינסטלער.

— ניין, הערר ארנאקס! העכסטענס בין איך נור א ליעבהאבער פון קונסט. איך האב אמאל זעהר ליעב געהאט צו זאמלען אזעלכע שעהנע ווערק, געשאפען פון מענשען'ס הענד. איך האב עס שטענדיג געזוכט און מיר איז געלונגען אויפצוזאמלען איינינע ווערטהפאלע זאכען. דאס זיינען מיינע לעצטע עראינערונגען אן דער ערד, וועלכע איז שוין פאר מיר טויט. אייערע מאדערנע קינסטלער פון איצטיגען דור זיינען אין מיינע אויגען גלייך אזוי וויא זיי וואל־טען שוין אלט געווען טויזענדע יאהרען. איך פערניכטע זיי אין מיינע געדאנקען, דאך קען איך ניט זאגען אז זיי זיינען טויט, ווייל קינסטלער זיינען קיינמאל ניט טויט. דער גייסט פון קינסטלער לעבט אייביג! און אזוי וויא דיא וועלט איז טויט פאר מיר, אזוי בין איך טויט פאר דער וועלט, טויט אזוי וויא אלע טויטע וועמעס ביינער עס זיינען שוין צופוילט געווארען אונטער בערגלאך ערד.

אין א ווינקעל פון זאאל איז געשטאנען א פראכטפאלע ארגעל־פיאנא, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען קאמפאזיציאנען פון דיא גרעסטע מוזיקער דער

פון ליטעראַטור און וויסענשאַפט און איך וועל זעהר פיעל פּראָפּיטירען פון אריינקוקען אין דיא ביכער וואָס געפינען זיך דאָ.

— דיעזער זאַאַל — האָט דער קאַפּיטאַן זיך אָבגערופען — איז ניט נור א ביבליאָטהעק, זאָנדערן אויך א צימער צום רויכען.

— צום רויכען? האָב איך פערוואונדערט געפרעגט — קען מען דאָ רויכען אויך?

— געוויס! פאַר וואָס דען ניט?

— אויב אזוי, הערר קאַפּיטאַן, מוז איך גלויבען אז איהר זיינט נאָך אין גאַנצען ניט אָבגעשניטען פון דער בעוואָהנטער ערד און איהר שטעהט נאָך אין פערבינדונג מיט האַוואַנאַ!

— דאָס גראַדע ניט, הערר פּראָפעסאָר! קיין האַוואַנאַ טאַבאַק אָדער האַוואַנאַ סיגאַרס האָב איך דאָ ניט. איך בעקום מיינע רויך־מאַטעריאַלען אויך פון מעער. נעהמט, הערר אראָנאַקס, א סיגאַר און אויב נור איהר זיינט א מבין אויף גוטע סחורה, וועט איהר זיכער צופריעדען זיין.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער מיר דערלאַנגט א סיגאַר, וועלכער איז געוועזען זעהר שעהן אויסגעאַרבייט אויף לאָנדאָנער סטייל. אָבער ער האָט געהאַט א געלען גלענצענדען קאָליר און עס האָט אויסגעזעהן, אז ער איז געמאַכט פון גאָלד בלעטער. איך האָב איהם אָנגעצונדען אָן א פייערעל וואָס האָט געברענט אויף א פּראַכטפאָלע בראָנזענע סטאַטוע און איך האָב איהם גערויכערט מיט אזא פערגעניגען אזוי וויא א שטענדיגער רויכער, וועלכער האָט איינינגע טעג געהונגערט דערויף. דער סיגאַר האָט ווירקליך זעהר גוט געשמעקט.

— פאָרטרעפליך! — האָב איך געזאָגט שלינגענדיג דעם רויך פון סיגאַר — אָבער קיין טאַבאַק איז עס ניט.

— ניין! — האָט דער קאַפּיטאַן געגענטפערט — איך האָב דאָך אייך פאָראויס געזאָגט, אז דאָס איז ניט קיין טאַבאַק וואָס וואַקסט אויף דער ערד. איך אַרבייט אויס דיעזען מאַטעריאַל פון א געוויסען זאָרט ים־גראָז, וואָס ענטהאַלט אין זיך דיא זעלבע ניקאָטין־שטאָף וויא טאַבאַק, אָבער ער איז זעהר שפּאַרזאַם. וואָלט אייך בעסער געשמעקט א האַוואַנאַ סיגאַר?

— ניין, הערר קאַפּיטאַן! — געגען אייערע סיגאַרען זיינען האַוואַנאַ סיגאַרען גאָר ניט ווערטה.

— דאַן רויכט זיי פיעל איהר ווילט, ניט טראַכטענדיג פון וואַנען זיי קומען. עס איז אפילו קיין אקציז ניט אָבגעצאָהלט פאַר זיי, אָבער איהר וועט דאָ קיין שטראָף ליידען און איהר מעגט זיי רויכען פראַנק און פריי, אבי נור זיי שמעקען אייך.

איך האָב געלאַכט פון קאַפּיטאַן'ס וויציגע בעמערקונג.

קאַפּיטאַן נעמאָ האָט דאַן געעפענט א צווייטע טיהר, פונקט נעגענאיבער

עטוואָס געשריבען און פערפאסט, אָדער ניט. מיט דיעזע אַלע ביכער קענט איהר זיך, הערר פּראָפעסאָר, בענוצען צו יעדע צייט. דיא טהיר פון מיין ביבליאָטהעק איז פאר אייך אימער אָפען.

איך האָב דעם קאפּיטאַן אויסגעדריקט א הערצליכען דאנק. איך בין צוגע־גאנגען נעהענטער צו דיא שראנקען און בעטראכט וואָס פאר א זאָרט ביכער דאָס זיינען. עס זיינען צווישען זיי געווען זעהר וויכטיגע ווערק, פילאָזאָפישע און וויסענשאפטליכע. א מאסע שריפטען איבער אלע צווייגען פון וויסענשאפט, אָבער קיין איינציגער בוך איבער שטאאטס־פּאָליטיק. אזעלכע ווערקע וואָס בע־שפּרעכען דיא פראגע פון הערשען און רעגיערען, אין וואָס פאר א פאָרמע עס זאָל ניט זיין, איז וואהרשיינליך אויף דער "נאָטילוס" א פערבאָטענע סחורה. אלע ביכער זיינען געווען איינגעטהיילט, לויט דעם אינהאלט און לויט דיא ענינים וועלכע זיי בעהאנדלען, אָהן אונטערשיעד אין וועלכע שפראך זיי זיינען געשריעבען. ביכער איבער כעמיע, צום ביישפּיעל, בעזונדער; איבער פיזיק, בעזונדער, איבער אסטראָנאָמיע בעזונדער און אזוי אלעס. דאָס האָט בעוויזען, אז קאפּיטאַן נעמאָ פערשטעהט אלע שפּראכען און ער לעזט יעדעס בוך, וואָס קומט איהם צו ערשט אין האנד אריין.

צווישען דיא ביכער האָב איך בעמערקט דיא ערהאבענסטע מייסטערווער־קע פון דער אלטער און נייער ליטעראטור. אלע שעהנסטע און בעסטע שריפ־טען וואָס דער מענשליכער גייסט האָט נור געשאפען, אָנפאנגענד פון דעם אלטען גריכישען פּאָעט האָמער, וועלכער האָט געלעבט מיט געגויע דריי טויזענד יאָהר צוריק, ביז צו דיא בעריהמטסטע שריפשטעלער פון אונזער צייט. אָבער דיא וויסענשאפטליכע ווערקע זיינען געווען מעהר צאָהלרייך. דאָרט האָבען זיך געפונען דיא בעסטע ווערקע וועגען מעכאניק, מאטהעמאטיק, פיזיק, געאָלאָגיע א. ז. וו. איבערהויפּט זיינען דאָרט געווען פיעלע ווערקע איבער נאטור־וויסענ־שאפט, מיט וועלכע דער קאפּיטאַן האָט זיך, וויא עס ווייזט אויס, אמְמעהרסטען בעשעפטיגט. צווישען דיעזע לעצטע ביכער האָב איך אויך געפונען מיין אייגענע פערפאסונג אין צוויי בענדער, צוליעב וועלכע קאפּיטאַן נעמאָ האָט מיך ערשט מיט עהרע און אכטונג אויפגענומען. דער איונגסטער פון אלע ביכער איז געווען א ווערק פון יאָזעף בערטראנד, ארויסגעגעבען אין יאָהר 1865. דערפון האָב איך פערשטאנען, אז דיא "נאָטילוס" איז וואהרשיינליך צו יענער צייט פער־טיג געוואָרען, און שליסליך פיהרט שוין קאפּיטאַן נעמאָ זיין לעבען אונטער'ן וואסער אומגעפעהר דריי יאָהר.

— מיין הערר! — האָב איך געזאָגט צום קאפּיטאַן — איך דאנק אייך זעהר פיעל פאר דיא ערלויבניס וואָס איהר האָט מיר געגעבען צו בענוצען זיך מיט דיעזער ביבליאָטהעק. זיא ענטהאלט ווירקליך דיא שעהנסטע אוצרות

צימער, וועלכער איז געווען במעט אזוי גרויס וויא דער שפייז-זאאל. דאס איז געווען דיא ביבליאטהעק.

איבעראל ארום דיא װענד זיינען געשטאנען הויכע אפענע שאפעס פון א טהייערען זארט האלץ און אויסגעלעגט מיט מעש. אין דיא שאפעס זיינען געװען אויסגעשטעלט רייהעס מיט שעהנע, עלעגאנט איינגעבונדענע ביכער. איך האב משער געווען אז דארט געפינען זיך פון זעקס ביז זיעבען טויזענד ביכער.

אין פערשיעדענע פלעצער פון צימער האבען זיך געווארפען אין דיא אויגען טהייערע, דיקע און ווייכע דיוואנען, אויף וועלכע עס איז זעהר בעקוועם צו ליגען אנגעשפארט און לעזען. קליינע טישלאך, זעהר קונציג געמאכט, אויף וועלכע אוועקצולעגען דיא ביכער, אום מען זאל זיי ניט דארפען אין דיא הענד האלטען; בעוועגענדע שטוהלען, שרייב־טישען און אנדערע מעבעל פון שעהנסטען און טהייערסטען זארט און נאך בעקוועמליכקייטען, וואס נור א רייכע ביבליאטהעק קען האבען. אין מיטען צימער איז געשטאנען א גרויסער טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען העפטען, ביכער און איניגע אור־אלטע שריפטען. דער צימער איז געווען בעלויכטען מיט מילדע עלעקטרישע שטראהלען, וואס האבען ארויסגעשיינט פון'ם שעהן דעקארירטען סאפיט. איך האב זיך פון דיזען שעהנעם צימער ניט געקענט אבוואונדערען און מיינע אויגען זיינען ניט זאט געווארען פון קוקען אויף איהם.

— קאפיטאן נעמא! — האב איך צו איהם געזאגט — מיט אזא ביבליאטהעק וואלט דער שעהנסטער פאלאסט אויף דער ערד געקענט שטאלצירען, און איך בין ווירקליך העכסט ערשטוינט צו געפינען אזא פראכט אויף דעם גרונד פון מעער.

— איבערהויפט דיא רוהע, דער פריעדען! — האט דער קאפיטאן אויסגערופען — האט איהר ערגיץ אויף דער ערד אזא שטילען אונגעשטערטען ארט? איז אין שטודיר־צימער פון אייער וואהנונג בעסער און בעקוועמער צו לעזען?

— ניין, מיין העדר! און אין אמת זאגענדיג איז מיין ביבליאטהעק זעהר ארים אין פערגלייך מיט אייערע. איהר האט דא געווים פון זעקס ביז זיעבען טויזענד ווערקע.

— צוועלף טויזענד, הערר אראנאקס! דיא ביכער זיינען דיא איינציגע געגענשטאנדען וואס עראינערען מיך אן דער ערד און דיא מענשהייט. אבער פון דעם טאג וואס מיין "נאטילוס" איז צום ערשטען מאל ארונטער געשוואומען אין דיא טיעפענים פון ים, עקזיסטירט מעהר ניט דיא ערד פאר מיר. אין יענעם טאג האב איך מיינע לעצטע ביכער, מיינע לעצטע העפטען און צייט־שריפטען געקויפט און פון דאן אן איז פאר מיר אלץ איינס, אויב אימיצער האט נאך

איינגעמאכצען, געפרעגעלט פון וואקסונגגען אין ים, און וועלכע זיינען פיעל בעסער וויא אייערע פרוכט־איינגעמאכצען.

איך האָב פון אלעם פערזוכט צו ביסלאך, ניט אויס מבינות, נור ווייל איך בין נייגעריג געווען צו וויסען וואָס פאר א טעם זיי האָבען. וועהרענד איך האָב פרובירט דיא מאכלים איינע נאָך דיא אנדערע, האָט דער קאפיטאן געפלוי־דערט און מיר דערצעהלט פערשיעדענע מעשיות פון ים.

— האָט איהר ליעב דעם ים? — האָב איך איהם געפרעגט.

— געוויס האָב איך איהם ליעב! — האָט ער געענטפערט — דער ים איז אלעס אין דער וועלט. ער פערנעהמט זיעבען צעהנטעל פון דעם ערד־קוגעל און עס איז אין איהם פאראן פיעל מעהר צו זעהן און צו געניסען. דיא לופט פון ים איז ריין און געזונד. דער מענש קען אין איהם קריגען אלעס וואָס זיין הארץ געלוסט. קיין זאך פעהלט דאָ ניט. דער ים איז דער עיקר פון דער וועלט. איידער אונזער וועלט איז בעשאפען געוואָרען, איז מעהר וויא ים ניט געווען און ווער ווייסט? פיליייכט וועט ביים אונטערגאנג פון דער וועלט אויך אלעס פערוואנדעלט ווערען אין א גרויסען, ברייטען און אונענדליכען ים?

— יא, הערר פראָפעסאָר! — האָט נעמאָ פאָרטגעזעצט נאָכדעם וויא ער האָט זיך א ווײַלע אָבגערוהט — דיא נאטור לעבט נור אין ים. דאָ איז אימער שטיל און רוהיג. דאָ הערשט אייביגער פריעדען. דער ים ליגט ניט אונטער דיא הערשאפט פון טיראנען. אויבען אויף'ן וואסער קענען זיי זיך נאָך אָפטמאָל שלאָגען און בעגעהן ניעדערטערכטיגע, שרעקליכע טהאטען, אָבער דרייסיג פוס אונטער'ן וואסער זיינען זיי אויס העלדען, אויס שלעגער און אויס בריה'ס! אך, מיין הערר, נור אין שויס פון ים הערשט דער וואהרער גליק, דאָ איז דער מענש ווירקליך פריי!

דער קאפיטאן איז אין מיטען פון זיין בעגייסטערטע רעדע שטיל געוואָרען. עס האָט אויסגעזעהן, אז ער האָט חרטה געהאט פאר וואָס ער האָט אוועקגע־וואָרפען זיין געוועהנליכע קאלטע בענעהמונג. איינינגע מינוטען איז ער ארומגע־גאנגען איבער'ן זאאל הין און צוריק אזוי וויא אויפגערעגט, דאן האָט ער זיך וויעדער געווענדעט צו מיר מיט דיא ווערטער:

— יעצט, הערר פראָפעסאָר, אויב איהר ווילט געניי בעטראכטען מיין שיף נאטילוס, שטעה איך צו אייערע דיענסטע.

איך האָב דיעזע איינלאדונג מיט פערגעניגען אָנגענומען. איך האָב זיך אויפגעהויבען פון מיין פלאץ און בין דעם קאפיטאן נאָכגעגאנגען.

11טעס קאפיטעל

## דעם קאַפּיטאַן'ס אוצרות

א דאָפּעל־טהיר האָט זיך געעפענט און מיר זיינען אריינגעקומען אין א

שפייזען און איך בעטראכט יערע זאך בעזונדער, און ניט ווארטענדיג ביז איך וועל איהם עטוואָס פרעגען, האָט ער זיך אָבגערופען:

— דיא מיינסטע פון דיעזע געריכטען זיינען אייך געוויס אונבעקאַנט. אָבער איהר מעגט זיי רוהיג און אונערשראָקען עסען. זיי זיינען פאָלשטענדיג געזונד און ערנעהרענד. פון דיא שפייז פּראָדוקטען וואָס קומען פון דער ערד האָב איך זיך שוין לאנג ענטזאגט און דאָך בין איך געזונד און שטארק און מיר פעהלט קיין זאך. דיא מאנשאפט פון מיין שיף זיינען אויך פון דיעזע עסענווארג געזונדער און קרעפטיגער געוואָרען.

— און איהר בעקומט ווירקליך דיעזע שפייזען בלויז פון מעער? — האָב איך זיך געוואונדערט.

— יא, הערר פּראָפעסאָר, דער ים בעפרידיגט מיך אין אלעס וואָס איך דארף. איך שפּרייט אוים מיינע נעצען און איך פאנג דיא בעסטע זאָרטען פיש. זעהר אָפט געה איך ארויס אויף יאגד אין אזעלכע געגענדען וואו קיין מענש קען ניט צוקומען, אין דיא וועלדער וואָס וואקסען אויף'ן גרונד פון ים. דאָרט אין יענע אונענדליכע וועלדער פיטערען זיך פערשיעדענע טהיערע, וועלכע איך קולטיווירע, בענוץ און בעהערש אזוי וויא נעפּטון, דער מיטהאָלאָגישער גאָט פון ים.

— קאפּיטאן! — האָב איך מיט גרויס ערשטוינען ערוויעדערט — איך קען בעגרייפען, אז מיט אייערע נעצען האָט איהר דיא מעגליכקייט גוטע פיש צו פאנגען און פון זיי פערשיעדענע שפּייזען פערפערטיגען; אָבער מיר לעגט זיך ניט אויף'ן שכל וויא אזוי איהר זאָלט געהן אויף'ן גרונד פון ים און שיסען פערשיעדענע טהיערע אין דיא דאָרטיגע וועלדער. אז צווישען אייערע געריכטען זאָל זיך געפינען כאָטש איין שטיקעל פלייש, איז פאר מיר אונבעגרייפליך.

— ווער זאָגט דען, אז אויף מיין טיש קומט ארויף פלייש פון לאנד טהיערע? — האָט דער קאפּיטאן געפרעגט — דאָס וואָס איהר, פּראָפעסאָר, נעהמט אָן פאר פלייש איז ניט קיין אנדער זאך וויא דיא פלייש פון דיא ריעזען־שילדקרעטען (טשערעפּאכעס), וואָס לעבען אין ים, וועלכעס איז פיעל בעסער וויא אייערע רינדער־פלייש. איהר האָט דאָ אויך א געריכט פון דאלפין־לעבער, וועלכעס איהר נעהמט זיכער אויך אָן פאר שארף־געווירצטע פלייש. מיין קוכער פערשטעהט זיין פאך אויסגעצייכענט און ער קען אזעלכע פּראָדוקטען זעהר גוט צובּרייטען און בעוואָהרענען אז זיי זאָלען זיין פריש, געשמאק, אנגענעהם און געזונד. פערזוכט אלעס וואָס איהר זעהט דאָ אויף'ן טיש. אויף מיין פער־אנטוואָרטליכקייט, עס וועט אייך זיכער ניט שאדען. איהר האָט דאָ אויך סמעטענע פון דיא מילך פון זווינ־טהיערע, וואָס לעבען אין ים און פערשיעדענע

קאפיטאן געענטפערט — און איהר זיינט דיא פאסאזשירען פון מיין שיף "נאטילוס".

אי דער נאמען פון קאפיטאן, אי דער נאמען פון שיף האט געשטימט מיט'ן בוכשטאב N, וואס איז געווען אויף דיא טיש־כלים.

קאפיטאן נעמא האט א רוף געטהאן. א דיענער איז אריינגעקומען און ער האט איהם עפעס געזאגט אין א שפראך, וועלכע איך האב א ווארט ניט פער־שטאנען. דאן האט זיך דער קאפיטאן געווענדעט צום קענעדע'ר און צו מיין קאנסייל און געזאגט:

— דער מאהלצייט ערווארטעט אייך אין א קאיוטע וואס איז בעשטימט פאר אייך. געהט געפעליגסט מיט דיעזען מאן.

— דאס איז פארלויפיג בעסער וויא אלע געשפרעכען! — האט נעד לענד אויסגערופען און איז צוזאמען מיט מיין דיענער אוועק אין בעגלייטונג פון דעם מאן.

— און יעצט, הערר אראנאקס—האט זיך דער קאפיטאן געווענדעט צו מיר — אונזער פריהשטיק איז אויך פערטיג. ערלויבט מיר אייך צו בעגלייטען.

— זעהר גערן! — האב איך העפליך געענטפערט.

מיר זיינען ביידע אויף ארויסגעגאנגען. דער קאפיטאן האט מיך געפיהרט דורך אן עלעקטריש־בעלייכטעטען קארידאר, וואס איז געווען אומגעפעהר 12 פוס לאנג. דאן האט זיך פאר אונז א טהיר געעפענט.

מיר זיינען אריינגעקומען אין שפייז־זאאל, וועלכער איז געווען פראכטפאל מעבלירט און גרויסארטיג בעפוצט. ביי צוויי זייטען פון זאאל זיינען געשטאנען הויכע רייך־געשניצטע בופעטען, אין וועלכע עס זיינען געווען אויסגעשטעלט טהייערע גלעזערנע, זילבערנע און אויך גאלדענע כלים, קונציג און געשמאקפאל געמאכט. דיא עלעקטרישע שטראהלען פון א גרויסען עלעקטרישען לאמפ, וואס איז געווען איינגעריכטעט אין דער הויך, האבען בעלויכטען דיא כלים, און אזוי וויא אלערליי פייערען האבען פון זיי געפינקעלט.

דיא ווענד זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט טהייערע פארטרעטען און קונסט־בילדער.

אין מיטען זאאל איז געשטאנען א רייך־געדעקטער טיש. קאפיטאן נעמא האט מיר אנגעצייגט מיין פלאץ און איך האב זיך אוועקגעזעצט.

דער פריהשטיק איז בעשטאנען פון פערשיעדענע מאכלים און געריכטען. דיא מעהרסטע פון זיי, האב איך פערשטאנען, זיינען פערפערטיגט פון פראָ־דוקטען וואס דער ים ליפערט. מאנכע פון זיי זיינען מיר געווען גאר אונבע־קאנט, אבער געשמאק זיינען זיי געווען.

קאפיטאן נעמא האט וואהרשיינליך בעמערקט וויא איך בעוואונדער דיא

גענינגען פערשאפט און איך האָב מיך איבערצייגט אז איהר זיינט אין דיעזער ווי־סענשאפט אזוי ווייט דערגאנגנען וויפיעל דאָס איז נור מעגליך געווען פאר א מענש וואָס וואָהנט אויף דער ערד. נאטירליך, קענט איהר ניט וויסען אזעלכע זאכען וואָס איהר האָט ניט געזעהן. איך וויל אייך זאָגען, הערר פּראָפּעסאָר, אז איהר וועט העכסט צופריעדען זיין מיט אייער אנוועזענהייט אויף מיין שיף. איהר וועט רייזען אין א וואהרע וואונדער־לאנד, פול מיט איבערראשונגען און נאטור־וואונדער, וועלכע זאָגאר איהר, אלס פּראָפּעסאָר, האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אין אייער פאנטאזיע. איהר וועט דאָ ניט לאנגווייליגען, ווייל אלעס וואָס איהר וועט זעהן וועט אייך אינטערעסירען. איך וויל גראדע יעצט אונטערנעהמען א רייזע ארום דער וועלט אויף'ן גרונד פון ים און איהר וועט האָבען דיא געלעגענהייט צוזאמען מיט מיר צו שטודירען דיא מערקוויר־דיגסטע וואונדערבארע זאכען. פון הייגטיגען טאָג אָן קומט איהר אריין אין א וועלט פון וואונדער, וועלכע קיין מענשען'ס אויג האָט נאָך ביז יעצט ניט בעטראכט. אונזער ערדען־פּלאנעט וועט אייך איהרע פערבאָרגענע געהיימניסע ציינען.

דיעזע ווערטער האָבען אויף מיר א שטארקען איינדרוק געמאכט. דער קאפּיטאן האָט אָנגעריהרט א סטרונע אין מיין נשמה, וועלכע האָט זיך אין מיר פונאנדערגעשפּיעלט און איך בין עפּעס מאָדנע בעגייסטערט געוואָרען. איך האָב פון שטענדיג אָן געהאט א גרויס לוסט צו וויסען גענוי וואָס אויף'ן גרונד פון ים טהוט זיך און ערשט, אז ער האָט מיר ערקלערט אז איך וועל מיין ציעל ערגרייכען, בין איך אויסער זיך געוואָרען. איך האָב אין דיעזען אויגענבליק זאָגאר פערגעסען, אז דיעזער פערגניגען וועט מיר מיין פרייהייט קאָסטען און איך בין העכסט צופריעדען געווען. איבעריגענס האָט מיך א שטראהל פון האָפנונג געטרויסט, אז דיא צוקונפט וועט אונז פיליכט אָן אנדער וועג ווייזען און מיר וועלען ענדליך אונזער פרייהייט אויך געווינען.

— מיין הערר! — האָב איך זיך אָבגערופען — אויב אפילו איהר האָט אָבגעבראָכען דיא פערבינדונג מיט דיא גאנצע מענשהייט וויל איך דאָך גלוי־בען, אז איהר האָט דעם מענשליכען געפיהל ניט פערלאָרען. מיר זיינען פער־אונגליקטע, וועלכע איהר האָט אויף אייער שיף בארעמהערציג אויפגענומען. דאָס וועלען מיר קיינמאָל ניט פערגעסען. וואָס אָנבעטרעפט מיך אליין, וויל איך ניט לייקענען, אז איבער דיא גרויסע לוסט צו וויסענשאפט, קען איך זאָגאר דיא פערלאָרענע פרייהייט פערגעסען און איך האָף, אז איך וועל, וויא איהר זאָגט, ניט בעדויערען דעם צופאל, וואָס האָט מיך אהער געבראכט. אָבער נאָך איין פראגע וויל איך אייך פרעגען: מיט וואָס פאר א נאָמען זאָל איך אייך רו־פען?

— איך בין פאר אייך קאפּיטאן נעמאָ, הערר פּראָפּעסאָר! — האָט דער

— מיין הערר! — האָב איך זיך אָבגערופען אביסעל אויפגערעגט — נאַטירליך, זיינען מיר ביי אייך אין דיא הענד און איהר קענט מיט אונז טהאָן וואָס איהר ווילט, אָבער איהר בעגעהט געגען אונז א געוואלד טהאט, אן אוננעהערטע גרויזאמקייט!

— ניין, הערר פּראָפעסאָר! — האָט דער קאפּיטאַן געלאסען געזאָגט — איך בעגעה זיך מיט אייך גאנץ מילד און גאנץ גנעדיג. איהר זייט מיינע קריעגס־געפאנגענע און איך לאָז אייך לעבען, ווערהענד עס דארף מיר נור איין וואָרט קאָסטען אייך אין ים אריינצושליידערען. איהר האָט מיך אָנגעגריפען און איהר האָט דארום צופעליג ערפאהרען א געהיימניס וואָס קיין מענש אין דער וועלט דארף ניט וויסען. איהר האָט, נעמליך, ערפאהרען פון מיין עקזיסטענץ, וואָס דארף זיין א סוד פאר דער וועלט, גלויבט איהר אז איך וועל אייך צוריק ארויסלאָזען אויף דער ערד אום איהר זאָלט דעם סוד ענטדעקען? אָה ניין! דאָס וועט קיינמאָל ניט פאסירען. איך פערהאלט אייך דאָ אויף'ן שיף ניט צוליעב אייך, זאָנדערען צוליעב מיינע אייגענע אינטערעסען, וועלכע איך וויל און מוז שיצען.

פון דעם קאפּיטאַן'ס לעצטע ווערטער האָב איך איינגעזעהן, אז ער איז פעסט ענטשלאָסען צו האלטען אונז געפאנגען און קיינע טענות און קיינע רייד וועלען ניט העלפען.

— אלזאָ, מיין הערר — האָב איך נאָך א קורצען נאָכדענקען געזאָגט — היסט עס, אז איהר גיט אונז צוויי ברירות: ענטוועדער דעם טויט, אָדער פערבלייבען ביי אייך אייביגע געפאנגענע.

— גאנץ געוויס! — האָט דער קאפּיטאַן געענטפערט.

— פריינדע! — האָב איך זיך געווענדעט צו מיינע קאמעראדען — געגען אזא בעשטימונג וועלען דאָך אונזערע רייד ניט העלפען. אָבער מיר זיינען מיט קיין עהרען־וואָרט פערבונדען צו דיעזען הערר, צום ווירטה פון דער שיף.

— געוויס ניט! — האָט דער קאפּיטאַן געענטפערט — איך פערלאנג פון אייך קיינע פערשפּרעכונגען.

א קורצע ווייל האָבען מיר אלע געשוויגען, נאכהער האָט דער קאפּיטאַן ווידער אָנגעפאנגען צו רעדען, אָבער פיעל פריינדליכער וויא פריהער.

— יעצט, הערר אראָנאקס — האָט ער געזאָגט — ערלויבט מיר דורכצורעדען זיך מיט אייך גענויער און דייטליכער. וויפיעל איך האָב וועגען אייך געהערט און וויפיעל איך קען אייך, בין איך פאָלשטענדיג זיכער, אז איהר וועט ניט פיעל בעדויערען דעם שיקזאל וואָס האָט אייך אויף מיין שיף געבראכט. איהר וועט ביי מיר געפינען א רייכע ביבליאָטהעק פון דיא בעסטע און ניצליכסטע ביכער, זאָגאר אייער אייגענע ווערק איבער "דיא געהיימניסע פון דיא טיעפעניס פון מעער". דיעזעס ווערק האָט מיר ווירקליך גרויס פער־

געוואלד טהאטען ניט בענעהן. איך וויל בעסער, אז איהר זאָלט מיר צוזאָגען, אז איהר וועט מיר געהאָרכזאם זיין און זיך צוריקהאלטען אין אן אָבגעזאָנ־דערטען פלאץ, ווען איך וועל עס פון אייך פאָדערען. פאר אייך וועט אויך זיין פיעל בעסער, ווען איהר וועט ניט זעהן אזעלכע זאכען וואָס קיינער דארף ניט וויסען. זיינט איהר צופריעדען אָנצונעהמען דיעזע בעדינגונג?

איך בין ערשטוינט געוואָרען הערענדיג דיא דאָזיגע ווערטער. אן איינזאמע שיף, וואָס וויל ניט וויסען פון דער ציוויליזירטער וועלט, וואָס פעראכטעט דיא געזעצע פון דער ציוויליזירטער געזעלשאפט און האָט סודות וואָס מענשען פון דער ציוויליזירטער וועלט דארפען ניט וויסען! איך האָב ניט פיעל געטראכט און נעענטפערט אויף'ן קאפיטאן'ס פראגע: "יא!"

— אָבער — האָב איך זיך צו איהם געווענדעט — איך פערלאנג, אז איהר זאָלט מיר דייטליכער ערקלערען אייערע פריהעריגע ווערטער: איהר זאָגט אז מיר וועלען דאָ פערהעלטניסמעסיג פריי זיין; וואָס פערשטעהט איהר איי־גענטליך מיט דיעזע בעשטימונג?

— גאנץ איינפאך! — האָט דער קאפיטאן גענטפערט— איהר וועט זיין פריי ארומצוגעהן איבעראל, זאָגאר צו זעהן וואָס אויף'ן שיף געהט פאָר, אָבער אין געוויסע זעלטענע פעלע וועט איהר מוזען זיין צוריקגעצויגען. קורץ, איהר וועט האָבען דיא זעלבע פרייהייט, וועלכע איך און דיא מאנשאפט פון מיין שיף האָבען.

דער מאן האָט וואהרשיינליך ניט פערשטאנען, וואָס איך מיין.

— ענטשולדיגט, מיין העדר! — האָב איך צו איהם געזאָגט — אזא פריי־הייט האָט דאָך יעדער געפאנגענער, ארומצוגעהן אין זיין אָבגעשלאָסענעם געפענגנים־צימער. אזא פרייהייט קען אונז ניט צופריעדען שטעלען.

— איהר מוזט צופריעדען זיין! מעהר קען איך אייך ניט געבען.

— וויא? איהר פערלאנגט ווירקליך, אז מיר זאָלען זיך אויף אייביג ענטזאגען פון דער וועלט, פון אונזער היימאטה און פון אונזערע פריינד און גוטע פריינד?

— יא, מיין העדר, איך פערלאנג עס! — האָט דער קאפיטאן געענטפערט מיט א בעשטימטען טאָן — און מיינט ניט דאָס איז אזא שווערע אויפגאבע צו ענטזאגען זיך פון יענעם שקלאפען יאָך, וועלכען דיא מענשען אויף דער ערד רופען מיט דעם פאלשען נאָמען "פרייהייט".

— ניין! — האָט זיך נעד לענד ארויסגעכאפט — איך וועל קיינמאָל ניט איינשטימען דערויף און איך וועל ניט צוזאָגען, אז איך וועל ניט זוכען צו אנטלויפען פון דאנען.

— איך פערלאנג גאָר ניט איהר זאָלט מיר צוזאָגען, העדר לענד! — האָט דער קאפיטאן געזאָגט מיט א קאלטע מינע.

דיעזע ווערטער האָט ער אויסגערעדט מיט א הארטען טאָן און מיט א היבשע ביסעל אויפרעגונג. אין זיינע אויגען איז געווען צו בעמערקען אן אויס־דרוק פון כעס און פעראכטונג, פון וועלכעס מען האָט דייטליך געקענט פער־שטעהען, אז אין דיא פערגאנגענהייט פון דיעזען מאן איז פערבאָרגען אירגענד וועלכע פורכטבארע געהיימנים. עס האָט אויסגעזעהן, אז ער פערהאסט און פערדאמט דיא גאנצע מענשהייט מיט איהרע געזעצע, פון וועלכע ער האָט זיך פאָלשטענדיג בעפרייט און פון וועלכע ער וויל מעהר ניט וויסען. זיינע בלי־קען האָבען עדות געזאָגט, אז ער שעצט זיך ערשט גליקליך, וואָס ער איז אָבגעזונדערט פון דער וועלט און לעבט אזוי וויא א פרייע פויגעל. קיינער קען דאָך ניט וואגען צו פערפאָלגען איהם אויף'ן ווייטען, ברייטען ים. אין דיא אונענדליכע טיעפע אָבגרונדען קען איהם קיינער ערגרייכען. געגען דעם שטוים פון זיין געהיימניספאָלע שיף קען קיין פאנציר־שיף ניט בעשטעהן און עס גיבט קיין מאכט וואָס זאָל איהם קענען בעקעמפפען. זיין ריכטער איז נור איין גאָט, אויב ער גלויבט אין איהם, אָדער זיין אייגענער מענשליכער געוויסען — אויב ער בעזיצט עס.

דיעזע געדאנקען זיינען דורכגעפלויגען אין מיינע געהירען, וועהרענד דער זאָנדערבארער מאן איז שטיל געבליבען, אזוי וויא פערטיעפט אין גע־דאנקען. ניט ווילענדיג איז מיך א שרעק בעפאלען, בעטראכטענדיג מיט וואָס פאר א מענשען מיר האָבען דאָ צו טהאָן.

נאָך א היבשע ווײלע שטיל־שווייגען, האָט דער קאפיטאן ווידער געזאָגט:

— עס איז מיר אלזאָ שווער געווען צו קומען צו א ריכטיגען בעשלוס, וויא אזוי איך זאָל זיך מיט אייך בעגעהן. אָבער ענדליך האָב איך זיך בע־רעכענט, אז עס איז מיר מעגליך מיינע אינטערעסען צו זיכערען און אין דער זעלבער צייט בעהאנדלען אייך לויט דעם מענשליכען געפיהל. איהר פערבלייבט אין מיין שיף. איהר וועט דאָ זיין פערהעלטניסמעסיג פריי, אָבער מיט א גע־וויסע בעדינגונג, אויף וועלכע איהר מוזט מיר געבען אייער עהרען־וואָרט, אז איהר וועט עס נאָכקומען.

— גאנץ געוויס, מיין הערר! — האָב איך געענטפערט — אויב דיעזע בעדינגונג איז נור אזעלכע, וואָס יעדער עהרענמאן קען אָננעהמען.

— יא, מיין הערר! — האָט דער קאפיטאן געזאָגט — דאָס איז אזא בעדינגונג, וואָס עס איז גאנץ לייכט נאָכצוקומען און דערביי פערבלייבען א העכסט אָרענטליכער מענש. איך וועל אייך ערקלערען וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך. עס קען זעהר מעגליך זיין, אז צוליעב געוויסע אנגעלעגענהייטען וועל איך אייך מוזען האלטען אָבגעזונדערט אין א קאיוטע פאר איינינגע שטונדען אָדער זאָגאר פאר א פּאָאר טעג. נאטירליך, וואָלט איך עס געקענט אויספיה־רען מיט געוואלד אויך, ניט פרעגענדיג אייער ערלויבניס. אָבער איך וויל קיין

פאָלגט, זיינען מיר געווען פעסט זיבער, אז מיר פערפאָלגען עס א ריעזיגע ים־חיה, וועלכע מיר האָבען גערעכענט אלס א פליאגע פאר שיפען און ים רייזענדע און פון וועלכע דיא וועלט דארף פטור ווערען.

דער קאפיטאן האָט א שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— ווילט איהר דען בעהויפטען, אז איהר וואָלט אזוי גוט און פרום געווען און מיך ניט פערפאָלגט, ווען איהר וואָלט געווען וויסען, אז איהר האָט דאָ ניט צו טהאָן מיט א לויתן, זאָנדערן מיט אן אונטערוואסערדיגע שיף, וואָס בעלאנגט צו א פריוואט פערזאָן?

דיעזע פראגע האָט מיך געשטעלט אין א גרויס פערלעגענהייט, ווייל איך האָב איינפאך ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען דערויף. ביי מיר אין הארצען האָב איך גאנץ גוט געוואוסט, אז יעדע רעגיערונג וואָלט אזא שיף מעהר פערפאָלגט וויא אירגענד וועלכע ים־חיה, און קאפיטאן פאראגוט וואָלט געוויס דיעזע שיף גראדע אזוי וויא א ריעזען־נארוואל פערניכטעט, ווען דאָס וואָלט איהם נור מעגליך געווען.

— איהר פערשטעהט דאָך, מיין הערר — האָט דער קאפיטאן ווייטער געזאָגט — אז איך האָב פאָלקאָמען רעכט צו בעהאנדלען אייך אלס מיינע שונאים.

איך האָב דארויף גאָר ניט געענטפערט, דען וואָס קען העלפען דיסקוסיאָנען און דעבאטעס, אז מיר זיינען ביי איהם אין דיא הענד און זיין מאכט קען צושטערען אלע תירוצים וואָס איך וועל איהם ענטפערען!

— איך האָב זיך א היבשע צייט גע'ישוב'ט — האָט דער קאפיטאן פאָרט־געזעצט — און איך בין געקומען צום בעשלוס, אז איך בין ניט פערפפליכטעט אויפצונעהמען אייך אלס געסט. עס איז ניט געלעגען אין מיינע אינטערעסען צו בעגעגענען זיך מיט אייך און אייער אָבוועזענהייט וועט מיך אויך ניט קימערען. איך קען אייך צוריק ברייננען אויף'ן דעק פון מיין שיף, אויף וועלכע איהר האָט זיך ארויפגעכאפט אָהן מיין ערלויבניס, איך לאָז זיך דאן ארונטער אין דיא טיעפענים און איך פערגעס אויב איהר זיינט גאָר אויף דער וועלט געווען. האָב איך רעכט?

— יא, אזא רעכט קען נור האָבען א ווילדער, ניט קיין ציוויליזירטער מענש! — האָב איך זיך אָבגערופען.

— הערר פראָפעסאָר! — האָט זיך דער קאפיטאן עטוואָס אויפגערעגט אָבגערופען — איך בין ניט דאָס וואָס איהר רופט "א ציוויליזירטער מענש". איך האָב זיך ענטזאָגט פון אייער מענשליכע געזעלשאפט צוליעב געוויסע אורזאכען, וועלכע איך אליין האָב אנערקענט. איך פאָלג ניט אייערע געזעצע און יושר פון דער זאָגענאנטער ציוויליזאציאָן. זיי שפיעלען ביי מיר קיין ראָלע ניט, ווייל איך האָב אנדערע בעגריפע וועגען יושר און גערעכטיגקייט.

גערעדט מיט א שעהנע, קלאָהרע אויסשפּראכע, מיט'ן ריכטיגען פראנצויזישען אקצענט, אזוי וויא א געבאָרענער געבילדעטער פראנצויז. דאָך האָב איך אין איהם ניט דערקענט מיינעם א ריכטיגען לאנדסמאן.

— איהר האָט זיך געוויס געוואונדערט — האָט דער קאפּיטאן פאָרטגע־זעצט — וואָס איך האָב אזוי לאנג געווארט מיט מיין צווייטען בעזוך. אָבער איהר דארפט זיך ניט וואונדערען. איך בין א מענש מיט אויסרעכענונג. איך האָב ליעב צו איבערלעגען זיך אין יעדע זאך איידער איך טהו עס. איך האָב, וויא געזאָגט, זיך ניט געוואָלט אריינלאָזען אין געשפּרעכען מיט אייך, ביז איך וועל ניט בעשליסען וויא און אויף וואָס פאר אן אופן צו האנדלען מיט אייך, און צו קיין ריכטיגען בעשלוס בין איך ביז ערשט ניט געקומען. עס איז צו בעדויערען, וואָס דער שיקזאל האָט אייך צוזאמענגעבראכט מיט א פּערזאָן וואָס וויל פון דער וועלט נים וויסען און האָט אָבגעבראָכען אלע בעציהונגען מיט דער מענשהייט. דורך אייער אָנוועזענהייט אויף מיין שיף שטערט איהר מיר זעהר פיעל.

— מיר האָבען עס, הערר קאפּיטאן, ניט געטהאָן אבזיכטליך — האָב איך זיך פערענטפערט — און איהר קענט אונז ניט בעשולדיגען. מיר האָבען עס געטהאָן געגען אונזער ווילען.

— אונאבזיכטליך? — האָט דער קאפּיטאן געזאָגט מיט עטוואָס א העכערען טאָן — האָט מיך דיא "אייברעהעם לינקאָלן" פערפאָלגט אויף אלע ימים געגען איהר ווילען? זיינט איהר, הערר פּראָפעסאָר, געצוואונגען געוועזען מיט געוואלד מיטצופאָהרען אויף יענער פריגאטע? האָבען אייער קוילען פון זיך אליין געשאָסען אויף מיין שיף? האָט הערר לענד'ס הארפון מיך געטראָ־פען געגען זיין ווילען?

דער קאפּיטאן האָט אפילו גערעדט געלאסען, אָבער מען האָט לייכט געקענט דערקענען, אז ער איז שטארק אויפגערייצט, נור ער האלט איין זיין צאָרן. נאטירליך, איז מיר גאנץ לייכט געווען געגען זיינע בעשולדיגונגען צו פערטהיידיגען זיך און איך האָב דערויף געענטפערט:

— מיין הערר, וויא איך זעה, האָט איהר א גרויסען טעות. איהר ווייסט וואהרשיינליך ניט וואָס עס איז וועגען אייך, בעסער געזאָגט: וועגען אייער שיף, גערעדט געוואָרען אין אמעריקא און אין גאנץ אייראָפּא. איהר האָט, אָהן צווייפעל, ניט געהערט וויא שטארק אויפגערעגט פיעלע לענדער זיינען געוועזען איבער דיא סיבות וואָס פערשיעדענע שיפען זיינען געקומען אין צוזא־מענשטויס מיט אייער שיף. איך וויל אייך אזוי פיעל ניט בעמיהען אויסצו־הערען אלע מיינונגען וואָס זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען איבער דיזע אונערקלערליכע געהיימניספאָלע ערשיינונג, אָבער דאָס מעגט איהר און דארפט וויסען, אז וועהרענד מיר האָבען אייך אויף דער "אייברעהעם לינקאָלן" פער־

פון דעם אויפגערעגטען קענעדער'ס הענד. איך האָב זיך אויך א לאָז געטהאָן אָבצורייסען דעם הארפון־ווארפער פון זיין קרבן, ווען פלוצלונג האָב איך דער־הערט א שטימע, וועלכע האָט אויסגערופען אין פראנצויזיש:

— בערוהיגט זיך, הערר לענד! און איהר, הערר פראָפעסאָר, ווילט איהר אזוי גוט זיין און מיך אויסהערען?

10טעם קאפיטעל

## דער הערשער פון דיא ימים

דער קול איז געקומען פון דער זייט פון טיהר. איך האָב זיך ארומגע־קוקט און געזעהן, אז דאָס האָט גערעדט אונזער נעכטיגער בעזוכער, דער שלאנקער, שעהנער מאן, וועלכער איז טאקי געווען דער קאָמאנדיר פון שיף.

נעד לענד איז ביי דעם קאפיטאן'ס ווערטער אויפגעשפרונגען. דער פראָ־וויאנט־מאסטער, וועלכער איז געווען צוקלאפט אזוי וויא א פוילער עפעל, איז הינקענדיג ארויסגעקראָכען פון קאיוטע מיט גרויס אונטערטעניגקייט און ער האָט אפילו קיין ברעקעל צייכען פון צאָרן ניט ארויסגעוויזען געגען זיין אָנגריי־פער. דיא מאכט פון קאפיטאן איבער זיינע לייטע, האָט אויסגעזעהן, איז זעהר גרויס. מיר אלע זיינען פערבליבען העכסט איבערראשט און פערוואונדערט און מיר האָבען אונגעדולדיג געווארט צו זעהן וואָס דער סוף פון דיעזער סצענע וועט ארויסקומען.

דער קאפיטאן איז א קורצע ווייל געשטאנען אָנגעשפארט אָן טיש און געשוויגען. ער האָט אונז אלעמען בעטראכט און מיט זיינע שארפע בליקען אונז אָבגעמאָסטען פון דיא קעפ ביז דיא פיס, דאן האָט ער זיך אָבגערו־פען:

— מיינע הערען, איך קען גוט פראנצויזיש, ענגליש, דייטש און לאטיי־ניש. עס איז מיר אלזאָ גאנץ לייכט געווען נעכטען, ביי מיין ערשטען בעזוך, אייך צו ענטפערען. אָבער איך האָב געוואָלט פריהער ערקונדיגען זיך ווער איהר זיינט און דאן זיך איבערלעגען וויא אזוי מיט אייך צו האנדלען. איך וויים ערשט, אז א צופאל האָט אויף מיין שיף געבראכט דעם הערן אראנאָקס, פראָ־פעסאָר פון נאטור געשיכטע אין פאריזער מוזעאום, וועמען זיין רעגיערונג האָט געשיקט אויף א וויסענשאפטליכע רייזע אין אויסלאנד; זיין דיענער קאָנסייל און נעד לענד, הארפוניסט פון דער אמעריקאנישער קריעגס־שיף "אייברעהעם לינקאָלן".

איך האָב זיך פערנייגט אלס צייכען פון צושטימונג אָדער בעשטעטי־גונג. גערעדט האָב איך גאָר ניט, ווייל דער מאן האָט מיר קיין פראגע גע־שטעלט און ער האָט מיך גיט געצוויגען פאר'ן צונג איך זאָל רעדען. ער האָט

אונז ארויסקומען, ווען אפילו מיר וועלען דיא זאך דורכפיהרען און מיר וועלען אליין פערבלייבען דיא בעלי הבתים פון שיף? אויסער דעם, מיט וואס פאר א יושר, מיט וואס פאר א רעכט זאלען מיר גאר אזעלכעם דענקען?

עס איז אוועק נאך א היבשע שטיקעל צייט און מיר זיינען אלע שרעקליך הונגעריג געווארען. עס איז שוין ווירקליך געוועזן צופיעל געווארט און איך האב אויך אנגעהויבען צווייפלען, אויב דיא לייטע פון שיף מיינען צו לאזען אונז לעבען. אויב זיי דענקען ניט אומצוברייינגען אונז — האב איך געטראכט — האבען זיי דאך אונז ניט געדארפט לאזען הונגערען אזוי פיעל! נעד לענד האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און ער האט ווידער געשריען און געלארעמט.

נאך צוויי שטונדען זיינען פאראיבער און קיין צייכען פון עסען איז נאך אלץ ניט געוועזן. נעד לענד איז שוין הייזעריג געווארען שרייענדיג, אבער אומ־זיסט! דיא ווענד פון אונזער געפענגנים זיינען געוועזן טויב און זיי האבען א ווארט ניט געענטפערט. א טויטע שטילקייט האט געהערשט איבעראל. קיין גע־רויש, קיין שארך האט מען ערגיץ ניט געהערט, דיא שטילקייט איז בלויז אונ־טערבראכען געווארען פון נעד לענד'ס קללות און שימפפערייען. דיא שיף איז געשטאנען אונבעוועגליך און וויא מיר האבען פערשטאנען, געפינט זיא זיך גאנץ טיעף אין וואסער און מיר זיינען אין גאנצען אבגעשניטען פון דער וועלט.

דיא טויטע שטילקייט האט אויף מיר א בייזע מורא געווארפען. איך האב זיך שטארק געשראקען, אז דיא לייטע ווילען אונז מאכען א שטילען טויט און א שטילע לויה. איך בין געבליעבען זיצען פערצווייפעלט און פערזארגט און פערשיעדענע רעיונות האבען זיך געמישט אין מיין מח. איך האב שוין אין הארצען געגעבען רעכט דעם הארפוניסט, אז מיר דארפען קעמפפען פאר אונזער לעבען, אבער געה קעמפף! מיט וועמען? אז מיר זעהען קיין לעבעדיגען נפש ניט אן! און ווען אפילו יא — וועלען מיר, דריי פערזאן עפעס קענען אויספיהרען? און וואס טהוען מיר, אז זיי וועלען אונז לאזען אויסגעהן פון הונ־גער? קענען מיר עפעס טהאן נעגען דעם הונגער מלאך המות?

בלויז קאנסייל האט זיך פערהאלטען גאנץ רוהיג און אויף זיין פנים האט זיך געזעהן זיין שטענדיגע קאלטבלוטיגקייט.

פלוצלונג האט זיך דערהערט א גערויש. טריט זיינען געקומען אלץ נע־ענטער און נעהענטער. דער ריעגעל האט זיך אבגערוקט און דיא טהיר האט זיך געעפענט. דער פראוויאנט־מאסטער איז אריינגעקומען.

איידער איך האב צייט געהאט אבצוהאלטען איהם, איז נעד לענד בע־פאלען דעם מאן, האט איהם אומגעשליידערט און גענומען ווערגען. דער פרא־וויאנט־מאסטער איז געבליבען ליגען האלב גע'חלש'ט אונטער לענד'ס הענד.

קאנסייל איז צוגעלאפען, אום דעם האלב דערשטיקטען מאן צו רעטען

פון שיף מוזען דורכאויס דיעזע געהיימניס האלטען פערבאָרגען, וועלען זיי אונז זיכער האלטען געפאנגען ביז אונזער טויט, אָדער זיי וועלען פיליכט אונזער לעבען ניט שוינען און זיי וועלען אונז אָבראמען פון וועג; ווען אָבער דער פאל איז ניט אזוי, וועלען זיי אונז זיכער צופיהרען צו א ברעג און לאָזען לאנדען. יעדענפאלס מוזען מיר געדולדיג ווארטען און זעהן וואָס דיא ווייטע־רע צוקונפט וועט אונז ברייגגען. מאכען קולות און שפּרינגען פון דער הויט, וועט אונז געוויס גאָר ניט העלפען. מיר קענען דערמיט מעהר קאליע מאכען וויא פעררינכטען.

— גראדע פערקעהרט, הערר פּראָפעסאָר! — האָט לענד ניט געוואָלט נאָכגעבען — מיר מוזען טהאָן אלעס מעגליכע, אום צו רעטען זיך, אום צו אנטלויפען פון דאנען.

— אָבער וויא אזוי? — האָב איך געפרעגט — פון א געפענגניס אויף דער יבשה איז אויך ניט אזוי לייכט צו אנטלויפען, בפרט נאָך פון דיא טיעפעניס פון ים!

דער הארפּון־ווארפער איז פערבליבען זיטצען אין א פערלעגענהייט און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ענדליך, נאָך א לענגערען טראכטען, האָט ער זיך אָבגערופען:

— מיר לענט זיך אויף'ן זינען עטוואָס אנדערש. אויב מיר מוזען שוין יא דאָ פערבלייבען אויף דיעזער פערדאמטער שיף, קענען מיר פיליכט פּטור'ן אונזערע וועכטער, אונזערע פיינינער?

— וויא? — האָב איך ערשטוינט געפרעגט — אייך לענט זיך אויף'ן מח, אז מיר קענען ביי זיי דיא שיף אוועקנעהמען? וואָצו רעדען אזעלכע נאַ־רישקייטען?

דער בייזער קענעדע'ר האָט זיך אלץ געקאָכט און געהיצט און ער האָט מיר געוואָלט איבערצייגען, אז מיר קענען אלעס טהאָן, ווען נור אונזער ווילען זאָל זיין דערביי. איך האָב מיט איהם געערעדט און גע'טענה'ט, ביז ענדליך האָט ער מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך שוין פערהאלטען רוהיג און וועט קיינע סקאנ־דאלען ניט מאכען. אָבער, וויא איך האָב פערשטאנען, האָט ער מיר דעם פער־שפּרעכען געגעבען בלויז אויס רעספּעקט און אכטונג צו מיר; אין הארצען אָבער האָט ביי איהם געזאָדען אזוי וויא אין א קעסעל און עס איז ביי איהם אויסגעקומען, אז טויטען דיא מאנשאפט און צונעהמען די שיף איז אזוי לייכט וויא הרג'ענען א פליעג אויף'ן וואנד.

און דאָס האָט זיך דער היציגער כעסן פערגעסען, אז דיא שיף איז אזא קונציגע, מיט אזוי פיעל זאָנדערבארע געהיימניסע, אז מיר אליין, אָהן איהר קאפּיטאן און אָהן דיא מענשען, וועלכע וויסען איהרע סודות, וועלען זיא ניט קענען טרייבען און מיר וועלען זינקען מיט איהר צוזאמען. היינט וואָס וועט

— זעהר געשמאק, הערר פראפעסאר! — האט לענד געענטפערט — פיליכט האב איך א טעות, מיר דאכט, אז איך פיהל פרישע ים־לופט.

דער זעע־מאן האט נאטירליך קיין טעות ניט געהאט, און איך האב איהם דערצעהלט וואס מיט א פאאר מינוטען פריהער איז פארגעקומען.

— גאנץ ריכטיג! — האט ער געזאגט — דאס ערקלערט מיר דעם שאר־פען גערויש וואס מיר האבען געהערט פון דער שיף, ווערענד מיר זיינען נאך געווען אויף דער פריגאטע "אייבערהעם לינקאלן".

— יא, לענד. אונזער אייזערנער וואלפיש האט אויף דיעזען אופן דעם אטהעם אבגעצויגען.

— נור איין זאך, הערר אראנאקס, קען איך ניט בעגרייפען: וויא שפעט קען עס ערשט זיין? איך גלויב, אז עס איז צייט צו עסען מיטאג.

— מיטאג? זאגט בעסער פריהשטיק! מיר האבען שוין געוויס א ביסעל אריינגעלעבט אין אן אנדער טאג.

— אויב אזוי — האט קאנסייל מיט פערוואונדערונג געזאגט — זיינען מיר דאך געשלאפען פיער און צוואנציג שטונדען!

— יא, דאס איז מיין מיינונג.

— איך וועל אייך ניט ווידערשפרעכען! — האט נעד לענד געזאגט — זאל זיין פריהשטיק אדער מיטאג! יעדענפאלס וואלט איך וועלען, אז דער פערדאמטער פראוויאנט־מאסטער זאל וואס שנעלער ברייננגען עפעס צום עסען, ווייל איך בין שטארק אויסגעהונגערט.

— הערר לענד! — האב איך זיך אבגערופען — מיר מוזען האבען גע־דולד. מיר מוזען נאכקומען דיא רעגעלען פון דיעזער שיף. מסתמא, אז עס וועט קומען דיא צייט פון עסען, וועט מען אונז אויך ניט לאזען הונגערען.

— איהר זיינט מאדנע מענשען! האט זיך דער קענעדע'ר געבייזערט — איהר זיינט קאלטע לונג און לעבערס און פון קיין זאך מאכט איהר קיין וועזען ניט. וואס הייסט, האבען גערולד? וואס הייסט ווארטען? איך קען אזא בעהאנדלונג ניט פערטראגען! דער הערר פראפעסאר מעג זיך בייז זיין אויף מיר, אבער איך וועל זאגען נאך אמאל, אז זיי זיינען א באנדע מענשען־פרעסער, ים־רויבער — געוויס! איך וועל זיך ניט שעהמען און איך וועל עס זיי אין דיא אויגען זאגען. זיי האבען קיין רעכט צו האלטען אונז איינגעשפארט דא אין דיעזען שטייג. איך וואלט זעהר וועלען הערען אייער מיינונג, הערר אראנאקס. וויא לאנג, דענקט איהר, וועלען מיר דא פערבלייבען?

— נור ניט געבייזערט זיך! — האב איך פרובירט איהם בערוהיגען — וויא לאנג מיר וועלען דא פערבלייבען, ווייס איך ניט מעהר פון אייך, אבער מיין שכל דיקטירט מיר, אז מיר זיינען דא צוזאמענגעקומען מיט א וויכטיג' געהיימניס. אצינד איז אונזער שיקזאל אבהענגיג אן דעם: אויב דיא מאנשאפט

דיא זויער־שטאָף און יעדער פון אונז האָט אויסגעאָטהעמט דיא שלעכטע גאַ־זען, וואָס מאכט דיא לופט אזוי שטיקענד.

עס איז אלזאָ נויטיג געווען אריינצולאָזען פרישע לופט אין אונזער צימער און וואהרשיינליך אויך אין דער גאנצער שיף. איך בין זיכער געווען, אז אונזער שיף, וועלכע שווימט אונטער'ן וואסער, מוז האָבען מיטעל וויא אזוי זיא זאָל פון צייט צו צייט דיא לופט אינווייניג אָבפרישען, אנדערש וואָלטען דאָך דיא מענשען ניט אויסגעהאלטען. עס האָט זיך מיר אָבער געשטעלט דיא פראגע: וויא אזוי שאפען זיי דיא לופט? לאָזען זיי איינפאך אלע מאָל ארויף דיא שיף אין דער הויך און שעפען אָן לופט, אזוי וויא דיא גרויסע ים־טהיערע, אָדער זיי מאכען עס דורך כעמישע מיטעל? עס זיינען פאראן אזעלכע כע־מישע מאטעריאלען פון וועלכע מען קען ענטוויקלען גוטע זויער־שטאָף און וויע־דער אזעלכע, וואָס קענען אָבציהען דעם שעדליכען גאז. צו אזא זאך פאָדע־רען זיך געוועהנליך מאגאזינען מיט כעמישע שטאָפען, וואָס איז פערבונדען מיט גרויסע קאָסטען. אָבער אזוי וויא דיא גאנצע שיף איז א זאָנדערבארע און געהיימניספאָלע שטיק ארבייט, קען מען שוין אויף איהר אלעס אין דער וועלט גלויבען.

אָבער יעדענפאלס האָב איך זעהר געוואָלט, אז דער קאפיטאן זאָל וואָס שנעלער אָנווענדען וואָס פאר א מיטעל עס איז צו מאכען דיא לופט ריינער, ווייל פון מינוט צו מינוט איז דיא לופט אלץ געוואָרען מעהר שטיקענד, מיין אָטהעם אלץ שווערער און שווערער און איך האָב איינפאך אָנגעהויבען פיהלען אזוי וויא א מינוט צום טויט.

פלוצלונג האָט אין קאיוטע אריינגעצויגען א שטראָם ריינע, פרישע זעע־לופט און איך האָב פריי אויפגעאָטהעמט. איך האָב איינפאך ניי אָבגעלעבט. דער געשמאקער ווינטעל האָט דורכגענומען מיינע גליעדער און איך בין ער־קוויקט געוואָרען. צו דער זעלבער צייט האָב איך געפיהלט, אז אונזער אייזער־נער וואלפיש הויבט זיך אלץ העכער און העכער אויף'ן וואסער. איך בין שוין אלזאָ זיכער געווען, אז דיא לופט ווערט אָנגעשעפט אין שיף פון דרויטען, ניט דורך כעמישע מיטעל.

פון דעם אנגענעהמען ווינטעל וואָס האָט געבלאָזען ביי אונז אין קאיוטע און פון דיא ערפרישענדע לופט וואָס איז אין איהר אריינגעדרונגען, האָבען זיך מיינע קאמעראדען אויפגעכאפט. זיי האָבען אויסגעריבען זייערע אויגען, אויס־געצויגען זייערע גליעדער און זיינען אויפגעשפרונגען פון זייער געלעגער.

— האָט דער העדר גוט געשלאָפען? — האָט מיך קאָנסייל געפרעגט.

— זעהר גוט, מיין בראַווער יונג! און איהר, נעד לענד? — האָב איך געפרעגט.

און פֿאַלשטענדיג ערהאַלט. איך האָב זיך דער ערשטער אויפגעכאַפּט. מיינע קאַמעראַדען זיינען נאָך געלעגען אויסגעצויגען און געכראַפּעט, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט.

באַלד וויא איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין הארטען געלעגער, האָב איך געפילט, אז מיינע געהירען זיינען פריי און מיינע געדאַנקען קלאָהר. איך האָב זיך אָנגעהויבען ארומקוקען אין אונזער קאַיוטע און איך האָב געזעהן, אז קיין זאַך איז דאָרט ניט געענדערט געוואָרען. מיר זיינען פונקט אזוי וויא פריהער איינגעשלאָסען און געפאַנגען אין דיעזען קערקער. בלויז איין זאַך האָב איך בעמערקט, אז דיא כלים זיינען אויפגעראַמט געוואָרען פון טיש, וואהרשיינליך האָט זיי אימיצער צוגענומען, וועהרענד מיר זיינען געשלאָפען, זאָנסט איז אלעס געווען אין זעלבען אָרדנונג וויא פריהער.

אָבער איך האָב אָנגעהויבען פיהלען, אז דיא לופט איז שטיקענד און עס דריקט מיינע לונגען. איך האָב ניט געקענט דעם אָטהעם אָבציהען, אָבוואָהל דיא קאַיוטע איז געווען גענוג גרויס און הויך. אין יענע מינוטען איז דאָרט דיא לופט געווען פערדאָרבען. דיא אורזאַכע וואָס האָט געבראַכט דערצו, איז איינפאַך.

דיא לופט וואָס רינגעלט ארום דעם ערד קוגעל בעשטעהט הויפּטזעכליך פון דרייערליי גאַזען: אָקסידזשען (זויער־שטאָף), נאַיטראָדזשען (שטיק־שטאָף) און קאַרבאָניק עסיד (קאָהלען־זויערע). דער זויער־שטאָף איז דער לעבענס מאַ־טעריאַל פון אונזער קערפּער, דען ער איז א ריינער שטאָף וואָס איז נויטיג צו דיא סירקולאַציאָן פון אונזער בלוט. דאָס זעלבע איז אויך מיט'ן שטיק־שטאָף. ווען אָבער דיאביידע גאַזען קומען זיך צוזאַמען אין אונזערע לונגען, ווערט פון זיי ענטוויקעלט דער קאַרבאָניק עסיד גאַז, וועלכען מיר אָטהעמען אויס, מיר שיקען ארויס פון זיך. דיעזער גאַז איז דיא פסולת וואָס ווערט אויס־געאַרבייט פון דיא ערשטע צוויי גאַזען. ער איז שעדליך און א לעבעדיגע בריאה קען איהם ניט איבערטראָגען. מיר ווייסען, צום ביישפּיעל, אז ווען פיעלע מענ־שען זיצען אין א פערמאַכטען צימער, ווערט דאָרט דיא לופט שטיקענד און עס איז שווער צו אָטהעמען. דאָס קומט דערפון, ווייל דער זויער־שטאָף איז פון אלעמענס לונגען פערברויכט געוואָרען און יעדער איינער האָט אויסגע־אָטהעמט דעם שעדליכען קאָהלען־זויער גאַז, אין אזא פאַל עפענט מען א פענסטער, דאַן געהט דער פערדאָרבענער גאַז ארויס און פרישע זויער־שטאָף קומט אריין. עס איז אויסגערעכענט, אז יעדער מענש פערברויכט אין איין שטונדע אזוי פיעל זויער־שטאָף, וויפיעל עס געפינט זיך אין 17 פיינט לופט. פאָלגליך, אז דאָס ווערט אויסגעאַרבייט אין קאַרבאָניק עסיד, ווערט עס אונ־ערטרעגליך.

איך האָב דארום אויסגערעכענט, אז דורך דער צייט וואָס מיר זיינען פער־שפּאַרט אין אונזער געפענגניס, האָבען מיר פערצעהרט א גרויסען טהייל פון

אינישעל — דער ערשטער בוכשטאב פון קאפּיטאנ'ס אָדער אייגענטהימער'ס נאָמען. ער פערשטעהט אלזאָ דיא ליטיינישע שפּראך און ער בענוצט זיך מיט איהר.

לענד און קאָנסייל האָבען, וויא עס האָט אויסגעזעהן, וויייניג וואָס געטראַכט וועגען דעם. זיי זיינען געוועזן פערטהאָן אין עסען און האָבען מיט גרויס אַפּעטיט געשלונגען דיא שפּייזען וואָס מען האָט פאר אונז צוגעגרייט. איך האָב גאַטירליך אויך דאָס זעלבע געטהאָן, ווייל איך בין געוועזן ניט וויייניגער הונגעריג וויא זיי. און איך האָב געגעסען מיט א פרעהליך געמיטה, ווייל איך האָב איינגעזעהן, אז אונזער שיקזאל איז פערזיכערט און מען וועט אונז דאָ ניט אויפפרעסען, אזוי וויא לענד האָט פריהער פּראָפעצייהעט.

— אי, וואָלט איך ערשט געכאַפּט א דרעמעל! — האָט קאָנסייל געזאָגט

— נאָך אזא מאָהלצייט קען מען געשמאק שלאָפען.

— איך וואָלט עס אויך גערן געטהאָן! — האָט לענד זיך אָבגערופען. און ווירקליך, נאָך פיערצעהן שטונדען מאַטערניס, שרעק און הונגער, און געפינענדיג זיך ערשט אין א בעקוועמען צימער, האָבענדיג אָבגעגעסען א גוטע סעודה, האָט אונז טאקי געפעהלט א ביסעל שלאָף. מיינע קאָמעראַדען האָבען זיך טאקי באלד אוועקגעלייגט אויף'ן דיוואן און זיי זיינען באלד געשמאק אנטשלאָפען געוואָרען.

וואָס אָנבעלאַנגט צו מיר, האָב איך ניט געקענט איינשלאָפען. מיינע רעיונות האָבען זיך געמישט אין מיין מח, און וויא שטארק איך האָב זיך ניט אָנגעשטרענגט אנטשלאָפען צו ווערען, איז עס מיר ניט געלונגען. איך האָב נור געטראַכט: וואו זיינען מיר אין דער וועלט? וואָס פאר א געהיימניספאָלע קראַפט טראָגט אונז אין דיעזער שיף? מיר האָט זיך געדאַכט, אז אונזער שיף לאָזט זיך ארונטער צום גרונד פון ים און א שוידער איז אריבערגעגאַנגען מיין קערפּער. מיין פאַנטאַזיע האָט מיר פאָרגעשטעלט זאָנדערבארע זאכען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען אז מיר פאָהרען ארונטער אין א נייע, אונבעקאַנטע וועלט, וואו עס געפינען זיך געהיימניספאָלע, פירכטליכע ברואים, וואָס זיינען גלייך צו אונזער שיף. דיא דאָזיגע ברואים לעבען, בעוועגען זיך און שאַפען, אזוי זאָנדערבאר, אז איך האָב זיך עס קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט.

ענדליך האָבען זיך מיינע געדאַנקען פערפּלאָנטערט אין פערשיעדענע פאַנטאַסטישע בילדער, ביז איך בין געבליבען בעוואוסטלאָז און בין אריינגעפאלען אין א טיעפען שלאָף.

9טעס קאפּיטעל

## נעד לענד מאַכט אַ סקאַנדאַל

וויא לאַנג מיר זיינען געשלאָפען, ווייס איך ניט; אָבער מיר האָבען זיכער געהאַט א לאַנגען שלאָף, דען מיר זיינען אויפגעשטאַנען העכסט אויסגערוהט

טען שטאָף און מיר האָבען זיי מיט פערגעניגען אַנגעצויגען. פון דעם סטוארט איז אונז אויך ניט געלונגען זאָגאר א וואָרט צו הערען. אויב ער איז געווען שטום, אָדער ער האָט אונז ניט פערשטאַנען, האָבען מיר ניט געקענט וויסען. ביז מיר זיינען פערטיג געוואָרען מיט'ן אָנקליידען זיך, האָט ער געגרייט צום טיש און פערנאַנדער געשטעלט דרייערליי עס־געשיר.

— אַט דאָס האָב איך געמיינט! — האָט קאָנסייל געזאָגט מיט שמחה.

— באה! — האָט לענד אויסגעשריען מיט כעס — א קלייניגקייט! וואָס מיינט איהר פרעסען אזעלכע ווילדע מענשען? לעבער פון שילדקרעטען (טשע־רעפּאכע) הייפיש פלייש און ביפשטעקס פון זעע־הינד!

— מיר וועלען שוין זעהן! — האָט זיך קאָנסייל אָבגערופען.

אָבער דער קענעדע'ר האָט דיעזען מאָל א טעות געהאַט. ווען מיר האָבען אויפגעהויבען דיא דעקלאָך פון דיא טעלער, וועלכע זיינען געווען פון א ווייסען מעטאל אזוי וויא זילבער, האָבען מיר פאר אונזערע אויגען דערזעהן אויסגע־צייכענטע, פּראכטפאָלע מאכלים, מיט וועלכע מען האָט זיך ניט געדאַרפט שעה־מען זאָגאר אין גראַנד האָטעל פון פּאַריז. דאָרט זיינען געווען אייניגע סאָרטען טהייערע פיש און פערשיעדענע פליישען און אנדערע געריכטען, וועלכע מיר האָבען ניט געוואוסט וואָס דאָס איז. דיא שפּייזען זיינען געווען גוט, שעהן און געשמאַקפאָל געמאכט. בלויז צוויי זאכען האָבען געפעהלט אויף'ן טיש, נעמליך: ברויט און וויין. אָבער מיר האָבען דיעזען מאנגעל ניט געפיהלט, ווייל אנשטאָט ברויט האָבען מיר געהאט אן אנדער זאָרט אונבעוואוסטע שפּייז און נאָך וויין האָבען מיר ניט געבענקט, וויינינגסטענס איך — געוויס ניט.

מיר האָבען אלעס גענעסען מיט גרויס אַפּעטיט און מיר האָבען שטארק הנאה געהאַט. פון וואָס דיא אלע מאכלים זיינען געמאכט געוואָרען האָב איך קיין בעגריעף געהאט. זאָגאר דיא פליישען וואָס מיר האָבען געגעסען, האָב איך אויך ניט געוואוסט, אויב דאָס איז פלייש פון חיות, פון פיש אָדער גאָר גע־מאכט פון גרינס אָדער פלאַנצונגען.

פון דיא עלעגאַנטע כלים און פּראכטפאָלע שפּייזען האָבען מיר זיך איבער־ציינגט, אז מיר געפינען זיך ניט צווישען ווילדע, זאָנדערן צווישען ציוויליזירטע און העכסט געבילדעטע מענשען. איך בין נאָך מעהר ערשטוינט געוואָרען צו זעהן אויף אלע טעלער, גאָפּעל, לעפעל און מעסער דעם פאָלגענדען אויפשריפט אין ליטיינישע בוכשטאבען: "Mobilis in Mobili". ביי דער זייט פון דיעזע ווערטער איז געווען דער בוכשטאב .N

דיא ווערטער "מאָבילים אין מאָבילי" וואָס בעדייטען: בעוועגליכעס אין א זאך וואָס בעוועגט זיך, האָבען זיך זעהר געפּאסט צו זאָגען אויף דער רעטזעל־האפטער שיף, אויף וועלכער מיר האָבען זיך געפונען און איך האָב עס אזוי אויסגעטייטשט. דער בוכשטאב N, האָב איך געדיינקט, איז וואהרשיינליך דער

— פערדאמט ! — האט לענד בייז אויסגעשריען — האט איהר ווען געהערט ? מען רעדט צו דיא שופטען פראנצוויזיש, ענגליש, דייטש און ליטייניש און זיי מאכען זיך גע'פגר'ט און ווילען אפילו א ווארט ניט ענטפערען !

— רוהיג, לענד ! — האב איך צו איהם געזאגט — האלט איין אייער צארן. אייער כעס וועט דא גאר ניט העלפען.

— אבער ווייסט איהר, הערר פראפעסאר — האט לענד נאך מעהר אויפגערעגט געזאגט — אז מיר וועלען אין דיעזען שטייג פון הונגער אויסגעהן ?

— ניט אזוי געפעהרליך ! — האט זיך קאנסייל אבגערופען — מיר וועלען נאך א רעכט שטיקעל צייט קענען אויסהאלטען.

— הערט נור צו, ליעבע פריינדע — האב איך מיינע קאמעראדען געטרייסט — מיר דארפען פארלויפיג ניט אזוי פערצווייפלען. יעדענפאלס איז פריהער, איידער מען האט אונז אהער אריינגענומען, געווען אונזער לאגע פיעל ערגער. זייט נור א ביסעל רוהיג. איך וועל זיך בעקלערען וואס פאר א זארט מענשען דיעזער קאפיטאן און זיין מאנשאפט זיינען.

— איך האב שוין גוט בעטראכט וואס פאר א מענשען זיי זיינען ! — האט לענד אויסגעשריען — זיי זיינען שופטען, ניעדערטרעכטיגע שופטען !

— זאל זיין וויא איהר זאגט ! אבער פון וואס פאר א לאנד קומען זיי ?

— פון שופטען־לאנד ! — האט לענד אויסגעשריען.

— אבער — האב איך לאכענד געזאגט — איהר ווייסט דאך, אז אזא לאנד איז אויף דער לאנד־קארטע ניטא. איהר שטערט מיך בלויז מיט אייערע רייד, וועלכע קענען קיינע נוצען ניט ברייננען. האט בעסער געדולד, ביז איך וועל בעטראכטען צו וועלכע נאציאן דיא לייטע געהערען. ענגלענדער, דייטשען אדער פראנצויזען זיינען זיי געוויס ניט, ווייל זאנסט וואלטען זיי דאך איינע פון יענע שפראכען פערשטאנען. בעטראכטענדיג אבער זייערע געזיכטער, קומט מיר פאר, אז זיי שטאמען פון אירגענד וועלכע לאנד פון דיא הייסערע געגענדען. זייער בענעהמען זיך און זייערע מאניערען צייגען, אז זיי קומען פון יענע מקומות ; אבער אויב זיי זיינען שפאניער, טערקען, אראבער אדער אינדיאנער, איז שווער צו בעשטימען. איבערהויפט קומט מיר פאר זייער שפראך זעהר פרעמד. אך, ווען איך פערשטעה כאטש עטוואס, וואס זיי רעדען !

— אט דאס איז דיא צרה, וואס מענשען פערשטעהען ניט אלע שפראכען, אדער וואס אלע מענשען פון דער וועלט רעדען ניט איין שפראך. א סך צרות קומען פון דיא פערשיעדענהייט אין דיא לשונות — האט זיך קאנסייל אבגערופען.

דער בייזער קענעדע'ר האט ווייעדער עפעס געוואלט זאגען. אבער פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער סטווארט (פראוויאנט־מאסטער) פון שיף איז אריינגעקומען. ער האט אונז אלעמען געבראכט קליידער פון אן אונבעקאנ־

לענד געזאָגט — מען דאַרף פּראָבירעןריידען צו זיי ענגליש. אָבער איך בין א ביסעל טעמפּליך אין דיעזער שפּראַך, פּראָבירט איהר רעדען מיט זיי, פילייכט וועט עס אייך בעסער געלינגען וויא מיר.

לענד האָט זיך ניט געלאָזט בעטען און אָנגעפאַנגען וויעדערהאָלען אונזער ערצעהלונג אין ענגליש. דערביי האָט ער דיא לייטע פון שיף שאַרף אויסגערעדט פאַרוואָס זיי האַלטען אונז געפאַנגען און פאַרוואָס זיי לאָזען אונז הונגערען.

דיא לעצטע בעמערקונג איז געווען א גאַנץ ריכטיגע, ווייל אפילו זייענדיג אין אזא פערצווייפעלטע לאַגע האָבען אונזערע מאָגענס געמאָהנט זייער חוב און מיר האָבען געפיהלט גרויס הונגער. אָבער לענד'ס ריידען איז אויך געווען ארויסגעוואָרפען, ווייל דיא לייטע האָבען איהם אויך ניט פערשטאַנען.

אונזער שפּראַכען קענטעניס האָט זיך דערמיט געענדיגט. מיר זיינען פערבליבען אין א גרויס פערלעגענהייט און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן און אויף וואָס פאַר אן אופן מיט דיעזע לייטע צוזאמען צו רעדען זיך.

— אויב דער הערר וועט מיר ערלויבען — האָט מיין דיענער זיך אָבגערופען — וועל איך פּראָבירען רעדען מיט זיי דייטש.

— וויא? דו פערשטעהסט דייטש? — האָב איך מיט פערוואונדערונג געפרעגט.

— וויא א האָלענדער, געוועהנליך! אָבער גענוג צו ערקלערען זיך עטוואָס.

איך האָב קאָנסייל'ן מיט פערגעניגען דאָס ערלויבט און ער האָט מיט זיין געוועהנליכע רוהיגע און געלאַסענע בענעהמונג אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען אונזער געשיכטע צום דריטען מאָל אין א געבראָכענעם דייטש. אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. דיא לייטע האָבען ניט אָנגעהויבען פערשטעהן וואָס ער רעדט.

וואָס טהוט מען ווייטער? וויא אזוי רעדט מען זיך דאָך צוזאמען מיט דיא מענשען? האָב איך צוזאמען גענומען אלע מיינע עראינערונגען פון מיין שטודיום אין דיא יונגע יאָהרען. איך האָב זיך דערמאָהנט א ביסעל ווערטער און פראַזען פון דער ליטיינישער שפּראַך און איך האָב פּראָבירט אויס'טענה'ן זיך אין ליטייניש. איך האָב געוועהנליך ניט אזוי פליסיג און גראַמאַטיקאַליש גערעדט, אָבער דער וואָס פערשטעהט דיעזע שפּראַך האָט מיך לייכט געקענט פערשטעהן. דיא לייטע אָבער האָבען מיך אויסגעהערט און א וואָרט ניט געזאָגט אָדער עטוואָס געגעבען צו מערקען, אז זיי בעגרייפען וואָס איך זאָג. זיי האָבען וואהרשיינליך אויך דיעזע שפּראַך פערשטאַנען ניט מעהר וויא פראַנצויזיש, ענגליש און דייטש.

דיא אונבעקאַנטע האָבען ווידער צווישען זיך גערעדט אייניגע ווערטער אין זייער אונפערשטענדליכע שפּראַך און זיי זיינען ארויסגעגאַנגען, פערשליסענדיג דיא טהיר הינטער זיי.

קעפּ זיינען געווען בעדעקט מיט מיטצען, געמאכט פון דיא פעל פון אָטטער—אזא ים־חיה, און שטיפעל האָבען זיי געטראָגען, געמאכט פון דיא פעל פון זעע־הינד.

דער העכערער פון דיא צוויי פערזאָנען, וואהרשיינליך דער קאפּיטאן אָדער אנפיהרער פון שיף האָט אונז א קורצע ווײלע בעטראכט מיט פאַרשענדרע בליקען, ניט רעדענדיג א וואָרט. דאן האָט ער זיך געווענדעט צו זיין קאָמעראד און איהם עפּעס געזאָגט אין א שפּראך, וועלכע איז מיר געווען גאָר אונבעקאנט. איך האָב בלויז געהערט א צוזאמענמישונג פון זילבען און קלאנגען מיט א זאָנדערבארע בעטאָנונג, אָבער איך האָב ניט אָנגעהויבען פערשטעהן וואָס זיי בעדייטען. דער צווייטער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און עטוואָס געענטפערט אין דער זעלבער שפּראך.

דאן האָבען זיך דעם העכערען'ס בליקען אָבגעשטעלט אויף מיר מיט א פראגענדען אויסדרוק.

איך האָב איהם אין מיין פראנצויזישע מוטער־שפּראך ערקלערט, אז איך פערשטעה ניט וואָס ער פרעגט מיר, אָבער איך האָב באלד געזעהן, אז ער פערשטעהט אויך ניט וואָס איך רעד, און מיר זיינען בײדע געבליבען אין א גרויס פערלעגענהייט.

— דער הערר דארף אונזער גאנצע געשיכטע דערצעהלען — האָט קאָנסייל זיך אָבגערופען — דאן וועלען דיא הערען פיליכט אייניגע ווערטער בעגרייפען.

איך האָב נעפאָלגט מיין דיענער'ס ראטה און איך האָב אָנגעפאנגען צו ערקלערען אלע אייזנצעלהייטען וואָס מיט אונז האָט פאסירט. איך האָב גערעדט לאנגזאם, געצעהלטע ווערטער, קלאָהר און דייטליך. איך האָב אלעס אויסדערצעהלט און נאכהער האָב איך זיך פאר דיא צוויי לייטע פאָרגעשטעלט אלס פּראָפעסאָר אראָנאקס פון פאריז, און איך האָב אויך פאָרגעשטעלט מיינע קאָמעראדען, קאָנסייל און נעד לענד.

דער שטאָלצער הויכער מאן האָט מיך געלאסען אויסגעהערט און איז דערביי געווען זעהר העפליך און אויפמערקזאם. אָבער אויף זיין געזיכט איז אונמעגליך געווען צו דערקענען, אויב ער האָט מיך פערשטאנען. ווען איך האָב געענדיגט רעדען, איז ער פערבליבען גאנץ רוהיג און האָט א וואָרט ניט געזאָגט.

איך האָב אלזאָ נאָכדעם איינגעזעהן, אז מיין פראנצויזישע ערקלערונג האָט קיין ווירקונג געמאכט, ווייל דיא לייטע האָבען מיך ניט פערשטאנען.

עס איז ערשט פערבליבען איין וועג צו רעדען מיט דיא לייט ענגליש, וואָס איז אנערקענט אלס וועלט־שפּראך. איך אליין פערשטעה גוט ענגליש און דייטש. איך קען לעזען און שרייבען אין דיעזע לשונות, אָבער רעדען קומט מיר אָן שווער. מיר האָבען אָבער געמוזט זוכען א מיטעל וויא אזוי מיט דיא מענשען אויסצו־טענה'ן זיך.

— דיא לייטע, וויא איך זעה, פערשטעהן קיין פראנצויזיש — האָב איך צו

זיינען געוועזן אזוי קונסטפאָל איינגעפאסט, אז עס איז שווער געוועזן צו דער־קענען זיי. קיין גערויש, קיין שאַרף האָט זיך ניט געהערט, אזוי וויא אלעס אין שיף וואָלט געוועזן טויט. אויב מיר פאָהרען אויף דער אויבערפלעכע פון ים, אָדער מיר זיינען פערזונקען אין דיא טיעפענים פון וואסער — דאָס האָבען מיר ניט געקענט וויסען.

איך האָב איינגעשטימט מיט מיין דיענער קאָנסייל, אז דאָס וואָס מען האָט אונזער צימער בעלויכטען איז א גוטער סימן, אז דיא לייטע פון שיף ווילען זיך צו אונז בעווייזען. לענד האָט אויך אזוי געגלויבט, און אונזער האָפענונג איז טאקי באלד פערווירקליכט געוואָרען.

עס האָט זיך געהערט א גערויש אזוי וויא מען רוקט אָב א ריגעל. א טהיר האָט זיך געעפענט און צוויי מענער זיינען אריינגעקומען.

איינער פון זיי איז געוועזן א ניעדעריגער, פעסט־געבויטער מאן מיט ברייטע שולטערען און שטארקע גליעדער. זיין קאָפּ איז געוועזן בעדעקט מיט געדיכטע, שווארצע האאר, זיין בליק שארף, דורכדרינגענד און זיין גאנצע ערשיינונג איז געוועזן לעבהאפט און בעוועגליך, גראדע אזוי וויא דיא מענשען וואָס וואָהנען אין דרום פראנקרייך.

דער צווייטער האָט אויסגעזעהן צו זיין א מערקווירדיגע פּערזאָן. אויף זיין קלאָהרען געזיכט איז דייטליך געוועזן צו דערקענען זיינע אייגענשאפטען און זיין כאראקטער. פון זיינע שווארצע אויגען האָט געשטראהלט שטאָלץ, ענט־שלאָסענער מוטה, שטארקער ווילענסקראפט און רוהיגע געלאסענהייט. מען האָט לייכט געקענט זעהן, אז דער מאן בעזיצט אן עדעלע, ערהאבענע זעעלע און אז זיין מוח איז פערנומען מיט הויכע געדאנקען. זיינע מאניערען און בענעהמונגען זיינען געוועזן פון א פיינעם דזשענטעלמאן.

קוקענדיג אויף דיעזען מאן האָב איך זיך שטארק בערוהיגט. ניט פיעל טראכטענדיג האָט איך אָנגעהויבען גלויבען, אז פון אזא פערזאָן קען מען נור גוטעס ערווארטען.

וויא אלט דיעזער מערקווירדיגער מענש איז געוועזן, האָב איך ניט געקענט בעשטימען. מען האָט איהם געקענט שאטצען 35 יאָהר אלט און אויך פופציג. זיין געוואוקס איז געוועזן הויך, זיין קלאָהרער שטערען ברייט און אלע געזיכטס־צינע שעהן און עדעל. איבערהויפט איז אין זיינע אויגען געלעגען א מאָרנע צו־ציהונגס־קראפט. זיין בליק איז געוועזן אזוי שארף, דאָס עס האָט זיך אויסגע־וויזען, אז ניט נור איז ער אימשטאנד צו לעזען דיא געדאנקען פון א מענשען, זאָנדערן אויך דורכדרינגען דיא פערבאָרגענע טיעפענים פון מעער ביז'ן פינ־סטערען אָבגרונד.

דיא צוויי מענער האָבען געטראָגען קליידער פון אן אונבעקאנטען ווייכען שטאָף, וואָס האָט זיי געמאכט לייכט און בעקוועם צו בעוועגען זיך. זייערע

איך האָב אויסגעשטרעקט דיא הענד און זיך געלאָזט געהן, פיליייכט וועל איך עפּעס אָנטאפּען. אָבגעהענדיג פינף טריט האָב איך אָנגעטאפּט אן אייזערנע וואנד. יועלכע איז געווען צוזאמענגעשלאָסען פון דיקע פּלאטען. איך האָב זיך אָבגעדרעהט אָן א זייט און איך האָב אָנגעטאפּט א הילצערנעם טיש, ארום וועלכען עס זיינען געשטאנען אייניגע שטוהלען. דער באָדען פון אונזער געפענגניס, האָב איך געפיהלט, איז געווען בעדעקט מיט אזא ווייכען, דיקען דיוואן, אז איך האָב מיינע אייגענע טריט ניט געהערט. איך האָב געטאפּט ארום דיא נאקעטע ווענד און איך האָב ניט אָנגעטאפּט קיין טהיר, קיין פענסטער און קיין זאך, בלויז קאלטע שטאָהל אָדער אייזען און ניט מעהר. קאָנסייל, וועלכער איז אזוי וויא איך אומגעגאנגען און געטאפּט דיא וואנד פון צווייטען זייט צימער, איז זיך מיט מיר צוזאמען געקומען און אונזערע נעזער האָבען זיך שיער אָנגעשטויסען איינער אָן דעם אנדערען. נאָך אונזער רעכענונג איז דיא קאיוטע געווען מינדסטענס צוואנציג פוס לאנג און צעהן פוס ברייט. דער הויך־געוואקסענער נעד לענד האָט אויפגעהויבען דיא הענד, אום דעם דאך אָדער דיא סטעליע צו דערגרייכען, אָבער ער האָט עס ניט געקענט בעווייזען.

א האלבע שטונדע איז אזוי פאַראיבער און אונזער לאגע האָט זיך ניט פערבעסערט אויף א האָאר. מיר האָבען שוין ניט געוואוסט וואָס צו קלערען און וואָס צו טראכטען. פּלוצלונג איז אונזער פינסטערער געפענגניס אזוי העלל בעלויכטען געוואָרען, אז דיא אויגען האָבען אונז געבלענדעט פון דער ריינער, שטארקער שיין. איך האָב באלד דערקענט, אז דאָס איז עלעקטרישע בעלייכטונג, דער זעלבער זאָרט מיט וועלכען דיא אונטערוואסערדיגע שיף האָט בעלויכטען דיא וועללען פון ים. א קורצע צייט האָב איך געמוזט האלטען דיא אויגען געשלאָסען, ביז איך האָב זיך צוגעוואָהנט צו דער מערקווירדיגער שיין. איך האָב דאן געזעהן, אז דיא לייכטענדע קראפט קומט פון א גלאַטען האלב־קוגעל וואָס איז איינגעזעצט אויבען, אין סטעליע פון אונזער קאיוטע.

— ענדליך איז וועניגסטענס ליכטיג! — האָט לענד אויסגעשריען האלטענדיג פעסט זיין ברייטען מעסער אין האנד.

— יא! — האָב איך זיך אָבגערופען — עס איז ליכטיג, אָבער מיר לעבען דאָך אין דער פינסטער! אונזער לאגע איז אלץ פערוויקעלט אין א געדיכטע דונקעלהייט.

— זאָל נור דער הערר געדולד האָבען! — האָט מיין דיענער געזאָגט — אז דיא מענשען וואָס געפינען זיך דאָ זיינען ניט קיין ווילדע, זעהען מיר דאָך שוין און מיר קענען האָפען אז מיר וועלען באלד מעהר זעהן און הערען.

ביי דיא העלע ליכט האָבען מיר שוין געקענט גענוי בעקוקען און בעטראכטען אלעס וואָס אין דער קאיוטע האָט זיך געפונען. אויסער א טיש מיט פינף שטוהלען איז דאָרט קיין מעבעל ניט געווען. מיר האָבען דאָרט געפונען טהירען, אָבער זיי

וועלט? עס איז דארום העכסט וואהרשיינליך, אז מיר זיינען דאָ אריינגע־פאלען אין דיא הענד פון א נייעם זאָרט ים־רויבער, וועלכע האָבען אויסגעפונען א מערקווירדיגען מיטעל, וויא אזוי זיכער צו זיין פון פערפאָלגער.

א שווידער איז אונז בעפאלען און מיר האָבען אָנגעהויבען ציטערען מיט אלע גליעדער. ווען דיא טהיר, דורך וועלכע מען האָט אונז ארונטערגעשלעפט האָט זיך האסטיג פערמאכט איבער אונזערע קעפּ, זיינען מיר פערבליבען פער־דעקט מיט א דיקע פינסטערנים. דער איבערגאנג פון דאָס העלע ליכט דרויסען אין דיעזע טיעפע דונקעלהייט האָט אויף מיינע אויגען אזוי געווירקט, אז עס איז מיר אונמעגליך געווען עטוואָס צו זעהן. איך האָב געשפּירט מיט מיינע נאקעטע פיס, אז מען פיהרט מיך איבער דיא שטאפּלען פון אן אייזערנעם לייטער. נעד לענד און מיין דיענער זיינען געשלעפּט געוואָרען הינטער מיר. מיר זיינען באלד געקומען אונטען. א טהיר האָט זיך געעפענט און איז באלד מיט גרויס גערויש פערשלאָסען געוואָרען הינטער אונז.

מיר האָבען קיין אהנונג געהאט, וואו מיר זיינען דאָ אריינגעפאלען. ארום אונז איז געווען דונקעל, שווארץ און א חושך מצרים.

לענד איז שטארק אויפגערעגט געוואָרען און האָט אָנגעהויבען שילטען און פלוכען.

— פערפלוכט זאָלט איהר ווערען, איהר טייפלען! — האָט ער געשריען — קאניבאלען, מענשען־פרעסער, איהר ווילט פון אונז א סעודה מאכען? איך וועל אָבער מיט אלע מיינע קרעפטען קעמפּפען געגען אייער פון גאָט פערשאָלטענע באנדע!

— בערוהיגט זיך, פריינד לענד! האָט קאָנסייל געלאסען געזאָגט — צו וואָס דארפט איהר זיך שוין אזוי ערגערען? איהר וועט צייט האָבען צו שרייען דאן, ווען מען וועט אונז לייגען אויף'ן פייער אָבצוברָאטען. אָבער דערוויילע טשעפּעט מען דאָך אונז ניט.

— דערווייל טשעפּעט מען אונז ניט! — האָט זיך לענד נעקאָכט — אָבער דיא באנדע דענקט דאָך דאָס צו טהאָן! דאָ איז דאָך אזוי פינסטער אזוי וויא אין גהינום! דענקט איהר, אז מען האָט אונז דאָ אויפגענומען אלס פיינע געסט? אָבער צום גליק האָב איך ביי מיר מיין ברייטען מעסער, זאָלען זיי נור קומען, דיא באנדיטען! דעם ערשטען וואָס וועט זיך אונטערשטעלען מיך צו בעריהרען, וועל איך...

— נענוג שוין שרייען, לענד! — האָב איך איהם איבערגעשלאָגען אין מיטען דיא רייד — פיליכט ברענגט איהר אונז מיט אייערע ווערטער נאָך אין א גרעסערע געפאהר? עס קען דאָך מעגליך זיין, אז מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט ציוויליזירטע מענשען וואָס פערשטעהען אונז און הערען אייערע שימפּפערייען. לאָמיר בעסער זוכען אויסצוגעפינען וואו מיר זיינען אין דער וועלט.

דער צייט אויסגעשטאנען. מיין עראינערונג ווערט צומישט פון דיא פעו־שיעדענע גערדאנקען און געפיהלען, וואס האבען אין מיין מח און אין מיין הארצען גע־שטורמט. נור איין זאך געדענק איך קלאהר, אז ווען דאס וואסער אין ים און דער ווינד זיינען רוהיג געווען, האט זיך מיר איינינגע מאל געדאכט, אז ערגיץ וואו אין דיא טיעפענים פון שיף הערען זיך אבקלאנגען פון מענשען שטימען. ווער זיינען אלזא דיא מענשען וואס לעבען אין דיעזער מערקווירדינגער שיף? וואס פאר א וואונדערבארע קראפט טרייבט איהר מיט אזא געשווינדקייט? מיט דיעזע פראגען זיינען מיינע גערדאנקען, אזוי ווייט וויא איך געדענק, געווען פערנומען. מיר האט זיך זעהר געוואלט וויסען דיא סודות פון דער געהיימנים־פאלער ריעזען־שיף.

עס איז טאג געווארען. א קורצע צייט האט א געדיכטער טומאן בעדעקט דיא אומגעגענד, אבער ער איז באלד פערנאנדער געגאנגען. איך האב אנגעהויבען אונטערזוכען דיא פלאטפארם אויף דער אויבערשטער טהייל פון שיף, אום צו געפינען ערגיץ אן עפענונג, אבער באלד בין איך געבליבען שטעהן אזוי וויא פערשטיינערט פון שרעק. איך האב אנגעהויבען שפירען, אז דער אייזערנער וואלפיש זינקט גאנץ לאנגזאם אין דיא טיעפענים פון וואסער. אט, אט לאזט ער זיך ארונטער און מיר זיינען פערלארען!

— אך, פערפלוכט זאלט איהר ווערען! — האט נעד לענד העבסט אויפ־גערעגט אויסגעשריען טופענדיג מיט דיא פים — עפענט דאך אויף, איהר ניע־דערטרעכטיגע שורקעס!

צום גליק האט דיא שיף אויפגעהערט זינקען און איז מיט אמאל געבליבען שטעהן. פלוצלונג האט זיך דערהערט א גערויש אזוי וויא מען רוקט אב אייזערנע ריגלען. איינע פון דיא אייזערנע דיקע פלאטען האט זיך פלוצלונג געעפענט און א מאן האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ און מיט א זאנדערבארען ווילדען געשריי איז ער אויגענבליקליך צוריק פערשוואונדען געווארען.

מיר האבען נאך ניט צייט געהאט ארומקוקען זיך, זיינען ארויסגעשפרונגען אכט שטארקע מענער מיט פערמאסקירטע פנים'ער און ניט רעדענדיג א ווארט האבען זיי אונז געכאפט און ארונטערגעשלעפט אין דער פירכטליכער מאשינע.

## 8טעם קאפיטעל

# בעוועגליכעס אין בעוועגליכעס

דער געוואלד־טהאט וואס איז געגען אונז בעגאנגען געווארען אזוי גראב און ברוטאל, האט געווארפען א ליכט אויף דער זאנדערבארער ים־געהיימנים. איך האב זיך אנגעהויבען בעדענקען: מיט וועמען האבען מיר דא איינענטליך צו טהאן? ווער זיינען דיעזע מענשען? פארוואס בעהאלטען זיי זיך פון דער

שטיק. צו אלע אונזערע ליידען איז דיא לבנה פערצויגען געווארען מיט געדיכטע, שווארצע וואלקענס און מיר זיינען אין אונזער שרעקליכע לאגע נאך פערבליבען אין דער פינסטער.

שרעקליך, שוידערליך איז געוועזען אונזער לאגע. מיר האבען ערשט געמוזט ווארטען ביז עס וועט טאג ווערען, פיללייכט וועט אונז דאן געלינגען אויסצוגע־פינען א מיטעל וויא אזוי אין שיף אריינצוקומען, עס איז אבער געוועזען א גרויסער צווייפעל אויב מיר וועלען ביז טאג דערלעבען. דיעזע שיף, וואס איז געמאכט צו שווימען אונטער'ן וואסער, קען יעדע מינוט זיך ארונטערלאזען און אונז אראבשווייינקען, און ווען אפילו ניט, זיינען מיר יעדע ווייִלע אין געפאהר ארונ־טערצוגליטשען זיך אין וואסער. אויב דיא מענשען אין שיף ווייסען פון אונז אדער ניט, האבען מיר ניט געקענט בעשטימען, אבער יעדענפאלס, האבען מיר געוואוסט, אז אונזער לעבען איז אבהענגינג אן זייער קאפריז און גוטען ווילען. עס איז אין זייערע הענד צו לאזען אונז אומקומען, אדער אריינגעהמען אונז אין שיף.

אויף דיא "אייבערהעם לינקאלן" האבען מיר שוין ניט געהאט וואס צו האפען. אונזער אייזערנער וואלפיש שווימט אלץ ווייטער צו דיא וועסט און דערוויטערט זיך אלץ מעהר און מעהר פון אונזער שיף. עס איז אלזא אונמעג־ליך, אז דיא צובראכענע שיף זאל אונז צו הילף קומען און עס איז אונז פער־בליבען בלויז איינס — צו קוקען דעם טויט אין דיא אויגען און ערווארטען יעדע ווייִלע בעגראבען צו ווערען אין א נאסען קבר.

פארטאג האט דיא שיף אנגעהויבען געהן שנעלער. עס האט אונז געשווינ־דעלט אין דיא אויגען און דיא נשמות האבען זיך אין אונז קוים איינגעהאלטען. דאס וואסער האט יעדע מינוט געשווענקט דעם דאך פון שיף און מיר זיינען יעדע מינוט שיעור ניט אראבגעשווייינקט געווארען. נעד לענד האט צום גליק דערטאפט אן אייזערנעם רינג און מיר האבען זיך אן איהם געהאלטען מיט אונזערע האלב פערגליווערטע הענד. אבער אין דיעזע פירכטליכע מא־מענטען, אין דיעזער פערצווייפעלטער לאגע, וואס מיר זיינען געוועזען, האט דאך א שטראהל פון האפענונג אריינגעדרונגען אין מיין מח. דיא וואונדערבארע שיף — האב איך געטראכט — מוז דאך ערגיץ האבען אן עפענונג אריינצולאזען פרישע לופט. אהן לופט קענען מענשען ניט לעבען, און וויא קונציג דיא שיף און איהר מאשינערי זאל ניט זיין, מוזען דיא לעבעדיגע ברואים וואס געפינען זיך אינווייניג האבען לופט. איך האב דארום געהאפט, אז דיא לייטע וועלען קירצליך עפענען ערגיץ א פערבארגענע טהיר און מיר וועלען האבען דיא מעג־ליכקייט זיך צוזאמען ריידען מיט זיי.

דיא לאנגע, שרעקליכע נאכט איז ענדליך פאראיבער און עס האט אנגע־הויבען טאגען. עס איז מיר אונמעגליך צו בעשרייבען וואס מיר זיינען דורך

אין דער פארמע פון א שרעקליך גרויסען פיש, געמאכט פון שטאהל און איך האב מיט שאנדע געמוזט בויגען דעם קאפ געגען דעם וואלפיש־פאנגער, וועלכער האט ניט געגלויבט אין דיא עקזיסטענץ פון א ריעזען־נארוואל.

— אבער דיעזע שיף — האב איך זיך אבגערופען — מוז דאך האבען א מאשינע, וואס ברייננגט איהר אין בעוועגונג, וואס טרייבט איהר. זיא מוז דאך אויך האבען א מאנשאפט, אזוי גוט וויא געוועהנליכע שיפען, און אויך מענשען, וועלכע בענוצען זיך מיט איהר.

— גאנץ געוויס! — האט לענד געענטפערט — אבוואהל איך זיץ שוין דא דריי שטונדען און קיינער האט זיך דא ניט בעוויזען, דאך בין איך זיכער, אז אינווייניג זיינען פאראן מענשען.

— און זיא איז דיא גאנצע צייט אויף'ן זעלבען ארט געשטאנען? — האב איך נעפרעגט.

— יא, הערר אראנאקס! — האט לענד געענטפערט — זיא בעוועגט זיך ניט. זיא שאקעלט זיך בלויז פון דיא וועללען וואס קלאפען איהר.

לענד האט נאך זיינע ווערטער ניט געענדיגט, האט זיך אנגעהויבען הערען א גערויש אין הינטערשטען טהייל פון דער מערקווירדיגער שיף, ריכטיג אזוי וויא פון דיא שרובע וואס דרעהט זיך אונטער'ן וואסער. דיא שיף האט זיך אנגעהויבען בעוועגען און מיר האבען קוים צייט געהאט ארויפכאפען זיך העכער אויף'ן דאך. דארט האבען מיר זיך געקענט אנהאלטען ניט אריינצופאלען אין וואסער. צום גליק איז דיא שיף ניט געלאפען צו האסטיג, זאנסט וואלטען מיר געוויס ארונטער געפאלען, אזוי שטארק האט זיא זיך געטרייסעלט.

— אזוי לאנג וויא זיא געהט נאך אין א גלייכע ריכטונג — האט לענד גע־זאגט — איז נאך ניט אזוי געפעהרליך. אבער אויב עס וועט זיך איהר פער־וועלען ארונטער שווימען אונטער'ן וואסער, איז אונזער לעבען קיין צוויי שטרוי ניט ווערטה.

און לענד האט אייגענטליך ניט ריכטיג געזאגט. מיר זיינען געוועזען אין גרויס געפאהר, זאגאר ווען דיא שיף איז געגאנגען לאנגזאם און אין דער הויך אויף'ן וואסער. מיר זיינען יעדע ווייל|ע געוועזען א טריט פון טויט, ווייל עס איז אונז זעהר שווער געוועזען אנצוהאלטען זיך אויף דעם קיילעכדיגען, גלאטען רוקען פון דיעזען אייזערנעם וואלפיש. איך האב ביי זיך געטראכט, אז אינווייניג געפינען זיך דאך געוויס מענשען, אבוואהל מיר ווייסען ניט ווער זיי זיינען, דאך איז ערשט פאר אונז איין וועג צו ציהען זייער אויפמערקזאמקייט אויף אונז און זעהן זיך צוזאמענריידען מיט זיי און בעטען אז זיי זאלען אונז אריינגעה־מען אין שיף. איך האב אנגעהויבען זוכען איבער'ן גאנצען דעק, פיליי|כט וועל איך ערגיץ געפינען אן אפענעם פלאץ, אבער דיא אייזען־פלאטען זיינען איבע־ראל געווען פעסט צוזאמענגעשלאסען, אזוי וויא זיי וואלטען געוועזען פון איין

געלעגען גאנץ רוהיג ארויסגעשטעקט פון וואסער, איך האב פרובירט טופען מיט'ן פוס און איך האב זיך איבערצייגט, אז דיזער קערפער איז ניט פון דיא פלייש פון א זויג־טהיער וואס לעבט אין ים, זאנדערן פון א הארטען מעטאל. אנפאנגס האב איך גערענקט, אז דאס איז פיליכט א לעבעדיגעס בעשעפניס פון יענע סארטען ברואים, וואס טראגען אויף זיך אנשטאט א פעל — א הארטען פאנצער, וויא, צום ביישפיעל: קראקאדילען, אליגאטארען און דאס גלייכען, נאטירליך, א צוואנציג, אדער מעהרערע מאל גרעסער וויא דיא געוועהנליכע חיות פון יענע מינים. עס איז אמת, אז מען האט נאך קיינמאל אזא מין גרויסע בריאה ניט געזעהן, אבער עס קען דאך זיין, אז זיי געפינען זיך ערגיץ אין דיא אונבעוואוסטע טיעפעניסען פון ים, און איינעם האט זיך גראדע פערגלוסט ארויף שפאצירען אין דער הויך.

אבער ניט לאנג האב איך וועגען דעם פאנטאזירט, ווייל איך האב זיך באלד ארומגעזעהן, אז דאס איז ניט דאס וואס איך מיין. דער שווארצליכער רוקען פון דיעזען געגענשטאנד, אויף וועלכען מיר זיינען געזעסען, איז ניט געווען שופען־פארמיג און עס האט קיין עהנליכקייט ניט געהאט צו דער פעל פון א קראקאדיל אדער אן אנדער ים־חיה פון דיעזען סארט. דאס איז געווען גלאט, פאלירט און ווען מען האט דארויף א קלאפ געטהאן, האט זיך געהערט אן אב־קלאנג אזוי וויא פון מעטאל. איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אז דאס איז צוזאמען־געשלאסענע פלאטען פון שטארקען אייזען אדער שטאהל.

איך בין ביי זיך זעהר אראבגעפאלען, דען איך האב שוין געזעהן, אז דער ריעזען־נארוואל, איבער וועלכען איך האב ביז יעצט געטרוימט, איז געווען ניט מעהר וויא א פוסטע פאנטאזיע, און דער געגענשטאנד, וועלכער האט אויפ־גערודערט א וועלט און משוגע געמאכט דיא גרעסטע געלעהרטע, איז גאר ניט קיין לעבעדיגעס בעשעפניס, זאנדערן א געביידע אדער א מאשינע, געמאכט דורך דיא הענד פון מענשען, וועלכעס איז נאך מעהר וואונדערבאר און איבער־ראשענד.

עס איז שוין מעהר קיין ספק ניט געווען, אז דיא גאנצע וועלט און דיא וויסענשאפט אליין האט א מיאוס'ען טעות געהאט. איך וואלט העכסט צופרידען געווען, ווען דאס וואלט ווירקליך א לעבעדיגע בריאה געווען. דאן וואלט מען עס איינפאך געקענט ערקלערען, אז דיא נאטור איז געניג רייך אין געהיימניסע וואס מיר ווייסען ניט, אבער צו זעהן, אז דיעזע אונמעגליכע, אונבעגרייפליכע געהיימניס איז בעשאפען געווארען פון מענשען'ס הענד—דאס האט מיר צומישט מיינע געדאנקען און איך האב שוין אליין ניט געוואוסט וואס צו דענקען און וואס צו טראכטען.

יא, מיר האבען זיך געפונען אויף דעם רוקען פון א זארט שיף, וואס שווימט אונטער'ן וואסער. איך האב געקענט משער זיין, אז דיא שיף איז געבויט

שטיקלאך האַלץ און מיינע הענד קענען זיך שוין מעהר ניט בעוועגען. איך קען ניט איינהאַלטען דעם אָטהעם. מיינע ליפּען עפּענען זיך און דאָס וואַסער לויפט מיר אין מויל און אין האַלז. א שוידער איז אריבער מיין לייב. צום לעצטען מאָל האָב איך אויפגעהויבען מיין קאָפּ און איך בין געזונקען.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָב איך זיך אָנגעשטויסען אָן א הארטען קערפּער. איך האָב געפיהלט, אז מען שלעפּט מיך ארויס פון וואסער און איך האָב אָנגעהויבען פרייער צו אטהמען. אָבער דאָס האָט בלויז א קליינע ווײַלע געדויערט און איך בין אין אונמאכט געפאַלען.

איך בין וואהרשיינליך לאנג ניט פערבליבען אין בעוואוסטלאָזען צושטאנד. איך האָב געשפּירט וויא קרעפּטיגע הענט האָבען געריבען מיינע פערגליווערטע גליעדער און האָבען אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכע מיך אָבצומינטערען. באַלד האָב איך ווידער מיינע אויגען געעפענט.

— קאָנסייל! — האָב איך קוים אויסגעשטאַמעלט.

— רופט מיך דער הערר? — האָט קאָנסייל מיט זיין געוועהנליכען טאָן געפרעגט.

ביי דיא העלע שטראהלען פון דער לבנה האָב איך נעבען מיר א צווייטע פערזאָן דערזעהן.

— נעד לענד! — האָב איך אויסער זיך אויסגעשריען.

— איך זעלבסט, מיין הערר! — האָט דער קענעדער געענטפערט — איך בין עס, דער וואָס זוכט דעם צוויי טויזענד דאָלער פּרייז.

— זייט איהר אויך דורך דעם צוזאמענשטויס פון שיף ארונטערגעפאַלען?

— יא, הערר פּראָפעסאָר. אָבער מיר איז עס גליקליכער אָבגעגאַנגען, דען איך האָב באַלד געפונען א שווימענדען אינזעל, אויף וועלכען איך בין פערבליבען שטעהן מיט דיא פיס.

— אן אינזעל? — האָב איך מיט פערוואונדערונג געפרעגט.

— בעסער געזאָגט — האָט זיך לענד אָבגערופען — אויף אונזער ריעזען־נארוואַל.

— איך פערשטעה אייך ניט, הערר לענד. ערקלערט מיר בעסער וואָס איהר מיינט.

— איך מיין דאָס וואָס איך זאָג. מיר געפינען זיך ערשט אויף'ן רוקען פון דעם שרעקליכען ים־מזיק. איך פערשטעה שוין ערשט ווארום מיין הארפּון איז פון איהם אָבגעשפּרונגען, ווייל ער איז געמאכט פון דיקע אייזערנע פּלאַטען.

לענד'ס לעצטע ווערטער האָבען אויף מיר געמאכט אזא געוואַלדיגען איינדרוק, אז איך בין פון גרויס איבערראשונג און ערשטוינונג אויפגעשפּרונגען, פערגעסענדיג אין גאנצען מיין מיעדיגקייט און שוואכקייט. איך בין ארויס־געקראָכען אויף'ן רוקען פון דיעזער בעשעפענים אָדער געגענשטאנד, וואָס אין

— לאָזען דעם הערר דערטרונקען ווערען? — האָט דער גוטער האַלענדער געזאָגט — ניין, קיינמאָל ניט! איך וועל פריהער אליין דערטרונקען ווערען.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך בעוויזען דיא לבנה, וועלכע איז פריהער פערבאָרגען געווען צווישען וואָלקענס, און האָט מיט זילבער שטראהלען בעגאָסען דעם אונענדליכען מעער. דיא העלע שיין האָט אונז ווידער א ביסעל אויפגעמונטערט און ניי בעלעבט אונזערע קרעפטען. איך האָב געקענט אויפהויבען דעם קאָפּ און בעטראכטען א ווייטערע שטרעקע איבער'ן ים. איך האָב פון ווייטענס געזעהן אונזער שיף און איך האָב משער געווען, אז זיא איז פינף מייל ווייט פון אונז, אָבער קיין סימן פון א רעטונגס־שיפעל איז געווען צו זעהן.

איך האָב געוואָלט אָנהויבען שרייען, אָבוואָהל איך האָב ניט געקענט האָפען, אז מען זאָל אזוי ווייט מיין שטימע הערען, אָבער קאָנסייל האָט מיך פערכאַפּט פאָראויס און ער האָט אָנגעהויבען שרייען מיט אלע זיינע קרעפטען. איך האָט זיך גוט צוגעהערט און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז אימיצער ענטפערט פון דערווייטענס. איך בין ניט געווען זיכער, אויב דאָס איז ווירקליך דיא שטימע פון אן אנדער פּערזאָן, אָדער דאָס איז דער ווידער־קול פון קאָנסייל'ס געשרייען.

— דו הערסט, קאָנסייל? — האָב איך מיין דיענער געפרעגט.

— יא, איך הער! — האָט ער געענטפערט און ער האָט ווידער א פּאָר מאָל אויסגעשריען: העלפט! רעטעט!

מיר האָבען ווידער געהערט א קול פון דערווייטענס. דיעזען מאָל זיינען מיר שוין געווען זיכער, אז דער קול קומט ווירקליך פון דעם מויל פון אן אנדער פערזאָן. אָבער מיר האָבען ניט געקענט וויסען, אויב מען שרייט עס צו אונז פון שיף דורך א שפּרעך־רעהר, אָדער דאָס סיגנאַלירט נאָך אן אונגליקליכער וואָס איז ארונטערגעפאַלען פון שיף אין ים אריין.

קאָנסייל האָט צוזאמענגענומען אלע זיינע קרעפטען, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיין אקסעל און אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אום צו זעהן פון וואַנען דער אנטוואָרט קומט. אין א ווײַלע ארום איז ער א צושראָקענער צוריק געפאַלען.

— וואָס האָסט דו געזעהן, קאָנסייל? — האָב איך איהם געפרעגט.

— איך האָב געזעהן — האָט ער געשטאַמעלט מיט גרויס שרעק — איך האָב געזעהן... אָבער זאָל דער הערר ניט ריידען. אלע קרעפטען אָנווענדען און שווימען ווייטער, שנעלער.

וואָס האָט ער געזעהן? וועמעס שטימע האָט זיך דאָ געהערט? האָב איך קיין אהנונג געהאט. עס איז אָבער ניט געווען קיין צייט איבער צו פרעגען נאָך אמאָל. איך שווים מיט דיא לעצטע כחות, וועהרענד קאָנסייל שטופּט מיך ווייטער. יעדע מינוט הויבט ער אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך ארום און שרייט אויס מיט א העכסט דערשראָקענעם קול. מיינע כחות געהן מיר אויס און איך הער שוין אלעס אזוי וויא אין חלום. מיינע פינגער זיינען אויסגעשפּרייט אזוי וויא

ביידע מיט אמאָל ניט אויכנוצען אונזערע קרעפטען און זעהן שפּאָרען וואָס מעהר כחות. דאָס איז אונז מעגליך געווען דורכצופיהרען אויף פאָלגענדען אופן: ווערהענד איינער פון אונז איז געבליבען ליגען רוהיג מיט'ן געזיכט ארויף, איז דער צווייטער געשוואומען און געשטופּט דעם ערשטען אלץ נעהענטער צו דער שיף. ווען דער וואָס איז געשוואומען איז מיעד געוואָרען, האָט ער זיך אוועק־געלייגט רוהיג אויף'ן רוקען און דער אנדערער איז געשוואומען און איהם גע־שטופּט פאָרווערטס. מיר האָבען זיך אזוי יעדע צעהן מינוט געביטען און עס איז יעדען פון אונז אויסגעקומען צעהן מינוטען צו ארבייטען און צעהן מינוטען צו רוהען. אויף דיעזען אופן האָבען מיר געקענט האָפען, אז מיר וועלען זיך פיליכט קענען האלטען אויף'ן וואסער איניגע שטונדען ביז הילף וועט קומען, אָדער ביז מיר וועלען דערגרייכען דיא צובראָכענע פריגאטע.

אונזער אויסזיכט אויף רעטונג איז נאָך אלעמען דאָך געווען זעהר שוואך. קאלטע האָפנונג! אָבער דאָך האָבען מיר געהאָפט, ווייל דיא האָפנונג וואָס איז איינגעוואָרצעלט אין מענשען'ס הארץ לאָזט איהם ניט אָב אפילו אין לעצטען מאָמענט פאר זיין טויט.

דער צוזאמענשטויס פון אונזער שיף מיט דער אומגעלומפּערטער ים־חיה האָט פּאסירט אום עלף אוהר פאר האלבע נאכט. איך האָב אויסגערעכענט, אז מיר האָבען אכט שטונדען צו שווימען ביז דיא זונן וועט אויפגעהן. פריהער, האָב איך גערעכענט, וועט מען זיך אויף'ן שיף ניט ארומזעהן אז מיר פעהלען, היינט וויא אזוי איז עס מעגליך, אז מיר זאָלען אזא לאנגע צייט קענעי אויסהאל־טען אויף'ן וואסער? פיליכט וועט אונז געלינגען איבערלעבען דיא אכט שטונ־דען — גיכער אָבער איז עס אונמעגליך. מיט איין זאך האָבען מיר זיך געטרייסט, וואָס דער ים איז געווען רוהיג און מיר האָבען זיך ניט געדארפט פיעל אָנשטרענ־גען צו שווימען. דיא קלאָהרע וואסער האָט געשווינקט אונזערע קערפּער רוהיג און געלאסען און עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא מיר באָדען זיך אין קוועק־זילבער.

ארום איינס דעם זייגער נאָך האלבע נאכט בין איך זעהר מיעד געוואָרען. מיינע גליעדער זיינען געוואָרען שטייף אזוי וויא געלעהמט און איך האָב זיך ניט געקענט בעוועגען. קאָנסייל האָט מיך געמוזט אונטערהאלטען, זאָנסט בין איך געווען אין געפאהר צו זינקען אזוי וויא א שטיק בליי. דער אָרימער יונג האָט זיך נעבאך געמאטערט מיט אלע קרעפטען. ער האָט ניט געקענט בעווייזען אליין צו שווימען און מיך אויפהאלטען. איך האָב געזעהן אז זיינע כחות געהען איהם אויס און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל געווען, אז מיר זיינען פערלאָרען.

— לאָז מיך אָב, קאָנסייל! — האָב איך צו איהם געזאָגט — זעה רעטע זיך אליין.

— צובראָכען ! — האָב איך מיט שרעק אויסגערופען — וויא אזוי ?

— דיא שרעקליכע בריאה האָט דיא שיף בעשעדיגט מיט איהרע צייהן. אזא שטארקע שיף וויא דיא "אייבערעהעם לינקאָלן" און זיא האָט ניט געקענט ווידערשטעהן דיא חיה רעה ! אָבער דיא שיף וויא דיא שיף, פאר אונז איז עס אן אונגליק, ווייל מיר קענען ניט האָפען אויף הילפע פון איהר.

— אויב אזוי — האָב איך בעזאָרגט געזאָגט — זיינען מיר דאָך פערלאָרען.

— עס קען זיין ! — האָט קאָנסייל קאלטבלוטיג געזאָגט — אָבער מיר וועלען זיך נאָך קענען האלטען אויף'ן וואסער אייניגע שטונדען און אין פער־לויף פון אזא צייט קען נאָך פיעלעס פאסירען.

קאָנסייל'ס קאלטבלוטיגקייט האָט אויף מיר פיעל געווירקט און איך בין א ביסעל מוטהיגער געוואָרען. איך בין אזוי וויא ניי בעלעבט געוואָרען. עס זיינען מיר קרעפטען צוגעקומען און איך האָב זיך געקענט האלטען אויף'ן וואסער, אָבער מיט גרויס שווערינקייט, ווייל מיינע נאסע קליידער זיינען אויף מיר גע־ווען שווער אזוי וויא בליי און זיי האָבען מיך געשלעפט ארונטער. קאָנסייל האָט עס בעמערקט.

— דער הערר וועט מיר ערלויבען צו מאכען איהם בעקוועמער ? — האָט ער מיך מיט זיין געוועהנליכען קאלטבלוטיגען טאָן געפרעגט.

ריידענדיג דיזע ווערטער האָט ער ארויסגענומען א קליין מעסעריל און דורכגעשניטען אלע מיינע קליידער פון אויבען ביז אראָב און זיי אראָבגעריסען פון מיר. איך האָב זיך באלד דערפיהלט, אזוי וויא שווערע שטיינער זיינען פון מיר אראָבגעפאלען און איך בין געוואָרען פריי צו בעוועגען זיך. איך האָב דאן דאָס זעלבע געטהאָן מיט קאָנסייל'ס קליידער און מיר האָבען לייכט און בעקוועם געשוואומען איינער נעבען אנדערען.

אונזער לאגע איז פון דעסטוועגען געווען געוועז שרעקליך. פיליייכט וויי־סען דיא לייטע אויף'ן שיף ניט פון אונזער אונגליק ? פיליייכט האָבען זיי גאָר ניט בעמערקט, אז מיר פעהלען ? אָדער זיי ווייסען אז מיר זיינען אין וואסער, אָבער זיי קענען אונז ניט קומען צו הילף מיט א צובראָכענעם רודער ?

קאָנסייל, דער מערקווירדיגער קאלטער לונג און לעבער, האָט וועגען אונזער טרויעריגער, שרעקליכער לאגע גערעדט אזוי געלאסען און האָט זיך אזוי אונטער־שראָקען בענומען, אקוראט אזוי וויא מיר וואָלטען געווען ביי אונז אין דער היים.

ער האָט אויסגעשפראָכען זיין מיינונג, אז אויף דער "אייבערעהעם לינ־קאָלן" ווייסט מען ניט וואָס מיט אונז האָט פאסירט. אָבער שליסליך וועט מען זיך דאָרט ארומזעהן אז מיר זיינען ניטאָ און מען וועט ארונטערשיקען א שיפעל אונז צו רעטען. מיר מוזען דארום אָנווענדען אלע מעגליכקייטען צו האלטען זיך אויף'ן וואסער וואָס לענגער ביז הילף וועט קומען.

איך און מיין טרייער דיענער האָבען דארום בעשלאָסען, אז מיר זאָלען

אנטלאָפען פון דעם געפעהרליכען פּלאַץ. דיא לייטע אויף'ן שיף האָבען פּיליכט אין טומעל גאָר ניט געזעהן, אז איך בין אראָבגעשליידערט געוואָרען און זיי ווייסען גאָר ניט אין וואָס פאר א געפאהר איך געפין זיך. איך האָב גערענקט, אז איך בין פערלאָרען.

— העלפט! רעטעט! — האָב איך געשריען אין גרויס פערצווייפלונג שווימענדיג מיט אלע קרעפטען נאָך דער ריכטונג, וואו די "אייבערעהעם לינקאָלן" איז אנטלאָפען.

מיינע אויסגעווייקטע קליידער האָבען מיר זעהר פיעל געשטערט. זיי האָבען זיך צוגעקלעפּט צו מיין קערפּער און איך האָב זיך ניט געקענט בעוועגען. בלויז א קורצע צייט האָב איך זיך געהאלטען אויף'ן וואסער, אָבער באלד האָב איך אָנגעפאנגען שפּירען, אז דער אטהעם געהט מיר אויס.

— העלפט! רעטעט! — האָב איך ווידער מיט דיא לעצטע קרעפטען אויסגעשריען.

דאָס איז געווען מיין לעצטער אויסגעשריי. דאָס געזאלצענע, ביטערע ים־וואסער איז מיר אריינגעקומען אין מויל און איך בין מעהר ניט געווען אימשטאנד צו האלטען זיך אויף'ן וואסער. איך האָב געפיהלט, אז אָט, אָט זינק איך אין אבגרונד און מיין לאגע איז געווען שרעקליך, זעהר שרעקליך.

פּלוצלונג האָט א קרעפטיגע האנד אָנגעכאפּט מיינע קליידער און האסטיג מיך ארויפגעשלעפּט איבער'ן וואסער. אין דער זעלבער צייט האָב איך געהערט א בעקאנטע שטימע, וועלכע האָט קאלטבלוטיג געזאָגט:

— ווען דער הערר וויל אזוי גוט זיין און זיך אָנשפּארען אויף מיינע שולטערן, וועט ער בעקוועמער און לייכטער קענען שווימען.

איך האָב פערשטאנען, אז דאָס איז מיין טרייער דיענער קאָנסייל. איך האָב זיך מיט איין האנד אָנגעכאפּט אָן איהם.

— ביזט דו עס? — האָב איך איבערראשט געפרעגט — דו ביזט עס? האָט דער שטורם אויך דיך אראָבגעוואָרפען אין ים?

— ניין! — האָט קאָנסייל געענטפערט — דער שטורם האָט מיך ניט ארונטערגעוואָרפען. אָבער איך האָב געזעהן וויא דער הערר איז אראָבגעפאלען, בין איך איהם נאָכגעשפּרונגען.

— און וואו איז אונזער שיף? — האָב איך איהם געפרעגט.

— דיא שיף? — האָט קאָנסייל געענטפערט זיך אומקעהרענדיג אויף'ן רוקען — איך דענק אז דער הערר קען ווייניג וואָס האָפען אויף איהר.

— אזוי דענקסט דו?

— איך זאָג עס, ווייל אין דעם אויגענבליק, ווען איך האָב זיך אין ים נעוואָרפען, האָב איך געהערט וויא מען האָט אויף'ן שיף געשריען, אז דיא מאשינערי און דער רודער זיינען צובראָכען.

האָט זיך אָבגעשטעלט נור א פיערטעל מייל ווייט פון דעם נארוואל. אלע אויף'ן דעק זיינען געווען שטיל, מען האָט ניט גערעדט און מען האָט זאָגאר דעם אָטהעם איינגעהאלטען, אום דער שלאָפענדער ריעז זאָל זיך ניט אויפכאפּען און ווייטער ניט אנטלויפען. מיר זיינען ענדליך געקומען בלויז הונדערט פוס ווייט פון דעם אומגעלומפּערטען קערפּער, פון וועלכען דיא עלעקטרישע שיין האָט געגלאַנצט און געפינקעלט אזוי, אז אונזערע אויגען זיינען שיער פערבלענדט געוואָרען.

אין דיעזען מאָמענט האָט לענד אָנגעשטעלט זיין הארפּון גרייט צו שליי־דערען עס ווען דיא גינסטיגע צייט וועט קומען, און ווען אונזער שיף איז געווען בלויז צוואנציג פוס פון דער בריאה, האָט דער העלדישער וואלפיש־פאנגער א שליידער געטהאָן זיין שארפע וואפע מיט א שרעקליכען האסט. איך האָב געהערט וויא דער הארפּון האָט זיך אָנגעקלאפּט אזוי וויא אָן א שטארקען איי־זערנעם קערפּער. פּלוצלונג איז דיא עלעקטרישע ליכט אויסגעלאָשען געוואָרען און צוויי שטארקע, רייסענדע שטראָמען וואסער האָבען אזוי וויא פון א קאנאָנע ארויפגעשאָסען אויף'ן דעק פון אונזער שיף, אומשליידערינג דיא גאנצע מאנ־שאפט און צורייסענדיג דיא שטריק פון אונזערע זעגלען. באלד נאָכ'עם איז דיא גאנצע שיף אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון א שרעקליכען שטויס און איך בין אריבערגעפאלען איבער'ן גאלענדער (פּארענצע) אין ים אריין.

## 7טעם קאַפּיטעל

# אַ זאָנדערבאַרער מין וואַלפיש

דער אונערווארטעטער האסטיגער שליידער אין ים האָט מיך העכסט איי־בערראשט און ערשראָקען. איך האָב אָנפאנגס זיך ניט געקענט בערענקען וואָס מיט מיר האָט פּאסירט. איך בין צומישט געוואָרען און איך האָב ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט. איך בין געהאט אריינגעפאלען ביי א צוואנציג פוס טיעף אין וואסער. אָבער זייענדיג א גוטער שווימער, האָב איך אין דיעזען געפעהרליכען מאָמענט זיך ניט פערלאָרען אין גאנצען. איך בין באלד צו מיין זינען געקומען און נאָך א קליינע אָנשטרענגונג בין איך באלד צוריק ארויפגע־שוואומען. דיא ערשטע זאך האָב איך מיט מיינע אויגען אָנגעהויבען זוכען אונזער שיף. האָט דיא מאנשאפט פון דיא "אייברעהעם לינקאָלן" בעמערקט וויא איך בין ארונטערגעפאלען? האָט ד'ער קאָמענדאנט ארונטער געשיקט א שיפעל מיך צו רעטען? קען איך האָפען געראטעט צו ווערען?

דיא פינסטערנים איז געווען זעהר שטארק. איך האָב ניט געקענט זעהן ריכטיג וואָס אויף'ן ים געהט פאָר. אָבער בעמערקט האָב איך וויא א דונקעלע מאסע פערשווינדעט אין מזרח זייט, און איהר בעלייכטונג ווערט דאָרט פון דערווייטענס אויסגעלאָשען. דאָס איז געווען אונזער שיף, וועלכע איז האסטיג

מיר האָבען אונזער האָפנונג ניט פערלאָרען. מיר האָבען נערעכנעט, אז דיעזעס טהיער, וויא שטארק עס זאָל ניט זיין, וועט דאָך שליסליך מיעד ווערען, ווייל נאָך אלעמען איז עס דאָך א לעבעדיגער נפש, וועלכער מוז דעם אָטהעם כאפּען, וועלכער מוז רוהען און ער וועט ניט לאנג קענען קאָנקורירען מיט דיא מעכטיגע דאמפף־מאשינען. אָבער וויא עס האָט זיך נאָכדעם ארויסגעוויזען, האָבען מיר א טעות געהאַט. עס זיינען נאָך א פּאָר שטונדען פּאַראיבער און אויף דער מערקווירדיגער בריאה איז קיין צייכען פון ערמיעדונג ניט קענטיג געוועזען.

מען מוז צוגעבען אז דיא "אייבערעהעם לינקאָלן" האָט יענעם טאָג געטהאָן אלעס וואָס נור מעגליך, אום איהר אויפגאבע צו ערפילען. אונזער פריגאטע איז אין יענעם געפעהרליכען טאָג, דעם 6טען נאָוועמבער, אָבגעלאָפען א שטרעקע פון א ביסעל וויינינער וויא דריי הונדערט מייל, ביז עס איז ענדליך נאכט גע־וואָרען און דיא דונקעלהייט האָט בעדעקט דעם אונרוהיגען ים. דער לויתן, וועל־כען מיר האָבען געיאָגט, איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך האָב דאן אָנגעהויבען דענקען, אז דערמיט איז אונזער עקספּעדיציאָן געענדיגט און מיר וועלען שוין דעם נארוואל מעהר אין דיא אויגען ניט זעהן. איך האָב שוין כמעט אויפגעגעבען דיא האָפנונג, אז מיר וועלען זיך נאָך אמאָל בעגעגענען מיט איהם און איך האָב שוין אפילו קיין גרויס חשק געהאַט אָנצושטרענגען מיינע אויגען און קוקען אויף'ן ים. עס האָט זיך אָבער שפּע־טער בעוויזען, אז מיין מיינונג איז ניט ריכטיג. אומגעפעהר אום עלף אוהר פאר האלבע נאכט איז דיא עלעקטרישע בעלייכטונג ווידער ערשיענען, בלויז דריי מייל ווייט פון אונז, אזוי ריין און העל פונקט אזוי וויא אין דער פאָרי־גער נאכט.

דער נארוואל איז געלעגען רוהיג און אונבעוועגט, אזוי וויא ער זאָל שלאָ־פען פון גרויס ערמיעדונג. דער גרויסער קערפּער האָט זיך געוויעגט אויף דיא וועללען פון ים און מען האָט פון איהם קיין שאָרך ניט געהערט. דער קאָמענ־דאנט האָט בעשלאָסען צו בענוצען זיך מיט דיעזער געלעגענהייט.

ער האָט געגעבען אן אָרדער, אז מען זאָל דיא שיף לאָזען לויפען לאנגזא־מער. מען טרעפט זעהר אָפט וואלפישען, וועהרענד זיי כאפּען א דרעמעל אין מיטען ים און דאן איז דיא בעסטע צייט צו אטאקירען זיי. נעד לענד האָט שוין ניט איין וואלפיש געטויטעט, וועהרענד ער איז געשלאָפען. מיסטער פאראגוט האָט גערעכענט אז מיט דיעזען ים־ריעז וועט אויך אזוי זיין.

דיא "אייבערעהעם לינקאָלן" האָט אָנגעפאנגען צו געהן גאנץ פּאָרזיכטיג, מיט שוואכען דאמף און אָהן גערויש, אום ניט אויפצוואועקען דיא מעכטיגע חיה. לענד האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף'ן פּאָדערסטען שפּיטץ פון שיף גרייט צו וואַרפען זיין הארפּון אין קערפּער פון מעכטיגען ריעז.

דיא שיף איז גאנץ שטיל צוגעקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער און

דער ים־ריזע שוין ווידער געווען ווייט פון אונז, נאָך פיעל וויטער וויא פריהער, און ער האָט אויף קיין פאל ניט געגעבען דעם הארפון־ווארפער דיא געלעגענהייט צו ווארפען זיין הארפון.

וויא מיר האָבען משער געווען, איז דיא משונה'דיגע בריאה א פאָר מאָל געלאָפען מיט דיא שנעלקייט פון דרייסיג מייל א שטונדע און אונזער שנעלדאמפפער האָט געגען איהר אויסגעזעהן אזוי וויא א שפיעלצייג.

אום צוועלף אוהר זיינען מיר פון דעם מזיק אזוי ווייט געווען, אזוי וויא אום אכט אוהר, אפילו א האָאר נעהענטער זיינען מיר צו איהם ניט געקומען. דער קאָמאנדאנט איז שטארק בייז געוואָרען און ער האָט בעשלאָסען אָנצוואָוועגדען אנדערע מיטעל!

— אך, דו פערפלוכטעס וועזען! — האָט ער געדונערט — דו ביזט שנעלער וויא דיא "אייברעהעם לינקאָלן", אָבער מיר וועלען זעהן אויב אונזערע קוילען זיינען ניט שנעלער פון דיר! מייסטער, דיא מאנשאפט, אלע צו דער קאנאָנע אין דיא פראָנט.

דיא קאנאָנע אויף דעם פאָדערסטען טהייל פון שיף איז באלד אָנגעלאָדען געוואָרען און א קויל איז אָבגעפייערט געוואָרען. אָבער זיא איז אריבערגעפלויגען איבער דעם טהיער און איז אריינגעפאלען אין וואסער א היבשע שטרעקע ווייטער.

— שיסט נאָך אמאָל! — האָט פאראגוט אויסגערופען — ווער עס פערשטעהט בעסער וויא מיט דער קאנאָנע אָנצוגעהן, דער זאָל פייערען. פינף הונדערט דאָלער בעלאָהנונג דעם יעניגען וואָס וועט דיא בעסטיע טרעפען!

אן אלטער קאנאָנען־שיסער איז גאנץ קאלטבלוטיג צוגעגאנגען. א קורצע צייט איז ער געשטאנען און האָט מיט א רוהיגען בליק בעטראכט דיא ווייטקייט פון אונזער שיף ביז'ן טהיער. ער האָט נאָכדעם אויסגעשאָסען און א פרעהליכער הורראַ געשריי האָט פערהילכט דיא לופט.

דיא קויל האָט ריכטיג געטראָפען אין ציעל, אָבער אונזער פרייד איז דאָך געווען אומזיסט. דיא קויל איז פון גרויסען קערפער אָבגעשפרונגען און איז אוועקגעפלויגען גאנץ ווייט אין ים. דעם ים־מזיק האָט גאָר ניט געשאדט.

— צום טייפעל! — האָט דער שיסער אויסגעשריען! דיזע מערקווירדיגע בעסטיע האָט וואהרשיינליך א שטאָהלענע פעל, וואָס איז וויינינגסטענס זעקס צאָל דיק!

— איך וועל זיך ניט אונטערגעבען! — האָט דער קאפיטאן העכסט אויפגערעגט געזאָגט — איך וועל דיזע ווילדע בעסטיע פערפאָלגען אזוי לאנג ביז דיא מאשינערי אין מיין שיף וועט פלאצען!

קיינער האָט ניט געזאָגט א וואָרט דאנגעגען און דיא שיף האָט ווייטער אָנגעפאנגען יענע אונבעגרייפליכע בעשעפעניס נאָכצואיאָגען.

אוננעהייער שנעל, דיא שיף איז דאן געלאָפען מיט דיא געשווינדקייט פון אכטצעהן און א האלב מייל א שטונדע.

אָבער דער פערפאָלגטער ים־ריעז איז אויך געשוואומען אזוי שנעל. אומ־געפעהר צוויי שטונדען האָבען מיר איהם אזוי נאָכגעיאָגט און עס איז אונז ניט געלונגען צו דערנעהענטערען זיך צו איהם אפילו אויף איין יארד. דאָס איז ווירקליך געווען א שאנדע פאר א שנעל־דאמפפער פון דער אמעריקאנישער פלאָטע. אלע אויף'ן שיף זיינען העכסט אויפגערעגט געווען און יעדער איינער האָט ניט אויפגעהערט צו שילטען און פערדאמען דעם ריעזען־נארוואל, וואָס פראוועט אזעלכע צו להכעיס און לאכט אונז אוים אין פנים אריין.

אָבער דיא משונה'דיגע בריאה האָט זיך ווייניג וואָס געקימערט און זיא האָט מיט אונז אליין קאץ־און־מויז געשפיעלט.

דער קאָמאנדיר האָט נאָך אמאָל געשיקט רופען דעם אינזשיניער און איהם בעפאָהלען, אז ער זאָל דיא שיף לאָזען לויפען נאָך שנעלער. דיא "אייב־רעהעם לינקאָלן" האָט אָנגעהויבען לויפען מיט דיא שנעלקייט פון ניינצעהן און דריי פיערטעל מייל א שטונדע. דאָס איז געווען א ריזיקאלישע זאך און דיא מאנשאפט פון שיף איז העכסט ערשטוינט געווען פון אזא וואגענדען שריט, וואָס דער קאָמענדאנט האָט געמאכט.

און דער קאָמאנדיר האָט געשריען אין איין קול: נאָך פעסטער! נאָך שנעלער! דיא מאסטען האָבען געציטערט און דער צוזאמענגעדריקטער רויך האָט קוים געקענט ארויסדרינגען פון דיא רעהרען.

— קאָנסייל! האָב איך געזאָגט צו מיין דיענער — ווייסט דו, אז מיר מעגען זיך ריכטען אין גיכען צוזאמען מיט דער שיף אין דיא לופט ארויפצו־שפרינגען?

— וויא דער הערר ווינשט! — האָט זיך מיין קאלטבלוטיגער האָלענדער אָבגערופען.

און וויא טרויעריג עס איז מיר געווען אויף'ן הארצען, האָב איך דאָך געמוזט לאכען פון זיין נארישען אנטוואָרט.

אָבער וויפיעל פייער מען האָט געלייגט אונטער'ן קעסעל, וויא שנעל מען האָט אונזער שיף געטריבען, האָבען מיר געזעהן, אז דער ים־טהיר הייצט זיין לעבעדיגע מאשינע אויך אזוי שטארק און ער שווימט גאנץ לייכט מיט דיא שנעלקייט פון צוואנציג מייל א שטונדע. איינעגע מאָל האָט ער זיך זאָגאר אָב־געשטעלט און אונז געגעבען א געלעגענהייט צו דערפרעהען זיך אויף א ווייל, און באלד האָט ער אונז ווידער אויסגעלאכט און איז אנטלאָפען.

יעדעס מאָל ווען מיר זיינען צוגעקומען א ביסעל נעהענטער צו איהם, האָט לענד מיט בעגייסטערונג אויסגערופען: מיר ווען איהם בעקומען! באלד איז ער אונזערער! אָבער איידער מיר האָבען צייט געהאט ארומקוקען זיך איז

— גוט! — האָט פאראגוט אויסגערופען — דאָך הייסט שטארקער אָנ־הייצען ביז צו פולע דאמפף־קראפט.

א הורראָ געשריי האָט בעגריסט דעם אָרדער, ווייל דערפון האָבען אלע געוואוסט, אז דיא צייט פון מלחמה איז שוין געקומען. מיט איינינע מינוטען שפעטער האָט פון דיא צוויי גרויסע קוימענס פון אונזער שיף ארויסגעשטיגען א געדיכטער, שווארצער רויך און דער דעק האָט זיך געטרייסעלט פון דיא שטאר־קע בעוועגונגען פון דיא מאשינען.

דיא גרויסע, מעכטיגע שרובע האָט אָנגעפאנגען שנעל ארבייטען און דיא "אייברעהעם לינקאָלן" האָט זיך געצויגען אלץ נעהענטער און נעהענטער צום מעכטיגען לויתן. דיא זאָנדערבארע בריאה איז געבליבען שטעהן אויף איהר אָרט גאָר אונערשראָקען, ביז אונזער שיף איז צו איהר צוגעקומען גאנץ נאָ־הענט. דיא חיה האָט דאן פלוצלונג א פליה געטהאָן, האָט דורכגעשניטען דעם וואסער און אין איין אויגענבליק איז זיא שוין געוועזן אָנדערטהאלבען מייל ווייט פון אונז.

ביי א דריי פיערטעל שטונדע האָבען מיר דעם געפעהרליכען מזיק פער־פאָלגט, אָבער ער האָט זיך מיט אונז גערייצט. וויא נור מיר זיינען צוגעקומען נאָהענט צו איהם, איז ער אנטלאָפען.

מיר האָבען געזעהן, אז מיר וועלען אויף אזא אופן גאָר ניט אויספיהרען. דער קאָמאנדיר האָט געברענט פון כעס און פערדרוס.

— נעד לענד! — האָט פאראגוט אויסגערופען.

דער קענעדע'ר איז צו איהם צוגעגאנגען.

— נו, וואָס זאָגט איהר יעצט? האָט דער קאָמענדאנט ביי איהם געפרעגט

— דענקט איהר, אז איך זאָל הייסען ארונטערלאָזען א שיפעל, אום דיעזען שרעקליכען טהיער צו הארפונירען?

— ניין, הערר קאָמאנדיר. היינטיגען מאָל איז עס צו געפעהרליך.

— וואָס דען ראטה איהר אונז צו טהאָן?

— הייסט טרייבען דיא שיף אזוי שנעל וויא מעגליך. איך וועל זיטצען אויף'ן פאָדערסטען שפיץ פון שיף און אָבווארטען אויף דעם ריכטיגען מאָמענט, ווען מיר וועלען קומען צום טהיער נעהענטער, דאן וועל איך פון שיף מיין הארפון אין איהם שליידערען.

— זעהר גוט, לענד! — האָט דער קאפיטאן געזאָגט — אינזשיניער, הייסט געבען מעהר דאמפף און טרייבט דיא שיף מיט'ן העכסטען גראד שנעל־קייט!

לענד האָט זיך בעגעבען צו זיין פאָסטען. דער פייער אונטער'ן קעסעל איז געוואָרען גרעסער, דיא רעדער פון דיא מאשינען האָבען זיך געדרעהט

ארום אכט דעם זייגער, וועהרענד דער נעבעל האָט עטוואָס אָנגעהויבען פערשווינדען, זיינען מיר פּלוצלינג איבערראשט געוואָרען פון נעד לענד'ס אויסגעשריי:

— דער געזוכטער געגענשטאנד איז הינטער אונז, לינקס!

אַלעמענס אויגען האָבען זיך געווענדעט צום בעצייכענטען פּונקט. דאָרט, אומגעפעהר א מייל און א האלב ווייט פון אונזער שיף, איז געווען צו בעמערקען א לאנגען, דונקעלען קערפּער, וואָס האָט ארויסגעשטארצט פון דיא וועללען מעהר אויף א יארד הויך. מען האָט פון ווייטענס געהערט דיא גוואלדיגע קלעפּ פון זיין לאנגען עק און דאָס שרעקליכע ברויזען פון וואסער. הינטער איהם, האָט מען געזעהן, האָט זיך געצויגען איבער'ן ים א לאנגער, ווייסער פּאס, אזוי וויא א גרויסע שנעל־שיף לאָזט איבער הינטער זיך.

אונזער שיף איז צוגעקומען נעהענטער צו דער זאָנדערבארער חיה און איך האָב געהאט דיא מעגליכקייט עטוואָס גענויער צו בעטראכטען זיא.

לויט וויא איך האָב משער געווען, זיינען דיא בעריכטען פון דיא "שאנאָן" און "העלוועשא", וועלכע האָבען אָנגעגעבען דיא לענג פון דעם "מאָנסטער" אריבער דריי הונדערט פוס, געווען אביסעל איבערטריבען. נאָך מיין מיינונג, איז ער געווען אונגעפעהר 250 פוס לאנג. דיא דיק פון זיין קערפּער האָב איך ניט געקענט אָבשאצען, ווייל ער איז געלעגען אין וואסער. אָבער נאָך דיא לענג האָט מען שוין געקענט זיך פאָרשטעלען וויא דיק ער איז.

וועהרענד איך האָב מיט גרויס אינטערעס געקוקט אויף דער חיה פון ווייטען, האָט דיא שרעקליכע בעשעפעניס פּלוצלונג ארויסגעשליידערט פון איהרע נאָז־לעכער צוויי זיילען וואסער צומישט מיט דאמפּף. דיא זיילען זיינען געווען בערך 120 פוס הויך. איך האָב אָנגענומען, אז דער אונגעהייער גרויסער פיש אָטהעמט עס אזוי און איך בין זיך געווען פעסט איבערצייגט, אז דיא בעשעפעניס בעלאנגט צו ים־מעמעל־זויג־טהיערע וואָס לעבען אין ים. דער וואלפיש, פאטפיש און דעלפין געהערען צו דיעזער קלאסע. דיעזע אלע זויגען זייערע קינדער, אקוראט אזוי וויא דיא ברואים וואָס לעבען אויף דער יבשה. צו וועלכע פון דיעזע מינים דיעזער ריעז בעלאנגט, האָב איך געהאָפט, וועלען מיר אויסגעפינען דאן, ווען ער וועט בעקאנט ווערען מיט אונזערע קאנאָנען און הארפּונען.

דיא גאנצע מאנשאפט פון דער "אייברעהעם לינקאָלן" האָט מיט דאָס גרעסטע אונגעדולד געווארט אויף דיא בעפעהלען פון קאָמאנדיר, וועלכער איז געשטאנען גלייך מיט אונז און בעטראכט דיא זאָנדערבארע בעשעפעניס. דאן האָט מיסטער פאראגוט ארויסגערופען דעם אינזשיניר און איהם געפרעגט:

— האָבען מיר ערשט גענוג דאמפּף?

— יא, הערר קאָמאנדיר! — האָט יענער געענטפערט.

נעזאָגט מיט זיכערהייט — וועט ער מיך שוין הערען. איך וועל איהם נור געבען צו שפירען דעם טעם פון מיין הארפון, וועט ער ביי מיר א געהאָרכזאמער תלמיד ווערען.

— רעכענט איהר צו פערפאָלגען איהם וויא געוועהנליך אין א קליינע שיפעל? — האָט פאראגוט געפרעגט — איך גלויב אז דאָס וועט זיין זעהר ריזיקאליש און געפעהרליך.

— דאָס איז ריכטיג! אָבער עס גיבט קיין אנדער מיטעל ניט — האָט לענד געענטפערט.

ארום צוויי דעם זייגער פארטאָג האָט זיך דיא לייכטונג ווידער בעוויזען ביי א פינף מייל ווייט פון אונז. מיר האָבען אויף אזא ווייטע שטרעקע געהערט וויא דאָס וואסער ברויזט ארום דעם טהיער און זאָגאר זיין אטהעמען האָבען מיר געהערט. זיין אָטהעמען האָט כּמעט געקענט פערגלייכען מיט דעם רוישען פון א לאָקאָמאָטיוו, וואָס בעזיצט וויינינגסטענס צוויי טויזענד פערד קראפט.

— א וואלפיש מיט א קראפט פון א גאנצען קאוואלעריע־רעגימענט! — האָב איך ביי זיך געטראכט.

מיר האָבען אָנגעהויבען מאכען פּאָרבערייטונגען צום קאמפף און ביז טאָג זיינען מיר געווען פערטיג מיט אונזער ארבייט. מיר האָבען אָנגעלאָדען דיא מאשינען, וועלכע ווארפען הארפונען אויף א מייל ווייט, און דיא לאנגע ביקסען, וואָס שיסען מיט דינאמיט קוילען, פון וועלכע דאָס שטארקסטע טהיער מוז גע־טויטעט ווערען. נעד לענד איז דיא האלבע נאכט געווען בעשעפטיגט מיט שאר־פען זיינע הארפונען. קיין אנדערע פּאָרבערייטונגען האָט ער ניט געדארפט מאכען. אבי נור ער האָט געהאט גרייט זיינע ווערק־צייג, איז ער שוין געווען זיכער, אז זיינע געשיקטע הענד וועלען זיי שוין שליידערען ריכטיג אין ציעל.

אום זעקס אוהר האָט אָנגעהויבען צו טאָגען. אין דער זעלבער צייט, ווען דער ים איז א ביסעל בעלויכטען געוואָרען פון דיא ליכט פון טאָג, איז דער עלעקטרישער גלאנץ פון דעם נארוואל פערשוואונדען געוואָרען. מיט א שטונדע שפּעטער איז שוין אין גאנצען טאָג געווען. אָבער דער ים איז דורכאויס גע־ווען בעדעקט מיט אזא געדיכטען נעבעל, אז זאָגאר מיט דיא בעסטע גלעזער האָט מען ניט געקענט זעהן וואָס אייניגע איילען ווייט פון שיף טהוט זיך. דיע־זע שטערונג האָט אונז אלעמען גרויס פערדרוס און ערגערנים פערשאפט.

איך האָב ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען מאסט. אייניגע אָפיציערען האָ־בען נאָכגעפאָלגט מיין ביישפיעל און האָבען אויך ארויפגעקלעטערט אויף העכערע און ניעדעריגערע זעגעל־שטאנגען. מיר האָבען אונזערע אויגען ניט אראָבגענומען פון ים, אָבער אונזערע אָנשטרענגונגען זיינען געווען אומזיסט. דעם ים־ריעז האָט זיך ניט בעוויזען. יעדענפאלס האָבען מיר איהם ניט געקענט זעהן צוליעב דעם נעבעל מיט וועלכען דאָס וואסער איז געווען פערצויגען.

גלייכען. מיר האָבען איהם דורך דער נאכט איינינע מאָל געזעהן און מיר האָ־בען זיך אלץ צוריקגעצויגען צו זיין וואָס ווייטער פון איהם, אָבער ער פלעגט אונז מיט איין שפּרונג אָניאָגען. א האלבע נאכט פון שרעק און מאטערניס האָבען מיר דורכגעלעבט און יעדע ווילע האָבען מיר געדענקט, אז אָט אָט פאלען מיר קרבנות פון דער מעכטיגער בריאה און קיינער וועט גאָר ניט וויסען וואו מיר זיינען הינגעקומען.

דער נארוואל האָט אונז ענדליך אויפגעהערט צו פערפאָלגען און זיך וויעגענדיג אויף'ן וואסער איז ער פערבליבען ליגען אויף אן אָרט, ווייט פון אונזער שיף.

שפּעטער איז ער פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען. אויב ער האָט זיך ארונטערגעלאָזט אויף'ן גרונד, אָדער ער איז אנטלאָפען, האָבען מיר ניט געקענט בעשטימען. זיין עלעקטרישע ליכט איז פלוצלונג פערלאָשען געוואָרען און וואו ער איז הינגעקומען האָבען מיר ניט געקענט זעהן. מיר זיינען אָבער לאנג ניט פערבליבען אין צווייפעל, דען מיט אומגעפעהר א שטונדע שפּעטער האָט ערגיץ וואו, ניט ווייט פון אונז אָנגעהויבען פייפען מיט א ווילדען, זאָנ־דערבארען קול, אז מיר זיינען שיער פערטויבט געוואָרען. דערצו האָט מען אויך געהערט וויא מאסען וואסער שפּריצט מיט א שרעקליכע קראפט.

דער קאפּיטאן, נעד לענד און איך זיינען דאמאָלס געווען ביים פאָדערסטען טהייל פון שיף און נייגעריג געקוקט אין דיא נאכט דונקעלקייט אויף'ן ים.

— לענד! — האָט דער קאָמאנדיר געזאָגט צום הארפּון'ער — איהר האָט דאָך געוויס ניט איינמאָל געהערט דאָס ברויזען, ווען א וואלפיש שיסט פון זיך ארויס וואסער?

— יא, הערר קאָמאנדיר! — האָט לענד געענטפערט — איך האָב עס פיעל מאָל געהערט, אָבער עס קומט ניט מיט אזא משונה'דיגען פייף וויא פון דיעזען פיש, וועלכער האָט מיר צוויי טויזענד דאָלער פערשאפט.

— גאנץ געוויס, לענד, דעם פּרייז האָט איהר עהרליך פערדיענט. אָבער זאָגט מיר: האָט דיעזעס ברויזען גאָר קיין עהנליכקייט מיט דיא קולות וואָס א וואלפיש ניט ארויס?

— עהנליך איז עס יא, הערר קאָמאנדיר, אָבער ניט אָבצושאטצען שטארקער. יעצט מוז איך אויך גלויבען, אז דאָס איז א לעבעדיגעס בעשעפעניס, א אונגעהייער גרויסער ריעז פון וואלפיש געזינדעל. אָבער, מיט אייער ער־לויבניס, הערר קאָמאנדיר, וועלען מיר מאָרגען מיט איהם א פּאָר ווערטער רעדען.

— אויב ער וועט נור לוסט האָבען אייך צו הערען! — האָב איך גע־ענטפערט מיט א שפּאסהאפטען צווייפעל.

— ווען איך וועל נור א ביסעל נעהענטער צו איהם קומען — האָט לענד

מינוטען שפעטער האָט ער זיך ווידער בעוויזען אין אנדערען זייט פון שיף, אין זיין פולען העל־גלענצענדען ליכט. אויב ער איז דורכגעשוואומען אונטער אונזער שיף אָדער פערביי איהר איז ניט געווען מעגליך צו ערקלערען, אָבער יעדע ווײלע זיינען מיר געשטאנען אין געפאהר צו קומען מיט איהם אין א צוזאמענשטויס און דאן וואָלט אונזער שיף געוויס אונטערגעגאנגען.

מיסטער פאראגוט, וועלכער האָט דיא גאנצע צייט אזוי פיעל געשטרעבט צו פערפאָלגען דעם "מאָנסטער" איז געשטאנען און אָנגעקוקט דיא סצענע מיט בעוואונדערונג, און ניט גענוג וואָס ער האָט ניט נעגעבען קיין אָרדער צו פער־פאָלגען דעם פון לאנג געזוכטען מזיק, האָט ער נאָך פערקעהרט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל קיין אטאקע אויף דער חיה ניט מאכען. מיך האָט דיא זאך זעהר געוואונדערט און איך האָב דעם קאָמאנדיר געפרעגט, ווארום ער האנדעלט אזוי און ווארום ער שטעלט אין געפאהר אזוי פיעל מיה וואָס מיר האָבען שוין געלייגט ביז ערשט אויפצוזוכען דעם געפעהרליכען נארוואל? ווארום, ווער ווייס? ער קען דאך ווידער פערשוואונדען ווערען און מיר זאָלען איהם ניט קענען געפינען, אָדער ער קען אונז פלוצלונג בעפאלען און צושמעטערען אונ־זער שיף? פאראגוט האָט מיר דערויף געענטפערט:

— העדר ארענאקס, איך ווייס דאך ניט מיט וואָס פאר א פורכטבארע בעשעפענים איך האָב דאָ צו טהאָן. איך ווייס ניט וויא זיא אָנצוגרייפען און וויא זיך צו פערטהיידיגען. עס איז מיר דארום יעצט, אין דיא פינסטערנים פון דער נאכט, אונמעגליך צו טהאָן עטוואָס און שטעלען מיין שיף אין גע־פאהר. איך האָב מורא אזא ריזיקאלישע ארבייט אָנצופאנגען. מיר מוזען אָב־ווארטען ביז טאָג, דאן וועלען מיר אימשטאנדע זיין איהם צו פערפאָלגען.

— אָבער ערשט איז שוין, הערר קאָמאנדיר, קיין ספק ניט, אז דאָס איז ווירקליך א משונה'דיגע ריעזען־טהיער? — האָב איך מיט טריאומף געפרעגט.

— געוויס זעה איך, אז עס איז אזוי!—האָט דער קאָמענדאנט געענטפערט

— דאָס איז זיכער אן אונגעוועהנליך גרויסער נארוואל און נאָך אן עלעקטרי־שער דערצו.

— שרעקליך! — האָב איך אויסגערופען מיט שוידער — זיין עלעקטרישע קראפט אליין קען דאך א גאנצע שטאָדט חרוב מאכען!

— דעריבער — האָט דער קאָמאנדיר זיך אָבגערופען — זאָג איך, אז עס איז בעסער צו ווארטען ביז טאָג און דאן וועלען מיר זעהן וואָס מיר האָבען צו טהאָן. אָבער מיר מוזען האלטען אן אויג אויף איהם און זעהר פאָרזיכטיג זיין. אנטלויפען פון דיעזע געגענדען, דענק איך, וועט ער ניט אזוי גיך.

דיא גאנצע נאכט האָט קיינער פון אונז ניט פערזוכט שלאָפען. אלע זיינען געשטאנען אויף דיא פיס און וועגען שלאָפען האָט קיינער ניט געדענקט. אונזער פריגאטע האָט זיך אין געשווינדקייט מיט'ן ים־ריעז ניט געקענט פער־

זאָנדערן אָן אנדער מין העלע ליכט האָט בעלויכטען דעם דונקעלען וואסער. דיא געפעהרליכע חיה וואָס איז געלעגען אונטער'ן וואסער האָט פון זיך ארויס־געשיקט אונערקלערליכע, מערקווירדיגע שטראהלען. אין מיטען פון דעם בע־לויכטעטען פלאץ איז דאָס ליכט געווען זעהר שטארק און דיא אָבשיינונג אָדער דיא שטראהלען האָבען זיך געצויגען ארום און ארום אויף א היבשע שטרעקע.

— פילייכט איז עס נור א צוזאמענהויפונג פון פאָספאָר מאסען ? — האָט איינער פון דיא אָפיציערען געזאָגט.

— ניין, מיין העדר ! — האָב איך זיך אָבגערופען — פאָספאָר קען אזא שטארקע ליכט ניט ארויסגעבען. דיעזע שיינונג איז מעהר עהנליך צו עלעק־טריציטעט.

דערווייל האָב איך בעמערקט וויא דיא זאָנדערבארע לייכטונג בעוועגט זיך און קומט אלץ נעהענטער צו אונז.

— זעהט נור ! — האָב איך אויסגערופען — עס בעוועגט זיך הין און צוריק ! עס דערנעהענטערט זיך צו אונזער שיף ! דיא ווילדע, געפעהרליכע בעשעפענים וויל אונז בייזעס טהאָן !

אלע האָבען איינגעזעהן אז איך האָב רעכט און עס איז א גרויסע מהומה געוואָרען.

— שטיל ! — האָט דער קאפּיטאן בעפאָהלען — לאָזט לויפען דיא אינ־דזשענס און רודערט דיא שיף אָן א זייט !

דיא מאטראָזען זיינען באלד צוגעלאָפען צום רודער און דיא אינזשינירען זיינען אין דעם אויגענבליק געווען צוריק אין מאשינען־צימער. דיא "אייברע־העם לינקאָלן" האָט זיך אָבגעווענדעט אָן א זייט און האָט אָנגעהויבען אנטלוי־פען פון דער זאָנדערבארער ערשיינונג, וועלכע האָט אונז אָבער מיט דאָפּעלטע שנעלקייט נאָכגעפאָלגט.

מיר זיינען אלע אויפגעציטערט געוואָרען. עס האָבען זיך געטרייסעלט דיא צייהן אין אונזערע מיילער, פילייכט ניט אזוי פיעל פון שרעק, וויא פון פּלוצלינגע איבעררראשונג. דער ים־ריעז האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען ארום אונזער שיף גאנץ נאָהענט מיט אזא אויסערגעוועהנליכע שנעלקייט, אז עס האָט אויסגעזעהן, דאָס מיר זיינען ארומגערינגעלט מיט א גרויסען עלעקטרישען רייף. דאן איז ער מיט אמאָל אוועקגעפלויגען אויף א שטרעקע פון א פּאָר מייל און איז דאָרט געבליבען שטעהן. אָבער עס האָט אויסגעזעהן, אז ער רוהט זיך נור אויס אביסעל, אום ער זאָל אויף אונז קענען אָנפאלען מיט מעהר האסט, מיט מעהר מאכט, דען באלד האָט ער ווידער גענומען לויפען צו אונז אזוי וויא א פייל פון בויגען און איז געבליבען שטעהן בלויז א צוואנציג פוס ווייט פון אונז.

פּלוצלונג איז ער אין גאנצען פערשוואונדען געוואָרען און מיט איינינע

א נארישקייט, אין וועלכע מיר זיינען אריינגעשלעפט געוואָרען. אזוי פיעל צייט און אזוי פיעל מיה אומזיסט פערלאָרען! מיר וואָלטען נאָך מיט זעקס מאָנאטען צוריק געקענט אין דער היים זיין.

— יא, דער הערר האָט שוין לאנג געקענט זיין אין זיין וואָהנונג, אין זיין מוזעאום. דעם העררן'ס זאמלונגען וואָלטען שוין לאנג געווען אויסגעשטעלט און פיעלע מענשען וואָלטען עס בעוואונדערט.

— געוויס! און ערשט וועט דיא וועלט האָבען וואָס צו לאכען פון אונז.

— איך דענק אויך אזוי, אז דיא וועלט וועט לאכען פון הערר. מעג איך עס זאָגען?

— ריכטיג, מיין פריינד!

— געוויס! ווען איינער האָט דיא עהרע צו זיין א געלעהרטער אזוי וויא דער הערר איז, דארף ער זיך פריהער גוט ארומזעהען —

איידער קאָנסייל האָט צייט געהאט צו ענדיגען זיין קאָמפּלימענט, איז פּלוצלונג דיא הערשענדע שטילקייט אונטערבראָכען געוואָרען פון א הילכענדע שטימע, וועלכע האָט אויסגערופען:

— זעהט דאָרט! דער געזוכטער געגענשטאנד איז דאָ אנטקעגען אונז!

דער וואָס האָט דיא בשורה אָנגעזאָגט איז געווען דער אונגלויביגער נעד לענד.

6טעס קאפּיטעל

# דיא שרעקליכע בעגעגענים

דערהערענדיג לענד'ס געשריי איז זיך דיא גאנצע מאנשאפט פון שיף אויגענ־בליקליך צוזאמענגעלאָפען. דער קאָמענדאנט, דיא אָפיציערען, מאטראָזען, שיפס־ארבייטער און זאָגאר דיא אינזשינירען און דיא הייצער האָבען פערלאָזען זייערע ארבייטס־פּלעצער און אלע זיינען געקומען צולויפען אויף'ן דעק און ארומ־גערינגעלט דעם הארפּון־ווארפער.

מיסטער פאראגוט האָט באלד געגעבען אן אָרדער אָבצושטעלען דיא מאַ־שינערי. דער אָרדער איז אין א ווייל ארום אויסגעפיהרט געוואָרען און דיא שיף האָט זיך נאָך א ביסעל געשלעפּט פון דעם האסט מיט וועלכען זיא איז פריהער געלאָפען. עס איז געווען גוט פינסטער און איך האָב געמוזט בע־וואונדערען דעם קענעדער'ס שארפע אויג, וואָס האָט דיא זאָנדערבארע בריאה דערזעהען. אָבער באלד האָבען מיר אלע דערזעהן דאָס וואָס לענד'ס אויג האָט פריהער בעמערקט. א זעלטענע ערשיינונג האָט זיך פּלוצלינג בעוויזען פאר אונזערע אויגען, פון וועלכע מיר זיינען אלע ערשטוינט געוואָרען.

גאָר ניט ווייט פון אונזער שיף איז דער ים געווען אילומינירט, אָבער ניט מיט א פאָספאָר־לייכטונג, אזוי וויא רייזענדע האָבען אמאָל דערצעהלט,

האָפנונג, פיליכט וועט עס דעם ים־ריעז פערשמעקען און ער וועט קומען מאכען זיין סעודה, אָבער היי־פּישען האָבען דיא פלייש אויפגענאשט און דער געזוכ־טער נארוואל איז אלץ ניט געקומען. מען האָט אויך ארויסגעשיקט קליינע שיפ־לאך אין אלע ריכטונגען, אָבער דיא געהיימע חיה איז אלץ ניט ענטדעקט גע־וואָרען.

בלויז דיא נאכט און אויף מאָרגען ביז האלבען טאָג איז אונז, לויט דעם אָבמאך, פערבליבען צו זוכען און נאָכקוקען פיליכט געפינט זיך ערגיץ דיא אומגעלומפּערטע בריאה. אויב ניט, וועט זיך אונזער שיף אומקעהרען אהיים, ניט האָבענדיג קיין זאך אויפגעטהאָן.

עס איז געוועזען אום אכט אוהר אבענדס. אונזער שיף איז געשטאנען א פּאָר הונדערט מייל ווייט פון דיא יאפּאנישע ברעגען. דער הימעל איז געוועזען פערכמארעט און גערדיכטע וואָלקענס האָבען צוגעדעקט דיא לבנה. רוהיגע וועל־לען האָבען אזוי וויא פערשלאָפען זיך געצויגען ביי דיא וואנד פון שיף און דיא נאטור אין אלגעמיין איז געוועזען שטיל און רוהיג.

אין יענער צייט בין איך געשטאנען אין פראָנט פון דעק. מיין דיענער קאָנסייל איז געוועזען נעבען מיר. איינינגע מאטראָזען זיינען געזעסען אויף דיא מאסטען בעטראכטענדיג דעם ווייטען און ברייטען מעער, וועלכער איז אלע ווייל־לע דונקעלער און דונקעלער געוואָרען. דאָ און דאָרט האָט זיך בעוויזען אן אָפיציער, וועלכער האָט דורך זיינע נאכט־גלעזער געוואָרפען בליקען אויף דיא פינסטערע וואסערען, זאָנסט האָט מען קיין זאך ניט געזעהן און פון קיין זאך ניט געהערט.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף מיין דיענער און איך האָב געזעהן, אז ער איז דיעזען מאָל עפּעס פערטראכט און אין עטוואָס טיעף פעראינטערעסירט. אויף אונזער גאנצע רייזע האָב איך איהם ניט געזעהן אין אזא פּאָזע וויא איצט. דיא גאנצע צייט האָט ער זיך גאנץ וויינינג געקימערט וועגען דעם וואָס אויף'ן שיף איז פאָרגעקומען און ערשט האָט ער אָנגעהויבען טראכטען וועגען דעם ים־ריעז, מיט וועלכען מיר האָבען דיא עהרע ניט געהאט בעקאנט צו ווערען — אזוי האָב איך וויינינגסטענס גערענקט.

— אצינד, קאָנסייל! — האָב איך צו איהם געזאָגט — איז דיא לעצטע געלעגענהייט צו בעקומען דיא צוויי טויזענד דאָלער בעלאָהנונג, וואָס דער קאָמענדאנט האָט פערשפּראָכען.

— זאָל מיר דער הערר ערלויבען צו זאָגען — האָט קאָנסייל געענטפערט — אז איך זוך ניט דיעזען פּרייז צו בעקומען. פון מיינטוועגען מעג דיא רעגיע־רונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען צוזאָגען א פּרייז פון הונדערט טויזענד דאָלער, וועט עס מיך אויך ניט קימערען.

— דו האָסט רעכט, קאָנסייל. נאָך אלעמען איז דיא זאך דורכאויס געוועזען

גענע, ניט געפלויגענע פאנטאזיע און עס איז יעצט א שאנדע דיא אויגען פאר דער וועלט צו ווייזען. דער דעק פון שיף איז געבליבען לעער און אויסער דיא וואָס זיינען געווען פערפפליכטעט זייער דיענסט צו ערפילען אין דער הויך אויף'ן דעק, האָט זיך דאָרט כמעט קיינער ניט בעוויזען. יעדער איינער איז געלעגען אָדער געזעסען אין זיין ווינקעלע מיט גרויס פערדרוס און ערגערנים. עס איז גאָר ניט פערבליבען צו טהאָן — נור אומקעהרען זיך צוריק מיט פער־שעהמטע פנים'ער.

אונזער שיפס־קאפיטאן איז אלץ פערבליבען ביי זיין גלויבען, אז דער ריעזען־נארוואל עקזיסטירט און ער האָט נאָך אלץ ניט אויפגעגעבען דיא האָפ־נונג אז פריהער אָדער שפעטער וועלען מיר איהם אָנטרעפען. זיין מיינונג איז געווען, אז מען זאָל ווייטער רייזען. אָבער דיא אָפיציערען און מאטראָזען האָבען אָנגעהויבען צושטעהן צו איהם, אז מען זאָל מאכען אן ענדע, ווייל זיי זיינען שוין צופיעל מיעד און צובראָכען און זיי ווילען זיך שוין מעהר ניט יאָגען נאָך א בעשעפענים, וואָס איז נאָך אפשר ניט געבוירען געוואָרען. זיי האָבען איהם ער־קלערט, אז דיא "אייברעהעם לינקאָלן" האָט גענוג געטהאָן איהר פפליכט און קיי־נער איז ניט מחויב ארום צו טרייבען זיך איבער ימים אזוי וויא בלינדע, אָהן אירגענד וועלכע אויסזיכט.

דער קאָמאנדיר האָט אָנפאנגס פון אזעלכע רייד ניט געוואָלט הערען, ענדליך אָבער האָט ער ניט געקענט וויעדערשטעהן דעם ווילען פון דיא מאנ־שאפט און ער האָט זיי געמוזט נאָכגעבען. אָבער אזוי וויא קריסטאָפאָר קאָלומ־בוס האָט פאר דיא ענטדעקונג פון אמעריקא געבעטען זיינע אונצופריעדענע בעגלייטער, אז זיי זאָלען האָבען געדולד נאָך דריי טעג, אזוי האָט מיסטער פאראגוט אויך פערלאנגט פון זיינע מענשען דריי טעג צייט, און אויב אין פער־לויף פון דיא קומענדע דריי טעג וועט זיך דיא געזוכטע בעשעפענים ניט בע־ווייזען, דאן וועט זיך דיא "אייברעהעם לינקאָלן" אומקעהרען צוריק צו דיא אייראָפעאישע וואסערען. פאראגוט האָט עס ביי זיינע מענשען גע'פועל'ט.

דיעזער בעשלוס איז געמאכט געוואָרען דעם 2טען נאָוועמבער. עס הייסט, אז דער 5טער נאָוועמבער איז געווען בעשטימט פאר'ן לעצטען טערמין. אויב דער ריעזען־נארוואל וועט ניט ערשיינען ביז דיעזען טאָג, דאן וועט מען איהם אויפ־הערען זוכען. דיא האָפנונג, אז מען ווערט שוין באלד פטור פון דער אונגליק־ליכער רייזע, האָט דיא מאנשאפט צוריק געשענקט מוטה און ענערגיע און מען האָט וויעדער אָנגעהויבען קוקען אויף'ן ים מיט גרויס אינטערעס און שפאַ־נונג.

צוויי טעג זיינען פאָראיבער. דיא שיף איז געגאנגען לאנגזאם, אום מען זאָל בעסער קענען בעאָבאכטען דעם ים ארום און ארום. מען האָט דורך דער צייט א היבשע ביסעל גערויכערטע פלייש אריינגעוואָרפען אין ים, מיט דער

מענט וועט זיך דער וואונדערבארער ריעז בעווייזען. מען האָט געדענקט, אז דאָ וועט זיך שוין זיכער אָבשפּיעלען דער לעצטער אקט פון דער נארוואל שאָו־שפּיעל און מען האָט דארום פּערגעסען אָן עסען און טרינקען און אלעמען'ס אויגען זיינען אָהן אויפהער געווען געריכטעט אויף'ן ים, ווער מיט דיא נאקעטע אויגען און ווער דורך גלעזער און טעלעסקאָפּען. דיא גאנצע מאנשאפט פון שיף איז געווען אזוי אָנגעשטרענגט און אויפגערעגט, אז קיין זאך האָט ביי זיי קיין ראָלע ניט געשפּיעלט און וועגען קיין זאך האָבען זיי זיך ניט געקימערט. אָבער דאָ האָט מען געזעהן, אז אלעמען'ס געדולד וועט מוזען פּלאצען, אז אזא פיעבערהאפטער צושטאנד וועט לאנג ניט קענען אָנהאלטען.

און עס איז ווירקליך אזוי געווען. דריי מאָנאטען זיינען פּאַראיבער ווארטענדיג אויף דעם געווינשטען גאסט — אויף'ן ריעזען־נארוואל, אָבער ער איז ניט געקומען. יעדער טאָג פון דיא דריי מאָנאטען האָט זיך געצויגען אזוי וויא אַ יאָהר־הונדערט. דיא "אייברעהעם לינקאָלן" איז שוין דורכגעפאָהרען אלע געגענדען פון דיא אמעריקאנישע און יאפּאנעזישע ברעגען פון שטילען ים. עס איז ניט פערבליבען איין שטיקעל ים, וואָס מיר זאָלען ניט האָבען אויסגע־פּאָרשט און נאָך אלעמען האָבען מיר וועהרענד דיא גאנצע רייזע קיין שום בעוועגונג פון אירגענד וועלכע אונגעוועהנליכע חיה ניט געזעהן. פּיעל מאָל האָט יא געטראָפען, אז וואלפישען האָבען אונז אָבגענארט. מיר האָבען זיי פון ווייטענס געזעהן און מיר האָבען געדענקט, אז דאָס איז דער נפש, וועלכען מיר זוכען. מיר האָבען אָנגעפיהרט געיעג נאָך זיי, אָבער נאָכדעם האָבען מיר זיך פאר זיך אליין געשעהמט, ווען עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז מיר האָבען א טעות געהאט.

דיא וואלפישען האָבען עפּעס אזוי וויא אָבגערעדט צווישען זיך צו פּראוון מיט אונז שפּאס און זייער שפּאס האָט אונז פּיעל מיה און געזונד געקאָסט.

קורץ: מיר האָבען קיין אויסערגעוועהנליכע זאך, קיין אויסערגעוועהנליכע בריאה און זאָגאר קיין פערבאָרגענעם פעלז אויף אונזער רייזע ניט אָנגע־טראָפען און דאָס האָט אלעמען ארונטערגעשלאָגען פון מוטה און אלע האָבען פערלאָרען דעם חשק צו דער גאנצער אונטערנעהמונג.

דיא הייסעסטע אנטהייל־נעהמער אין דער עקספּעדיציאָן זיינען אָבגע־קיהלט געוואָרען. עס איז געוואָרען אן איבערקעהרעניס אין דיא הערצער פון דיא אָפּיציערען און מאטראָזען. אלע זיינען געוואָרען פויל און מען האָט שוין מעהר ניט געוואָלט קוקען אויף'ן ים, ווייל מען האָט איינפאך אָנגעהויבען צווייפלען, אויב דיא גאנצע געשיכטע איז אמת און אויב דיא אונטערנעהמונג איז עפּעס ווערטה. געפיהלען פון צאָרן און שאנדע האָבען אויפגעקאָכט אין יעדען'ס ברוסט און מען האָט אָנגעהויבען מורמלען, אז דיא גאנצע זאך איז געווען לעכערליך פון אָנהויב אָן, אז דאָס איז אין גאנצען געווען א ניט געשטוי־

קען דורכשווימען הונדערטע מיילען א טאָג, היינט וויא אזוי לעגט זיך אייך אויף'ן מח, אז איהר וועט זיא פאנגען? אויסער דעם, האָבען מיר דאָך בלויז א דונקעלע, אונבעשטעטיגטע נאכריכט וועגען דעם ריעזען־נארוואל, וואָס איהר זאָגט. מיט צוויי מאָנאטען צוריק האָט מען דיעזע בעשעפענים געזעהן ערגיץ וואו אויף דיעזען ים, איז דאָך ערשט א פראגע: וואָס האָבען יענע לייטע געזעהן? פיליייכט איז עס גאָר ניט יענער געגענשטאנד, וועלכען איהר רופט ריעזען־נארוואל? און אויב אפילו יא, דענקט איהר, הערר פראָפעסאָר, אז ער וועט דאָ ליגען און ווארטען פאר אונז, ביז מיר וועלען איהם דורכלעכערען מיט הארפונען אָדער מיט קוילען פון קאנאָנען? וויבאלד אז ער איז אזא שנעלער שווימער, איז ער שוין ערשט געווים אויף יענער זייט וועלט און ער לאכט זיך אויס פון זיינע פערפאָלגער! היינט וויא אזוי קען איך האָבען אן אינטערעס און אזא עקספעדיציאָן?

איך בין מודה, אז איך האָב געגען דיעזע ארגומענטען ניט געהאט וואָס אָנצוּוואווענדען. עס איז גאנץ ריכטיג! מיר האָבען ארומגעטאפט אזוי וויא בלינדע אין דער פינסטער, פאָהרענדיג אויף גאָט'ס בערעטה, וואוהין דער צופאל וועט אונז פערטראָגען. איך בין אין דיא ווארהייט א ביסעל אָבגעשוואכט געוואָרען און איך האָב אָנגעהויבען דענקען: פיליייכט האָט דער קענעדע'ר רעכט. דיא מאטראָזען אָבער, וויא אויך דיא אָפיציערען האָבען זיך פעסט געהאלטען ביי זייער גלויבען און האָבען געהאָפט און ערווארטעט, אז מיר וועלען מיט דער צייט דעם ריעזען־נארוואל אָנטרעפען.

דעם 27טען יולי זיינען מיר אריבערגעפאָהרען דעם עקוואטאָר אויף'ן אנדערען האלבען ערד־קוגעל און אונזער שיף האָט זיך אָנגעהויבען ציהען צו דיא וועסט זייט, אין דיא געגענדען וואו דאָס וואסער איז טיעפער. מיסטער פאראגוט האָט גאנץ ריכטיג געאורטהיילט, אז עס איז פיעל גלייכער אויסצומיידען דיא פלאכע ערטער אין ים, ארום דיא אינזלען, וואו אזא אונגעהייער גרויסע בעשעפענים וועט זיך געווים ניט אויפהאלטען. אזא גרויסער נפש זוכט געווים געגענדען וואו עס איז איהם בעקוועמער צו שווימען און זיין מקום מנוחה איז אָהן צווייפעל אין דיא טיעפסטע געגענדען פון ים. מיר זיינען דאָרום געפאָהרען ווייט פון דיא מארקיז און סענדוויטש אינזלען, ביז מיר האָבען דערגרייכט דיא וואסערען פון כינעזישען ים.

מיר זיינען ענדליך געקומען אין דיא געגענדען, וואו מען האָט, לויט דיא לעצטע בעריכטען, דיא משונה'דיגע בריאה געזעהן. דיא אויפרעגונג וואָס איז געוואָרען אויף אונזער שיף איז ניט צו בעשרייבען. אלע האָבען פערגעסען צו עסען און טרינקען, קיינעם איז אין זינען ניט געלעגען שלאָפען אָדער רוהען און מען האָט נור געהאלטען אויסגעשטעלט דיא אויגען אויף'ן ים און מיט דאָס גרעסטע אונגעדולד, נייגעריגקייט און שרעק ערווארטעט, אז יעדען מאָ־

זיין שווארצען רוקען פון אונטער׳ן וואסער. ניט איינמאָל האָבען וואלפישען אונז אָבגענארט. זיי האָבען אונז ערפרעהט אויף א ווײלע, ווייל מיר האָבען געגלויבט, אז דאָס איז דער ריעזיגער נארוואל מיט זיין מעכטיגען האָרן, לסוף האָבען זיי געצייגט ווער זיי זיינען און מיר זיינען נאראָנים געבליבען. אָבער דאָס האָט מיר ניט געשטערט צו שטעהן ווייטער אויף׳ן דעק מיט אויפגעריסענע אויגען און ווייטער אויסקוקען, פיליכט וועל איך דעם ריכטיגען מזיק דערזעהן. שטונדען לאנג פלעג איך שטעהן אזוי וויא א מארמאָרנע סטאטוע, ניט ריה־רענדיג זיך פון אָרט, ביז מיין דיענער פלעגט מיר מיט זיין געוועהנליכען לשון אויפמערקזאם מאכען: "דער העדר שטרענגט צופיעל אָן דיא אויגען. דאָס קען דעם העדר שאדען".

אָבער מיין מיה און דיא מיה פון דיא מאנשאפט פון שיף איז געוועזען אומ־זיסט. אויסער געוועהנליכע וואלפישען האָבען מיר דעם קלענסטען צייכען פון דעם אומגעלומפערטען נארוואל ניט געזעהן און ניט געהערט.

צום גליק האָט אונז וויניגסטען דאָס וועטער גוט געדיענט. אָבוואָהל אין דיא געגענד וואו מיר זיינען געוועזען איז אין מאָנאט יולי געוועהנליך ווינטער און שנעע, רעגענס און שטורמס זיינען דאָרט אין דיעזער צייט פון יאָהר זעהר אָפט, דאָך איז דיעזען מאָל דער ים געבליבען רוהיג און אויסער קליינע רעגענס און אונבעדייטענדע ווינטען האָבען מיר ניט געהאט. אונזער רייזע איז ניט גע־שטערט געוואָרען און אונזער שיף האָט זיך רוהיג געגליטשט איבער דיא בלויע אונענדליכע וואסערען.

נעד לענד איז נאָך אלץ פערבליבען דער זעלבער אפיקורוס וויא פריהער און ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון דער משונה׳דיגער ים־בעשעפענים. ער האָט וויניג וואָס אכטונג געגעבען אויף׳ן ים און דיא גאנצע אנגעלעגענהייט האָט איהם ניט געקימערט. ער פלעגט ארויפגעהן אויף׳ן דעק בלויז ווען ער האָט געדארפט, ווען ער איז געוועזען גע־צוואונגען דערצו, זאָנסט איז ער זיך רוהיג געשלאָפען אין זיין קאיוטע, אָדער ער פלעגט זיטצען און לעזען א בוך. מיר האָט דיא זאך פערדראָסען, ווייל זיין שארפער בליק וואָלט אונז שטארק צונוטץ געקומען. מיך האָט זעהר געערגערט, פיליכט האָבען מיר דעם נארוואל פערזעהן, און ווען ער, דער ערפאהרענער וואלפיש פאנגער וואָלט מיט זיינע שארפע אויגען געקוקט אויפ׳ן ים, וואָלטען מיר שוין פיליכט אונזער צוועק עררייכט. איך האָב איהם איינמאָל פאָרווירפע געמאכט פאר זיין גלייכגילטיגקייט צו דער זאך און ער איז אויף מיר אביסעל בייז געוואָרען.

— איך וויים ניט וואָס איהר ווילט פון מיר, העדר פראָפעסאָר! — האָט ער געזאָגט — זאָל שוין זיין אז איהר האָט רעכט, אז אזא בריאה וויא איהר זאָגט עקזיסטירט, אָבער איהר דערצעהלט דאָך אליין, אז דיא דאָזיגע בריאה

דאָס האָט אונז אלעמען צוגעגעבען מעהר שטאָלץ און מוטה. מיר זיינען ערשט זיכער געווען, אז אויב נור מיר וועלען אָנטרעפען דיא געפעהרליכע בריאה וואָס מיר זוכען, וועט זיא שוין פון נעד־לענד'ס הענד טרוקען ניט ארויס.

דיא "אייברעהעם לינקאָלן" איז שנעל פערבייגעפאָהרען דעם סאוט־איסט ברעג פון אמעריקא. דעם דריטען יולי זיינען מיר אָנגעקומען צום אריינגאנג פון דעם שמאָלען וואסער, בעוואוסט אונטער דעם נאָמען "מאגעלאן". קאפיטאן פאראגוט האָט ניט געוואָלט פאָהרען דורך יענעם שמאָלען וואסער־וועג און ער האָט בעסער געפיהרט דיא שיף ארום, איבער'ן אָפענעם מעער, אנטקעגען קייפ האָרן.

דיא מאנשאפט פון שיף זיינען געווען איינשטימיג מיט'ן קאָמאנדיר אויסצומיידען דעם שמאָלען פאס וואסער, ווייל דאָרט, איז מען זיכער געווען, געפינט זיך געוויס ניט דער נארוואל וואָס מיר זוכען. ער איז צו גרויס פאר יענעם פלאץ, און מען וועט איהם דאָרט געוויס ניט טרעפען.

דעם זעקסטען יולי זיינען מיר פערביי געפאָהרען דעם לעצטען אמעריקאני־שען אינזעל, וועלכער ליגט איינזאם אין מיטען ים און וועלכען האָלענדישע מאטראָזען האָבען א נאָמען געגעבען "קייפ האָרן", נאָך דעם נאָמען פון דער שטאָדט פון וועלכע דיא מאטראָזען זיינען געקומען. פון דאָרט זיינען מיר גע־פאָהרען נאָך א מעת לעת און מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין דיא וואסערען פון שטילען אָקעאן.

— האלט דיא אויגען אָפען! גיט אכטונג! — האָבען אונזערע מאטראָ־זען איינער דעם אנדערען אויפגעמונטערט. אין שטילען ים, האָט מען געהאָפט, וועט מען דיא זאָנדערבארע בריאה אָדער דעם "גערעאָטענעם" נארוואל אָנ־טרעפען און דיא לייטע האָבען זיך גענומען מיט מעהר חשק און מיט מעהר פרישקייט אויסצוקוקען איהם. אויגען, טעלעסקאָפען און ספאקטיוועץ זיינען אָהן אויפהער געווען אויסגעשטעלט אין אלע זייטען פון ברייטען ים, ווייל יע־דער איינער האָט געוואָלט האָבען דיא זכיה צו דערזעהן דעם "מאָנסטער" צו ערשט און געווינען דעם פרייז פון צוויי טויזענד דאָלער.

ביי מיר האָט דיא געלד ניט געשפיעלט קיין ראָלע. מיך האָט דיא גרויסע בעלאָהנונג גאָר ניט געקימערט, דאָך האָב איך זיך פילייכט מעהר פון אלע אָנגעשטרענגט און איך האָב מיינע אויגען פון ים ניט ארונטערגענומען. איך האָב זיך ניט פערגונען דיא צייט צו עסען און צו שלאָפען, טאָג און נאכט בין איך געשטאנען אין דער הויך אויף'ן דעק. קיין רעגען און קיין ווינד האָט מיך ניט אָבגעהאַלטען פון בעטראכטען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט דיא וואסערען ארום און ארום, אזוי ווייט וויא מיינע אויגען האָבען געקענט גרייכען.

זעהר אָפט בין איך צוזאמען מיט דיא מאטראָזען און אָפיציערען העכסט איבערראַשט געוואָרען, ווען א וואלפיש האָט זיך פערוואָלט ארויסצושטעלען

אזוי וויא איהר זאָגט; דיא פראגע איז אָבער, אויב זיי געפינען זיך דאָרט אין דיא ווירקליכקייט! איך אליין בין אן אפיקורוס און איך גלויב עס ניט.

— איהר זיינט אן איינגעשפּארטער מענש! — האָב איך מיט גרויס אונ־געדולד געזאָגט — אויב אזוי, דאן מוזט איהר דאָך ערקלערען דיא אורזאכע, פון וועלכע דיא "סקאָשאַ" איז דורכגעבויערט געוואָרען!

— דאָס וויים איך ניט! — האָט דער הארפּון־ווארפער געענטפערט — און וועגען א זאך וואָס איך וויים ניט, וויל איך ניט רעדען.

איך האָב איינגעזעהן, אז נעד לענד האלט זיך ביי זיין אפּיקורסות און איך וועל מיט איהם גאָר ניט מאכען. איך האָב דארום ניט געוואָלט ארויסוואַרפען קיין אומזיסטע טרחה און איך האָב אויפגעהערט טענה'ן מיט איהם וועגען דיע־זען ענין. איך אליין אָבער האָב זיך פעסט געהאַלטען ביי מיין טהעאָריע, אז אן אויסערגעוועהנליכער ריעזען־נארוואל שווימט אום אין דיא וואסערען און מאכט דעם ים אונזיכער פאר שיפען און רייזענדע.

5טעס קאפּיטעל

## ענדליך געפונען

דעם 30טען יולי האָט זיך אונזער שיף בעגעגענט מיט איינינגע אמעריקא־נער שיפען, וואָס זיינען ארומגעפאָהרען פאנגען וואלפישען. מיר האָבען זיך נאָכגעפרעגט וועגען דעם ריעזען־נארוואל, אָבער קיינער האָט אונז קיין גרוס פון איהם ניט אָבגעגעבען, ווייל זיי האָבען איהם אויף זייער רייזע ניט געזעהן און זיי האָבען זאָגאר ניט געוואוסט וועגען איהם. דער קאפּיטאן פון דער שיף "מאָנראָו" האָט ערפאהרען, אז דער בעריהמטער נעד לענד געפינט זיך אויף אונזער פריגאטע און ער האָט געבעטען דיא ערלויבנים, אז דיעזער מאן זאָל איהם העלפען פערפאָלגען א וואלפיש, וועלכען ער האָט ניט ווייט בעמערקט. אונזער קאָמאנדיר איז העכסט צופריעדען געווען צו זעהן וויא דער קענעדע'ר וועט צייגען זיין קונסטשטיקעל בריה'שאפט און ער האָט איהם דיא ערלויבנים געגעבען. נעד לענד אליין האָט אויך דיא איינלאדונג אָנגענומען מיט גרויס פערגעניגען.

ער האָט בעשטיגען דיא "מאָנראָו", וועלכע איז צוגעפאָהרען צו דעם פּלאַץ, וואו דער וואלפיש איז געזעהן געוואָרען. לענד האָט דאן מיט איין ווארף צוויי הארפּונען ארויסגעשליידערט און ביידע האָבען זיי גוט געטראָפען, און ניט נור האָט ער געטויטעט איין וואלפיש, זאָנדערן צוויי מיט אמאָל. איינעם האָט ער געטראָפען פּונקט אין הארצען און דעם אנדערען האָט ער דורכגעלעכערט אין אן אנדער טהייל פון זיין ריעזען־קערפּער. דיא גאנצע געיעג האָט בלויז געדויערט איינינגע מינוטען.

אין ים האָבען מיר שוין דעם דרוק פון איין אטמאָספערע. אָבער לאָמיר עס נאָכ־לאָזען און רעכענען דעם דרוק פון ים וואסער פונקט אזוי שטארק וויא דער דרוק פון טייך אָדער קוואל וואסער. עס הייסט, אז אום צו בעקומען דיא שטארקייט פון דעם דרוק פון איין אטמאָספערע דארף מען זיך ארונטערלאָזען פולע 32 פוס אין ים. היינט ווייסט איהר דיא געוויכט פון דער אטמאָספערע?

— דאָס איז שוין בעשטימט אויסגערעכענט, אז דער מענש, לאָמיר זאָגען, טראָגט ארום זיך דיא משא פון 15 פונט לופט אויף יעדער סקווער אינטש פון זיין קערפער. און וויפיעל סקווער אינטש צעהלט דעם מענשען'ס קערפער?

— אומגעפעהר 6,500. אצינד רעכענט 15 מאָל אזוי פיעל און עס וועט אויס־מאכען, אז יעדער פון אונז האלט אויס דעם דרוק פון 97,500 פונט.

אָבער ווארום פיהלען מיר ניט דיעזע ריעזיגע משא? — דאָס איז איינ־פאך צוליעב דעם, ווייל מיר זיינען ארומגערינגעלט מיט לופט פון אלע זייטען און אונזערע קערפערס זיינען אויך אָנגעפילט מיט לופט. דיא לופט שפארט אלזאָ פון אלע זייטען מיט דער זעלבער קראפט און מיר פיהלען עס ניט. ווען אָבער מען זאָל פון איין זייט, למשל, אויספומפען דיא לופט, וואָלט אונז דער דרוק פון דיא אנדערע זייטען צודריקט אזוי וויא אונטער א שווערע מאשינע.

אָבער דאָס איז אלץ אויף דער יבשה; אין ים אָבער איז עס אנדערש. ווען א מענש, צוםביישפיעל, זאָל זיך ארונטערלאָזען 32 פוס טיעף אין וואַ־סער, וועט ער האָבען אויסצושטעהן אזא דרוק וואָס איז גלייך צו איין אטמאָס־פערע, און אזוי וויא ער האָט ניט אינוויינינג אזא קראפט, וואָס זאָל דעם דרוק צוריקטרייבען, מוז ער צודריקט ווערען. 320 פוס טיעף אין וואסער, איז דער דרוק צעהן מאָל שטארקער וויא דער דרוק פון דער אטמאָספערע; 3,200 פוס טיעף, האָבען מיר הונדערט אטמאָספערעס, און 32,000 פוס טיעף, וואָס איז בערך זעקס מייל, מאכט דעם דרוק אזוי גרויס אזוי וויא פון טויזענד אטמאָס־פערעס, דאָס הייסט 97,500,000 פונט! איהר דארפט אויך ניט פערגעסען, אז מיר רעדען דאָ פון אזא קליין געגענשטאנד וויא א מענש, וואָס זאָל זיך ארונטערלאָזען בלויז זעקס מייל טיעף אין ים, היינט וויא איז שוין אן אונגע־הייער גרויסע חיה, וואָס לעבט טויזענד מיילען טיעף אונטער'ן וואסער? וואָס פאר 'אן אויסערגעוועהנליכע גבורה דארף עס האָבען יענע בעשעפעניש אי־בערצוטראָגען אזא ריעזיגען דרוק? גלויבט איהר ניט, אזא אזא בריאה זאָל קענען צוברעכען א שטאָהלענע שיף?

— ווירקליך, פיליכט! — האָט לענד געזאָגט נאָכדענקענדיג.

— נו, האָב איך אייך שוין יעצט 'איבערצייגט? — האָב איך מיט טריאומף געפרעגט.

— יא, הערר נאטור־פאָרשער! איהר האָט מיר בעוויזען, אז אויב אויף'ן גרונד פון ים עקזיסטירען ווירקליך אזעלכע ברואים, מוזען זיי זיין אזוי שטארק

וואָס האָט אין זיין לעבען אזוי פיעל גרויסע ים־ברואים געזעהן, דארף גיכער וויא אן אנדערער זיין איבערצייגט אין דיעזער זאך. פאר וואָס, צום ביישפיעל, קען ניט פאסירען, אז פון דעם זאָרט נארוואלען זאָל איינער אויסוואקסען אויסערגעוועהנליך גרויס און זאָל אימשטאנד זיין א שטארקע שיף צו שעדיגען?

— אָמ טאקע צוליעב דעם, ווייל איך בין א וואלפיש־פאנגער, האָב איך אין דעם קיין אמונה ניט! — האָט לענד געענטפערט — איך האָב שוין דורכגעמאכט פיעלע רייזען אויף פערשיעדענע ימים, איך האָב שוין פיעל ים־טהיערע בעגעגענט און געטויטעט און איך האָב נאך קיינמאָל אזא בריאה ניט געזעהן. וויא שטארק וואלפישען אָדער אנדערע גרויסע בעשעפעניסען אין ים זאָלען ניט זיין, זיינען זיי אלץ ניט בכח דורכצולעכערען אייזערנע פלאטעס פון א שיף.

— אָבער, נעד! — האָב איך זיך אָבגערופען — מען דערצעהלט דאך אָבער פאָר'ט, אז נארוואלען האָבען געמאכט לעכער אין שיפען!

— פילייכט אין הילצערנע! — האָט דער קענעדער געענטפערט — און דאָס האָב איך אויך קיינמאָל ניט געזעהען מיט מיינע אויגען. דאָס וואָס מענשען דערצעהלען, איז נאך ווייניג. פרעגט זיי, ווער האָט עס געזעהן וויא א נארוואל האָט געבויערט א לאָך אין א שיף?

— איהר וועט עס ביי מיר פון הארצען ניט ארויסנעהמען! — האָב איך געזאָגט — איך האלט זיך ביי מיין מיינונג אָדער איבערצייגונג, אז אזעלכע חיות זיינען יא פאראן. איך האָב געגלויבט און איך גלויב ערשט אויך, אז עס לעבען אין ים אזעלכע ברואים מיט אונגעהייער שטארקע הערנער, מיט וועלכע זיי קענען דורכבויערען ניט נור האָלץ, זאָנדערן אויך דיקען שטאָהל.

— און איך, הערר פראָפעסאָר — האָט לענד געענטפערט — האָב עס ניט געגלויבט און איך וועל עס ניט גלויבען. ניין! עס גיבט ניט א נארוואל מיט אזא שטארקען האָרן, וואָס זאָל קענען דורכלעכערען דיקען שטאָהל.

— ווארום זאָלט איהר עס ניט גלויבען? איך בין פעסט איבערצייגט, אז אזא טהיער וואָס לעבט און בעוועגט זיך פריי טויזענדע מיילען אונטער דיא טיעפענים פון ים, מוז בעזיטצען אזא גבורה אין קערפער, וועלכע מיר קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען.

— מיט וואָס קענט איהר עס בעווייזען?

— הערט נור אויס אויפמערקזאם, מיין טהייערער קענעדע'ר. דיא וויסענשאפט האָט ריכטיג ערקלערט, אז דיא אטמאָספערע, דיא לופט, וואָס מיר פיהלען און קענען ניט אָנטאפען, האָט א וואָג — און א שווערע וואָג. עס איז פעסטגעשטעלט, אז דער דרוק פון דער לופט איז גלייך צו דעם דרוק פון א זייל וואסער 32 פוס הויך. ים וואסער איז אייגענטליך שווערער פון טייך אָדער קוואַל וואַסער, און מיר דאַרפען רעכענען, אז אין ווייניגער וויא 32 פוס טיעף

אונזער פריינדשאפט איז אלע מאָל שטארקער געוואָרען און איך בין איהם פערבליבען דער בעסטער גוטער פריינד ביז היינטיגען טאָג, און איך וועל איהם ניעמאלס, ניעמאלס פערגעסען, אָבוואָהל אין אונזערע אנזיכטען און מיינונגען וועגען דעם ריעזען־נארוואל האָבען מיר ניט איינגעשטימט. נעד לענד האָט קיין ברעקעל אמונה געהאט, אז אזא לעבעדיגער נפש עקזיסטירט ערגיץ און ער האָט ניט געוואָלט ריידען דעריבער, ווייל ער האָט עס געהאלטען פאר א באָבע מעשה וואָס פאסט פאר אונוויסענדע מענשען אָדער פאר קליינע קינדער. ווען איך האָב אמאָל עטוואָס אָנגעהויבען ריידען וועגען דער משונה'דיגער ים־בריאה, האָט ער געזוכט אָבצואווענדען מיך פון דיעזען געשפרעך און ער פלעגט אָנציהען א געשפרעך וועגען אן אנדער ענין.

אָבער איך האָב געהאלטען פאר מיין פפליכט אריינצוריידען מיט מיין פריינד טיעפער אין דעם ענין פון דעם נארוואל. און איינמאָל אין א שעהנעם, פראכט־פאָלען אבענד, דעם דרייסיגסטען יוני, דאָס הייסט, דריי וואָכען נאָכדעם וויא מיר זיינען אָבגעפאָהרען פון ניו יאָרק, האָב איך בעשלאָסען עס דורכצופיהרען. אונזער שיף האָט זיך דאמאָלס געפונען געגען דעם בארג־שפיטץ פון קייפ בלאנק, דרייסיג מייל פון דיא ברעגעס פון פאטאגאָניען. מיר האָבען געקענט רעכענען, אז אין אכט טעג ארום וועט דיא "אייבּרעהעם לינקאָלן" אריין אין דיא וואסערען פון דעם שטילען אָקעאן.

איך און נעד לענד זיינען זיך געזעסען אויף דעם הינטערשטען טהייל פון שיף און מיר האָבען געפלוידערט וועגען פערשיעדענע געגענשטאנדען און אנגעלעגענהייטען, און רעדענדיג וועגען דעם געהיימניספאָלען ים מיט זיינע טיעפעניסען, וועלכע קיין מענשליכע אויג האָט נאָך קיינמאָל ניט בעאָבאכטעט, האָב איך אָנגעפאנגען פיהרען א געשפרעך וועגען דעם ריעזען־נארוואל און געפרעגט לענד'ס מיינונג, אויב מיר וועלען איהם קענען בעזיעגען. לענד איז געזעסען שטיל, האָט מיך אויסגעהערט, אָבער ער האָט א וואָרט ניט געענטפערט.

— אָבער זאָגט מיר, פריינד — בין איך ענדליך צו איהם צוגעשטאנען — גלויבט איהר ווירקליך ניט אין דער עקזיסטענץ פון דיעזען אונגעהייער גרויסען טהיער, וועלכען מיר האָבען אונטערגענומען צו פערפאָלגען? און ווארום זייט איהר דער איינציגער אויף'ן שיף, וואָס גלויבט עס ניט? קענט איהר דען ערקלערען א ריכטיגען גרונד, קענט איהר דען אָנגעבען א ריכטיגע אורזאכע ווארום איהר גלויבט עס ניט?

דער הארפונער האָט זיך אויף א ווײלע פערטראכט, האָט געקראצט דעם שטערען, אזוי וויא איינער וואָס וויל אויפזאמלען גדאנקען, אָדער עראינערען זיך עפּעס, און האָט געלאסען געענטפערט: פילייכט יא, הערר אראנאקס.

— דאן ערקלערט מיר אייערע אנזיכטען! — האָב איך געזאָגט —

**איך דענק גראדע פערקעהרט, אז אזא מאן וויא איהר, א וואלפיש־פאנגער,**

וואָס אונזער שיף האָט געהאַט, האָבען אויך איהר אויך ניט געפעהלט קיין מענשען וואָס האָבען גוט פערשטאַנען וויא דיא דאָזיגע אינסטרומענטען צו בענוצען. אָבער דער וויכטיגסטער פון זיי אַלעמען איז געווען נעד לענד, וועלכער האָט געהאַט א נאָמען אלס דער קעניג פון אלע הארפּון'ער (וואָס טויטעט וואַל־פישען מיט אן הארפּון).

לענד איז געווען א געבוירענער פון קענעדע. אין זיין געפעהרליכע פּראָ־פעסיאָן אלס וואַלפיש־פאַנגער איז צו איהם קיין גלייכען ניט געווען. ער איז געווען זעהר געשיקט און האָט געהאַט בכח צו ווארפען זיין הארפּון פון גאַנץ ווייט און אימער טרעפען אין ציעל. דיא מעכטיגסטע ים־בּרואים, דיא קליגסטע וואַלפישען אָדער אנדערע גרויסע בעשעפעניסען פון ים האָבען זיך פון נעד לענד'ס הענד ניט געקענט אויסדרעהען. זיין קאַלטבלוטיגע העלדענמוטה און זיין קלאָרע און פּינקטליכע בערעכענונג אין צייט פון גרעסטען געפאהר, האָט איהם געגעבען דיא מעגליכקייט צו קעמפּפען געגען דיא שטאַרקסטע ים־טהיערע.

דיעזער לענד איז געווען א מאַן פון א יאָהר פּיערציג. ער איז געווען א ריעז פון אריבער זעקס פוס הויך און זעהר קרעפטיג געבויט. ער איז געווען א מאַן פון שטילען כאַראַקטער, מיט אן ערנסטע מינע אויף'ן פּנים און ער האָט גאַנץ וויניג גערעדט. אָבער וויא שטיל ער איז געווען, איז ער אָפטמאָל געווען היטציג, נאָך צופיעל היטציג, און מען האָט איהם גאַנץ לייכט געקענט אויפרייצען צום גרעסטען צאָרן.

אלע קענעדע'ר האַלטען זיך פאַר פראַנצויזען. נעד לענד האָט זיך אויך געהאַלטען פאַר א פראַנצויז, און מיט רעכט האָט ער זיך געקענט רעכענען אלס פראַנצויז, ווייל זיינע עלטערען האָבען זיך בעזעצט אין קוויבעק, נאָך אין יענע צייט, ווען דיעזע שטאָדט האָט בעלאַנגט צו פראַנקרייך. און אָבוואָהל קוויבעק און גאַנץ קענעדע איז נאָכדעם איבערגעגאַנגען צו ענגלאַנד און עס איז דאָרט איינגעפיהרט געוואָרען דיא ענגלישע שפּראַך און ענגלישע זיטען, דאָך האָט לענד מיט פערגעניגען בענוצט יעדע געלעגענהייט צו ריידען דיא פראַנ־צויזישע שפּראַך. און אָבוואָהל ער איז געווען א מענש פאַר זיך און ער האָט אויסגעמיטען דיא קאָמפּאַני פון דיא מאַנשאַפט פון שיף, האָט ער אָבער מיך אנערקענט אלס לאַנדסמאַן און אין א קורצע צייט איז ער צו מיר צוגעבונדען געוואָרען און ער האָט ליעב געהאַט צו פערברייינגען און צו אונטערהאַלטען זיך מיט מיר. איך פלעג אויך מיט גרויס אינטערעס צוהערען זיינע ערצעהלונגען וועגען דיא מערקווירדיגע רייזען וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דיא ווייטעסטע געגענדען פון אייז־מעער און אנדערע ימים און פון דיא שרעקליכע פּאַסירונגען און בעגעבענהייטען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט.

זיינע ערצעהלונגען און שילדערונגען זיינען געווען זעהר שפּאַנענד און פּאָעטיש און איך האָב זיי שטענדיג אויסגעהערט מיט פערגעניגען,

אָפטמאָל דורכריידען צווישען זיך און זיך האלטען עצות, וויא אזוי אָנצוגרייפען דעם מזיק, ווען מען וועט איהם אָנטרעפען. אז אזא מזיק איז גאָר ניטאָ, דאָס האָט זיך זיי ניט געלאָזט גלויבען. זיי האָבען דארום געהאלטען זייערע אויגען אָפען און ניט אויפגעהערט אכטונג צו געבען אויף'ן ים פון אלע זייטען, פיליכט וועלען זיי האָבען דאָס גליק צו דערזעהן דעם נארוואל. דיא ארבייט פון האלטען וואך איז זעהר ניט קיין אנגענעהמע, און איינפאכע מאטראָזען ווילען זיך דערפון אויך אויסקויפען, יעצט אָבער האָט עס יעדער אָפיציער מיט פערגניגען ערפילט. אויך דיא מאטראָזען האָבען גאנצע טעג ניט אויפגעהערט צו קלעטערען אויף דיא הויכע מאסטען, אום זיי זאָלען קענען וואָס וויטער זעהן, אָבוואָהל דיא שיף איז נאָך געווען גאנץ ווייט פון יענע וואסערען, וואו מען האָט לעצטענס דיא משונה'דיגע בריאה געזעהן.

חוץ דעם וואָס יעדער איינער פון דיא מאנשאפט פון דער "אייברעהעם לינקאָלן" האָט געוואָלט זיין דער העלד פון טאָג און זיין דער ערשטער צו ענטדעקען דעם נארוואל, איז געווען נאָך אן אורזאכע וואָס האָט זיי געבראכט דערצו, אז זיי זאָלען מיט אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט אויסקוקען דעם "מאָנסטער", נעמליך; דער פרייז וואָס דער קאָמאנדיר האָט בעשטימט פאר דעם יענינגען וואָס וועט געבען דעם ערשטען סיגנאל, אז דער נארוואל זעהט זיך. צוויי טויזענד דאָלאר האָט פאראגוט בעשטימט פאר דיעזער בשורה — א סומע וואָס איז ניט אזוי לייכט צו פערדיענען, ניט נור פאר א מאטראָז, זאָנדערן אויך פאר אן אָפיציער. דער לוסט צו דיאביידע זאכען: צו געלד און צו כבוד, האָט זיי אלעמען געפיהרט דערצו, אז זיי זאָלען אנשטרענגען זייערע בליקען און האלטען אויסגעשטרעקט זייערע אויגען אויף דעם ברייטען, ווייטען ים.

וואָס אנבעלאנגט צו מיר, בין איך נאטירליך אויך ניט געבליבען הינטערשטעליג אין דיעזער הינזיכט. איך האָב אויך מיט גרויס אינטערעס בעאָבאכטעט דעם ים. נור קאָנסייל, מיין קאלטבלוטיגער דיענער, האָט קיין אנטהייל גענומען אין דיא אלגעמיינע בעגייסטערונג. ער איז אימער געשטאנען פון ווייטען, אזוי וויא דיא גאנצע זאך זאָל מיט איהם קיינע שיכות האָבען.

וויא געזאָגט, איז אונזער שיף געווען פערזאָרגט מיט אלערליי ווערקצייגען און מאשינערי וואָס זיינען נויטיג אזא מעכטיגע חיה צו טויטען. עס האָט קיין זאך ניט געפעהלט. אָנפאנגענד פון א הארפון (אזא מין שפיעז, וואָס ווערט בענוצט צו טויטען וואלפישען) וואָס מען ווארפט מיט'ן האנד, ביז דיא גרעסטע קאנאָנע, וואָס ווארפט צעהן פונטיגע עקספלאָזיאָן קוילען אויף מיילען ווייט, איז אין שיף אלעס געווען. קיין שיף וואָס פאָהרט אויף וואלפישען יאגד איז קיינמאָל געווען אזוי גוט בעוואפענט וויא דיא "אייברעהעם לינקאָלן".

**אויסער דיא מאָדערנסטע, דיא קינסטליכסטע געצייג און אפאראטען**

ניו דזשוירזי, וואָס זיינען פערגומען מיט פראכטפאָל שעהנע געביידעס און רייכע ווילאַס. אויך דאָרט האָט מען אונז ווארים בעגריסט און אויך דאָרט האָבען טויזענדע מיילער הוררא געשריען. מיר זיינען דאן פארביינעפּאָהרען דיא פאָרטס (פעסטונגען), וועלכע האָבען אונז בעגריסט מיט קאנאָנען שיסע. דיא "אייבערעהעם לינקאָלן" האָט געענטפערט מיט אויפהויבען דיא אמעריקא־נער פלעג מיט דיא 39 שטערן, דריי מאָל.

דאן האָט אונזער שיף אָנגעהויבען געהן שנעלער און שנעלער. אום אכט אוהר אבענדס זיינען דיא ארומיגע אינזלען פערשוואונדען געוואָרען פון אונ־זערע אויגען און דיא "אייבערעהעם לינקאָלן" איז דאן מיט פולער דאמפף־קראפט ארייננעפּאָהרען אין אטלאנטישען אָקעאן.

דיא שיפען און שיפלאך וואָס האָבען אונז בעגלייט זיינען נאָכגעפּאָהרען ביז אונזער שיף האָט דערגרייכט דעם ים.

4טעס קאפיטעל

# דער אפּיקורוס

קאפּיטאן פאראגוט איז געווען א געניטער און טיכטיגער זעע־מאן. ער האָט זעהר גוט געוואוסט וויא צו פיהרען א שיף און ער איז געווען זעהר אי־בערגעגעבען צו זיין אמט. פאראגוט און זיין שיף זיינען געווען איינס. ער איז געווען דאָס לעבען, דיא נשמה פון דער שיף. דער ערפאהרענער ים־רייזענ־דער האָט ניט אָנגעהויבען צו צווייפלען, אז אין ים עקזיסטירט ווירקליך אן אונגעהייער גרויסע בעשעפּעניס. זיין אמונה אין דעם איז געווען אזוי שטארק, אז ער האָט ניט ערלויבט מען זאָל וועגען דעם ויכוחים האָבען. איבער א זאך וואָס מען ווייס אויף זיכער, דארף מען ניט דיסקוטירען. איבער אן ענין וואָס איז פעסטגעשטעלט, דארף מען קיין רייד ניט ארויסוואַרפען. ער האָט אין דעם געגלויבט, ניט ווייל ער איז געווען איבערצייגט, אז אזא בריאה געפינט זיך. קיין ריכטיגע ארגומענטען האָט ער דערויף ניט געקענט אָנגעבען, אָבער ער האָט אין דעם געהאט אמונה, אקוראט אזוי וויא פרומע מענשען גלויבען, אז עס געפינט זיך ערגיץ א לויתן אָדער א שור הבר, ניט ווייל זיי אליין האָבען אזעלכע ברואים געזעהען, נור ווייל דאָס איז אן איינגעוואָרצעלטע אמונה. פאראגוט האָט געגלויבט באמונה שלמה, אז ער וועט זיין דער שליח פון הימעל צו טויטען דיא געפעהרליכע בריאה און בעפרייען דיא וועלט פון אונזיכערהייט צו פאָהרען אויף'ן ים.

דיא אָפיציערען פון שיף האָבען געהאלטען מיט זייער טשיעף — מיט'ן קאפּיטאן. זיי זיינען אויך געווען איינפערשטאנדען מיט דער מיינונג פון קאָ־מאנדיר, אז א זאָנדערבארער ים־ריעז עקזיסטירט און זיי פלעגען זיך טר

פאקט און אבגעשיקט נאך ברוקלין, וואו דיא פריגאטע איז געשטאנען. איך האב אויך פערזארגט אז אלע זאכען, וואס איך האב איבערגעלאזט זאלען טראנס־פארטירט ווערען נאך פראנקרייך און נאכהער בין איך מיט מיין דיענער אוועק־געפאהרען צו דער שיף.

אומגעפעהר אין א שטונדע ארום זיינען מיר שוין געוועזן אין ברוקלינער נייווי יארד. מיר האבען געזעהן וויא פון דיא גרויסע קוימענס פון דער "אייב־רעהעם לינקאלן" געהט א שווארצער, גערדיכטער רויך און מיר האבען גע־וואוסט, אז דיא קעסלען זיינען שוין אונטערגעהייצט און דיא שיף איז פערטיג אבצופאהרען.

איך בין ארויף אויפ'ן דעק און איך האב זיך פארגעשטעלט פאר'ן קאמאנ־דיר פאראגוט, וועלכער האט מיך זעהר פריינדליך און מיט גרויס כבוד אויפ־גענומען. ער האט געהייסען א מאטראז ער זאל מיר אנציינען מיין צימער, מיט וועלכען איך בין געוועזן העכסט צופריעדען. דאס איז געוועזן זעהר א בע־קוועמע קאיוטע, אין דעם הינטערשטען טהייל פון שיף, ניט ווייט פון דעם גע־וועהר־צימער.

עס האט לאנג ניט געדויערט און מען האט געבראכט אונזער געפעק. איך האב איבערגעלאזט מיין דיענער אויסצופאקען אונזערע קאפערס און אליין בין איך ארויף אויפ'ן דעק בעאבאכטען וויא דיא שיף וועט אבפאהרען.

דיא "אייברעהעם לינקאלן" איז געוועזן גוט אויסגעשטאטעט און איינ־געריכטעט מיט דיא בעסטע מאשינערי צו טרייבען דיא שיף און מיט אלערליי געצייג און וואפען צו פערפאלגען דעם ריעזען־טהיער. דיא שיף איז געוועזן א שנעלע. זיא האט געקענט מאכען אכטצעהן מייל א שטונדע. אבער געגען דיא שנעלקייט פון יענער זאנדערבארער חיה האט עס געהייסען זעהר לאנגזאם.

עס האט גענומען בלויז א פיערטעל שטונדע צייט, אדער פיעלייכט נאך וויינינגער, ביז דיא לעצטע קייט, מיט וועלכע דיא שיף איז געוועזן צוגעבונדען צום האפען איז אבגעבונדען געווארען. דער קאמאנדיר האט דאן געגעבען א בעפעהל מען זאל דיא שיף לאזען געהן און באלד האט זיא זיך אנגעהויבען ריהרען פון ברעג.

בעגלייטעט פון פיעלע שיפען, שיפלאך און יאכטען איז אונזער מאיעסטע־טישע שיף געפאהרען פערביי דעם ברעג, וואו הונדערטע טויזענדע מענשען זיינען געשטאנען און אונז בעגריסט און געוואונשען א גליקליכע רייזע. אן אונשעצבארע צאהל טאשען־טיכלאך און היטלען האבען זיך געהויבען אין דער הויך און דיא בעגייסטערטע הוררא געשרייען האבען פערהילכט דיא לופט. דיא בעגריסונגען האבען ניט אויפגעהערט ביז אונזער שיף איז אוועק ווייט פון שטאדט.

מיר זיינען נאכדעם פערביינעפאהרען דיא וואונדער שעהנע ברעגעס פון

נעוועהנליך, האָב איך קיינמאָל מיין איבערגעבענעם דיענער ניט געפרעגט, אויב ער איז איינשטימיג מיטצופאָהרען מיט מיר. אָבער דיעזען מאָל האָב איך געהאַלטען פאר א פפליכט צו פרעגען זיין הסכמה, ווייל עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען א ריזיקאַלישע רייזע. איך האָב גערעכענט, אז עס וועט זיין אן אונרעכט פון מיין זייט, אויב איך וועל איהם פאָראויס ניט זאָגען, אז דיא רייזע וועלכע איך געה אונטערנעהמען איז פערבונדען מיט געפאהרען, ווייל דער "מאָנסטער", דיא אונגעהייער גרויסע און מעכטיגע ים־חיה, געגען וועלכע דיא עקספעדיציאָן פאָהרט קעמפפען, קען נאָך צוברעכען אָדער איבערקעהרען אונזער שיף און מיר קענען פערשלונגען ווערען אין דיא טיעפענים פון ים.

— קאָנסייל! — האָב איך א דריטען מאָל אויסגערופען.

— דער הערר רופט מיך? — האָט ער געפרעגט אריינקומענדיג אין צימער.

— יא, איך רוף דיך. מאך פאָרבערייטונגען פאר מיר און פאר דיר. אין צוויי שטונדען ארום פאָהרען מיר אָב.

— דער וואונש פון דעם הערר זאָל געשעהן.

— קיין מינוט ניט צו פערלירען. פאַק איין רייזע־קליידער און אנדערע נויטיגע בגדים, און מאך עס שנעל.

— און דיא נאַטור־היסטאָרישע זאמלונגען? און דער ווילדער מענש, וואָס דער הערר פיהרט מיט?

— ניין! מיר וועלען אלעס דאָ איבערלאָזען. איך וועל דאָ געבען אן אָרדער, אז מען זאָל דיא אלע זאכען אָבשיקען נאָך פראנקרייך.

— וויא? דער הערר פאָהרט ניט צוריק נאָך פאריז?

— יא, געוויס. אָבער מיר פאָהרען ניט דירעקט אהין. מיר פאָהרען פון דאנען מיט דער קריעגס־שיף "אייברעהעם לינקאָלן".

— אויב עס איז דעם הערר אזוי בעקוועם, בין איך צופריעדען.

— ווייסט דו, מיין פריינד? — האָב איך געזאָגט— דאָ האנדעלט זיך וועגען דער משונה'דיגער בריאה אין ים, וועגען דעם זאָנדערבארען נארוואל, געגען וועלכען אן עקספעדיציאָן פאָהרט אָנפיהרען א מלחמה, און איך, דער פערפאסער פון "דיא געהיימניס פון דיא טיעפענים פון ים", קען זיך ניט צוריקהאַלטען און איך מוז ערפילען דעם וואונש פון קאפיטאן פון שיף און מיטפאָהרען. דאָס איז א גלענצענדע שליחות, וואָס קען פיעל כבוד בריינגען, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך א געפעהרליכע. פיליייכט ווילסט דו אליין פאָהרען צוריק נאָך פראנקרייך?

— ניין! — האָט קאָנסייל געענטפערט — וואוהין דער הערר פאָהרט, פאָהר איך מיט.

אין א פיערטעל שטונדע ארום זיינען אונזערע קאָפערס געוועזען איינגע־

לאָזען טויטען אָדער פאנגען אין דיא איירָאפּעאישע וואסערען נעבען פראנק־רייך? ווען אזא זאך זאָל פּאסירען — האָב איך גערענקט — וועל איך ברייני־גען כאָטש א האלבען יארד פון זיין שטארקען, מעכטיגען האָרן אין פאריזער נאטור־היסטאָרישען מוזעאום און דאָס וועט מיר פיעל עהרע פערשאפען. אָבער דאָס איז געוועזען בלויז א פאנטאזיע. פּאָרלויפיג האָבען מיר געדארפט פאָהרען זוכען דעם געפעהרליכען ים־מזיק אין דיא נאָרד געגענדען פון שטילען אָקעאן, און דורך דיעזען וועג קומען נאָך פראנקרייך איז וויית, זעהר וויית.

גלויבט איהר ווירקליך ניט אין דער עקזיסטענץ פון דיעזען אונגעהייער גרוי־
— קאָנסייל! — האָב איך אונגעדולדיג אויסגערופען.

קאָנסייל איז געוועזען א האָלענדער. ער איז זייט יאָהרען געוועזען מיין טרייער און איבערגעבענער דיענער. ער האָט מיך שטענדיג אויף אַלע מיינע רייזען בעגלייט און ער איז צו מיר געוועזען איבערגעבען מיט ליב און לעבען. איך האָב איהם ליעב געהאט און ער האָט מיך אויך געליעבט. ער איז געוועזען פון נאטור קאַלטבלוטיג, רעגעלמעסיג און פּינקטליך אין זיין ארבייט. קיין זאך האָט איהם ניט אָבגעשראָקען און פון קיין זאך איז ער ניט איבערראשט געוואָרען. ער איז געוועזען שנעל אין זיינע הענד, פעהיג און פלייסיג צו יעדע זאך. ער איז אויך געוועזען זעהר געהאָרכזאם און ער האָט זיך קיינמאָל ניט ענטזאגט צו טהאָן א זאך וואָס איך האָב פון איהם פערלאנגט. קיין עצות אָדער א מיינונג וועגען א זאך האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט געבען, אפילו ווען מען האָט עס פון איהם געפאָדערט.

קאָנסייל האָט מיך בעגלייט זייט צעהן יאָהר. מיר זיינען אומגעפאָהרען אויף וויימע רייזען און ער האָט זיך קיינמאָל ניט בעקלאָגט, אז ער איז מיעד פון וועג. דיא וויימסטע רייזען האָט ער אונטערגענומען מיט פערגעניגען און ער האָט קיינמאָל ניט געצייגט קיין ברעקעל צייכען פון אונצופריעדענהייט. אויסער דעם איז ער געוועזען געזונד און שטארק און זעהר גוט אין כאראקטער. ער איז קיינמאָל ניט געוועזען אויפגערעגט. שטענדיג גוטמוטהיג, איבערלעגט און געלאסען. ער איז געוועזען א יונגער מאן פון דרייסיג יאָהר. איך בין דא־מאָלס געוועזען מיט צעהן יאָהר עלטער פון איהם.

אָבער איין פעהלער האָט מיין טרייער דיענער געהאט, וואָס ער האָט צו מיר שטענדיג גערעדט אזוי וויא וועגען א דריטע פערזאָן. זיין אויסדרוק איז שטענדיג געוועזען: „וואָס ווינשט דער הערר?" „דער הערר רופט מיך?" און דאָס גלייכען. דאָס פלעגט מיר אָפטמאָל איבערדריסיג זיין, אָבער דאָס איז ביי איהם געוועזען א געוואָהנהייט, פון וועלכע איך האָב איהם פאר קיין פאל ניט געקענט אָבגעוועהנען.

— קאָנסייל! — האָב איך ווידער אמאָל אויסגערופען אָנהויבענדיג מאַ־כען פּאָרבערייטונגען צו דער רייזע.

דריי שטונדען איידער דיא קריעגס־שיף איז אבגעפאהרען, האב איך ער־האלטען פאלגענדען בריעף:

"העררן ארנאקס, פראפעסאר פון פאריזער מוזעאום, פינפטע עוועניו האטעל, ניו יארק.

"דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען וואלט העכסט צופריע־דען געווען, ווען איהר וואלט איינשטימען אנצושליסען זיך צו דער עקספעדי־ציאן פון דער שיף "אייברעהעם לינקאלן", וואס פאהרט באלד אב מיט דעם צוועק צו קעמפפען געגען דער משונה'דיגער חיה, וואס איז א גרויסע געפאהר פאר שיפען אויף'ן ים. דער קאמאנדיר פאראגוט האלט פאר אייך א בעזונ־דערע קאיוטע.

"העכסט ערגעבענסט י. ב. האבסאן, מארין־סעקרעטער".

3טעס קאפיטעל

## דיא אונערווארטעטע רייזע

מיט דריי סעקונדען פריהער איידער דער בריעף פון מר. האבסאן איז מיר אנגעקומען, האב איך אזוי פיעל געטראכט צו בעטהייליגען זיך אין דער עקספעדיציאן אויף דער "אייברעהעם לינקאלן", אקוראט וויא איך האב גע־טראכט צו מאכען א רייזע צום נארד פאל. איך האב ניט אנגעהויבען צו דענקען וועגען דעם און מיר איז גאר ניט איינגעפאלען צו דענקען וועגען דעם. אבער דריי סעקונדען נאכדעם וויא איך האב דעם בריעף ערהאלטען, האב איך ניט אנ־געהויבען צו צווייפלען, אז איך וועל דיא איינלאדונג אננעהמען. איך האב גע־פיהלט, אז איך אלס פראפעסאר בין פערפפליכטעט אנטהייל צו נעהמען אין אזא וויכטיגע זאך, מיט וועלכע דיא גאנצע וועלט אינטערעסירט זיך אזוי פיעל.

איך בין אפילו געווען זעהר אויסגעמאטערט פון א לאנגע, שווערע רייזע און איך האב נויטיג געדארפט אויסרוהען. מיר האט זיך אויך שטארק געבענקט אהיים און איך האב וואס גיכער געוואלט קומען אין מיין פאטערלאנד, איך האב וואס שנעלער געוואלט זיין אין מיין ליעבליכען, שטילען וואהנונג און איך בין זעהר גערן געווען צו געניסען פון דיא היימישע בעקוועמליכקייטען. אבער דאס אלעס האט מיך ניט געקענט צוריקהאלטען און איך האב פעסט בעשלאסען מיטצומאכען דיא רייזע צו וועלכע איך בין אויפגעפאדערט געווארען. אום מיט מיינע אייגענע אויגען דיא וואונדערבארע בעשעפעניס צו זעהן.

אויסער דעם, האב איך געטראכט: אלע וועגען פיהרען צוריק נאך איירא־פא. וואו מען זאל ניט זיין, וואו מען זאל ניט אומרייזען אויף'ן ים, קען מען אלץ קומען קיין אייראפא. און פיליי̈כט — איז מיר אריינגעפאלען א געדאנק אין קאפ — וועט דער ריעזען־נארוואל מיר טהאן א טובה און ער וועט זיך

שטארק בעשעפטיגט געוואָרען אין מאכען אלע פאָרבערייטונגען און צוגרייטען אלע נויטווענדיגע זאכען וואָס שנעלער.

אָבער פּונקט דאמאָלס, ווען אלעס איז שוין געווען גרייט צו דער מלחמה, איז דער שונא פערשוואונדען. עס זיינען אריבער מעהר וויא צוויי מאָנאטען און מען האָט פון דער גרויסער ים־בריאה ניט געזעהן און ניט געהערט. דאָס איז געווען א גרויסע ענטטוישונג פאר דיא מאסען מענשען, וואָס האָבען גלאט אויס נייגעריגקייט געוואָלט הערען און וויסען נייעס פון שלאכט־פעלד אין דער קריעג צווישען דיא צוויי מעכטע, דיא "אייברעהעם לינקאָלען" און דער "מאָנס־טער". עס האָט אויסגעזעהן, אזוי וויא דיא ים־חיה האָט געהערט פון דיא פערשוועערונג וואָס מענשען האָבען געגען איהר געמאכט און זיא האָט זיי אָב־געטהאָן א שפּיצעל און זיך בעהאלטען.

פאר דיא הומאָריסטישע צייטונגען האָט זיך גענעפענט א נייע וועלט. זיי האָבען ערשט געהאט איבער וואָס צו מאכען זיך לוסטיג און טרייבען שפּאָס. זיי האָבען פאָרגעשטעלט קאריקאטורען וויא דער נארוואל לעגט צו זיין אויער צו א טעלעפאָן דראָט אונטער'ן ים און הערט זיך צו דיא סודות וואָס ווערען גערעדט געגען איהם דורך קייבעל דעפּעשען. זיי האָבען געדרוקט ליעדלאך און פאראָדיען, וויא דיא גרויסע חיה לאכט און מאכט חוזק פון דעם מענשען, וועלכער האלט זיך פאר'ן בחיר כל היצורים — פאר'ן בעסטען און קליגסטען פון אלע בעשעפעניסען. מיט איין וואָרט: מען האָט זיך געוויצעלט און גע־חכמה'ט, אקוראט אזוי וויא אין אָנפאנג, ווען מען האָט וועגען דעם זאָנדער־בארען געגענשטאנד אין ים אָנגעהויבען ריידען.

דער גרויסער קריעגס־דאמפפער "אייברעהעם לינקאָלן" איז שוין גע־שטאנען פערטיג צו דער רייזע, אויסגעשטאטעט מיט אלע נויטיגע זאכען, אָבער מען האָט ניט געוואוסט נאָך וועלכע געגענד פון ים זיך צו ווענדען. דיא שיף איז געווען אויסגעפּוצט אזוי וויא א כלה צו דער חופּה, אָבער מען האָט ניט געוואוסט וואו דער "חתן" איז הינגעקומען. ענדליך אָבער האָט מען ערהאלטען א ידיעה, אז א דאמפּפער פון סאן פראנציסקאָ ליניע האָט געזעהן דעם זאָנ־דערבארען נפש מיט דריי וואָכען צוריק אין דיא נאָרד וואסערען פון דעם פּא־סיפיק אָקעאן (שטילער מעער).

דיא אלגעמיינע אויפרעגונג איז געוואָרען זעהר גרויס. מען האָט דעם קאָמענדאנט פאראגוט קוים פיער און צוואנציג שטונדען צייט געגעבען צו מא־כען דיא לעצטע פאָרבערייטונגען צו דער רייזע. באלד איז אלעס אם שנעלסטען פערשאפט געוואָרען. מען האָט געבראכט אלע נויטיגסטע מאטעריאלען וואָס האָבען נאָך געפעהלט, מען האָט אָנגעפילט דיא קאָהלען מאגאזינען מיט קאָהלען, דיא גאנצע מאנשאפט פון שיף זיינען צושטעלט געוואָרען יעדער אויף זיין פּאָס־טען און עס איז בלויז פערבליבען איינצוהייצען דעם אויוון און אָבריידזען.

אז דער רעטזעלהאפטער געגענשטאנד אין ים, איבער וועלכען דיא וועלט איז אזוי אויפגערודערט, איז קיין אנדער זאך וויא א גרויס־געוויקסיגער נארוואל".

אין דיא ריכטיגקייט האט מיך מיין הארץ געשראקען, אז דיא אמעריקאנער וועלען אויסלאכען מיין מיינונג און איך וועל ביי זיי פערלירען מיין רעפוטאציע אלס פראפעסאר, אבער איך האב גליקליכערווייזע גראדע ניט געטראפען. מיין ארטיקעל איז גראדע איבעראל אנגענומען געווארען מיט גרויס בייפאל און מיין מיינונג האט פיעל אנהענגער ערווארבען, פיללייכט ניט אזוי פיעל, ווייל זיי האבען געהאלטען מיט מיר, נור צוליעב דעם, ווייל איך האב געעפענט א וועג פאר זייערע פאנטאזיעס צו פערנאנדער שפיעלען זיך און זיי האבען געהאט וועגען וואס צו דענקען און צו פאנטאזירען — א זאך וואס יעדער מענש, זאגאר דער געבילדעטסטער, ליעבט זעהר שטארק.

דער ים איז דער בעסטער ארט פון וועלכען מען קען זעהר פיעל טרוימען און פאנטאזירען. וויפיעל מען ווייס פון ים און דיא בעשעפעניסען וואס ער ענטהאלט, איז ער דאך א פער'חתמ'עטער בריעף און מיר ווייסען ניט גענוי אלעס וואס אין איהם געהט פאר. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, אז דארט זיינען פאראן ברואים, וואס אונזערע עלעפאנטען זיינען געגען זיי אזוי וויא פליעגען, און וואס קען א מענשען'ס פאנטאזיע ניט פארשטעלען?

אבער אזוי צו אזוי, איך בין צופריעדען געווען וואס מיין מיינונג איז אנגענומען געווארען און איך האב צוליעב מיין ערקלערונג קיין חרפות וביושים ניט געהאט.

קורץ, דיא אלגעמיינע צושטימונג, אז א נארוואל, א לויתן אדער וועלכע עס איז אונבעשטימטע געפעהרליכע חיה שפאצירט אום אין ים, האט געפיהרט דערצו, אז מען זאל אם שנעלסטען אנהויבען זוכען מיטלען וויא אזוי דעם אומגעלומפערטען, שרעקליכען ריעז צו פערניכטען. שיפס־קאמפאניעס און גרויסע האנדעלס־פירמאס האבען זיך פעסטער גענומען דיא זאך דורכצופיהרען און אלע צייטונגען האבען וועגען דיעזער אנגעלעגענהייט זעהר פיעל געשריעבען. אין פיעלע לענדער איז מען געווען שטארק בעשעפטיגט אין זוכען פלענער וויא אזוי אנצופיהרען א מלחמה מיט דעם מעכטיגען ים־ריעז.

אבער דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז דיא ערשטע ארויס אויפ'ן פעלד און ערקלערט קריעג געגען דעם ריעזיגען לויתן, און וועהרענד אין אנדערע לענדער האט מען געדענקט און געטראכט וועגען דעם, האט זיך אנקל סעם שוין גענומען צו דער ארבייט. דיא פריגאטע (אזא מין קריעגס־שיף) "אייברעהעם לינקאלן", וועלכע איז געווען איינע פון דיא שטארקסטע און שנעלסטע קריעגס־שיפען, איז בעשטימט געווארען צו פערפאלגען דעם ריעזען־נארוואל. הערר פאראגוט, דער קאמאנדיר פון דיעזער שיף איז באלד

אמאָל מאכען א שפּאציר אין דער הויף אויף'ן וואסער און מיר ווערען ער־שטוינט הערענדיג פון איהר זאָנדערבארע געשטאַלט און שרעקליכע גבורות.

"ווען אָבער, אומגעקעהרט, אז מיר וועלען זאָגען אז דיא נאטור וויסענ־שאפט וויים בעשטימט פון אלע בעשעפעניסע וואָס געפינען זיך אויף'ן ערד־קוגעל, דאן מוזען מיר זאָגען, אז דער "מאָנסטער" וואָס איז לעצטענס געזעהן געוואָרען אין ים איז א בריאה פון וועלכע מיר ווייסען, אָבער זיא איז ענט־וויקעלט געוואָרען אין אן אונגעהייער גרויסע מאָס, אקוראט וויא עס פּאסירט אמאָל, אז א מענש וואקסט אויס העכער, דיקער און קרעפטיגער פון אנדערע מענשען.

"דער געוועהנליכער נארוואל אין ים איז אָפּט ביז זעכציג פוס לאנג.

"אָננעהמענדיג, אז דיא נאטור־וויסענשאפט האָט שוין אלעס ערפאהרען און עס גיבט ניט ערגיץ אזעלכע בעשעפעניסע וואָס זאָלען ניט זיין געגוי בע־שריבען, דאן איז נאָך מיין מיינונג יענע ים־חיה אן אויסערגעוועהנליך ענטוויי־קעלטער נארוואל.

רעכענענדיג, אז א נארוואל איז אויסגעוואקסען פינף אָדער מעהר מאָל אזוי לאנג וויא ער איז געוועהנליך, שטימט עס שוין מיט יענער בריאה וואָס האָט בעשעדיגט דיא "סקאָשא".

"דער נארוואל טראָגט אויף'ן קאָפּ א האָרן וואָס האָט דיא פאָרמע פון א שווערד פון עלעפאנט ביין און איז הארט אזוי וויא דער בעסטער שטאָהל. דער נארוואל בעפאלט זאָגאר אזעלכע גרויסע ים טהיערע וויא א וואלפיש און בעזיעגט זיי. ער קען מיט זיין האָרן דורכבויערען א לאָך אין א שיף און ער האָט עס שוין פיעל מאָל בעוויזען. אין דיא דעקען פון פיעלע שיפען האָט מען געפונען לעכער אזוי וויא דיא שפּונט־לעכער פון א פאס — דאָס איז געוועזן א נארוואל'ס ארבייט. אין א פּאריזער מוזעאום געפינט זיך א האָרן פון דיעזען ים־ריעז. ער איז צוויי יארד מיט א פיערטעל לאנג און פופ־צעהן אינטשעס אין דיאמעטער.

"אצינד, אָננעהמענדיג, אז א נארוואל, אָדער לאָמיר עס רופען "א וואסער־איינהאָרן" איז אייניגע מאָל אזוי גרוים וויא ער איז געוועהנליך, איז זיין האָרן אויך אייניגע מאָל גרעסער וויא ער איז געוועהנליך, און עס קען שוין שטימען מיט דער מאָס פון דעם ברוך אין דעם דאמפּפער "סקאָשא". נא־טירליך, אום דורכצוברעכען אזא דיקע אייזערנע פּלאטע וויא דער דעק פון דער "סקאָשא" פאָדערט זיך אן אונגעהייער שטארקער האסט. דער קלאָפּ האָט געמוזט קומען מיט א שנעלקייט אזוי וויא א קויל וואָס לויפט פון א ביקס אָדער פון א קאנאָנע, און דאָס איז דאָך בעשטעטיגט, אז דיא זאָנדערבארע ים־חיה שווימט ווירקליך אונבעגרייפליך שנעל. שליסליך, קען מען שטארק גלויבען,

בענדער, אונטער דעם נאָמען: "דיא געהיימניסע פון דיא טיעפענים אין ים". דיא געלעהרטע וועלט האָט מיין בוך גוט אויפגענומען און מען האָט מיך אנערקענט אלס ספעציאליסט אין דער וויסענשאפט פון ים־ברואים. מען האָט דארום פיעל געוויכט געלייגט אויף מיין מיינונג אין דיעזער פראגע און מען האָט אונגעדולדיג ערווארטעט מיין אנטוואָרט. איך האָב זיך אייגענטליך ענטזאגט צו זאָגען עטוואָס דעריבער, ווייל איידער געבען אן אונבעשטימטע תשובה איז גלייכער צו שווייגען. אָבער מען האָט מיך נים אָבגעלאָזט און מען האָט מיך איינפאך געצוואונגען, אז איך זאָל עפענטליך ארויסזאָגען וואס איך מיין און וואָס איך דענק וועגען דעם געפעהרליכען געגענשטאנד אין דיא גרויסע וואסערען פון דער וועלט.

דיא "ניו יאָרק העראָלד" האָט מיך, "דעם עהרענווירדיגען פיער אראָ־נאקס, פּראָפעסאָר פון פּאריזער מוזעאום" אויפגעפאָדערט, אז איך זאָל מיין מיינונג ארויסזאָגען. אנדערע צייטונגען האָבען אויך דאָס זעלבע פון מיר פער־לאנגט און איך האָב זיך מעהר ניט געקענט צוריקהאלטען און געמוזט עטוואָס זאָגען, געגען מיין אמת'ן ווילען.

איך האָב אָנגעשריבען א לאנגען ארטיקעל, אין וועלכען איך האָב בע־האנדעלט דיא פראגע לויט מיין ערפאהרונג, שכל און מיינע ידיעות אין ווי־סענשאפט האָבען מיר דיקטירט. דער ארטיקעל איז פערעפענטליכט געוואָרען דעם 30טען מאי. מיין ערקלערונג איז הויפּטזעכליך בעשטאנען פון פאָלגענ־דעם:

"נאָכדעם וויא איך האָב נאָכגעדענקט וועגען אלע מיינונגען וואָס זיינען ביז איצט אויסגעשפּראָכען געוואָרען, איז אם ריכטיגסטען צו גלויבען, אז אין ים לעבט אזא מין משונה'דיג גרויסע און מעכטיגע חיה, וועלכע האָט בכח צו שעדיגען דיא גרעסטע און שטארקסטע שיפען און זאָגאר צו מאכען זיי זינ־קען אין אָבגרונד.

"דיא טיעפענים פון ים איז נאָך ביז איצט ניט אויסגעפאָרשט געוואָרען. מען קען דעם גרונד פון ים ניט ערגרייכען און מיר קענען ניט וויסען געננוי וואָס עס טהוט זיך טויזענדע מיילען אונטער'ן וואסער. מיר קענען ניט וויסען בעשטימט וואָס פאר א מינים חיות דאָרט לעבען און וועלכע עס קענען דאָרט לעבען. עס ווענדעט זיך אָן דעם: קענען מיר געננוי אלע ברואים וואָס לעבען אויף אונזער פלאנעטע — דיא ערד, אָדער מיר קענען זיי נאָך ניט? אויב דיא נאטור־וויסענשאפט גיבט נאָך פאר אונז אירגענד וועלכע אונערקלערליכע געהיימניסע אויף אונזער וועלטעל, דאן מוזען מיר גלויבען, אז אין ים זיינען זיכער פאראן פיעלע ברואים, פון וועלכע מיר האָבען קיין בעגריעף. זיי לעבען דאָרט אונטען טיעף, זעהר טיעף און מיר קענען זיי ניט זעהן אָדער עטוואָס וויסען וועגען זיי. עס קען דארום פּאסירען, אז איינע פון יענע ברואים פערגלוסט זיך

אויף'ן שכל: ענטוועדער דאָס איז א משונה'דיגע בריאה, פון וועלכע דיא ווי־סענשאפט האָט נאָך ניט ערפאהרען, אָדער אזא מעכטיגע פעסטע שנעל־שיף, וואָס לויפט אונטער'ן וואסער.

אָבער ביי דער לעצטער ערקלעהרונג האָט מען אלץ ניט געקענט פערבליי־בען. אין דער עקזיסטענץ פון אזא שיף האָט מען געקענט גלויבען. מעגליך אז דיא ארכיטעקטור און דיא מעכאניק האָבען אזא שיף געשאפען; דיא פראגע האָט זיך אָבער געשטעלט: ווער האָט דיא שיף געבויט? וואו האָט מען זיא געבויט? פאר א פריוואט פערזאָן איז אויסבויען אזא ריעזען־שיף אן אונמעג־ליכע אונטערנעהמונג. אזא זאך דארף קאָסטען אוצרות מיט גאָלד, פיעל אר־בייטס־קראפט און גרויס קונסט, און ווען אפילו עס געפינט זיך ערגיץ אזא רייכער, ענערגישער מאן, אָדער זאָגאר א רייכע קאָמפּאני וואָס קען אונטער־נעהמען אזא ריעזען־ארבייט, קען דאָך אָבער ניט זיין, אז אזא מערקווירדיגע געביידע זאָל אויפגעבויט ווערען אין געהיים. מען האָט דאָך אזא זאך ניט געקענט אויסבויען אין א פערבאָרגענעם צימער, דאָס דארף דאָך פערנעה־מען אן אונגעהייער גרויסען פּלאַץ, היינט וויא אזוי האָט עס געקענט פער־בלייבען א נעהיימנים פאר דער וועלט? עס איז זיכער, אז ווען אזא שיף וואָלט געבויט געוואָרען וואָלט מען דערפון געוואוסט נאָך איידער עס וואָלט געווען פערטיג.

אננעהמענדיג וויערער, אז א רעגיערונג האָט עס געבויט, קען דאָך געווים ניט זיין, אז דיא וועלט זאָל ניט האָבען געוואוסט דערפון. א רעגיערונג טהוט קיין זאך ניט בסוד, בפרט אזא גרויסע אונטערנעהמונג, וואָס איז פערבונ־דען מיט אונגעהייער גרויסע קאָסטען, וועט קיין רעגיערונג ניט אונטערנעהמען אָהן דעם וויסען פון פאָלק אָדער איהרע פערטרעטער. און אָננעהמענדיג אפילו, אז א רעגיערונג האָט עס געטהאָן הינטער דעם פאָלק'ס פּלייצעס, שטעלט זיך דאָך אלץ דיא פראגע: וויא אזוי האָט מען עס געקענט בעהאלטען אין דער צייט פון בויען, און וויא אזוי האָט מען עס ארונטערגעלאָזט אין וואסער און מען זאָל דערפון ניט וויסען?

מען האָט פון דעסטוועגען געמאכט נאָכפאָרשונגען אין ענגלאנד, רוסלאנד, פראנקרייך, דייטשלאנד, איטאליען, שפאניען און אין אנדערע אייראָפּעאישע, אמעריקאנישע און אזיאטישע לענדער און איבעראל האָט מען ערקלערט, אז אזא שיף איז אין זייערע לענדער ניט געבויט געוואָרען, ניט פון פריוואט אונ־טערנעהמער און ניט פון דיא רעגיערונגען.

נאָך מיין אָנקומען אין ניו יאָרק האָבען אייניגע בעוואוסטע מענער זיך גע־ווענדעט צו מיר, איך זאָל זאָגען מיין מיינונג וועגען דער זאָנדערבארער בריאה אין ים. מיין נאָמען אלס פּראָפעסאָר איז געווען גוט בעקאנט. נאָך מיט איי־ניגע יאָהר צוריק איז אין פראנקרייך ערשיענען מיינס א ווערק אין צוויי גרויסע

שע רעגיערונג האָט מיך, אלס אסיסטענט פּראָפעסאָר אין מוזעאום אָוו נייטשו־ראל היסטאָרי, געשיקט אויף א רייזע פאר א וויסענשאפטליכען צוועק. נאָכ־דעם וויא איך האָב אין נעבראסקאָ פערבראכט אריבער זעקס מאָנאטען צייט בין איך צוריק געקומען אין ניו יאָרק אין ענדע פון מאָנאט מערץ, אָנגעלאָדען מיט פערשיעדענע קאָסטבארע זאמלונגען. איך האָב זיך געדארפט אומקעהרען צוריק נאָך פראנקרייך אין אָנפאנג פון מאָנאט מאי. דערווייל בין איך געווען בעשעפטיגט אין קלאסיפיצירען מיינע זאמלונגען, איינטהיילען אלעס אין ריכטיגען אָרדנונג, לויט דיא פערשיעדענע קלאסען פון נאטור וויסענשאפט, נעמליך: דאָס וואָס בעלאנגט צו זאָאָלאָגיע (וויסענאשפט פון לעבעדיגע ברואים) בעזונדער, באָטאניק (וויסענשאפט פון פלאנצונגען) בעזונדער און אזוי ווייטער. און וועהרענד איך בין געווען בעשעפטיגט מיט דיעזער ארבייט, האָט פּאסירט דיא זאָנדערבארע סבה מיט'ן דאמפפער "סקאָשא".

איך בין געווען גוט בעקאנט מיט דער פראגע וועגען דעם מעכטיגען, פאר דער וויסענשאפט אונבעשטימטען ים־ריעז, וואָס איז דאמאָלס געוואָרען א וויכטיגע טאגעס פראגע. איך האָב וועגען דעם פיעל געלייענט אין אמעריקאַ־נישע און אייראָפּעאישע צייטונגען און מיך האָט עס שטארק פעראינטערע־סירט. דאָס איז פאר מיר געווען א זאָנדערבארע טיעפע רעטענים, איבער וועל־כע איך האָב קיין מיינונג ניט געקענט ארויסגעבען. איך האָב זיך דארום ניט בעטהייליגט אין דער ליטעראַרישער מלחמה וואָס איז מיט מאָנאטען צוריק אָנגעגאנגען וועגען דעם אומגעלומפּערטען געגענשטאנד אין ים. אָבער איך בין דורכאויס גענייגט געווען צו גלויבען, אז דאָס איז עפּעס און אז קיין אויס־געטראכטע זאך איז עס זיכער ניט.

ווען איך בין געקומען נאָך ניו יאָרק און איך האָב ערפאהרען וועגען דעם פאל מיט דער שיף "סקאָשא", איז מיר דיא זאך געוואָרען מעהר אינטערעסאנט. אָבער איך האָב אלץ ניט געקענט בעשטימען וואָס דאָס איז אזעלכעס. איך האָב געהערט פערשיעדענע מיינונגען וועגען דעם. מאנכע האָבען געזאָגט, אז דער אונבעוואוסטער געגענשטאנד איז א שווימענדער אינזעל; אנדערע זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז דאָס איז א שטיק פון א צובראָכענע שיף, און אנדערע האָבען ארויסגעטראכט פערשיעדענע אנדערע בויך סברות. אָבער קיינע פון דיא בעהויפּטונגען האָבען זיך ניט געלאָזט גלויבען, ערשטענס, ווייס נאָך דיא וויסענשאפט ניט פון שווימענדע אינזלען און אויב אפילו אזעלכע זאָלען יא עקזיסטירען, איז דאָך אונמעגליך, אז זיי זאָלען אזוי שנעל שווימען און א צובראָכענע שיף וואָלט זיכער אזעלכע קונצען ניט בעוויזען. א צובראָכענע כלי קען דאָך זיכער ניט אויפטהאָן דאָס וואָס א גאנצע כלי איז ניט אימשטאנד אויפצוטהאָן.

**צוויי מיינונגען זיינען בלויז פערבליבען וואָס האָבען זיך מעהר געלייגט**

אין דעק איז דורכגעשניטען א לאָך. צום גליק איז דיעזע אַבטהיילונג געווען ווייט פון קעסעל, זאָנסט וואָלט געקענט געשעהן אן עקספּלאָזיאָן און דיא שיף וואָלט פיליכט צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקלאָך.

דער קאפּיטאן האָט געהייסען אַבשטעלען דיא שיף און מען האָט זיך אראָבגעלאָזט אין וואסער אונטער'ן דעק אונטערצוזוכען אויף וויפיעל דיא שיף איז בעשעדיגט. עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אז דאָרט איז אזוי וויא פון א שארפען אינסטרומענט אויסגעהאקט געוואָרען א לאָך צוויי איילען גרויס. דיא וויטערע רייזע האָט שוין דיא שיף ניט געקענט מאכען מיט איהר געוועהנליכע שנעלקייט און דיא "סקאָשא" איז אָנגעקומען אין ליווערפּול מיט דריי טעג שפּעטער וויא אימער.

מען האָט דיא בעשעדיגטע שיף ארויפגעשלעפּט אויף א דאק און אינזשינירען האָבען בעאָבאכטעט דעם צובראָכענעם פּלאץ אין איהר. דיא אינזשינירען האָבען זייערע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. זיי האָבען דייטליך געזעהן, אז דיא לאָך איז ניט געקומען פון א קלאפּ אָן א שטארקען פעלז. עס איז געווען אויסגעשניטען אזוי וויא מיט א שארפען אינסטרומענט. אָבער ווער האָט אזוי געקענט אויסשניידען אן אייזערנע פּלאטע, אן אינטש מיט דריי פיערטעל דיק? און מיט וואָס פאר אן אינסטרומענט האָט מען עס געקענט מאכען? דאָס האָט קיינער ניט געקענט פערשטעהן. מען האָט דארום געמוזט צוגעבען, אז אין ים געפינט זיך אזא בעשעפעניס וואָס קען בעווייזען אזא זאך און אלע האָבען אָנגעהויבען גלויבען, אז דיא אומגעלומפּערטע ים־בריאה אָדער לויתן, וועגען וועלכע מען האָט אזוי פיעל גערעדט און געשריבען, עקזיסטירט אין דיא ווירקליכקייט און זיא איז פעראנטוואָרטליך פאר דעם שאדען פון דער "סקאָשא".

מען האָט דאן אָנגעהויבען גלויבען, אז דער אונבעקאנטער "ים־מאָנסטער" איז פעראנטוואָרטליך פאר דיא הונדערטע אָדער טויזענדע שיפען וואָס געהען פערלאָרען אויף'ן ים יעדעס יאָהר און א שטארקע בעוועגונג האָט זיך אָנגעפאנגען צו זוכען מיטעל וויא אזוי לויז צו ווערען פון דער פירכטליכער בעשעפעניס, וועלכע מאכט דעם פערקעהר אויף'ן ים אונזיכער.

דיא קונארד ליין קאָמפּאני איז געשטאנען אן דער שפּיצע פון דיעזער בעוועגונג.

2טעם קאפּיטעל

# מלחמה געגען דעם לויתן

אין דער צייט ווען דיא דערמאָהנטע בעגעבענהייטען האָבען פּאסירט, בין איך געקומען צוריק נאָך ניו יאָרק פון נעבראסקאָ, וואוהין דיא פראנצויזי־

זיי זיינען געווען זיכער, אז עטוואס אן אונגעהייער גרויסער געגענשטאנד איז דארט דורכגעשוואומען.

דיעזער פאקט, אבוואהל ער איז גענוג צו שענקען אויף איהם ערנסטע אויפמערקזאמקייט, וואלט פיליכט פערגעסען געווארען אזוי וויא דיא פרי־העריגע פאקטען וואס מען האט דערצעהלט וועגען דער זאנדערבארע ים בריאה. אבער אין דריי וואכען ארום האט וויעדער פאסירט א פאל אונטער עהנליכע אומשטענדען. דיעזען מאל האט עס בעריהרט א קאמפאני, וועלכע האט זיך שטארק גענומען בעהאנדלען דיא פראגע זעהר ערנסט און א גרויסער טהייל פון דער וועלט איז אויפגערודערט געווארען.

דער קרבן פון דער אונבעקאנטער בריאה איז ערשט געווען דיא שיף "סקאשא" פון דיא קונארד ליין קאמפאני. דיעזע קאמפאני, געגרינדעט פון דעם בעריהמטען ענגלישען שיפס־מאגנאט קונארד, האט געהאט א נאמען. איהרע שיפען האבען געמאכט דיא ווייטעסטע רייזען איבער'ן ים. דיא קונארד ליין קאמפאני עקזיסטירט היינט אויך און דער פערקעהר פון איהרע שיפען איז זעהר גרויס. דיא "סקאשא" איז געווען א שטארקע שיף. זיא איז געווען גוט געפאנצערט און איהרע אינדזשענס זיינען געווען פון בעסטען סארט.

דאס איז געווען דעם דרייצעהנטען אפריל, 1867. דיא "סקאשא" איז גע־פאהרען איבער'ן אטלאנטישען ים. דאס וועטער איז געווען שעהן, דער ים רוהיג און דיא שיף האט זיך געגליטשט מיט פולע שנעלקייט. נאך פיער דעם זייגער פאר נאכט, ווען דיא פאסאזשירען זיינען געזעסען אין שפייז־זאאל ביים טיש, האט מען פלוצלינג דערפיהלט אן אויסערגעוועהנליכען שטויס, אזוי וויא יעמאנד זאל אונטער'ן וואסער דורכשניידען אדער דורכבויערען דעם דעק פון דער שיף. אנפאנגס האט זיך קיינער ניט געקימערט וועגען דעם, ווייל דער שטויס איז געווען אזוי לייכט, דאס אלע זיינען פערבליבען זיצען אויף זייערע פלעצער און זאגאר דיא כלים וואס זיינען געשטאנען אויף'ן טיש האבען זיך כמעט ניט בעוועגט. קיינער האט ניט געדענקט, אז דאס זאל זיין פער־בונדען מיט אירגענד וועלכע געפאהר.

אבער באלד האט איינער פון דיא שיפס־אנגעשטעלטע אויסגעשריען: "מיר זינקען! מיר זינקען!" אלע האבען זיך צושראקען און אין שיף איז געווארען א גרויסע מהומה. אבער קאפיטאן אנדערסאן האט אלעמען בערוהיגט, ערקלערענדיג, אז אויף'ן ערגסטען פאל קען מיט דער שיף אזוי גיך קיין געפאהר ניט זיין, ווייל זיא איז איינגעטהיילט אין זיעבען אבטהיילונגען, וועלכע זיינען אבגעצאמט מיט שטארקע אייזערנע ווענד און ווען אפילו וואסער זאל אריינ־דרינגען אין איינע פון דיא אבטהיילונגען, קען עס זיכער ווייטער ניט קומען.

דער שיפס־קאפיטאן איז ארונטערגעגאנגען טיעפער אין שיף און ער האט אויסגעפינען, אז דאס וואסער דרינגט אריין אין דיא פינפטע אבטהיילונג, וואו

פערט מיט דעם בעוואוסטען ווערטעל פון דעם גרויסען שוועדישען באָטאניקער ליננאָעאוס, אז "דיא נאטור בעשאפט קיינע דומקעפ". געוועהנליך, האָבען זיך דיא, אויף ווענען דער שפרוך איז געווען געציעלט, שטארק בעליידיגט דערפון, אָבער זיי האָבען זייער קאמפף ניט אויפגעגעבען, ביז ענדליך איז אן אלגעמיין בעליעבטער סאטירישער זשורנאל ארויס מיט א לאנגען סאטירישען ארטיקעל, אין וועלכען ער האָט אָבגעשפּאָט און אויסגעלאכט דיא גאנצע גע־שיכטע און מען האָט זיך געשעהמט וועגען דעם ווייטער צו ריידען און דיא דיספוטען וועגען דיא אונבעוואוסטע ים־חיות זיינען שטיל געוואָרען.

דער וויטץ האָט בעזיעגט דיא וויסענשאפט.

א קורצע צייט איז שטיל געווען, אָבער נאכהער האָט מען זיך ארומגעזעהן, אז מיט שווייגען און אויך מיט חכמות און וויטצען קען מען דיא פראגע ניט פטור'ן, ווייל זיא איז געוואָרען צו ערנסט און זיא מוז ערנסט בעהאנדעלט ווערען, ניט פון דעם וויסענשאפטליכען שטאנדפונקט וועגען דעם עקזיסטענץ פון דער משונה'דיגער בריאה אין ים, ווייל עס איז שוין מעהר קיין צווייפעל געווען, אז אזא חיה עקזיסטירט; אָבער מען האָט געדארפט דיסקוטירען און זוכען מיטעל וויא אזוי צו פערהיטען אונגליקען וואָס זיא האָט געקענט פער־אורזאכען צו שיפען אויף'ן ים. דאָס מערקווירדיגע בעשעפענים האָט ענדליך בעשטימט בעוויזען, אז זיא איז ניט קיין אינזעל, ניט קיין פעלז, זאָנדערן אן אונבעשטימטעס לעבעדיגעס וועזען, א מין לויתן, פאר וועלכען מען מוז זעהר פאָרזיכטיג זיין.

דעם פינפטען מערץ פון דעם פאָלגענדען יאָהר, 1867 האָט זיך דיא שיף "מאָראוויאן" פון דיא מאָנטרעאָל אָושען קאָמפּאני אָנגעשטויסען אָן עפּעס א זאך אונטער'ן וואסער אין אזא פלאַץ, וואו נאָך דער ים־קארטע איז קיינמאָל קיין פעלז ניט געווען. דער שביים איז געווען זעהר א שטארקער. ווען אן אנדער שיף בעקומט אזא קלאפּ, וואָלט זיא זיכער געזונקען. אָבער דיא "מאָראוויאן" איז געווען איינע פון דיא בעסטע דאמפפערס, פעסט געבויט און האָט געהאט א פיער הונדערט פערד קראפט, און צו פערדאנקען איהר שטארקייט און שנעל־קייט האָט זיא זיך גערעטעט צוזאמען מיט דיא 237 פּאפּאזשירען וואָס זיינען אויף איהר געווען. דער אונטערשטער דעק פון שיף איז שטארק בעשעדיגט געוואָרען. אָבער מען האָט עס ניט געוואוסט ביז דיא שיף איז אָנגעקומען אין איהר האפען אין קענעדע.

דיא סבה האָט פּאסירט אום פינף דעם זייגער בעגינען. דיא אָפיציערען פון שיף האָבען געמאכט אן אונטערזוכונג און גוט בעאָבאכטעט דעם אָרט וואו דיא שיף האָט דעם געפעהרליכען קלאפּ בעקומען און עס איז דייטליך איבער־צייגט געוואָרען, אז דאָרט איז קיין פעלז ניטאָ. זיי האָבען אָבער געזעהן, אז עטוואָס ווייטער האָט דער ים געזאָרען, געשויימט און געוואָרפען כוואליעס און

עס איז כמעט ניט געווען קיין לאנד, וואו מען האָט ניט גערעדט פון דעם וואונדערבארען געגענשטאנד, וועלכען מען האָט ניט געוואוסט וואָס פאר א נאָמען צו געבען. מען האָט וועגען דעם געזונגען אין דיא קאפע הייזער, וויטצלינגע האָבען זיך געוויטצעלט אויף דעם חשבון פון דעם "ים־מאָנסטער", צייטונגס לייטע האָבען געהאט גענוג שטאָף צו שרייבען וועגען דעם וויסענשאפטליכע אָבהאנדלונגען און פעליטאָנען, און צייכענער — צו מאכען פערשיעדענע קאריקאטורען.

וויא געוועהנליך זיינען ניט אלע געווען מיט איין מיינונג. מאנכע האָבען דיא פראגע בעשפראָכען ערנסט און מאנכע האָבען עס צוגערעכענט צו דיא לעגענדארישע ערצעהלונגען פון זאָנדערבארע בעשעפעניסען און פיפערנאָטערס, וואָס זאָלען האָבען געלעבט אין ים און אויף דער יבשה.

דיא מאמינים. אז אזעלכע "מאָנסטערס", אזעלכע מאָדנע בריאים עקזיסטירען אין דיא ווירקליכקייט, האָבען געזוכט משלים און ראיות, אז זיי האָבען רעכט. זיי האָבען דערצעהלט מעשיות, אז אין ים לעבען אזעלכע בריאים אָדער ים־שלאנגען, וואָס האָבען בכח ארונטער צו שלעפען אויף'ן גרונד דיא גרעסטע שיף וואָס וועגט ביז 500 טאָן. אנדערע האָבען אויך בעוויזען וויסענשאפטליך, אז אזעלכע בעשעפעניסען זיינען פאראן און זיי האָבען אָנגעצייגט, אז דיא גרויסע נאטור פאָרשער פון אלטערטהום, וויא אריסטאָטלעס, פליניוס און אויך שפעטערע געלעהרטע, וויא דער נאָרוועגישער בישאָף פאָנטאָפידאן און פאול העגעדעס זיינען מיט דער מיינונג, אז דיעזע בריאים עקזיסטירען. מען האָט אויך אָנגעוויזען אויף דיא ערקלערונג פון א געוויכען בעגלויבטען רייזענדען הארינגטאָן, וועלכער דערצעהלט, אז אין יאָהר 1857 האָט ער אליין פון דער שיף "קאסטילאן" געזעהן א ים־שלאנג פון דיעזען סאָרט.

פיעלע אנדערע האָבען אָבער הוזק געמאכט פון אזעלכע וויסענשאפט און זיי האָבען ערקלערט, אז דאָס זיינען בלויז פאנטאזיעס. דערפון זיינען ארויסגעקומען הייסע דיספוטען צווישען וויסענשאפטס מענער אין צייטונגען און זשורנאלען. עס האָט זיך אָנגעפאנגען א ליטערארישע מלחמה, ביי וועלכע עס זיינען פערגאָסען געוואָרען ניט נור טייכען טינט, זאָנדערן אויך א היבשע ביסעל טראָפענס בלוט, ווייל דיא דיסקוסיאָנען איבער דעם דאמאָלס געזעהענעם געגענשטאנד און איבער מיילען לאנגע ים־שלאנגען אין אלגעמיין האָבען געבראכט צו פערזענליכע בעליידיגונגען און אין מאנכע פעלע — אויך צו פעטש.

זעקס מאָנאטען האָט דיא פעדער מלחמה אָנגעהאלטען אין פערשיעדענע וויסענשאפטליכע צייט־שריפטען פון פערשיעדענע לענדער און אויך אין צייטונגען און זשורנאלען, וואָס האָבען ווייניג געהאט צו טהאָן מיט וויסענשאפט. הומאָריסטישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען קיין אמונה געהאט, אז אומגעלומפערטע ריעזען חיות געפינען זיך ערגיץ, האָבען זייערע געגנער געענט־

טען דאמפף (סטים), אזוי וויא ווען מען גיסט וואסער אויף גליהענדע שטיינער. "גאיזערס" זיינען פאראן א סך אויף׳ן ערד קוגעל, מעהרסטענטהייל אין ניו זעעלאנד. מען קען אויך זעהן אזא קוואל, וואָס ווארפט פון זיך הייסע וואסער, אין יעלאָוסטאָון פארק, נאָרד וועסט קאָרנער פון וואיאָמינג.

דער קאפיטאן פון דער "גאָווערנאָר היגינסאָן" האָט אלזאָ גערענקט, אז ער זעהט פאר זיך א זאמד־בארג מיט א "גאיזער" אויסברוך. אָבער דער גע־גענשטאנד האָט זיך אָנגעהויבען בעוועגען און שווימען, דאן האָט זיך דער ערשטוינטער קאפיטאן איבערצייגט, אז ער האָט דאָ ניט צו טהאָן מיט קיין טויטען פעלז, אָדער זאָמד־בארג, זאָנדערן מיט א לעבעדיגע בעשעפעניס, זאָ צו זאָגען, אזא מין לויתן.

עהנליכע פאקטען זיינען אָנגעגעבען געוואָרען פון דעם קאפיטאן פון דער שיף "קאָלומבוס" פון דיא וועסט אינדיא און פאסיפיק סטים־שיף קאָמפאני. דעם 23טען יולי פון דעם זעלבען יאָהר האָט דער קאפיטאן פון דיעזער שיף געזעהן דעם זעלבען אונערקלערטען געגענשטאנד אין שטילען ים, 700 זעע מיילען ווייט פון דעם אָרט וואו דיא "גאָרווערנאָר היגינסאָן" האָט זיך מיט איהם בעגעגענט מיט דריי טעג פריהער. אזא שטרעקע דורכצושווימען אין דריי טעג, האָט נאָך קיין שיף און קיין ים־חיה ניט בעוויזען.

מיט פופצעהן טעג שפעטער האָבען צוויי אנדערע דאמפפערס, דיא "העלוועשא" און דיא "שאנאָן" בעגעגענט דיא רעטזעלהאפטע בעשעפעניס אין אטלאנטישען ים, צווישען אייראָפּא און דיא פעראייניגטע שטאאטען. דאָס איז נעוועזן צוויי טויזענד מייל ווייט פון דעם פלאץ וואו דיא "קאָלומבוס" האָט זיך מיט איהם אָנגעטראָפען. פון דיא צוויי שיפען האָט מען דיא אומגעלומפערטע זאך גוט בעאָבאכטעט און לויט וויא דיא לייטע פון דיא שיפען האָבען געשאצט איז עס געווען וויינינגסטענס אריבער 300 פוס לאנג. און אזוי וויא דיא גרעסטע וואלפישען וואָס געפינען זיך ביי דיא אלעאוטישע און קולאמאקישע אינזלען האָבען ניט מעהר וויא 60 פוס לענג, האָט קיינער ניט געקענט בעשטימען וואָס פאר א מין ים ריעז דער זאָנדערבארער געגענשטאנד איז און עס איז פערבליבען א טיעפע רעטעניס זאָגאר פאר דיא גרעסטע וויסענשאפטסמענער.

אזעלכע און עהנליכע וויא דיא דערמאָהנטע בעריכטען זיינען אָנגעקומען איינע נאָך דיא אנדערע, אלע מאָל מיט מעהר איינצעלהייטען, מיט מעהר בעאָבאכטונגען און דיא משונה׳דיגע בריאה אין ים איז געוואָרען א טאגעספראגע, וועלכע האָט שטארק בעשעפטיגט א גרויסען טהייל פון דער ציוויליזירטער וועלט. איבעראל האָט מען וועגען דעם גערעדט, איבעראל האָט מען זיך געבראָכען דיא מחות צו ערקלערען דיא מאָדנע רעטעניס פון נייצעהנטען יאָהר־הונדערט.

האָט מען אָבער געמוזט צוגעבען, אז אזא גרויסער וואלפיש איז נאָך קיינמאָל ניט געזעהן געוואָרען און דיא גרעסטע איקטהיאָלאָגיסטען (קענער פון פיש וויסענשאַפט) האָבען קיינמאָל פון אזא מאָנסטער, פון אזא אומגעלומפערטע בריאה ניט געהערט.

שוין אָבגערעדט פון דיא מגזמים, פון דיא איבערטרייבער, וועלכע האָבען דעם זאָנדערבארען געגענשטאנד געזעהן און האָבען אָנגעגעבען זיין לענג דריי מייל און א מייל דיא ברייט, זאָגנדערן אפילו לויט דאָס שאַטצען פון אנדערע, וועלכע האָבען משער געוועזן זיין לענג אין הונדערטע פוס, האָט מען אויך ניט געקענט בעשליסען, אז דאָס איז א לעבעדיגעס וועזען, ווייל קיין נאטור פאָרשער און דיא וויסענשאַפט אין אלגעמיין האָט פון אזא בריאה ניט געוואוסט. אָבער נאָך אלעמען האָט קיינער ניט געקענט אָבלייקענען, אז אזא ערשיינונג, וואָס עס זאָל ניט זיין, עקזיסטירט, ווייל עס קען דאָך ניט זיין, אז פיעלע מענשען פון פערשיעדענע לענדער, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט בעגעגענט איינע מיט דיא אנדערע זאָלען אויסטראכטען איינעם און דעם זעלבען ליגען, און מען קען דאָך אויך ניט גלויבען, אז אלעמען זאָל זיך האָבען אויסגעדאכט איינע און דיא זעלבע זאך! אָבער וואָס דיעזע משונה'דיגע ערשיינונג איז, האָט מען ניט געקענט ערקלעהרען און עס איז פערבליבען פאר דער וועלט צו ריידען און דיסקוטירען דעריבער.

דאָ זיינען א טהייל פון דיא בעריכטען און פאקטען, וואָס זיינען אָבגעגעבען געוואָרען וועגען דעם ביז דאמאָלס ניט געזעהענעם געגענשטאנד:

דעם 20טען יולי פון דעם יאָהר 1866, איז דער דאמפפער "גאָווערנאָר היגינסאָן" פון דיא קאלקוטא סטים־שיף קאָמפאני, געפאָהרען אויף'ן ים ניט וויט פון דיא מזרח ברעגעס פון אויסטראליען. דער שיפס־קאפיטאן בייקער און א פאָר פון זיינע מאטראָזען האָבען פלוצלונג דערזעהן א געוואלדיג גרויסען געגענשטאנד אויף'ן וואסער. דער קאפיטאן האָט אָנפאנגס געמיינט, אז דאָס איז א פעלז אָדער א זאמד־בארג, וואָס איז נאָך ניט בעוואוסט אויף דער ים־קארטע און ער האָט אָנגעהויבען אָבקירעווען דיא שיף, אום אויסצומיידען א שיפס־ברוך. אָבער באלד האָט דיעזער געגענשטאנד ארויסגעלאָזט א הילכיגען, שארפען פייף און צוויי גרויסע שטראָמען וואסער האָבען זיך פון איהם אויפ־געהויבען ביז 150 פוס הויך. בייקער האָט געמיינט, אז דאָס איז אן אויסברוך פון א "גאַיזער" און ער האָט זיך מיט אינטערעס איינגעקוקט אויף דער סצענע.

מיר וועלען ביי דיעזע געלעגענהייט ערקלערען וואָס א "גאַיזער" איז.

א "גאַיזער" איז א וואונדערבארע נאטור ערשיינונג. דאָס איז א קוואל וואָס שפּריצט קאָכעדיגעס וואסער. אזא קוואל הויבט זיך אָפט אויף מיט א שטראָם אריבער הונדערט פוס און אָפטמאָל פיעל העכער. עס שלעפּט מיט מיט זיך בלאָטע פון אונטער דער ערד און דאָס רוב קומט עס ארויס מיט א נעדיב־

1טעם קאפיטעל

# דער זאָנדערבאַרער ים־מזיק

אין יאָהר 1866 איז א גרויסער טהייל פון דער וועלט אויפגערודערט געוואָרען איבער א זאָנדערבארע, אונערקלערליכע ערשיינונג אויף'ן ים, וואָס איז אָהן צווייפעל ביז יעצט נאָך ניט פערגעסען געוואָרען. ניט נור האָבען וועגען דעם גערעדט רייזענדע אויף'ן ים, זאָנדערן גאנצע פעלקער און נאציאָנען האָבען וועגען דעם גערעדט און דיסקוטירט. סוחרים, שיפס־אייגענטהימער, קאפיטאנען און אָפיצירען פון קריעגס־פלאָטען פון אייראָפּא און אמעריקא זיינען געווען העכסט פעראינטערעסירט מיט דער זעלטענער ערשיינונג און דיא רעגיערונגען פון ביידע וועלט־טהיילען האָבען דערויף געשענקט גרויס אויפמערקזאמקייט.

אין דעם דערמאָהנטען יאָהר האָט זיך אין פערשיעדענע געגענדען אויף'ן ים בעוויזען אן אונגעהייער־גרויסער געגענשטאנד, אָדער א מין בריאה אין דער פאָרמע פון א שפינדעל, עס הייסט: לאנג, קיילעכדיג, איין זייט ברייט און דער צווייטער שמעלער. דער דאָזיגער געגענשטאנד אָדער בעשעפענים האָט צייטענווייז פון זיך ארויסגעלאָזט א בעלייכטונג אזוי וויא פון פאָספאָר און ער האָט זיך בעוועגט פיעל מאָל מעכטיגער און שנעלער פון א וואלפיש.

פערשיעדענע שיפען האָבען דעם דאָזיגען געגענשטאנד בעגעגענט אין פערשיעדענע געגענדען פון דער וועלט און דיא בעשרייבונגען וואָס שיפס־קאפיטאנען און ים רייזענדע האָבען געמאכט איבער איהם האָבען אין דיא מעהרסטע פרטים געשטימט. אלע האָבען דעם דאָזיגען געגענשטאנד אָדער ים חיה בעצייכענט אלס שפינדעל־פאָרמיג. אלע האָבען דערצעהלט פון דיא פאָספאָרלייכטונג וואָס ער גיט ארויס און אלע האָבען אויף איין אופן געשילדערט דיא אויסערגעוועהנליכע קראפט און שנעלקייט אין זיינע בעוועגונגען. אָבער פון דיא אלע איינצעלהייטען וואָס מען האָט וועגען דעם געזעהענעם געגענשטאנד אָנגעגעבען, האָט קיינער ניט געקענט פערשטעהן וואָס דאָס איז אזעלכעס, ווייל אָננעהמענדיג, אז דאָס איז אזא מין לעבעדיגע בעשעפענים, וואָס געהערט צו דיא גרעסטע זאָרט חיות פון ים, אזוי וויא, צום־ביישפיעל, וואלפישען,

# א רייזע אויפ'ן גרונד ים

אדער

## צוואנציג טויזענד מייל אונטער'ן וואסער

פון

## זשול ווערן

איבערזעצט פון

## א. ד. אָגוז

NEW YORK
JEWISH PRESS PUBLISHING COMPANY
1912

